# שאָלעם־אלייכעם

# ווערק

## פון די יאָרן

## 1886-1883

אָגיז
מעלוכע־פארלאג „דער עמעס"
מאָסקווע 1948

# פון פארלאג

די דאָזיקע ערשטע סאָוועטישע אויסגאַבע פון שאָלעם־אַלייכעמס „אַלע ווערק״ וועט זײַן די ערשטע פולע אויסגאַבע פון שאָלעם־אַלייכעמס שאַפן.

דער גרעסטער טייל טעקסטן פון אונדזער אויסגאַבע ווערט געבראַכט לויט דער אויסגאַבע פון שאָלעם־אַלייכעמס „אַלע ווערק״ (פֿאָלקס־פֿאָנד־אויסגאַבע, 1917־1925), זיי ווערן אָבער פאַרגליכן מיט אַלע פריִערדיקע אויסגאַבן, וואָס זײַנען דערשינען פאַרן שרײַבערס לעבן, און די וויכטיקסטע וואַריאַנטן ווערן געגעבן אין סאָף פון יעדן באַנד.

שאָלעם־אַלייכעמס ווערק ווערן דאָ אײַנגעטיילט אין צוואַנציק בענדער. באַם אויסשטעלן דעם סיידער פון די ווערק האַלטן מיר זיך געווײַנלעך באַם זשאַנער־פּרינציפּ. אין די ראַמען פון דעם דאָזיקן פּרינציפּ ווערט אָפּגעהיט די כראָנאָלאָגישע אָרדענונג.

שאָלעם־אַלייכעם האָט, ווי באַקאַנט, געשריבן אויך אין העברעיִש און רוסיש. דאָס בעסטע פון אָט די שאַפונגען זײַנע וועלן אין אַ יִידישער איבערזעצונג געגעבן ווערן אינעם אַכצנטן באַנד.

די רעדאַקציע האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צונויפצוזאַמלען אויך שאָלעם־אַלייכעמס גאַנצע עפּיסטאָליאַרישע ירושע. אין די לעצטע צוויי בענדער וועלן גע־געבן ווערן שאָלעם־אַלייכעמס בריוו.

אין סאָף פון יעדן באַנד ווערט געגעבן אַ ליטעראַטור־היסטאָרישער קאָמענטאַר.

דער פּלאַן פון דער אויסגאַבע איז אַזאַ:

באַנד I — ווערק פון די יאָרן 1883—1886 („די איבערגעכאַפּטע בריוו אויף דער פּאָסט״, „קאָנטאָר־געשעפט״, „די וועלט־רײַזע״, „בילדער פון דער באַרדיטשעווער גאַס״ אאַ.).
באַנד II — ווערק פון די יאָרן 1887־1888 („קינדער־שפּיל״, „סענדער בלאַנק״, אויסגעוויילטע לידער אאַ.).
באַנד III — „סטעמפּעניו״, „יאָסעלע סאָלאָוויי״.
באַנד IV — „מענאַכעם־מענדל״.
באַנד V — „טעוויע דער מילכיקער״, „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס״.
באַנד VI — קינדער־דערציילונגען.
באַנד VII — „קאַסרילעווקע״.
באַנד VIII — דערציילונגען און מאָנאָלאָגן.
באַנד IX — ״ ״ ״
באַנד X —
באַנד XI — ״ ״ ״
באַנד XII — „דער מאַבל״, „דער בלוטיקער שפּאַס״.
באַנד XIII — „בלאָנדזשנדע שטערן״.
באַנד XIV — דראַמאַטישע ווערק.
באַנד XV — ״ ״
באַנד XVI — „פונעם יאַריד״.
באַנד XVII — וועגן ליטעראַטור און שרײַבער.
באַנד XVIII — ווערק, געשריבענע אין אַנדערע שפּראַכן, פראַגמענטן, עסקיזן, פּלענער.
באַנד XIX — שאָלעם־אַלייכעמס בריוו.
באַנד XX — ״ ״ ״

א. גורשטיין

# שאָלעם-אַליכעם

(אַ קורצע ביאָגראַפיע)

## I

דער גרויסער ייִדישער שרייבער שאָלעם-אַליכעם איז געבוירן געוואָרן אין אוקראַינע אין דער שטאָט פּערעיאַסלאַוו[1] דעם 2 מאַרטש 1859 יאָר. ער איז דורכגעגאַנגען אַ שווערן לעבנס-וועג.

וועגן זיינע קינדער- און יוגנט-יאָרן האָט שאָלעם-אַליכעם דערציילט אין זיין ווונדערבאַרן בוך „פונעם יאַריד", וואָס איז גלייכצייטיק אי דעם שרייבערס קינסטלערישע אויטאָביאָגראַפיע אי אַ ברייט בילד פונעם דעמאָלטיקן ייִדישן לעבן.

שאָלעם-אַליכעמס עמעסער נאָמען איז שאָלעם ראַבינאָוויטש. די פריִקע יאָרן זיינע האָט ער פאַרבראַכט אין אַ קליין שטעטל אין פּאָלטאַווער גובערניע — וואָראָנקאָווע (אין „פונעם יאַריד" הייסט דאָס שטעטל וואָראָנקע). שאָלעם-אַליכעמס פאָטער האָט געהערט צו די שטעטלדיקע יאַכסאָנים, מע האָט אים געהאַלטן פאַר אַ נאָגיד. די מוטער האָט געהאַנדלט אין קראָם. די פאַמיליע איז געווען אַ גרויסע — אַ גאַנצע כאַליאַסטרע קינדער, איינס קלענער פאַרן צווייטן.

די וואָראָנקאָווער איינוווינער האָבן געלעבט מיטן אַלטן לעבנשטייגער פון אַ ייִדיש קליין שטעטל, אָפּגעזונדערט פון דער גאָרער וועלט און נאַיִוו מיינענדיק, אַז באַם עק שטעטל ענדיקט זיך אויך די גאַנצע וועלט. אַז שאָלעם-אַליכעם איז געוואָרן אַ שרייבער, האָט ער פאַרייביקט דאָס אַלטע ייִדישע שטעטל אין זיין קאַסריִלעווקע און האָט באַשאַפן די מערקווירדיקע געשטאַלטן פון די

[1] איצט — פּערעיאַסלאַוו-כמעלניצקי.

קאסרילעווקער אײנװױנער, אַט די „קלײנע מענטשעלעך מיט קלײנע האַסאָגעס".

זײַן ערשטע דערציִונג, װאָס דער צוקינפטיקער שרײַבער האָט באַקומען, איז געװען, װי סע פלעגט זיך געװײנלעך פירן אין יענע צײַטן, א רעליגיעזע. ער האָט געלערנט אין כײדער, אין אַט דעם פינצטערן כײדער, װאָס פלעגט מיט דער הילף פון דעם רעבנס קאַנטשיק אַרײַנשלאָגן אין די קעפ פון די טאַלמידים די מײַסעס פון כומעש און די קאַזויִסטישע כקירעס פון טאַלמוד. דער כײדער פלעגט אַװעקציִען די קינדער װײַט־װײַט פונעם רעאַלן לעבן אין עפּעס ניט־עקזיסטירנדיקע מעשונעדיק־פאַנטאַסטישע װעלטן און האָט געשראָקן די קינדערשע פאַנטאַזיע מיט די גרױלן פון דער אױסגעטראַכטער יענער־װעלט. די קינדער האָבן פאַרבראַכט באַם „לערנען" גאַנצע טעג און פלעגן זיך אָפּרײַסן פונעם „לערנען", נאָר קעדײ צו העלפן דער רעבעצן אָפּפליקן דאָס אָפּ, אַרױסטראָגן די פּאָמעניצע, אַלפי גױרל זיך ניאַנטשען מיטן קינד.

מיט זײַן זינלאָזן „לערנען", מיטן מעכאַנישן אײַנכאַזערן רע־ליגיעזע טעקסטן, מיט לײַב־שטראָף, מיט דער פריידיקונג פון גאָטס־פאַרכטיקײַט, מיט שרעקלעכע דערצײלונגען װעגן די געשפּענסטער פון יענער־װעלט האָט דער כײדער אָפּגעטײט אַלדאָס לעבעדיקע אין דער קינדערשער נעשאָמע. דער כײדער האָט געקאַליעטשעט דעם קינדערשן באַװוּסטזײַן, האָט אים פאַרמיסטיקט מיט שעדלעכע פאַרשטעלונגען, געפלאַנצט פינצטערקײַט און אָמעראַצעס, אָפּגעריסן דאָס קינד פונעם אַרומיקן רעאַלן לעבן. אָבער די לעבנס־קראַפט, װאָס איז טיף פאַרבאָרגן אינעם קינד, די ציִעניש צו ליכט און פרײד האָבן גענומען זײערס. דעם קלײנינקן שאָלעמען האָט גע־צױגן פונעם דושנעם, איפּעשדיקן כײדער צו די ברײטע ראַכװעסן אונטער דעם טיפן בלױען הימל, צום הױכן באַרג אַף יענער זײַט בעסמעדרעש, װאָס זײַן שפּיץ דערגרײכט קימאַט ביז דער כמאַרע. דער קינדישער באַװוּסטזײַן האָט זשעדנע אײַנגעזאַפּט אין זיך די אײַנדרוקן פונעם אַרומיקן לעבן. דאָס ייִנגל האָט זיך געצױגן צו כאַװײרים, צום פּורפּיסיקן פרײַנט „סירקאָ", עס האָט אים אינטע־רעסירט דער גאַנצער לעבנשטיקער פונעם פּאַטריִאַרכאַלן שטעטל. און דורך אַלע שטערונגען און מעניִעס האָט זיך דורכגעשלאָגן די קינדישע פרײד; דער געלעכטער, דער געזונטער קינדישער גע־לעכטער, האָט פאַרטריבן די פרומע רײד פון די לערערס און דערציִערס. דאָס ייִנגל שאָלעם איז געװאַקסן א קונדעס און א

פריילעכער כעוורעמאנ. די דערוואקסענע האָבנ זיכ ארומגעקוקט אפ אימ אונ געשטוינט: פונוואנענ נעמט זיכ דאָס בא א קינד אזוי פיל פרייד אונ געלעכטער? אונ וואָס איז דאָ, אייגנטלעכ, פאראנ צו לאכנ?

פונ די קינדהײַט־כאוויירימ האָט שאָלעמ־אלייכעמ באזונדערס פארגעדענקט שמוליקנ דעמ יאָסעמ. דאָס איז געווענ אנ אומדערמידלעכער מײַסעס־דערציילער. ער האָט דערציילט וואונדערבארע געשיכטעס, ניסימ־וועניפלאָעס וועגנ קרישטאָלענע פאלאצנ אונ אויצרעס מיט גאָלד אונ מיט טײַערע שטיינער. זײַנע רייד, וואָס זײַנענ זיס געווענ ווי האָניק, האָבנ געוועקט די קינדישע טרוימענ אונ באוווינט די גאנצע וועלט מיט פאנטאסטישע באשעפענישנ. שמוליק האָט דערציילט וועגנ די רײַכסטע אויצרעס, וואָס זײַנענ געווענ פארבאהאלטנ אינעמ בארג הינטערנ שטעטל, אונ ער האָט גענוי געוווּסט דעמ סאָד, וויאזוי ארויסצובאקומענ אָט די אויצרעס אונ וויאזוי צו ווערנ זייער באלעבאָס אונ הערשער. וויסנדיק אָבער די סוידע־סוידעס פונ די אויצרעס, האָט שמוליק פונדעסטוועגנ גאנצ אָפט אונטערגעהונגערט. דאָס איז קאָנטיק געווענ פונ זײַנע ברענענדיקע, פיבערהאפטע אויגנ. די באגעגענישנ מיט שמוליקנ אונ מיט די אנדערע קינדער פונ דער שטעטלדיקער אָרעמשאפט האָבנ צומ ערשטנ מאָל אופגעוועקט באמ קליינינקנ שאָלעמענ דאָס געפיל פונ עפּעס א שולד פאר דער עקזיסטירנדיקער אומגלײַכהײַט, פאר הונגער אונ דאלעס.

די זאָרגלאָזע יאָרנ פונ שאָלעמ־אלייכעמס קינדהײַט זײַנענ גיכ אריבער, דער פאָטער זײַנער איז שטארק פאראָרעמט געוואָרנ. די געשעפטנ האָבנ זיכ א קער געטאָנ, אונ ער האָט געמוזט זוכנ א נײַ אָרט צומ וווינענ. די פאמיליע האָט פארלאָזט דאָס שטעטל וואָראָנקאָווע אונ האָט זיכ צוריקגעקערט קיינ פערעיאסלאוו — שאָלעמ־אלייכעמס געבורט־שטאָט. שאָלעמ־אלייכעמס פאָטער, נאָכעמ ראבינאָוויטש, עפנט דאָ אנ אײַנפאָר־הויז. די רעשטנ פאמיליענ־זילבער זײַנענ פארמאשקנט באמ וווּכערניק. די נויט איז נאָענט געקומענ צו דער שוועל פונ שאָלעמ־אלייכעמס עלטערנ.

אונ דאָ איז געשענ אנ אומגליק: די כאָליערע־עפּידעמיע האָט אוועקגענומענ בא שאָלעמענ די מוטער, אפ וועלכער עס האָט זיכ געהאלטנ די פילצאָליקע פאמיליע אונ די גאנצע שטוב. שאָלעמ איז דאנ אלט געווענ בא דרײַצנ יאָר. אינ שטוב האָט זיכ באוויזנ א שטיפמוטער, וואָס האָט געהאלטנ אינ איינ שעלטנ אונ שיטנ מיט קלאָלעס. שאָלעמ האָט געמוזט צוהעלפנ דעמ פאָטער אינעמ

איינפאַר־הויז, טשאַטשען באַם טויער אַף די דורכפאַרנדיקע געסט, דערלאַנגענדיק א סאַמאָוואַר, פאָלגן א גאַנג.

די פראַגע וועגן שאָלעמס דערציִונג האָט זייער אינטערעסירט און באַאומרויִקט דעם פאָטער. שאָלעמס פאָטער איז ניט פרעמד געווען צו וועלטלעכע וויסנשאַפטן: עס האָבן אויך איִם אָנגערירט די נייע צייט־ווייענישן, ער איז געווען אָנגעלעזן אין דער העברעיִשער האַסקאָלע־ליטעראַטור.

שאָלעם־אַליכעמס קינדהייט איז פאַרלאָפן אין די 60—70־ער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט. דאָס איז געווען א צייט, ווען דער אַלטער פאַטריאַרכאַלער לעבנס־סיידער פונעם ייִדישן שטעטל, וואָס איז ווי פאַרגליווערט געווען אין זיין אינערטקייט און אומבאַוועגלעכקייט, האָט זיך א שאָקל געטאָן און אָנגעהויבן זיך צו ברעכן. דאָס גאַנצע לאַנד, וואָס איז אַריינגעטראָטן אינעם נאָכרעפאָרמע־פעריאָד, האָט איבערגעלעבט קאָלאָסאַלע ענדערונגען סיי אפן געביט פון ווירטשאַפט און סיי אין די אַלע אַנדערע געביטן פון לעבן. די אַלטע זיילן, אַף וועלכע עס האָט זיך געהאַלטן דאָס לייב־אייגנטימערישע רוסלאַנד, זיינען געפאַלן, און אַלץ בולעטער און קלאָרער האָבן זיך גענומען אַרויסווייזן די קאָנטורן פון די נייע, קאַפּיטאַליסטישע פאַרהעלטענישן. און באַנאַנד דערמיט איז געקומען א ברייטע דעמאָקראַטישע באַוועגונג פון דער „ראַזנאָטשינישער” אינטעליגענץ. אָט די אַלע נייע צייט־ווייענישן זיינען אַריינגעדרונגען אויך אין דער ייִדישער סוויווע. די ווענט, וואָס האָבן אָפּגעטיילט און אָפּגעזונדערט דאָס ייִדישע שטעטל פון דער אַרומיקער גרויסער וועלט, האָבן זיך א וואַקל געטאָן. און אויך אין ייִדישן שטעטל האָבן זיך אַלץ מער און מער אָנגעהויבן צו באַווייזן נייע מענטשן, וואָס זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן פאַנאַטיזם און אָמעראַצעס און האָבן גערופן צו בילדונג, צו א ניי לעבן, צו נייע פאָרמען פון לעבנשטייגער.

שאָלעם־אַליכעם גיט אין זיין קינסטלערישער אויטאָביאָגראַפיע א גאַנצע ריי פאָרטרעטן פון אָט די נייע מענטשן, צווישן וועלכע עס טיילט זיך אויס די געשטאַלט פון אַרנאָלדן פון די פּידוואָרקעס, א פאַרשטאָט אין פּערעיאַסלאַוו. דאָס איז געווען א נייער טיפּ פון א ייִדישן אינטעליגענט אַן אויפקלערער, א מין „ראַזנאָטשיניעץ” אין דער ייִדישער סוויווע. ער איז געווען באַקאַנט מיט דער רוסישער ליטעראַטור, ער איז אַרויסגעטראָטן קעגן די קאָהאָלשע רעדלפירערס און „באַלטויוועס”, קעגן אַמעראַצים און פאַנאַטיקער,

ער האָט געשריבנ קאָרעספּאָנדענצנ אינ דער גובערניאַלער צײַטונג, אונ זיכ גרייטנדיק אָפּצוגעבנ עקזאַמענס, האָט ער געלעבט אַנ אומאָפּהענגיק לעבנ פונ אַנ אָפּלייקענער פונ רעליגיעזע אווטאָריטעטנ אונ פונ אָפּגעלעבטע מיטלאַלטערלעכע נאָרמעס אינ דער מענטשלעכער אויפירונג.

נאָכעמ ראַבינאָוויטש האָט זיכ אויפמערקזאַמ צוגעהערט צו די אייצעס פונ אַרנאָלדנ פונ די פּידוואָרקעס, ער האָט געפאָלגט זײַנע אייצעס אונ אַוועקגעשיקט דעמ זונ שאָלעמנ זיכ לערנענ אינ דער „אויעזדנע", דה, אינ דער מעלוכישער קרײַז־שול. פאַר דער דעמאָלטיקער צײַט אונ פאַר דער דעמאָלטיקער יידישער סוויווע איז דאָס געווענ אַ דרייסטער אונ ניט קיינ געוויינלעכער טראָט. שאָלעמ, וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ קלאָרנ קאָפּ אונ האָט זיכ געצויגנ צו וויסנ, האָט זיכ מיט זשעדנעקײַט אַ וואָרפ געטאָנ צו די נײַע ביכער.

די צאַרישע שול, וואָס האָט אײַנגעפלאַנצט אינ די שילער געהאָרכזאַמקײַט צומ קייסער אונ צו די, וואָס האָבנ געהאַט די מאַכט, צו די אייבערשטע פונ שטייסל, האָט שאָלעמענ פונדעסטוועגנ געגעבנ באַשטימטע ערשטע יעדיעס פונ וועלטלעכנ וויסנ, אונ דאָס וויכטיקסטע — זי האָט אימ אויסגעלערנט לייענענ אונ פאַרשטייענ רוסיש, אונ אַזויאַרומ האָט זי אימ געעפנט דעמ וועג צו די אויצרעס פונ דער גרויסער רוסישער ליטעראַטור מיט אירע אידייענ פונ הומאַניזמ אונ פונ קאַמפּ פאַר באַפרײַונג. די באַקאַנטשאַפט מיט די בעסטע ווערק פונ דער רוסישער ליטעראַטור האָט פאַרטיפט די ווירקונג, וואָס דער יונגער שאָלעמ ראַבינאָוויטש האָט באַקומענ פונעמ לייענענ די האַסקאָלע־ליטעראַטור, וועלכע האָט געקעמפט קעגנ דעמ אַלטנ פאַרגליווערטנ יידישנ לעבנשטייגער אונ פאַר נײַע אייראָפּעישע לעבנס־פאָרמענ. מיט דער האַסקאָלע־ליטעראַטור האָט זיכ שאָלעמ־אַליכעמ באַקאַנט נאָכ ייִנגלווײַז. זיצנדיק אויפנ בענקעלע באַמ טויער פונ דעמ פאָטערס אײַנפאָר־הויז אונ טשאַטענדיק אויפ די דורכפאָרנדיקע געסט, האָט שאָלעמ געשלונגענ אַ בוכ נאָכ אַ בוכ.

די שול האָט שאָלעמ ראַבינאָוויטש געענדיקט מיט אַנ אויסצייכענונג אינ יאָר 1876.

II

שאָלעמ ראבינאָוויטשעס זעלבשטענדיק לעבנ האָט זיכ אָנגעהויבנ גאנצ פרי. דעמ פאָטערס גערדיקטע לאגע האָט אימ באוויזנ צו זוכנ א פארדינסט, און זײַענדיק נאָכ אפ דער שול־באנק, האָט שאָלעמ אָנגעהויבנ צו געבנ פריוואטע „שטונדנ". געענדיקט די קרײַז־שול, פאָרט שאָלעמ אוועק אפ א „קאָנדיציע". ער ווערט א הויז־לערער בא זײַנ צוקינפטיקנ שווער לאָיעוו, א רײַכנ ארענדאטאָר פונ פריצישע גיטער, וואָס האָט געלעבט א ברייט לעבנ פונ עפּעס א מינ גוטבאזיצער. בא דרײַ יאָר האָט שאָלעמ ראבינאָוויטש געלעבט אינ לאָיעווס גוט, אינ „סאָפּיעווקע", און צווישנ דעמ יונגנ לערער און זײַנ יוגנטלעכער שילערנ, אָלגא לאָיעוו, איז אופגעקומענ און אלצ שטארקער געוואָרנ דאָס געפיל פונ פרײַנטשאפט, וועלכע איז שפּעטער פארוואנדלט געוואָרנ אינ א הייסער קעגנזײַטיקער ליבע. דער רײַכער ארענדאטאָר האָט לעכאטכילע גוט אופגענומענ און גוט באהאנדלט דעמ אופגעקלערטנ לערער, וועלכער האָט שוינ אויכ געפירט זײַנ ברייטע געשעפטלעכע קאָרעספּאָנדענצ, — ער האָט אימ אָבער טייקעפ געוויזנ די טיר, ווי באלד נאָר ער האָט זיכ דערוווּסט, אז דער לערער דער אָרעמאנ, וועלכער האָט ניט געהאט אפילע קיינ גראָשנ בא דער נעשאָמע, האָט כיישעק צו ווערנ זײַנ איידעמ.

איינמאָל אינ א שיינעמ פרימאָרגנ — שאָלעמ ראבינאָוויטש האָט זיכ אופגעכאפּט פונ שלאָפ אינ זײַנ לערערשנ צימער פונעמ רײַכנ פריצישנ הויז, און א דערשטוינטער האָט ער זיכ דערוווּסט, אז קיינער איז ניטאָ אינ דער היימ. אפנ טיש איז געווענ אָנגעגרייט פונ־זײַנעטוועגנ א פּאקעט, און אינעמ פּאקעט איז געלעגנ געלט — סכירעס פאר דער גאנצער צײַט פונ זײַנ ארבעט. און מער גאָרנישט — קיינ פיצל בריוועלע, קיינ איינ וואָרט, וואָס זאָל אימ דערקלערנ די מאָדנע געשעענישׂ. מע האָט אימ אוועקגעזעצט אינ א שליטנ און געבראכט אפ דער נאָענטסטער סטאנציע. דער יונגער לערער איז געבליבנ ווי אפנ וואסער, איינער אליינ, ניט ווי סנדיק, וואָס מע הייבט אָנ צו טאָנ. און דאָ הייבנ זיכ אָנ זײַנע וואָגלענישנ באמ זוכנ א שטיקל ברויט.

אינ אָט די יאָרנ פונ וואָגל, נאָכ דעמ, ווי ער איז ארויסגעטריבנ געוואָרנ פונעמ גווירישנ „גאנייִדנ", האָט שאָלעמ ראבינאָוויטש באשלאָסנ א פרווו צו טאָנ זײַנ מאזל אינ דער הויפּט־



שאָלעמ־אליכעמ מיט זײַנ פרוי צו זייער כאסענע
קיִעוו, דעמ 12 מײַ 1883

שטאָט פונעם קאַנט, אין קיִעוו, וואָס האָט געצויגן צו זיך מיטן ברייטן פאַרנעם פונעם לעבן און מיט זײַן גרויסשטאָטישער געבילדעטקײַט. אָבער אַלס ייִד האָט דאָ שאָלעם ראַבינאָוויטש ניט געהאַט קיין ווינרעכט, און ער האָט אינגיכן דערפילט דעם גאַנצן טאַם פון די פּאָליציייִשע „אָבלאַוועס". אין אייביקער שרעק פאַרן פּאָליציייִשן צירקל האָט ער געבלאָנקעט איבער די קיִעווער גאַסן און געזוכט אַ שטיקל אַרבעט. פון אַלע זײַנע האָפענונגען האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט אַ טײַך. עפּעס אַ ווינקל־אַדוואָקאַט, וועלכן ער האָט צופעליק באַגעגנט אינעם קרײַז־געריכט, פאַרנאַרט אים צו זיך קיין בעלאָצערקאָוו און מאַכט אים פאַר זײַנעם אַ „סעקרעטאַר". שאָלעם האָט אָבער גיך דערזען, אַז זײַן באַלעבאָס איז אַן אַוואַנטיוריסט און אַ קאָרטנשפּילער. וווּהין זאָל מען זיך אַ לאָז טאָן? אַ ייִדישער אינטעליגענט פון יענער צײַט האָט ניט געהאַט ווּ אָנצווווענדן זײַנע קענטענישן און פֿעיִקײַטן, דער קרײַז פון זײַנע מעגלעכקײַטן איז געווען ביז גאָר שמאָל. און שאָלעם ראַבינאָוויטש באַשליסט אָנצונעמען די שטעלע פון אַ קאַזיאָנעם ראַבינער אין לובען, פּאָלטאַווער גובערניע.

פאַר אַזאַ מענטשן, ווי שאָלעם ראַבינאָוויטש, איז דאָס געווען אַ מאָדנע און זייער אַ פּריקרע שטעלע. דער קאַזיאָנער ראַבינער איז געווען אַ צאַרישער טשינאָווניק, וואָס פלעגט אויסשרײַבן מעטריקעס און אַנדערע ציווילע צײַגענישן פאַר ייִדן און דערבײַ אַכטונג געבן, אַז די הייליקע טשערעדע זײַנע זאָל זײַן טרײַ און אונטערטעניק דעם אַלהערשערישן צאַר. דער יונגער ראַבינאָוויטש האָט זיך געגעבן אַ וואָרט, אַז ער וועט ניט זײַן אַזאַ ראַבינער, ווי אַלע, און ער האָט ווירקלעך גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די ייִדישע געזעלשאַפטלעכע ענינים, זיך באַזונדערס געזאָרגט וועגן דער דערציִונג פון אָרעמע קינדער און געזאָגט מוסער זײַנע שטאָט־לײַט, לעמײַ זיי פּאַטערן גרויסע געלטן אַף אַ נײַעם בעסמעדרעש אָנשטאָט צו בויען שולן פאַר קינדער און שפּיטאָלן. מער ווי דרײַטהאַלבן יאָר איז שאָלעם ראַבינאָוויטש געווען קאַזיאָנער ראַבינער אין לובען, געווינענדיק פאַר דער צײַט די סימפּאַטיעס פון דער אָרעמער באַפעלקערונג און די אומצופרידנקײַט פון די גווירים.

אין יאָר 1883 האָט שאָלעם ראַבינאָוויטש חתונה געהאַט מיט זײַן געוועזענער שילערן אָלגאַ לאָיעוו. דאָס יונגע פּאָר איז בײַגעקומען דעם ווידערשטאַנד פונעם אַלטן לאָיעוו. נאָך דער כאַ־

סענע האָט דאָס פאָרפאָלק זיכ באזעצט אינ בעלאָצערקאָוו. אונ צו אָט דער צײַט טאקע געהערט דער אָנהייב פונ שאָלעמ ראבינאָוויטשעס סיסטעמאטישער ליטעראַרישער ארבעט. שאָלעמ ראבינאָוויטש האָט זיכ דעמלט אויסגעקליבנ א ליטעראַרישנ פסעוודאָנימ, וואָס איז שפּעטער באקאנט געוואָרנ אינ דער גאנצער וועלט,— „שאָלעמ־אַליייכעמ״.

דער אינטערעס צו ליטעראַטור איז אינ אימ דערוועקט געוואָרנ גאנצ פרי. די ערשטע קינסטלערישע אײַנדרוקנ זײַנע דארפ מענ נאָכ׳ עפּשער זוכנ אינ די פארכאפּנדיקע מײַסעס פונ זײַנ כאווער שמוליק, אינ די מײַסעס וועגנ קרישטאָלענע פאלאצנ אונ פארבאָרגענע אוצרעס, וואָס האָבנ גערעגט די קינדישע פאנטאזיע. עס איז געווענ נאָכ א כאווער פונ שאָלעמ־אַלייכעמס קינדעריאָרנ, וועלכער האָט אויכ פארמאָגט אנ ארטיסטישע נאטור: דאָס איז געווענ מייער מעדוועדעווקער, א זינגער אונ א קונדעס, וואָס פלעגט אינייִנעמ מיט שאָלעמענ ווײַזנ טעאטראלע פאָרשטעלונגענ. פונ מייערנ איז שפּעטער אויסגעוואקסנ דער באקאנטער אָפּערעזינגער מיכאַיל מעדוועדיעוו. גאנצע טעג אונ אָוונטנ פלעגט דאָס יינגל שאָלעמ פארברענגענ צווישנ די שטעטלדיקע מעשוירערימ אונ קלעזמער, דורכ וועלכע ער פלעגט זיכ באהעפטנ צו דער יידישער פאָלקס־קונסט. אינ אָט דער סוויווע פלעגנ זיכ זייער אָפט טרעפנ עמעסע אונ באדײַטנדיקע פאָלקס־טאלאנטנ, וועלכע שאָלעמ־אַלייכעמ האָט שפּעטער, ווערנדיק א שרײַבער, געווידמעט פיל באגײַסטערטע זײַטלעכ פונ זײַנע ווערק אונ גאנצע ביכער. די פאָלקס־קונסט האָט אויכ געלעבט אינעמ „פורימ־שפּיל״, אינ דער פאָלקסטימלעכער טעאטראלער פאָרשטעלונג, וואָס האָט זיכ פארהיט אינ דער סוויווע פונ באלמעלאָכעס אונ וואָס האָט אָפּגעשפּיגלט די אומשטערבלעכע שטרעבונג פונעמ פאָלק צו טעאטראַלער פרייד אונ לוסטיקײַט. יינגלווײַז האָט שאָלעמענ שטענדיק געצויגנ צו די אונטערשטע פאָלקס־שיכטנ, צו דער אופריכטיקײַט אונ ניט געקינצלטקײַט פונ זייער לעבנשטייגער, צו זייער הארצלעכנ אונ מוטיקנ אָפּטימיזמ. דאָ האָט ער געשעפּט זײַנע ערשטע קינסטלערישע אײַנדרוקנ, וואָס זײַנענ שפּעטער באריײַכערט געוואָרנ מיט די אײַנדרוקנ פונ דער קינסטלערישער ליטעראַטור.

נאָכ אינ דער קינדהײַט האָט זיכ ארויסגעוויזנ שאָלעמ־אַלייכעמס פעיִקײַט נאָכצומאכנ: ער האָט געקאָנט זייער קאָמיש קאָפּירנ די גענג אונ די פּאָסטעמקעס פונ די ארומיקע. אָט דער

שטריכ, וואָס איז אַנגעווו כאַראַקטעריסטיש פאַר די קינדער־יאָרנ פונ אַ סאַכ קינסטלער, איז געוועג אַ סימענ פונ דעמ ייִנגלס באַאָבאַכטונגס־פעיִקײַטנ און פונ זײַנע אַרטיסטישע נייגונגענ. צווישנ די אָביעקטנ פונ זײַנ קאָמישנ נאָכמאַכנ איז געווענ זײַנ שטיפמוטער, אַ בייזע ייִדענע, וואָס האָט געהאַלטנ אינ איינ שילטנ מיט ביטערע קלאָלעס. שאָלעמס ערשט „ליטעראַריש" ווערק איז טאַקע געווענ אַ לעקסיקאָנ פונ דער שטיפמאַמעס קלאָלעס, אויסגעשטעלט נאָכנ אַלעפבייס. אָט דער לעקסיקאָנ איז אַרײַנגעפאַלנ צומ טאַטנ אינ די הענט, און ער האָט אימ באַוויזנ דער שטיפמאַמענ. די שטיפמאַמע האָט אָפּגענומ ניט געהאַט קיינ אַנדער ברירע, און זי האָט זיכ צעלאַכט. ס'איז אָנגעפאַלנ אַפּ איר אַ מאָדנער געלעכטער, מע האָט געמיינט, אַז זי וועט דעמ שלאַק באַקומענ! ס'איז שוינ אָפּגענומ געווענ אַ באַשערטע זאַכ פונ סאַמע אָנהייב אָנ, אַז לייענענדיק שאָלעמ־אַלייכעמס ווערק, האָט מענ ווילנדיק ניט־ווילנדיק געמוזט לאַכנ.

מיט יאָרנ שפּעטער פלעגט שאָלעמ־אַלייכעמ אַלס אַ שפּאַס דערציילנ, אַז דער ערשטער כיישעק צומ שרײַבנ איז אימ געקומענ דערפונ, וואָס ער האָט ניט געקאָנט גלײַכגילטיק צוזענ ווי מ'האָט גלאַט פּאַפּיר — ער האָט עס געמוזט פאַרשרײַבנ.

אַז שאָלעמ־אַלייכעמ איז אַלט געווענ פערצנ יאָר, האָט ער אונטערנ אײַנדרוק פונ אַווראָמ מאַפּוס באַרימטנ ראָמאַנ „אַהאַוואַס־ציִוינ", אַ ליבע־געשיכטע פונ די ביבלישע צײַטנ, אַליינ אויכ אָנגעהויבנ שרײַבנ אַ ראָמאַנ אַפּ העברעיִש אונטערנ נאָמענ „באַס־ציִוינ" (די טאָכטער פונ ציִענ). פופצנ יאָר אַלט, האָט שאָלעמ דורכגעלייענט „ראָבינזאָנ קרוזאָ" און אונטער דעמ אײַנדרוק פונ דעמ דורכגעלייענטנ בוכ טייקעפ־אומיִאַד געמאַכט אַנ אייגענעמ „ראָבינזאָנ קרוזאָ", מיטנ נאָמענ „דער ייִדישער ראָבינזאָנ קרוזאָ". זײַנע ערשטע לייענער און שעצער זײַנענ געווענ דער פאָטער און אופגעקלערטע אָרכימ פונ זײַנ אײַנפאָר־הויז.

אונטער דער ווירקונג פונ דער רוסישער ליטעראַטור האָט שאָלעמ אָנגעהויבנ צו שרײַבנ אויכ אַפּ רוסיש. באַזונדערס פיל האָט ער געלייענט און געשריבנ אַפּ רוסיש, בײַמ ער איז געווענ הויז־לערער בא לאָיעווו, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסע ביבליאָטעק. ווערליק שאָלעמ־אַלייכעמ אַליינ דערציילט, האָט ער דאָ גאַנצע נעכט געשריבנ גרויסע, האַרצרײַסנדיקע ראָמאַנענ, שרײַענדיקע דראַמעס, פאַרפּלאָנטערטע טראַגעדיעס און קאָמעדיעס. די

פארליבטע שילערנ האָט געזוענ אינעמ יונגנ לערער א גרויסנ מײַס־טער. אָבער די רעדאקציעס האָבנ אפּאָנעמ געהאלטנ אנדערש, ווײַל זיי האָבנ זיכ דעמלט ניט געווײַלט צו דרוקנ זײַנע ווערק.

שאָלעמ ראבינאָוויטשעס ערשט געדרוקט ווערק איז געווענ א קאָרעספּאָנדענצ פונ פּערעיאסלאוו, וואָס איז דערשינענ אינ דער העברעישער צײַטונג „האצפירא“ אינ יאָר 1879 (דער אווטאָר איז דאנ אלט געווענ 20 יאָר). שאָלעמ ראבינאָוויטש האָט אָנגעהויבנ פונ העברעיש, פּונקט ווי א סאכ ייִדישע שרײַבער פונ זײַנ צײַט, ווײַל די ליטעראַרישע שפּראכ פונ דער דעמלטיקער ייִדישער אינ־טעליגענצ איז הויפּטזאכלעכ טאקע געווענ העברעיש: די אינטע־ליגענצ האָט דעמלט אויסגעמיטנ די לעבעדיקע ייִדישע שפּראכ, אפ וועלכער עס האָבנ גערעדט די פאָלקס־מאסנ.

אינ זײַנ ערשטער קאָרעספּאָנדענצ האָט שאָלעמ ראבינאָוויטש גערעדט וועגנ זײַנ געבורט־שטאָט פּערעיאסלאוו. סאָפ 1881 האָט שאָלעמ ראבינאָוויטש אָפּגעדרוקט אינ אנ אנדער צײַטונג, אויכ א העברעישער, שוינ א גרעסערנ ארטיקל. אינ יאָר 1882 האָט ער אָפּגעדרוקט נאָכ צוויי ארטיקלענ. דאָס זײַנענ געווענ פּובלי־ציסטישע ארטיקלענ, אינ וועלכע ער האָט באהאנדלט די פראגנ פונ דערציִונג, פונ „כיידער“־רעפאָרמע, פונ מיליטער־דינסט.

אינ יאָר 1883 איז שאָלעמ ראבינאָוויטש צומ ערשטנ מאָל ארויסגעטראָטנ מיט זײַנע ווערק אפ ייִדיש — אינ „ייִדישנ פאָלקס־בלאט“. דער אווטאָר האָט פארשטאנענ, אז א צוטריט צו די ברייטע פאָלקס־מאסנ וועט ער געפינענ נאָר דאנ, ווענ ער וועט שרײַבנ אפ זייער לעבעדיקער שפּראכ, אונ ניט אפ העברעיש, וואָס איז צוטריטלעכ בלויז פאר זייער אנ ענגנ, זייער א בא־גרענעצטנ קרײַז. פונ אָט דער צײַט אָנ האָט שאָלעמ־אלייכעמ גע־פונענ זײַנ עמעסנ בארופ. זײַנ נאָמענ ווערט אלצ מער אונ מער פּאָפּולער.

די ליטעראטור אפ ייִדיש איז צו יענער צײַט נאָכ געווענ א וויניק צעאקערט פעלד. עמעס, אינ די 60־ער יאָרנ פונעמ פאָריקנ יאָרהונדערט האָט זיכ אָנגעהויבנ א גרויסע אויפלעבונג אינ דער ייִדישער ליטעראטור. עס איז אויסגעוואקסנ א גאנצע דעמאָקרא־טישע שטרעמונג. עס זײַנענ געקומענ אזעלכע אויסגעצייכנטע שרײַבער, ווי מענדעלע מויכער־ספאָרימ, לינעצקי, גאָלדפאדענ. זיי זײַנענ ארויסגעטראָטנ קעגנ עקספּלואטאציע אונ דאלעס, קעגנ אמעראצעס אונ אינערטקײַט, קעגנ דער אָפּגעשטאנענקײַט פונ די

פֿאָלקס־שיכטן, קעגן די רעשטן מיטלאַלטער אין דער קולטור און אינעם לעבנשטייגער, זיי האָבן געקעמפּט פֿאַר בילדונג און אויפֿקלערונג, פֿאַר דעמאָקראַטיזם, פֿאַר אַ נײַעם לעבנשטייגער, פֿאַר נײַע פֿאַמיליען־באַציִונגען. דאָס קומען פֿון אָט די שרײַבער האָט באַטײַט אַ נײַע עפּאָכע אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, דה. פֿון דער ליטעראַטור אויף דער לעבעדיקער שפּראַך פֿון די ייִדישע פֿאָלקס־מאַסן. אָבער עס איז נאָך פֿאַרגעשטאַנען אַן אומגעהייערע אַרבעט — נאָך ענגער צו באַהעפֿטן די ייִדישע ליטעראַטור צו די נײַע אידייען און פֿאָרמען פֿון די סאַמע פֿאָרגעשריטענע ליטעראַטורן, אויסצופֿורעמען די נײַע ליטעראַרישע שפּראַך, צו באַשאַפֿן קולטורעלע און באַוווסטזיניקע לייענער. שאָלעם־אַליי־כעם איז געקומען אין דער ייִדישער ליטעראַטור פֿול מיט שעפֿערישע קויכעס, מיט אַ לעבעדיקער איניציאַטיוו און מיט געהויבענע שטרעבונגען, וואָס זײַנען בײַ אים אויסגעוואַקסן אויפֿן באָדן פֿון די אויפֿקלערונגס־אידייען פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור און פֿונעם גאַנצן אומגעהייער רײַכן אינהאַלט פֿון דער גרויסער רוסישער ליטעראַטור, וועלכע האָט, אָנגעהויבן פֿון די 20—30־ער יאָרן פֿונעם XIX יאָרהונדערט, אַלץ מער און מער געווירקט אויף דער פֿאָרמירונג פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור.

## III

שאָלעם־אַליכעמס פּערזענלעכער לעבן איז פֿאַרלאָפֿן גאַנץ איינגאַרטיק. אין יאָר 1885, נאָכן טויט פֿון זײַן שווער, איז אים אָנגעקומען אַ גרויסע ירושה. ער איז אַריבערגעפֿאָרן קיין קיִעוו און האָט אָנגעהויבן פֿירן אַ ברייט לעבן. אָבער שאָלעם־אַליכעם האָט ניט געוווּסט, וואָס ער זאָל, אייגנטלעך, טאָן מיטן פֿאַרמעגן, וואָס איז אים צופֿעליק אָנגעקומען. אַרום דעם פֿריש־געבאַקענעם גוויר האָבן זיך באַוויזן שווינדלער און ספּעקוליאַנטן, וואָס האָבן דערשמעקט, אַז דאָ קאָן מען קריגן אַן אומזיסט קערבל. שאָלעם־אַליכעם, וואָס האָט בעטעווע געטרויט מענטשן, האָט זיך געלאָזט אין פֿאַרשיידענע קאָמערציעלע אָפּעראַציעס, און ער האָט און זייער אַ קורצער צײַט פֿאַרלאָרן זײַן גאַנצן פֿאַרמעגן. פֿאַר דער קורצער צײַט, בעת ער איז געווען רײַך, האָט שאָלעם־אַליכעם באַוויזן אַרויסצוגעבן צוויי בענדער פֿון „דער ייִדישער פֿאָלקס־ביבליאָטעק"— גרויסע ליטעראַרישע זאַמלביכער, אין וועלכע עס האָבן אָנטייל



**שאָלעם־אַליִיכעם און זײַן פֿאָטער נאָכעם ראַבינאָוויטש**

קיִעוו 1885

געוומענ די בעסטע יִידישע שרײַבער פונ יענער צײַט אונ וואָס האָבנ געשפּילט א גרויסע ראָליע אינעמ יִידישנ ליטעראַרישנ לעבנ. דאָ האָט שאָלעמ-אַלייכעמ אָפּגעדרוקט זײַנע ראָמאַנענ „סטעמפּעניו“ אונ „יאָסעלע סאָלאָוויי“.

אינ יאָר 1890 האָט שאָלעמ-אַלייכעמ אָנגעוווירנ זײַנ פאַרמעגנ. ער איז אוועקגעפאָרנ קיינ אויסלאַנד, אונ א געוויסע צײַט האָט ער פאַרבראַכט אינ פאַרשיידענע לענדער; איז געווענ אינ פּאַריזש, ווינ, טשערנאָוויץ.

אינ יאָר 1891 האָט זיכ שאָלעמ-אַלייכעמ אומגעקערט קיינ רוסלאַנד. ער באַזעצט זיכ אינ אָדעס. דאָ ווערט ער נאָענט מיטנ גרויסנ קלאַסיקער פונ דער יִידישער ליטעראַטור, וועלכער האָט געהאַט אַנ אומגעהייערע ווירקונג אַפ שאָלעמ-אַלייכעמס ליטעראַרישער אַנטוויקלונג, — מיט מענדעלע מויכער-ספאָרימ, מיט וועלכנ שאָלעמ-אַלייכעמ האָט זיכ איבערגעשריבנ שוינ זײַט עטלעכע יאָר (פּערזענלעכ האָט זיכ שאָלעמ-אַלייכעמ מיט אימ באַקענט אינ יאָר 1888, ביים ער האָט באַזוכט אָדעס). מיטנ לעצטנ ביסל געלט, וואָס איז אימ געבליבנ, פּרווט שאָלעמ-אַלייכעמ באַנײַענ „די יִידישע פאָלקס-ביבליאָטעק“, אָבער עס געלינגט אימ בלויז אַרויסצוגעבנ (אינ יאָר 1892) ניט קיינ גרויס ביכל, ריכטיקער — א העפט, ווו ער איז אליינ געווענ דער אוטאָר פונ אלע געדרוקטע מאַטעריאַלנ. דאָ האָט ער אַגעוו אָפּגעדרוקט די ערשטע דערציילונג (א סעריע בריוו) פונעמ שפּעטער באַרימט-געוואָרענעמ ציקל „מענאַכעמ-מענדל“.

אינ יאָר 1893 טרעפנ מיר שאָלעמ-אַלייכעמענ ווידער אינ קיִעוו. ווי פריִער, איז ער אויכ איצט אינ דער סוויווע פונ סאָכרימ אונ בירזשע-מאַכערס. זייער לעבנשטייגער האָט אימ געגעבנ שטאָפ פאַר זײַנ דעמאַסקירנדיקער קאָמעדיע „יאַקנעהאָז“ (1894). די פאָרשטייער פונ דער קיִעווער יִידישער בורזשואַזיע האָבנ זיכ לײַכט דערקענט אינ שאָלעמ-אַלייכעמס פּערסאָנאַזשנ אונ האָבנ זיכ דערשלאָגנ בא דער צאַרישער צענזור, זי זאָל קאָנפיסקירנ די קאָמעדיע מיטנ אויסרייד, אַז זי אַנטהאַלט „גאָטלעסטערונג“. אינ יאָר 1894 איז אויכ דערשינענ די ערשטע דערציילונג פונ שאָלעמ-אַלייכעמס צווייטנ באַרימטנ ציקל „טעוויע דער מילכיקער“. אינ יאָר 1899, ווענ עס הייבט אָנ דערשײַנענ דאָס וואָכנבלאַט „דער יוד“, נעמט זיכ שאָלעמ-אַלייכעמ אינטענסיוו צו ליטעראַרישער טעטיקײַט.

געוואָרנ א שרײַבער א פּראָפעסיאָנאל, האָט שאָלעמ־אליכעמ אָנגעהויבנ לעבנ א שווער לעבנ, ווי עס האָט געוויינלעכ געלעבט ביז דער רעוואָליוציע א ליטעראַט, שטענדיק אָפּהענגיק פונעמ ווילקיר פונ די פאַרלעגער אונ צײַטונג־רעדאַקטאָרנ, געצוווּנגענ צוליב דעמ שטיקל ברויט צו פאַרשווענדנ די שעפערישע קרעפטנ אינ אײַליקער צײַטונגס־אַרבעט. דערבײַ האָט די ערשטע צײַט שאָלעמ־אליכעמ געמוזט זוכנ אויכ אַנדערע באַשעפטיקונגענ אונ פאַרדינסטנ.

אָט וואָס שאָלעמ־אליכעמ האָט געשריבנ אינ יאָר 1903 צו זײַנ פרײַנט, דעמ שרײַבער מ. ספּעקטאָר, וועלכער האָט איינער פונ די ערשטע, נאָכ אינ די 80־ער יאָרנ פונעמ פאַריקנ יה., אָפּגעשאַצט שאָלעמ־אליכעמס מערקווירדיקנ הומאָריסטישנ טאַלאַנט:

„...איכ מוז מיכ מודע זײַנ פאַר דיר, אַז איכ פיל מיכ עפּעס ווי נײַ־געבוירנ, מיט נײַע, שפּאָגל־נײַע, קויכעס. קימאַט, קאָנ איכ זאָגנ, אַז א י כ ה י י ב ע ר ש ט אָ נ ש ר ײַ ב נ. ביז אַהער האָב איכ מיכ נאָר געמאַכט נאַריש, מײַסע קונדעס. איכ האָב נאָר מוירע, טאָמער כאָלילע גייענ אויס די יאָרנ... איכ בינ איצט מעוברעס מיט אַזויפיל מאַכשאָוועס אונ בילדער, אַז איכ בינ שטאַרקער פונ אײַזנ, וואָס איכ וועל ניט צעשפּרונגענ — אונ אַז אָכ אונ ווײ איז מיר, איכ באַדאַרפ גאָר לויפנ זוכנ א קערבל! ברענענ זאָל די בערזע! ברענענ זאָל דאָס קערבל! ברענענ זאָלנ די יידנ אויפנ פײַער, אַז א יידישער שרײַבער זאָל ניט קאָנענ לעבנ פונ שרײַבערײַ אַליינ אונ זאָל דאַרפנ לויפנ זוכנ א קערבל! מע פרעגט מיכ, די, וואָס קענענ מיכ אונ זעענ מיכ אַלע טאָג, ווענ שרײַב איכ? כ׳לעבנ, אַז איכ ווייס אַליינ ניט ווענ! אָט אַזוי שרײַב איכ, גייענדיק, לויפנדיק, זיצנדיק בא יענעמ אינ קאַבינעט, פאָרנדיק אויפנ טראַמווײַ, אונ פּונקט בעשאַס מע דולט מיר א קאָפּ מיט א וואַלד, נישט געהאַקטנ וואַלד, אונ אימעניע א טײַערע, א זאַוואָדל, — פּונקט דעמלט וואַקסנ אויס די שענסטע בילדער, אונ עס לייגנ זיכ צונויפ די בעסטע מאַכשאָוועס, אונ מע קאָנ זיכ ניט אָפּרײַסנ אפ קיינ מינוט, אפ קיינ רעגע דאָס אַלצדינג אַרופּצונעמענ אפ פּאַפּיר, — ברענענ זאָלנ די געשעפטנ! ברענענ זאָל די וועלט! אונ דאָ קומט דאָס ווײַב אונ רעדט מיקויעכ דירע־געלט, מיקויעכ סכאַר־לימעד אינ גימנאַזיע, אונ דער קאַציעוו איז א דזשענטלמענ — ער וואַרט, אונ דער קרעמער איז א פּאַרכ — ער וויל ניט באָרגנ, אונ דער אַדוואָקאַט סמאַשעט מיט אָפּשרײַבנ די בענק־

לעב (טיפּעש! ער ווייסט ניט, אז זיי זײַנען שוין לאַנג אָפּגע־שריבן...)"...

אָט אין אַזעלכע באַדינגונגען האָט געלעבט שאָלעם־אַליכעם. און אין דער דאָזיקער צײַט (דער בריוו איז געשריבן אין יאָר 1903) איז שאָלעם־אַליכעם שוין געווען אַ באַרימטער שרײַבער. זײַן נאָמען איז שוין געווען באַקאַנט ניט נאָר אין דער ייִדישער סוויווע. א. מ. גאָרקי, וואָס האָט שטענדיק אַרויסגעוויזן אַן אינטערעס פאַר די ליטעראַטורן פון די פעלקער, וועלכע האָבן באַוווינט רוסלאַנד, האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט שאָלעם־אַליכעמען וועגן אַרויסגעבן אויף רוסיש אונטער שאָלעם־אַליכעמס רעדאַקציע אַ זאַמלונג פון ייִדישע שרײַבער. די זאַמלונג האָט געזאָלט דערשײַנען אין דער אויסגאַבע פונעם פאַרלאַג „זנאַניע". שאָלעם־אַליכעם האָט שוין געהאַט אָנגעהויבן ענערגיש צוצוגרייטן די זאַמלונג, אָבער פאַרשיידענע אומשטענדן האָבן געשטערט צו פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן.

דער באַרבאַריש־גרויזאַמער קישיניעווער פּאָגראָם פון 1903 האָט אויפגערודערט און־ אויפגערעגט די גאַנצע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפט פון רוסלאַנד. די בעסטע רוסישע שרײַבער פון יענער צײַט זײַנען אַרויסגעטראָטן מיט אַן ענערגישן פּראָטעסט קעגן דער ווילדער אַבזאָריעס פון די שווארצמייעניקעס. שאָלעם־אַליכעם האָט זיך געווענדט מיט בריוו צו לעוו טאָלסטאָי, קאָראָלענקאָ, טשעכאָוו און גאָרקי, זיי זאָלן אָנטייל נעמען אין אַ ייִדישער אויסגאַבע צו הילף די געליטענע פונעם פּאָגראָם (די זאַמלונג איז דערשינען אונטערן נאָמען „הילף"). די גרויסע רוסישע שרײַבער האָבן זיך היים אָפּגערופן אויף שאָלעם־אַליכעמס ווענדונג. לעוו טאָלסטאָי האָט אין זײַן ענטפער־בריוו צו שאָלעם־אַליכעמען געשריבן, אז שולדיק אין די שווידערן פונעם קישיניעווער פּאָגראָם, ווי ביכלאַל אין דער גאַנצער קינסטלעך־געפלאַנצטער נאַציאָנאַלער העצע, איז בלויז די צארישע רעגירונג אַליין.

אין יאָר 1904 איז שאָלעם־אַליכעם געקומען קיין פּעטערבורג זיך מישתדל צו זײַן וועגן אַ דערלויבעניש אויף אַ טעגלעכער ייִדישער צײַטונג (פונעם שטאַדלאָנעס איז גאָרנישט ניט אַרויסגע־קומען). אין פּעטערבורג האָט זיך שאָלעם־אַליכעם באַקענט מיט די אָנגעזעענע רוסישע שרײַבער פון יענער צײַט: מיט ל. אַנדרייעוו, מיט א. קופּרין, און ער האָט סאָפּסקאָלסאָפּ באַקומען די מעגלעכ־קײַט צו פאַרווירקלעכן זײַן לאַנגאָנעדיקן ווונטש זיך באַגעגענען מיט

א. מ. גאָרקי. דער אײַנדרוק פֿון דער פּערזענלעכער באַקאַנטשאַפֿט מיט גאָרקין איז געווען זייער א גרויסער.

שאָלעם־אליכעם האָט אַפֿ שטענדיק פֿארהיט דאָס געפֿיל פֿון טיפֿער צוגעבונדנקייט צו א. מ. גאָרקי און אָפּשיי פֿאַר זײַן טאַלאַנט און פּערזענלעכקייט. איינער פֿון טעוויע דעם מילכיקס טעכטער האָט שאָלעם־אליכעם געגעבן אזעלכע ווערטער וועגן גאָרקין: „גאָרקי — דאָס איז הײַנט קימאַט דער ערשטער מענטש אַפֿ דער וועלט"... אין יאָר 1910, אינגיכן נאָך דעם, ווי עס איז דערשינען די רוסישע איבערזעצונג פֿון „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס", האָט גאָרקי באַגריסט שאָלעם־אליכעמען מיט זײַן באַקאַנטן בריוו, אין וועלכן ער האָט געגעבן אַן אויסגעצייכנטע, טיפֿע און טרעפֿלעכע כאַראַקטעריסטיק פֿון שאָלעם־אליכעמס שאַפֿן. גאָרקי האָט זיך שטענדיק אינטערעסירט מיט שאָלעם־אליכעמס ליטעראַרישער אַרבעט און מיט זײַן שאַפֿן. „קאַק פּאָזשיוואַיעט גאָספּאָדין אליכעם?" („וואָס מאַכט הער אליכעם?") — איז געווען גאָרקיס ערשטע פֿראַגע, ווען ער האָט באַגעגנט א מענטשן, וואָס האָט אים געקאָנט עפּעס דערציילן וועגן שאָלעם־אליכעמען (גאָרקי האָט דעמאָלט ניט געוווּסט, אַז „שאָלעם־אליכעם" איז א פּסעוודאָנים, און ער האָט געמיינט, אַז „אליכעם" איז דעם שרײַבערס פֿאַמיליע־נאָמען). די דאָזיקע אַכטונג און צוגעבונדנקייט צו שאָלעם־אליכעמען האָט דער גרויסער רוסישער שרײַבער פֿאַרהיט ביז צו די לעצטע זײַנע טעג: ער האָט דערמאָנט שאָלעם־אליכעמס נאָמען אַפֿן ערשטן אַלפֿאַרבאַנדישן צוזאַמענפֿאָר פֿון סאָוועטישע שרײַבער און האָט געזאָגט וועגן אים, אַז ער איז „אַן אויסערסט טאַלענטירטער סאַטיריקער און הומאָריסט".

דער גאַנצער פּעריאָד פֿון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע פֿון 1905 איז פֿאַר שאָלעם־אליכעמען געווען פֿאַרבונדן מיט א געהעכערטן אונטערעס פֿאַר די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן און פֿאַר די געשטאַלטן פֿון רעוואָלוציאָנערן. די כוואַליע פֿון די רעוואָלוציאָנערן אויפֿשטײַג אין לאַנד האָט געפֿונען איר אָפּשפּיגלונג אין שאָלעם־אליכעמס א גאַנצער ריי דערציילונגען און אין זײַן ראָמאַן „דער מאַבל", געשריבן אין יאָר 1907 (שפּעטער האָט שאָלעם־אליכעם אָנגערופֿן דעם ראָמאַן „אין שטורעם"). ניט געקוקט אַפֿ דער פּאָליטישער רעאַקציע, וואָס איז געקומען נאָכן דורכפֿאַל פֿון דער רעוואָליוציע, און אַפֿ א ריי ניסיונות, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין, האָט שאָלעם־אליכעם פֿאַר־

היט א שטענדיקנ גלויבנ אינ דעמ, אז זײַנ פאָטערלאנד אונ אלע פעלקער, וואָס באוווינענ עס, וועלנ דערלעבנ צו די ליכטיקע טעג פונ באפרײַונג. „איכ בינ זיכער, — האָט שאָלעמ־אליײכעמ געשריבנ אינ א בריוו פונ זשענעווע אינ יאָר 1908, — אז דער לעבנס־שטראָמ אונ די צײַכנס, וואָס איכ זע אינ אונדזער לאנד... זײַנענ גוטע סימאָנימ פאר אונדז, קלאָרע באווײַזנ, אז באלד וועט די זונ אופשײַנענ איבער אונדז".

צומ יאָר 1905 געהערט שאָלעמ־אליײכעמס אקטיווע טעטיקײַט אינ געביט פונ טעאטער. אויכ דאָ האָט שאָלעמ־אליײכעמ געשטרעבט צומ קינסטלערישנ עמעס אונ צו פאשטעס, וואָס זיי זײַנענ געווענ די גרונט־פרינציפנ פונ זײַנ גאנצער ליטעראַרישער ארבעט.

אינ אָקטיאבער 1905 האָט שאָלעמ־אליײכעמ איניינעמ מיט זײַנ פאמיליע איבערגעלעבט די שׂוידערנ פונ א ייִדישנ פאָגראָמ אינ קיִעוו. דער צאריזמ האָט געבושעוועט אונ זיכ נויקעמ געווענ פאר דער רעוואָליוציע. שאָלעמ־אליײכעמ האָט געהאט אויסצושטײנ פונ דער צארישער צענזור, וועלכע האָט געפילט אינ זײַנע ווערק „קראמאָלע". די זשאנדארמעריע־פארוואלטונג האָט אפילע פארפירט א גאנצנ „עניִנ" וועגנ שאָלעמ־אליײכעמנ אינ צוזאמענהאנג מיט זײַנ בריוו־אויסטויש מיט רוסישע שרײַבער וועגנ ארויסגעבנ א זאמלונג צו הילפ די געליטענע פונ פאָגראָמענ.

שאָלעמ־אליײכעמ האָט באשלאָסנ זיכ אוועקלאָזנ אפ א צײַט קיינ אמעריקע. נאָכ לאנגע וואָגלענישנ איבער פארשיידענע לענ־דער פונ אייראָפע האָט זיכ שאָלעמ־אליײכעמ אינ הארבסט 1906 דערקליבנ קיינ ניו־יאָרק. אָבער שאָלעמ־אליײכעמ איז דאָ אפ לאנג ניט פארבליבנ. עס האָט אימ געצויגנ אהיימ, צו די פאָלקס־מאסנ, וועגנ וועלכע אונ צוליב וועלכע ער האָט געשריבנ זײַנע פריילעכע מײַסעס, אינ וועלכע עס איז געווענ פארבאָרגנ א טיפער טרויער. זומער 1908 מאכט ער זײַנ גרויסע רײַזע איבער די ייִדישע שטעט אונ שטעטלעכ פונ רוסלאנד. אומעטומ האָט אפ אימ געווארט א פריידיקע באגעגעניש. אָבער ביימ אָט דער טריומפ־רײַזע איז ער פלוצלינג קראנק געוואָרנ, עס האָט זיכ בא אימ אָנגעהויבנ א שארפער טובערקוליאָז־פראָצעס אינ די לונגענ. די קראנקײַט האָט אימ געטראָפנ אינ א קליינ שטעטל — אינ בארנאָוויטש, מינסקער גובערניע. בא צוויי כאדאָשימ איז שאָלעמ־אליײכעמ געווענ צוגע־שמידט צומ בעט. אינ פארלויפ פונ אָט דער צײַט זײַנענ די בליק: פונ פילע אונ פילע הונדערטער טויזנטער זײַנע לייענער געווע:

געוועגדט צומ קליינעמ שטעטל, ווו דער באַליבטער שרייבער האָט זיכ געראַנגלט מיטנ טויט, וואָס האָט זיכ אומגעריכט באַוויזנ בא זיינ צוקאָפּנס. אַז ס'איז פאַרביי די קראַנקייט, איז שאָלעמ־אַלייכעמ, לויט דער אייצע פונ דאָקטוירימ, אַוועקגעפאָרנ קיינ נערווי, איטאַליע. אינ דעמ זעלבנ יאָר 1908, אינ האַרבסט, האָט מענ געפייערט דעמ 25־יאָריקנ יובילײ פונ שאָלעמ־אַלייכעמס ליטעראַרישער טעטיקייט.

דעמ יובילײ האָט מענ געפייערט אינ שאָלעמ־אַלייכעמס אָפּוועזנהייט. קראַנק אונ איינזאַמ, אָנ מיטלענ צומ לעבנ, ווייט פונ דער היימ אונ פונ זיינ פאָלק, האָט שאָלעמ־אַלייכעמ געשריבנ פונ זיינ איטאַליענישנ פּאַנסיאָנ טרויעריקע, פאַרביטערטע בריוו. די דאָקטוירימ האָבנ געהאַלטנ, אַז ער דאַרפ האָבנ זונ, וואָס מער זונ, אָבער דערפאַר האָט מענ באַדאַרפט צאָלנ מיט מעזומענ געלט, אונ ווו האָט מענ דאָס געקאָנט קריגנ?

צו אָט דער צייט איז שאָלעמ־אַלייכעמ שוינ געווענ א באַרימטער שרייבער, זיינ נאָמענ איז געווענ דער פּאָפּולערסטער אינ דער יידישער סוויווע, אונ ער איז געווענ באַקאַנט אויכ ווייט אויסער די גרענעצנ פונ דער יידישער סוויווע. אָבער שאָלעמ־אַלייכעמס גרויסער רומ האָט אימ ניט אויסגעלייזט פונ שטענדיקער נויט. אינ פאַרבינדונג מיטנ יובילײ האָט מענ אינ דער פּרעסע אָנגעהויבנ צו זאַמלענ געלט. דאָס פאָלק האָט געטראָגנ זיינע פאַרהאָרעוועטע גראָשנס, קעדיי צו העלפנ דעמ באַליבטנ שרייבער. קיינ אַנדער וועג איז דעמאָלט ניט געווענ: די צאַרישע רעגירונג האָט ניט נאָר ניט געזאָרגט וועגנ די פאָלקס־שרייבער, זי האָט זיי נאָכ פאַרפאָלגט, ווייל זייער וואָרט האָט געשטורמעוועט די פעסטונג פונ זעלבסטהערשאַפט אונ ווילקיר. דער יובילײקאָמיטעט האָט פאַר די אָנגעזאַמלטע סומעס „אויסגעקויפט” אינ יאָר 1909 די ווערק פונעמ גרויסנ פאָלקס־שרייבער פונ דעמ רעשוס פונ פריוואַטע פאַרלעגער. שאָלעמ־אַלייכעמענ האָט מענ אומגעקערט די רעכט אָפ זיינע ווערק. אינ דעמ זעלבנ יאָר האָט דער מאָסקווער פאַרלאַג „סאָווּרעמיאָניע פּראָבלעמי” אָנגעהויבנ אַרויסגעבנ שאָלעמ־אַלייכעמס געזאַמלטע ווערק אינ א רוסישער איבערזעצונג, אונ די אויסגאַבע איז זייער וואַרעמ אופגענומענ געוואָרנ פונ דער רוסישער קריטיק. מיר האָבנ שוינ אויבנ פאַרצייכנט, אַז די איבערזעצונג האָט היימ באַגריסט א. מ. גאָרקי.

דער געזונט־צושטאַנד האָט געצוווּנגענ שאָלעמ־אַלייכעמענ צו זוכנ פאַר זיכ אַנ אָרט אונטער דער מילדער זונ פונ די דאָרעמ־

לענדער. פרילינג 1914 האָט שאָלעם־אַליכעם ווידער געמאכט א רײַזע איבער די שטעט פון רוסלאנד, ווו ער איז ארויסגעטראָטן מיט פאָרלייענען זײַנע ווערק. די יידישע פאָלקס־מאסן האָבן, פונקט ווי מיט עטלעכע יאָר פריער, מיט פרייד און ענטוזיאזם באַגעגנט און באַגלייט זייער באליבטן שרײַבער. בײַם אָט דער רײַזע איז פאָרגעקומען אין ווארשע שאָלעם־אַליכעמס באגעגעניש מיט אַן אנדערן גרויסן שרײַבער פון דער יידישער ליטעראַטור — מיט פּערעצן. און די באגעגעניש האָט מיטגעהאָלפן, אז די דאָזיקע צוויי שרײַבער, אבסאָלוט פאַרשיידענע לויטן טעמפעראַמענט און לויט זייערע קינסטלערישע באַשטרעבונגען, זאָלן זיך דערנענטערן.

די אימפּעריאַליסטישע וועלט־מילחמה האָט געטראָפן שאָלעם־אַליכעמען אין א סאנאַטאָריע אין דײַטשלאנד. באַנאַנד מיט אַנדערע רוסלענדישע אונטערטאַנען האָט מען אים ארויסגעשיקט קיין בערלין, פונוואַנען ער האָט זיך געראַטעוועט מיט דער פאַמיליע אינעם שכייניסן נייטראַלן דענעמאַרק. קראַנק, אָן מיטלען צום לעבן, האָט ער דאָ פאַרבראַכט עטלעכע שווערע כאָדאָשים. סאָף 1914 איז שאָלעם־אַליכעם געקומען קיין ניו־יאָרק. די בענקשאַפט אַהיים האָט אים ניט אָפּגעלאָזט אף א רעגע, ער האָט גערעכנט טייקעף נאָכ דעם, ווי עס וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע, טאקע מיט דער ערשטער שיף צוריקפאָרן קיין רוסלאנד. אָבער די קראַנקײַט האָט געטאָן אירס. די שווידערן פון דער וועלט־מילכאָמע האָבן געדריקט אף זײַן געמיט־צושטאַנד און אָפּגעשוואַכט זײַן געזונט. שאָלעם־אַליכעם איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק דעם 13 מײַ 1916 י. אינעם עלטער פון זיבן און פיפציק יאָר. הונדערטער טויזנטער מענטשן האָבן אים באַגלייט אין זײַן לעצטן וועג.

אין זײַן צאַוואָע האָט שאָלעם־אַליכעם געשריבן:

„ווו איך זאָל ניט שטאַרבן, זאָל מען מיך באַהאַלטן ניט
צווישן אריסטאָקראַטן, מעיוכאָסים אָדער גווירים, נאָר גראָד
צווישן פּראָסטע יידן ארבעטער, מיטן עמעסן פאָלק, אזוי אז
די מאַצייווע, וואָס מע וועט דערנאָך אוועקשטעלן אף מײַן
קייווער, זאָל באַשײַנען די איינפאַכע קוואָרים ארום מיר, און
די איינפאַכע קוואָרים זאָלן באַפּוצן מײַן מאַצייווע, אזוי ווי
דאָס פּראָסטע ערלעכע פאָלק האָט פאַר מײַן לעבן באַשײַנט
זײַן פאָלקס־שרײַבער".

אין אָט די רירנדיקע ווערטער פון זײַן צאַוואָע האָט שאָלעם־אַליכעם אמבעסטן אויסגעדריקט זײַן נאָענטקײַט צום פאָלק.

# צווײ שטײנער

*Посвящаю О—Е*

אז דו ווילסט עמעצנ קאָווּעד אָפּגעבנ,
איז דאָ אנ אלטער מינהעג א פּײַנער [שײנער?]
פיר אימ מיט בלומענ באמ לעבנ,
אפ זײַנ קײווער קענסטו ווארפנ שטײנער*.

1

פּאָלינקא איז געווענ אינ גאָרטנ, ווענ ראָזאליע — איר ברודערס טאָכטער, א מײדל פונ א יאָר אכט — איז צוגעלאָפנ צו איר אונ האָט זיכ צעלאָזט מיט א דינ קלינגענדיק קעלכנ:

— מא טאַנט (מומעניו), מא טאַנט! דער זײדע איז געקומענ מיט אימ... מיט אימ... גיכער, גיכער קומט אינ שטוב ארײַנ! אכ, מא טאַנט!

פּאָלינקא האָט זיכ אפילע קײנ ריר ניט געטאָנ. זי איז געזעסנ אונטער א בוימ אינ א בעסעדקע, בלאס אונ אָפּגעלאָזט, אונ האָט געלײענט א בוכ, כאָטש אירע שווארצע אויגנ האָבנ געברענט ווי פײַער.

— ראָזאליע! — האָט פּאָלינקא אופגעהויבנ די אויגנ צו איר אונ געזאָגט, — ראָזאליע, דו פּאָלגסט מיכ ניט? איכ לערנ דיכ, אז עס איז שוינ צײַט, דו זאָלסט ניט מאכנ קײנ קינדערשע טנועס, ניט לויפנ אונ שפּרינגענ אונ טאראראַקענ. פע! ביסט דאָכ שוינ א גרויסע...

— אכ, מא טאַנט! דער זײדע איז אָבער געקומענ, — האָט ראָזאליע געענטפערט, — מיט אימ... מיט דעמ נײַעמ לערער... ער

* Если почесть воздать ты желаешь,
То велит нам обычай отцов,
Чтобы цветы мы бросали живущим,
И каменья на гроб мертвецов... (А. Плещеев) (באמ. פונ אווט.)

הייסט ראבאָווסקי... אַך, עפּעס אַזאַ... כי, כי, כי... אַזאַ גרויסער... כאַ, כאַ, כאַ!

ראָזאַליע איז געשווינד אַנטלאָפן. פּאָלינקאַ האָט נאָר אַ שמייכל געטאָן און האָט זיך ווײַטער פאַרטיפט אין דעם בוך.

פּאָלינקאַ איז געווען אַ מיידל פון אַ יאָר זעכצן, מיט לאַנגע שוואַרצע האָר, שוואַרצע גרויסע אויגן, וועלכע פלעגן טאָמיד זײַן פאַרטראַכט און עפּעס אַזוי ווי טרויעריק. נאָר ווען זי האָט אויפגעהויבן אירע שוואַרצע געדיכטע האַלב־קײַלעכדיקע ברעמען און געגעבן אַ קוק אויף עמעצן, האָט יענער געפילט, אַז די שטראַלן פון איר בליק בוינערן דורך ביז צום האַרצן. אין דעם גלאַנץ פון אירע אויגן איז טאָמיד עפּעס געלעגן פאַרבאָרגן, וואָס קיינער האָט נישט געקענט טרעפן. זי האָט געקענט זײַן פריילעך און לאַכן, ווי אַ קינד, נאָר אין די אויגן האָט מען נישט דערקענט, זיי זאָלן אויך פריילעך זײַן. אַז פּאָלינקאַ איז אַלט געווען אַכט יאָר, איז זי שוין קיין קינד נישט געווען. זי איז געוואַקסן אַ באַס־יעכידע בײַ אירע עלטערן אין דאָרף, אַליין, אָן קליינע קינדער. ווען זי פלעגט קומען אין שטאָט אַרײַן מיט אירע עלטערן, אָדער מיט דער באָנע (אַ געלערנטע ניאַנקע) און איז זיך צוזאַמענגעקומען מיט אירע קליינע קוזינעס (שוועסטערקינדער), פלעגט זי נאָר באַטראַכטן און צוהערן זיך, וואָס יענע האָבן גערעדט, און ענטפערן נאָר אויף דעם צענטן וואָרט. די עלטערן האָבן זי דערפאַר גערופן „דיקאַרקאַ" (ווילדע), זיי האָבן זי נישט געוואָלט געבן אין קיין פּאַנסיאָן, אָדער אין אַ גימנאַזיע אין שטאָט און האָבן געהאַלטן בײַ זיך אין דאָרף אַ פראַנצויזין אַ באָנע און אַן אַלטע געבילדעטע דאַמע, וועלכע האָבן מיט איר געלערנט, און זי האָט טאַקע זייער גוט געלערנט. צו 14—15 יאָר האָט פּאָלינקאַ שוין געלייענט ערנסטע ביכער און פלעגט אויסזיצן טאָג ווי נאַכט איבער זיי. די מוטער איז דערפון נישט זייער צופרידן געווען, זי האָט ליב געהאַט איר איינציקע פּאָלינקאַ, אַזוי ווי אַלע אונדזערע נישט־געבילדעטע מאַמעס האָבן ליב זייערע טעכטער, און דער פאָטער פלעגט לאַכן און אָפּט זאָגן אַזוי ווי אויף כוויזעק צו מאַכן:

— מײַן טאָכטער וואַקסט אויף אַ יוריסט אָדער אַ דאָקטער. לערן, לערן, פּאָלינקאַ, וועסט קענען, וועט זיך געפינען אַזעלכער, וואָס וועט פאַרשטיין, וואָס דו ביסט. מיר ווייסן נישט, מיר זײַנען פון דער אַלטער וועלט און פאַרשטייען נישט די אַלע נאַרישקייטן און באָסניעס, וואָס דו לערנסט.

ער פלעגט לאכן פון איר בילדונג, און פונדעסטוועגן פלעגט ער אליין פארן און ברענגען די בעסטע באַנעם מיט די טייערסטע ביכער. ער האָט דערויף גאָר קיין געלט ניט געקארגט, כאָטש ער איז ניט געווען קיין מיליאָנער.

רעב מוישע ליכטינאָוו — אזוי האָט מען גערופן פּאָליניקאָס פאָטער — איז געווען פון דער גילדענער פאַן, פון אן אלטער מעיוּ־בעסדיקער פאמיליע. אין די יונגע יאָרן איז ער געווען א ווילער יונגערמאן, ער איז אויפגעוואקסן און דערצויגן געוואָרן בא גאנצ פרומע עלטערן. שפּעטער איז ער אָנגעקומען פאר אן איידעם איך נאָך א פרומער הויז, צווישן פרומע שוואָגערס, כסידים, הייסע יידן, פיינע יונגעלייט, מיט טוירע און מיט כאָכמע. ער האָט אָבער דאָרט ניט לאנג געקענט אויסהאלטן מיט זיין פריי געמיט, וואָס ער האָט געהאט גאָט ווייסט פונוואנען און זייט ווען... פון דעם רעבן האָט ער געלאכט, און זיינע כסידים האָט ער פיינט געהאט פאר זייער פאלשקייט און נארישקייט. דערפאר האָט ער בא זיין שווער ניט געקענט זיין און איז אוועקגעפאָרן קיין גאָטליב, אין זיין געבורט־שטאָט, און האָט אָנגעהויבן פירן גרויסע מיסכאָרים, צו וועלכע ער האָט געהאט זייער א גרויסע האסאָגע. אמאָל האָט אים געגליקט, אמאָל ניט. ער האָט געהאט א פעסטן כאראקטער, דאָס, וואָס ווערט אָנגערופן „סילא־וואָלי“, און איז קיינמאָל בא זיך ניט אראָפּגעפאלן. מיט די גאָטליבער יידן האָט ער אויך ניט געקאָנט הויזן און איז געווען אין קריג מיט דער גאנצער שטאָט. אליין איז ער געווען זייער אן אָרדנטלעכער מענטש, דאָס האָבן די גאָטליבער יידן זייער גוט געוווּסט, נאָר פאר זיין פריידענקען האָבן זיי אים פיינט געהאט. ער איז דערצו געווען זייער אן אופריכטיקער מענטש. קיין אוילעם האָט ער ניט געקאָנט איבערטראָגן און פלעגט יעדן ארויסזאָגן פריי און אָפן זיין מיינונג און האָט קיינעם נישט געשוינט. לאנגע צייט האָט ער זיך געאמפּערט אין גאָטליב מיט די יידעלעך, ביז עס איז אים נימעס געוואָרן, איז ער ארויסגעפאָרן אין א אימעניע אין א דאָרף מאָהילא. דאָרט האָט ער זיך באשעפטיקט מיט ערד־ארבעט עטלעכע יאָר, ביז ער האָט אָנגעזאמלט א היפּשן קאפּיטאַל און איז געוואָרן א פּאָסעסאָר פון עטלעכע דערפער. ער איז געוואָרן באקאנט מיט פיל פּאָמעשטשיקעס און האָט זיך פארשלאָסן מיט דער סעמייסטווע אין מאָ־הילא. די גאָטליבער יידעלעך האָבן, ווי דער שטייגער איז, אים נאָך מער פיינט געקריגן פאר זיין אשירעס און פאר זיין פריי לעבן. זיי האָבן אים ניט געקענט מויכל זיין, וואָס ער האָט איינגעפירט בא זיך אין הויז

באַנעס, גוווערנאַנטקעס, פּאַרטעפּיאַנעס מיט רוסישע ביכער. אַזוי האָט פּיִנט דער אַרעסטאַנט די מענטשן, וואָס גייען אַרום פֿרײַ אַף דער וועלט.

אין דעם יאָר, וואָס מיר הייבן אָן אונדזער מײַסע, איז מוישע ליכטינאַוו געווען אַ ייִד פֿון אַ יאָר פֿופֿציק, אַ הויכער, אַ דיקער, מיט אַ שיינער קײַלעכדיקער באָרד, וועלכע איז נאָך ניט גאַנץ גרוי געווען, מיט קלוגע קאַרע אויגן; אַף זײַן פּאָנעם און זײַן גאַנצער פיגור און אין זײַן פּאַוואָליעדיקן גאַנג האָט מען אָנגעזען פיל ענערגיע און שטאַרקײַט. ווען מוישע ליכטינאַוו האָט אָפּגעקלערט עפּעס אַ זאַך, האָט דאָס געמוזט אויסגעפירט ווערן. אַ האַרץ האָט ער געהאַט זייער אַ גוטס און איז אינגאַנצן געווען ניט קיין שלעכטער, נאָר באַ זיך אין דער סעמייסטווע איז ער געווען אַ קליינער דעספּאָט, מע האָט פאַר אים מוירע געהאַט. דאָס ערשטע ווײַב איז אים יונג געשטאָרבן און האָט אים איבערגעלאָזט צוויי זין. ער האָט דאָס צווייטע מאָל כאַסע־נע געהאַט מיט זייער אַ יונג און שיין מיידל, וועלכע האָט אָבער גאָר קיין אייגענעם ווילן ניט געהאַט און איז אים געווען אונטערטעניק, ווי אַ קנעכט באַם סולטאַן. זי האָט געקענט אַלע זײַנע קאַפּריזן און האָט אים געאַכטעט און געליבט, און דערצו מוירע געהאַט פאַר אים, ווי פאַר אַ מיילעך. מיט איר האָט ער געהאַט נאָר איין טאָכטער — פּאָלינקאַ, מיט וועלכער אונדזערע לעזער זענען שוין באַקאַנט.

---

— פּאָלינקאַ, — האָט איר די מוטער געזאָגט, אַז זי איז צוריק־געקומען פון גאָרטן אין שטוב אַרײַן, — דער טאַטע איז געקומען מיט ראַ... ראַב... ווייס איך, וואַזוי מע רופט אים, ער געפעלט מיר ניט, ער האָט אַ פּאָנעם פון אונדזער גאַלעכס זון... נאָר דער טאַטע זאָגט, אַז ער איז זייער אַ ווײַלער... ווייס איך? לאָז זײַן אַ ווײַלער, אַז ער זאָגט.

— האָסטו אים שוין פאַרהערט? — האָט פּאָלינקאַ געפרעגט מיט אַ שמייכל און איז צוגעגאַנגען צום פּאָטער.

— אָ, קום נאָר אַהער, מײַן יוריסט, — האָט זי דער פאָטער גע־נומען באַ דער האַנט, — איך האָב דיר געבראַכט העך ראַבאָוויטשין, היינט וועסטו שוין אָוואַדע אויסלערנען כל התורה כולה 1 און וועסט שוין ווערן אַ דאָקטער.

---

1 קאָל האַטוירע קוליאָ — די גאַנצע טוירע. דאָ געמיינט: די גאַנצע קענטעניש; וויסנשאַפט.

בא דעם טיש, צו וועלכן מוישע ליכטינאָוו האָט צוגעפירט פּאָ־
לינקען, איז געזעסן א הויכער און א ברייטער יונגערמאַן פון א
יאָר צוואַנציק, מיט א גרויסן קאָפּ, מיט לאַנגע צעוואָרפענע בלאָנדע
האָר, מיט א ברוינעט פּאָנעם, לאַנגע ווייסע הענט, וועלכע זענען
אין דעם אויגנבליק באַשעפטיקט געווען: ער האָט געגעסן ברויט
מיט פּוטער און קעז. ער האָט קוים א שאָקל געטאָן מיט דעם קאָפּ,
אז פּאָלינקאַ איז צוגעגאַנגען צו אים, ער האָט נאָר אופגעהויבן
זיינע גרויסע אויגן אפ איר, וועלכע האָבן באַשטענדיק ווי געלאַכט
פון יעדן, און האָט ווידער זיך גענומען צום עסן.

— אָט דאָס איז מיין טאָכטער, — האָט מוישע ליכטינאָוו גע־
זאָגט, — איך בעט אייך, הער ראַבאָווסקי, איר זאָלט פון איר מאַכן
א מענטש, זי איז נאָך א ביסל ווילד און פרעמד פון דער גאַנ־
צער וועלט.

ראַבאָווסקי האָט אפילע קיין בליק נישט געטאָן אפ ליכ־
טינאָוון און אפ זיין טאָכטער און האָט זיך ווייטער געטאָן זיינס —
ער האָט געגעסן מיט גרוים אַפּעטיט און מיט פאַרגעניגן.

— איר דאַרפט איר געבן צו פאַרשטיין, אז מע מעג טאַקע זיין
געבילדעט, ווי די וועלט, און דאַביי טאַקע זיין א מענטש אויך, —
האָט ליכטינאָוו ווייטער געזאָגט.

ראַבאָווסקי איז אופגעשטאַנען פונעם טיש, האָט זיך אָפּגע־
ווישט די הענט, זיך אויסגעגלייכט און א וואָרף געטאָן מיט די
לאַנגע האָר. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צום פענצטער, וווּ פּאָלינקאַ
איז געשטאַנען און האָט געקוקט אין גאָרטן. ער האָט זי גוט באַ־
טראַכט פון קאָפּ ביז די פיס מיט זיינע שפּאָטישע אויגן און האָט
געזאָגט צו מוישע ליכטינאָוו:

— איך האָב פאַרגעסן אויסצורעדן מיט אייך, הער ליכטינאָוו,
איין פונקט: אז לערנען אייער מאַמזעל טאַנצן, קאָמפּלימענטן
מאַכן און נאָך אזעלכע סוועטסקע כאָכמעס קען איך נישט, מע
האָט דאָס מיך אליין נישט געלערנט, דערפאַר זאָלט איר אפ די זאַכן
גאָר נישט ארויסקוקן אפ מיר...

פּאָלינקאַ האָט בא די ווערטער אופגעהויבן אירע שוואַרצע
גלאַנצעדיקע אויגן און האָט זיי אנידערגעשטעלט אפ ראַבאָווסקין,
וועלכער איז געשטאַנען קעגן איר האַלב שפּאָטיש, ווי אַן אַלטער
מאַן קוקט אפ א קליין נאַריש קינד. כאָנע — אזוי האָט מען גע־
רופן פּאָלינקעס מוטער — האָט פריער אופגעמאַכט די אויגן אפ
ראַבאָווסקין, דערנאָך אפ פּאָלינקען, דערנאָך אפ איר מאַן און איז

שוין געווען פאַרטיק אויסצודראַפּען דעם לערער ביידע אויגן און אים ארויסטרייבן אפ דער רעגע פון דער שטוב, דערפאר וואָס ער האָט געסמייעט אזוי גראָב צו ענטפערן איר מאַן און איר באַס־יעכידע, וועלכע איז, נאָך איר מיינונג, געלערנט מער פון אלע לערערס אפ דער וועלט. נאָר אָן מוישעס פּאָנעם האָט זי פאַרשטאַנען, אז מע דאַרף א ביסל איינהאלטן דעם קאַס אין זיך, האָט זי פאַרביסן מיט די ליפּן און האָט א הוסט געטאָן. עטלעכע מינוט איז געווען שטיל. אַלע האָבן געשוויגן, ביז מוישע ליכטינאָוו האָט ווידער אָנגעהויבן רעדן:

— איר האָט א טאָעס, הער ראַבאָווסקי, מיין טאָכטער איז ניט פון די דאָזיקע, וואָס טאַנצן און שפּרינגען. איר איינציק פאַרגעניגן איז נאָר ביכער און ווידער ביכער...

— ביכער? אזוי? נו, — האָט זיך ראַבאָווסקי צוגעזעצט צו פּאָלינקען. — נו, פריילן, געוויס האָט איר שוין דורכגעלעזן גאַנץ פּאָל־דע־קאָק, דיומא, קסאַוויע דע מאָנטעפּען* און נאָך און נאָך?

כאַנע האָט פאַרשטאַנען, אז ראַבאָווסקי האָט שוין כאַראָטע געקריגן, וואָס ער האָט אזוי נישט איידל גערעדט מיט איר פּאָ־לינקאַ, דערפאַר האָט ער פאַרפירט מיט איר אזא שמועס פון ביכער מיט אזעלכע מאָדנע ווערטער. זי האָט אים שוין מויכל געווען, און דער קאַס איז איר פונעם האַרצן אָפּגעגאַנגען. דערפאַר האָט זיך אָבער פּאָלינקאַ אָנגעצונדן און איז געוואָרן רויט, ווי א רויז, און האָט אים שטיל געפרעגט:

— פונוואַנען נעמט איר, אז איך האָב פּונקט געלייענט פּאָל־דע־קאָק מיט נאָך אזעלכע ביכער?

— וואָס, ניין? נו, פאַרצייעט מיר, — האָט ראַבאָווסקי זיך אופגעכאַפּט פון דעם בענקל און האָט זיך מיט א געלעכטער פאַר־נייגט פאַר פּאָלינקאַ, — פּאַרדאָן, פּאַרדאָן, פריילן.

מוישע ליכטינאָוו האָט באַמערקט, אז זיין טאָכטער ווערט אַלעמאָל רויטער און קוקט אפ ראַבאָווסקין מיט בייזע אויגן, איז ער אופגעשטאַנען, האָט גענומען ראַבאָווסקין פאַר א האַנט און האָט אים געזאָגט:

— נו, איר וועט האָבן גענוג צייט צו רעדן פון אייערע ביכער. איצט קומט, וועל איך אייך אריינפירן אין אייער צימער.

---

* דאָס זיינען פאַרפאַסער פון באַקאַנטע פראַנצויזישע לייכטע ראָמאַנען (באַמ. פון אויט.).

דאָס צימער, וווּ ליכטינאָוו האָט אים אַרײַנגעפירט, איז געווענ א קליינ ליכטיק שטיבל מיט זייער באקוועמ אונ רײַכ מעבל. ראַ־באָווסקי האָט באטראכט די גרויסע בראָנזענע שפּיגל, דאָס שיינע אײַזערנע בעטל מיט דעמ העלנ קאָבריצ, די קארטינעס אפ די ווענט, דעמ שרײַבטיש מיט די צוויי קרעסלעס אונ די פּריבאָרנ, וואָס זענ געלעגנ אפ דעמ טיש, דערנאָכ האָט ער זיכ אנידערגעזעצט אפ דער קאנאפּע אונ האָט זיכ פארטראכט.

— דו ביסט אלצ דער אייגענער עלנטער, וואָס דו ביסט געווענ ביז אהער, — האָט ער צו זיכ אליינ געזאָגט, — דער „וועטשני זשיד". פאָר ווײַטער, דו פּוסטע לאָדקע, איג דעמ ברייטנ טיפנ יאמ, דאָס וואסער וועט דיכ שוינ אליינ ערגעצ ברענגענ צו א ברעג אָדער צומ דנאָ, ווער ווייסט?" — א טיפער זיפצ האָט זיכ דערבײַ ארויסגעכאפּט פונ זײַנ הארצ...

2

שלוימע ראבאָווסקי איז געווענ עלנט, אָנ עלטערנ אונ אָנ פרײַנט, האָט ער זיכ געוואלגערט ביז צוועלפ יאָר אינ דער טאלמוד־טוירע אינ דער שטאָט נ. ער האָט געליטנ הונגער אונ קעלט. דער דאָרטיקער ראבינער פלעגט אָפט ארײַנקומענ אפ א שאָ אינ דער טאלמוד־טוירע, אימ איז אופגעפאלנ דאָס אָרעמע יינגל דורכ זײַנ פעיִקנ קאָפּ, האָט ער אימ גענומענ צו זיכ אונ האָט מיט אימ געלערנט רוסיש אונ דײַטש דרײַ יאָר קעסיידער. דערנאָכ האָט ער אימ אוועקגעשיקט מיט א רעקאָמענדאציע קיינ זשיטאָמיר. דאָרט האָט ער איבערגעטראָגנ די גרעסטע נויט א גאנצ יאָר, ביז ער איז ארײַנגעטראָטנ אינ ייִדישנ לערער־אינסטיטוט. שוינ אפ דעמ צווייטנ יאָר האָט מענ דערקענט זײַנ טאלאנט, אונ פונ דעמ דריטנ קורס האָט ער זיכ אָנגעהויבנ צוגרייטנ צו דער אוניווערסיטעט. מיט דער גרעסטער געדולד האָט ער געלערנט לאטײַנ אונ גריכיש אונ איז אינ אינסטיטוט געווענ דער בעסטער שילער. ער האָט דערצו זייער פיל געלייענט, אונ אלע כאווירימ האָבנ אימ געאכטעט אונ געליבט פאר זײַנ גוטנ כאראקטער. אינ דער שטאָט האָט ער געהאט צוויי גוטע קאָנדיציעס (שטונדנ), אינ די רײַכסטע הײַזער; דאָכ האָט ער קיינמאָל ניט געהאט קיינ גראָשנ אינ דער קעשענע. פונ דעמ געלט, וואָס ער האָט פארדינט, האָט ער אויסגעהאלטנ פיל אָרעמע שילער אונ האָט נאָכ דערצו מיט זיי אליינ

געלערנט אומזיסט. קיינער האָט ניט געקענט פארשטיין, ווי באַ אזא „גיגאנט" (ווע ליקאנ, ריז) — אזוי האָבנ אים אלע גערופנ — וואָס האָט טאָמיד ליב געהאט פונ איטלעכנ צו שפּעטנ, זאָל זײַנ אזא גוט הארצ. אינ אינסטיטוט, באַ אלע זײַנע כאוויירים, איז ער געווענ ראָש־ווערישנ, קיינ זאַך האָט זיך אָנ אים ניט געטאָנ. א קרוזשאָק פונ זשיטאָמירער אינטעליגענציע (אופגעקלערטע מענטשנ) האָט אים ארײַנגענומענ צו זיך פאר א טשלענ, אונ ער איז דאָרט אויך באלד געוואָרנ דער רעדלפירער. מע האָט מוירע געהאט פאר דעמ „סעמינאריסט", ווי זיי פלעגנ אים דאָרט רופנ. ראבאָווסקי האָט געהאט א באזונדערע פעיִקײַט יעדנ זיך צו מאַכנ אונטערטעניק, אונ דאָס, וואָס אנדערע האָבנ דערופ געדארפט אויסזיצנ נעכט, האָט ער באלד געגומענ מיט דעמ סייכל־האיאָשאָר אינ עטלעכע מינוט. ער האָט געפילט באַ זיך, אז ער שטייט העכער פונ אלע, מיט וועלכע ער האָט זיך באגעגנט אינ זײַנ לעבנ, דערפאר האָט ער אפ יעדנ אראָפּגעקוקט מיט זײַנע שפּאָטישע אויגנ. פונ פרויענ־צימער האָט ער געהאט גאָר א באזונדערע מיינונג. אינ זײַנע אויגנ זענענ זיי נאָר פעיִק קינדער צו גיאנטשענ אונ ספּלעטניעס צו פירנ. אינ דעמ פּראקטישנ לעבנ האָט ראבאָווסקי נאָך וויניק זיך ארומ־געזענ. דער לעצטער זומער אינ אינסטיטוט איז געקומענ, די שי־לער פונ דעמ פערטנ קורס האָבנ אָנגעהויבנ בויענ שלעסער אינ דער לופט, יעדער נאָך זײַנ האסאָגע. ראבאָווסקי איז שוינ פאר־טיק געווענ צו דער אוניווערסיטעט, נאָר ער האָט קיינ גראָשנ געלט ניט געהאט. אפ א קאזיאָנע שטעלע האָט ער אזוי גיכ קיינ האָפע־נונג ניט געקענט האָבנ, האָט ער געבעטנ באַ דעמ אינספּעקטאָר, ער זאָל אים קריגנ ערגעצ א שטעלע אפ א יאָר, קעדיי ער זאָל קענענ צונויפשלאָגנ א קאפּיטאַל אונ פאָרנ קיינ ק... אינ דער אוניווער־סיטעט. דער אינספּעקטאָר איז געווענ באקאנט מיט מוישע ליכטי־נאָוו, ער האָט באַ אים אָנגעפרעגט, אויב ער דארפ ניט א לערער, אונ האָט דערהאלטנ א טשוווע, אז ער דארפ א לערער, וואָס קאָנ יִידיש אויך, אונ ער וויל צאָלנ 500 רובל א יאָר אפ אלעמ גרייטנ. דעמ 10־טנ יול ...187 איז ראבאָווסקי געקומענ קיינ גאָטליב אונ האָט שוינ דאָרטנ געטראָפנ מוישע ליכטינאָוו, וועלכער האָט אים גענומענ צו זיך אינ וואָגנ אונ האָט אים געבראַכט קיינ מאָהילאָ.

# 3

עס איז פאַרגאַנגען מער ווי א האַלב יאָר, זינט ראַבאָווסקי איז שוין געוואָרן אַן אייגענער בא ליכטינאָוון אין הויז. אַלע מענטשן האָבן אים ליב געקראָגן, פון גרויס ביז קליין; נאָר באַזונדערס איז צו אים צוגעבונדן געוואָרן דער אַלטער ליכטינאָוו. ער האָט אין אים דערקענט א זעלטן גוט האַרץ מיט איידעלע געפילן, א מענטשן, וואָס זוכט נאָר צו שאַרפן זײַן סייכל און צו פאַרגרעסערן זײַנע קענטעניש. די מענטשן פון דעם הויף, אַז זיי האָבן געזען, וואָס פאַר א כאָשעוו דער לערער איז באַם באַלעבאָס, האָבן זיי זיך שטענדיק געלאָזט צו אים מיט באַקאָשעס. טכילעס האָבן זיי גאָר מוירע געהאַט צו אים צוצוטרעטן. אַז זיי האָבן אָבער געזען, אַז ער באַהאַנדלט זיי ווי זײַנס גלײַכן, האָבן זיי אָנגעהויבן זיך מער צו אים צוצולאָזן. ער אַליין פלעגט אָפט גיין צו זיי אין די „נאָרעס" — אַזוי פלעגט ער רופן זייערע קליינע שטיבלעך, מיט קאַמיש געדעקט — פלעגט מיט זיי רעדן, שפּילן מיט זייערע קינדער.

— טיפּשים! — פלעגט ער צו זיי זאָגן, — וואָס מאַכט איר אָנשטעלן? איר האַלט מיך פאַר א פּאָרעץ? איך בין דער זעלבער פּלוזשיטעל, ווי איר, נאָר אין אַן אַנדער פעל. ווי לאַנג איז, אַז איך בין געגאַנגען אין שמאַטעס און האָב געטראָגן „שאַלאַכ־מאָנעס!" — ער האָט זיך גאָר ניט געשעמט זיי צו דערציילן זײַן ביאָגראַפיע (לעבנס־באַשרײַבונג).

ראַבאָווסקי האָט פײַנט געהאַט צו זיצן ליידיק. אַז ער האָט פאַר זיך קיין אַרבעט ניט געהאַט, האָט ער זיך גענומען לערנען מיט די קינדער פון די אָרעמע סלוזשיטעלעס, וואָס האָבן ניט גע־קענט צאָלן קיין לערער. ער האָט זיך דערצו גענומען מיט זײַן גאַנצן קויעך, מיט דער גרעסטער ענערגיע. ער האָט אײַנגעפירט אַן אָרט שולע אין מאָהילאַ, האָט דערצו אָפּגעדונגען א שטיבל באַם אופּראַווליאַיושטשי, האָט געלאָזט מאַכן בענק, געקויפט בי־כער און האָט געלערנט מיט די קינדער פיר שאָ אַלע טאָג. באַלד פון אָנהייב האָט ער געהאַט זעכצן טאַלמידים — זעקס ייִדישע און צען קריסטלעכע. ער האָט געפּועלט בא פּאָלינקאַ, זי זאָל אויך געבן א שטונדע, ווײַל אין דער שולע האָבן זיך געמעלדעט דרײַ מיידלעך. דאָס גאַנצע געלט, וואָס ער האָט פאַרדינט, האָט ער אויסגעגעבן אַף דער שולע. מוישע ליכטינאָוו האָט אַפילע נישט געוואָלט לײַדן, אַז זײַן טאָכטער זאָל לערנען מיט די קינדער אין

דער שקאָלע, נאָר ראבאָווסקי האָט אזוי לאנג גערעדט, ביז ער האָט אויסגעפירט זיינס. ביסלעכווייז איז ראבאָווסקי נעענטער געוואָרן מיט פאָלינקען. זי איז געווען דאָס ערשטע פרויענצימער, אין וועלכער ער האָט דערקענט אזוינע מעלעס, וואָס ער וואָלט דאָס קיינמאָל נישט געגלייבט; ער האָט אָנגעהויבן צו איר צו האָבן גרויס צוטרוי, מיט קיין מענטשן אין דער וועלט האָט ער אזוי אָפן און פריי נישט גערעדט, ווי מיט איר. נישט איין שאָ פלעגן זיי אויסזיצן אין די שיינע זומער־נעכט אין גאָרטן און שמועסן פון ערנסטע זאכן... דאָך האָט ראבאָווסקי זיין פלאן וועגן דער אוניווערסיטעט נישט אופגעגעבן. ער האָט פלייסיק געלערנט און האָט געהאָפט זומער אוועקצופאָרן קיין ק. און אָפּגעבן עקזאַמען. עס איז אָבער אוועקגעגאנגען איין זומער און דער אנדערער, עס איז שוין געקומען דער דריטער, און ראבאָווסקי איז אלץ נאָך געזעסן אין מאָהילא. עס איז אים גאָר נישט איינגעפאלן זיך צו פרעגן, פארוואָס ער איז נאָך ניט אוועקגעפאָרן. נישט ראבאָווסקי, נישט פאָלינקא האָבן דעריבער נאָכגעטראכט. דאָס לעבן איז פאר זיי בײדע זייער אָנגענעם געווען, און מיט זיי איז אין זייערע הערצער געוואקסן א געפיל, וואָס זיי האָבן גאָר נישט פארשטאנען... לעסאטע זענען זיי געווען צופרידן און גליקלעך...

4

דריי ליכטיקע גליקלעכע יאָר זענען שטיל אָן ראש פאָריבער־געגאנגען איבער פאָלינקען מיט ראבאָווסקין. פאָלינקא פלעגט זיך זייער היימלעך פילן מיט אים; ווען ער פלעגט אמאָל אוועקפאָרן אָף צוויי־דריי טעג, האָט זי ערשט דעמאָלט געפילט, אז די וועלט איז אָן אים פוסט און פינצטער. דעמאָלט פלעגט זי זיך דערמאָנען, אז ער מוז אמאָל אוועקפאָרן, און אוועקפאָרן אָף אייביק!..

— נו, וואָס איז? — פלעגט פאָלינקא זיך אליין פרעגן, — ער וועט אוועקפאָרן? גאָרנישט, כ'לעבן גאָרנישט! עמעס, ער איז טאקע זייער אָן אָרנטלעכער, א פיינער מענטש, א גוטער, א געבילדעטער, א קלוגער מיט זייער פיל מעלעס, איך שעץ אים געוויס זייער הויך... אָבער מער נישט... ער וועט געוויס קומען צו זיין ציל, און די פרוי, וואָס וועט ווערן זיינע, וועט געוויס גליקלעך זיין... —

אזעלכע געדאנקען פלעגן אָפט דורכפליִען בא פאָלינקען אין קאָפּ, נאָר בא דעם וואָרט „פרוי" פלעגט זי פילן, אז עס טוט איר עפּעס א ברי אין הארץ... ראבאָווסקי האָט אויך נישט איין מאָל גע־

קלערט, וואָס פאר א קויעכ אים האלט אזוי צוגעבונדנ צו ליכטי־נאָווס הויז. ער האָט זיכ אליינ אָפּט פאָרוויִרפע געמאכט דערי־בער אונ פּלעגט קלערנ: „דיר איז דאָ גוט, דערפאר גלוסט זיכ נישט פונדאנענ אוועקצופאָרנ, דיר איז דאָ ליכטיק אונ ווארעמ, דו האָסט וואָס צו עסנ, ביסט פריַ, דעריבער ביסטו געוואָרנ א דאַרמאָיעד, א בײַבאַק! דו פארגעסט גאָר, אז דו ביסט א פרעמדער! מע שעצט דיכ, ווײַל דו ביסט נוצליכ, אונ מע צאָלט דיר דערפאר געלט!.. אונ פּאָלינקא?..” בא דעמ געדאנקענ פּלעגט ער בלײַבנ שטיינ אונ נישט גיינ ווײַטער...

מוישע ליכטינאָוו האָט ניט געוואָלט אוועקלאָזנ ראבאָווסקינ אונ האָט אימ געמאכט פאר סעקרעטאר בא אלע זײַנע געשעפטנ, וועלכע זענענ מיט יעדנ טאָג געוואקסנ. ליכטינאָוו איז געווענ א גוטער פּאָטער, ווי אלע גוטע טאטעס, ער האָט פיל געזאָרגט פאר זײַנע קינדער אונ האָט זיי געוויס געוואָלט מאכנ גליקלעכ, נאָר ער האָט זיי זייער ווייניק געקענט! עס איז אימ אפילע קיינמאָל אפ די געדאנקענ נישט געקומענ, ער זאָל זיכ אמאָל אויסרעדנ מיט זײַנ טאָכטער אונ אויסהערנ איר ווילנ; ער האָט טאָמיד גערעכנט, אז קיינער קענ נישט אזוי זײַנ טאָכטער, ווי ער קאָנ זי, אונ אז ער איז מעכוּיעוו זי גליקלעכ צו מאכנ נאָכ זײַנ פארשטאנד אונ געפּי־נענ פונ איר טוועגנ א שידעכ נאָכ איר ווערט, דה., מיט א סאַכ געלט אונ פונ א גרויסער מישפּאָכע. פּאָלינקא איז שוינ ארײַנגע־גאנגענ אינ דעמ נײַנצנטנ יאָר. און מוישע ליכטינאָוו האָט עפּעס אָפּגעקלערט צו טאָנ, האָט דאָס באלד געמוזט געשענ. ער האָט אָנגעהויבנ צו פירנ א פּערעפּיסקע מיט די וועלט־שאדכאָנימ, וועל־כע האָבנ זיכ נישט געלאָזט לאנג אײַנבעטנ אונ זענענ געקומענ קיינ מאָהילאָ, איטלעכער מיט זײַנ פּאַק כאסאנימ אינ קעשעניע, איינער האָט איבערגעיאָגט דעמ אנדערנ, אונ ווי די הונגעריקע וועלפּ האָבנ זיי דערפילט מענטשנ־פלייש... דער קאָרעספּאָנדענט בא ליכטינאָוונ איז געווענ ראבאָווסקי, אונ אפ אימ איז געפאלנ דער גוירל, ער זאָל פאָרנ אָנקוקנ דעמ כאָסנ, וואָס מע האָט אָנגע־שלאָגנ פאר פּאָלינקענ אינ דער שטאָט נ. — ביז צומ לעצטנ טאָג האָט פּאָלינקא מיט ראבאָווסקינ נישט גערעדט קיינ וואָרט וועגנ זײַנ רײַזע קיינ נ. נאָר אז פּאָלינקא האָט געהערט, אז דער פּאָטער הייסט שוינ ארײַנלייגנ ראבאָווסקיס זאכנ אינ וואָגנ אונ שפּאנענ די פערד, איז זי צוגעגאנגענ צו ראבאָווסקינ אונ האָט אופגעהויבנ אפ אימ אירע פארקלערטע אויגנ. ראבאָווסקי האָט א ציטער גע־

טאָג, עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז פּאָלינקאַ קוקט אַף אים נישט אַזוי ווי אַלע מאָל.

— איר וועט געוויס מיר נישט אָפּזאָגן און וועט אַרויסגיין אַ ביסל אין גאָרטן, — האָט אים פּאָלינקאַ שטילערהייט געזאָגט.

דאָס איז געווען אין איינעם פֿון די לעצטע טעג מײַ. די זון האָט שוין ריכטיק געברענט, דער גאָרטן איז שוין איינגאַנצן גרין געווען און פֿול מיט אַראָמאַט, די פֿייגעלעך האָבן געזונגען לוס־טיק, די היישעריקן האָבן געבורטשעט, די קאָמאַרעס האָבן זיך אַרומגעדרייט און באַזעצט ראַבאָווסקיס שטרויענעם קאַפּעליוש מיט די ברייטע רענדער, אונטער וועלכע מע האָט אַרויסגעזען זײַנע לאַנגע בלאָנדע האָר, וואָס האָבן זיך צעוואָרפֿן אַף זײַנע ברייטע אַקסלען. דעם קאַפּעליוש האָט ער געטראָגן אַף דעם שפּיץ קאָפּ, מע האָט אַרויסגעזען זײַן הויכן ברייטן שטערן מיט די גרויסע אויגן. ער איז געגאַנגען גיך, האָט געוואָרפֿן מיט זײַנע לאַנגע האָר און איז אַ ביסל ווי אונטערגעשפּרונגען. ווי ער האָט דערזען פּאָלינקען אין דער אַלייע, האָט ער אָנגעהויבן צו גיין שטילער און איז צו־געגאַנגען צו איר.

— וואָס זאָגט איר צו דער הײַנטיקער לופֿט? — האָט אים פּאָלינקאַ געפֿרעגט און האָט געקוקט אַף די ביימער.

— וואָס זאָל איך זאָגן? — האָט ראַבאָווסקי געענטפֿערט מיט אַ שמייכל, — איך זאָג, אַז איבער דער לופֿט איז זייער גוט צו רעדן, ווען עס גייען אויס רייד אָדער ווען מע וויל זאָגן נישט דאָס, וואָס מע טראַכט.

פּאָלינקאַ האָט אַ קוק געטאָן אַף אים מיט אַ פֿאָרוווּרף.

— עס איז שוין צײַט, איר זאָלט אויפֿהערן צו שפּעטן, יעדע זאַך האָט זיך איר צײַט. איך האָב אײַך עפּעס צו זאָגן... צו פֿרעגן... צוליב וועמען פֿאָרט איר איצט קיין נ.?

— צוליב אײַך.

— איר האָט מיך דען געפֿרעגט, צי וויל איך, איר זאָלט פֿאָרן, צי איז דאָס פֿאַר מיר גוט, צי שלעכט?

ראַבאָווסקי איז געבליבן ווי פֿאַרשטיינערט. דאָס האַרץ האָט אים אַזוי געקלאַפּט, אַז ער האָט נישט געקאָנט גיין ווײַטער. עס איז אים אויפֿגעגאַנגען דער געדאַנקען: עפּשער נאָר איך מיך נישט אָפּ, עפּשער האָט זי מיך טאַקע ליב.

— וויפֿל ווערטער האָט איר אויסגערעדט אַף דעם וואָרט „פֿרײַ־הײַט“ (סוואָבאָדאַ), — האָט פּאָלינקאַ ווײַטער געזאָגט, — וויפֿל

מאָל האָט איר אַליין געזאָגט, אַז יעדער מענטש מוז זיך פריִער אָנ־פרעגן בײַ זײַן סייכל און דערנאָך בײַ זײַן האַרץ? צום סאָף האָט איר מיך נישט געפרעגט און האָט מיר קיין צײַט נישט געגעבן, איך זאָל מיך אָנפרעגן בײַ מײַן סייכל, בײַ מײַן האַרץ! אָ, ראַבאָוו־סקי! איר אַליין גיט אײַער האַנט דערצו מיר מײַן פרײַהײַט אוועק־צונעמען, דאָס איז נאָך ערגער...

— פּאָלינקאַ! — האָט ראַבאָווסקי איר איבערגעשלאָגן די רייד, — איר ווילט נישט, אַז איך זאָל פּאָרן קיין נ...? פאַרוואָס האָט איר מיר ביז הײַנט גאָרנישט געזאָגט?.. איך בין אַנטשלאָסן, איך פאָר נישט מער...

— שאַט, נישט געכאַפּט, — האָט פּאָלינקאַ געענטפערט און אים אָנגענומען בײַ דער האַנט, — פונוואַנען נעמט איר, אַז איך וויל נישט, איר זאָלט פּאָרן קיין נ.? וואָס פאַר אַ רעכט האָט איר צו קלערן אַזוינס?

ראַבאָווסקי איז ווי אַראָפּגעפאַלן פון דעם זיבעטן הימל...

„אַ־יאָ, דו האָסט גאָר קיין צײַט נישט געהאַט, — האָט ער בײַ זיך געקלערט, — דו האָסט צו הויך געקוקט און האָסט פריִער באַ־דאַרפט וויסן דײַן אָרט".

מיטאַמאָל האָט מען דערהערט פונדערווײַטנס אַ דינ זיל־בערן קעלכל: ראָזאַליע איז שוין אויסגעלאָפן דעם גאַנצן גאָרטן און האָט געזוכט ראַבאָווסקין, ער זאָל שוין פאָרן.

— גייט, — האָט פּאָלינקאַ געזאָגט און האָט אים געגעבן די האַנט. ער האָט זי אַזוי צוגעקוועטשט, אַז פּאָלינקאַ איז אַזש רויט געוואָרן. זי האָט אַפּ אים עטלעכע מינוט געקוקט מיט אַזוינע אויגן, אַז ראַבאָווסקי האָט די באַדײַטונג נישט פאַרשטאַנען.

„אוי, נישט דאָס האָב איך געוואָלט זאָגן, — האָט פּאָלינקאַ געקלערט, אַז ראַבאָווסקי איז שוין געזעסן אין דעם וואָגן און דאָס קלאַפּן פון די רעדער האָט זיך געהערט פון דעם הויף, — גאָט ווייסט, אַז נישט דאָס האָב איך אים געוואָלט זאָגן... פאַרוואָס האָב איך אים אַזוי גערזידלט? אָ, טײַערער! ווי וואָלט ער זיך דער־פרייט, ווען איך זאָל אים געוועזן זאָגן, וואָס איך טראָג אין האַרץ! און איך האָב אים אַזוי אָפּגעהאַקט די פליגל!.. איך וועל שוין קליגער זײַן: ער וועט נאָר קומען פון נ., וועל איך אים באַלד זאָגן, אינגאַנצן אויסזאָגן!.."

עס זײַנען פאַרגאַנגען מער פון צוויי כאַדאָשים. ראַבאָווסקי איז שוין לאַנג צוריק געקומען פון דער שטאָט נ. מיט גוטע בסורעס.

דער כאָסנ איז אים געפעלנ, אונ פּאָלינקא האָט אים נאָכ אלצ נישט געזאָגט „אינגאנצנ", זי האָט אָפּגעלייגט פונ איינ טאָג אפ דעם אנדערנ: מאָרגנ, מאָרגנ וועל איכ אים זאָגנ...

אז ראבאָווסקי איז צוריק געקומענ קיינ מאָהילא, האָט ער געטראָפנ א בריוו פונ זײַנס א כאווער פונ ק. ער האָט אים גערופנ קיינ ק. אונ האָט אים פארזיכערט, אז דעם עקזאמענ וועט ער געוויס אויסהאלטנ אונ וועט נאָכ האָבנ א קאָנדיציע (א לערערשטעלע) אויכ אפ א יאָר. ראבאָווסקי האָט אים מיט דאנק אָפּגעענטפערט אונ האָט אים צוגעזאָגט צו קומענ אינ כוידעש אָקטאָבער קיינ ק. ער האָט געבעטנ דעם כאווער, ער זאָל אים שיקנ עטלעכע ביכער. פּאָלינקא האָט געזענ, אז ער גרייט זיכ אָנ צו פאָרנ... אפ אייביק...

עס איז געווענ אינ דער העלפט פונ דעם כוידעש אווגוסט אינ א ווארעמענ אָוונט. די פינצטערע נאכט מיט איר שווארצנ הימל האָבנ אראָפּגעקוקט אפ דער ערד, די ביימער האָבנ זיכ געסוידעט צווישנ זיכ, די נאטור איז געשלאָפנ... ראבאָווסקי איז ארויסגעגאנגענ אינ גאָרטנ שפּאצירנ. אינ דער פינצטערער נאכט האָט מענ קוים באמערקט זײַנ הויכע פיגור ארומגיינ טריט בא טריט אינ דער אלייע. פּלוצעמ האָט ער זיכ אנידערגעשטעלט: צו זײַנע אויערנ זענענ צוגעפלויגנ עטלעכע אקאָרדנ פונ א באקאנטער מעלאָדיע. דאָס האָט פּאָלינקא געשפּילט איר געליבטע אומעטיקע פאנטאזיע „דומקא"... ראבאָווסקי האָט זיכ פארווונדערט: עס איז שוינ געווענ זייגער צוועלפ, אונ זי׳ שפּילט נאָכ. ער איז צוגעגאנגענ צומ פענצטער פונ איר שטוב. די אומעטיקע מעלאָדיע האָט אים גערעדט צומ הארצנ, עס האָט זיכ אים אויסגעוויזנ, אז עמעצער רעדט אונ וויינט... מיטאמאָל האָט זיכ דער געזאנג איבערגעריסנ אינמיטנ... עס איז אוועקגעגאנגענ א מינוט צענ, האָט ער דערזענ פונ דעם אנדערנ עק אלייע א ווײַסע פיגור אקעגנ אים... ער האָט זיכ געלאָזט גיינ אונ איז פּלוצעמ געבליבנ שטיינ... ער האָט דערזענ, אז דאָס איז א מענטשלעכע געשטאלט, וואָס איז שוינ ניט ווײַט פונ אים געווענ... דער פאכעד איז אלע רעגע גרעסער געוואָרנ, פונדעסטוועגנ איז ער געגאנגענ ווײַטער אונ ווײַטער, ביז די ווײַסע פיגור איז אים אפ די הענט געפאלנ...

— ראבאָווסקי!!!

— פּאָלינקא!!!

.. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. .. ..

דער טונקעלער אָוונט האָט גאנצ אומגעריכט צוזאמענגעבראכט די צוויי ליבנדע, וואָס האָבנ זײַט לאנגער צײַט געהאלטנ בעסאָד איינער פאר דעמ אנדערנ אונ פאר זיכ אליינ זייערע געפילע... ראַבאָווסקיס געזונטע הענט האָבנ שטארק געהאלטנ די ציטערדיקע פאָלינקא, וועלכע האָט געוויינט מיט זיסע גליקלעכע טרערנ... נאָר די שטילע נאכט מיט דעמ קליינעמ ווינטעלע, וואָס האָט זיכ ארומ זיי ארומגעדרייט, האָבנ געהערט, וואָס ראבאָווסקי מיט פאָלינקא האָבנ גערעדט...

א העל בלויער פאס האָט זיכ געוויזנ אפ דעמ הימל; די זונ איז נאָכ נישט אופגעגאנגענ, נאָר א קיל ווינטעלע האָט זיכ צעשפילט, די גרויע ראָסא (טוי) האָט פארזילבערט דאָס גראָז; פונ דעמ הימל האָבנ מאט אראָפגעקוקט די לעצטע שטערנ, ווענ די צוויי ליבנדע זענענ זיכ צעגאנגענ...

צענ גליקלעכע טעג זענענ אריבערגעפלויגנ פאר ראבאָווסקינ אונ פאָלינקענ, צענ טעג, פאר וועלכע זיי וואָלטנ נישט גענומענ קיינ צענ יאָר לעבנ. די עלטערנ האָבנ גאָרנישט געקענט פארשטיינ, וואָס מיט פאָלינקענ איז פירגעגאנגענ, וואָס מיט איר איז געוואָרנ: זי האָט גאנצע טעג געשפילט אונ געזונגענ פריילעכע ניגונימ, געקושט די מוטער אלע מינוט, אוועקגעשענקט די דינסטנ העלפט פונ אירע קליידער. אפילע די קליינע ראָזאליע האָט זיכ אויכ נישט גענונ געקאָנט פארוונדערנ אפ דער פארענדערונג, וואָס איז פאָרגעגאנגענ מיט פאָלינקענ. די עלטערנ האָבנ גערעכנט, אז פאָלינקא איז געווים צופרידנ, וואָס זי וועט איינגיכנ א קאלע ווערנ... אָ, עלטערנ! איר האָט ליב אײַערע קינדער, נאָר איר קענט זיי נישט!..

די צענ טעג זענענ געשווינד איבערגעלאָפנ, ווי אלע טעג פונ דעמ מענטשנס לעבנ, אונ אפ מאָהילא האָט זיכ אָנגערוקט א וואָלקנ מיט א שרעקלעכנ שטורעמ, אפ וועלכנ קיינער האָט זיכ גאָר נישט געריכט... צו מוישע ליכטינאָוו איז אראָפגעקומענ א כאָסנ, זייער א רײַכער אונ א פײַנער יונגערמאנ. ער האָט זיכ געהאלטנ שטאָלצ, גרויס, אריסטאָקראטיש, ער האָט פארבלענדט די אויגנ מיט זײַנ פראנצויזיש אונ מיט זײַנ אשירעס. ער איז מוישע ליכטינאָוו[נ] זייער געפעלנ, אונ זײַנ ווײַב כאנע האָט פאָשעט אָנגעקוואָלנ פארנ פארגעניגנ. פונ ראבאָווסקינ האָט ער זיכ געהאלטנ פונווײַטנס אונ האָט אימ גערופנ „יונגערמאנ‟. מוישע ליכטינאָוו האָט אימ באקאנט מיט עטלעכע פאָמעשטשיקעס, וואָס האָבנ געזאָגט אפ אימ, אז ער

איז א ,,רזשעגטלמענ" (אנ אידעלער מענטש). אפ דעמ פינפטנ טאָג האָט ער מיט גרויס צערעמאָניע אונ אפ פראנצויזיש געבעטנ בא פאָלינקענ די האנט. זי האָט אימ אָבער אפ יִדיש אָפגעזאָגט, אונ ער האָט נעבעכ געמוזט מיט ביזיוינעס אוועקפאָרנ פונ מאָהילא.

פאָלינקעס עלטערנ זענענ געווענ אויסער זיכ אונ האָבנ דאָס גאָר ניט געקאָנט פארשטיינ.

מוישע ליכטינאָוו איז ארײַנגעקומענ צו דער טאָכטער אינ שטוב אונ האָט זיכ געזעצט צו איר מיט די ווערטער:

— זאָג מיר כאָטש, מײַנ יוריסט, מיט וואָס געפעלט דיר נישט דער כאָסנ? וואָס פאר א כיסאָרנ האָסטו אינ אימ געפונענ?

— איכ האָב אינ אימ קיינ שום כיסאָרנ ניט געפונענ, — האָט פאָלינקא געענטפערט, — ווײַל איכ האָב בא אימ נישט געזוכט נישט קיינ מײַלעס, נישט קיינ כעסרוינעס.

— איכ פארשטיי נישט, וואָס דו זאָגסט, — האָט איר דער פאָטער געזאָגט.

פאָלינקא איז פלוצעמ אופגעשטאנענ אונ האָט מיט א ציטערדיק קאָל זיכ געווענדט צומ פאָטער:

— טײַערער פאָטער! איכ קענ דיכ שוינ מער נישט נארנ... איכ מוז דיר דעמ עמעס זאָגנ... איכ קאָנ נישט זײַנ קיינעמס קאַלע... איכ האָב ליב ראבאָווסקינ... אונדזער ראבאָווסקינ! אונ ער מיכ אויכ... איכ וויל זײַנ זײַנע...

ווי א דונער האָבנ די רייד געטראָפנ מוישע ליכטינאָוו, ער איז שיִר נישט אראָפּגעפאלנ פונ דער שטול אונ האָט זיכ אָנגעכאפט באמ עק טיש, די הענט האָבנ אימ געציטערט. עטלעכע מינוט איז ער געזעסנ פארשטיינערט אונ האָט נישט געקאָנט ארויסברענגענ קיינ וואָרט. א שרעקלעכע קלאָלע האָט ער ארויסגעלאָזט פונ זײַנ מויל. אונ ניט מיט זײַנ קאָל האָט ער א געשריי געטאָנ: ,,כאנע!!"

כאנע איז ארײַנגעפאלנ אינ שטוב נישט טויט, נישט לעבעדיק. זי האָט געוואָרפנ אירע אויגנ באלד אפ דעמ מאנ, באלד אפ דער טאָכטער, זי האָט געפילט, אז דאָ איז געווענ עפּעס שרעקלעכס.

מוישע ליכטינאָוו האָט איר מיט דעמ פינגער אָנגעוויזנ אפ פאָלינקענ, וועלכע איז געשטאנענ בלאסער פונ דער וואנט:

— כאנע, זי זאָגט... ראבאָווסקינ... זי האָט אימ ליב. כא! כא! כא!! — ער האָט זיכ אזוי שטארק צעלאכט אונ מיט אזא מעשונע קאָל, אז די פענצטער האָבנ געקלונגענ.

דעמ אייגענעמ טאָג מיט צוויי שאָ שפּעטער איז שוינ ראַבאָווסקי געזעסנ אינ דעמ פּאעטאָנ, וועלכער האָט אימ פאר דרײַ יאָר געבראַכט פונ גאָטליב קיינ מאָהילא. די דרײַ ריסאַקעס האָבנ אימ ווידער געטראָגנ קיינ גאָטליב, וווּהינ מע האָט אימ געבעטנ עקסטרענע פאָרנ זיכ זענ מיט א מענטשנ. הינטנ איז נאָכגעפאָרנ אינ א געדעקטנ טאַראַנטאַס מוישע ליכטינאָוו. פאַרנאַכט זענענ זיי אָנגעקומענ קיינ גאָטליב אונ האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט אינ א קליינ שטיבל. אינ עטלעכע מינוט ארומ איז ארײַנגעגאַנגענ אינ שטיבל דער סטאַנאָוואָי פּריסטאַוו מיט א סאָלדאַט. א שאָ שפּעטער איז שוינ ראַבאָווסקי געווענ פאַרשלאָסנ אינ א פינצטער כיידער: ע ר  ה אָ ט  ב א  ז י כ  נ י ש ט  ג ע ה א ט  ק י י נ  פּ א ס פּ אָ ר ט. מוישע ליכטינאָוו האָט סייכל געהאט אָפּצוארבעטנ א געשעפט!..

מוישע ליכטינאָוו איז גאָר נישט געווענ אזא שלעכטער מענטש, ווי די ליבע לעזער קענענ קלערנ. קיינ גרויסער פאַנאַטיקער איז ער — ווי איר זעט — נישט געווענ. ער איז גאָר געווענ א גרויסער אַקשנ, א קאַפּריזנע מענטש, וואָס האָט פונ זיכ געהאלטנ אוילעמ־אומלויע. ווענ מע זאָל אימ געווענ פריִער ביסלעכווײַז פאַרבערייטנ, וואָלט ער זיכ עפּשער געווענ באַקלערט, אז ראַבאָווסקי איז ווערט צו זײַנ פאָלינקעס כאָסנ, כאָטש ער איז נישט געווענ רײַכ, אוביפראַט אז זי האָט אימ אזוי ליב געקריגנ; נאָר מע האָט אימ מיטאַמאָל איבערגעצויגנ דאָס שטריקל, דערפאר האָט עס געמוזט איבעררײַסנ ווערנ. ער האָט גערעכנט, אז אזא אָרעמ באָכער, ווי ראַבאָווסקי, וועלכנ ער האָט צו זיכ ארײַנגענומענ ווי אַנ אייגנ קינד, האָט געקאָנט האָבנ דאָס אזעס ליב צו קריגנ זײַנ איינציקע טאָכטער אָנ זײַנ וויסנ — איז ער ווערט, מע זאָל אימ הענגענ אָדער טרינקענ. מוישע ליכטינאָוו איז אזוי אופגעבראַכט געווענ, אז ער האָט גאָרנישט געוואָלט איבערלייגנ, צי טוט ער גוט, צי שלעכט. ווי ער האָט נאָר באַוואָרנט ראַבאָווסקינ, איז ער געפאָרנ אַהיימ אונ האָט אָנגעהויבנ ארבעטנ מיט פאָלינקענ, דאַפּקע אָנ כאַס, נאָר מיט ווייכע רייד. ער האָט איר דערציילט, אז ראַבאָווסקי, ווי ער איז געוואָרנ, אז פאָלינקע האָט זיכ מוידע געווענ פונ זייער ליבע, האָט ער זיכ געבעטנ אוועקצופאָרנ קיינ ק... אונ האָט אימ געגעבנ צו פאַרשטיינ, אז נישט פאר גרויס ליבע האָט ער פאָלינקענ געוואָלט, נאָר דערפאר, ווײַל מע וועט איר געבנ א גרויסנ נאַדנ, אונ נאָכ אזעלכע ווערטער, וואָס האָבנ טכילעס ווייניק געווירקט אָפּ פאָלינקענ, זי האָט גוט געקענט ראַבאָווסקינ. נאָר מוישע ליכטינאָוו האָט נישט געשלאָפנ, ער

האָט זײַן טאָכטער ליב געהאַט און האָט נישט געזשאַלעוועט קײן קויכעס אַרויסצוטרײַבן פֿון איר קאָפּ די געדאַנקען פֿון ראַבאָווסקין. ער האָט איר געוויזן אַ וויכטיקן סימען, אַז ראַבאָווסקי האָט זי שוין לאַנג פֿאַרגעסן, ווײַל ער שרײַבט איר אַפֿילע קײן בריוו נישט. די אָרעמע פֿאַלינקאַ, זי האָט ניט געוווּסט, אַז ראַבאָווסקי זיצט פֿאַרשלאָסן. די לעצטע ווערטער האָבן שוין געהאַט אַף איר אַן אײַנדרוק. זי האָט אַרויסגעקוקט אַף אַ בריוו אַ וואָך, און צוויי, און דרײַ, און פֿיר, פֿיל טרערן האָט זי פֿאַרגאָסן, זי האָט שוין אופֿגעהערט צו באַשולדיקן די עלטערן: זיי זענען געווען אומגליקלעך גלײַך מיט איר.

אַזוי זענען אַוועק פֿאַר פֿאַלינקען צוויי שווערע כאָדאָשים. זי האָט נישט געגעסן, נישט געטרונקען, נישט גערעדט און נישט געוויינט. זי איז שטענדיק געזעסן באַם פֿענצטער און האָט אַרויסגעקוקט אין הויף — ביז זי איז שלאַף געוואָרן און האָט געמוזט זיך לייגן אין בעט אַרײַן. די עלטערן האָבן זיך איבערגעשראָקן און האָבן זיך אַנטשלאָסן זי צו פֿירן קײן גאָטליב צו אַ דאָקטער. כאַנע האָט געהאַט מיט מוישען אַ לאַנגן שמועס און האָט אים געבעטן, ער זאָל ראַכמאָנעס האָבן אַף איר קראַנקער טאָכטער און זאָל צוריק ברענגען ראַבאָווסקין. זי האָט אים געקושט די הענט און די פֿיס און האָט זיך באַגאָסן מיט טרערן. אײן מינוט האָט אים אַ בראָט געטאָן דאָס האַרץ, און אַ גוטער פֿונק האָט זיך דאָרט אַף אַ רעגע אָנגעצונדן — נאָר ער איז באַלד ווידער פֿאַרלאָשן געוואָרן: ער האָט זיך נישט געקענט איבערברעכן און איז שוין צו ווײַט פֿאַרגאַנגען... כאַנע איז יענע נאַכט נישט געשלאָפֿן. זייגער דרײַ איז זי שטילערהייט אַרײַנגעגאַנגען צו זעען, וואָס פֿאַלינקאַ טוט. פֿאַלינקאַ איז געלעגן מיט אָפֿענע אויגן און האָט ניט געוויינט, נאָר צוויי שמאָלע גרינע פּאַסן האָט מען באַמערקט אַף אירע בלאַסע אײַנגעפֿאַלענע באַקן.

— פֿאַלינקאַ! — האָט די מוטער געזאָגט און האָט זיך אײַנגעבויגן צו איר, — דו שלאָפֿסט נישט? וויין ניט, מײַן טײַער קינד, ער וועט נאָך קומען צו אונדז... צו דיר...

פֿאַלינקאַ האָט געוווּסט, וועמען די מוטער מיינט מיט דעם וואָרט „ער“, זי האָט אַפֿילע קײן ריר נישט געטאָן מיט קײן אײווער, נאָר די שוואַרצע אויגן, אין וועלכע עס האָט געשפּילט אַ פֿײַערל, האָט זי אופֿגעהויבן און געגלאָצט אַף דער מוטער און האָט שטיל געענטפֿערט:

— ניין, מאַמעניו, ניין, ער וועט שוין נישט קומען: ער איז בא מיר געשטאָרבן...

דעם אַנדערן מאָרגן האָט מען פּאָלינקען מיט גרויס מי אַרײַנגעזעצט אין פאַעטאָן. מוישע מיט כאַנען זענען געזעסן בא די זײַטן, און מע איז שטיל געפאָרן קיין גאָטליב. עס איז געווען א וואָלקנדיקער מאָרגן מיט א גרויסער בלאָטע, עס האָט געמראַקעט א קאַלטער רעגן. מוישע איז געזעסן אײַנגעקוטעט און האָט אַרויסגעקוקט אפ דעם וועג, ער האָט מוירע געהאַט צו קוקן אפ כאַנען, וועלכע האָט נישט אופגעהערט צו וויינען. פּאָלינקא איז געלעגן אָנגעשפּאַרט אפ דעם פּאָטער, אירע שוואַרצע אויגן האָבן הײַנט מער געגלאַנצט ווי אַלע מאָל, און אפ דעם פּאָנעם האָט געשפּילט א פאַרב. זי איז הײַנט געווען א ביסל מונטערער און האָט צוויי מאָל אַרומגענומען די מוטער און האָט זי געקושט. דערנאָך האָט זי אַנידערגעלייגט דעם קאָפּ צום פּאָטער אפן האַרץ און האָט אים געקוקט גלײַך אין די אויגן. מוישע ליכטינאָוו האָט זי צוגעקוועטשט צום האַרצן. פּאָלינקא האָט געכאַפּט זײַן האַנט און האָט זי געוואָלט צוטראָגן צום מויל, ער האָט געשווינד צוגעכאַפּט די האַנט: ער האָט גוט פאַרשטאַנען, אז ער אַליין איז דער גאַנצער כײַעוו... עס האָט שוין אָנגעהויבן ווערן נאַכט, ווען מוישע ליכטינאָווס פאַעטאָן האָט זיך אָפּגעשטעלט באַם ברעג טײַך, איבער וועלכן מע האָט זיך באַדאַרפט אַריבערשיפן אין שטאָט אַרײַן. דער גאָטליבער אָסטראָג שטייט בא דעם אַנדערן ברעג. ראַבאָווסקי איז געזעסן באַם פענצטער און האָט געקוקט, ווי דער טײַך ווערט אײַנגעהילט אין א געדיכטן טומאַן. עס איז געווען שטיל, און מע האָט נאָר געהערט, ווי די פערד, וואָס האָבן ליכטינאָוון מיט זײַן סעמייסטווע געבראַכט צום ברעג, האָבן געפאָרסקעט און געקלאַפּט מיט די פּאָדקאָוועס אין דעם זאַמד. דער קוטשער איז אַראָפּגעקראָכן פון דער קאָזלע, האָט צוגעלייגט ביידע הענט צום מויל און אָנגעהויבן צו שרײַען:

— פּאַראָם!!! פּאַ־אַ־ראָם!!!

ראַבאָווסקי האָט זיך גוט צוגעקוקט צום קוטשער און האָט דערקענט זײַן קאָל. ער האָט אויך דערקענט דעם פאַעטאָן מיט די דרײַ ריסאַקעס פון מאָהילאַ, ער האָט זיך שטאַרקער צוגעקוקט און דערזען מוישע ליכטינאָוו, דערנאָך כאַנען און פּאָלינקען! ראַבאָווסקי האָט זײַנע אויגן נישט געגלייבט, דאָס האַרץ האָט אים אַזוי געקלאַפּט, אז ער האָט זיך געמוזט צוזעצן אפ עטלעכע מינוט. דער פּאַראָם איז דערווײַל שטיל געגאַנגען פון יענעם ברעג. אז ראַבאָוו־

סקי איז ווידער צוגעגאנגען צום פענצטער, איז שוין דער פאַעטאָן מיט די פערד געשטאַנען אַף דעם פּאראָם, פיר פּאראָמשטשיקעס האָבן זיך געלייגט אַף דעם שטריק, און דער פּאראָם האָט זיך שטיל געגליטשט אַף דעם וואסער, ווי אַף גלאָז. דער ווינט האָט שוין לאַנג צעשלאָגן די כמארעס, עס איז שוין געוואָרן נאכט, און די שטערן האָבן אָנגעהויבן ליכטן איינער נאָך דעם אנדערן. פּאָלינקא האָט זיך געבעטן אַראָפּ אַף דעם פּאראָם, זי האָט געזאָגט, אז זי פילט זיך בעסער. מוישע ליכטינאָוו האָט זי, ווי א קליין קינד, אַראָפּגעשטעלט אַף דעם פּאראָם. ראַבאָווסקי האָט דאָס געזען, ער האָט גערעכנט, אז דאָס פּאָרן זיי קיין גאָטליב צוליב אים. דאָס ערשטע מאָל, זינט ער איז געזעסן אין אָסטראָג, האָבן זיך זיינע אויגן ווי צוויי קוואלן געעפנט און הייסע טרערן האָבן זיך א גאָס געטאָן פון זיי. דאָס זענען געווען טרערן פון פרייד.

פּאָלינקא האָט געזאָגט דעם פאָטער, ער זאָל רויק זיין, זי וועט זיך אליין א ביסל איבערגיין איבער דעם פּאראָם. מוישע האָט זיך צוריק אריינגעזעצט אין פאַעטאָן, און כאנע האָט געדרעמלט. פּאָלינקא איז צוגעגאנגען צו די פּארענטשעס פון פּאראָם, האָט זיך אָנגענומען אָן זיי מיט ביידע הענט און האָט אַראָפּגעקוקט אַף דעם שטילן וואַסער. נאָכדעם האָט זי אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום פאַעטאָן, האָט געקוקט עטלעכע מינוט. דערנאָך האָט זי א וואָרף געטאָן די אויגן צום הימל און מיט די לעצטע קויכעס האָט זי זיך אָנגעכאַפּט בא דער פּארענטשע, האָט זיך אופגעהויבן אַף ביידע הענט און איז אריינגעשפרונגען אין וואסער!.. די פּאראָמשטשיקעס האָבן זיך דריי מאָל איבערגעציילעמט, און אז מוישע ליכטינאָוו מיט כאנען זענען אָפן ברעג ארויסגעשפרונגען פון דעם פאַעטאָן און האָבן א קוק געטאָן אָפן טייך, האָבן זייערע אויגן דערזען, ווי א האַנט איז ארויסגעשווומען אַף דעם וואסער, גלייך ווי זי וואָלט געבעטן הילף, און איז פארפאַלן געוואָרן אין די גרויסע כוואַליעס...

ראַבאָווסקיס אויגן האָבן געזען די גאנצע סצענע...

## דאָס לעצטע וואָרט:

אַף דעם היילקן אָרט פון דער שטאָט גאָטליב, אונטערן בארג, שטייען צוויי שטיינער. הינטער זיי ליגן צוויי יונגע מענטשן: פּאָלינקא ליכטינאָוו און שלוימע ראַבאָווסקי. נאָך פּאָלינקעס טויט האָט ראַבאָווסקי אָפּגעלעבט צוויי שרעקלעכע יאָר. בעשאַס פּאָלינקא האָט

זיכ איבערגעקערט איבער די פּאַרענטשעס פונ דעמ פּאַראָמ אונ האָט זיכ אַרײַנגעװאָרפנ אינ טײַכ, האָט זיכ באַ ראַבאָװסקינ איבערגעקערט דער מויעכ אינ קאָפּ... פונ דער צײַט אָנ האָט ער זיכ אַרומגעשלעפּט פונ אײנ שטאָט אינ דער אַנדערער באָרװעס אונ אָפּגעריסנ, אונ האָט זיכ נאָכגעפרעגט, צי מע האָט געהערט, װי פּאָלינקאַ האָט נעבעכ געשפּילט די פאַנטאַזיע „דומקאַ"... ביז ער איז אינ אַ װינטער געקומענ קײנ גאָטליב, װו די דאָרטיקע ײדלעכ האָבנ אימ נישט געװאָלט אַרײַנלאָזנ אינ קײנ שטוב איבערנעכטיקנ, אונ מע האָט אימ אָנגעװיזנ אַפ דער אַלטער שול. דאָרט זענענ געזעסנ עטלעכע דאָרע יונגענ אונ האָבנ באַמ אויװנ געבראָטנ קאַרטאָפּליעס. ראַבאָװסקי האָט פאַר קעלט געציטערט, װי אַ בלאַט, אונ איז צוגעגאַנגענ צומ פײַער. די יונגעלײַט האָבנ מיט אימ אַ ביסל לײצאָנעס געטריבנ, האָבנ אימ אויסגעשמירט מיט קרײַד אונ מיט סאַזשע אונ האָבנ זיכ געקײַקלט פאַר געלעכטער. ראַבאָװסקי איז געשטאַנענ אַפ אײנ אָרט, די אויגנ האָבנ זיכ אימ פּלוצעמ אָנגעגאָסנ מיט בלוט, ער האָט געכאַפּט אײנעמ פונ דער כעװרע אונ האָט אימ װײַט פונ זיכ אַװעקגעװאָרפנ. די יונגעלײַט האָבנ זיכ דערשראָקנ אונ האָבנ אימ מיט מי שװערער אַרויסגעשטופּט אַפ דער גאַס אונ פאַרשלאָסנ די טיר. דעמ אַנדערנ טאָג האָט מענ אימ געפונענ טויט אַפ דער גאַס...

די גאָטליבער כעװרע־קאַדישע האָט געפונענ, אַז מע מעג דעמ געפּראָרענעמ לײגנ לעמ דער דערטרונקענער... מוישע ליכטינאָװ איז אינ די צװײ יאָר שטאַרק אַלט געװאָרנ, ער האָט פאַרלאָרנ אַלע צײנ אונ איז געװאָרנ װײַס, װי אַ טויב. כאַנע קורירט זיכ אינ אויסלאַנד אונ האָט פונ דאָרט צוגעשיקט אַ מאַרמאָרנע מאַצײװע מיט גילדענע אויסיעס אונ האָט איר מאַנ געבעטנ, ער זאָל לאָזנ די מאַצײװע שטעלנ אַפ פּאָלינקעס קײװער... דאָס גאָטליבער קאָהאָל האָט אָבער נישט דערלאָזט, אַז אַפ זײער הײליקנ אָרט זאָלנ שטײנ „גױישע מאַצײװעס"... מוישע ליכטינאָװ האָט אַװעקגעשיקט צומ גובערנאַטאָר אַנ אַדװאָקאַט, אונ דערװײַל ליגנ אַפ פּאָלינקעס אונ ראַבאָװסקיס קװאָרימ צװײ פּראָסטע שטײנער...

לובני, 1883.

# די וויבאָרעס

בא רעב פּײַוועלע קנאַק איז פול די שטוב מיט ייִדנ מיפּע־לעפּע. רעב פּײַוועלע, א באַטאַגטער ייִד מיט אנ אויסגעפליקטער באָרד, מיט צוויי גראָבע פּייעס, מיט א ברייט מויל, איז געשטאַנענ (ניט געזעסנ) אויבנאָנ מיט א שפּיציקער יאַרמלקע אפנ קאָפּ, מיט איינ האַנט האָט ער פאַרשטעלט דעמ אַנדערנ ייִדנ דאָס מויל, ער זאָל שווײַגנ, אונ מיט דער אַנדערער האַנט האָט ער געהאַלטנ דעמ דריטנ פאַר דער באָרד אונ האָט מיט א הייזעריקער שטימע גערעדט:

— מע דאַרפ ניט! וואָס טויג אונדז א געבולבעטער ראַבינער? ער זאָל אונדז נאָכ מאַסערנ צו נאַטשאַלסטוואָ? אינ דער ערד אַרײַנ! זעקס יאָר אָפּגעוועג — גענוג! מיר וועלנ בעסער אויסקלײַבנ אונדזער איציקנ, ער איז א פּראָסטער שאַלעסודעס, מיט אים קענענ מיר מאַכנ, וואָס מיר ווילנ, אלע לעבער פאַרשטעקנ, אונ פאַר אים דאַרפנ מיר דאָס היטל ניט ברעכנ. איי, וואָס? טאָמער קענ ער דאָרט ניט אַזוי שטאַרק אינ די ביכלעכ?...

— עט! — האָט זיכ אָפּגערופנ רעב יויסעפּ אינדיק, א ייִד, וואָס האָט ליב געהאַט אַלצדינג מעוואַטל זײַנ, — ווייס איכ? ביכער? נאַט אײַכ א גראָשנ, אבי ער זאָל קענענ פאַרשרײַבנ...

— פונדעסטוועגנ, — האָט זיכ אָנגערופנ רעב פײַטל גלאָק, וואָס רעב פּײַוועלע קנאַק האָט אים ביז אהער צוגעהאַלטנ דאָס מויל, — פונדעסטוועגנ, ווי איר ווילט זיכ, עס איז פאָרט שענער, אז דער ראַבינער איז א קענער. עס איז פאַר קריסטנ אויכ לײַטי־שער, וואָס זאָלנ מיר זיכ נאַרנ, דער אַלטער ראַבינער איז טאַקע פונ כסידעס שטאַרק אָפּגעריסנ, אונ צו סליכעס לויפט ער ניט אַזוי שטאַרק, טוט זשע אָבער א קוק, וויאַזוי ער שטייט פאַר א ייִדנ? אפּ אָרעמעלײַט האָוישגאָכע געגעבנ, א „טאַלמוד־טוירע" געמאַכט, א „ביי־קער־כוילימ" געעפנט אונ נאָכ א סאַכ אַזעלכע זאַכנ...

— דו לאָזט יענעמ א וואָרט נישט רעדנ, — האָט אים רעב פּײַוועלע קנאַק ווידער פאַרשטעלט דאָס מויל, — מיר ווייסנ די טוי־

וועס, וואָס ער טוט, אָט דער אפּיקוירעס, מיט זײַנע שקאָלעס, מיט די בענק! אונ דער אלטער גוויר רעב צאָדעק האָט שוינ לאנג געזאָגט, אז עס איז נאָכ אזא אזעס נישט געהערט געוואָרנ, אז ייִדישע קינ־דער זאָלנ גיינ פונ א „טאלמוד־טוירע" פאָרווײַז, ווי די שקאָצימלעכ פונ דער מיגנאזיע (גימנאזיע)! עפּעס א קלייניקייט „טאלמוד־טוי־רע"! עס שטייט דאָכ געשריבנ: „ותלמוד תורה כנגד כלם"[1]... דוואָסי־לייע! גיב עפּעס צו פארבײַסנ אונ שטעל דאָס ביסעלע מאש־קע: עס איז דאָכ עפּעס הײַנט א שטיקעלע יאָמטעוו אפ דער וועלט, עפּעס וויבאָרעס!.. שאט, אָט גייט פרידל בליצ; פונ אימ וועלנ מיר יאָ עפּעס הערנ נײַס. פרידל! וואָס הערט זיכ עפּעס אינ שטאָט?

פרידל בליצ — א קליינ קײַלעכיק ייִדל, מיט קליינע הענטלעכ, מיט א קײַלעכיק פארגאָסנ פּאָנעמ אונ קליינע אייגעלעכ, וועלכע שטייענ קיינמאָל ניט אפ איינ אָרט. ער איז טאָמיד פריילעכ אונ האָט שטענדיק קיינ צײַט ניט; קיינ באשטימטע באשעפטיקונג האָט ער ניט, אונ פונ וואָס ער לעבט מיט ווײַב־אונ־קינדער ווייסט נאָר גאָט אליינ.

— די שטאָט האָט זיכ צעטיילט אפ צוויי כאלאָקימ, — האָט פרידל בליצ געשווינד געראפּאָרטעוועט, — די גווירימ ווילנ א טויווע טאָנ איציק דעמ שרײַבער, זיי האלטנ פאר אימ שטאָל־אונ־אײַזנ. נאָר דער פּראָסטער אוילעמ, אלע: שנײַדערס, שוסטערס, באלעגאָלעס, קלעזמער, מעלאמדימ מיט דער גאנצער שטאָט אָרעמעלײַט — זאָגנ, אז זיי וועלנ גיינ ביז דעמ האלדז אינ בלוט פאר דעמ אלטנ ראבי־נער; זיי זאָגנ, אז זיי וועלנ אימ ניט פארבײַטנ אפילע אפנ רעבנ אליינ. דערווײַל זענענ אלע קעלערס מיט די שענקענ פול; וועלוול זאיקע האָט באשטעלט בײַ פּעסי־שפּרינצענ א 50 געבראָטענע גענדז־לעכ, 80 קאטשקעס מיט 10 אינדיקעס, אונ רעפאָעל־יוינע דער בע־קער האָט שוינ צוגעגרייט א פּאָר טויזנט קיכלעכ, אונ מע לעבט א גוטנ טאָג. א גלעזל ווײַנ וועט מיסטאמע אויכ זײַנ, אונ איכ האָב קיינ צײַט אונ מוז גיינ ווײַטער...

* * *

די דומע. בא דרײַ טישנ, געדעקט מיט אלט גרינ געוואנט, זיצנ די שרײַבערס אײַנגעבויגנ אונ דרייענ אונ סקריפּענ מיט די פּע־נעס. באמ ווינקל־טישל זיצט דער סעקרעטאר מיט אנ אויסגעטריקנט

1 וועטאלמוד טוירא קענעגעד קולאָמ — (א טאלמודישע פרא־זע: „אונ דאָס לערנענ טוירע איז קעגנגעשטעלט זיי אלעמענ") — לערנענ טוירע איז העכער פאר אלצ.

געזיכט, און דאנעבן שטייט א הויכער א טרוקענער ייִד מיט א שפּיצעכדיק בערדל, א שפּיצעכדיקן קאָפּ, א שפּיצעכיקע נאָז מיט שפּיצעכיקע פּלייצעס און טיקעט דעם סעקרעטאר מיט די שפּיצעכיקע פינגער; ער לערנט מיט אים דעם פּשאט פון דעם XI טאָמ; דאָס איז איציק דער שרײַבער, איציק דער יאבעד־ניק, דער כאָדראָטײַ, וואָס וויל הײַנט ווערן ראבינער אין דער שטאָט „פּינצטערניש”. דער זאל איז פול מיט ייִדן — דאָס איז די סיערע מאסע, דער געמיינער קלאס, וואָס פארדינט דאָס שטיקל ברויט מיט די הענט, מיט אלע קויכעס... זיי שטייען אלע צוגויפגעגאָסן, ווי די שאָפּ, און בא די זײַטן אין די קרעסלעס און אף די בענקלעך זיצן גאנצ פײַנע היפּשע ייִדן מיט גלאטע בײַכלעך און מיט שיינע בערד: דאָס זענען די גווירים פון דער שטאָט, די אינטעליגענץ, די סמעטענע... מע ווארט אף דעם גאלאָווא; דער אוילעם רעדט, אלע צוזאַמען, ווי אין שול ביין־מינכע־לעמײַרעוו. עס איז א כאאָס: מע הערט נאָר „רעכטס, לינקס, איציק, איציק, דער אלטער, דער פריערדיקער, דער אלטער, דער זעלבער!”... איינער פון די גווירים, אן אלטער שיינער ייִד, איז צוגעגאנגען צו דער מאסע און האָט געהאלטן אזא רעדע:

— ברידער! איך זע, אז איר ווילט נאָר דעם אלטן ראבינער, דעם אפּיקוירעס, וואָס שרײַבט אף גאזעטן און גייט אָן א היטל. און זײַנע קינדער גייען אין גימנאזיע און שרײַבן אום שאבעס... איך זע, אז דער שיגאצ האָט אײַך ווײַטער איבערגערעדט, זאָג איך אײַך, אז איר וועט אים אויסקלײַבן, וועט איר כאראָטע האָבן: איר דארפט וויסן, ווער איר זענט. איר זענט קליינע מענטשעלעך און דארפט וויסן, ווער עלטער איז, און וואָס האָט איר אזעלעכס דערזען אין דעם אפּיקוירעס, וואָס איר שטייט פאר אים? ער איז דאָ אָפּגעווען זעקס יאָר! גענוג!...

— האָט מיר קיין פאריבל, רעב צאָדעק, וואָס איך וועל אײַך זאָגן, — האָט זיך ארויסגערוקט פון דער מאסע א גרײַז־גרויער באל־מעלאָכע, — דער אלטער ראבינער האָט בא אונדז פארדינט, מיר זאָלן אים שטיין אין זײַנע נויטן, ער מעג זיך זײַן, וואָס ער וויל, וועלן מיר פאר זײַנע זינד ניט אָפּקומען; קיין שלעכטס האָט ער לעבאטע נישט געטאָן קיינעם ניט, און ווען ניט ער, וואָלטן אונדזערע קינדער אדהאיאָם געגאנגען באָטל, און די אָרעמע קראנקע וואָלטן זיך אלץ געוואלגערט אין גאס, ווי אמאָל... ניין! מיר האָבן אים אונדזער וואָרט געגעבן, קען דאָס אנדערש ניט זײַן!..

— איך זע, אז ער פארבלענדט אײַך די אויגן, — האָט רעב צאָדעק ווײַטער גערעדט, — איך זאָג אײַך נאָכאמאָל: איר זאָלט קיין כאראָטע ניט האָבן... מיר דאכט, אז איך האָב בא אײַך מער פארדינט פון דעם קאפצן, וואָס איז אָנגעקומען אהער נאקעט און באָרוועס מיט איין קאפעליוש; איך האָב אײַך געמאכט א באנק אפ גמילאָס־כאסאָדים, און מײַן קאסע איז, דאכט זיך, טאָמיד אָפן פאר יעדן, און קיין גרויסן פראָצענט נעם איך אויך ניט, די טאקסע האלט איך שוין בערעך־האשעמ אכצן יאָר!.. ווער האָט אײַך געהאָלפן די שול צורעכט מאכן? ווער האָט אײַך געמאכט א מערכעץ, לעהאוודל? ווער האָט אײַך אראָפגעבראכט פון בראָד א כאזן מיט אכט מעשוירערים? ווער האָט אײַך געגעבן זיבן שאָכטים מיט די דרײַ ראבאָנים אין שטעטל? ווער האָט אײַך...

בא די ווערטער איז ארײַנגעקומען דער גאָלאָווא, און די ווײבאָרעס האָבן זיך אָנגעהויבן. דער אוילעמ האָט זיך געשושקעט: „רעכטס... לינקס’’... און מע האָט זיך אָנגעהויבן שטופן און ווארפן שארעס. צום ערשטן איז געשטאנען איציק; ער איז ארויס מיט 22 ווײַסע און 78 שווארצע... נאָכדעם איז געשטאנען דער אלטער ראבינער; ער איז ארויס מיט 22 שווארצע און 78 ווײַסע... רעב צאָדעק האָט געברענט ווי א פײַער... דער אוילעמ האָט זיך אָנגעהויבן שטופן צוריק; מע האָט געשיקערט א גאנצן טאָג מיט א גאנצער נאכט ביז טאָג, און אפ מאָרגן האָט פרידל בליץ צעטראָגן איבער דעם שטעטל אזא נײַעס: אז רעב צאָדעק האָט ארופגעוואָרפן אפ דער אָקע פליש נאָך 3 קאָפיקעס טאקסע; אפ דעם מערכעץ האָט ער אופגעהאנגען א שלאָס; זײַנע אָרעמע באלכויוועס האָט דער פריסטאוו איבערגעשריבן די בעבעכעס און עטלעכע האָט ער אײַנגעזעצט אין אָסטראָג...

פינצטערניש, ג׳ דסליחות.

# די איבערגעכאפּטע בריוו אף דער פּאָסט

## I

## רעב לייבעלע פון יענער וועלט
## צו רעב וועלוועלען אף דער וועלט

ערעוו כאנעקע, התרמיג

בעסטער פריינט!

איז דען דאָ אף דער וועלט נאָך אזא גליק ווי שטארבן מאָצע־יאָמקיפּער? מע גייט אוועק אף דער עמעסער וועלט ריין, ווי א טויב, וואָרעם פון אווירעס איז מען שוין גאָר ריין. דו ווייסט דאָך, אז איך בין פּלוצעם געשטאָרבן מאָצע־יאָמקיפּער. מיין טויט איז מיר אָבער ניט איינגעגאנגען: איידער איך בין געקומען צו „קייווער־יִסראָעל”, איז מיר אָנגעקומען מיט צאָרעס: מיינע קינדער — די יאָרשים, — אז זיי זענען געוואָר געוואָרן, אז דער „טאטע” איז געשטאָרבן, — איז אף זיי געקומען א סימכע; מע האָט איבערגעקערט די שטוב און מע האָט געזוכט מיין צוואָע, וועלכע זיי האָבן ניט געקענט געפינען. עס איז געוואָרן אזא געפילדער, אז מע האָט א טויטן אויך געקאָנט אופוועקן... מיין עלטערער זון נאפּטאָלקע האָט געשריען, אז ער איז דער בכאָר, קומט אים א טאָפּל־בייִלעק. די איידעמס האָבן זיך אויך אריינגעמישט אין די מאכלויקעס, האָט זיי נאפּטאָלקע ארויסגעטריבן; די טעכטער האָבן געוויינט, געיאָמערט; מע האָט זיך לאנג געקריגט און געפּאטשט... מיין ווייב — די צווייטע פרוי — האָט פארשטאנען, אז איר וועט מען קיין גראָשן ניט געבן און קיין קינדער האָט זי אויך ניט געהאַט פון מיר, האָט זי געטאָן קליגער פון זיי אלע: זי האָט דערטאפּט מיין שליסעלע און האָט ארויסגעכאפּט פון דעם קאסטן דאָס מעזומען, דאָס צירונג מיט דעם זילבער, און לאָזן זיי זיך דאָרט

שלאָגן קאָפּ אָן קישן... דערווײַל האָט מען אָן דעם טאַטן גאָר פאַרגעסן; מע האָט מיך געלאָזט ליגן אַפּ דער ערד אַפּ אַ ביסל שטרוי, איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרצער דעק איבער די אויגן, ביכדיי איך זאָל ניט זען, וואָס עס טוט זיך... איך האָב אָבער גאַנץ גוט געזען, ווי מע האָט אַלע קאַסטנס מיט די שאַפּעס געעפנט, און יעדער האָט געשלעפּט, וואָס ער האָט נאָר געקענט. מײַן ווײַב האָט מיר אפילע קיין „זײַ־געזונט“ נישט געזאָגט און איז אַוועק מיט דעם ביסל אָרעמקײַט צו איר ברודער. די שאַמאָסים פון דער כעוורע־קאַדישע האָבן זיך גענומען צום לעקעך און בראַנפן, און עס איז דאָ געוואָרן גאַנץ פריילעך!.. דו קאָנסט שוין פאַרשטיין, בעסטער פרײַנט, וויאַזוי מיר איז געווען אַפּ דעם האַרצן אָנצוקוקן מיט מײַנע אויגן, וואָס עס איז געוואָרן פון מײַן הויז און פון מײַן געלט, וואָס איך האָב אַפּ דעם אָפּגעהאָרעוועט מער פון 50 יאָר מיט שרעק, מיט ריזיקעס און מיט צאָרעס!.. וויפל האָב איך געהאַט צו טאָן אין די יונגע יאָרן, אײדער איך האָב דערזען בײַ זיך אַ קאַפּיטאַל פון 2000 רובל נאָר פון פּראָצענט אַפּ מאַשקאָנעס, און נאָכדעם מײַן באַנק, וואָס האָט אײַנגעשלונגען אין זיך עפּשער 500 אָרעמעלײַט? וויפל שמערצן האָב איך איבערגעטראָגן פון דער גוראַלניע (ווינאָקורעניע), אַז מע פלעגט דאַרפן ניט שלאָפן קיין נעכט און אַרויסטראָגן דעם ספּירט? וויפל געלט מיט צאָרעס האָט מיך געקאָסט דער פאַלשער קאָנטראַקט מיט דעם גראַף, וואָס האָט מיך שיר ניט אַרײַנגעכאַפּט אין אָסטראָג? וויפל נעכט בין איך ניט דערשלאָפן איבער מײַן קאַפּיטאַל, וואָס איז מיר אָנגעקומען מיט דעם בלוטיקן שווייס? און הײַנט וועט עס אַוועק מיט דעם ווינט און מיט דעם רויך!!... מיט די געדאַנקען בין איך געלעגן אַפּ דער ערד און האָב געבעטן גאָט, מע זאָל מיר שוין טאָן מײַן רעכט און אַוועקשיקן אַהין, „פונוואַנען קיינער איז נאָך ניט צוריקגעקומען“.. לאָזן דאָס כאָטש מײַנע אויגן ניט אָנקוקן!! — איך בין אַזוי אָפּגעלעגן ביז דעם אַנדערן טאָג און האָב גאָר נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס האַלט מען מיך דאָ? פאַרוואָס שיקט מען מיך שוין ניט אָפּ אין מײַן רו אַרײַן? ביז איך האָב דערהערט, אַז „קאָהאָל“ פאָדערט פון מיר 2000 רובל קוורע־געלט. אַ געשריי, אַ געפּילדער! איך קאָן דיר גאָר אַזויפיל ניט אַרויסשרײַבן די ביזיוינעס, וואָס איך האָב געליטן פון דעם „טאָרג“. אונדזער גאַבע פון דער כעוורע־קאַדישע (דו קאָנסט דאָך רעב אַנשלען, אָט דעם אָנזעצער, וואָס איז מיר אַדהאַיאָם שולדיק פאַר דרײַ באַדאָשים מיט אַ וואָך פּראָצענט!), נו, האָט ער מיך

אָנגערופֿנ (איכ האָב אַלײנ געהערט) כ א ז ע ר... מײַנע קינדער זענענ
געוועזנ פֿאַרנומענ מיט דער „כאַלוקע", האָבנ זײ קײנ צײַט ניט גע־
האַט צו רעדנ וועגנ מיר... גאָט ווײסט, ביזוואַנענ איכ וואָלט געקאָנט
אָפּליגנ, ווענ ניט מײַנ אָרעמע שוועסטער, וועלכע האָט זײ גוט מע־
כאַבעד געווענ, אַז זײ זאָלנ פֿריִער מיכ באַוואָרענענ אונ דערנאָכ
ערשט טײלנ זיכ מיט דער יערושע. די קינדער האָבנ מיכ אַרומגע־
רינגלט אונ קלוימערשט געווײנט איבער מײַנ קאָפּ אונ אויסגערעכנט
מײַנע שוואָכימ — איכ האָב אָבער גוט פֿאַרשטאַנענ זײערע טרערנ!..
אונ עס האָט מיכ געשטאָכנ אינ דער זיבעטער ריפּ... אינ זאַל איז
באַ מיר געווענ אַ גאַנצע סודע: ווער עס האָט געהאַט גאָט אינ
האַרצנ, איז אַרײַנגעגאַנגענ אָפּגעבנ מיר דעמ לעצטנ קאָוועד אונ
האָט געטרונקענ אונ געגעסנ, וויפֿל ער האָט געוואָלט! איכ זאָג
דיר, אַז עס איז גאָר ניט געווענ קעדײַ דאָס גאַנצע לעבנ קאַרגנ אונ
שפּאָרנ אונ קלײַבנ, אַפֿ ווענמענ? אַפֿ דעמ רועכ! אָ, איכ זאָל כאָטש
אַפֿ עטלעכע מינוט געווענ קענענ אופֿשטײנ, וואָלט איכ זײ צע־
טריבנ, ווי די הינט, פֿונ מײַנ שטוב, וואָס קײנ אָרעמאַנ האָט גאָר
קײנמאָל קײנ האָזע ניט געהאַט צו באַטרעטנ. אונ אַז רעב אַנשל דער
גאַבע פֿלעגט קומענ צו מיר לײַענ געלט מיט 80 פּראָצענט אַפֿ אַ
מאַשקנ, ווו איז ער געשטאַנענ? איכ פֿאַרערשטיבל כעני בפתח! [1] אונ
הײַנט? נאָר וואָס העלפֿט דאָס, אַז מע קאָנ זיכ ניט רירנ פֿונ דעמ
אָרט?!.. מיט פֿיל פֿרײד האָב איכ דערהערט, אַז מע נעמט מיכ צור־
גרײטנ אינ מײַנ וועג אַרײַנ. דאָ האָט זיכ אָנגעהויבנ אַ נײַע כאַסענע:
בראַנפֿנ האָט זיכ געגאָסנ, ווי וואַסער. ווי די כעוורע־לײַט האָבנ מיכ
געמוטשעט פֿונ אַלע זײַטנ, געקוועטשט דעמ בויכ, אַז די קישקעס זע־
נענ שיר אַרויס — פֿונ דעמ וויל איכ ניט רעדנ, — מע האָט מיכ
געמאַכט רײנ, ווי אַנ אָפּ נאָכ דער שכיטע, אונ [מע] האָט מיר אָנ־
געטאָנ מײַנע ווײַסע מאַלבושימ. קוימ מיט צאָרעס, מע האָט מיכ
אַרויסגעטראָגנ פֿונ מײַנ שטוב אַפֿ אײביק... קימאַט בינ איכ געווענ
צופֿרידנ, אַז מײַנע אויגנ וועלנ ניט זענ דאָס אַזעס פֿונ מײַנע קינ־
דער אונ דעמ טאַכלעס פֿונ מײַנ געלט, וואָס איז מיר אָנגעקומענ
אַזוי שווער, מיט גרינע ווערעמ!.. מע האָט מיכ געבראַכט צו קײ־
ווער־יִיסראָעל. אַנ אָרט האָט מענ מיר אָפּגעגעבנ, אַזאַ יאָר אַפֿ רעב
אַנשלענ דעמ גאַבע! קאָנסט פֿאַרשטײנ, ווי מיר איז דאָ אָנגענעמ,

---

[1] קעאָני באַפּעסאַכ — ווי אַנ אָרעמאַנ באַ דער טיר.

אז איכ ליג מיט אזעלכע שכיינימ: פונ דער רעכטער זײַט שימענ פראנצויז מיט דער געגאָלטער באָרד, וואָס האָט קאָל־יאָמאָוו ניט געדאווענט, אונ פונ דער לינקער זײַט רעב כאַזמ־געצל קאדעשע, וואָס איז געשטאָרבנ אנ אָנזעצער — אונ מיכ קאָסט עס מײַנ בלוט — 2000 רובל!! נאָר וואָס העלפט מיר מײַנ שרײַענ? ווער הערט מיכ דאָ? נאָר דאָס איז נאָכ אלצ בלאָטע אקעגנ די צאָרעס, וואָס איכ האָב דאָ אפ דער עמעסער וועלט! איכ וועל דיר אינ מײַנע שפּעטערע בריוו ארויסשרײַבנ אלעס פּינקטלעכ. איצט, ליבער וועלוול, האָב איכ צו דיר א באקאָשע, אונ דו מוזט עס מיר טאָנ: דו ביסט מײַנ איינציקער פרײַנט אפ דער פאלשער וועלט, אונ ווער ווייסט נאָכ אזויפיל מײַנ הארצ, ווי דו, בעסטער פרײַנט. בא מיר אינ דעמ זעקל פונ די ראביינו טאמס טפילנ ליגט מײַנ צאוואָע, נעמ זי ארויס אונ גיב זי איבער דעמ ראָוו מיט דעמ דײַענ — לאָזנ זיי מאכנ אנ ענדע צווישנ מײַנע קינדער, אז זיי זאָלנ כאָטש געדענקענ, אז זיי האָבנ אמאָל געהאט א פאָטער, וואָס האָט דאָס גאנצע לעבנ געקליבנ געלט אונ געלט אונ איז, ווי א גוטער געטרײַער הונט, געלעגנ איבער דעמ יוימאָמ־וואָלײַלאָ... אונ אז מע וועט זיכ צעטיילנ מיט מײַנ געלט, זאָלסטו טייקעף־אומיאָד שרײַבנ, וואָס זאָגט די וועלט אונ וואָס טוענ דאמיט מײַנע קינדער. גאָט זאָל מיר העלפנ, אז מײַנע עטלעכע קערב־לעכ זאָלנ בא זיי האָבנ א קיעמ, אונ איכ זאָל האָבנ דערפונ א שטיקל נאכעס נאָכ מײַנ טויט... טאָמער וועלנ דיר מײַנע קינדער ניט וועלנ גלייבנ אפ נעמאָנעס, זאָלסטו זיי ווײַזנ מײַנ בריוו. איכ האָב דיר נאָכ א סאכ נײַעס צו שרײַבנ, וואָס מיט מיר האָט זיכ פאסירט אפ דער עמעסער וועלט, האָב איכ אָבער איצט קיינ צײַט ניט: מע רופט מיכ נאָכאמאָל צומ „בעסדנ־שעל־מײַלע“ אָפּגעבנ „דינ־וועכעזשבנ“, איז מיר ניט אינ קאָפּ צו שרײַבנ. איכ וואַרט אפ דײַנ ענטפער. מײַנ אדרעס איז: „אפ דער עמעסער וועלט; אָפּצוגעבנ המכתב הלז לר' יהו־דא ליב בן דוואָסי“[1]. קיינ פאמיליע איז דאָ ניט נייטיק; קיינ פּאָכט־מארקע דארפ מענ אויכ ניט. שרײַב מיר, איכ בעט דיכ, וואָס טוט דאָרטנ מײַנ בענ־זקונימל מענדעלע? דו ווייסט דאָכ, וויפל צאָרעס איכ האָב פונ אימ איבערגעטראָגנ אונ צומ מייסטנ זײַט צוויי יאָר, זײַט ער האָט זיכ ארײַנגענומענ אינ קאָפּ ארײַנ די „גימ־נאזיע“! קאָלזמאנ איכ האָב נאָכ געלעבט, האָב איכ ניט דערלאָזט,

1 האמיכטאָוו האלאָז לערעב יעהודאָ־לייב בענ דוואָסי — אָט דעמ בריוו צו רעב יעהודע־לייב דוואָסיעס.

אז מײַן קינד זאָל װערן א גוי, און איצט, אז איך בין ניט דאָ, קער ער מיסטאָמע איבערקערן די װעלט! אױך שרײַב מיר, װאָס מאַכן עפּעס אונדזערע סאָבּרים? זענען עפּעס רעכטע קאָנטראַקטן אין קיִעװ געװען? און װער האָט הײַנטיקס יאָר אָנגעזעצט? װאָס הערט זיך אַפּ דער בירזשע מיט צוקער? קײן גאַזעטן גײען אהער ניט, און מע זעט דאָ ניט קײן לעבעדיקן מענטשן... זײַ געזונט און האַשעם־ייִסבאָ־רעך זאָל געבן, מיר זאָלן זיך גיך און באַלד זען מיט פרײלעכע הער־צער, װי עס װינטשט דיר דײַן בעסטער פרײַנט

לײב פעקלמאַכער.

## II

# רעב װעלװעלע פון דער װעלט
# צו רעב לײבעלען אַפּ יענער װעלט

שושאַן־פּורים, התרמ״ג

טײַערסטער פרײַנט!

מײַן אָרעמע פעדער איז גאָר ניט אימשטאַנד דיר צו באַשרײַבן מײַן גרױס װוּנדער, אז איך האָב דערזען פון דיר א בריװ! דער פּאָסטעליאָן טראָגט מיר אַרײַן א פּאַקעט און זאָגט מיר: „װאָס פּיסמאָ אים טאַװאָ סװיעטאַ״... איך בין פאַרשטײנערט געװאָרן און האָב געעפנט די אױגן אַפּ אים — איך האָב גערעכנט, אז ער איז ניט פאַר קײן ייִדן געדאַכט, מעשוגע געװאָרן; נאָר אז איך האָב געעפנט דעם קאָנװערט, האָב איך באַלד דערקענט דײַן האַנט־שריפט, בין איך פאַרציטערט געװאָרן און בין געבליבן כאַלאָשעס... מע האָט מיך קוים אָפּגעמינטערט. איך האָב איבערגעלײענט דײַן טײַערן בריװ פון טאָװל ביז טאָװל. — ליבער פרײַנט! דו זאָלסט װיסן, װיפל צאָרעס איך טראָג אַפּ זיך, װאָלסטו זיך געשעצט פאַר דעם גליקלעכסטן מענטשן! שטעל דיר פאָר, אז איך בין איצט איבער דײַן בריװ א „קלאָרער מעשוגענער״... איך װעל דיר דערצײלן אקו־ראַט: נעכטן בא דער סודע (פּורים), אז איך האָב דערהאַלטן דײַן ליבן בריװ, בין איך טײקעף אװעקגעלאָפן צו דײַן נאַפּטאָלקען — ער זיצט הײַנט אין דײַן הױז (די קלײנע קינדער האָט ער אַרױס־געטריבן). עס איז ליכטיק געװען אין אַלע פענצטער, און איך האָב

נאָך אַף דער גאַס דערהערט אַ געזאַנג מיט אַ פּליעסקערײַ, איך האָב געטראָפן דײַן נאַפּטאָלקע מיט אַ גאַנצער קאָמפּאַניע סאָדעגערער... מע האָט געטאַנצט און געשפּרונגען. אונדזער באָזן — יאָסל גאָרגל — מיט די מעשוויערים האָבן געזונגען „שושנת יעקב"[1], און כסי־דים האָבן געפּליעסקעט. דײַן נאַפּטאָלקע איז אויך געווען „מראה כהן"[2]: ער האָט געטאַנצט אין די זאָקן אַן הויזן מיט דער שפּי־ציקער יאַרמעלקע אַפן קאָפּ. עס האָט מיך אָנגענומען באַם האַרץ, אַז איך האָב דערזען, ווי מע טרינקט דײַן בלוט, כאָטש עס איז נאָך אַפילו קיין יאָר ניט אַוועקגעגאַנגען נאָך דײַן טויט!.. איך האָב זיך קוים דערשלאָגן צום טיש. עס איז געוואָרן אַ געשריי:

— אַ־אַ־אַ! באָרוך־האַבאָ, רעב וואָלף! אַ גלעזל ווישניאַק!.. —

איך האָב געוואָלט אָנהייבן רעדן, האָבן מיך געכאַפּט צוויי כסי־דים פאַר די הענט, און דער דריטער האָט מיר אַרײַנגעגאָסן אין האַלדז אַרײַן דרײַ גלעזער ווישניאַק; מע האָט מיך אַרײַנגעכאַפּט אין רעדל, כעוורע האָבן געפּליעסקעט, און מיר זענען געגאַנגען אַ „קאַראָהאָד" (כאָראָוואָד)... וויפל איך האָב זיך געדרייט, געדענק איך ניט, נאָר אַז איך האָב זיך אופגעכאַפּט, בין איך געלעגן אין דײַן קאַבינעט אַף דעם גרויסן דיוואַן, און כסידים האָבן אַף מיר אויסגעגאָסן אַן עמער קאַלטע וואַסער... דײַן נאַפּטאָלקע איז געזעסן נעבן מיר און האָט מיך געקוועטשט באַ דער נאָז... אַז איך בין געקו־מען צו זיך, האָב איך אים דערציילט, וואָס איך בין צו אים געקומען, און האָב אים געוואָלט ווײַזן דײַן בריוו, האָט ער מיר געזאָגט, אַז איך זאָל זיך צולייגן שלאָפן, וועל איך זיך גיכער אויסניכטערן. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין נישט שיקער, און האָב אים דערציילט, וואָס דו שרײַבסט מיר וועגן דער צאַוואָע. האָט ער זיך אופגעכאַפּט און איז אָפּגעטראָטן פון מיר, ער האָט אַרײַנגערופן עטלעכע מענטשן פון דער קאָמפּאַניע און האָט מיך איבערגעפרעגט וועגן דעם בריוו, האָט יעדער אַף מיר געקוקט ווי אַף אַ מעשוגענעם... מע האָט זיך געשושקעט און געשפּיגן:

— ער איז אַ יוצא מדעת[3], ראַכמאָנע־ליצלאַן... רעב וועלוול איז גערירט... אַראָפּ פון דעם זינען... רחמנא יצילנו..![4]

---

1 „שוישאַנאַס יאַאַקויוו".

2 מ א ר יי כ ו י ה יי ן — דאָ געמיינט: גוט שיקער.

3 יויצײ מידאַאַס.

4 ר א כ מ אָ נ אָ י א צ י ל יי נ ו — גאָט זאָל אונדז היטן.

דער קאבינעט איז געוואָרנ פול מיט מאנספארשוינענ, ווײַבער אונ קינדער; מע האָט אפ מיר געוויזנ מיט די פינגער מיט גרוים שרעק! איכ האָב דערזענ, אז עס איז שלעכט, האָב איכ זיכ געבעטנ, מע זאָל מיכ לאָזנ גיינ אהיימ. עס זענענ אָבער פאר מיר אוועקגעלאָפנ עטלעכע יונגעלײַט אונ האָבנ דאָרט געזאָגט מײַנ ווײַב די גילדענע בסורע, אז איכ בינ מעשוגע געוואָרנ, איז געוואָרנ בא מיר אינ הויז א שרעקלעכער ליארעמ! מײַנ ווײַב האָט געבאלעשט, מײַנע עלטערע קינדער האָבנ געוויינט, אונ די קלענערע האָבנ זיכ באהאלטנ אינ די ווינקעלעכ פאר מיר... איכ האָב געוואָלט עפעס זאָגנ, האָט מענ מיכ ניט געהערט. גוטע לײַט האָבנ אנ אייצע געגעבנ מײַנ ווײַב, אז מע זאָל מיכ פארשליסנ באזונדער אינ א כיידער אונ צוזעצנ צו מיר א מענטשנ, איכ זאָל זיכ כאס־וועשאָלעמ קיינ מײַסע ניט אָנטאָנ... אונ אזוי, טײַערער פרײַנט, זיצ איכ איצט פארשפארט איינער אליינ אינ א כיידער, אונ מע האָט נאָכ צוגעזעצט רעב לעמל דעמ שאָמעס פאר א שוימער (דו געדענקסט אָט דעמ ראזבאָיניק?..). מײַנ ווײַב האָט שוינ באשטעלט א בויד, אונ מאָרגנ אימ־ייִרצע־האשעמ פירט מענ מיכ קיינ ראכמעסטריווקע צומ רעבנ... אכ, ליבער פרײַנט! מיר איז טויזנט מאָל ערגער פונ דיר! איכ ווינטש זיכ דעמ טויט אלע מינוט, אלע רעגע! די זנאכערקע גייט צו מיר ארײַנ עטלעכע מאָל אינ טאָג אָפשפרעכנ... רעב לעמל זיצט אקעגנ מיר אונ זאָגט, אז איכ וועל נאָר ארויסרעדנ א וואָרט, וועט ער מיר די ביינער צעברעכנ. איצט איז שוינ שפעט באנאכט, אונ רעב לעמל שלאָפט, ווי א געהארגעטער, האָב איכ אויסגעזוכט א שטיקל פאפיר אונ שרײַב דיר מיט א בלײַשטיפטל.

איצט וועל איכ דיר ענטפערנ אפ דעמ, וואָס דו פרעגסט מיכ: פונ דײַנ נאפטאָלקענ האָב איכ דיר שוינ געשריבנ אויבנ; ער האָט אלצ פארנומענ, די ברידער מיט די שוועסטער האָט ער מעכילע ארויסגעיאָגט אונ ער הערט דיכ, ווי דעמ פאראיאָריקנ שניי; ער לעבט, ווי גאָט אינ אָדעס, מיט דער כעוורע סאדעגערער, אונ זײַנע קינדער פאָרנ אלע נאכט אינ טעאטער. פײַוועלע יעהופעצער דערציילט, אז ער האָט באגעגנט אפ קאָנטראקטנ דײַנ נאפטאָלקענ אונ פרעגט אימ, וואָס ער מאכט? האָט ער אימ געענטפערט: דאנקענ גאָט, דער טאטע איז געשטאָרבנ... הײַנט פארשטייסטו שוינ, וואָס פאר א מיצווע דו האָסט פארדינט אָנ דײַנע קינדער, וואָס דו האָסט זיכ אָפגעטראָגנ... דײַנ ווײַב האָט כאסענע געהאט פאר א באָבער; זי האָט אימ צוגעצאָלט 20.000 רובל אונ טראָגט הײַנט אירע

אײגענע האָר! דײַנע צװײ שטעט אינ דער אַלטער קלויז האָט צוגע־נומענ שעפּסל עסיקמאַכער (ער איז הײַנט גאַבע), װעלכער האָט זיכ צעפּאַטשט מיט דײַנ נאָפּטאָלקענ פאַר „שישי", אונ עס איז א סװאָרע, אז ער װעט נאָכ האָבנ אפּ זיכ א דיעלע אויכ. דײַנ מענדעלע האָט יענע װאָכ אָפּגעגעבנ „גזאַמיד" (עקזאַמענ) אונ איז ארײַנ אינ 2 קלאַס מעגנאַזי (גימנאַזיע), ער גײט אומ מיט מעשענע קנעפּלעכ, שטודירט אפּ דאָקטער. דײַנ קלענערע טאָכטער שײנדעלע האָט אָפּגעשיקט דעמ כאָסנ פונ טאַלנע די טנאָימ: זי האָט זיכ אײַנגעליאַפּעט (פאַרליבט) אינ א סטודענט פונ דער 3 קלאַס מיגנאַזיע אונ איז מיט אימ אַנטלאָפנ קײנ אמעריקע א כופּע שטעלנ. אפּ הײַנטיקע קאָנטראַקטנ זענענ געװענ בעסאַכאַקל אכצנ אָנזעצנ. דײַנ שוטעפּ „הענזל דרײער" זיצט הײַנט אינ אָסטראָג פאַר פאַלשע קװיטעס, אונ רעפאָעל דער לאַנגער איז אריבער די גרענעץ. איצט איז בא אונדז אינ שטעטל א גרויס מאַכלויקעס; עס זענענ צו אונדז געקומענ מיטאַמאָל 3 װאַזשנע געסט: רעב נאָכעמטשע פונ ראַכמעסטריװקע, רעב אורעמעלע פונ רזשישטשיװ אונ דער „קלײנער" פונ טאַלנע; מע טראָגט געלט פונ אלע זײַטנ; רעב הענעכ סאַדעגערער האָט געװאָלט אײַנגעבנ א „דאָנאָס", האָבנ אימ די טאַלנער אונטערגעשמירט מיט א כאָפּהײער (25 רובל)...

איכ האָב דיר נאָכ פיל נײַס צו שרײַבנ, נאָר איכ ציטער, טאָמער װעט זיכ אופכאַפּנ רעב לעמל. פאַרבלײַב געזונט אונ גליקלעכ אונ שרײַב מיר, װאָס הערט זיכ מיט דײַנ מישפּעט אינ דעמ „בית דין של מעלה"[1]? זאָלסט מיר אדרעסירנ קײנ ראַכמעסטריװקע לעהאַקאָדויש רעב יויכנטשע, אָפּצוגעבנ המכתב הלז להמשוגע רעב װעלװל פיקהאָלץ. בזה הרגע[2] האָט זיכ רעב לעמל אופגעכאַפּט פונ שלאָפּ אונ װישט זיכ אוים די אויגנ — מוז איכ שליסנ מײַנ בריװ. זײַ געזונט, זײַ געזונט!..

---

1 בעסדנ־שעל־מײַלע — הימלשער געריכט.

2 באָזע האָרעגע — אינ דער מינוט.

## III

# רעב לייבעלע פונ יענער וועלט
# צו רעב וועלוועלע אפ דער וועלט

ערעוו פייסעכ התרמ״ג.

דײַנ בריוו פונ „שושנ־פורימ“ האָב איכ „שאבעס־האגאָדל“ ערהאלטנ. עס איז מיר פינצטער געוואָרנ אינ מײַנע אויגנ, אז איכ האָב אימ איבערגעלעזנ. מײַנע שמערצנ בינ איכ דיר גאָר ניט אימשטאנד ארויסצושרײַבנ. אז איבער מיר ביסטו נעבעכ ארײַנגעפאלנ אינ דעמ נעצ, צו די מערדער אינ די הענט ארײַנ, וועלכע וועלנ דיכ בארויבעווענ אונ וועלנ דיר ניט איבערלאָזנ קיינ פאָדעמ. דו קענסט זיי נאָכ ניט: אינ דעמ ווינטער, וואָס איכ געפינ זיכ דאָ, אפ דער עמעסער וועלט, האָב איכ זיכ אָנגעהערט אזעלכע שרעקלעכע געשיכטנ פונ אונדזערע „גוטע־יידנ“, פונ אונדזערע „צאדיקימ“, אז די האָר שטעלנ זיכ קאפויר! פארצײַע מיר, מײַנ טײַערער וועלוועל, וואָס איכ בינ געוועזנ דײַנ „מאלעכ־האמאָוועס“: איכ בינ ניט שולדיק; מיסטאמע איז מיר שוינ אזוי באשערט, איכ זאָל נאָכ אָפּקומענ פאר דיר אויכ, כאָטש איכ בינ דײַנ בעסטער פרײַנט. נאָר טאָמער איז דיר באשערט געווענ האָבנ „כיבעט־האקייווער“ אָדער „קאפאקעלע“, זאָלסטו שוינ אינ ראכמעסטריווקע אָפּקומענ... יעצט, ליבער וועלוועל, וועל איכ דיכ אופמערקזאמ מאכנ, וואָס הייסט אָפּקומענ אפ דער עמעסער וועלט אונ וואָס הייסט „אוילעמ־האבע“, „גאנעידנ“, „גענעמ“... אונ וואָס האָט געמיינט רעב יאנקעוו מיט דעמ, וואָס ער האָט געזאָגט: „העולם הזה דומה לפרוזדור בפני העולם הבא“ 1 — די וועלט (אינ וועלכער מע לעבט) איז געגליכנ צו א פאָרצימער פאר יענער וועלט; „התקן עצמך בפרוזדור כדי שתכנס לטרקלין“ 2 — גרייט זיכ צו אינ דעמ פאָרצימער, קעדיי דו זאָלסט קענענ ארײַנקומענ אינ זאַל ארײַנ... איכ וועל דיכ ניט באמיִענ מיט די אלע פאָדראָבנאָסטנ פונ מײַנ נעסיִע אפ דער עמעסער וועלט אונ אלץ, וואָס איכ האָב געזענ אונ געהערט; עס איז גאָר ניט צומ באשרײַבנ! נאָר בעעמעס האָב איכ אָפּגעלעבט מײַנע יאָרנ אינ טאָעס! שטעל דיר

---

1 האָוילאָמ האזע דוימע ליפּרויזדויר ביפני האָוילאָמ האבאָ.
2 האסקיינ אצמעכאָ ביפּרויזדויר קעדיי שעטיקאָנייס ליטראקלינ.

פֿאָר, אז איכ האָב אָנגעהויבנ אויסצורעכענענ מײַנע מײַסימ-טוי-ווימ, האָט מענ מיכ גאָר אויסגעלאכט! מע פֿרעגט מיכ:

— מענטשעלע! האָסטו עפּעס גוטס געטאָנ אפֿ דער פֿאַלשער וועלט?

ענטפֿער איכ:

— צומ רעבנ בינ איכ געפֿאָרנ 3 מאָל אינ יאָר, קאַפּאָרעס פֿלעג איכ שלאָגנ מיט א ווײַסנ האָנ, דער עסרעג פֿלעגט בא מיר זײַנ א מובחר מן המובחר[1], אונ די גאנצע שטאָט אָרעמעלײַט פֿלעגנ בענטשנ מיט מײַנע עסרויגימ. אָנ א היטל בינ איכ קיינמאָל נישט געגאנגענ אונ פֿלעג פֿאסטנ בה"ב (שני וחמישי שני) 2 אונ האָב געשיקט שאַלאכמאָנעס דעמ רעבנ א „באנעקע-לעמפּל" פֿאר 800 רובל...

— מענטשעלע! — האָט מיכ א באַסקאָל איבערגעשלאָגנ, — מענטשעניו! ווו האָסטו גענומענ 800 רובל??

איכ האָב ניט פֿארשטאנענ, וואָס באטײַט די שײַלע; איכ האָב געענטפֿערט:

— ווו איכ האָב געלט גענומענ? וואָס הייסט? איכ בינ אָנ אויי-שער... געווענ.

— פֿונוואנענ האָט זיכ גענומענ דײַנ אשירעס, מענטשעלע?

— מײַנ אשירעס? איכ האָב... איכ האָב... איכ האָב געהאלטנ די טאקסע אינ דער שטאָט „פֿינצטערניש" מיט אלע דערפֿער ארומ 12 יאָר...

— אונ האָסט געהאָדעוועט די אָרעמעלײַט מיט ביינער? — האָט מיכ דאָס „באסקאָל" איבערגעשלאָגנ.

— איכ האָב פֿארליגנ געלט אפֿ מאשקאָנעס...

— אונ האָסט געשונדנ די פֿעל? — האָט מיכ ווידער דאָס „באס-קאָל" איבערגעשלאָגנ.

— איכ האָב געהאלטנ די ארענדע בא דעמ גראַפֿ ב...

— אונ די אָרעמע ייִדנ האָסטו פֿריִער אויסגעדונגענ אונ ארויס-געוואָרפֿנ?

— איכ האָב געהאלטנ א גוראלניע מיט אלע שענקענ...

---

1 מווכאָר מינ האמווכאָר — דאָס בעסטע פֿונעמ בעסטנ.

2 באהאב (שײני וואכאמישי שײני) — מאָנטיק, דאָנערשטיק אונ מאָנטיק, וואָס פֿרומע ייִדנ פֿאסטנ נאָכ די יאָמטויווימ פּייסעכ, שוועס אונ סוקעס.

— אקציז האָסטו געגאַנוועט און די אָרעמע פּויערים האָסטו פֿאַרקויפֿט וואַסער פֿאַר בראַנפֿן?.. אַזוי פֿאַר דיר און פֿאַר דײַנס גלײַכן לײַדן קאָל־ייִסראָעל. סאָנע־ייִסראָעל האָבן אַן אויסרייד און זאָגן שוין, אַז אַלע ייִדן זענען אַזוי, כאָטש עס איז אַ גרויסער ליגן!

איך האָב דאָס שוין גאָר ניט געקענט איבערטראָגן: אַ גוייִם האָט מען אויך ראַכמאָנעס? וואָס טוט זיך דאָ! און פֿונוואַנען ווייסט דאָס „באַסקאָל”, וואָס עס טוט זיך אויף דער ערד?

— מענטשעלע! וואָס נאָך פֿאַר גוטס האָסטו געטאָן? דערצייל, דערצייל!

— בײַ אונדז אין דער שטאָט „פּינצטערניש” איז געווען אַן אַפּיקוירעס; ער האָט געהייסן שימען פֿראַנצויז; ער איז געווען אַ גאָלעך, אַ קאָלבאַסניק; מע האָט בײַ אים אַרויסגעטרייסלט „איטשע־בערס” ביכלעך[1]... ער איז אַפֿילע אַזוי געווען נישקאָשע פֿון אַ מענטשל, און אַ ייִדן האָט ער דאַפֿקע ליב געהאַט, נאָר עס איז אים אײַנגעפֿאַלן שקאָלעס בײַ אונדז צו מאַכן מיט...

דאָס „באַסקאָל” האָט מיר איבערגעשלאָגן מײַנע רייד און האָט אַליין גענומען דערציילן:

— ביסטו אַוועקגעגאַנגען צום איספּראַווניק און האָסט אײַנגעגעבן אַ דאָנאָס, אַז שימען פֿראַנצויז האַנדלט מיט פֿאַלשע אַסיגנאַציעס... נו, האָט מען אים באַזוכט, אײַנגעזעצט אין אָסטראָג, געהאַלטן צוויי יאָר, זײַן פֿאַמיליע געלאָזט גיין אין די הײַזער, ער איז געשטאָרבן אין אָסטראָג, און דו האָסט אָפּגעגאַזלט זײַן הויז מיט דער מיל, אויף וועלכער דו האָסט שוין לאַנג געשאַרפֿט די ציין... נו, רעד ווײַטער!

— איך האָב אויסגעלייזט מײַן זון נאַפּטאָלקען פֿון גוייִשע הענט...

דאָס „באַסקאָל” האָט מיך ווײַטער איבערגעשלאָגן:

— האָסט דערטאַפּט אַן אַלטן אויסגעדינטן סאָלדאַט „איוואַן שאַפּקאַ”, וועלכער האָט געהאַט אַ קוויטאַנציע, פֿאַר וועלכער ער האָט געוואָלט 3000 רובל, האָסטו אים פֿאַרופֿן צו זיך, און צוזאַמען מיט דעם פּריסטאַוו האָסטו אים אָנגעשיקערט און אַרויסגעגאַנוועט די קוויטאַנציע, און אַז איוואַן האָט זיך געקלאָגט אויף דיר אין וואָ־

1 געמיינט די ווערק פֿון ייִצכאָק־בער לעווינזאָן (1788—1860) — דעם גרונטלייגער פֿון דער האַסקאָלע אין רוסלאַנד, דעם אַווטאָר פֿון די ווײַטער דערמאָנטע ווערק „תעודה בישראל”, „זרובבל” און „אפס דמים”.

לאָסט, האָסטו געפּויעלט, מע זאָל אימ אָפּציילנ פּערציק שמיצ... אונ אַז עס איז געקומענ דער פּריזיוו, האָסטו אונטערגעשמירט, וועמענ מע האָט באַדאַרפט, אַז אָרעמע קראַנקע יונגעלייט זאָלנ בעסער גיינ דינענ אונ דײַנ גאָפּטאָלקע זאָל דיר בלײַבנ מיט דער קוויטאַנציע, פאַר וועלכער דו האָסט נאָכ דעמ גענומענ 7000 רובל.

איכ בינ פּאָשעט פאַרהילצערט געוואָרנ, אַז איכ האָב דערהערט, אַז אינ דעמ „אָפּענעמ בוכ", וואָס רעב אָקיווע האָט געזאָגט, ווערנ נאָר אַרײַנגעשריבנ אַזעלכע דומהײַטנ, ניט קיינ טאַנייסימ, ניט קיינ „שישי" מיט „מאַפטיר", ניט קיינ ייִדישקײַט!.. טאַ! נאַ דיר אַ יאַריד! עס איז מיר גאָר קיינמאָל אַפּ די געדאַנקענ ניט געקומענ, אַז „איוואַנ זלאָדיעס" נאָמענ זאָל ווערנ דערמאָנט אַפּ דער עמעסער וועלט אונ שימענ פראַנצויז מיט דער אָפּגעגאָלטער באָרד, וואָס זײַנ עלטערע טאָכטער האָט כאַסענע געהאַט (גאָט זאָל מיכ ניט שטראָפנ פאַר די רייד!) פאַר אַ ראַבינער אונ די קלענערע האָט געזונגענ אינ טרײַאַטער (טעאַטער), ווי אַ שיקסע, — נו, זאָל אַזאַ טרייפניאַק האָבנ דאָ אַ וואַליער, אַז דאָס „באַסקאָל" זאָל זיכ גאָר אַרויסשטעלנ פאַר אימ! זאָג, וועלוול, האָסטו זיכ גערעכנט אַפּ אַזעלכע צאָרעס? איכ האָב אַפילע אופגעעפנט אַ מויל אונ האָב גענומענ דערציילנ דעמ „באַס־קאָל" אַלע גילדענע כעפציעס פונ אונדזער יימאַכשמויניק רעב שימענ פראַנצויז (אָלעוו האַשאָלעמ), ווי ער איז איינמאָל געגאַנגענ מיט אונדזער אַפּטייקערשע אונטער די הענט אונ אָנ אַ היטל אונ נאָכ אַזעלכע שיינע זאַכנ, האָט מיכ אָבער דאָס „באַסקאָל" ווידער איבערגעשלאָגנ אונ ווי מיט פאַרדראָס געזאָגט:

— מענטשעלע! אַפּ אימ טאָרסטו ניט רעדנ קיינ שלעכטס: דו ביסט ניט ווערט זײַנ נאָמענ צו דערמאָנענ (דו הערסט, וועלוול?), ער איז געוועזנ אַנ עמעסער ייִד (הער! וועלוול!), אַ „מענטשנ־פרײַנט" (וואָס הייסט דאָס? וועלוול!), זײַנ גאַנצ לעבנ האָט ער אָוועקגעשענקט זײַנע אָרעמע ברידער: ער האָט ניט געזשאַלעוועט קיינ געלט מיט קיינ טירכע; ער איז לאַנג אַרומגעפאָרנ איבער די ייִדישע קאָלאָניעס אונ האָט מיטגעהאָלפנ די קאָלאָניסטנ מיט גוטע ווערטער אונ מיט געלט (יאָ, איכ געדענק טאַקע, ער פלעגט אונדז דולנ דעמ קאָפּ מיט זײַנע קאָלאָניעס־שמאָניעס...), זײַנ געלט האָט ער פאַרדינט מיט דעמ אייגענעמ קויעכ; ער האָט טאָמיד אַליינ געהאָרעוועט מיט די הענט אונ ניט געלעבט פונ דעמ ווינט; אַפּ זײַנ גאַנצ לעבנ האָט ער קיינ מענטשנ ניט אָבידיעט (באַליידיקט); ער האָט ליב געהאַט אַלע גלײַכ: סײַ אַ ייִדנ, סײַ אַ קריסט (הערסט? וועלוול! דאָס איז אויכ אַ שוואַכ!..)

און האָט יעדן גלייך מיטגעהאָלפן, מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט...
נו, מענטשעלע, רעד ווייטער!

— איך האָב מיין גאַנצ לעבן ליב געהאַט זיך מישן בצרכי צבור[1] — אין קאָהאָלשע געשעפטן... — נאָר דאָ האָט מיך דאָס „באַסקאָל" ווייטער איבערגעריסן:

— און דאָ האָסטו אויך פאַרדינט אַ קערבל! פון דער טאַלמוד־טוירע־פושקע פלעגט דיר אַריינפאַלן אַ גראָשן, פון די ערעץ־יִסראָעל־פושקעס אַפּ רעב מייער באַל־האַנעס, און אַז דו האָסט זיך גענומען בוייען אַ בעסמעדרעש אין שטעטל, האָסטו לעבאַטכילע מענאַדער געווען 500 רובל און האָסט געהייסן, מע זאָל דיין „נעדאָווע" אָפּדרוקן אין „המגיד"[2] און נאָכדעם האָסטו אַזוי לאַנג געבויט, ביז עס איז דיר אַריינגעפאַלן אין ביישל 5 מאָל 500 רובל!.. נו, זאָג ווייטער, מענטשעלע!

— איך האָב כאַסענע געמאַכט 2 יעסוימעס, מיינ ברודערס טעכטער...

— איך וויים, איך וויים! — האָט מיך דאָס „באַסקאָל" ווידער אָפּגעשטעלט, — אַז דיינ קלענערער ברודער האָט באַדאַרפט שטאַרבן, האָט ער געשיקט נאָך דיר און האָט דיך געמאַכט פאַר אַפּעקון (אַפּעטראָפּעס) איבער זיינע 2 יונגע קינדער, און דאָס געלט, 6000 רובל, האָט ער דיר געגעבן אין שוטפעס אַריין, אַז דאָס ביי־לעך פאַרדינסט זאָל זיין אַפּ די יונגע קינדער, און האָט בא דיר גע־נומען אַ טקיאַס־קאַפּ אַ האַלבע שאָ פאַר זיין טויט, אַז דו זאָלסט זיין אַ פאָטער צו זיינע קינדער. דו האָסט דאָס געלט צוגענומען, און די קינדער האָבן געבעט געליטן הונגער און קעלט בא דיינ צווייטער פרוי. און אַז עס פלעגט צו דיר אַריינקומען אַן אָרעמאַן בעטן אַ נעדאָווע, פלעגסטו אים אָנווייזן, אַז דו האַלטסט אויס אָרעמע יעסוימעס... און אַזוי האָסטו זיי אַרויסגעשטופּט אַפּ דער וועלט מיט אַבי וואָס — איך וויים, איך וויים, מענטשעלע, רעד ווייטער!

אַזוי האָב איך אָפּגעשמועסט מיט דעם „באַסקאָל" 3 טעג מיט 3 נעכט! מע האָט מיר אויפגעמישט אַזעלכע זאַכן, וואָס איך האָב שוינ לאַנג פאַרגעסן! מע האָט צוזאַמענגעקליבן, צונויפגעזשעבערעט אַלטע, פאַרשימלטע, פאַרצוויטעטע, פינצטערע, וויסטע כאַטאָים, פוסטע נאַרישע כאַטאָים! און דאָס האָט דאָס „באַסקאָל" געלייענט, ווי פון אַ

---

1 בעצאָרכיי־ציבור.

2 האַמאַגיד.

בוכ! איכ האָב געוואָרט, טאָמער וועט מענ מיר אופוואַרפנ עפּעס א „מינכע”, א „באָרכו”, א „מעזוזע”, א „מיקווע”, א „שלעכטע מאַכ־שאָווע” — ווער? וואָס?!..

נאָכ מײַנ אַאודיענצ מיט דעמ „באַסקאָל” האָט מענ מיכ אַוועקגעפירט אָנ א זײַט אונ שטילערהייט געזאָגט:

— מע גיט דיר פרײַ ביז כוידעש טאַמעז, די קענסט דאָ ארומשפּאַצירנ אונ צוקוקנ צו די אַלע לײַט, וואָס מע ברענגט אַהער אַפ דעמ דאָפּראָס (פאַרהער). אונ אַזוי, ליבער וועלוול, דריי איכ מיכ דאָ ארומ טאָג ווי נאַכט אונ זע דאָ איבער א וועלט מיט פאַרשיידענע מענטשנ אונ הער אויס יעדנס טײַנעס אונ אַלצ דאָס אייגענע „באַסקאָל”! איכ האָב דאָ איבערגעזענ כסידימ, אַריסטאָקראַטנ, צאַדיקימ, דאָקטוירימ, יונג אונ אַלט, גרויס אונ קליינ. פילע שיקט מענ אָפּ גלײַכ אינ ג א נ יי ד נ, אָדער אינ ג ע נ ע מ, אָדער אינ א ו י ל ע מ־ה א ט ו י ע אָפּ עטלעכע יאָר. איכ האָב דאָ איבערגעזענ פרומע יידנ, שיינע פײַנע לײַטישע יידנ, גאַנצ רײַכע פרומע לײַט, וואָס עס איז א פאַרגעניגנ אָפּ זיי צו קוקנ, — צומ סאָפּ כאַלסטו זיכ פאַרגינענ, וועלוול, צו הערנ, ווי דאָס „באַסקאָל” רעכנט אויס א צעטל מיט פאָדלאָסטנ, ראַזבאָיענ, גנייווועס אונ גזיילעס אַז עס נעמט אַזש אָנ א פאַכעד צו הערנ! מע שיקט זיי אָפּ גלײַכ אינ גענעמ! — עס העלפט ניט קיינ געוויינ, קיינ באַקאָשעס, קיינ זכוסאָוועס... ווער? וואָס? אונ אַמאָל ברענגט מענ גאָר א פּאָרמענעמ יידנ, אַנ אַריסטאָקראַט מיט ברילנ; דער כאַזער ליגט אימ, דאַכט זיכ, אַפּ די ליפּנ — צומ סאָפּ זאָלסטו הערנ, וועלוול, ווי דאָס „באַסקאָל” קאָמאַנדעוועט אָפּ:

— אינ גאַניידנ ארײַנ!.. — כאַפּט מענ אימ אַפּ די הענט אונ מע טראָגט אימ מיט א געזאַנג אַוועק אינ גאַניידנ ארײַנ! ניט לאַנג האָט מענ אַהער געבראַכט א סקובענט (סטודענט) מיט א געגאָלטער מאָרדע. די מײַסע איז מיט אימ אַזוי געווענ: ער איז געווענ א יעשיווע־באָכער, וואָס האָט זיכ ארײַנגעלאָזט שטודירנ אָפּ דאָקטער. דאָס יידישע לערנענ האָט ער גאָר אַוועקגעוואָרפנ אונ איז פונ יידישקײַט אַזוי אָפּגעריסנ געוואָרנ, אַז ער האָט פאַרגעסנ, פונ וועמענ ער קומט ארויס; ער האָט געגעסנ טרייפעס (ער זאָגט אפילע, אַז ער איז דעריינ ניט שולדיק, ווײַל אַפּ קיינ קאָשער עסנ האָט אימ ניט געטראָגנ צו צאָלנ, אונ יידנ האָבנ אימ ניט געוואָלט האַלטנ אינ שטוב, אונ בעטלענ ערגעצ אומזיסט עסנ האָט ער ניט געוואָלט אונ נאָכ אַזעלכע פוסטע טערוצימ!). ווער ציצעס? ווער טפילנ? מיט

איין וואָרט — אַ גוי! דערוויַיל, אַז די פּאָגראָמעס האָבן זיך בא אונדז אָנגעהויבן און די גאַזעטן האָבן גערעדט פון דער עמיגראַציע, איז געגאַנגען אַט דער סקובענט און האָט זיך אויסגעשריבן פון דער אוניווערסיטעט, כאָטש עס איז אים נאָר געבליבן אַ האַלב יאָר צו ענדיקן אַפּ דאָקטער (און אין דער היים האָט ער איבערגעלאָזט אַן אָרעמע מוטער מיט אַ שוועסטער, וואָס האָבן אינגאַנצן אַפּ אים ארויסגעקוקט), און האָט זיך אונטערגענומען צו פירן אַ גאַנצע קאָמפּאַניע אָרעמעלייַט קיין „ערעץ־יִשׂראָעל”. וויפל שמערצן דער מענטש האָט איבערגעטראָגן אין דער נעסיִע, איז טאַקע אַ ווונדער־לעכע זאַך. ער האָט אָבער אויסגעפירט זייַנס און האָט די קאָמפּאַניע געבראַכט קיין „ערעץ־יִשׂראָעל” און האָט צעשיקט בריוו אין אַלע עקן פון דער וועלט צו אַלע גרעסטע לייַט; מע האָט אים צוגעשיקט געלט מיט בריוו צום קאָנסול און מע האָט אים געגעבן ערד מיט מאַטעריאַלן, ביז ער האָט באַזעצט די קאָמפּאַניע, וועלכע האָבן זיך לעכאַטכילע אַפילע געבוצקעט, נאָר ער האָט געמאַכט אַ שאָלעם צווישן זיי, און די אָרעמע יִדעלעך זענען הייַנט גליקלעך. נאָר דער סטודענט אַלייַן האָט דעם קלימאַט ניט געקאָנט איבערטראָגן און איז געשטאָרבן... יאָ, שטעל דיר פאָר, וועלוול, אַז מע פירט אַזאַ טרייפניאַק אין גאַניידן אַרייַן!.. גוטע יאָרן!.. איך מוז שוין דעם בריוו שליסן, און אַז איך וועל פון דיר נאָך אַן ענטפער באַקומען, וועל איך דיר נאָך מער נייַעס שרייַבן. זייַ געזונט און גליקלעך, ווי עס ווינטשט דיר דייַן בעסטער פרייַנט ל י ב פ ע ק ל מ א כ ע ר, וואָס האָפט מיט דיר זיך צו זען אין גיכע צייַטן.

## IV

## רעב וועלוועלע פון דער וועלט צו רעב לייבעלען אַפּ יענער וועלט

באַנעקע תרמ״ד.

הארציקער פרייַנט!

דייַן טייַערן בריוו פון ערעוו־פייסעך האָב איך מיט פיל פרייד ערהאַלטן. שטעל דיר פאָר, ווי פאַרוווּנדערט בין איך געווען, אַז אונדזערע פאַבריקע 2 בריוו האָט עמעצער איבערגעכאַפּט אַפּ דער פּאָסט, און זיי זענען וואָרט בא וואָרט אָפּגעדרוקט בא דעם אַפּי־

קוירעס צעדערבוימ אינ זײַנ גאזעט ,,פּאָלקסבלאט" עפּעס דורכ א
שלימאזל, וואָס הייסט „שאָלעמ־אליײכעמ''... דאָס האָט אָנגעמאכט
א שרעקלעכנ ליארעמ אונטער די פּרומאקעס, די צוויאקעס. זיי
פּארדריסט אונ ווילנ ניט גלייבנ, אז אפ יענער וועלט איז מענ
שטארק מאקפּיד אפ ערלעכקײַט, אונ מיינענ, אז דו ווילסט ווײַזנ,
אז מע היט אָפּ מיצוועס פונ אונדזער טוירע אונ מע איז אנ עכט
פּרומער ייִד, באקומט מענ כאָלילע קיינ סכאר ניט אפ דעמ אוילעמ־
האָבּעס. איכ אונ ווארע פּרומע ייִדנ האָבנ אינ דײַנ בריוו דאָס
ניט געפונענ, נאָר דאָס אייגענע, וואָס אונדזערע כאכאָמימ זאָגנ,
אז מיצוועס אָנ מײַסימ־טויווימ, זיכ שאָקלענ באמ דאווענ אונ
שרײַענ אונ פּליאסקענ מיט די הענט אונ טאקע באלד נאָכ דעמ
דאווענ טאָנ קאָל־האפּאסלאָנעס, איז ווי א גופ אָנ א נעשאָמע אונ
באַ גאָט ניט אָנגעלייגט, אונ ווידער, אז איינער קענ זיכ קויפנ יענע
וועלט אינ איינ שאָ פאר מײַסימ־טויווימ, אז ער האָט עפּעס וויכ־
טיק גוטס געטאָנ פאר זײַנ פאָלק, פאר זײַנ רעליגיע, פאר מענטשנ
איבערהויפּט. דערפאר שיק איכ דיר איצט מײַנ בריוו זאקאזנאָיע
(רעקאָמענדירט), עפּשער וועט דאָס פּאָרט זײַנ א הילפ, אונ דו
זאָלסט מיר אויכ לעמאנ־האשעמ שיקנ זאקאזנאָיע, ווענ ניט, וועלנ
אונדזערע בריוו כאס־וועשאָלעמ ווײַטער ארײַנפאלנ צו די לייצימ
אינ די הענט אונ זיי וועלנ מאכנ פונ אונדז א גאנצנ שאלעסודעס,
אז די גאנצע וועלט וועט מיט אונדז האָבנ צו טאָנ, אוביפּראט איכ
וועל דיר אימ־ייִרצע־האשעמ שרײַבנ אזעלכע זאכנ, וואָס דאָ גייט עס
צו בעסאָד־סוידעס, קענענ מיר דערפאר ביידע כאפּנ א פּסאק... דו
שרײַבסט מיר, טײַערער לייבעלע, וואָס פאר כידושימ דו זעסט זיכ
איבער אפ יענער וועלט, אונ מיינסט, אז נאָר דאָרט קאָנ מענ גע־
וואָר ווערנ דעמ רעכטנ עמעס, אונ דאָ ניט; זאָג איכ דיר, אז דו
האָסט א גרויסנ טאָעס! פאר דער קליינער צײַט, וואָס איכ האָב זיכ
אויסגעוואלגערט באַ די „גוטע־ייִדנ'', האָב איכ זיכ אָנגעהערט אינ
אָנגעזענ אזעלכע שרעקלעכע מײַסעס, וואָס באַ דײַנ „באסקאָל"
וואָלט אויכ געווענ א כידעש! פונ די כסידימ, די „זלידניעס", וויל
איכ דיר גאָרניט שרײַבנ: דאָס איז א סטאדע פונ שאָפּ מיט לעמעלעכ,
וואָס לאָזנ זיכ שערנ אונ מעלקנ; עס איז גאָר ניט קעדײַ פונ זיי
א סאכ צו רעדנ, כ'לעבנ. עס איז פאראנענ א סאָרט כסידימ, וואָס
גלייבנ דעמ רעבנ גלײַכ מיט דעמ ווינט, נאָר מע פּאָרט צו אימ
דאָכ גאנצ אָפּט: ווער פאר גאדלעס, ווער אפּצולאָכעס, ווער צוליב
קרעדיט, צוליב א נאָמענ, צוליב א שידעכ, אונ די גרעסטע פּאָד־

לאָסטן מיט גראַבעזשן ווערן אַף דער וועלט געשלאָסן אַלע טאָג... נאָר ניט אַף דעם בין איך אויסן.

יעצט, טײַערער לייב, מוז איך דיר באַשרײַבן, וואָס מיט מיר האָט זיך פּאַסירט ביז הײַנטיקן טאָג. טייקעף נאָך פּורים האָט מען מיך בעשאָלעם געבראַכט קיין בלאָטע*. איך וועל דיר ניט באַשרײַבן די שיינע נעסים, וואָס איך האָב געהאַט, ווי מע האָט מיך געבונדן און לעמל איז מיר געזעסן אַף די פיס דעם גאַנצן וועג און האָט געשמאַק געשלאָפן. מע האָט מיך פאַרפירט אַף דער כסידישער אַכסאַניע, און מע האָט מיר אָפּגעגעבן אַ באַזונדער צימער צוזאַמען מיט לעמלען. דער באַלעבאָס מיט די אָרכים האָבן מיר געוואָלט אָפּשטעקן „שאָלעם־אַליכעם", האָט זיי לעמל אַ ווונק געגעבן, און מײַן ווײַב האָט זיי מיט ביטערע טרערן אײַנגערוימט אַ סאָד, אַז מײַן קאָפּ איז מיר ניט אַף זײַן אָרט... האָט מען אָנגעהויבן אַף מיר קוקן, טײַטן מיט די פינגער און אָפּשפּײַען זיך. דעם באַלעבאָס' קליינע קינדער האָבן מיך אַרומגערינגלט און האָבן מיר אָנגעהויבן שפּרינגען אין פּאָנעם אַרײַן, האָט זיי לעמל ווי די פייגעלעך צעטריבן. פון די פענצטער אין דעם צווייטן הויז האָט מען מיר אַרויסגעשטעלט פײַגן, די צונג אַרויסגעשטעקט און נאָך אַזעלכע זאַכן, אַז איך בין דערפון אַליין שיר מעשוגע געוואָרן! אַזוי האָב איך איבערגעלעבט די ערשטע נאַכט. אַף מאָרגן האָט מען מיך אַוועקגעפירט צום רעבן. באַ דער טיר האָט זיך מײַן ווײַב שטאַרק געאַמפּערט מיט צוויי גראָבע שווערע גאַבאָים, וועלכע האָבן לאַנג געטיקעט מיט די פינגער און געקנייטשט מיט די אַטלאַסענע פּלייצעס, ביז זי האָט זיי אונטערגעשמירט מיט עטלעכע רובל, האָט מען אונדז צוגעלאָזט צום רעבן, וועלכן איך וועל דיר ניט באַשרײַבן, וואָרעם דו קאָנסט אים אַליין אויך. און גלאַט באַשרײַבן די פיזיאָנאָמיע פון אַ „גוטן־ייִדן" איז עפּעס אויך ניט אַזאַ שאַרפע זאַך: איך מיין, ווען מע זאָל מײַן לעמלען אָנטאָן אַן אַטלאַסענע ווײַסע זשופּעצע מיט אַ שטרײַמל אַפן קאָפּ, וואָלט ער אויך געקאָנט זײַן אַ „גוטער־ייִד"; פאַרקערט, פאַר זײַן ערנסט פּאָנעם מיט ריינע שאַרפע אויגן וואָלט ער אַ סאַך בעסער געפּאַסט, און די כסידים וואָלטן זיך פון אים דאַפקע ניט גענאַרט...

אַז מיר זענען אַרײַנגעקומען צום רעבן, האָט זיך מײַן סאָסיע צעוויינט, ווי אַ קליין קינד. דער רעבע האָט אונדז גוט באַטראַכט,

* אַ שטעטל אין פּוילן (באַמ. פון אווט.).

אויסגעהערט מײַנ סאָסיעס טײַנעס און האָט מיך צוגערופן צו זיך. איך בין צוגעגאַנגען. ער האָט מיך געפרעגט: ווער איך בין, פונוואַנען איך בין און וואָס איז מײַן באַקאָשע? איך האָב זיך אים גאַנץ פײַן אָפּגערעקאָמענדירט און האָב אים געזאָגט, אז איך באַגער פון אים גאָרניט, און האָב אים דערציילט די מײַסע מיט אונדזער פײַטלען דעם מעשוגענעם, אז דער זון האָט אים אָפּגעפירט קיין ט... צום רעבן ד... זוצ״ל 1, זענען בײדע אַרײַנגעפאַלן צום רעבן מיט א געוויין: דער פאָטער האָט געשריגן, אז דער זון איז מעשוגע, און דער זון האָט געשריגן, אז דער פאָטער איז מעשוגע, האָט זיי רעב ד... געזאָגט, אז זיי זענען בײדע מעשוגע... דעם רעבן איז געפעלן די מײַסע, און האָט פארשטאַנען, אז איך בין א קלאָרער... האָט ער מײַנע סאָסיען ארויסגעשיקט און מיך געבעטן זיצן און האָט מיך געפרעגט: ווי קומט דאָס, וואָס מע האָט מיך געמאַכט פאַר א מעשוגענעם, האָב איך אים דערציילט די גאַנצע מײַסע מיט דײַן בריוו, איך האָב אים געוויזן דײַן צווייטן בריוו פון יענער וועלט. ער האָט אים איבערגעלייענט 2 מאָל און איז געווען שטאַרק פאַרוווּנדערט. נאָך דעם האָט ער א ביסל געקלערט און האָט מיך געבעטן, אז ווען איך וועל דיר שרײַבן בריוו, זאָל איך דיר גריסן פון זײַן ליבן נאָמען... ער זאָגט, אז ער האָט צו דיר עפּעס א באַקאָשע, און אז דו וועסט זײַן אזויפיל גוט, וועט ער דיר באַזונדער א בריוו שרײַבן, נאָר ער ווייסט ניט וווּהין צו שיקן: אין גענעם צי אין גאַניידן? ער האָט זייער מוירע, אז די לייצים זאָלן כאָלילע ניט אַרײַנכאַפּן זײַן בריוו פון דער פּאָסט און אָפּדרוקן אין זייערע גאַזעטן... איך האָב אים געפרעגט, וואָס ער זאָגט עפּעס אָפּ דײַן בריוו? האָט ער מיר געענטפערט, אז ער ווייסט אליין אויך גאַנץ גוט, אז דער גאַניידן איז ניט באַשאַפן געוואָרן נאָר צוליב די כסידים אליין, וואָס אונטער זיי זענען דאָ „קאָלבוי"... איך האָב דערהערט אָט די ווערטער, בין איך אונטערגעשפרונגען און האָב א געשריי געטאָן:

— סטײַטש, רעבע! וואָס רעדט איר? איר אליין? אָפּ אײַערע כסידים? וואָס הער איך?

— שא, וועלוול, שרײַ ניט אזוי: מײַנע כסידים וועלן דערהערן.

— ווי?אזוי זשע רעדט איר מיט מיר אזעלכע ווערטער, רעבע? וואָס וועט איר טאָן, אז איך וועל זיי דערציילן?

1 זאצאל — זייכער צאדיק ליווראָכאָ — זאָל זײַן געבענטשט אָנדענק.

— פאר דיר, וועלוול, האָב איכ קיינ מוירע ניט: דיר וועט מענ ניט גלייבנ, דיכ האלט מענ פאר א מעשוגענעמ...

— אז עס איז יאָ אזוי, רעבע, זאָגט זשע מיר, איכ בעט אייכ, זאָלט איר מיר הונדערט אונ צוואנציק יאָר לעבנ, איז עס עמעס, אז איר באוויַיזט אזעלכע מויפסימ, וואָס דער מויעכ ברעכט? איר זענט מעכיַיע־מייסימ, פוקד עקרות[1], איר גיט פארנאָסע בעשעפע, איר רעדט מיט מאלאָכימ, איר... איר?...

— עס איז מיר א וווּנדער, כ'לעבנ, — האָט מיכ דער רעבע איבערגעשלאָגנ, — אז דו זאָלסט אויכ גלייבנ די שויטימ, וואָס טראכטנ אפ מיר אויס אזעלכע זאכנ. כ'לעבנ, וועלוול, איכ האָב זיכ דאָס אפ דיר ניט גערעכנט. דו ביסט דאָכ ניט קיינ גאָר...

— וואָס רעדט איר, רעבע? וואָס זשע איז דאָס? פאָקוס? אָבמאנ? מאָשענסטוואָ, גראבעזש?!!..

— ש־ש־ש־שא, שא, וועלוול, שריַי ניט אזוי, וואָס ביסטו אזוי ניספאָעל געוואָרנ? דאָ איז ניטאָ קיינ שומ גראבעזש, — אזוי ווי אלע פארנאָסעס; מע גיט מיר געלט — נעמ איכ. פארוואָס קומט דאָס מיר, אז איכ זאָל זיַינ בעסער פונ דעמ גרויסנ פראָפעסאָר דער מעדיצינ, וואָס נעמט געלט נאָר פאר א קוק אונ העלפט גליַיכ מיט מיר? גלייב מיר, וועלוול, אז דאָס איז נאָר א מאזל: עס איז פאראנענ א דאָקטער א מומכע, אנ אָרנטלעכער, א מענטשנ־פריַינט אונ פונ־דעסטוועגנ רופט מענ אימ ניט, אונ ער האָט קיינ פראקסע ניט אונ ליַידט מאנגל, אונ אנ אנדערער דאָקטער, וואָס ווייסט ניט, וואָס עס טוט זיכ אינ דער מעדיצינ אונ קענ ניט דאָס, וואָס יענער האָט אינ דער פאָ־דעשווע, נאָר ער האָט גליק אונ פארשטייט דעמ אייסעק דעמ אוי־לעמ איַינצורעדנ, אז ער איז א גרויסער בעריע, האָט ער אי געלט אי קאָוועד: מע כאפט אימ אופ פאר א גרויסנ דאָקטער; מע פאָרט צו אימ פונ דער גאנצער געגנט; געווּג, אז דער כוילע גלייבט אינ אימ, ווי דער שויטע, וואָס גלייבט אינ מיר, אז דאָס שליסל פונ די קינדער, פונ פארנאָסע אונ פונ. קאָוועד איז בא מיר... גלייב מיר, וועלוול, אז עס איז נאָר א האצלאָכע, אונ דערצו דארפ מענ זיַינ א ביסל א דרייקאָפ אויכ, גליַיכ מיט דעמ גרויסנ דאָקטער... איכ ווייס ניט, ווער וואָלט בעסער געוועננ פונ מיר, אז מע זאָל אימ טראָגנ געלט אונ ער זאָל נאָכ ניט וועלנ צונעמענ?.. דערצו מוזטו נאָכ וויסנ, אז ניט איכ בינ אינגאנצנ דער כיַיעוו: מע האָט מיכ

[1] פויקייד אקאָרויס — געמיינט: ער העלפט אקאָרעס.

אזוי דערצווינגן, קיין אנדערע מעלאָכע קען איך ניט, איך טויג צו קיין זאך ניט, נאָר זיצן און צונעמען קוויטלעך... אמאָל אַן אייצע געבן יענעם, שאָלעם מאכן צווישן שוטפים און צווישן מאן און ווייב; אמאָל זאָגן א גוט וואָרט אויך, קיין געלט קאָסט עס מיך ניט, און יענעם קומט עס צונוץ... ארײַנמישן זיך אין קאָהאָלשע זאכן, זאָגן א דייע אין דער טאקסע...

— אז עס איז שוין יאָ אזוי, רעבע, פארוואָס זשע זאָלט איר זיך טאקע ניט ארײַנמישן אין וויכטיקע זאכן אויך? סטײַטש, רעבע! עס איז הײַנט אזא צײַט אף ייִדן! מע טרײַבט, מע שלאָגט, מע יאָגט! די פּאָגראָמען, די גראבעזשן! איר ווייסט דען ניט, וואָס עס טוט זיך בא אונדז? גוואלד, רעבע, אזא צײַט, אזא צײַט!!..

— ש־ש־ש־שאַ, שרײַ נאָר ניט אזוי הויך, איך בעט דיך, וועלוול! רעד שטילער א ביסעלע, אזוי ווי איך. מיין ניט, וועלוול סערדצע, אז איך ווייס ניט, וואָס עס טוט זיך הײַנט בא אונדז. איך ווייס אלעס: איך לייען בישטיקע אלע ייִדישע צײַטונגען — איך אליין קען אפילע ניט גוט, האָב איך בא זיך א כאָסיד, א גוטן אפּי־קוירעס, וואָס ער לייענט מיר — זע איך, וואָס מע שרײַבט, און ווייס, אף וואָס פאר א לאגע ייִדן שטייען הײַנט... נאָר וואָס קענען מיר טאָן? דער „המליץ"[1] שרײַבט אף אונדז, אז מיר זענען עקס־פּלואטאטאָרעס, בלוטזויגערס, מענטשן־פרעסער און נאָך אזעלכע זאכן. יאָ, ער איז גערעכט: מיר נעמען געלט און טוען גאָרניט... איך זע, וועלוול, דו ביסט ניט קיין נאר, איך פרעג דיך אליין, זאָג מיר, וואָס פאָדערט מען פון אונדז, „גוטע־ייִדן"? וואָס זאָלן מיר טאָן? אדעראבע, זאָג אליין, וועלוול סערדצע!

— סטײַטש, רעבע, קאָלאָניעס מאכן, געלט קלײַבן אף ייִשעוו ערעץ־ייִסראָעל, דעם אוילעם בילדן, הייסן ארבעטן, לערנען א מעלאָכע, ניט זײַן לײַדיקגייער, ווינט־יאָגער, גוואלד, רעבע!!!

— ש־ש־ש־שאַ, וועלוול סערדצע, א ביסעלע שטילער, וואָס טויג דיר רײַסן דעם האלדז? איך פרעג דיך נאָר, וועלוול סערדצע, וואָס רעדסטו? מיט וועמען רעדט מען דאָ פון פאלעסטינע? מיט שוּטים, מיט פוילע יונגאטשעס, שיראַים־כאפּער, טעלערלעקער? פון די פּליאסקעס איז גאָר ניט קעדײַ צו רעדן; זיי ווייסן נאָר זייערס: איבערלאָזן דאָס ווײַב מעובערעס אָן ברויט און קומען צו מיר פרעסן און זויפן און פראווען נעקיִעס... דאָס איז גאָר א באזונדער

---

1 „האמייליצ".

פאָלק; דאָס איז גאָר פראָזם, ווילדע מענטשן; עס איז אָבער בא מיר דאָ אזא קאַטעגאָריע כסידים, וואָס פארשטייען יאָ עפּעס אן אייסעק און ווייסן, אז דאָס גאנצע כסידעס איז א קאָמעדיע... און פונדעסטוועגן פאָרט מען צו מיר און מע דערציילט אף מיר ניסימ וועניפלאָעס, וואָס עס איז ניט געשטויגן און ניט געפלויגן, און יעדער האָט זײַנע אינטערעס דערביַי: ווער פאר גאָדלעס, ווער פאר רעגילעס, ווער פאר אָפּנארן די וועלט צוליב קרעדיט, צוליב א שידעך, אָדער גאָר דעם אנדערן גוויר אף צעזעצעניש, אז עס זאָל אים שטעכן און ברעכן, וואָס איך גיב אים אָפּ קאָוועד פאר געלט, און נאָך קעדוימע אזעלכע דומהייטן... און גלייב מיר, וועלוול, ווען איך עפן נאָר א מויל וועגן פאלעסטינע, קאָלאָניעס, בילדונג, וועט מען אף מיר זאָגן, וואָס מע האָט אמאָל געזאָגט אף אונדזערן א ברודער ב... און מע האָט אים געמאכט פאר א מעשוגענעם. אָדער אשטייגער, אזוי ווי דו, וועלוול, מיט דײַנע לייבעלעס בריוו פון יענער וועלט... גלייב מיר, וועלוול סערדצע, איך האָב וועגן דעם ניט איין מאָל געקלערט. נאָר עס איז אומזיסט! ניט מיר האָבן דעם נאראָד פאר כסידים געמאכט; דער נאראָד האָט אונדז פאר „גוטע־יידן" געמאכט! און ווען איך זאָל זײַן איינער אף דעם יאריד, וואָלט איך א שפּײַ געטאָן אף דער וויסטער פארנאָסע און וואָלט אופגעקלערט מײַנע כסידים, וואָס הייסט א „גוטער־ייד" און וואָס הייסט א „גוטער מענטש", און וואָס פאר אן אונטערשייד עס איז צווישן זיי... נאָר גאָט באָרוך־הו האָט אָבער געבענטשט רוסלאנד מיט א סאך „גוטע־יידן", און יעדער לאָזט נאָך זיך א דאָר אף יאָרן... נו, וואָס זשע וועל איך פּויעלן, אז איך וועל אויסזאָגן דעם סאָד, אז מיר אלע ווייסן אזוי, וואָס עס טוט זיך אין הימל, ווי וואָס עס טוט זיך צען מײַל פונדאנען, איך וועל בלײַבן א נאר, א פאריק־טער, אן אפּיקוירעס, אָן פארנאָסע; וואָרעמ צו וואָס טויג איך אף דער ווײַסער וועלט? — א קאַץ אוים דעם אויוון ארויסצוטרײַבן! און גוטע־יידן וועלן בלײַבן גוטע־יידן. א סאך פּויעלט דער „המליץ" מיט זײַן יידיש בלאַט, ער רײַסט זיך אומזיסט אוים די קעל עטלעכע צוואנציק יאָר און קויפט זיך נאָר סאָנימ אומזיסט און אומנישט. איך בין דיר אָרעוו, אז ער וואָלט געהאלטן מיט אונדזערע לײַט, וואָלט ער געהאַט צען מאָל אזויפיל פּאָדפּי־שטשיקעס (אבאָנענטן) און וואָלט אין גאָלד געגאנגען, ער וואָלט אין פּעטערבורג געהאַט דאָס שענסטע הויז. עס איז אן אלטער

קלאל: איינ שוואלב קענ קיינ זומער ניט מאכנ, אונ צווישנ א סאכ וועלפ העלפט ניט דעמ פוקס כאָכמע.

— אז דער אייסעק געפעלט אײַך ווידער ניט, רעבע לעבנ, וואָס זשע לעבט איר נאָכ אזוי ברייט?

— אָ, וועלוול ברודער! די מעלאָכע פאָדערט עס, איכ וויים גאנצ גוט, אז פאר „אונדז" איז דער געגעמ אויכ קארג! דו מיינסט, אז איכ זיצ אינ אזא גרויס הויז אפ זײַדנס אונ אפ סאמעט, בינ איכ שוינ דער גליקלעכער מאנ? אָ, וועלוול סערדצע, האָסטו א גרויסנ טאָעס: איכ בינ אנ אומגליקלעכער...

בא די ווערטער האָט דער רעבע אראָפגעלאָזט דעמ קאָפ אפ די הענט אונ איז געלעגנ א צוויי מינוט. איכ האָב אימ אָנגענומענ בא א האנט, האָב איכ געפילט, אז ער איז נעבעכ דער זעלבער אומגליקלעכער, וואָס איכ.

— זאָגט זשע מיר, רעבע לעבנ, יענע גוטע־יידנ פארשטייענ אויכ דאָס זעלבע, וואָס איר?

— זיי ווייסנ אלע, — האָט ער מיר געענטפערט, — זיי ווייסנ גאנצ גוט! נאָר ווער וויל דאָס פונ אזא גאָלדענער פארנאָסע זיכ אָפזאָגנ? יעדער פונ אונדז האָט אנ אָרעמע מישפּאָכע, קינדער אונ קינדס־קינדער — אונ ווענ ניט דאָס געשעפט, דארפנ מיר אלע נעמענ טאָרבעס אונ גיינ בעטלענ... איכ פרעג דיכ, וועלוול, ווײַז מיר פונ די „הײַנטיקע", פונ די געבילדעטע, אז מע זאָל אוועקוואַרפנ ווײַב אונ קינדער, אָפזאָגנ זיכ פונ זײַנ שטאנד אונ גיינ ארבעטנ לעטוווּאס־האקלאל? ווײַז מיר, אדעראבע, א דאָקטער, אנ אינזשעניער, אנ אדוואָקאט פונ אונדזערע ברידער זאָל אוועקווארפנ האקל־באקל צוליב פאלעסטינע, צוליב אונדזערע אָרעמע ברידער? דאָס, וואָס זיי זשאלעווענ ניט קיינ טינט מיט קיינ פאפיר אונ שרײַבנ אמאָל ארײַנ אינ א צײַטונג, איז דאָס נאָכ ניט קיינ קאָרבנ: עס קאָסט קיינ געלט ניט, אונ עס איז נאָכ א קאָוועד אויכ, אונ אמאָל צאָלט נאָכ דער רעדאקטאָר צו עטלעכע רובל, אויב עס איז נאָר קײַלעכיק אָנגעשריבנ. איכ פרעג דיכ נאָר, וועלוול סערדצע, וואָס איז דער גאנצער גוואלד אפ אונדז, „גוטע־יידנ"? וואָס טשעפּעט מענ זיכ בעסער ניט צו די הײַנטיקע? וואָס טוענ אונדזערע ראבאָנימ אינ די קליינע שטעטלעכ? וואָס טוענ אונדזערע קאזיאָנע ראבאָנימ? וואָס שווײַגנ אונדזערע גווירימ? וואָס איז אינגאנצנ דער גוואלד אפ אונדז — בידנע „גוטע־יידנ"? עכ, וועלוול, — האָט מיר דער רעבע געזאָגט אונ האָט גע־

שאָקלט מיט דעם קאָפּ, — אַך, ברודער, עס איז היינט א שלעכטע וועלט, א פאַלשע וועלט; יעדער האָט נאָר ליב זיך, יעדער האָט א מאָגן און יעדער וויל זיצן גרויסאַרטיק, פאָרן אין א קאַרעטע, גיין שיין אָנגעטאָן: דער מיניסטער, דער פּראָפעסאָר, דער גוויר, דער אָרעמאַן, דער סויכער, דער „גוטער־ייִד”, דער דאָקטער, דער ראָוו, אפילע דער שויכעט — אַלע, מיט איינעם וואָרט אַלע, אַלע, אַלע ווילן גוט לעבן...

איך האָב נאָרוואָס געעפנט דאָס מויל צו ענטפערן, האָט זיך אופגעעפנט די טיר און עס איז צום רעבן צוגעגאַנגען א טרוקן כאָסידל מיט א שיטער בערדעלע מיט א פּאָר שוואַרצע ברענענ־דיקע אויגן. דער רעבע האָט זיך דערפרייט און האָט מיר פאָר־געשטעלט דאָס כאָסידל מיט דעם נאָמען „סימכע רעב מוישע־פּיניעלעס”. ער האָט אים געגעבן דיינע ביידע בריוו פון יענער וועלט; סימכע רעב פּיניעלעס האָט זיי געשווינד איבערגעלייענט, און א צופרידן שמייכעלע האָט אָנגעהויבן שפּילן אף זיין טרוקן, געל פּענעמל. ער האָט א קוק געטאָן אף דעם רעבן, דער רעבע אף אים, און האָבן זיך ביידע צעלאַכט. דער רעבע האָט צו מיר געזאָגט:

— קוקסטו אָן אָט דאָס בידנע כאָסידל, וועלוול סערדצע? אָט דאָס איז מיין אפּיקוירעס, וואָס לייענט מיר צייטונגען מיט בי־כער... אַמאָל. מיינע כסידים זאָגן אף אים, אז ער איז אַן איש־עלויקים, ער האָט אין זיך א ביסל רועכ־האַקוידעש, און דערפאַר האָב איך אים אזוי ליב.

סימכע האָט מיך גוט באַטראַכט און האָט מיך געפרעגט:

— איר ריכט זיך איינגיכן נאָך צו האָבן א בריוו פון אַייער רעב לייבעלען פון יענער וועלט? ווייזט נאָר קיינעם ניט אַייערע בריוון; אז איר וועט ערהאַלטן עפּעס פון לייבעלען, זאָלט איר באַלד ווייזן דעם רעבן.

— נו, יעצט, רעבע לעבן, וועט איר מויכל זיין זאָגן מיין ווייב, אז איך בין ניט קיין מעשוגענער און לאָז מען מיך שוין אָפּלאָזן!

— ניין, וועלוול סערדצע, דאָס קאָן איך ניט, — האָט מיר דער רעבע געזאָגט פאַרזאָרגט, — איך וואָלט דיך מיט פאַרגעניגן אָפּגעלאָזט — איך קאָן אָבער ניט: דו מוזט בא מיר אָפּזיצן א צוויי־דריי וואָכן, און דו מוזט אַלע טאָג גיין צו מיר אהער, און דאָס וועט היילן דיין קוראַציע, און נאָכדעם וועל איך דיך אָפּלאָזן, און מיין „כעוורע” וועט אַרויסלאָזן א קלאַנג, אז איך האָב דיך קלאָר געמאַכט... נאָר טאָמער וועסטו דערציילן א וואָרט פון דעם,

וואָס מיר האָבן דאָ גערעדט און וועלן נאָך רעדן, וועט מען דיך ווידער בינדן, ווי א מעשוגענעם, און שלעפּן צום טאַטער אָדער צום רעבן...

— איך בעט אײַך, רעבע לעבן, האָט ראַכמאָנעס אַפ מיר: די כסידים לאָזן מיך ניט אָטעמען, און מײַן שווימער, לעמל דער שאַמעס, מאַכט מיר דעם טויט!..

— נו, נו, איך וועל דיך באַוואָרענען, אַז עס זאָל דיר זײַן גוט באַ מיר. יעצט, וועלוועל סערדצע, גיי געזונט, נאָ דיר דײַנע בריוו און קום צו מיר מאָרגן, וועסטו זיך באַקענען מיט מײַנע אַפּיקוירעס: ער וועט דיר געפעלן; גיי געזונט, גיי געזונט!

אַז איך בין אַרויסגעגאַנגען פון דעם רעבנס כיידער, האָבן די כסידים אַפ מיר געקוקט מיט גרויס קינע: איך האָב געהערט, ווי מע האָט פון מיר גערעדט:

— וואָס זאָגסטו, מענדל, אַפ דעם מעשוגענעם? אַזאַ גליק! אַזאַ זכיע! צוויי שאָ מיט א האַלבער שטיין און קוקן אַפ דעם רעבן, זכותו יגן עלינו[1]!

— ביסט אים מעקאַנע? — האָט אים מענדל געענטפערט, — ווער מעשוגע, וועסטו אויך האָבן די אייגענע זכיע...

— אַ, דו סמאַרקאַטש, דו אַזעס מעבוצעפ פּליאַסקע פּאָנעם!..

דאָס איבעריקע האָב איך ניט אויסגעהערט: עס איז אַרויסגע־לאָפן דער עלטסטער גאַבע פון דעם רעבן און האָט מיך אָפּגעפירט אין א באַזונדער צימער, טאַקע אין דעם רעבנס הויז, זייער א פײַן ביידערל. און פון לעמל דעם רוויצייעב בין איך שוין באָרעכ־האַשעם פּאָטער געוואָרן. מע האָט מיר אַרײַנגעטראָגן זייער א גוטן אָנבײַסן, און יעצט שרײַב איך דיר, מײַן ליבער לייבעלע, דיזע בריוו און בעט דיך איניגיכן אָן ענטפער. זײַ געזונט און שטאַרק, ווי עס ווינטשט דיר דײַן בעסטער פרײַנט וועלוועל.

P. S. איך האָב דיר פאַרגעסן צו שרײַבן, אַז דײַן נאַפּטאָלקע האָט יענע וואָך אָנגעזעצט, און פיל אָרעמע יעסוימעס מיט אַלמאָ־נעס ווייגען יעצט איבער זײַן קאָפּ. דײַן הויז האָט מען פאַרקויפט פאַר די כויוועס. רעב אוורעמל קוועטש האָט מען געבאַפט, אַז עס גייט אָפּ פון די ערעצ־יזיסראָעל־פּושקעס צוויי טויזנט זעקס הונדערט מיט אַכצן רובל. און אונדזער נײַער גוויר, זאַכאַר גריגאָריעוויטש דרייזיך, האָט געשענקט 5000 רובל אַפ א פּוילישן קאַסטיאָל, און

[1] זכוסו יאָגײַן אָלײבן — זײַן זכוס זאָל אונדז באַשיצן.

אז מע איז געקומען צו אים בעטן א נעדאָווע אף די ראַזגראָמעטע ייִדן אין קריוואָראָג, האָט ער געענטפערט דורך דעם לאַקיי, אז ער ווייסט אליין אויך, וועמען מע דאַרף העלפן, און ער וויל מיט קיין ייִדעלעך קיין האַנדל ניט האָבן... בעסאַכאַקל זענען הײַנטיקן נאָך פּייסעך אנטלאָפן פון די עלטערן אין אונדזער שטעטל „פּינצ־טערניש" זעכצן מיידלעך מיט פופצן יונגעלײַט, וועלכע האָבן אין פּאַסטאָוו כאַסענע געהאַט, און דאָס זעכצנטע מיידל, וואָס איז אי־בערגעבליבן אָן א באַשערטן, איז געקומען צוריק און זוכט אן איס־קליוטשעטן (אויסגעשלאָסענעם) גימנאַזיסט, וועלכער זאָל זיך וועלן אין איר פאַרליבן און אויך אנטלויפן באַסענע האָבן, ווי אירע פופצן כאַווערטעס... רעב כאַיִם־מוישע שטינקעלפּײַן האָט דער־הערט, אז די פירמע „טרוקענהאָלץ" האָט אָנגעזעצט, האָט ער זיך אויך געשטעלט און וויל ניט געבן קיין שטיקל ברויט אן אָרעמאַן... דאָ, אין דער שטאָט בלאָטע, אין דער נײַער קלויז האָבן זיך פאַר־פּלאָדעט מײַז אונטערן פּאָל און א פּלעשעלע מאַשקע מיט פאַר־בײַסן אין אָרנקוידעש... אין מאַלאָראָסיע, אין א קליין שטעטל לוב־ען, האָבן די גווירים געמאַכט א „טאַלמוד־טוירע" מיט א „האַכ־נאָסאָס־אָרכים־הויז", מיט א שטיקל „ביקער־כוילים". נאָר זיי האָבן אן אומגליק נעבעך: עס איז ניטאָ קיין טאַלמידים אין דער „טאַלמוד־טוירע" — נאָר מעלאַמדים. די טשלענעס פון דער „טאַלמוד־טוירע" קלײַבן זיך צונויף אלע נאַכט און באַקלערן, וואָס פאַר א פּאָגאָדע וועט זײַן מאָרגן... עס איז ניטאָ דאָרטן קיין אָרעמעלײַט, וואָס זאָלן גיין עסן אין דער „האַכנאָסאָס־אָרכים־קיך", און אין דעם „ביקער־כוילים" איז ניטאָ אפילע איין כוילע, כוץ דעם שאַמעס, וואָס איז באַרעכ־האַשעם באַם בעסטן געזונט... דער פירער פון דעם לוב־ענער קאָהאָל רעב ב. ק. איז מאַכריז־אומוידיִע, אז ווו עס געפינט זיך ערגעץ אן אָרעמאַן אין רוסלאַנד אָדער אזוי א הונגעריקער, זאָל ער קומען צו פאָרן קיין לוב־ען עסן א וואָלוועלן אָנבײַסן, און טייקעף־אומיִיאַד וועט מען אים צונעמען אין „ביקער־כוילים" אַרײַן אף א האַלב יאָר אָן געלט... טאָמער האָט עמעצער אן אלטן טאַטן א גוויר, וואָס איז אף דער צײַט... זאָלן זײַנע זין קומען קיין לוב־ען, וועט מען זיי צונעמען אין דער „טאַלמוד־טוירע", און אין איינע דרײַ יאָר וועט מען זיי דאָרטן אויסלערנען „באָצי־קאַדעש"... גיך און גוט! — די שטאָט לוב־ען קוקט נאָר ארויס אף א באַן — מע זאָל זיי שיקן אָרעמעלײַט אף שאַבעס: קיין עסן מיט קיין געלט זשאַ־לעוועט מען דאָרטן ניט, און אן אייצע קריגט מען דאָרט אויך —

עס איז א געבענטשטע שטאָט!.. נו יעצט, מײַן טײַערער לייבעלע, זײַ מיר געזונט און גליקלעך! שרײַב מיר וואָס צום גיכסטן עפּעס גײַט פון יענער וועלט, — נאָר היט זיך פאר די לייצים, אז זיי זאָלן כאָליילע ווײַטער ניט איבערכאַפּן אונדזערע בריוו! איך וואָלט זייער געוואָלט וויסן, ווער איז אָט דער שלימאַזל דער „שאָלעם־אַלייכעם“, וואָס מאכט פון אונדז כויזעק? כאַפּט אים דער וואַטנמאַכער! זײַ געזונט! זײַ געזונט! פון מיר דײַן בעסטער פרײַנט וועלוול...

# V

## רעב לייבעלע פון יענער וועלט צו רעב וועלוועלן אַף דער וועלט

אסאַראָ־בעטייוועס היתרמ״ד

מײַן אלטער בעסטער פרײַנט!

איך האָב דיר יעצט אזויפיל נײַס צו שרײַבן, אז איך ווייס נאָר אליין ניט פון וואָס אָנצוהייבן פריִער. איך זאָל אציינד זײַן אַף דער ערד, וואָלט איך ארויסגעגעבן א צײַטונג אונטער דעם נאָמען „עמעס“; איך וואָלט געהאט מאטעריאַל אַף דרײַ יאָר צו שרײַבן. דו, טײַערער וועלוול, וואָלסט געוועזן מײַן מיטהעלפער. איך וואָלט געשריבן פארשיידענע נײַיִקײַטן, לייטארטיקלען און נאָוועלן, אויך פון דער היגער בירזשע (איך וועל דיר אמאָל באשרײַבן די היגע בירזשע), און דו, וועלוול, וואָלסט געשריבן ראָמאַנען, ערציילונגען פון דעם ייִדישן לעבן. נאָר איך וואָלט דיך געבעטן, זאָלסט לאָזן צורו די „גוטע־ייִדן“ — שבקא לרויא דממילא נפל [1] — לאָז זיי צורו, זיי וועלן אליין פאלן; דאָס איז נאָר א מאקע אַף דעם קלאַל ייִדנטום, און עס איז ניט קעדײַ הײַנטיקע צײַט אופרודערן אַלטע וווּנדן... דו קאָנסט זיך בעסער צוקוקן צו אנדערע זײַטן פון דעם ייִדישן לעבן אין די הויכע פענצטער, אונטער די נאקעטע קעפּ מיט די געגאָלטע בערד; קען זײַן, אז דאָ זאָלסטו געפינען מער אינטערעס און רײַכערן מאטעריאַל אַף צו שילדערן, ווי אין דעם מיסט, וואָס מע עסט זיך אָן מיט שטויב און מע שמעקט זיך אָן ניט מיט קיין גוטע אראָמאַטן... נאָר אזוי ווי מיר גיבן נאָך לעסאַטע קיין צײַ־

1 שאווקאָ לעראוויאָ דעמימיילאָ נאָפּייל — לאָז (טשעפּע ניט) א שיקערן, ער וועט בעמיילע פאלן (א טאלמודיש שפּריכוואָרט).

טונג ניט ארוים — האלעווע וואלטן אונדזערע ברידער געלייענט די צייטונגען, וואס גייען ארוים פונ־זייערטוועגן! — וועל איך דיר א ביסל באשרייבן פונ דעם, וואס איך האב זיך דא איבערגעזען אין דער לעצטער צייט.

דו ווייסט דאך שוין, ליבער וועלוול, אז מיך האט מען אפגע־שטעלט אפ א צייט, איך זאל זען, וואס עס טוט זיך דא אפ דער עמעסער וועלט; נאר אזוי־ווי איך קאן ניט קיין לאשן און בין דא נאך מער פרעמד, האב איך געבעטן, מע זאל מיר געבן א טאל־מאטש; האט מען מיר געשטעלט א יונגן אוילעם־האטויעניק, זייער א געבילדעטן דייטש. מיט אים גיי איך מיר קעסיידער ארום. ער רעדט מיט די פאדסודוימע און זעצט מיר איבער וואָרט בא וואָרט, וואס ער הערט, און גיט מיר צו פארשטיין פיל זאכן, וואס איך האב ביז יעצט ניט געוווּסט. מיין טאלמאטש הייסט איזאק; ער איז אליין פונ אדעס און האט געענדיקט אן אוניווערסיטעט, האט כאַ־סענע געהאט און האט אפגעלעבט מיט זיין פרוי א יאר דריי; נאך דעם האט ער זיך פארליבט אין א קריסטלעך מיידל און איז מיט איר אנטלאפן קיין פראנקרייך. זיין פרוי האט פאר צארעס איינגע־נומען סאם און איז געשטארבן. איזאק האט זיך ערשט דעמלט ארומגעקוקט, אז ער האט געטאן ניט ווי קיין הויך געבילדעטער מאן, אז דאס מיידל, וואס האט אים פארשלעפט קיין פראנקרייך, האט אים אוועקגעווארפן און איז אנטלאפן מיט אן אפיצער. עס איז אים געווארן שווער צו לעבן אפ דער וועלט, האט אים זיין פאטער — זייער א קלוגער מאן — אן אייצע געגעבן, ער זאל זוכן א רו אין הארצן דורך מייסים־טויווים, וועלכע יעדער מענטש קען געפינען אין יעדן ארט, צו יעדער צייט... עס איז אונטערגעשפרונגען די שלעכטע צייט אפ יידן אין רוסלאנד מיט די געוויסע פאגראמען, מיט די וורעמענע פראווילעס, מיט... אז

די סאָנים האבן אונדז גענומען בייסן,
פונ הינטן, פונ פארנט, צופן, רייסן,
אין די פענצטער ווארפן שטיינער,
דערצו גאר פאשעט ברעכן די ביינער...

דא האט זיך פארגעשטעלט פאר דעם אומגליקלעכן איזאק זייער א ברייטער פלאץ צו ארבעטן און צו פארגעסן די אייגענע צארעס. געלט האט ער געהאט א סאך, באקאנטע און גוטע־פריינט נאך מער, האט ער זיך גענומען צו דער ארבעט גאר אפ אן אנדערן אויפן:

ער איז צוגעשטאַנענ צו א קאָמיטעט פונ דער אמעריקאַנישער עמיגראציע אונ האָט געארבעט טאָג ווי נאכט. דאָס גאנצע געלט האָט ער אוועקגעשיקט קיינ בראָד פאר די אָרעמע עמיגראַנטנ, אונ אַליינ האָט ער זיכ באזעצט אינ פראנקפורט, אונ זײַנ אַוודע איז געווענ אופצונעמענ די עמיגראַנטנ, וואָס פלעגנ רײַזנ מאסנווײַז איבער פראנקפורט, אונ מיט יעדנ באזונדער איבערעדנ, יעדנ געבנ גוטע אייצעס אונ רעקאָמענדאציעס צו אלע גרעסטע לײַט אונ אויכ געלט מיט קליידער. ענדלעכ האָט אימ דאָס אויבער־קאָמיטעט נאזנאמשעט קיינ טעקסעס (אמעריקע), ער זאָל דאָרט זײַנ סעקרעטאר פונ דעמ דאָרטיקנ קאָמיטעט. אפ דעמ וועג האָט ער געכאפט א צוג־לופט אונ איז געשטאָרבנ אונ איז אָנגעקומענ אהער, ווו מע האָט אימ געלאָזט אפ א קליינער צײַט פרײַ, ביז עס וועט ארויסקומענ זײַנ מישפעט, וואָס ער האָט געבראכט א יונגע פרוי פונ דער וועלט איבער צוויי שיינע אויגנ פונ אנ אנדער מיידל... אָט דאָס איז מײַנ כאווער; איכ מאכ דיכ מיט אימ באקאנט, ביכדיי זאָלסט וויסנ, מיט וועמענ איכ קומ זיכ דאָ צונויפ אונ וואָס פאר אנ אײַנדרוק עס מאכט אפ דעמ מענטשנ דאָס קונדשאפט מיט רעכטע לײַט. נאָר וואָס קומט אָבער ארויס, אז איכ האָב שוינ אָפגעלעבט מײַנ וועלטל! אכ, ליבער וועלוול! ווענ איכ זאָל אצינד קענענ לעבעדיק ווערנ אָדער נאָכאמאָל באשאפנ ווערנ! וואָלט איכ ניט געווענ הײַנט דער ליבעלע, וואָס איכ בינ פריִער געווענ!.. אכ! וויפל נארישקײַט, וויפל גרײַזנ איכ האָב אָפגעטאָנ אפ דער פאלשער וועלט! אז איכ טו יעצט א קוק אפ זיכ, ווי איכ בינ געווענ פריִער מיט א יאָר — ציטערט אפ מיר מײַנ לײַב!.. נאָר ניט איכ בינ שולדיק געווענ: דאָס מאכט אלץ די ערציִונג, די בילדונג, וואָס מע האָט אונדז געגעבנ, די לײַט, מיט וועלכע מיר באגעגענענ זיכ אינ דער קליינער צײַט אפ דער ערד!.. איכ זע, ליבער וועלוועלע, אז מײַנע ווערטער וווּנדערנ דיכ זייער אונ ווײַזנ דיר אויס קאָמיש, וואָס דײַנ פרײַנט לייבעלע רעדט עפּעס הײַנט גאָר מיט אנ אנדער מויל. א־יאָ, דו ווונדערסט זיכ, וועלוועלע? מײַנע בריוו אָבער, וואָס איכ וועל דיר אימ־ירצע־האשעמ שרײַבנ ווײַטער, וועלנ דיכ נאָכ מער וווּנדערנ: דו וועסט הערנ אזעלכע זאכנ, וואָס וועלנ דיכ ארויסברענגענ פונ די קייִלימ! נאָר מיינ ניט, טײַערער וועלוועלע, אז איכ וועל דיר שרײַבנ הימל־זאכנ אָדער מײַסעס פונ מאלאָכימ; אָבער גאָר לוי (לא) מיט אנ אַליעפּ! איכ וועל דיר נאָר באשרײַבנ די אלע פארשיידענע לײַט פונ דער פאלשער וועלט, וואָס גייענ דאָ ארומ גלײַכ מיט מיר אינ אוילעמ־האטוי־

הו און מיט וועלכע איך האב באקאנטשאפט און פארברענג דא די צייט. אט די מענטשן עפענען מיר די אויגן: איך הער אויס יעדנס מיינונג, און מיין כאווער איזאק דערציילט מיר איבער און גיט מיר נאכדעם צו פארשטיין און מאכט מיך אויפמערקזאם איבער די אלע גוטע און שלעכטע זייטן פון די לייט; און דאס איז די בעסטע בילדונג, וואס קיין בוך קען זיך דערמיט ניט גלייכן. אזוי ווי דער דאקטער, דער כירורג, אז ער אנאטאמירט (צעשניידט) דעם גוף פון דעם מענטשן און נעמט ארויס יעדעס שטיקל פון דעם קערפער און לערנט יעדעס אייווער באזונדער, ביכדיי ער זאל נאכדעם שוין קענען וויסן, וואס איז דער קערפער פון דעם גאנצן מענטשן, אזוי ערקלערט מיר איזאק דעם כאראקטער פון יעדן באזונדער, אז א קינד פון 5 יאר קען דאס אויך פארשטיין. איך זאג דיר: איזאק איז א זעלטענער מענטש!

אלזא, ליבער וועלוועלע, ווייסטו שוין, וואס איך טראכט דיר צו שרייבן? עס קען זיין, אז אפ דעם ערשטן מאל וועלן דיר מיינע בריוו אויסווייזן א ביסל סקוטשנע, נאר אז דו וועסט זיך גוט איינקוקן אין מיינע בריוו, וועסטו א האנאע האבן. איך וויים ניט, אויב זיי וועלן דיר ברענגען א נוץ, מאכמעס מע האט דיך געמאכט פאר א מעשוגענעם, וועסטו זיך פון די קלארע לייט, וואס זענען געווים ערגער מעשוגע פון דיר, אזוי גיך ניט אויסרייסן; דערפאר אבער וועלן אונדזערע בריוו ברענגען א נוץ אנדערע, איך מיין די לעזער פון דעם „יודישן פאלקס־בלאט". א סימען האסטו, וועלוועלע, אז אונדזערע בריוו אינטערעסירן יא עמעצן, אז עס האט זיך אפגע־זוכט אפ דער וועלט א שלאק עפעס א „שאלעם־אלייכעם", וואס פוילט זיך ניט גיין אפ דער פאטשט און איבערכאפן אונדזערע בריוו, און אראפנעמען פון זיי א קאפיע, און שיקן אין דער רע־דאקציע, און דאס „יודישע פאלקס־בלאט" כאפט זיי אזוי, ווי עפעס רעכטס, מיסטאמע זענען די לעזער אויך צופרידן — א סימען, וועלוועלע, אז מיר זענען אויך נוצלעך. טאמער וועסטו געוואר ווערן, ווער איז דער ש א ל ע ם־א ל יי כ ע ם, מעגסטו אים זאגן פונמיינעט־וועגן, אז איך בין אים דערפאר דער בעסטער גוטער־פריינט.

ה. איזאק האט מיך באקאנט געמאכט מיט א רוסישן גוויר זעג־ליגמאן; ער איז ניט לאנג געשטארבן. ער איז געווען א גרויסער אריסטאקראט און האט זיך געפירט נאך היינטיקער מאדע: גע־פלויגן, געפלאמט, געזשעברעט, געלט מיט פולע זשמעניעס; געמאכט גרויסע געשעפטן, געדרייט מיט דער וועלט, געזוכט קאוועד צוליב

געלט, און געלט צוליב קאָוועד, פאַרקראָכנ, פאַרדרייט, אָנגעזעצט, געקומענ אינ אָסטראָג און ענדלעכ — געשטאָרבנ! דאָס איז דער לעצטער אקט פונ דער קאָמעדיע, וואָס הייסט „לעבנ". ה. איזאַק האָט מיט אימ לאַנג פאַרבראַכט, אויסגעפרעגט אַלעס, וואָס מיט אימ האָט זיכ פּאַסירט, און האָט מיר נאָכדעמ איבערגעגעבנ פּינקטלעכ זײַנ אינטערעסע ביאָגראַפיע:

מאַרקוס זעליגמאַנ איז אויסגעוואַקסנ בא גאַנצ אָרעמע עלטערנ; דער פאָטער איז געווענ א שטיקל סויכער, אמאָל א פאַקטאָר, און האָט געלעבט אינ גרויס דאַכקעס מיט א פאַמיליע פונ 12 פאַרשוינ. דער יינגסטער מאָטעלע (שפּעטער „מאַרקוס") געדענקט דעמ פאָטער, ווענ ער איז שוינ געווענ אַלט און קראַנק. די עלטערע קינדער זענענ זיכ צעקראָכנ אָפּ דער וועלט, מאָטל איז איבערגעבליבנ אַלײנ בא די עלטערנ. דער לעצטער אָרעמער מאַנ בא ייִדנ וועט זײַנ קינד ניט מאַכנ פאַר קײנ באַלמעלאָכע; אפילע דער באַלמעלאָכע אַליינ וויל ניט, אז זײַנע קינדער זאָלנ זײַנ באַלמעלאָכעס. וויאַזוי דער פאָטער האָט זיכ געמוטשעט, נאָר מאָטל איז געגאַנגענ אינ כיידער. פונ קלײנערהייט אָנ האָט ער ליב געהאַט אַלעס צו באַמערקנ און צו באַקלערנ. צומ אַלעמ ערשטנ האָט ער זיכ געכידעשט, וואָס צווישנ די טאַלמידימ זענענ געווען: *טײַערע* און *וואָלוועלע*, *ציטערדיקע* און *פאַרוואָגלטע*. צומ מייסטנ האָט אימ פאַרדראָסנ אײנ טאַלמיד מוישעלע, אָפּ וועלכנ דער רעבע מיט די טאַלמידימ האָבנ קאָוועד געלייגט. מוישעלע האָט געהאַט א נײַעמ סידער, א שיינעמ כומעש, פײַנע קליידער, און די רעבעצנ האָט צוליב אימ געבראָטנ לעבערלעכ מיט פּופּיקלעכ. מיט אימ האָט מענ ווייניקער געלערנט, ווי מיט די איבעריקע טאַלמידימ. אז דער רעבע איז געקומענ פונעמ דאַווענ און האָט געטראָפנ דעמ כיידער איבערגעקערט מיט די פּיס ארופ, האָט ער אַלע טאַלמידימ געשמיסנ, נאָר מוישעלענ האָט ער נאָר געזאָגט מיט א שמייכעלע:

— נו? ווײַסע־כעווורעניק? דו ביסט דאָכ מינאַסטאַמ געזעסנ ווי א סטאַטיק?

דער רעבע האָט אימ געגעבנ א קניפּ אינ בעקל און האָט אימ ארויסגעשיקט אָפּ דער גאַס זיכ שפּילנ, די איבעריקע טאַלמידימ האָט ער געזעצט צומ כומעש און האָט זיי גענומענ ברעכנ די ביינער, ווי דער שטייגער איז. דאָס האָט זיי געברענט, ווי א פײַער, און די קינע איז געווענ אזוי גרויס בא די קינדער צומ ציטערדיקנ מוישעלע, אז ווענ ניט די מוירע פאַר דעמ בייזנ רעבנ, וואָלטנ זיי

אים דערטרינקען אין א לעפל וואסער. נאר דער רעבע האט אבער גע־הייסן, מע זאל מוישעלען אפגעבן קאוועד און ניט אנרירן מיט קיין פינגער. דערפון האבן די ארעמע קינדער אויסגעלערנט כאנפענען — די ערשטע פיינע מידע, א גרויסע מעלה! — מאטל האט זיך לאנג געבראכן דעם קאפ: פארוואס קומט עס אונדז, מיר זאלן ליידן גאלעס, און דער גליקלעכער מוישעלע זאל אזוי פריי זיין? מוישע־לע האט אים אבער אליין פארענטפערט די קאשע. עס האט זיך געמאכט, אז מוישעלע, וואס האט ליב געהאט שטילערהייט צו שלאגן, צו קנייפן זיינע ארעמע כאווייריים, וועלכע האבן געמוזט פאר־שווייגן, האט אויסגעקלאפט מאטלען און האט אים אנגעשיט פולע אויגן מיט זאמד; מאטל האט אים באצאלט מיט פראצענט. מוי־שעלע איז ארייגגעלאפן צום רעבן מיט א געוויין; דער רעבע האט מאטלען אריבערגעלייגט און האט אים גוט געשמיסן, ביז מוישעלע האט שוין נישט געקענט איבערטראגן דאס געשריי און האט גע־בעטן דעם רעבן, ער זאל אים אפלאזן. נאכדעם האט דער רעבע מוסער געזאגט מאטלען: „ווי קומסטו, קאפצן, אופצוהייבן א האנט אפ מוישעלען? דו ווייסט, ווער ער איז? ער איז יאסלטשעם בען־יאכיד! זיין טאטע איז דער ערשטער גוויר אין שטעטל! ער צאלט מיר סכאר־לימעד פאר אים 30 רובל א זמאן! און דיין טאַ־טע, דער קאפצן, צאלט מיר פאר דיר 12 רובל! טאמער וועסטו דער־ציילן דעם טאטן, וועל איך דיך קאטעווען צום טויט! דו שלעפער, זאלסט וויסן אפ ווייטער, אז מיט קיין רייכער פון דיר זאלסטו ניט אנהייבן!..״ — דא האט מאטל געהאט די ערשטע לעקציע, אז רייך איז בעסער, ווי ארעם...

די צווייטע לעקציע האט ער געהאט פון דעם זעלבן מעלאמעד, וועלכער האט פון דעם קנעלונג אליין ניט געקאנט לעבן און האט [איז?] זיך דערצו געוועזן א שאדכן (ווי דער שטייגער איז בא ייִדן). פיל מענטשן פלעגן קומען אין כיידער יעדן טאג, און דא זענען געענדיקט געווארן פיל שידוכים, און בא מאטלען אין קאפ איז איבערגעבליבן דעם רעבנס רייד: „וואס גלייכט איר פייוולען צו זיינוולען? פייוול איז א קאפצן, און זיינוול איז א נאגיד! ער האט א שטוב און א שטאט אין בעסמעדרעש אפ דער שפיגלבאנק! וואס טויג מיר יכעס? געלט — דאס איז דער איקער! ווער עס האט געלט, דער איז דער מעיוכעס!..״

איינמאל איז מען געקומען רופן מאטלען פון דעם כיידער אהיים; דער פאטער איז געלעגן אפן טויטן־בעט. ער האט צוגערופן מאטלען

אונ האָט אים געזאָגט: „איכ דאַרפ באַלד שטאַרבנ... קײנ יערושע לאָז איכ אײַב ניט; אײנ גוט וואָרט קענ איכ דיר זאָגנ פאַר מײַנ טויט, זאָלסט דאָס געדענקענ אַפּ טאָמיד... אינ כײדער קענסטו שוינ מער ניט לערנענ... וועסט אַרויס אַפּ דער וועלט... וועסט זיכ נעמענ צומ מיסכער... זאָלסטו געדענקענ, אַז מע דאַרפ קלײַבנ אונ אָפּהיטנ אַ קערבל ווי דאָס אויג אינ קאָפּ... פונ אַ גראָשנ זאָלסטו מאַכנ צוויי... פונ אַ קערבל — דרײַ, אונ האַלטנ שטאַרק אינ די צײנ, אַז קײנער זאָל דאָס בײַ דיר ניט אַרויסרײַסנ... געדענק זשע, מײַנ קינד, — דער איקער איז דאָס קערבל. וואָרעמ דאָס קערבל מאַכט דעמ מענטשנ שײנ, פײַנ, קלוג!.. אונ אַז דו וועסט פאַרהאָרעווענ דאָס ערשטע קערבל, וועסטו אַלײנ פילנ, ווי זיס דאָס איז...” — דאָס איז געווענ די דריטע לעקציע! מאָטל איז אַרויס אַפּ דער וועלט מיט ליידיקע הענט, מיט דעמ רעבנס לעקציעס אונ דעמ פאָטערס צאַוואָע — אַז דער איקער איז געלט! נאָר וואָס טאָנ? אַ סויכער! אַ סויכער!! וואָס האַנדלט אַנ אָרעמבאָכער? אַלעס! ער איז אַ קוינע־האַקל: דאָרט האָט אַרויסגעטראָגנ אַ גוי שטשעטינעס פונ אַ כאַזער — קויפּ! אַנ אַלטנ קאַפּטנ — קויפּ! אַ רעשעטע — קויפּ! אַ זעקל פּאָלאָווע — קויפּ! אַ שיסעלע וואַקס — קויפּ! אַ שטײַגל מיט אַ פײגעלע — קויפּ! אַנ אַלטע האַק — קויפּ! מיט אײנ וואָרט — קויפּ! אַ ייִדנ דאַרפ מענ קײנ סייכל ניט לערנענ, וויאַזוי צו האַנדלענ: ער פאַרשטײט, אַז מע דאַרפ קויפנ וואָלוול אונ פאַרקויפנ טײַער, געבנ האַלב, וויפל יענער וויל, אונ אויסבעטנ צוויי מאָל אַזויפיל, וויפל עס קאָסט זיכ... אונ אַזוי צוביסלעכ הײבט ער אָנ איבערגײנ פונ פּאָלאָווע אַפּ הרעטשקע, פונ הרעטשקע אַפּ קאָרנ אונ ווייצ; פונ שטשעטינעס אַפּ קאָנאָפּליע, פונ קאָנאָפּליע אַפּ לײַוונט; פונ וואַקס אַפּ כײלעוו, פונ כײלעוו אַפּ האָניק אונ בוימל אונ אַזוי ווײַטער, — אַזוי איז אויכ מאָטל געוואָרנ פונ אַ מאַרק־ייִנגל אַ טוועהענדלער, אַ גרויסער סויכער! מאָטל האָט אַ קוק געטאָנ אינ בײַטעלע — אַ קערבל! מאָרגנ — צוויי! איבערמאָרגנ — דרײַ! שפּעטער — צוועלפ! צענ רובל האָט ער אַרויסגענומענ, איבערגעציילט 3 מאָל, באַטראַכט פונ אַלע זײַטנ, אײַנגעבונדנ אינ אַ בײַטעלע אונ אופגעהאַנגענ אַפּ דעמ האַלדז: לאָז דאָס ליגנ. מאָטל הײבט אָנ צו האַנדלענ ווידעראַמאָל מיט 2 רובל; עס ווערט שוינ 15! מאָרגנ — 20! אינ אַ יאָר אַרומ הענגט שוינ בײַ מאָטלענ אַפּ דעמ האַלדז אַ היפּש קניפּל. ער נעמט דאָס אַראָפּ — שטילערהײט, בײַנאַכט, קײנער זאָל ניט זענ — פּאַוואָלינקע שלעפּט ער אַרויס פּאַפּירלעכ: אַ געלט,

א גרינס, א בלאָוס, א רויטס, א ווײַס — אלערליי פארבנ, אויכ א ריגנבויגנדיקס — א הונדערטער!.. מאָטל האָט א גאנצנ הונדערטער, כוץ קלענערע אסיגנאציעס.

מאָטל פארבינדט דאָס געלט צוריק אונ איז ווײַטער דער זעלבער, וואָס פריִער — דער אָרעמער אָפּגעריסענער באָרוועסער מאָטל. ער עסט ווידער מאקעס אונ שלאָפט, ווי א הונט. מע דארפ זיכ אָבער שוינ מאכנ עפּעס א מאלבעש — מײַסע־סויכער! עס דארפ קאָסטנ 8 קערבלעכ... מע דארפ אויסבײַטנ דעמ הונדערטער!.. ניינ, ניינ!!! מע טאָר ניט!!

אינ אכט יאָר ארומ — מאָטל גייט שוינ אויסגעקליידט, ווי א מענטש, אינ 16 יאָר ארומ — איז שוינ שווער אימ צו דערקענענ: ער טראָגט א גאנצ פײַנעמ פעלצ! שטיוול אפּ סקריפּקעס, א גאָלדענעמ זייגער מיט א שווערער גילדענער קייט, א קאפּעליוש — עס איז גאָר ניט יענער מאָטל...

עס איז אָבער פאָרט ער! — ער האָט שוינ לאנג כאסענע געהאט; ער איז שוינ א פײַנער סויכער, ער הייסט שוינ רעב מאָטל זעליגמאנ, ער האָט גרויס קרעדיט אונ האנדלט אפּ 50 טויזנטער רובל. אינ שול הערט מענ שוינ: „יעמוד מורינו ר׳ מרדכי ב״ר זאב שי־שי 1!״ רעב מאָטל גייט טריט בא טריט, סטאטעטשנע, דער טאלעס מיט א זילבערנער אטאָרע, מאכט די בראָכע מיט אזא דערעכ־ערעצ; דער כאזנ זאָגט: „בעבור שנדר 2״, רעב מאָטל ענטפערט אימ: „ח״י רו״כ 3״, אונ טוט זיכ אפילע ניט קיינ קנייטש, אונ גייט גלײַכ צוריק אינ מיזרעכ־וואנט — גלײַכ ווי ער איז דאָרט אויסגעוואקסנ... בא זיכ אינ דער היימ איז רעב מאָטל א פאָרעצ, א שיינע פרוי, שיינ מעבל; מעקלערס קריכנ אימ אונטער די נעגל: „רעב מאָטל, איר זענט דאָכ הײַנט בא אונדז דער גוויר!..״ מאָטל גלעט זיכ די באָרד.

עס גייט אוועק נאָכ 10, נאָכ 20 יאָר! מע הערט: א נײַער פּאָדראטשיק איז אראָפּגעקומענ אינ א גרויסער שטאָט, א מיליאָנער! ווי הייסט ער? מארק וולאדימיראָוויטש זעליגמאנאָוו! ווער איז ער: א רוס אָדער א דײַטש? — ניינ, א ייִד!..

א גרויס קאבינעט, א וואזשנע שרײַבטיש מיט פיל בראָנזענע אונ מארמאָרנע שרײַבצײַג; בא דער טיר א שווייצאר; מע רעדט רו־

---

1 יאמויד מוירײנו רעב מאָרדכײַ בערעב זעײוו שישי — א טראפארעטע פאָרמול באמ אופרופנ צו דער טוירע.

2 באאווור שענאָדאר — ווײַל ער האָט געשענקט.

3 כײַ רוכ (ראכ) — 18 רובל.

סיש; מע מוז שטיין 2 שאָ אין פּאָרצימער, ביז מע כאַפּט זיך קוים אַרײַן אין קאַבינעט. באַם טיש זיצט אַ שיינער געזונטער מענטש מיט גרויע האָר אַפֿן דעם קאָפּ: פֿון אַ באָרד קיין צייכן ניט, דאָס פּאָ־נעם לויטער, פֿריש; ער רעדט הויך, הילכיק און קוקט פֿון דעם הימל אַראָפּ אַף יעדן; נעדאָוועס שיט ער מיט דער ברייטער האַנט, נאָר אַלץ אַזעלכע, די וועלט זאָל וויסן, ניט די 4 ווענט אַליין. ער גייט צו צום בוכהאַלטער און נעמט בײַ אים דעם באַלאַנס פֿון דעם לעצטן יאָר און גייט אין זײַן קאַבינעט, טוט אַ קוק די לעצטע שורע: „2.300.000 רובל” זאָגט ער צו זיך אַליין מיט אַ שמייכל: „אַ, דו מאָטל, דו שלעפּער, ביסט אַ בעריע? דו האָסט געקענט מאַכן אַזאַ קאַפּיטאַל פֿון 2 מיליאָן מיט 3 מאָל הונדערט טויזנט רובל? כאַ־כאַ־כאַ”.

אָט דאָס איז אונדזער מאָטל.. ער פֿלימט העכער און העכער! ער וויל נאָך! ביזוואַנען? ווייסט ער אַליין אויך ניט! דער זאַטיקער מענטש קלערט אַזוי: „מאָטל! האָסט דערטאַפּט אַ מיליאָן? לייג אַרײַן דאָס געלט אין דער באַנק און זיץ באַרוט און לעב זיך אַף דײַנע יאָרן רויק! וואָס טויג דיר מאַסע־אומאַטן? וואָס דאַרפֿסטו פֿליען?..”
איר וווּנדערט זיך, וואָס אַזאַ קליין מענטשעלע וויל פֿליען אַלעמאָל העכער; איר גיט אים זייער אַ גוטע אייצע אַרײַנצולייגן דעם ערשטן מיליאָן אין דער באַנק און זיצן אין דער היים. איר דאַרפֿט אָבער וויסן צוויי זאַכן: ערשטנס, וועט דאָס זײַן אַ העזעק פֿאַר דער וועלט, אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע; אַז אַלע אשירים וועלן אַרײַנלייגן זייער קאַפּיטאַל אין דער באַנק, ווער וועט האַנדלען? ווער וועט לײַען געלט אין דער באַנק? ווער וועט אופקויפן די טוווּע פֿון דעם לאַנד? ווער וועט שיקן געשעפֿטן מיט אויסלאַנד? וווּ וועלן מיר נעמען דאָס, וואָס אונדזער לאַנד קען אונדז ניט געבן? ווער וועט בויען פֿאַבריקן? פֿון וואָס וועלן לעבן טויזנטער פֿאַמיליעס, אַז דער קאַפּיטאַליסט וועט קיין געשעפֿטן ניט מאַכן? ניין, דאָס איז ניט קיין קונץ אַרײַנצוכאַפּן אַ מיליאָן און פֿאַרגראָבן אין דער ערד; מע דאַרף לאָזן דעם קאַפּיטאַל זיך קאַטשען און וואַקסן; דאָס איז נוצלעך אי פֿאַר דעם קאַפּיטאַליסט, אי פֿאַר דעם עולם, אי פֿאַר דעם לאַנד. צווייטנס, דאַרפֿט איר ניט פֿאַרגעסן, אַז מאָטל זעליגמאַנס האָט דעם מיליאָן ניט געפֿונען אַף דעם יאַריד, לויט דער צוואָע פֿון רעב יעהודאַ־האַכאָסיד. בײַ אים איז פֿון אַ גראָשן געוואָרן אַ קערבל, פֿון אַ קערבל — 10, פֿון 10 — הונדערט און אַזוי ווײַ־טער. וויפֿל נעכט האָט ער אָבער ניט געשלאָפֿן, ביז ער האָט איבער־

געציילט די ערשטע 1000 רובל? וויפל מאָל האָט ער ניט געגעסן צו דער צײַט? וויפל מאָל האָט ער זיך מעוווזע־מעוואזע געמאכט בא יעדן אין די אויגן? וויפל מאָל איז ער עפּשער געשטאַנען פאַר־פראָרן, דערטרונקען אָדער געהאַרגעט צו ווערן? דאָס איז אַלץ דערפאַר, ווײַל ער האָט מעקאַנע געווען נעגידים, וואָס זענען געפאָרן אין קאַרעטעס, און פלעגט אַלץ בעטן גאָט, ער זאָל אים געבן אשירעס, ער פלעגט אים צוזאָגן צו זײַן א פרומער ייִד און אַלע טאָג לערנען א פּיירעק מישנײַעס און אויסזאָגן גאַנץ טילים!..

דער מענטש האָט אָבער ליב צו נאַרן יענעם, זיך און אפילע גאָט אַליין. מאָטל פאָרט שוין אין א בריטשקע מיט א פּאָר ווײַסע פערדלעך; אין טאַש ליגט בא אים א היפּש פעקל אסיגנאַציעס: ער איז שוין א שטיקל נאָגיד, אַזוי ווי ער האָט געוואָלט, פונדעסטוועגן ווײַל ער אין קלויז בא דער הרובע ניט זיצן אָפּלערנען אַלע טאָג א פּיי־רעק מישנײַעס און זאָגן טילים — ניין! ווער טוט אַזוי? א שלי־מאַזלניק! גאָט אַליין האָט אויך פײַנט, אַז מע איז א דאַרמאָיעד (אַן אומזיסטיקער פרעסער): מע דאַרף האָרעווען! א מעלאָכע זיך אָני־דערצוזעצן און אופעסן דאָס ביסל געלט אין צוויי יאָר? „דער טאַ־טע ז״ל איז פאָרט געווען א קלוגער, איך געדענק זײַן צאַוואָע! און וואָס בין איך פאַר א נאָגיד? אָט פײַגענבוים איז א נאָגיד! דאָס הייסט א נאָגיד! זעסט א ביסל א הויף? א מענטש פאַרגינט זיך א ביסל זיצן אין סאַליעס מיט טײַער מעבל, לאַקייעס, מיט הינט אין שטוב, מע רעדט דײַטשערים! איך וואָלט האָבן זײַן פאַרמעגן, וואָלט איך זיך א ביסל שענער געפירט פון דעם טרייפניאַק פײַגענבוים! בא מיר וואָלט געווען דער רעבע רעב ייִסראָעלצע אַלע יאָר צוגאַסט, און כסידים וואָלטן בא מיר געטאַנצט צו דער מעלאווע־מאַלקע אָן טאַכטויגים אַף דעם דאַך״...

אַזוי האָט ער געקלערט, ביז זײַן בריטשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט בא דעם פּאַדיעזד פון פײַגענבוימס הויז: ער שפּרינגט אַראָפּ פון דער בריטשקע, גייט אַרײַן אין פאָרהויז, דער שווייצאַר כאַפּט פון אים אַראָפּ דאָס אייבערשטע מאַלבעש.

— דער באַלעבאָס איז אין דער היים? — פרעגט מאָטל.

— דער הער פײַגענבוים איז צו הויזע, — ענטפערט אים דער לאַקיי אַף דײַטש.

— איך בין מאָרדכע זעליגמאַן, — רעקאָמענדירט זיך מאָטל פאַר דעם הער פײַגענבוים.

— זייער איַינגענומענ! — ענטפערט אימ פיַיגענבוימ, — וואָס וועט איר עפעס זאָגנ?

— איכ בינ א ברויטהענדלער, — זאָגט מאָטל, — אונ א שטיקל פאָדראַטשיק פונ ארבעטער אינ די צוקער־פאבריקנ; אויכ האנדל איכ מיט סאכארנע (צוקער־) רעדנע אונ פארקויפ קלעפקעס; איכ קויפ אמאָל צוקער אויכ אונ האָב א שניט־קראָמ; איכ האלט די ארענדע בא אונדז אינ שטעטל אונ האָב שטיינער אויכ; איכ קויפ וואָל אונ האָב א סוועטשנאָי זאוואָד (ליכט־פאבריק), איכ האָב ניט לאנג גענומענ א פאָסעסיע אונ געקויפט א שטיקל וואלד מיט 2 שוטפימ; איכ האָב א קאָמיסיע פונ געביַיטלטע מעל, אונ מיַינ וויַיב האלט א באקאליינישע קלייט; איכ בינ טאקע דער באל־טאקסע בא אונדז אונ גאבע אינ שול; נאָר דער הויפט־מיסכער איז בא מיר אָקסנ אפ דעמ סטעפ...

דער הער פיַיגענבוימ האָט זיכ אזש א וואָרפ געטאָנ אפ זיַינ שטול אונ האָט אויסגעגלאָצט די אויגנ אפ דעמ יונגנמאנ, וואָס האנדלט מיט אלעמ אפ דער וועלט!

— איר דארפט דאָכ האָבנ דערצו קוירעכם אשירעס! — האָט אימ פיַיגענבוימ פארוווּנדערט געזאָגט.

— מיר האָבנ א ביסל געלט אונ א ביסל ליַיענ מיר צו. דאנקענ גאָט! — האָט אימ מאָטל קאלטבלוטיק געענטפערט. נאָכדעמ האָט ער זיכ אופגעהויבנ אונ א בייג געטאָנ צו ה. פיַיגענבוימ אונ געזאָגט מיט גרויס אכטונג אונ מיט א זיס שמייכעלע:

— איכ האָב געהערט פונ־איַיערטוועגנ פיל גוטע שוואָכימ; דער פערעץ קלישקאָווסקי האָט איַיכ שטארק געלויבט פאר מיר.

— איר קאָנט זיכ מיט קלישקאָווסקינ? — האָט אימ פיַיגענבוימ פארוווּנדערט געפרעגט.

— א כידעש! מיט קרוגלאָרילאָוונ בינ איכ גאָר א גוטער ברודער.

— קרוגלאָרילאָוונ?! מיט דעמ דירעקטאָר פונ דער סטראָיטעלנע קאָמיסיע?!! —האָט פיַיגענבוימ געזאָגט אונ איז ארויסגעשפרונגענ פונ דער שטול.

מאָטל האָט נאָר אָנגעבויגנ א ביסל דעמ קאָפ אפ א זיַיט אונ האָט א שמייכל געטאָנ.

— סטיַיטש, איכ בינ דאָכ בא זיי אינגאנצנ אינ די הענט! — האָט פיַיגענבוימ אויסגעשריגנ, — דאָס זענענ דאָכ אזעלכע רעשאָימ, וואָס עס איז גאָר ניט געהערט געוואָרנ אפ דער וועלט! זיי

צוזעג פון מיר ארוים דעם מארך פון די ביינער! איך האָב שוין איבערגעהאט אפ מיין לעבן פאָדראָדנ מער ווי האָר אין קאָפּ, און אזעלכע בלוטזויגערס האָב איך נאָך גאָר ניט באגעגנט! זיי וועלן מיך ראזאָרען, זיי וועלן מיך מאכן פאר אן אָנזעצער!.. זיי... זיי...

— האָט מיר קיין פאריבל, — האָט אים מאָטל איבערגעשלאָגן די רייד, — איר זענט עלטער, רייכער און געווים קליגער פון מיר! איך בין דאָך אקעגן אייך ניט מער ווי א ווערעמל, א גאָרניט... איך מוז אייך אָבער איבערשלאָגן די רייד און זאָגן, אז איר האָט א גרויסן טאָעס: קלישקאָווסקי איז דאפקע א גוטער פאָרעץ; איר ווייסט דאָך, וואָס הייסט א גוטער פאָרעץ! פארוואָס רופט מען דעם רעבן „גוטער־ייד״? דערפאר, ווייל ער איז א גוטער בעטעווע און נעמט א קערבל... אָט דאָס איז קלישקאָווסקי להבדיל בין טומאה לטהרה 1... און ווער שמועסט קרוגלאָרילאָוו — דאָס איז גאָר א דימענט!

— קרוגלאָרילאָוו איז א דימענט?! וואָס רעדט איר?

— אָט דאָס, וואָס איר הערט! ער וועט פאר מיר קיין זאק באָרשט ניט נעמען...

— אז עס איז יאָ אזוי, — האָט פייגענבוים געזאָגט און האָט זיך צוגערוקט צו מאָטלען, — קענט איר דאָך מיר טאָן די גרעסטע טויווע: זאָגן א גוט וואָרט...

— אָך, מיט דעם גרעסטן קאָוועד! ניט נאָר א גוט וואָרט, אפילע אלץ, וואָס אייער באגער איז, קען איך בא זיי פויעלן...

פייגענבוים האָט זיך אופגעכאפט און האָט שטארק געקוועטשט מאָטלען די האנט און האָט אים מיט א געריירט קאָל געזאָגט:

— הער זעליגמאן! איר זענט מיין מייליץ־יוישער! איך וועל אייך אייביק ניט פארגעסן!

בא די ווערטער איז אריינגעגאנגען א ייִד און האָט אָפּגעציילט פייגענבוימען 40 טויזנט קערבלעך אפ דעם טיש. פייגענבוים האָט אופגעעפנט א שופלאָד און האָט אריינגערוקט אהין דעם פאק אסיג־נאציעס... בא מאָטלען האָט אָנגעהויבן שפרינגען אין די אויגן און דער קאָפּ האָט זיך אים פארדרייט: „40 טויזנט קערבלעך מיט־אמאָל פארשטופּט אין קעסטל און אפילע קיין קנייטש ניט געטאָן! אָט דאָס הייסט א גוויר!.. זעסט, מאָטל?״

---

1 להבדיל בין טומאה לטהרה — אָפּגעשיידט זאָל זיין ריינס פון אומריינס. געמיינט ניט צו פארגלייכן.

— איר האָט נאָכ גֿעווים ניט געפרישטיקט? — האָט אימ פײַגענבוימ געפרעגט און האָט אימ אַרײַנגעפירט אינ עסצימער, ווּ עס איז געשטאַנענ א קײַלעכיקער טיש מיט מאַשקאָעס און מיט מײַכאָלימ. בא מאָטלענ האָט אָנגעהויבנ קיצלענ אינ דער נאָז פונ דעמ רייעכ פונ הערינג מיט אַלערליי געזאַלצענע פיש מיט די פאַרבײַסנס...

— גענִיסנ זי! — האָט אימ פײַגענבוימ געזאָגט און האָט אימ אונטערגעטראָגנ א גלעזעלע.קאָניאַק, וועלכעס עס האָט אַרײַנגעגליטשט אינ מויל אַרײַנ...

— איכ רעכנ זיכ באַלד דורכצופאָרנ צו קלישקאָווסקינ און צו קרוגלאָרילאָווּנ, — האָט אימ פײַגענבוימ געזאָגט, — און איכ בעט אײַכ, ליבער פרײַנט, איר זאָלט מיר ניט אָפזאָגנ צו פאָרנ מיט מיר צו די קלאָווימ; איכ וועל אײַכ מיט אַלעמ מעגלעכנ אָפּדאַנקענ.

— זייער פײַנ, איכ פאָר מיט אײַכ...

— לאָז מענ מיר אײַנשפּאַנענ דעמ עקיפּאַזש! — האָט פײַגענבוימ באַפוילנ דעמ שווייצאַר, — איר רייכערט מיסטאַמע, הער זעליגמאַנ? — האָט אימ פײַגענבוימ געפרעגט און האָט אימ אונטערגעטראָגנ אַזא ציגאַר, וואָס מאָטל האָט נאָכ אַזעלכנ ניט פאַרזוכט, — לאָז אײַער ברימשקע שטיינ בא מיר, און איר וועט פאָרנ מיט מיר צוזאַמענ...

שפּעטער מיט א האַלבע שאָ איז שוינ מאָטל געזעסנ אינ פײַגענבוימס געדעקטנ פּאַעטאָנ און 4 ברענענדיקע קאַשטאַנעס האָבנ אימ געטראָגנ, ווי א ווינטער, אינדערלופטנ. פײַגענבוימ איז געלעגנ אינ א זײַט אָנגעשפּאַרט און האָט געדרעמלט; מאָטל האָט זיכ געקאַטשעט אהינ און אהער, ווי אינ א וויגל; זײַנע געדאַנקענ האָבנ אימ ווײַט, ווײַט פאַרטראָגנ; זײַנ רײַכע פאַנטאַזיע האָט אימ געמאָלט גאַנצ שיינע בילדער, עס האָט זיכ אימ אויסגעוויזנ, אַז ער פאָרט שוינ אינ אַנ אייגענעמ פּאַעטאָנ.

אינ 4 יאָר אַרומ האָט שוינ מאָטל זעליגמאַנ געהאַט א היפּשנ כיילעק אינ פײַגענבוימס פּאָדראַדנ; ער האָט שוינ געהאַט אַנ אייגענעמ פּאַעטאָנ מיט קאַשטאַנעס און איז שוינ אָפּגעזעסנ כאַדאָשימווײַז אינ פּעטערבורג. דאָרט האָט ער זיכ גֿעלערנט עטיקעטע און האָט אָנגעהויבנ לעבנ אָפּ דעמ אַריסטאָקראַטישנ מאַניער. דעמ נאָמענ מוז מענ איבערבײַטנ: מאַרק וולאַדימיראָוויטש זעליגמאַנאָוו — אַלע רוסישע פאַמיליעס ענדיקנ זיכ מייַנסטנטיילס אָפּ „אָוו“, — דאָס ווײַב מוז פאָרנ קיינ אויסלאַנד, און די קינדער

דארפ מענ בילדנ איירָאפּעיִש, ניט צוליב דעמ, וואָס מע דארפ א קינד אויסבילדנ, נאָר ווײַל די מאָדע פאָדערט אזוי, ווײַל גאָלדבערג, זילבערבערג, קופּערבערג, אײַזענבערג — אלע בילדנ די קינדער. לעבנ מוז מענ דערצו גרויס, ווײַל יענע לעבנ אויכ גרויס. געשעפטנ מוז מענ ברעכנ גרויסע, ווײַל יענע פליִענ העכער, מוז מענ נאָכפליִענ. אז עס לאָפנעט א געשעפט, אונ עס ווערט א לאָכ אינ דעמ קאפּיטאל, מוז מענ דעמ לאָכ פארשמירנ, קיינער זאָל ניט זענ, מאכמעס יענע קוקנ ארויס, אז זעליגמאנאָוו זאָל זיכ אנידערשטעלנ, אונ זעליגמאנאָוו קוקט ארויס, אז זיי זאָלנ זיכ זעצנ; דערפאר יאָגט איינער דעמ אנדערנ; מע טרײַבט, מע שמײַסט די פערד; מע האָט אפילע קיינ צײַט ניט אונטערשמירנ דעמ וואָגנ, מע האָט מוירע, דער אנדערער זאָל ניט איבעריאָגנ; די פערד טראָגנ, נאָכ עטלעכע ווערסט — וועל איכ שוינ איבעריאָגנ. פלוצעמ!.. סטאָי!.. די ווישקעס האָבנ זיכ איבערגעריסנ, די אקסנ האָבנ זיכ צעבראָכנ, די רעדער האָבנ זיכ צעקאטשעט אפ אלע זײַטנ, די פערד זענענ געפאלנ... סטאָי!.. אָט פאָרט גאָלדבערג... אָט איז דורכגעלאָפנ זילבערבערג מיט א שמייכעלע... אָט פליט שוינ קופּערבערג אונ לאכט: כא־כא־כא! איבערגעריסנ די סטרונע! אָט איז שוינ אײַזענבערג אויכ; ער קוקט אפ דעמ געפאלענעמ מיט ראכמאָנעס אונ שאָקלט מיט דעמ קאָפּ אונ גיט אימ א וויכטיקע אייצע: ער זאָל גיינ צופוס... אָ! אנ עק!.. שפּעטער מיט א מינוט זענענ זיכ שוינ צונויפגעלאָפנ די קרעדיטאָרנ אונ האָבנ ארומגערינגלט דעמ אומגליקלעכנ זעליגמאנ... א געשריי, א ליארעמ פונ אלע זײַטנ: וואָס האָסטו געהאט צו מיר!.. ווער האָט דיכ גענייט, דו זאָלסט אזוי פליִענ!.. א ראש, א געפילדער: זעליגמאנאָוו האָט זיכ געשטעלט! אָנגעזעצט! מע דארפ זיכ מיט אימ אָפּרעכענענ! ער איז א זלאָסטנע באנקראָט! מע מישפּעט אימ... מע פירט אימ אינ אָסטראָג... אָט גייט ער...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אָט אזוי, טײַערער וועלוועלע, האָט מיר איזאק איבערגעגעבנ די געשיכטע פונ דעמ הער זעליגמאנ, מיט וועלכנ איכ האָב זיכ דאָ גוט באקאנט, אונ מיר זענענ געוואָרנ עמעסע גוטע־ברידער, ניט אזוי ווי בא אײַכ אפ דער פאלשער וועלט, וואָס מע שרײַבט זיכ איינער דעמ אנדערנ: „ידידי יקירי" 1 אונ נאָכ דעמ דערלאנגט מענ מעסירעס מיט יאבעדעס אונ מע רוידעפט זיכ ביז אינ

1 יעדידי יאקירי — טײַערער פרײַנט.

גרוב ארײַנ... דאָ, אז מע איז א גוטער־פרײַנט, איז דאָס מיט דעמ גאַנצנ הארצנ, אָנ כאָכמעס... איכ האָב דאָ א סאך גוטע־פרײַנט, מיט וועלכע איכ וועל דיכ באקאָנענ אינ מײַנע שפּעטערע בריוו. נאָר דאָס זאָג איכ דיר פריִער, וועלוול סערדצע, אז קיינ פּאָטרעטנ וועל איכ דיר פונ זיי ניט אָפּמאָלנ, מאַכמעס ביז דער מענטש קומט אהער, איז אימ שוינ שווער צו דערקענענ: די ווערעמ גריזענ אימ אזוי ארומ, דאָס געזיכט איז בא אימ אזוי צעפּליאסקעט, אז ער ווערט גאָר אָנ דעמ גלאַנצ פונ א מענטשנ! מוזט וויסנ, אז דאָ דרייענ זיכ ניט ארומ קיינ מענטשנ, ווי אפ דער ערד; דאָ איז צומ מייסטנ ס ק ע ל ע ט נ, הויל ביינער; אונ פונדעסטוועגנ איז גרינג צו דערקענענ דעמ אונטערשייד פונ א כאָסיד ביז אנ ארימ־טאָקראט. דער סקעלעט פונ א כאָסיד איז גאָר אנדערש אויסגעבויגנ; אונ אז ער רעדט, ווארפט ער מיט די הענט אונ קנייטשט מיט די פּלייצעס. אונ דער אריסטאָקראטישער סקעלעט גייט גלײַכ, דעמ האלדז אויסגעצויגנ, דעמ קאָפּ פאריסנ, די הענט פארלייגט פונ הינטנ אונ שארט אלע מינוט מיט די פיס, ווי צומ טאנצנ... נאָר דאָס קאָל מיט דעמ לאָשנ בלײַבנ איבער די זעלבע.

יעצט, ליבער וועלוועלע, מוז איכ שליסנ מײַנ בריוו, מאַכמעס איזאַק איז נאָרוואָס געקומענ צו מיר אונ וויל מיכ באקאנט מאכנ מיט א נײַעמ אוירעכ, וועלכער ער איז ערשט נעכטנ אָנגעקומענ אהער. איזאַק זאָגט, אז דאָס איז זייער אנ אינטערעסנעס עקזעמפּליאר אינ אלע אויפאנימ: ער איז א „מאַסקל", אנ אדוואָקאט, א ווארשעווער יונגערמאנ, פונ די יונגעלײַט, וואָס האָבנ זיכ א נאָמענ געגעבנ „פּאָליאקנ פונ דעמ ייִדישנ גלויבנ..." איזאַק האָט מיר זיי אָנגערופנ מיט זייער א לאַנגנ נאָמענ „אסימילירטע"; נאָר אזויווי איכ פארשטיי נאָכ אלײנ ניט, וואָס דאָס באטײַט, וועל איכ דיר אינ דעמ צווייטנ בריוו באשרײַבנ, אז איזאַק וועט מיר ערקלערנ. —

יעצט, וועלוול סערדצע, זײַ מיר געזונט אונ גליקלעכ אונ שרײַב מיר אָפּט בריוו; שרײַב מיר נײַעס פונ דער פאלשער וועלט. הער איזאַק לייענט אויכ דײַנע בריוו אונ האָט פונ זיי פיל פארגעניגנ; נאָר ער זאָגט, אז דו וואָלסט פיל נוצלעכער געווענ, ווענ דו זאָלסט באשרײַבנ פונ אנדערע קלאסנ דאָס ייִדישע לעבנ אינ די קליינע שטעטלעכ, מאַכמעס איזאַק זאָגט, אז דו ביסט ספּאָסאָבנע זיכ צוצוקוקנ צו אלעמ אונ הומאָריסטיש (וויציק) איבערצוגעבנ מיט דער פּענ דאָס, וואָס דו זעסט מיט די אויגנ. איזאַק בעט דיכ, אז דו זאָלסט

אוועקוואַרפנ די „גוטע־ייִדנ“ און זאָלסט בעסער אַרײַנקוקנ אינ אַנדערע ערטער; זאָלסט זיכ גוט צוקוקנ צו קאַהאַלשע זאַכנ, צו די ייִדישע כאַדאָרימ, טאַלמוד־טוירעס און נאָכ אַזעלכע ערטער. סטאַרע זיכ אויס, אַז מע זאָל דיכ אַרײַנלאָזנ אינ אַריסטאָקראַטישע הײַזער; אַפ די קליינע שטעטלעכ זאָלסטו קיינ ראַכמאָנעס ניט האָבנ און נאָכשפירנ נאָכ די דאָרטיקע מאַסקילימ, וואָס זיי טוענ? וואָס לייענענ זיי? וואָס רעדנ זיי? מעגסט זיכ צוקוקנ צו די פרויענ אויכ, צו די מאַמזעלנ מיט די דאַמענ, וואָס קענענ קיינ ציילעמ פאַר קיינ אַלעפ ניט, און עס שטייט זיי פונדעסטוועגנ ניט אָנ צו לייענענ אַ ייִדישע צײַטונג, וואָרעמ מע איז אַ „זשידאָווקאַ“... האַקלאַל, זאָלסט זיכ גוט צוקוקנ און נאָכפרעגנ — און מיר אַלצ אויסשרײַבנ פינקטלעכ. זײַ געזונט, ווי עס ווינטשט דיר דײַנ בעסטער פרײַנט **לייבעלע דער אוילעמ־האַטויעניק**.

דײַנע בריוו מעגסטו שיקנ אָנ מאַרקעס. הער איזאַק גריסט דיכ גאָר פרײַנטלעכ.

VI

## רעב וועלוועלע פונ דער וועלט
## צו רעב לייבעלע אפ יענער וועלט

24 יאנוואר, 1884

האָכגעשעצטער בעסטער פרײַנט!

דײַנ טײַערנ בריוו פונ אַסאַרע־בעטייווס האָב איכ מיט גרויס פרייד און מיט פיל פאַרגעניגנ ערהאַלטנ. עס האָט מיכ אַזוי פאַרווונדערט, אַז איכ האָב זיכ גאָר ניט געקענט גלייבנ, אַז איכ לייענ דײַנ בריוו. טײַערער לייבעלע! די וועלט זאָגט אַ ווערטל, אַז דער סייכל קומט נאָכ די יאָרנ. דאָס אייגענע האָט זיכ געטראָפנ מיט דיר אויכ אַפ דער עמעסער וועלט. געדענקסטו, געדענקסטו, לייבעלע, אַמאָלעדיקע יאָרנ, אַז מיר זענענ געווענ יונגעלײַט, איידעמס אַפ קעסט? געדענקסטו, ווי מיר האָבנ די צײַט, די יונגע יאָרנ פאַרבראַכט? געדענקסטו די טאַלנער קלויז, די כאַוויירימ, די קאָרזשעס, דעמ שאַמעס, די געגאַנוועטע עפל מיט די באַרנ, די שפילקעס, די האַנטעכער, די פעטש אינ דער פינצטער, דעמ „טיקנ“, פרידל דעמ שויכעטס טאָכטער... און נאָכ, און נאָכ, און נאָכ?.. געדענקסטו אונדזער כאַווער אַרנאָלד. דעמ אַפיקוירעס? געדענקסט

כאָטש זײַנע ווערטער, זײַנע רייד, וואָס ער פלעגט אונדז וועלן איבערעדן, אַראָפּפירן פון דעם דערעכ־האיאָשער און בעטן, מיר זאָלן אַרײַנקוקן אין יענע ספאָרימלעך, וואָס זענען ניט געדרוקט אין סלאוווטע, און גייען א שורע אַרײַן, א שורע אַרויס, מיט פינ־טעלעך און מיט פאסיקלעך?.. געדענקסטו דעם בוך, וואָס ער האָט אונדז געבראַכט אונטער דער פאָלע: עס איז געשטאַנען מיט גרויסע אויסיעס אָפּגעדרוקט „קול מבשר"[1]? געדענקסט, אַז דו האָסט זיך א וואָרף געטאָן און האָסט געזאָגט: „אוי! קול מבשר? איילייאָהו־האַנאָווי? עקבא דמשחא[2]!"... און נאָכדעם, אַז אַר־נאָלד האָט גענומען לייענען עפּעס א מײַסע פון א באָכער מיט א מיידל, ווי זיי האָבן זיך געקושט אינמיטן העלן טאָג — געדענק־סטו, ווי דו האָסט זיך פאַרשטעלט די אויגן און פאַרשטאָפּט די אויערן און האָסט געמאַכט א גיוואַלד, ווי די „נערה המאורשה"[3]: אוועק, ראָשע! אוועק, סאָטן־מעקאַטרעג! אוועק, יעיצער־האָרע, אוועק!!!.. אָ, לייבעלע, ווען מיר זאָלן אָבער דעמאָלס געווען האָבן דעם סייכל, וואָס הײַנט!.. נאָר וואָס קומט אָבער אַרויס, אַז דו ביסט שוין אין אוילעם־האַטויהוי, און איך וועל דאַכט זיך אויך דאָ לאַנג ניט אַרומשפאַצירן אַף דער ערד: איך בין שוין גרוי, ווי א טויב, און אַלט... נאָר בא מיר איז אָבער טײַערער אָט דער טאָג פון מײַנע לעצטע יאָרן, וואָס איך קען אים פאַרברענגען ווי א מענטש, איידער אַלע מײַנע יונגע יאָרן, וואָס זענען אַזוי נאַריש פאַרגאַנגען אין דומהײַטן, ווי בא א בעהיימע... אַזוי־ווי דו, לייבעלע, האָסט געהאַט געלעגנהײַט זיך צו באַגעגענען מיט אַלערליי רעכטע לײַט אַף י ע נ ע ר  ו ו ע ל ט און פון זיי גענומען זיך א מוסער אַף גוטס און אַף שלעכטס, — אַזוי האָב איך דאָ א ף  ד ע ר  ו ו ע ל ט אויך די געלעגנהײַט צו קוקן און צו באַטראַכטן יעדן מענטשן פון אַלע זײַנע זײַטן און כאַפּן מיט דעם סייכל דאָס, וואָס עס כאַפּט דאָס אויג. נאָר דער אונטערשייד צווישן אונדז איז — וואָס דו ביסט אַף דער ע מ ע ס ע ר  וועלט, און־איך — אַף דער פ א ל ש ע ר; דער מענטש, וואָס דו זעסט אים דאָרט, איז ער אינגאַנצן אַזוי, ווי ער שטייט פאַר דײַנע אויגן: ער האָט ניט קיין שום אינטערעס צו פאַר־

1 „קויל־מעוואַסער".

2 א י ק וו אָ  ד י מ ע ש י כ אָ — די טריט פון מאָשיעכן; מאָשיעכ־צײַטן.

3 נ א א ר אָ  ה א מ ע ו י ר אָ ס אָ — א פאַרקנאַסט מיידל. אין דער ביבל איז פאַראַן א דין וועגן א פאַרקנאַסט מיידל, וואָס מע האָט זי פאַרגוואַלדיקט אין פעלד; זי האָט געשריִען, נאָר קיינער האָט זי ניט געהערט.

דעקנ פאַר דיר זײַנע בעסרוויינעס אָדער צו שטשאָגאָליאיענ מיט זײַנע מײַלעס; אָבער די לײַט, מיט וועלכע איכ באַגעגנ זיכ דאָ, אפ דער ערד, זענענ אַזעלכע פאָקוסניקעס, אַז עס איז שווער צו דערקענענ דעם אונטערשייד פונ אַ גאַנעוו ביז אַנ אָרנטלעכנ מאַנ, פונ אַ מערדער ביז אַ באַרמהערציקנ, פונ אַ קאַלבוינִיק ביז אַ יערײַ־שאָמאַיִמ, פונ אַ גאַדלענ ביז אַנ אָנעוו, פונ אַ גראָביאַנ אַ מעשאָרעס ביז אַנ עמעסנ אַריסטאָקראַט. נאָר איינ כיסאָרנ איז דאָ אפ דער וועלט, וואָס מע קאָנ אימ ניט פאַרדעקנ, ניט פאַרמאַסקירנ אונ ניט באַהאַלטנ אינ קעשענע: דאָס איז אַ נ אַ ר. שלוימע־האַמײלעכ האָט שוינ לאַנג געזאָגט, אַז מעגסט אַ נאַר שטויסנ אינ אַ שטייסל, וועט איכ ניט העלפנ... נאָר אַלע איבעריקע כעסרוינעס קענ מענ מאַסקירנ אַזוי בעריִיש, אַז אונטער דער לאַנגער קאַפּאָטע ליגט אַ קאָלבוינִיק, אונטער דער ווײַסער מאַנישקע ליגט אַ שטייג, ניט קיינ הארצ, אינ קאַרעטע ליגט אויסגעלייגט אַנ אַריסטאָקראַט אונ אַליינ איז ער אַ קעלעוו־שעביקלאָווימ, אינ זאַל טאַנצט אַ דאַמע, וואָס זי וועט אײַכ פאַרקויפנ דעמ מאַנ מיט אַלעמ אפ דער וועלט פאַר אַ פאָר הענטשקעלעכ, — אַרומ איר דרייט זיכ אַ גאַנצ פײַנער יונגער־מאַנ אונ רעדט אַזוי שיינ, אַזוי היימ פאַר דעמ קלאַל מענטשנ, פאַר דעמ קלאַל יִסראָעל, אונ ברענגט אויס מיט רײַעס, אַז נאָר דער קאָנ הייסנ מיט דעמ נאָמענ „ייִד”, ווער עס טוט וועגנ דעמ ייִדנטומ, ווער עס קאָנ זיכ מאַקריוו זײַנ צוליב דער אידייע, אונ נאָכ אַזעלכע הויכע, שטאַרקע, גלענצנדיקע ווערטער, אונ שפּעטער מיט אַ שאָ זאָגט ער אפ דעמ געמיינעמ מאַנ, וואָס בעט בא אימ אַ הילפ: ער האָט קיינ צײַט ניט, ער דאַרפ פאָרנ צו דער צווייטער דאַמע מיט אַ וויזיט. אונ דאָרט אויכ דאָס זעלבע — איבערעדנ פונ דעמ „קאָרבנ” אונ פונ דער אידייע... אַז דו באַגעגנסט אַזאַ עקזעמפּליאַר אונ קוקסט אפ אימ, ווי ער רעדט פאַרפלאַמט, מיט היסלײַוועס, אונ אַז דו גייסט אַוועק אָנ אַ זײַט, קלערסטו זיכ אַזוי: „טשאָרט יעוואָ זנאַיעט, — צי ער זאָגט דאָס מיט אַנ עמעס, צי ער לײַגט, ווי אַ הונט?...” — אָט דאָס, ברודער, איז דער אונטערשייד פונ מיר ביז דיר, אונ דערפאַר קומענ מײַנע בריוו אויס בייז, ווי מיט קאַס... יאָ, גוט איז דיר, לייבעלע, צו זײַנ אפ דער עמעסער וועלט אונ קוקנ פונ דער הייכ אפ אונדז מיט די אויגנ פונ אַ פילאָזאָפ! איכ וואָלט זייער געוואָלט הערנ דײַנע ווערטער, ווענ דו זאָלסט זיכ געווענ אַזוי אויסוואַלגערנ ווי איכ... נאָר וואָס האָבנ מיר צו רעדנ דערפונ, וואָס עס קאָנ ניט זײַנ? דו שרײַבסט מיר, טײַערער לייבעלע, איכ זאָל בעסער אַרײַנקוקנ אינ

די הויכע פענצטער און אוועקוואַרפֿנ די „גוטע־יִדנ"; דו ביסט נע־
בעכ זייער גערעכט, לייבעלע! נאָר וואָס האָב איכ געקאָנט טאָנ,
אז איכ בינ געווענ בא זיי אינ די הענט? היינט בינ איכ שוינ דאנ־
קענ גאָט באפֿרייט, שוינ מער אז 10 כאדאָשימ — מע האָט מיכ
ארויסגעלאָזט מיט א פֿיינעמ אטעסטאט, אז מע קענ מיכ ניט אויס־
היילנ פֿונ מיינ מעשוגאַס, אונ איכ הייס היינט: „וועלוועלע דער
מעשוגענער"... מיינ ווייב האָט ארויסגענומענ מייע כסימעס
פֿונ ראבאָנימ, אונ איכ האָב זי געמוזט אָפּגעטנ — א ברירע האָב
איכ געהאט? איכ האָב זיכ פֿארזאָרגט מיט היפּשע עטלעכע רובל
אונ האָב זיכ געלאָזט רייזנ אפֿ דער וועלט; איכ וויל אנטלויפֿנ פֿונ
די ווילדע מענטשנ!.. אינ דער פֿרעמד ווייסט מיכ קיינער ניט, ווער
איכ בינ אונ וואָס איכ בינ; איכ פֿאָר פֿונ איינ שטאָט אינ דער אנ־
דערער אונ באקאָנ זיכ מיט דער וועלט. איכ זאָג דיר, לייבעלע, אז
עס איז ניטאָ קיינ בעסערער פֿארגעניגנ אפֿ דער וועלט, ווי פֿאָרנ פֿונ
איינ שטאָט אינ דער צווייטער, רעדנ מיט אלערליי מענטשנ, אויס־
הערנ אלערליי מיינונגענ, זענ קאריקאטורנ אפֿ יעדער טריט אונ אויס־
הערנ אזעלכע דומהייטנ, אז מע זאָל קענענ צעשפּרונגענ ווערנ פֿאר
געלעכטער... מיר האָבנ אזא גליק, אז ווהינ מיר קומענ, נעמט מענ
אונדז אופֿ מיט דעמ גרעסטנ קאָוועד, אונ מיינ כאווער בערעלע קענ
דארשענענ... נאָר דו ווייסט דאָכ נאָכ ניט, ווער מיינ כאווער איז — אונ
איכ דול דיר א קאָפּ מיט בערעלענ! איכ מוז דיכ באקאנט מאכנ
מיט מיינ כאווער אינ עטלעכע ווערטער:

בערעלע איז אליינ פֿונ „אויסרייסנ" אונ איז אופֿגעצויגנ גע־
וואָרנ בא גאנצ אָרעמע עלטערנ אינ א קליינ שטעטל: „געהאקטע־
ווונדנ". דער פֿאָטער איז געווענ א מעלאמעד, אונ די מוטער האָט
געהאנדלט מיט בייגל, אונ פֿונדעסטוועגנ זענענ זיי דריי מאָל א
טאָג געשטאָרבנ פֿאר הונגער אכוץ וועטשערע מיט אָנביסנ...
דער פֿאָטער האָט געהייסנ זוסיע אונ די מוטער זיסל; זיי האָבנ גע־
לעבט ווי די טייבעלעכ; זיי זענענ געווענ שטילע מענטשנ אונ האָבנ
זיכ אינ זייער גאנצ לעבנ מיט קיינ מענטשנ ניט געקריגט: זוסיע
האָט געוווסט נאָר זיינע טאלמידימ, אונ זיסל — אירע בייגל. די
טאלמידימ האָבנ אזוי ליב געהאט דעמ רעבנ, אז זיי פֿלעגנ בא אימ
אָפּלערנענ צו 10 יאָר קעסיידער, אונ זיסל פֿלעגט נאָכגיינ נאָכ די
קינדער, ווי א געטרייע מוטער, אונ אכטונג געבנ אפֿ זיי, ווי אפֿ איר
אייגענעמ בענ־יאָכיד בערעלע, אפֿ וועלכנ זוסיע האָט געזאָגט, אז
ער וועט אויסוואקסנ א גאָענ־אוילעמ. זוסיע מיט זיסלענ האָבנ

ניט פארלאָרן זייער האָפענונג, אַז — ניט היינט איז מאָרגן — נאָר זיי וועלן פּלוצעם ווערן רייך: זיי האָבן געהאַלטן אַ לאָטעריי־צעטל און האָבן זיך טאָמיד געריכט אַף דעם גרעסטן געווינס.

— ווען שפּילט זיך אונדזער צעטל, זוסיע? — פרעגט זיסל.

— איבערמאָרגן, זיסל! — ענטפערט זוסיע.

— מיר זאָלן כאָטש געווינען אַ הונדערטער!

— וואָס רעדסטו, זיסל?

— נו, צוויי הונדערטער...

— איידער אַזוי, איז שוין גלייכער גאָרניט!

— נו, זעקס הונדערטער, זוסיע?

— איך וויל ניט, זיסל!

— נו, טויזנט, זוסיע?

— איך וויל ניט, איך וויל ניט!

— נו, זוסיע לעבן, צוויי טויזנט...

— 2000? איך דאַרף ניט, איך וויל ניט!

— כ׳לעבן, גענוג, זוסיע! אַ מענטש האָט גרויסע אויגן, דער־פאַר לייגט מען אים שערבעלעך אַף די אויגן, אַז ער שטאַרבט; כ׳לעבן, עס איז אונדז דען קאַרג 2000? נו, זוסיע, לאָז שוין זיין נאָך 500,— 2500; גענוג, כ׳לעבן, זוסיע, גענוג!

— זיסל! איך וויל ניט! איך וויל נאָר דעם גרעסטן געווינס — צוואַנציק טויזנט ביז דער לעצטער פּרוטע!

— איי, זוסיע, דו זינדיקסט, זוסיע: איך טו דיר צוליב — לאָז שוין זיין האַלב, 10 000, אי דאָס צוליב דיר, זוסיע!

— זיסל! זאָלסט מיר גאָר ניט דערמאָנען האַלב! 10 000 וויל איך גאָר ניט הערן, נאָר 20 000!

אַזוי איז אַוועקגעגאַנגען אַ צייט מיט יאָרן, און זוסיע מיט זיס־לען פלעגן נעבעך דערלייגן אַלע יאָר עטלעכע פאַרהאָרעוועטע קערבלעך, און די האָפענונג אַף דעם גרעסטן געווינס האָבן זיי אַלץ ניט פאַרלאָרן. זוסיע האָט פון קינדהייט אָן געהאַט אַ האַסאָגע צו זיין אַ גרויסער גוויר, אַזוי ווי אַלע אָרעמעלייט, וואָס לעבן מיט דעם געדאַנקען. אין דער יוגנט, אַז זוסיע איז געווען אין וואָלאָזשין אין דער יעשיווע און האָט געלערנט קאַבאָלע, האָט ער דאָרט דער־זען ווילדע בידרושים, אַז מע קען צאַפּן וויין פון אַ וואַנט, מיט נאָך אַזעלכע גליקן, — האָט ער זיך אָפּגערעדט מיט עטלעכע בידאָווע באַווייירים, מע זאָל מאַכן אַ געשעפט מיט וויין און דערפון וועט מען גיך רייך ווערן — און דאָס איז דאָך אַן אייגענער קוואַל, וואָס

מע קענ פונ אימ שעפנ גאָלד! געזאָגט — געטאָנ! מע האָט אויסגע־האַלטנ אַלע טאנייסימ מיט די סוידעס. מע האָט געקריגנ א פלעשל, מע האָט אפילע צוגעגרייט א קליינ פעסעלע פונ אוגערקעס, מע האָט זיכ גענומענ באקלערנ, וואָס צו טאָנ, אז עס וועט זיכ עפּענענ דער קוואַל, מיט וואָס וועלנ זיי אימ פארהאַלטנ? עס קאָנ דאָכ דערפונ כאָלילע ווערנ נאָכאַמאָל א מאַבל אפ דער וועלט! זוסיע איז געווענ דער קלינסטער פונ אַלע באָכערימ: ער איז געפאַלנ אפ א וויכטיקער אייצע, מע זאָל קויפנ א צאפּנ (קראנ) אונ אײַנבויערנ אינ דער וואנט. גוט! מע האָט אײַנגעבויערט דעמ קראנ. כעוורע האָבנ זיכ ארומ־געשטעלט אונ מע האָט א קאָמאנדעווע געטאָנ, אז מע זאָל אָפּדרייענ דעמ קראנ; זוסיע איז צוגעגאנגענ דער ערשטער: זײַנע כאווייריִמ האָבנ מוירע געהאט, עס זאָל זיי ניט א זעצ טאָנ דער ווײַנ אינ די אויגנ ארײַנ; זיי האָבנ זיכ פארשטעלט די אויגנ; אייניקע פונ זיי האָבנ אופגעהויבנ די פּאָלעס: עס האָט זיכ זיי אויסגעוויזנ, אז אָט ווערט שוינ א טײַכ אונטער די פיס!

— נו???? — האָבנ די כעוורע א פרעג געטאָנ זוסיענ. — נו????

— וואָס נו? — האָט זיי זוסיע איבערגעפרעגט.

— וואָס הייסט: וואָס נו???? — האָבנ זיכ די כעוורע שטארק פארוואונדערט, — זוסיע! נו? וואָס הערט זיכ???

— וואָס זאָל זיכ הערנ? — האָט זיי זוסיע ווידער איבער־געפרעגט.

— נו, זוסיע, עס צאפּט זיכ???? — האָבנ אימ די כעוורע געפרעגט מיט א מעשונע קאָל.

— ניינ! — האָט זיי זוסיע געענטפערט וויינענדיק...

אזוי האָבנ זיי איבערגעפרווט דרײַ מאָל, אונ קיינ ווײַנ פונ דער וואנט האָט ניט געוואָלט גיינ. איינער — זייער א קלוגער — איז געפאַלנ אפ אנ אייצע, מע זאָל פרווונ צאפּנ פונ דער וואנט אינ דער קלויז, וועלכע איז געווײַנטלעכ פאָרט געווענ פײַכטער פונ אנ־דערע ווענט... נאָר דאָ האָט אויכ ניט געוואָלט גיינ קיינ ווײַנ, כאָטש שרײַ „שמאַ־יִסראָעל!”... די באָכערימ האָבנ געגרעשעט, אז הײַנטי־קער דאָר האָט ניט די זכיע צו צאפּנ ווײַנ פונ א וואנט, נאָר זוסיענ איז אײַנגעפאַלנ אנ אנדערער געדאנקענ אינ קאָפּ: „עפשער האָט יענער געמיינט דערמיט נאָר אנ אנדערע זאכ? עפשער איז דאָס א רעמעז אָדער א מאָשל? אשטייגער ווי די גוזמעס פונ ראבע־באר־באר־כאָנע?”... אונ פונ דעמלט אָנ איז זוסיענ ארײַנגעפאַלנ א סאָפעק אינ קאָפּ ארײַנ, אונ ער האָט יעדער זאכ אינ טאַלמוד געקריטיקירט

מיט זײַנ אייגענעמ סייכל, ביז ער האָט אָנגעהויבנ קוקנ אפ דער געמאָרע, ווי אפ א כאָכמע, ניט ווי אפ א געטלעכער זאכ... די ערשטע קאשע האָט ער געפרעגט: פארוואָס איז דער טאנאכ אזוי פארבאָטנ בא די פרומאקעס? די געמאָרע זאָגט דאָכ בעפיירעש אינ פיל ערטער, אז מע דארפ יאָ לערנענ טאנאכ. נאָכדעמ האָט ער אָנגעהויבנ פרעגנ נאָכ קאשעס: פארוואָס איז בא אונזערע שײַטימ פארבאָטנ צו לערנענ אנדערע לעשוינעס מיט כאָכמעס? פונ דער טוירע אליינ זעענ מיר ארויס, אז אונדזערע נעוויִימ זענענ געוועזנ גרויסע כאכאָמימ אינ אלע וויסנשאפטנ, ווי דער ראמבאמ זאָגט אפ זיי, אונ דער אבארבאנעל זאָגט אינ זײַנ סייפער „מפעלות אלהים“ [1], אז דער גרויסער פילאָזאָפ אפלטון (Платон) איז געוועזנ יִרמעיאָהו־האנאָוויס טאלמיד; אלע טאנאָימ מיט אלע אמוירואָימ פאר אונ נאָכ דעמ כורבנ זענענ געוועזנ געבילדעטע אינ פיל שפראכנ אונ האָבנ געלערנט פילאָזאָפיע; אינ סאנהעדרינ זאָגט ראשע, אז רעב אקיווע האָט געקענט פיל לעשוינעס; אינ מעדרעש שטייט, אז רעב שימענ בענ יויכאָי האָט געלערנט פיזיק אונ אנדערע כאָכמעס; פונ דעמ עוועג־עזרע מיט דעמ ראמבאמ מיט די שפעטעריקע רעדט מענ שוינ גאָר ניט: די זענענ דאָכ געוועזנ פילאָזאָפנ אונ גערימטע דאָקטוירימ אפ דער וועלט!.. אָט די געדאנקענ האָבנ געבראכט זוסיענ דערצו, אז ער האָט אָנגעהויבנ ארײַנקוקנ צוביסלעכ אינ די ספאָרימ, וואָס מע רופט זיי בא אונדז „כקירע־ספאָרימ“ אָדער „די קליינע אויסִעס“... קימאַט האלב געלט, וואָס ער פלעגט פארדינענ פונ סכאר־לימעד, פלעגט בא אימ אוועקגייג אפ נײַע ספאָרימ מיט ספאָרימלעכ, אונ דאָס איז געוועזנ זײַנ גאנצער פארגעניגנ אינ זײַנ לעבנ. יעדער מענטש האָט זיכ זײַנע געדאנקענ אונ האָט ליב צו בויענ זײַנע שלעסער אינ דער לופט; זוסיעס געדאנקענ איז געוועזנ, אז ווענ ער זאָל זײַנ א גוויר (יעדער וויל נאָר זײַנ א גוויר!), וואָלט ער צעלאָזט דאָס קנעלונג אונ וואָלט אײַנגעקויפט ספאָרימ פאר מייע עלעפ רובל אונ וואָלט טאָג ווי נאכט געזעסנ אונ געלערנט... דאָס איז אפילע אנ אָרנטלעכער געדאנקענ, נאָר ווו נעמט מענ מייע עלעפ רובל? פונקט אפ צולאָכעס איז דער, וואָס ווייסט אפילע ניט, וואָס הייסט א סייפער, האָט דאפקע יאָ די מייע עלעפ רובל!.. זוסיע האָט געראשעט, אז ער דארפ ווערנ א גוויר אָנ א שומ טערעצ! פונ יענער צײַט אָנ האָט ער אָנגעהויבנ שפילנ אינ לאָטעריי־צעטלענ, אונ דערווײַל האָט ער ארײַנגעקוקט

1 מיפאלוים עלויהים.

אינ די ספאָרימ, וואָס ער האָט געקאָנט קריגנ אינ שטעטל „געהאַק־טעוווּנדנ“; צוביסלעכ האָט ער צוגעלערנט טאקע פונ יידישע ביכ־לעכ מאַטעמאַטיק מיט אנדערע וויסנשאפטנ אונ האָט באקומענ א נאָמענ אינ שטעטל „דער אופגעקלערטער מעלאמעד“. דער נאָמענ האָט אימ אָבער פיל געשאט, ביז די יידנ פונ „געהאַקטעוווּנדנ“ האָבנ אימ מער ניט געוואָלט געבנ די קינדער אינ כיידער; אונ אפ די עלטערע יאָרנ איז ער געבליבנ גאָר אָנ א קנעלונג. זיסל האָט געבאקנ בייגל, אונ דערפונ האָט מענ געלעבט. זיי האָבנ אָבער געהאט א זונ בערעלע, מיט וועלכנ דער פאָטער האָט שטענדיק געלערנט, אונ בערעלע איז בא זיי געווענ דאָס לעצטע פארגעניגנ אפ דער וועלט. צו זיבעצנ יאָר איז ער געווענ קלאָר אינ שאס אונ אינ פאָסקימ אונ האָט געהאט גרויסע פעיקייטנ צו מאַטעמאַטיק. דער פאָטער האָט מיט אימ געלערנט אויכ פילאָזאָפישע ספאָרימ אונ האָט אימ געקריגנ א רוסישע גראַמאַטיק מיט א 2 רוסישע ביכלעכ, פונ וועלכע בערעלע האָט געלערנט די רוסישע שפראַכ אונ האָט שוינ געקאָנט פאַר־שטיינ א רוסיש בוכ. נאָר ווו נעמט מענ ביכער? בערעלע איז אוועק־געגאנגענ אינ די קלייטנ אונ האָט געקויפט אפנ פוד א סאכ ביכער, וועלכע גייענ אפ איינצוּוויקלענ סכוירע בא די קרעמער, אונ האָט זיכ געזעצט לייענענ. וואָס האָט ער דאָ ניט געפונענ? דאָ איז געווענ אַלטע צערקאָווּנע ביכער נאָכ פונ כמעלניצקיס צײַטנ, דאָ איז געווענ „קריטיקא טשיסטאָהאָ ראזומא“ פונ דעמ געוויסנ פילאָזאָפ קאנט, דאָ איז געווענ אויכ א סאכ פראנצויזישע ראָמאַנענ — בערעלע האָט אַלצ געלייענט! נאָכדעמ האָט ער דערטאפט דעמ כומעש, איבערגע־זעצט אפ דײַטש פונ מוישע מענדעלסאָנ, האָט ער געקריגנ א שטיקל דײַטשישע גראַמאַטיק אונ האָט דורכגעלעזנ מענדעלסאָנס איבערזעצ, אונ האָט ערגעצ אויסגעקראַצט היינעמ אונ בערנעמ ווערק אפ דײַטש, אונ אזוי האָט ער געלערנט ביז 20 יאָר. זיסל איז געשטאָרבנ; בערע־לע האָט געגעבנ שטונדנ (וואָלוועלע — צו צוויי גילדנ!) אונ האָט אויסגעהאַלטנ דעמ פאָטער. אינ יענער צײַט האָט די האסקאָלע געגרייכט אפילע אינ דעמ שטעטל „געהאַקטעוווּנדנ“; עס זענענ אויסגעוואַקסנ „מאַסקילימ“ אונ האָבנ שוינ געהאַט בא זיכ לעווינ־זאָנס, מאַפוס, סמאָלענסקינס ספאָרימ מיט דער העברעישער צײַטונג „המליצ“. בערעלע האָט די נײַע יידישע ליטעראַטור אײַנגעשלונגענ אינ א קורצער צײַט אונ האָט אליינ אָנגעשריבנ א ראָמאַנ אינ גראַ־מענ אונ האָט אוועקגעשיקט אָפדרוקנ. מע האָט די פאָעמע אָפגע־דרוקט אונ געבעטנ, ער זאָל שיקנ נאָכ עפעס; בערעלע האָט געכאַפט

די פּאָעמע און האָט זי אַרײַנגעוואָרפן אין הרובע און האָט געזאָגט: „דאָס איז א טשעפּוכא (א נאַרישקײַט)!...” און האָט זיך גענומען לערנען לאַטײַן און גריכיש, געאָגראַפיע און היסטאָריע, און אין א פאַרלויף פון א האַלב יאָר איז ער שוין געווען גרייט צום עקזאַמען פון גימנאַזיום פון דער לעצטער קלאַס. ער איז אוועקגעפאָרן אין דער שטאָט „אויסרײַסן” און האָט זיך געשטעלט צום עקזאַמען, נאָר דאָ האָט ער זיך צעאַמפּערט מיט דעם לערער פון מאַטעמאַטיק און האָט אים אויסגעוויזן מיט רײַעס. אז ער ווייסט אזוי, וואָס אין דער מאַטעמאַטיק טוט זיך, ווי א האָן אין „יושבי־חשך”[1], און האָט אָנגערופן דעם לערער מיט דעם נאָמען „אידיאָט” און איז געקומען צוריק קיין „געהאַקטעוואַנדן”. זוסיע איז שוין געווען זייער שוואַך און האָט באַדאַרפט שטאַרבן; ער האָט צוגערופן בערעלען און האָט זיך מיט אים אָפּגעזעגנט און האָט אים איבערגעגעבן דאָס לעצטע צעטל פון דער זאַקסישער לאָטערייע מיט די ווערטער:

— נא דיר, מײַן זון, דאָס איז דײַן יערושע; עס איז געווים צוואַנציק טויזנט רובל!... — זוסיע איז געשטאָרבן, און זײַנע לעצ־טע ווערטער זענען געווען:

— פאַר צען טויזנט רובל זאָלסטו דיר קויפן ביכער, די בעסטע ביכער! און די אַנדערע צען טויזנט רובל זאָלסטו... — בא די ווער־טער איז זוסיע אויסגעגאַנגען...

דאָס קאָהאָל פון „געהאַקטעוואַנדן” האָבן אַנדערש ניט געוואָלט מעקאַבער זײַן דעם „אָפּגעקלערטן מעלאַמעד”, ביז בערעלע וועט זיי ניט באַצאָלן הונדערט רובל.

— וווּ זאָל איך אײַך נעמען 100 רובל? — האָט זיי בערעלע גע־פרעגט.

— פאַרקויף דײַנע ביכער מיט די אַפּיקאָרסישע ספאָרים!— האָבן אים די גאַבאָים פון דער כעוורע־קאַדישע געענטפערט.

בערעלע האָט לאַנג ניט געקלערט און האָט צעשיקט דעפּעשן קיין „אויסרײַסן” צום גובערנאַטאָר, צום גענעראַל־גובערנאַטאָר, צום פּראָקוראָר. אָפ דעם 5־טן טאָג איז געקומען א טשינאָווניק אָסאָביכ פּאָרוטשעניי און האָט געטראָפן דעם טויטן ליגן שוין 5 מעסלעס; ער האָט געמאַכט א סליעדסטוויע און האָט אײַנגעזעצט 3 גאַבאָים אין אָסטראָג. דאָס קאָהאָל האָט אַפילע נאָכדעם געוואָלט געבן בע־רעלען צוויי טויזנט רובל; נאָר ער האָט ניט געוואָלט נעמען און איז

---

1 יושבי־חשך — א טפילע באַם קאַפּאָרעס שלאָגן.

אַפ טאָמיד ארויסגעפּאָרן פון „געהאקטעווונדרן" און איז אָנגעקומען קיין „אנגסטן" (א גרויסע שטאָט אין מאַלאָראָסיע). אין „אנגסטן" האָט ער נאָכאַמאָל געהאַלטן עקזאַמען און איז אַרײַן אין דער אוניווערסיטעט. אַלע כוידעש האָט ער געביטן די פאַקולטעט און האָט אָנגערופן א פּראָפעסאָר: „סווינאָפּאַס", ביז ער איז ארויס פון דער אוניווערסיטעט און האָט זיך גענומען איבערזעצן גאַנץ טאַלמוד אַפ רוסיש. דאָ האָט ער גענוג אָפּגעהאָרעוועט. פּלוצעם האָט ער צעריסן דעם איבערזעץ און האָט זיך געשטעלט בא א פאָטאָגראַף, בא וועלכן ער האָט צעבראָכן די גאַנצע גאַלעריי, און איז אַנטלאָפן פון „אנגסטן" קיין „שוואַרציאָר". אין „שוואַרציאָר" האָט ער זיך פאַרליבט אין אן אָרעם, נאָר זייער א שיינס אָרנטלעך מיידל, און האָט פאַר איר כאַסענע געהאַט. ער האָט אָפּגעלעבט מיט איר עטלעכע כאָדאָשים, איז זי געשטאָרבן, און בערעלע איז געקומען פון זינען. ער האָט אָפּגעטאָן עטלעכע רעכטע זאַכן אין שטאָט, נאַטשאַלסטווע האָט אים געכאַפּט און האָט אים אָפּגעשיקט אין סומאַשעדשי דאָם (אירענהויז) אין „אַלדירוכעס" (א גרויסע שטאָט אין פּוילן), און דאָ האָבן מיר זיך באַקאַנט. — מיר זענען דאָ צוזאַמען אָפּגעזעסן א האַלב יאָר און האָבן זיך אַזוי צוגעבונדן איינער צום אַנדערן, אַז מיר זענען ביידע גלײַך ארויס פון דאָרט, וואָרעם דער דאָקטער האָט אונדז געפונען, אַז מיר זענען ניט קיין מעשוגאָים, פאַרקערט, מיר זענען נאָך צו קלאָר... דאָס גאַנצע האַלבע יאָר האָט ער מיט מיר געטרײַ געלערנט און יעצט אויך, אַז מיר האָבן צײַט (ווען האָבן מיר דען קיין צײַט ניט?), לייענען מיר צוזאַמען צײַטונגען, ביכער. אַפ יעדן בוך זאָגט ער, אַז דאָס איז דער רועך ווייסט וואָס און יענץ איז ניט ווערט א הונט. אַפ יעדן שרײַבער געפינט ער א כיסאָרן, און קיין מענטש אַפ דער וועלט געפעלט אים ניט — ער איז א מיזאַנטראָפּ (מענטשנ־פײַנט). ער זאָגט, אַז ווען ער זאָל באַגעגענען אַפ דער וועלט נאָך איין מענטשן, ווי ער איז, וואָלט ער שוין געוועזן צופרידן. פון מיר האַלט ער יאָ א ביסל; נאָר ניט מער, ווי א ביסל. צײַטנווײַז זאָגט ער אַפ מיר, אַז איך וואָלט יאָ געקאָנט זײַן קיין מײַסע ניט פון א מענטשן, ווען איך זאָל האָבן כאָטש א קאָפּ סייכל אין קאָפּ... אָפּט מאַכט זיך, אַז ער שפּײַט מיר אָן אין פּאָנעם און וואַרפט מיך אַוועק; נאָר עס גייט אַוועק עטלעכע שאָ, קערט ער זיך אום צוריק צו מיר...

יעצט, טײַערער לייבעלע, קאָנסטו שוין מײַן כאַווער בערעלען, מיט וועלכן איך רײַז אַפ דער וועלט. איך האָב דיר נאָר דערציילט זײַן ביאָגראַפיע אינקורצן; אין מײַנע קינפטיקע בריוו וועסטו אים

בעסער דערקענענ. איכ האָב דיר נאָכ פארגעסנ צו זאָגנ, אַז בערעלע איז אזא גוטער בעטעווע, וואָס דו קאָנסט זיכ גאָר ניט פאָרשטעלנ. נעכטנ איז צו אונדז אַרײַנגעקומענ א געמיינער מאַנ אָפגעריסנ־אָפ־געשליסנ; בערעלע האָט אויסגעטאָנ פונ זיכ אַלצ, וואָס ער האָט אָפ זיכ געהאַט, און האָט אָנגעטאָנ דעמ אָרעמאַנ און האָט אימ אַרויס־געטריבנ; דאָס טרעפט זיכ מיט אימ גאַנצ אָפט. הײַנט זענענ מיר אַרײַנגעקומענ אינ א רעסטאָראַציע מיטיק עסנ; בערעלע האָט זיכ געזעצט נעבנ פענצטער, און דער מיטיק איז שוינ געשטאַנענ אפנ טיש, פּלוצעמ כאַפּט ער זיכ אוֹפ פונ דעמ טיש און לויפט אַרויס אפ דער גאַס. אינ עטלעכע מינוט אַרומ איז ער אַרײַנגעקומענ צוריק און האָט געשלעפט פאַר דעמ אַרבל אַנ אָרעמענ יונגערמאַנ, וועלכער איז געווענ ניט טויט ניט לעבעדיק. בערעלע האָט אימ אַנידערגעזעצט נעבנ זיכ, האָט א געשריי געטאָנ, מע זאָל געבנ נאָכ א לעפל, און דער הונגעריקער יונגערמאַנ האָט זיכ פאָשעט מעכטיע געווענ און האָט אַלע מינוט געוואָרפנ מיט די אויגנ אפ בערעלענ, וועלכער האָט אימ געזאָגט:

— עס, טיפּעש! וואָס קוקסטו? עס!..

יעצט, טײַערער ליבעלע, אַז דו קאָנסט שוינ בערעלענ, וועל איכ דיר באַשרײַבנ, וואָס מיר טוענ דאָ, אינ דער שטאָט „שווײַגערײַ"...

צומ ערשטנ, דאַרפסטו וויסנ, אַז בערעלע האָט פײַנט לעבנ אפ יענעמס כעזשבנ: וויפל ער דאַרפ, פאַרדינט ער זיכ אַליינ: ער גיט שטונדנ, ער שרײַבט איבער פּרעמדע פּאַפּירנ, ער מאַכט איבערזע־צונגענ פונ דײַטש אפ רוסיש אינ דער רעדאַקציע, וועלכע צאָלט אימ 25 רובל פונ דעמ בויגנ. אַז ער האָט ניט קיינ אַרבעט, שטעלט ער זיכ בא א פאָטאָגראַפ פאַר א רעטושאָר; און אַז עס איז דאָס אויכ ניטאָ, שטעלט ער זיכ אינ א קלייט פאַר א קאָנטאָרשטשיק אָדער גאָר פאַר א פּריקאַשטשיק — מיט איינ וואָרט, וווּהינ ער קומט, איז ער באַרעכ האַשעמ ניט קיינ פאַרפאַלענער. ער געפעלט יעדנ באַזונדער, און ווענ ער זאָל וועלנ, וואָלט מענ אימ אָפגעגילט אינ יעדנ אָרט, ווײַל ער איז צו יעדער אַרבעט זייער ספאָסאָבנע, און עס איז ניטאָ קיינ זאַכ, קיינ כאָכמע אפ דער וועלט, ער זאָל עס ניט ווּיסנ גרינטלעכ; ער קאָנ אָבער לאַנג אפ איינ אָרט ניט אײַנזיצנ: דער קאָפ טראָגט אימ אינ־דערלופטנ! דערצו האָב איכ דאָכ שוינ דיר געזאָגט, אַז ער איז א מיזאַנטראָפ און קאָנ קיינ כעסרוינעס ניט לײַדנ: וואָס ער זעט פאַר א כיסאָרנ — זאָגט ער אימ באַלד אויס, און דערפאַר מוז ער זיכ צעקריגנ מיט יעדנ באַזונדער. אַז מיר קומענ אינ שטאָט אַרײַנ, איז זײַנ ערשטע אַרבעט אויסקוקנ און אויסשמעקנ אַלצ, וואָס עס

טוט זיך צווישן די ייִדן, אין קאַהאַלשע זאַכן אויספאָרשן, ווער עס גאַנוועט, ווער עס נאַרט אַפּ די וועלט — ער ליגט אַפּ קיינעם קיין קאָווער. עס פאַרשטייט זיך, אַז לאַנג קענען מיר אַפּ איין אָרט ניט אײַנזיצן — פאָרן מיר ווײַטער... דאָ אין „שווינדעריי" זיצן מיר שוין אַ וואָך דרײַ; בערעלע האָט זיך געשטעלט אין אַ גלאָז־פאַבריק און פאַרדינט 2 רובל אַ טאָג, און איך מאַך באַקאַנטשאַפט מיט אונדזערע ברידער; איך גיי אין אַלע פאָרנעמסטע הײַזער און זע זיך איבער אַלערליי עקזעמפּליאַרן. איך וועל דיר ניט באַשרײַבן יעדן באַזונדער, מאַחמעס עס דאַרף פאַרנעמען הונדערט בויגן פּאַפּיר; איך וועל דיר נאָר באַשרײַבן די זעלטענע טיפּן, וואָס קענען דיך אינטערעסירן און זײַן נוצלעך די לעזער פון דעם „פּאָלקסבלאַט", וועלכער לאָזט ניט דורך און כאַפּט זיי פריער איבער פון דער פּאָסט, איידער זיי קומען אָן צו אונדז אין די הענט.

נעכטן בין איך אַרײַנגעקומען צו אַ גוויר, האָב איך געטראָפן אַ גאַנצע קאָמפּאַניע יונגעלײַט זיצן אַרום טיש, וועלכע האָבן גע־לייענט אין דעם „פּאָלקסבלאַט" אונדזערע בריוו; עס איז געווען אַ געלעכטער ביז אין הימל; מע האָט מיך אַרײַנגענומען אין דער קאָמפּאַניע, איך זאָל אויך הערן דעם פעליעטאָן. איך האָב זיי נאָכ־דעם אַ פרעג געטאָן, וואָס קלערן זיי וועגן די „איבערגעכאַפּטע בריוו", האָבן זיי מיר געענטפערט, אַז רעב וועלוועלע איז אַ מעשור־גענער, נאָר ער פאַרשטייט אַן אייסעק... איינער האָט געזאָגט זײַן מיינונג, אַז דאָס האָט אינגאַנצן אויסגעטראַכט דער קאָרעספּאָנ־דענט „שאָלעם־אַליכעם", און די בריוו האָט ער אַליין אָנגעשריבן; דער צווייטער האָט געזאָגט, אַז עס קאָן ניט זײַן, מאַחמעס דאָס הייסט אַ „פּאָדלאָג", מע קען אים דערפאַר אײַנזעצן אין אָסטראָג; דער דריטער האָט געזאָגט, אַז „שאָלעם־אַליכעם" האָט קיין מוירע ניט פאַר קיין „פּאָדלאָג", ווײַל ער גייט אַליין אויך אַרום אין „אוילעם־האַטויהו"; דער פערטער האָט געזאָגט, אַז דאָס קען ניט זײַן, ווײַל צעדערבוים וועט ניט וועלן האַנדלען מיט קיין מעשוגאָים און מיט מייסים, וואָס גייען אַרום אין „אוילעם־האַטויהו"; דער פינפ־טער... נאָר איך וועל דיר ניט באַשרײַבן יעדנס מיינונג, וואָרעם עס איז ניטאָ וואָס צו הערן. איך האָב דיר צו שרײַבן פיל זאַכן, וואָס זענען אַ סאַך אינטערעסאַנטער פון דעם.

פריִער מיט אַ וואָך צוויי בין איך געזעסן מיט בערעלען אַפּ דער סטאַנציע און האָבן געלעזן אַ בוך. מע האָט אונדז אָנגעקלאַפּט אין דער טיר; בערעלע האָט אויפגעעפנט, און פאַר אונדזערע אויגן

האָט זיכ פֿאַרגעשטעלט א יונגערמאַנ זייער א הויכער, א דינער, א דארער, מיט לאַנגע האָר, מיט בלויע ברילנ, מיט א לאַנגער נאָז, מיט לאַנגע הענט, מיט א זיס שמייכעלע אפ די ליפּנ אונ האָט זיכ א בייג געטאָנ פאַר אונדז (איכ האָב געמיינט, אז ער וועט צעבראָכנ ווערנ אפ דער העלפט) אונ האָט זיכ אָפּגערעקאָמענדירט גיכ:

— איכ בינ הערשעלע דער מאַיאָסעניק; עפשער האָט איר שוינ געהערט פונ מיר? איכ האָב געהערט פונ אייַכ, בערעלע, איכ האָב געהערט, אז איר זענט געקומענ צו אונדז קיינ „שוויַיגערײַ" באַטראַכטנ אונדזערע לייַט. — זייער רעכט! איר זוכט קאַריקאַטורנ? אָט האָט איר אַנ אינטערעסאַנטעס עקזעמפּליאַר פאַר אייַערע אויגנ! ווער איז דער? — האָט ער א פרעג געטאָנ אונ א וואָרפ געטאָנ אַנ אויג אפ מיר. בערעלע האָט מיכ פֿאַרגעשטעלט מיט די ווערטער:

— דאָס איז רעב וועלוועלע, מייַנ קאָמפּאַניאָנ.

— רעב וועלוועלע? — האָט הערשעלע געפרעגט פאַרוווּנדערט. — רעב וועלוועלע? עס איז ניט דער וועלוועלע, וואָס שרייַבט זיכ דורכ מיט זייַנעם אַנ אלטנ גוטנ־ברודער, רעב לייבעלע פונ יענער וועלט?

— יאָ, איר האָט געטראָפנ! — האָט אים בערעלע געענטפערט. הערשעלע איז ארופגעפאלנ מיר אפ דעם האַלדז מיט די ווערטער:

— סטייַטש! וועלוועלע, רעב וועלוועלע! ווענ וואָלט איכ געהאַט די זכיה צו זענ רעב וועלוועלענ?!

פונ יענעם טאָג אָנ איז הערשעלע שוינ ניט ארויסגעגאַנגענ פונ אונדזער צימער; ער האָט מיט אונדז געגעסנ אונ געטרונקענ אונ געשלאָפנ. בערעלענ האָט ער ליב געקריגנ, אז ער קענ פונ אים ניט אָפּטרעטנ קיינ מינוט. דער באַלעבאָס פונ דער סטאַנציע האָט אונדז שוינ א פּאָר מאָל געזאָגט: „וואָס לאָזט איר צו זיכ אָט דעם מעשור־גענעם? טרייַבט אים ארויס!.."

— הערשעלע איז דענ א מעשוגענער? — האָבנ מיר געפרעגט דעם באַלעבאָס, רעב העניעכ פלייש, — ער ווייַזט אויס דאַפקע פונ א קלאָרנ!

— ע! איר האָט א טאָעס! — האָט אונדז רעב העניעכ פלייש געענטפערט, — אז איר ווילט יאָ וויסנ, ווער הערשעלע איז, וועל איכ אייַכ דערציילנ.

רעב העניעכ פלייש האָט זיכ אָפּגעווישט די נאָז מיט דער פּאָלע, האָט א שפּייַ געטאָנ אינ דער זייַט, האָט זיכ געזעצט אפ א שטול אנקעגנ אונדז, אנידערגעלייגט זייַנע פעטע הענט אפ די פלייש־קע קניִענ אונ האָט אונדז גענומענ דערציילנ הערשעלעס ביִאָגראַפיע...

נאָר איכ וועל דאָס איבערלאָזנ אפ דעמ צווייטנ בריוו, יעצט האָב איכ קיינ צײַט ניט, טײַערער לייבעלע, צו שרײַבנ א סאַכ. — הערשעלע האָט זיכ געבעטנ בא אונדז, מיר זאָלנ אימ עפעס אויכ געבנ אנ ארבעט, ער זאָל ניט זײַנ קיינ דארמאָיעד. בערעלע האָט אימ גערעקאָמענדירט א שטעלע בא א גרויסנ גוויר אינ א קאָנטאָר, נאָר מע האָט אימ ניט געוואָלט צונעמענ: מע האָט געענטפערט, אז מע דארפ ניט קיינ מעשוגאָימ אינ קאָנטאָר. בערעלע האָט זיי געענטפערט: „איר זענט אַלע מעשוגע, אונ הערשעלע איז קליגער פונ אײַכ מיט אײַער פרינציפאַל צוזאמענ!..” בערעלע האָט אימ געגעבנ אנ אנדערע שטעלע פאר 30 רובל א כוידעש: ער זאָל ארומפאָרנ אינ די גאנצ קליינע שטעטלעכ אונ פונ דאָרט זאָל ער אונדז שרײַבנ אלע וואָכ א בריוו, וואָס עס טוט זיכ דאָרט. יענע וואָכ איז הערשעלע אוועקגעפאָרנ קיינ מאלאָראָסיע, אונ הײַנט האָבנ מיר פונ אימ געהאט דעמ ערשטנ בריוו; ער שרײַבט אונדז אזעלכע נײַס:

— אינ כאָ־ראָל איז פלוצעמ אינמיטנ העלנ טאָג שיר־שיר ניט אָפגעברענט געוואָרנ דער דאכ פונ דעמ מערכעצ; א גליק, וואָס די שויכעטקע האָט דערפילט, ווי עס שמעקט סמאליענעס, האָט זי געמאכט א גוואלד, האָט מענ פארלאָשנ. שפּעטער מיט זעקס שאָ נאָכ דער סרייפע איז געקומענ צו פליענ די פאָזשארנע קאָמאנדע — מיט א צעלעכצט פעסל אָפ דרײַ רעדער — אונ האָט שיר ניט איבערגעפאָרנ א קארעטע מיט דרײַ פערד, ווו עס איז געזעסנ דער איספראַווניק... קיינ ליכטיקײַט פונ דער ציוויליזאציע זעט מענ דאָ נאָכ ניט; מע ריכט זיכ, אז די טעג זאָל קומענ א פאַקנ־טרעגער מיט עטלעכע „העכסט אינטערעסאנטע ראָמאנענ” פונ דעמ געוויסנ שאָמער — וועט עפשער יאָ ארײַנפאלנ א פונק פונ דער נײַער האסקאָלע. דערווײַל איז דאָ גאנצ שטיל... אינ לאָכ־וויצ איז יאָ געוואָרנ א רעפאָרמע אינ דעמ יידישנ לעבנ, דעהײַנטע: דער שויכעט איז ארײַנ צומ ראָוו אינ דער דירע, אונ דער ראָוו האָט זיכ איבערגעקליבנ צומ שויכעט... קיינ צײַטונג גייט אהער ניט, ווײַל עס איז דאָ נאָכ ניטאָ קיינ פאָסט; אז עס מאכט זיכ, מע דארפ יאָ שרײַבנ א בריוו — שיקט מענ אָדער דורכ א באַלעגאָלע אָדער עס גייט אזוי אוועק די צײַט אונ מע דארפ שוינ ניט שרײַבנ... אינ קאָבעליאק שטייענ נאָכ די פאראיאָריקע סוקעס, פונדעסטוועגנ האָט שוינ יעדער אָנ עסרעג אָנגעגרייט אָפ איבעראיאָר אימ־יִרצע־האשעמ... דאָ איז שוינ דאפקע יאָ דאָ א פאָסט, נאָר קיינער שיקט אָבער קיינ בריוו ניט! אינ זאָלטאָנאָש איז מענ ערשט יענע וואָכ געוואָר גע־

וואָרן פון א נס, אז אין פעטערסבורג גיט זיך ארויס א יידישע צייטונג „האמיליץ“, און עס איז שוין דאָ א צוויי באלאָנים, מאסקילים, וואָס ווילן אים אָנקוקן, נאָר קיין געלט זאָל זיי ניט קאָסטן, מאכמעס פאר געלט קריגט מען נייטיקערס פון ביכער אָדער צייטונג... אין לו־בען ווערט די „טאלמוד־טוירע“ וואָס א טאָג גרעסער: זי פארנעמט שוין היינט קימאט א האלבע שטאָט; עס הערט זיך, אז דער אלטער גוויר פון לו־בען, דער „קויהען־גאָדל“, וויל שענקען אף דער „טאלמוד־טוירע“ צען טויזנט רובל, בעת אז מע וועט אויסלערנען כאָטש איין טאלמיד אין 3 יאָר „זאָגן איווּרע“. די שטאָט לו־בען איז שוין אן אייראָפּעישע שטאָט מיט אלע פּישטשעווקעס, דעהיינו: עס געפינט זיך שוין דאָ א יונגערמאן — הער וועניאמין, — וואָס שרייבט אויס א רוסישע צייטונג „רוס“ (Русь). די טוירע פון דעם געוויסן אקסאקאָוו איז אים אזוי געפעלן, אז ער לייענט די צייטונג אין בעסמעדרעש פאר אלע יידן, וועלכע האלטן דעם הער וועניאמין פאר זייער א געבילדעטן מאן! הערשעלען איז זייער אינטערעסנע געווען זיך צו באקאָנען מיט אזא מאסקל, וואָס האלט פון אקסאקאָוון און זאָגט, אז ער איז טאקע בעעמעס זייער א געבילדעטער יונגערמאן; ער האָט זייער א שיינעם סערדעט (ראָק), אף זיין לעבן האָט ער איבערגעלייענט עטלעכע נומערן פון דער צייטונג „לוטש“ (Луч) און פארלייט געלט אף פּראָצענט. ער קלייבט זיך איינגיכן „ארייַנשרייבן“ א קאָרעספּאָנדענציע אין „רוס“, נאָר ער האָט נאָך ניט צונויפגעקליבן קיין מאטעריאל פון פרעמדע קאָרעספּאָנדענציעס... היינטיקע וואָך איז מען ערשט געוואָר געוואָרן אין לו־בען, אז עס עקזיסטירט א „יידישער וואָפּראָס“ אין רוסלאנד און אז מע רעדט פון פאלעסטינע; נאָר ביז אהער האָבן זיי ניט געוווסט, וואָס הייסט פאלעסטינע; היינט, אז זיי זענען געוואָר געוואָרן, אז דאָס הייסט „ערעץ־יִסראָעל“, איז געוואָרן א גרויסער ראש. דער ראָוו האָט זיך שוין אייַנגעפּאקט מיט אלעמען און איז געווען פארטיק צו מאכן די רייזע, האָט מען אים קוים ראסטאָלקעוועט, אז מע רעדט נאָר פון קאָלאָניעס, פון ערד באארבעטן אין פאלעסטינע און בישלעכווייז אריבער קיין ערעץ־יִסראָעל, — האָט ער א שפּיי געטאָן און האָט געזאָגט, אז דאָס האָבן אויסגעטראכט שקאָצים מיט הולטייעס, וואָס גלייבן ניט, אז מאָשיעך דארף קומען... אין פער־יאסלאוו האָבן זיך שוין אלע קלאסן אויסגעבילדעט, און אלע מאסקילים טראָגן בלויע ברילן און לייענען די ראָמאנען „דיומא“ און „פּאָל דע־קאָק“, אין רוסישער

איבערזעצונג... אינ קיינ שטאָט איז ניטאָ אזעלכע נאדוואָנימ מיט מילדע יידנ ווי אינ פּער־יאסלאוו. דאָ האָט ניט לאנג א גוויר רעב מוישע־כאַימ געשענקט 30.000 רובל צו פארלייען מיט 60% אפ משכנות, אונ רעב לייבעשקע האָט געשענקט 4 ארשינ קאָרט זיך אפ א נייעמ קאפּטנ... קיינ יידישע צייטונג זעט מענ דאָ ניט, מאכמעס די פּער־יאסלאווער יידנ זענענ צו שטארק געבילדעט; האלטנ זיי ניט פונ קיינ יידישע צייטונג... פונ יא־גאָטענע איז מענ ערשט היינטיקס יאָר געוואָרנ, אז עס איז דאָ אזא שטאָט אפ דער וועלט אונ אז עס זיצנ דאָרט מענטשנ... ביז אהער פלעגט מענ פארביישאָרנ, אונ קיינ באלעגאָלע איז אפ די געדאנקענ ניט געקומענ, ער זאָל זיך דאָ שטעלנ טאָנ א טרונק בראָנפנ... היינט האָט מענ גענומענ האקנ וועגנ אהינ אונ מע געפינט אלע טאָג א נייעמ מענטשנ... פאר דער ארכעאָלאָגיע איז דאָ פאראנענ א סאך מאטעריאל... אינ מירגאָראָד האָט שוינ גאָגאָל לאנג געזאָגט, אז עס געפינענ זיך דאָ א סאך ווינט־מילנ... פונ יענער צייט ביז היינט האָבנ זיך צוגעבויט נאָך 2 ווינט־מילנ מיט א מערכעצ... הערשעלע שווערט, אז אינמיטנ שטאָט שטייט א האנטפּאס מיט א האנטעך אפ צו וואשנ די הענט... קיינ טאנאך לערנט מענ נאָך דאָ ניט... אינ פּרילוק הייצט מענ 3 מאָל אינ דער וואָך די באָד, אונ פונדעסטוועגנ קומט עס ניט צו לובענ, מאכמעס אינ לובענ זענענ די יידנ פאָרט גרויסע נאדוואָנימ, אונ די יונגעלייט זענענ גרויסע מאסקילימ, אונ אינ דער גאנצער שטאָט געפינט איר ניט קיינ איינציקנ אָרעמאנ, אונ אפילע די מעלאמדימ זענענ דאָ גרויסע גווירימ... נאָר אינ פּיראטינ האָבנ נעבעך די מעלאמדימ געהאט אנ אומגליק: מע האָט זיי א ביסל דורכגעלופטערט די כאדאָרימ, אינ וועלכע עס האָט זיך שוינ צעשפּילט דער דיפטעריט... פאר די מעלאמדימ איז דאָס דער גרעסטער אומגליק, מאכמעס אינ א ריינעמ ביידער קענ קיינ מעלאמעד ניט קנעלנ; ער דארפ האָבנ מיסט ביז דעמ האלדז, אונ אינ דעמ אוויר זאָלנ זיך געפינענ מיקראָבעס, אז מע זאָל קענענ דערוואָרגנ ווערנ... אנדערש איז דאָס קיינ ביידער ניט! נו, טייערער לייבעלע, אדיע. אינ דעמ צווייטנ בריוו וועל איך דיר מער שרייבנ נייס. שרייב מיר אָפטער בריוו אונ גריס איזאק ג"פ 1. בערעלע מיט הערשעלעג גריסנ דיך ליבלעך אומבאקאנט. אדיע! אדיע! דיינ בעסטער אייביקער פריינט

וועלוועלע דער קלאָרער.

1 גאָר פריינטלעך.

VII

# רעב וועלוועלע פונ דער וועלט צו רעב לײבעלענ אפ יענער וועלט

18 מערצ, 1884

אכ! טײַערער בעסטער פרײַנט לײבעלע!

איכ קאָנ גאָר ניט פאַרשטײנ, פאַרוואָס איכ האָב פונ דיר אַזוי לאַנג קײנ בריוו ניט! איכ האָב פריִער גערעכנט — א קאַשע אפ א מײַסע? — עפּשער האָסטו מײַנ פאַבריקנ בריוו ניט ערהאַלטנ; האַגאַמ איכ האָב דאָס ניט געטאָרט קלערנ אפ דעמ פּאָסטאַמט פונ דער עמעסער וועלט: נאָר דאָ, אפ דער פאַלשער וועלט, קענענ זיכ טרעפנ אַזעלכע מײַסעס, ווי אַשטײגער אינ פּוילנ, אינ א. קלײנ שטעטל „פאַמאָיעס" איז מענ זיכ נויהעג, אַז די באַלעבאַטימ, די גווירימ, די קעפּ פונ קאָהאָל — גײענ פאַרמאַלנע אפ דער פּאָסט אונ עפענענ אַלע בריוו אונ זענענ זײ פריִער מאַגיִע, טאָמער געפינט זיכ דאָרט כאָלילע עפּעס א מעסירעלע, א גוטע יעדיִע פונ טאָרגעס, וואָס עס מוז צוגײנ בעסאָד־סוידעס, אָדער א קאָרעספּאָנדענציע אינ א צײַטונג פונ א קאָרעספּאָנדענט, וואָס כאַפּט זיכ אַרוימ מיט א „פּאַסקווילּ" אפ דעמ באָלטאַקסע אָדער אפ דעמ גאַבע פונ דער כעווורע־קאַדישע... עס איז שוינ דאָרט אַזוי אײַנגעפירט, אַז טאָמער דאַרפ עמעצער ערגעצ שיקנ א בריוו, מוז ער זיכ פריִער יאָווענ צומ נאָגיד רעב שימענ־וואָלפ־בער־לײב־כאַיִמ־יעהוישוא־אַוראָמ־הענעכ גאָלדע־אַרצעס. ער איז דער צענזאָר פונ די בריוו, אונ אָנ אימ וועט איר קײנ בריוו פונ דעמ שטעטל „פאַמאָיעס" ניט אַוועקשיקנ, איר זאָלט אפילע זײַנ מיט 7 הערנער אפנ קאָפּ. אונ ווערשמועסט, אַז א יונגערמאַנ וויל אויסשרײַבנ א יִדישע צײַטונג, מוז ער פריִער אויסהערנ א מוסער־דראָשע פונ דעמ צענזאָר, אַז די גאַזעטנ זענענ באַשאַפנ געוואָרנ נאָר צו שמירנ דעמ שײנעמ נאָגיד אונ צו נעמענ אפ אימ מעסירעס, אויסטראַכטנ אפ אימ בילבולימ. ונאָכדעמ, אַז עס העלפּט ניט, גיט אימ דער „צענזאָר" אַרויס א קוויטל צומ פּאָסטמײַסטער, אַז דער בריוו איז שוינ אײַבערגעקוקט געוואָרנ אונ מעג שוינ גײנ... נאָר דאָס איז אַלצ גערעדט געוואָרנ ב א א ו נ ד ז, נ י ט ב א א י ַ כ. — אינ דעמ № 11 פונ דעמ „יודישנ פאָלקסבלאַט" האָב איכ מיט פאַרגעניגנ דערזענ דעמ אָנפאַנג פונ מײַנ פאַבריקנ בריוו, בינ איכ רויִקער גע־

וואָרנ: איכ פארהאָפ, אז דו האָסט אימ שוינ מיסטאמע מעקאבל געווענ, אונ קוק שוינ ארויס אפ דײַנ אנטוואָרט מיט גרויס אומגעדולד! איכ מיט מײַנ כאווער בערעלע (מיט וועלכנ איכ האָב דיכ באקאנט געמאכט אינ פאָריקנ בריוו) געפינענ זיכ יעצט אינ א היפשער שטאָט „דורמאנאָוו״; מיר זיצנ שוינ דאָ מער פונ 2 וואָכנ. בערעלע איז אזוי צופרידנ פונ די היגע לײַט, אז עס גלוסט זיכ אימ גאָר פונדאנענ ניט אוועקצופאָרנ. ער זאָגט, אז דאָ איז דער „גאנ־ײדנ־האטאכטונ״: עס איז ניטאָ קיינ גרעסער פארגעניגנ, ווי זיצנ צווישנ נאראָנימ; מע קאָנ זיכ אויסריידנ פרײַ אונ מע האָט פאר קיינעמ קיינ מוירע ניט. בא בערעלענ איז ניטאָ קיינ גרעסער פארגעניגנ, ווי לאכנ פונ יענעמ אינ די אויגנ אונ זאָגנ יעדנ זײַנע כעסרוינעס בעפומבי; דערפאר האָט ער פײַנט לאכנ פונ יענעמ הינטער די אויגנ.

הײַנטיקנ שאבעס האָט בערעלע מוידיע געווענ אינ אלע באָטעמעדראָשימ דורכ די שאמאָסימ, אז ער וועט זאָגנ א „דראָשע״ אינ דער גרויסער שול שאבעס באטאָג נאָכ דעמ שלאָפ. די כסידימ האָבנ פראָטעסטירט אונ האָבנ געזאָגט, אז זיי וועלנ ארויפּירנ דעמ אפיקוירעס פונ דער בימע; נאָר די אריסטאָקראטנ האָבנ זיכ געשטעלט אונ האָבנ געזאָגט, אז מע וועט שטעלנ פאָליציייסקע בא די טירנ — האָבנ זיכ די כסידימ איבערגעשראָקנ. זייגער 3 באטאָג איז שוינ די שול געווענ פול מיט מענטשנ. יונגעלײַט בעריאקעס האָבנ זיכ ארופגעדראפּעט אפ דער בימע, אונ פעטש זענענ געפליגנ ווי האָלצ; יונגלעכ קונדייסימ האָבנ איבערגעקערט די שול, אונ וואָווע דער שאמעס האָט זיי געוואָרפנ, ווי די האָלעשקעס, ארויס צומ פאָליש. דער „אוילעמ״ איז געוואָרנ אלעמאָל געדיכטער, אונ האָבנ זיכ צעשלאָגנ אפ רעדלעכ; מע האָט דערווײַל געשמועסט פונ מילע־דעאלמע. דאָ האָט מענ גערעדט פונ פאָליטיק: הער פארפל האָט געדרונגענ, אז יידנ וועלנ איינגיכנ באקומענ ראוונאָפראוויע (בירגער־רעכט); ער האָט אויסגעשריבנ פאר נײַ־יאָר דעמ „סינאָטיעטשעסטווא״, פארשטייט ער מיט זײַנ סייכל־האיאָשער, אז עס ווײַזט אזוי אויס; דאָ האָט מענ גערעדט פונ איגנאטיעווס מאפּאָלע; דאָרט פונ א מילכאָמע צווישנ קיטײַ מיט די כינעזער. א פײַנער יונגערמאנ מיט א געל בערדל האָט ארײַנגעשטעקט איינ אויער אינ איינ רעדל, אונ מיט דעמ אנדערנ אויער האָט ער געכאפּט ווערטער פונ דעמ צווייטנ רעדל, ווו עס איז געגאנגענ א שמועס פונ מיסכער, אונ מיט די אויגנ האָט ער געוואָלט כאפּנ, וואָס מע האָט גערעדט אינ

דעמ דריטנ רעדל, — צוזאמענ איז געווענ א געשריי מיט א ליאַ־רעמ אינ שול, אונ נאָר וואָוע דער שאמעס מיט זײַנ דעמבענער שטימע האָט געקאָנט איבערשרײַענ דעמ עוילעמ מיט א קלאפּ אינ טיש:

— שא־אט!! דער מאגיד גייט!!..

דער עוילעמ האָט אָנגעהויבנ זיכ שושקענ, אונ איינער דעמ אנדערנ אײַנשטילנ:

— ששששא! ששששא! ששששא! שששששא!

בערעלע איז געשווינד ארופ אפ דער בימע — האָט אופגעהויבנ דעמ קאפּעליוש אונ האָט זיכ אָפּגעווישט דעמ שטערנ. איכ וויל דיר אויסמאָלנ בערעלעס פּאָרטרעט: א געזונטער, א הויכער, א ברייטער יונגערמאנ פונ 22 יאָר; ליכטיקע (העלע) האָר, גרויע אויגנ, א ברייטנ שטערנ, א לאנגע נאָז, א שיינ מויל, גרויסע רויטע הענט; אפ דעמ פּאָנעמ ווײַזט ער טאָמיד אויס בייז. נאָר רעדנ רעדט ער אָנגענעמ, הילכיק, מיט היסלײַוועס. נאָכ א קלייניקײַט: איינ אקסל איז בא אימ העכער פונ דעמ אנדערנ, אונ אז ער רעדט, ווארפט ער אזוי מיט די הענט, אז מע טאָר ניט שטיינ נאָענט נעבנ אימ, ביכדיי מע זאָל ניט בלײַבנ כאָלילע אָנ א נאָז אָדער אָנ ציינ...

— איכ בעט אײַכ, עס זאָל זײַנ שטיל! — האָט בערעלע אויסגעשריגנ אונ האָט פארשארט די האָר ארונטער. נאָכדעמ האָט ער א הוסט געטאָנ אונ האָט אָנגעהויבנ אזוי:

„ראבויסײַ! דער מינהעג פונ א מאגיד איז, אז ער הייבט אָנ זײַנ דראָשע מיט א פּאָסעק פונ דער סעדרע אונ פּלאפּלט אָנ אפ אימ א בארג מיט קינדערישע מעשאָלימ אונ פּיירושימ מיט הילכיקע פּוסטע ווערטער, ביז ער קומט ארופ אפ דעמ זעלבנ פּאָסעק, אונ ענדיקט מיט דער געוויסער פראזע: „ובא לציונ גואל'' [1]. אונ דאָס איז ניט מער ווי א פּאָקוס... ראבויסײַ! דאָס איז זײַנ ברויט, זײַנ פּארנאָסע — מוז ער אזוי! אָבער איכ האָב זיכ געשטעלט זאָגנ אײַכ עטלעכע ערנסטע ווערטער אונ פאָדער פונ אײַכ דערפאר נאָר איינ זאכ: איר זאָלט זיכ גוט צוהערנ צו מײַנע רייד, וועלכע, איכ האָפ, וועלנ אײַכ נוצלעכ זײַנ — אונ מער ניט!

הערט ראבויסײַ, הערט, וואָס דער קליגסטער קיניג שלוימע־האַמעלעכ זאָגט: „כי משובת פתים תהרגם, ושלות כסילים תאבדם'' (משלי א' ל''ב) [2]. ראבויסײַ! עס איז דאָ צווישנ אײַכ 90 פּראָ־

1 אוווא לעציוינ גויעיל.

2 קי מעשוואס פּסאָימ טאהארגיימ, וועשאלוואס קסילימ טעאבדיימ.

צענט גראָבע־יונגען, וואָס פארשטייען געוויס ניט דעם פּאָסעק; דערפאר מוז איכ אים פארטײַטשן: „דאָס ווילדקײַט פונ די נאראָנים הארגעט זיי אוועק, אונ דאָס בעזפעטשנאָסט (טאקיפ בא זיכ) פונ די שויטים קוילעט זיי אוועק ביז גאָר”... ראבויסײַ! א מאגיד — א פּאָקוסניק וואָלט זיכ באלד געשטעלט אפ דעם פּאָסעק אונ וואָלט זיכ צוגעטשעפּעט צו אים: אלעמײַ שטייט „פּתים” אָנ אנ אלעפ?.. מיכ ארט דאָס גאנצ וויניק; מיכ ארט א סאכ מער, וואָס אָט דער פּאָסעק איז אפ אײַכ גלײַכ, ווי אָנגעמאָסטן. ראבויסײַ! איר זענט, מעכילע, אי נאראָנים, אי ווילדע מענטשן, אונ דערצו זענט איר נאָכ בעזפעטשנע אויכ אונ מיינט, אז עס גייט אײַכ גאָר ניט אָפּ! אכ, ראבויסײַ! איר האָט א ווילדנ טאָעס: עס גייט אײַכ א סאכ מער אָפּ, ווי איר האָט! גלייבט מיר, ראבויסײַ, ווענ איר זאָלט זײַנ פאנאטיקער, ווי אונדזערע ברידער אינ „שוווײַנערײַ” אָדער אינ „מערדערײַ”, וואָלט איכ מיט אײַכ גאָר ניט געוואָלט רעדנ. איכ ווייס אָבער, אז איר זענט שוינ פיל פרײַער פונ זיי, אונ איר לעבט קלוימערשט ווי געבילדעטע לײַט, אפ דעם אייראָפּעישנ שטייגער; איר האלט ניט פונ קיינ „גוטע־יידנ”, איר גייט געקליידעט, ווי לײַט, איר סטארעט זיכ, אז מע זאָל אײַכ ניט דערקענענ פאר קיינ יידנ, אײַערע ווײַבער זענענ נאָכ פרײַער, אײַערע קינדער לאכנ פונ א יידנ — מיט איינ וואָרט, איר רופט זיכ דאָ אָנ מיט דעם נאָמענ: א ר י ס ט אָ ק ר א ט נ. ראבויסײַ! איר לעבט אינ טאָעס: א ריכטיקער אריסטאָקראט הייסט אנ איידל־געבאָרענער, אנ איידל־ערצויגענער, געבילדעטער מאנ; אונ איכ ווייס ניט, צי וועט זיכ געפינענ צווישנ אײַכ א צוויי־דרײַ עמעסע אריסטאָקראטנ; די איבעריקע זענענ: ענטוועדער אנ אופגעקומענער מעשאָרעס, וואָס האָט באראָבעוועט דעם פרינציפּאל, אָדער אנ אופגעקומענער שנײַדער, אָדער אזוי א נידעריקער מענטש, וואָס האָט אלפי־נעס אָדער דורכ שווינדלערײַ באקומענ געלט, האָט זיכ אונטערגעשניטנ דעם קאפּטאנ אונ אָפּגעראזירט די באָרד אונ איז געוואָרנ א פײַנער מענטש, אונ האָט זיכ אײַנגערעדט, אז ער איז אויכ אנ אריסטאָקראט. ראבויסײַ! איכ זע, איר זענט ניט צופרידנ, וואָס איכ רעד מיט אײַכ אזוי אָפנ, אָנ צערעמאָניעס; איר זענט אָבער אומזיסט בערויגעז: וואָס וואָלט אײַכ ארויסגעקומענ, אז איכ זאָל אײַכ נעמענ לויבנ, כאנפענענ אונ זאָגנ, אז אזעלכע פײַנע לײַט, ווי איר, איז גאָר אפ דער וועלט ניטאָ? גוואלד, ראבויסײַ, וואָס זאָל איכ טאָנ? גלייבט מיר, ווענ איר זאָלט טאקע זײַנ עפּעס רעכטס, וואָלט איכ אײַכ געזאָגט;

איך וואָלט ניט פֿאַרדעקט פֿון אײַך דעם עמעס! איר האָט מיך אַזױ פֿײַן צוגענומען, און יעדער פֿון אײַך האָט מיר אַזױפֿיל קאָװעד אָפּגעגעבן, אַז װען איך זאָל פֿאַר אײַך לײַגענען, װאָלט מײַן סאָװעסט געװעזן אומרײַן; איך װיל אײַך באַצאָלן פֿאַר אײַער פֿרײַנטשאַפֿט צו מיר, דערפֿאַר זאָג איך אײַך דעם רעכטן עמעס...

ראַבױסײַ! איך האָב אײַך באַװיזן, אַז קײן אַריסטאָקראַטן זענט איר ניט! װאָס זשע דען זענט איר? — עפּשער פּאָשעטע ייִדן? אױך ניט! פֿון פֿרומקײַט זענט איר באָרעכ־האַשעם פּאָטער, פֿון לערנען טױרע לישמאָ — אװאַדע, װאָרעם איר קענט נעבעך ניט, איר זענט פּאָשעטע אַמעראַצים! נו? װאָס זשע פּאָרט געפֿינט זיך בײַ אײַך גוטס? דאָס ייִדישע־פֿאָלק איז ראַכמאָנים בנײ ראַכמאָנים — ייִדן פֿײַנען זיך אױס מיט זײער באַרעמהערציקײַט, מיט זײער צדאָקע, מיט זײער העלפֿן אײנער דעם אַנדערן, און נאָך און נאָך פֿיל גוטע מידעס. ראַבױסײַ! איך זיץ שױן בײַ אײַך קימאַט צװײ װאָכן און זע ניט קײן שום װוּנק אַף אײַער באַרעמהאַרציקײַט! מיר װעלן אָנהײבן גײן נאָך דער אָרדענונג: קײן „טאַלמוד־טױרע“ איז בײַ אײַך ניטאָ; עס איז יאָ דאָ בײַ אײַך עפּעס אַ שטיקל כײדער, װאָס איר רופֿט דאָס „טאַלמוד־טױרע“ (איך װײס ניט פֿאַר װאָס?), זאָג איך אײַך, ראַבױסײַ, אַז איר קױלעט אַװעק עטלעכע צענדליק קינדער! איר האַרגעט זײ פֿיזיש און מאָראַליש! איך בין דאָרט געװען — װײס איך, װאָס דאָס איז: דאָס איז אַ גרוב, װאָס מע װאַרפֿט אַהין אַרײַן לעבעדיקע קינדער, און דאָרט סקאַליעטשעט מען זײ אַף אײביק! עס איז דאָרט קאַלט, נאַס, פֿינצטער, רױכיק; עס פֿליִען אַרום אין דער לופֿט שאַרפֿע מיאַזמען (אָנשטעקנדע שטאָפֿע), און דאָס ליגט זיך דעם קינד אַף דער לונג און אַף דעם גאַנצן לײַב, אַף דעם יונגן לײַב, װאָס דאַרף פֿרישע לופֿט, די זון, גערױמקײַט (פּראָסטאָר) — עס דאַרף װאַקסן! עס דרײען זיך דאָרט אַרום עטלעכע מעלאַמדים — שוסטערס, ניט קײן לערערס, ראָצכים, מיט ריטער אין די הענט, און מע שלאָגט אָן ראַכמאָנעס, מע שלאָגט גלײַך, װוּ דער שטעקן װעט טרעפֿן: אַף דער האַנט, אין קאָפּ, אין האַרצן! די טאַלמידים שרײַען אין אײן קאָל. װאָס שרײַען זײ? מע הײסט זײ שרײַען!.. ראַבױסײַ! איך זאָג אײַך, איר װאָלט אַ סאַך גלײַכער געטאָן, איר זאָלט גאָר פֿאַרשליסן אַזאַ „טאַלמוד־טױרע“, װאָרעם דאָס איז נאָר אַן אַװײרע קעגן די קינדער און דערצו אַ כילעל־האַשעם... הײַנט, ראַבױסײַ, װעלן מיר גײן װײַטער. צי האָט איר דאָ אַ ביקער־כױלים? איר שרײַט

„יאָ"! „מיר האָבנ א... העקדעש". אכ, ראבויסײַ, אײדער אזא „העקדעש", איז שוינ גלײַכער, אז די אָרעמע קראנקע זאָלנ בעסער זיכ וואלגערנ אינ די גאסנ! אינ גאס וועט זיכ עפשער אָפּזוכנ א גוטער מענטש, וואָס וועט דעמ כוילע געבנ כאָטש א שטיקל ברויט, א טרונק וואסער; אונ בא אײַכ אינ „העקדעש" וועט ער שטארבנ פונ הונגער אונ וועט נאָכ דארפנ זענ, ווי די איבעריקע שלאפע מוטשענ זיכ... ראבויסײַ! עס איז ניט קיינ „ביקער-כוילים": עס איז א מינ אנשטאלט (זאוועדיעניע), וואָס דער געמיינער קראנקער האָט א פריווילעגיע דאָרט צו שטארבנ פריִער פאר דער צײַט!.. עפשער איז בא אײַכ דאָ, ראבויסײַ, א כעווורע „צדקה לעניים", „עזר לאביו־נים" 1 אָדער אנדערע כעוורעס צו העלפנ דעמ געפאלענעמ? ניינ! וויפל געלט האָט איר ארויסגעשיקט אינ די שטעט, ווו עס זענענ געווענ די פּאָגראָמעס? א גראָשנ ניט! וואָס הערט זיכ עפּעס בא אײַכ מיקויעכ די קאָלאָניזאציע פונ פּאלעסטינע? שא, שטיל, מע הערט ניט אונ מע זעט ניט!.. וואָס קער זיכ מיט אײַכ אָנ פּאלעס־טינע מיט דעמ קלאל-יִסראָעל? איר האָט זיכ אײַערס, וואָס איר דארפט; אײַכ איז דאָ אויכ ניט ביטער — הײַנט וואָס דארפט איר פּאלעסטינע? אײַ, די אָרעמעלײַט? לאָזנ זיי פאָרנ קיינ ערעצ-יִס־ראָעל, אויב עס איז זיי דאָ שלעכט; זיי האָבנ דאָכ אָבער ניט מיט וואָס צו פאָרנ? נו, לאָזנ זיי גיינ צופוס!.. וויים איכ פּאלעסטינע? די גאזעטנ האָבנ שוינ ניט וואָס צו שרײַבנ, האָבנ זיי זיכ אָנגע־כאפּט אָנ פּאלעסטינע אונ דרייענ א מויעכ!.. ראבויסײַ! איכ שווער אײַכ בענעמאָנעס, איר זענט ניט קיינ יִדנ!.. וואָס זשע דענ זענט איר? עפשער קריסטנ? ניינ! נו, פּאָשעט מענטשנ? מענטשנ? אײַ, ראבויסײַ, מיר דאכט, אז קיינ מענטשנ אויכ ניט! ניט אזוי לעבנ מענטשנ! אינ אָרנטלעכקײַט, אינ ערלעכקײַט זענט איר דאָכ נע־בעכ שטארק געכאפּט: איבערוועגנ, איבערמעסטנ, אראָפּכאפּנ, ניט דערשיטנ, ניט דערגיסנ, אָפּנארנ, רײַסנ 80 פּראָצענט, קוועטשנ, שטעכנ, טרײַבנ, אויסדינגענ, מאסערנ, יאבעדענ, גלאט אזוי צו־נעמענ, מיט גוטנ, אפּ א געלעכטער, מיט בייזנ, מיט טאקיפעס, אונ נאָכ, אונ נאָכ, אונ נאָכ... ראבויסײַ! כ'לעבנ, איר זענט עפּעס גאנצ ווײַט פונ מענטשנ! וואָס זשע דענ זענט איר? — ווילדע מענטשנ! אָט דאָס זאָגט אפּ אײַכ דער ערשטער האלבער פּאָסעק: „כי משובת פתים תהרגם!" אונ דער אנדערער האלבער פּאָסעק: „ושלות כסי־

1 „צדאָקאָ לאאניִיִמ", „אײזער לאָעווױנים".

לים תאבדם" — דאָס מיינט מען אײַער גלײַכגילטיקײַט, אײַער בעזפּעטשנאָסט, וואָס מאַכט פֿון אײַך א טעל; איר זענט צופֿיל בעזפּעטשנע. עס איז דאָ שטיל, מע שלאָגט אײַך נאָך נישט לעסאַטע — דערפֿאַר זענט איר גאַנץ רויִק. ראַבויסײַ! איר מיינט, אַז מע שלאָגט אין באַלטע, מיינט מען אײַך ניט? ניין, מע שלאָגט דעם ייִדן — ווײַל מע האָט אונדז אַלע פֿײַנט! מע יאָגט אונדז און מע וועט אונדז יאָגן! ראַבויסײַ! איר זעט דאָך, אַז מיר גייען ניט מיט גוטן, טרײַבט מען אונדז מיט בייזן!.. וואָס? איר וואַרט טאַקע, ביז מע וועט אײַך אַלע זאָגן „פּאַשלי וואָן"?.. צו שפּעט וועט דעמלט זײַן! איצט, איצט, אַז מע שטערט אונדז ניט צו קלערן, צו רעדן, צו טאָן וועגן אונדזער איינציקער הילף, וועגן קאָלאָניזירן אונדזער לאַנד, אונדזער עלטערנס פֿאָטערלאַנד — דאַרפֿן מיר טאָן, אַלץ טאָן צו דערלאַנגען אונדזער צוועק! ראַבויסײַ! איך וויל אויך גלייבן, אַז אונדזער ביטערע לאַגע אין דער פֿרעמד וועט זיך פֿאַרבעסערן מיט דער צײַט; איך וויל זייער גלייבן, איך האָף, איך האָף, — ווער האָפֿט ניט אַף בעסערס? אך, ראַבויסײַ, מיר מוזן אָבער באַוואָרענען די טויזנטער אָרעמע סעמייסטוועס, וואָס גייען נעבעך אַרום פֿון שטוב צו שטוב, פֿון שטאָט צו שטאָט און פֿאַלן אין די גאַסן! וואָס וועט זײַן פֿון דעם? איר וועט עסן איינער דעם אַנדערן? ביזוואַנען? עס מוז דאָך האָבן אַן עק! עס וועט דאָך אײַך אַליין ווערן גרינגער, אַז איר וועט אַרויספֿאַטערן פֿונדאַנען טויזנטער אָרעמעלײַט, וואָס איר מוזט דאָך זיי שפּײַזן! ראַבויסײַ! און דער געדאַנקען אַליין, אַז דער ייִד אין פֿראַנקרײַך, דער ייִד אין דײַטשלאַנד, דער ייִד אין רוסלאַנד וועט זיך דערמאָנען אין דער שלעכטער אָדער גאָר אין דער גוטער צײַט, אַז ער האָט אויך ערגעץ אַ פֿאָטערלאַנד און ער זיצט דאָ, ווי אַן אײַנגעבעטענער, ווי אַן אָנגעוואָרפֿן שטיפֿקינד, וואָס יעדער האָט דאָס רעכט אים אָנצושפּײַען אין פּנים... ראַבויסײַ! האָט איר געפּרוּווט אַמאָל אַ קלער טאָן וועגן דעם? האָט איר געפּרוּווט אַמאָל איבערלייגן, וואָס וואָלט געווען בײַ איצטיקער לאַגע, אַז מיר זאָלן אויך האָבן אונדזער אייגנס, אַז מיר זענען אויך לײַטן גלײַך, אַז מיר זענען אויך ניט קיין שלעפּערס, קיין ציגײַנערס? וואָלט דען געהאַט דער זאַטער מוזשיק אַ האָזע מיך צו וואַרפֿן, ווי אַ מיאַטשיק, פֿון איין אָרט צום אַנדערן? איז דען איבעריק דער דײַטש, דער אונגאַר, דער גרעק, דער טשעך אין רוסלאַנד?.. ראַבויסײַ! האָט איר געפּרוּווט אַמאָל קלערן וועגן דעם? האָט איר געפּרוּווט צו דענקען, אַז ייִדן קאָנען

נאָכ אמאָל קומענ צו דער מאדריינע, אפ וועלכער זיי זענענ גע־שטאנענ אמאָל מיט טויזנטער יאָרנ צוריק אינ זייער לאנד, אפ זייער אייגענער ערד? ראַבויסעי! טראַכט אָפּט, אָפּט וועגנ דעמ; אונ אויב עס איז נאָכ דאָ בא אייכ א פונק מענטשלעכקייט, איינ פונק יידישקייט, וועט מיט דער צייט ווערנ דערפונ א פייערל, וואָס וועט אנווארעמענ די דאמפ־מאשינ אונ וועט אייכ אופהייבנ העכער אונ העכער... ראַבויסעי! איכ האָב אייכ שוינ מער ניט וואָס צו זאָגנ! טאָמער האָב איכ עמעצנ פונ אייכ באליידיקט מיט א שארפ וואָרט, בעט איכ אומ פארציַונג! איכ האָב ניט געמיינט באליידיקנ: איכ האָב אייכ נאָר געזאָגט דעמ עמעס, דאָס, וואָס מיינ סייכל, מיינ הארצ, מיינ סאָוועסט (געוויסנ) האָט מיר געהייסנ זאָגנ! קיינ כניפע ווייס איכ ניט אונ קיינ שיינע ווערטער זוכ איכ ניט: איכ רעד, וואָס איכ טראַכט, איכ זאָג, וואָס איכ וויל זאָגנ! אונ ניט פאר בייזנ, כאָלילע! נאָר פאר גוטפריינטשאפט צו אייכ אונ פאר ראַכמאָנעס, פאר ליבשאפט צו מיינע אָרעמע, דערשלאָגענע, פארוואָגלטע ברי־דער! פאר זיי, פאר זיי, פאר אונדזערע קליינע ברידער, וואָס קע־נענ זיכ אליינ ניט שלאָגנ מיט די צאָרעס, פאר זיי בעט איכ אייכ! אָ! מיינע אָרעמע, אָרעמע ברידער!!.........״

וואָס פאר אנ איינדרוק בעריעלעס ווערטער האָבנ געמאכט — ווייס איכ ניט. איכ בינ באלד אוועקגעגאנגענ נאָכ אימ; עס איז גע־ווענ אזא ראַש אינ שול, אז מע האָט ניט געקאָנט הערנ, וואָס דער „אוילעמ״ זאָגט. בעריעלע האָט לאנג ניט געטראכט. באלד ווי ער האָט זיינ „דראָשע״ געענדיקט, איז ער אראָפּ פונ דער בימע אונ האָט זיכ מיט די קולאקעס דורכגעשלאָגנ אונ האָט זיכ געמאכט א וועג אונ מיר אויכ. אפ בעריעלענ זענענ אלע קליידער נאס געווענ; ער איז אָפּגעלעגנ אקעגנ א האלבע שאָ אפ דער סאָפע פארלייגט די הענט הינטערנ קאָפּ, פארטיפט אינ געדאנקענ. נאָכדעמ איז ער גע־שווינד אופגעשטאנענ אונ האָט ווידער אָנגעהויבנ רעדנ, לאכנ אונ שפּעטנ. — מיר וועלנ דאָ לאנג ניט פארבלייבנ, נאָכ א 2 טעג, ניט מער. מיר ווארטנ אפ הערשעלעס בריוו. פונדאנענ וועלנ מיר פאָרנ קיינ „טיפּשימ״. דאָרט וועלנ מיר פארברענגענ א 2 וואָכנ. אהינ זאָלסטו מיר שרייבנ בריוו אפ דער אדרעס: „אינ דער שטאָט טיפּ־שימ שלימאזלדיקע גובערניע״, אָדער „אינ דער שווארצער שטאָט צומ הער שאָלעמ־אלייכעמ איבערצוגעבנ וועלוועלענ״.

איכ בינ געוואָרנ, אז אונדזער לעצ „שאָלעמ־אלייכעמ״ ווינט אינ דער „שווארצער שטאָט״. אינ „פאָלקסבלאט״ זענענ דאָ

זײַנע שירים. בערעלע זענען זיי זייער געפעלן. ער זאָגט, אַז נאָכ־פייסעך וועלן מיר אַראָפּפאָרן אין דער „שוואַרצער שטאָט" באַקאַ־נען זיך מיט שאָלעם־אַלייכעמען. — זײַ געזונט, מײַן טײַערער לייבעלע, און ענטפער מיר וואָס צום גיכסטן. איך ווייס גאָר ניט וואָס צו טראַכטן. עס קומען מיר אַרויף שלעכטע געדאַנקען אַפֿ מײַן קאָפּ. עפשער האָסטו זיך דאָרטן צוגעקילט אַפֿ דער עמעסער וועלט? עס גייט הײַנט אַרום דיפֿטעריט אַפֿ דער וועלט. היט זיך אָפּ, לייבעלע, וואָרעם געזונט איז טײַערער פֿון געלט; גיי ניט אַרום אָן אַן אייבערשט מאַלבעש... יאָ! וויאַזוי איז דאָרט באַ אײַך די פּאָגאָדע? דאָ איז אַן אומגליק מיט די בלאָטעס! שטעל דיר פֿאָר, אַז נעכטן, שאַבעס־צונאַכטס, זענען דאָ דערטרונקען געוואָרן צוויי שאָכטים מיט אַן אַריילעס אין דער בלאָטע; הײַנט אינדערפֿרי האָט מען זיי געפֿונען אינדרײַען... די שאָכטים האָט מען קוים אָפּגעראַטעוועט, און די אַריילעס לעבט... זײַ געזונט, לייבעלע, זײַ געזונט! גריס דײַן געליבטסטן „מאָריצן" גאָר פֿרײַנטלעך. דײַן בעסטער פֿרײַנט וו ע ל־וו ע ל ע.

* * *

F. S. — בעזו־האַרעגע האָבן מיר ערהאַלטן אַ בריוו פֿון הערשעלען: ער שרײַבט, אַז ער האָט שוין אָוועקגעוואָרפֿן מאַלאַראָסיע און פֿאָרט קיין פּוילן. ער שרײַבט אונדז פֿיל נײַעס פֿון דער לעצטער צײַט אין מאַלאָראָסיע, דהײַנו: עס איז אַ סוואָרע, אַז אין פּ ר י־ל ו ק זאָל מען אײַנפֿירן עלעקטריטשעסקע באַלײַכטונג אין מערכעץ, עס זאָל זײַן ליכטיקער אין מיקווע... אין לאָכ־וויץ זענען כאָמעצדיק געוואָרן אַלע מאַצעס איבער אַ קלייניקײַט: דער „פּאָדראַטשיק" האָט זיך מוידע געווען, אַז ער האָט אַרײַנגעטאָן הייוון אין טייג אַרײַן, ביכדיי עס זאָל זײַן שפּאָרעוודיקער; דאָס האָט אָנגעמאַכט אַזאַ געפּילדער, אַז דער ל ו־ב ע נ ע ר ראָוו איז אָוועקגעפֿאָרן צום גובערנאַטאָר כאַדאַטײַסטווען... אין פּ י־ר א ט י ן זענען פֿאַרטרונקען געוואָרן פֿיל הײַזער מיט די מענטשן, מיט אַלעמען אין דער ערעוו־פּייסעכדיקער בלאָטע; נאָר די 20 קאָרעספּאָנדענטן האָט ניט געשאַט. אין ל ו־ב ע נ שיפּט מען זיך מיט פּאַראָמען איבער דער בלאָטע; קיין כאַזיירים קריכן פֿון דאָרט ניט אַרויס... אין ב אָ־ר י ס־פּ אָ ל, זינט מע האָט אָפּגעזאָגט די סטראַכאָווקע, איז דאָנקען גאָט מיט סרייפֿעס שטילער געוואָרן... אין פּ ע ר ע־י א ס ל אָ וו איז אויך בלאַהאָפּאָלוטשנע. אָרעמעלײַט שטאַרבן פֿאַר הונגער, קינ־

דער גייענ ארומ ליידיק, אונ דער געוויסער נאדוונ רעב מ ו י ש ע־כ א ז מ האָט מענאדער געווענ, אז אימ־יזרצע־האשעמ נאָכ פייסעכ, אז עס וועט אימ קיינער ניט אָנזעצנ, וועט ער זיכ בעלי־ניידער שאַבעס דורכפאָרנ אפּ א פאָר טעג קיינ קיעוו אײַנקויפנ 5% בילעטנ... אינ ז אָ ל אָ־ט אָ נ אָ ש נעמט זיכ אונטער א מעלאמעד „קנעלנ" מיט 500 קינדער מיט איינ קאנטשיק; דער מעלאמעד איז פריער געווענ א הויפּ־מעשאָרעס, נאָכדעמ א טרעגער, נאָכדעמ א שמײַסער, נאָכדעמ אליינ א באלעגאָלע, נאָכדעמ (אז דאָס פערדל איז געפאלנ) איז ער געוואָרנ פאר צאָרעס א מעלאמעד... הערשעלע שרײַבט נאָכ זייער פיל נײַס, נאָר איכ מוז אָבער דעמ בריוו שליסנ, ווײַל בערעלע טרײַבט מיכ שוינ פאָרנ. — זײַ געזונט אונ גליקלעכ, ווי עס ווינטשט דיר דײַנ אייביקער פרײַנט — וו ע ל וו ל דער קלאָרער...

## VIII

## רעב לייבעלע פונ יענער וועלט צו רעב וועלוועלענ אפ דער וועלט

18 מײַ, 1884.

ליבסטער אונ טײַערסטער פרײַנט!

איכ האָב ערהאלטנ אלע דײַנע בריוו. אונדזער פערעפּיסקע ווערט אלעמאָל מער פארברייטערט אונ פארגרעסערט; זייער גוט, וואָס דו האָסט זיכ באקאנט מיט בערעלענ אונ מיט הערשעלענ: זיי וועלנ אונדז צוניץ קומענ... נאָר איבערהויפּט געפעלט מיר בערעלע: דאָס איז א זעלטנ עקזעמפּליאר, אונ מיר איז דאָס גאָר קיינ וווּנדער ניט, וואָס ער ווײַזט אויס בא אײַכ אפ דער פאלשער וועלט מעשוגע. בא אײַכ איז שוינ אזוי אײַנגעפירט, אז דער, וואָס רעדט דאָס, וואָס ער טראכט, אונ טראכט דאָס, וואָס ער רעדט — איז ער א מעשוגע־נער... צוויי מענטשנ באגעגענענ זיכ בא אײַכ אינ גאס אונ רעדנ אָנ איינער דעמ אנדערנ א פּוד קאָמפּלימענטנ, מע שמייכלט, מע נעמט זיכ אונטער די הענט, מע גייט איינער צומ אנדערנ, מע איז דאכט זיכ די בעסטע גוטע־פרײַנט — נאָר וויאזוי האָבנ זיי זיכ פײַנט! וואָס פאר סאָנימ זענענ זיי זיכ! וויאזוי פארגינט מענ ניט דאָס לעבנ איינער דעמ אנדערנ!! דאָס ווערט אָנגערופנ בא דער וועלט פּ אָ ל י־ט י ק ע... א שיינע פּאָליטיק, כ'לעבנ!... נאָר ווי ביטער איז דאָס, וואָס מיר זעענ, אז אָנ דער „פּאָליטיק" איז שווער אָפּצולעבנ די עטלעכע יאָר אפ דער ערד! קוק זיכ צו צו דעמ יונגנמאנ, צו דעמ

געבילדעטנ, צו דעמ סטודענט: זע נאָר, ווי ער שרייַט דאָס א ביסל אפ דער פאלשקייַט, אפ דער מערדערייַ פונ דער וועלט; הער נאָר זייַנע הויכע קלינגענדע פראזנ, זייַנע ריכטיקע הייסע ווערטער, זייַנע ברענענדיקע פראָטעסטנ אקעגנ דאָס אומרעכט, וואָס ווערט געטאָנ אפ דער וועלט... ער שרייַט: — „אראָפ די מאסקע! עמעס זוכ איכ! איכ האָב ליב מייַנ פאָלק, מייַנ לאנד, אלע מענטשנ! אלע מוזנ גלייַכ זייַנ! מיר זענענ אלע ברידער! נישטאָ קיינ האר, נישטאָ קיינ פארקויפטער קנעכט! מע קענ אזוי אייַנפירנ, אז עס זאָל אלע מענטשנ גוט זייַנ! ניט איינעמ גאָר אונ דעמ צווייטנ גאָרניט!" אונ אזוי ווייַטער.

לאָז אימ שרייַענ אונ קוק זיכ צו צו דעמ פייַערדיקנ כאָסיד פאר די מענטשנ־רעכטע, צו דעמ ערלעכנ אידעאלנע סטודענט אונ גיי אימ נאָכ טריט בא טריט, וועסטו זענ, ווי די פארענדערונג וואקסט גלייַכ מיט אימ. אונ אז דו וועסט אימ באגעגענענ שפעטער מיט עטלעכע יאָר, וועסטו געווים ניט דערקענענ דייַנ אלטנ באקאנטנ אידעאליסט: דאכט זיכ, דער זעלבער יונגערמאנ, נאָר מע הערט שוינ ניט פונ אימ יענע הויכע ווערטער; ער איז געוואָרנ א סטאטיק. די וועלט זאָגט אפ אימ, אז דאָס לעבנ האָט אימ איבערגעארבעט, ער איז פראקטיש געוואָרנ. ווענ דו דערמאָנסט אימ אמאָליקע מייַסעס, טוט ער א זיפצ אונ זאָגט: „יאָ! איכ בינ אמאָל זייער יונג געוועזנ! איכ האָב זיכ אוווליעקאיעט (פארפירט געוואָרנ)!.. אָבער וואָס קענ מענ טאָנ מיט דעמ לעבנ? אונ וואָס קענ איכ העלפנ איינער אפ דעמ יאריד? אוואדע, ווענ אלע זאָלנ זייַנ אזוי, ווי איכ, וואָלטנ מיר עפּשער עפּעס געפועלט! הייַנט דארפ מענ זענ זאָרגנ וועגנ דאָס לעבנ אויכ: איכ בינ א געמיינער מאנ; האגאָמ איכ בינ א דאָקטער, נאָר איכ האָב נאָכ אָבער וויניק פראקטיקע"...

שפעטער מיט נאָכ עטלעכע יאָר באגעגנסטו אימ שוינ זיצנ צעלייגט אינ דער קארעטע; קוימ־קוימ וואָס דו דערקענסט אימ! געזונט, געלייַטערט, שיינ! ער פליט אראָפ פונ דעמ פאעטאָנ אונ נעמט דיכ אונטער די הענט אונ פירט דיכ גלייַכ צו זיכ אהיימ.

„אכ! — זאָגט ער דיר — גוט, וואָס מיר האָבנ זיכ באגעגנט! וואָס זשע מאכסטו? זעסטו, אָט דאָס הויז, אינ צוויי גאָרנ (שטאָק), דאָס איז מייַנ הויז! וואָס זאָגסטו אפ דעמ גאָרטנ? אלייִנ געפלאנצט! צוואנציק טויזנט רובל, ווי איינ גראָשנ, קאָסט עס מיכ! דאָס איז מייַנ קאבינעט, דאָס איז מייַנ גאסטצימער, עסצימער, שלאָפצימער אונ דאָס איז דער זאל, אונ דאָרט איז מייַנ פרויס בודואר... מעבל

האָב איך געמוזט אויסשרײַבן פון װאַרשע: דאָ קריגט מען ניט קיין רעכטס... נו, וואָס זשע מאַכסטו עפּעס, גוטער־ברודער? ווי גייט עס דיר?" אַאוו.

דאָס גלעקל קלינגט; דער לאַקיי זאָגט, אַז אַן אָרעמע ייִדענע שטייט אין הויז... די ייִדענע כאַפּט זיך אַרײַן מיט אַ געוויין:

„אוי, ליבער דאָקטערוניו, האַרציקער! מײַן מאַן איז, אַף אַלע סאָנע־ייִסראָעל געזאָגט, פּאַרבײַ! ער צאַנקט, ווי אַ ליכט, ער גוי־סעסט. האָט ראַכמאָנעס אַף מײַנע יונגע יאָרן און אַף מײַנע פינף קינדערלעך! שוין 10 טאָג איז אין מײַן שטוב קיין שטיקל ברויט ניט אַרײַנגעקומען; איך זאָל אַזוי ריין זײַן פון צאָרעס מיט אײַך איניינעם, ווי איך האָב אײַך ניט צו באַצאָלן אַפילע אַ גראָשן!.."

„שפּעטער, שפּעטער וועט איר קומען: איך האָב יעצט קיין צײַט ניט. — שרײַט דער דאָקטער, און דער לאַקיי שלעפּט די ייִדע־נע פאַר אַן אָרבל אַרויס. — אָט אַזוי, ווי דו זעסט, האָרעוועט מען און מע איז צו יעדן שלימאַזל פאַרקויפט! אָט דאָס הייסט אַ דאָק־טער! שווער צו זײַן אַ דאָקטער אין אַ קליין שטעטל! אָך, אָך, אָך, ניעטאָ לי דיעלאָ אין אַ גרויסער שטאָט? דאָרט איז אי די פּראַק־טיקע גרעסער, אי די מענטשן זענען אַנדערש... וואָס זאָגסטו עפּעס אַף מײַנע קאַרטינעס? יענע קאָסט מיך 100 רובל... פּעטרושקאַ! פּע־טרושקאַ! ווער קלינגט עס דאָרט? ווײַטער די ייִדענע? שיק זי אַרויס! איך האָב קיין צײַט ניט!.."

און אַז דו דערמאָנסט אים די פריִערדיקע יאָרן מיט די הייסע ברענענדיקע געדאַנקען, טוט ער דיר אַ קלאַפּ אין פּלייצע און זאָגט דיר:

„כאַ, כאַ, כאַ, דו געדענקסט דאָס נאָך? כאַ, כאַ, כאַ!.."

אַזוי, טײַערער וועלוועלע, איז דער דאָקטער, אַזוי איז דער אינ־זשעניער, אַזוי איז דער יוריסט, אַזוי איז יעדער, יעדער מענטש, אַז ער כאַפּט זיך נאָר אַרײַן אין דעם רעדל, אַפילע ווען ער וויל ניט, מוז ער נאָכטאַנצן. עס האַלטן אין אים מילכאָמע צוויי קויכעס: דער קויעך פון דעם סייכל מיט דעם סאָוועסט (געוויסן), וועלכער זאָגט אים: „ניין, ברודער, ניט נאָר דײַן אייגענע קאַריערע איז דער איי־קער! דו האָסט געלערנט אויך צוליב דײַנע קלענערע אָרעמע ברי־דער, צוליב דער כאָכמע אַליין" אַאוו... — און דער קויעך פון דעם לעבן זאָגט אים פּונקט קאַפּויר: „ווייס איך? כאַלוימעס! וואָס טויג דיר דער געדאַנקען צו הײלן די גאַנצע וועלט? דו האָסט געלערנט, ביסט געקומען צו דײַן צוועק? נעם, כאַפּ, שלעפּ, רײַס, עס — לעב!!.."

דאָס לעבן — דאָס איז דער גרעסטער כיידער אַפּ דער ערד!..

נו, פאַרצײַע מיר, ליבסטער װעלװועלע, װאָס איך האָב זיך פּלו־צעמ צו פילאָזאָפירט. דו קערסט געווים נײַגעריק זײַן צו וויסן, וואָס טוט זיך יעצט מיט מיר אַפּ דער עמעסער וועלט? אַך, ליבסטער פרײַנט! זאָלסט קענען פאַרשטיין, וואָס פאַר א וועלט דאָס איז! זאָלסט האָבן דעם געפיל, וואָס איך, וואָלסטו געווים ניט געוואָלט זיך אַרומדרייען אַפּ דער ערד, זײַן נאַווענאַד און צוזען אַלע פּאָד־לאָסטן, וואָס ווערן אָפּגעטאָן דאָרט בא אײַך יעדן טאָג, יעדע שאָ, יעדע רעגע! וואָס איז? צוליב וואָס? צוליב די עטלעכע אומגליקלעכע ביטערע יאָרן? גלייב מיר, וועלוועלע, אַז עס איז גאָר ניט קעדײַ! אַ־ביפראַט נאָך א ייִד צו זײַן!.. איך וויל אָבער יעצט איבער דעם איניען לאַנג ניט שמועסן, מאַכמעס מײַן בריוו וועט געווים פריִער אַרײַנפאַלן צו אונדזער לעצ „שאָלעמ־אַלייכעמ'', וואָס וועט אים אָפּדרוקן אין דעם „יודישן פאָלקסבלאַט'' און דערמיט צערייצן אונדזערע „אַטאַ־בעכאַרטאַנוניקעס", וואָס מיינען טאַקע ערנסט, אַז כל העולם לא נברא אלא בשביל ישראל[1]... די גאַנצע וועלט איז באַ־שאַפן געוואָרן נאָר צוליב ייִדן אַלײן... דערפאַר מוז מען אַמאָל צו־שווײַגן דאָרט, ווו עס פּאַסט. אַזוי איז דאָך שוין דער מינהעג בא אײַך אַפּ דער פאַלשער וועלט, אַז דעם טיפן געדאַנקען, דעם שפּיץ האָט מען מוירע אַרויסצורעדן; מע זאָגט און מע שרײַבט נאָר דאָס, וואָס די מאָדע פאָדערט פון אײַך... אָ, איך קען אײַך גוט! מאָריץ האָט מיר די אויגן געעפנט מיט זײַן פילאָזאָפיע!.. דערפאַר איז בערעלע א מעשוגענער, וואָרעמ ער זאָגט דעם עמעס און וויל ניט כאַנפענען די באַלעבאַטימ פאַר א קערבל; דערפאַר איז הערשעלע א מעשוגע־נער, וואָס ער מאַכט כויזעק פון די קליינע שטעטלעך און דערציילט ניט קיין ניסימ־ווענִיפלאָעס, אַז יענער גוויר האָט זיך צעבראָכן און האָט געשענקט א הונדערטער אַפּ אָרעמעלײַט, אָדער יענער גאַבע פון קלויז, וואָס האָט באַגאַנוועט די שטאָט, האָט געמאַכט א סודע פאַר קאָהאָלס געלט, און מע האָט געשיקערט ביז טאָג. — דערפאַר ביסטו אויך א מעשוגענער, וואָס האָסט אַוועקגעוואָרפן האַקל־באַקל און פאָרסט אַרום אַפּ דער וועלט ניט רײַסן פון טויט און פון לעבע־דיק, ווי די „גוטע־ייִדן", וואָס רײַזן איבער די פינצטערע וויסטע שטעטלעך און לײדיקן אויס די אָרעמעלײַטס קעשענעס נעבעך...

איך בין גאָר ניט אימשטאַנד אַרויסצושרײַבן דיר אַלץ, וואָס איך

---

1 קאָל האָוילאָמ לוי ניוורא עלאָ בישוויל ייִסראָייל.

האָב זיכ דאָ אָנגעזענ אונ איבערגעהערט אינ דער גאנצער צײַט, וואָס איכ געפינ זיכ דאָ! דאָס קענ איכ דיר נאָר זאָגנ, אז די אלע ייִדנ, וואָס געפינענ זיכ דאָ, ווערנ אײַנגעטײלט אינ אלערליי קאָרפּאָראציעס (קיטעס), אונ יעדע קאָרפּאָראציע באזונדער זיצט אונ זאָרגט פאר אירע אָרעמע ברידער, וואָס זענענ איבערגעבליבנ אַפ דער אומגליק־לעכער ערד, קעדיי צו פארבעסערנ זייער לאגע... איכ מיט מאָריצנ געפינענ זיכ יעצט אינ א רעדל פונ רוסישע ייִדנ, וואָס פארנעמענ זיכ יעצט מיט דעמ וואָפּראָס איבער דער קאָלאָניזאציע פונ פּאלעס־טינע. באלד ווי דער וואָפּראָס וועט באארבעט ווערנ, וועל איכ דיר טייקעפּ־אומיאַד ארויסשרײַבנ פּינקטלעכ. דערווײַל שרײַב מיר אָפּ־טער בריוו, וועלכע עס קומענ אונדז זייער צוניץ צו וויסנ, וואָס עס טוט זיכ דאָרט בא אײַכ. מער קיינ נײַעס האָב איכ דיר לעסאטע ניט צו שרײַבנ; בלײַב געזונט אונ גליקלעכ, ווי עס ווינטשט דיר דײַנ בעסטער פרײַנט, וואָס וויל זיכ זענ מיט דיר אינ גיכע צײַטנ.

לייבעלע דער אוילעמ־האטויעניק.

איקער שאָקאכטי. עס וווּנדערט מיכ זייער, וואָס צומ סאָפ בריוו שרײַבסטו טאָמיד ארײַנ עפּעס אזעלכעס, וואָס קומט פאָר זייער קאָ־מיש. אשטייגער לעמאָשל, ווי די שאָכטימ מיט דער ארייִלעס, וואָס זענענ קימאט דערטרונקענ געוואָרנ אינ דער ערעוו־פּייסעכדיקער בלאָטע... די לעזער פונ דעמ „פאָלקסבלאט“ קענענ נאָכ רעכענענ, אז דו ביסט טאקע בעעמעס א ביסל מעשוגע... אינ יעדנ בריוו רעד־סטו דאכט זיכ אזוי קלוג, אזוי פײַנ, אונ אז עס קומט צומ סאָפ, טוסטו א שנײַד פלוצלימ א וואָרט, אז עס פלאמט מיר פּאָשעט דאָס פּאָנעמ פאר ביזאָיענ...

## X[1]

## רעב וועלוועלע פונ דער וועלט צו רעב לייבעלענ אַפ יענער וועלט

2 יוני, 1884

ליבסטער אונ טײַערסטער פרײַנט!

באלד נאָכ דעמ, ווי איכ האָב דיר אוועקגעשיקט מײַנ לעצטנ בריוו, האָבנ מיר דאָ ערהאלטנ א גאנצע מעגילע פונ אונדזער קאָ־

1 זע ליטעראַרישנ קאָמענטאַר ז. 516.

רעספּאָנדענט הערשעלע, וועלכער איז אין דער לעצטער צייט אויסגעפּאָרן קימאַט האַלב רוסלאַנד און האָט זיך באַקאַנט מיט טויזנטער ייִדן פון אַלערליי קלאַסן און איז געוואָר געוואָרן פון פיל זאַכן, וואָס עס טוט זיך בא אונדז אין די קליינע שטעטלעך, וועלכע שטייען בא אים אין טאָגביכל אײַנגעשריבן פּינקטלעך מיט זייערע נעמען. איך קאָן זיי דיר ניט איבערגעבן דײַטלעך, איך זאָל באַלי־לע ניט האָבן קיין פּסאָק פון מײַנע ברידער, וואָס האָבן פײַנט, אַז מע זאָגט זיי אויס דעם רעכטן עמעס...

הערשעלע האָט איבערגעבאַפט פיל בריוו אָפּ דער פּאָסט, וועלכע זענען געווען אַדרעסירט אין דער רעדאַקציע פונעם „יודישן פּאָלקסבלאַט", ער האָט אַרויסגענומען פון יעדן בריוו דעם טאַמ־צעם (עסענץ) און האָט אָפּ יעדנס בריוו געמאַכט זײַנע אייגענע באַ־מערקונגען, און די בריוו האָט ער צוריק אָפּגעשיקט אין דער רעדאַק־ציע, אַזוי אַז זיי האָבן שוין אָנגעוואָרן אינגאַנצן זייער ווערט און געשמאַק.

איך שיק דיר הערשעלעס טאָגביכל מיט זײַנע באַמערקונגען נאָך דער אָרדענונג, ביכדיי דו זאָלסט וויסן, וואָס עס טוט זיך דאָ אין די קליינע שטעטלעך. איך מוז דיך אָופקלערן, מײַן טײַערער לייבעלע, עס זאָל דיר קיין ווונדער ניט זײַן, וואָס אונדזער קאָרעספּאָנדענט הערשעלע שפּרינגט אַזוי גיך פון איין שטאָט אין דער אַנדערער: ער פאָרט מיט אַ לופט־באַלאָן! הײַנט איז ער, לעמאָשל, אין סטעפּע־ניץ (אַ קליין שטעטל אין קיִעוו. גוב.), און מאָרגן איז ער אין וואַר־שע; איבערמאָרגן קאָן ער זײַן אין סלוצק (אין ליטע) און שפּעטער מיט אַ טאָג אין סטאַמבול! און אַזוי רײַזט ער אויס די וועלט... אַז ער קומט אין אַ שטאָט, הייבט ער באַלד אָן אויסצושמעקן, וואָס עס טוט זיך עפּעס דאָרט צווישן אונדזערע ייִדן, און פאַרשרײַבט בא זיך אין טאָגביכל אַלץ, וואָס ער הערט און זעט, און נאָכדעם כאַפּט ער זיך אַרײַן אין דער פּאָסט־קאָנטאָר; דאָרט עפנט ער אַלע בריוו, וואָס זענען אַדרעסירט אין דער רעדאַקציע (קיין אַנדערע בריוו אינטער־רעסירן אים ניט), און כאַפּט אַרויס פון זיי דאָס, וואָס אים גע־פעלט...

איך שיק דיר זײַן טאָגביכל פאַר 2 כאָדאָשים: אַפּרעל און מײַ.

* * *

1. „קיִעוו, 1 אַפּרעל 1884... הײַנט גאַנצפרי בין איך געקומען אַהער, און אַזוי ווי בא דער וועלט איז אײַנגעפירט, אַז דעם 1 אַפּרעל

איז א מיצווע אָפּצונאַרנ איינער דעמ אנדערנ, האָט מענ מיכ דאָ
אויכ אָפּגענאַרט אינ פיל זאכנ: ריישיס, איז געווענ אָנגעקלעפּט אַפּי־
שעס אַפ אַלע גאסנ, אַז אַפ דעמ קרעשטשאַטיק אינ פּאסאַזש איז
זייער א וואָלוועלע ראַספּראָדאַזשע (אויספארקויפ), צומ סאָפּ האָט
מענ פונ מיר דאָרט פּאַרלאַנגט אַזעלכע פּרייזנ, אַז איכ בינ קוימ א לעבע־
דיקער אַנטלאָפנ... אינ גאַזעטנ שטייט, אַז דאָס מאַנופאַקטור־גע־
שעפט פונ ב-ק עט זאָנ איז זייער שטאַרק, ווייזט דאָ אויס, אַז די
מייסע איז ניט אַזוי; Qui vivra verra — אַז מיר וועלנ לעבנ, וועלנ
מיר זענ... פאַרנאַכט איז געגאַנגענ א יונגערמאַנ געאַרעמט מיט זייער
א פיינ מעדכענ; זיי האָבנ גערעדט רוסיש; דער קאַוואַליער האָט
אַפ מיר אָנגעוויזנ מיט דער האַנט אונ האָט געזאָגט צו דער דאַמע:
Взгляни-ка на этого жида, ma chére!.. — נאָר דאָס שענסטע
איז — ער נאַרט אָפּ: ער איז אַלײנ אויכ א ייִד, אונ זי איז א ייִדישע
טאָכטער!.. צוויי ייִדישע גווירימ האָבנ זיכ באַגעגנט אונ האָבנ זיכ
זייער פיינ געווינטשעט אונ ליבלעכ געקוועטשט די הענט; נאָכדעמ האָט
איינער געבעטנ דעמ אנדערנ צו זיכ אַפ אָנבייסנ; אײַ, עס איז
פאַלש! עס איז דאָכ דער 1 אַפּריל, איז א מיצווע אָפּצונאַרנ!.. נאַרט,
נאַרט איינער דעמ אנדערנ הײַנט אונ מאָרגנ אונ איבערמאָרגנ! דאָס
גאַנצע לעבנ איז בא אײַכ דער 1 אַפּרעל!.. איכ בינ געווענ אַפ דער פּאָסט,
נאָר איכ האָב פאַרשפּעטיקט: מע האָט די פּעטערסבורגער קאָרעס־
פּאָנדענציע שוינ אַוועקגעשיקט צומ באַנ — אָ־וואַ! א שאָד, א שאָד!.."

2. „שאַראַגראַד (פּאָד. גוב.), 2 אַפּרעל... דאָ גייענ אַרומ
ייִדנ פּריוואַטיק־צונאַכטס נאָכ דער ערשטער סודע באָרוועס אונ קנאַקנ
נאַסינקעס (סעמעטשקעס), אונ די ווײַבער דערציילנ שרעקלעכע מײַ־
סעס פונ די גרויסע סרייפעס... דרײַ שאָ האָב איכ געזוכט אַפ דער
פּאָסט אונ האָב קוימ געפונענ א וויסטע, א פינצטערע קאָרעספּאָנ־
דענציע פונ איסאַק ר־וויטש, אינ וועלכער ער שרײַבט אַזוי: „מײַנ
ליבער טײַערער האַרציקער רעדאַקטאָר צעדערבוימ! איר ווייסט דאָכ
געוויס, אַז בא אונדז אינ שאַראַגראַד איז דאָ א מעלאַמעד באָרעכ־
יויסעפ, ער איז א בעקערס א זונ..." איכ האָב א שפּײַ געטאָנ אַפ
דער קאָרעספּאָנדענציע אונ האָב שוינ ניט געוואָלט לייענענ ווײַטער..."

3. „פּיראַטינ (פּאָלט. גוב.), 3 אַפּרעל... די שטאָט איז מיר
שוינ באַקאַנט פונ פריִער... דאָ געפינט זיכ א צענ יונגעלײַט, וואָס
לייענענ צײַטונג, זענענ זיי מיט גאָטס הילפ אַלע געוואָרנ קאָרעס־
פּאָנדענטנ אונ באַשיטנ די רעדאַקציע פונ דעמ „ייִד. פ"ב" מיט

דאַנאַסן איינער אַפּ דעם אַנדערן. צווישן זיי איז נאָר דאָ איינער (ג.), וואָס שרײַבט אָן גרײַזן, און די איבעריקע זענען ווילדע גראָבע־יונגען, און עס גלוסט זיך זיי נאָך זײַן קאָרעספּאָנדענטן!...״

4. „באַלטע, 4 אפּרעל... ווײַל עס איז דאָ אַמאָל געווען דער געוויסער פּאָגראָם, ציטער איך דאָ צו פאַרבערענענען מער פון א האלבע שאָ... אַפּ דער פּאָסט האָב איך איבערגעכאַפּט 1 בריוו פון סאָרע ש., וועלכע שרײַבט אין דער רעדאַקציע זייער אַן אינטערעסנטע זאַך: דערהײַנטע, דער גוויר ג. ל. האָט כאַסענע געמאַכט א זון — פּרייט זיך, יידן..״

5. „דיסנא (וויל. גוב.), 5 אפּרעל... דאָ האָבן זיך פון א צײַט אָנגעהויבן יאַווען „גוטע־יידן״ און אַנדערע מינים פּיאַווקעס, וואָס זויגן דעם נאַראָד — זויגט, זויגט, יידן!..״

6. „יאַלטושקאָוו (פּאָד.). ווער עס וויל זען אָרעמעלײַט, זאָל קומען אַהער!.. דאָ איז ניטאָ קיין „טאַלמוד־טוירע״, קיין „ביקור־כוילים״ און ניט קיין שום רעכטע זאַך... דער פּאַנאַטיזמוס איז דאָ נאָך אַזוי שטאַרק, אַז קיינער פילט ניט, וואָס עס פעלט אים... נאָך ה. ר־ט שרײַבט, אַז דער מערכעצ איז אַפּ דער צײַט: הײַנט־מאָרגן דאַרף ער אײַנפאַלן — עס זאָל זיך כאָטש ניט טרעפן פּרײַטיק!...״

7. „סטעפּענעצ (קיעוו. גוב.), 6 אפּרעל... דאָס אַזעס מיט דער אומדערבאַרעמקײַט פון די היגע גווירים איז גאָר ניט צו באַשרײַבן! ז. ר. און ב. ג. און נאָך אַזעלכע זשאַדנע (הונגעריקע) נעפאַשעס קענען זיך קיינמאָל ניט אָנזעטיקן און רײַסן אַרויס דעם לעצטן ביסן באַם אָרעמאַן פון דעם מויל... מ. מ. שרײַבט, אַז זיי האָבן זיך אויסגעטאַרעט, אַז די פּאָליציע זאָל אַראָפּטראָגן די קלייטלעך פון די אָרעמע קרעמערלעך נעבעך, ביכדיי זייערע אייגענע קלייטן זאָלן ברענגען מער דאָכאָד... מ. מ. זאָגט, אַז זיי האָבן דאָס געטאָן צוזאַמען מיט די שאָכטים... — אונדזערע „קלײ־קוידעש״ זענען אָפּט ניט בעסער פון די יעזויטן...״

8. „ליטין (פּאָד. גוב.), 8 אפּרעל... דאָ קריכן די מיִסים אַליין אַרויס פון די קוואָרים... נ. נ. שרײַבט, אַז די שאַמאָסים זענען זייער גרויסע שיקורים — דאָס איז זייער א געפערלעכע זאַך: די מייסים קענען מאַכן א פּאָגראָם!..״

9. „באָברויסק, 9 אפּרעל... ד. ב. שרײַבט, אַז אַלע צאָרעס נעמען זיך פון קאָווער (איבער דעם, וואָס מע יאָגט נאָך דעם

קאָווער־האַמעדומע) — עמעס! זײַנ צעבראָכענע אומעטיקע קאָ־רעספּאָנדענציע נעמט זיכ אויכ פונ קאָווער..."

10. „קאַלאַראַש (בעס.), 10 אַפּרעל... אינ דעמ היגנ „ביקער־כוילימ", זינט מ. ס. איז געוואָרנ אויס פּאָפּעטשיטעל, האָבנ די אָרעמע קראַנקע אופגעהערט זיכ צו מוטשענ אפ דער וועלט... דער יעצטיקער פּאָפּעטשיטעל ה' מוישע האַרטאַנ פּאַרדינט דעמ גרעסטנ דאַנק פאַר זײַנ שטייגער אינ דעמ שפּיטאָל... אַ נײַער קאָרעספּאָנ־דענט א. ק־ר שיקט אינ דעמ „פּאָלקסבלאַט" א בעזגראַמאָטנע קאָ־רעספּאָנדענציע אונ בעט זיכ, מע זאָל זײַנ נאָמענ ארײַנשטעלנ, כאָטש אינ בריוקאַסטנ — אָט דאָס הייסט אנ אָנאָוו!.."

11. „באָהוסלאַוו (קיעוו. גוב.). דאָ האָט זיכ פּאַרלאָפּנ א גרויס אומגליק מיט א גוויר ז. פּ.! שטעלט אײַכ פאָר, אז דאָס גאַנצע קאַ־פּיטאַל, וואָס נ. ג"ב האָט איבערגעלאָזט בא דעמ אָפּעקונ (אַפּעטראָ־פּעס) ז. פּ., ער זאָל עס אויסגעבנ אפ געוויסע וווילטעטיקע זאכנ, איז עס (דאָס קאַפּיטאַל) פּלוצלימ אינמיטנ העלנ טאָג ארויסגעפלויגנ פונ דעמ אָפּעקונס קעשענע אונ האָט זיכ באהאַלטנ ערגעצ אינ א ווינ־קעלע, מע ווייסט ניט ווו...! שוינ פונ א יאָר, אז מע זוכט דאָס קאַפּיטאַל מיט ליכט אונ מע קאָנ עס ניט געפינענ!.. פיל מענטשנ האָבנ עס געזענ זיכ ארומדרייענ בא פּ. אינ הויז אונ אמאָל אינ די מילנ, נאָר וויפל מע פּרוווט זיכ, קאָנ מענ עס ניט כאַפּנ!.. איכ האָב אפילע געזאָגט אייניקע מענטשנ, אז מע זאָל זיכ פּרווונ זוכנ בא פּ. אינ קעשענע, טאָמער ערגעצ אינ א שפּאַרונקעלע ליגט עס, נאָר די באָהוסלאַווער ייִדלעכ זענענ גרויסע טרוסנ (בעלי פּחדנ[1]), זיי ציטערנ אפילע צוגיינ צו אימ; אונטער די אויגנ רעדנ זיי אפ אימ אויס, אז ער איז קאָלבוי, אונ פונ דער נאָענט כאַנפּענענ זיי אימ אונ שמייכלענ זיכ אימ אונטער, ווי די הונגעריקע כײַעס — אזוי איז מיט יעדנ גוויר בא אונדז ייִדנ!..."

12. „באַכמוט (יעק. גוב.), 11 אַפּרעל... שוינ פונ א צײַט, אז די היגע געמיינע ייִדנ ווייסנ ניט דעמ טאַמ פונ פלייש.... דער ראָוו האַלט מיט דעמ באַלטאַקסע אונ טרייסט דעמ אוילעמ דאַמיט, וואָס „מרבה בשר מרבה רמה[2]" — עמעס!.."

---

1 באַלײ־פּאַכדנ.

2 מאַרבע באָסאָר מאַרבע רימאָ — ווער סע מערט (אפ זיכ) פלייש, דער מערט ווערעמ (א טאַלמודישער אפאָריזמ).

13. „פינסק, 11 אפרעל. דאָ שלאָגן זיך אַלע טאָג די סטאָלי־נער מיט די טריסקער כסידים, און אַלע שאַבעס איז דאָ אין שול — אַ פּאָגראָם! — זייער רעכט, נאָר ניט אין שול!..״

14. „קאָנאָטאָפּ (טשערניג. גוב.), 12 אפרעל... דאָ האָב איך דערטאַפּט אַ בריוו אָפ דער פּאָסט, אַדרעסירט אין „פּאָלקסבלאַט״ — פון יויסעף ה. — מיט אַזאַ האַקדאָמע: „ליבער הער רעדאַקטאָר! איך זענט זיך ניט קיין נאַר, ווי זשע קומט דאָס, אַז הײַנטיקע צײַטן זאָל בײַ אונדז אין קאָנאָטאָפּ ניט זײַן קיין רעכטער כאַזן?..״ — קלוג און שאַרף!..״

15. „וואָלאָנטירעווקע (בעס.), 13 אפרעל... מע קלאָגט זיך אָפ דעם גאַבע פון שול, דעם גוויר פון דער שטאָט רעב א. מ., וועלכער האָט אַזוי אַרײַנגענומען אין זײַנע הענט די אָרעמע ייִדן געבעך, אַז זיי ווייִנען און קרעכצן און קיינער טאָר נאָך קיין וואָרט ניט זאָגן. — דאָס בידנע פאָלק ייִסראָעל! דײַנע אייגענע קוילער זע־נען פיל ערגער פון די פרעמדע!..״

16. „קאַמענעץ (פּאָד.), 10 אפרעל... דאָ האָב איך געפונען אָפ דער פּאָסט אַן אַרטיקל פון אַ נײַגעבאָרענעם פּאָעט מ. מ..., פון וועלכן איך ברענג עטלעכע סטראָפעס:

דער ייִכעס

...ווער איז דען געווען אונדזער זיידע?
נישט דער אייגענער אווראָם —
וואָס האָט ייִצכאָקן געפירט צו דער אקיידע!
וואָס זשע איז דער טאַראַראָם?!.. אַזוי... —״

17. „זוראַוויטש (מאָהיל. גוב.), 15 אפרעל... דער באַל־טאַקסע טוט דאָ מײַסים אשר לא יעשוו!..[1] י. ה. שרײַבט, אַז זינט מע האָט דעם באַלטאַקסע באַשריבן אין דעם „המליץ״, איז ער צע־דערבוימען געוואָרן אַ סוינע אָפן לעבן — אַ גליק, וואָס דער רע־דאַקטאָר פון דעם „המליץ״ האָט זיך פאַרקליבן קיין פּעטערסבורג: אין זוראַוויטש וואָלט ער שוין קיין פלייש ניט געגעסן!״

18. „ראַדאָמיסל (קיִעוו. גוב.), 16 אפרעל... דאָ שלאָגט מען זיך אַלע שאַבעס אין בעסמעדרעש... פ. מ—ת שרײַבט, אַז מע

---

[1] אשער לוי יעאָסו — וואָס טאָרן ניט געטאָן ווערן.

שלאָגט זיכ שוינ פונ א לאַנגע צײַט איבער א כאַזנ — טאקע קעדײַ, כ'לעבנ!..״

19. „ט ש ע ר ק א ס (קיִעוו. גוב.), 17 אפּרעל... דאָ האָט דער מיסכער פונ ווייצ, קאָרנ אונ געהילצ אזוי פארשלאָגנ דעם קאָפּ די טשערקאסער יִדנ, אז זיי ווייסנ פּאָשעט ניט, ווו זיי זענענ אינ דער וועלט... קיינ ווילטעטיקע אײַנריכטונגענ איז דאָ ניטאָ... דאָס „קערבעלע״ האָט זיי שטארק פארקלענערט דאָס הארצ!.. אפ דער פּאָסט האָב איכ איבערגעכאפּט א בריוו פונ י. ל., אינ וועלכנ ער שרײַבט א דאַנאָס אפ ה. צ.־ם אונ פּאָדערט, אז מע זאָל זײַנ ארטיקל לעמאַנ־האשעמ, לעמאַנ־האשעמ אָפּדרוקנ! — ניט קעדײַ...״

20. „י ע ד ע נ י צ (? גוב.), 18 אפּרעל... איכ בינ גלײַכ געלאָפנ אפ דער פּאָסט אונ האָב איבערגענומענ א בריוו פונ א יעדעניצער מיידל באסיע ד., וועלכע האָט זיכ גענומענ רעשענ דעם „זשענסקי וואָפּראָס״ מיט ענערגישע מיטלענ: מע זאָל שוינ די מענער אופהערנ צו לערנענ אונ אפ זייער אָרט זאָלנ שטודירנ די פרויענ; פארהערנ דאָס קינד אלע שאבעס זאָל שוינ די מוטער, ניט דער פּאָטער; קיינ ראַמאַנענ זאָל מענ די מאמזעלנ אינ די הענט ניט געבנ; די פרויענ זאָלנ קיינמאָל ניט כאסענע האָבנ אזוי... אכ! האָט ראכמאָנעס, יעדעניצער ז ש אָ ר ז ז א נ ד, אפ אײַערע שוועסטער!..״

21. „אָ ט י ק (בעס. גוב.), 19 אפּרעל... גרויסע פיש פרעסנ די קליינע פישלעכ: דער גוויר פרעסט דעם אָרעמאַנ, ביז ער עסט זיכ אָנ אונ נאָכדעמ שרײַט ער נאגוואלד, אז אינ שטאָט איז דאָ צופיל אָרעמעלײַט!.. אפ דער פּאָסט האָב איכ איבערגענומענ א בריוו פונ ק. ש., וועלכער שטראָפט די אָרטיקע באלעבאטימ, וואָס זיי האָבנ אויסגעקליבנ פאר א ראבינער א שנײַדערס א זונ!.. מע שעמט זיכ בא אונדז אפילע מיט דעמ צענטנ דאָר פונ א באלמעלאָכע, וואָס פארהאָרעוועט זײַנ שטיקל ברויט געווים ערלעכער פונ דעמ גוויר דעמ סויכער!.. דער דאָזיקער קאָרעספּאָנדענט שרײַבט א סאכ ער־גער פונ א שנײַדער!.. ער כאסמעט זיכ מיט דעמ נאָמענ „דובר אמת״[1] — אָכ אונ וויי איז דעמ עמעס, אז ער ליגט בא אזעלכע פאנאטיקער אינ מויל!..״

22. „יאסנאָגאָרקא (קיִעוו. גוב.), 20 אפּרעל... דער גוויר פונ דעמ שטעטל, ער איז טאקע דער באלטאקסע אויכ אונ דער

1 ד ו י ו ו ע ר ע מ ע ס — וואָס רעדט עמעס.

רעדלפירער, הער י־סקי שינדט די הויט פון די אָרעמעלײַט נאָר אומבעראכמאָנעס! ער פּארלײַט געלט אפ וואָכער און טוט גרויסע טויוועס דעם אָרעמאַן, וואָס קען זיך קיינמאָל ניט אויסצאָלן... ער איז טאַקע דער טשלען אין מעשטשאנסקע אופּראווע און דרייט מיט דעם סוועטשנאָי סבאָר, וואָס פון דעם איז געבעך די אָרעמעלײַט פינצטער אין די אויגן, און דערצו איז ער דאָך טאַקע א גרויסער מעיוכעס אויך... אפ דער פּאָסט האָב איך געפונען א קאָרעספּאָנ־דענציע פון נ. מ., וואָס באהאלט זײַן נאָמען: ער האָט מוירע פאר י־סקין... אך! אומגליקלעכע שלאָפע לאָקייעס! וואָס ציטערט איר אזוי פאר דעם גווירו?.."

23. „זיטאָמיר, 22 אפּרעל... איך בין זייער אינטערעסירט געוועזן אָנצוקוקן דעם היגן מעלאמעד, וואָס הארגעט טאַלמידים אפ טויט, נאָר איך האָב אים ניט געקאָנט זען הײַנט, און וואַרט־ אפ מאָרגן איז ניט קעדײַ!.."

„מאָסקווא, 23 אפּרעל... אין גרויסע שטעט האָב איך ניט וואָס צו טאָן: דאָ פירן זיך יִדישע געמיינדע־געשעפטן אין אָרדע־נונג, ווײַל אין די גרויסע שטעט געפינען זיך אַלערליי מענטשן און אויך אָרנטלעכע לײַט, וואָס זאָרגן לעטויוואס־האקלאל... אפ דער פּאָסט האָב איך געפונען אן ארטיקל פון א פּאָעט מ. ד־ן — עס ווײַזט אוים א שוסטער:

דער יאָסעם

האָט ראכמאָנעס אפ דעם עלנטן יאָסעם
און לאָזט מיך נאָר צו נאח (אײַך) ארײַן!
איך קום ארוים פון גרייסע מיעכאָתעמ (מיוחסים)
איך וועל אײַך ניצלעח זײַן!!!..

פאר א שוסטער איז דאָס גאנץ גוט!.. עס וואָלט זיך אָבער באַ־דאַרפט ענדיקן נאָך מיט 4 שורעס:

איך בין נישט מער, ווי א שוסטער,
און קאָן גיין מיט אײַך אין געוועט,
אז איך האָב א קאָפּ פון א מיניסטער —
און בין ניט קיין שלעכטער פּאָעט!.. —"

24. „טאָרוטינא (בעס. ג.), 24 אפּרעל... אפ דער פּאָסט האָב איך איבערגענומען אן ארטיקל פון יִסראָעל כאָכעמ (?), אָנ־

געפילט מיט הויכע ווערטער: אסימילאציע, ציוויליזאציע, עמאנ־סיפאציע, פיצפאציע אזוו. אונ ענדיקט זייַנ הראָשע מיט א שפרונג: „התהאאא! ווו נעמט מענ באר־קאָכבענ (בר־כוכבא)?!" — א ווילדער כאָכעמ אונ א הייסער פאטריאָט!.."

25. „וואלאדאָווקע (גראָד. ג.), 25 אפרעל... דאָ איז גע־ווענ א פאָגראָמ — אינ באָד: נאקעטע ייִדנ האָבנ זיכ געשלאָגנ, אונ נאקעטע ווייַבער זענענ זיכ צונויפגעלאָפנ אפ הילפ... ווענ ניט די ווייַבער, וואָלט מענ געבעכ א יונגנמאנ אפ טויט דערהארגעט... די מייַסע האָט זיכ געטראָפנ ניט ווייַט פונדאנענ אינ א קליינ שטעטל „אָפ־נ"...

26. „באָריספאָל (פאָלט. גוב.), 26 אפרעל... די היגע ייִדנ האָבנ דערשמעקט, אז איכ בינ געקומענ, האָבנ זיי מיכ טייקעפ־אומיאד געמאסערט, אז איכ פאָר ארומ אָנ א פאספאָרט... וואָס האָבנ זיי צו מיר? ווייס איכ ניט! צו מיר אפ דער אכסאניע האָט זיכ באלד געיאווועט אנ אוריאדניק אונ איז ארייַנגעפאלנ מיט א געשריי: „פאטשפאָרט!!!" איכ האָב דעמ אוריאדניק געבעטנ ארויס־גיינ מיט מיר אפ דער גאס, ביכדיי איכ זאָל אימ דאָרט ווייַזנ מייַנ פאספאָרט. אפ דער גאס האָב איכ אָנגעבלאָזנ מייַנ לופט־באלאָנ אונ בינ מיר פאוואָלינקע ארייַנ אינ שיפל ארייַנ. די באָריספאָליער ייִדנ האָבנ געוווּנקענ צומ אוריאדניק, ער זאָל מיכ פארהאלטנ; נאָר אז ער האָט נאָכאמאָל א געשריי געטאָנ „פאטשפאאָרט!", בינ איכ שוינ געווענ גאנצ הויכ פונ דער ערד..."

27. „קאלימ (פאָד. ג.), 27 אפרעל... איכ קאָנ דאָ קיינ עק ניט דערגיינ, איבער וועמענ די היגע „טאלמוד־טוירע" איז באָטל גע־וואָרנ?.. אפ דער פאָסט האָב איכ איבערגענומענ א בריוו פונ י. פ—נ, וועלכער שרייַבט, אז דער קאָרעספאָנדענט ש. ה־נ פונ י.....וו האָט אליינ באגאנווועט די טאלמוד־טוירע — עפעס זייער ניט שיינ פאר א קאָרעספאָנדענט!.."

28. „לאָכוויצ (פאָלט. גוב.), 29 אפרעל... די היגע ייִדנ קריכנ צוריק אזוי שטארק, אז אינגיכנ וועלנ זיי זיכ אומקערנ צו דער אלטער מאָדע מיט די אלטע מינהאָגימ... אפ דער פאָסט האָב איכ קיינ בריוו ניט איבערגענומענ — עס איז ניטאָ, ווער עס זאָל שרייַבנ פונדאנענ: דער האָט מוירע פאר דעמ נאָגיד, דער פאר דעמ ראָוו; אונ דער ראבינער, וועלכער קאָנ יאָ שרייַבנ אונ איז אנ אָרנטלעכער מאנ, איז ער אזוי אונטערוואָרפנ די באלעבאטימ אונ

איבערהויפּט די נעגידימ, אַז ער קוקט דעמ דוכאָוונע ראָוו אינ די ציינ אַרײַנ — אַכ! אונדזערע ראבינערס אינ די קליינע פּינצטערע שטעטלעכ זענענ ניט מער, ווי אינטעליגענטע לאַקייעס!..״

29. „ל י נ י צ (קיִעוו. גוב.), 30 אַפּרעל... די גאַנצע שטאָט איז שטאַרק פאַרנומענ מיט דער באָד, וואָס מע בויט דאָ; ווּהינ איכ קומ, הער איכ נאָר: מערכעצ! מערכעצ! איכ האָב איבערגעכאַפּט א קאָרעספּאָנדענציע, וואָס זעייוו ה־קע שיקט אינ דער רעדאַקציע פונ דעמ „יִיד. פ״ב״ — שטייט דאָרט אויכ 100 מאָל דערמאָנט דאָס וואָרט „מערכעצ!״ — די בילדונג איז דאָ גרויס!...״

30. פּ ר אָ ס ק ו ר אָ ו (פּאָד. גוב.), 1 מײַ... די בלאָטע איז דאָ נאָכ אַזוי גרויס, אַז עס איז גאָר אומעגלעכ אַרויסצוגיינ אַפ דער גאַס... איכ האָב זיכ קוימ אַריבערגעכאַפּט אַפ דער פּאָסט אונ דערטאַפּט א קאָרעספּאָנדענציע פונ יִצכאָק ר., אינ וועלכער ער באַשרײַבט א שרעקלעכע מײַסע, ווי צוויי יִידנ זענענ געפאָרנ אַפ דעמ יאַריד אונ האָבנ זיכ געלייגט אָפּרוענ, דערנאָכ זענענ זיי אופגעשטאַנענ אונ זענענ געפאָרנ ווײַטער. — אַכ! וואָס עס קאָנ זיכ פאַרלויפנ אַפ דער וועלט!...״

31. „ק ײַ ד א נ (קאָוונ. ג.), 2 מײַ.. קיינ טאַלמוד־טוירע איז דאָ ניטאָ; דער ראָוו, דער כאַזנ, די שאָכטימ שטאַרבנ פאַר הונגער... קיינער קוקט זיכ ניט אַרומ! א „ביקער־כוילימ״ איז יאָ דאָ, אונ געלט איז אויכ דאָ אַפ צו פירנ, נאָר עס [איז] ניטאָ, ווער זאָל זיכ אָפּגעבנ דאַמיט... א וווּנדער, כ׳לעבנ, אינ א שטאָט זאָל זיכ ניט געפינענ קיינ „מתעסק בצרכי צבור 1״, וואָס אינ אַנדערע שטעט געפינט מענ זיי שוינ צופיל!...״

32. „ט א ל נ ע (קיִעוו גוב.), דאָס געוויסע אייניקל קאָנ שוינ עסנ, טרינקענ אונ נעמענ געלט... די כסידימ לעקנ פונ אימ די פינגער: ער איז בעסאַכאַקל אַלט דרײַצנ יאָר אונ האָט שוינ צוויי קינדער — אַזוי האָבנ מיר כסידימ דערציילט, אונ מענ מעג זיי גלייבנ!...״

33. „ד ו ב נ א (וואָלינ), 3 מײַ... די טאַקסע! די טאַקסע! פריִער האָט דאָ געדונגענ די טאַקסע א יאָכיד, איז געווענ שלעכט; הײַנט האַלטנ די טאַקסע פיר גווירימ מיטאַמאָל — איז נאָכ ערגער! איבערהויפּט טוט צומ טויט איינער פונ די פיר קולאַטשניקעס מיט זײַנ ליבנ נאָמענ ר׳ אַרן כ... א פונט אָפּגעלעקטע ביינער קאָסט 80 קאָפּ.;

1 מיסאסײק בעצאָרכײ ציבור — א קלאַל־טוער.

א לויט פּלייש אָן ביינער קאָסט אויך 80 קאָפּ. — היינט מאַכט א כעזשבן, וואָס קאָסט ביליקער: פלייש צי ביינער?.."

34. „פּערעיאַסלאַוו (פּאָלט. ג.), 4 מײַ... ווער עס וויל אָפּ־לעבן זיין ביסל יאָרן שטיל און פריי, זאָל ער זיך באַזעצן אין פּערע־יאַסלאַוו: דאָ וועלן אים קיין אָרעמעלײַט ניט דאַקוטשען, אָפּ קיין „ביקער־כווילים" מיט קיין „טאַלמוד־טוירע" וועט מען בא אים ניט מאָנען; אויב ער האָט געלט, וועט דאָס אים דאָ טראָגן א רובל פאַר א רובל, מאַכמעס דאָ איז מען געוווינט צו צאָלן פּראָצענט גראָב!.. די יונגעלײַט זענען דאָ שטאַרק געבילדעט, ווײַל זיי גייען געגאָלט און טראָגן ברילן, און די דאַמען גייען געאַרעמט מיט קאַוואַליערן — זענען זיי זיך אַוואַדע געבילדעט!.. איינער גלייבט ניט דעם אַנדערן קיין גראָשן, און מע האָט זיך פּײַנט סינאַס־מאָוועס... די היגע אינטע־ליגענציע שטייט ניט אָן צו לעזן א יידישע צײַטונג: זיי זענען אָדער שינקאַרעס אָדער אַזוי לײַדיקגייערס... דאָ האָב איך געפונען איין מענטשן, וועלכער פאַרדינט, אַז מע זאָל אים אין צײַטונג פּובליצירן — ער הייסט מ. א. פינקלשטיין. שוין א צײַט פון עטלעכע יאָר, אַז ער האָט דאָ געגרינדעט א „ביקער־כווילים", און פון דענסטמאָל אָן איז ער איינגאַנצן איבערגעגעבן דעם „ביקער־כווילים", וועלכער איז אײַנגעפירט אָפּ דעם שענסטן אויפן! ה. פינקלשטיין פאָרט אַליין אַרום איבער שטעט און דערפער קלײַבן פּושקעס־געלט און איז זיך מאַפקיר צוליב דעם „ביקער־כווילים": דאָס גאַנצע געלט זײַנס פאַרטוט ער אָפּ די אָרעמע קראַנקע. ניט לאַנג האָט ער געקריגן צען טויזנט רובל בעי־יערושע פון זײַן פאָטער — זאָגט מען, אַז דאָס גאַנצע געלט קימאַט האָט ער אַרײַנגעבראַקט אין דעם „ביקער־כווילים"! הײַנטיקע צײַטן גיבט עס ניט אָפּ אַזעלכע מענטשן, וואָס זאָלן אָן זיך גאָר פאַרגעסן און אַרבעטן נאָר פון קאָהאָלס וועגן — דערפאַר זאָגט מען טאַקע אָפּ אים, אַז ער איז א מעשוגענער. נאַטירלעך: ווען ער זאָל עסן פּריצים און יידן, אַזוי ווי זײַנע ברידער, און אָן אָרעמאַן טרײַבן פון דער שטוב מיט הינט, און אַליין לעבן מיט פאַרגעניגן — וואָלט ער געהייסן א קלאָרער!.."

35. „האָראָדישטש (מינסק. ג.), 6 מײַ... די היגע יידן ווילן ניט געבן קיין געלט אָפּ דער „טאַלמוד־טוירע". זיי ענטפערן א טערעץ: אַז קיין ראַבאָנים וועלן פון די טאַלמידים ניט אַרוים... קיין „ביקער־כווילים" איז דאָ אויך ניטאָ: דערפון האָבן זיי שוין קיין וויכטיקן טע־רעץ ניט, נאָר פּאָשעט, מע וויל קיין געלט ניט געבן... דאָ האָב איך

איבערגענומענ א בריוו אפ דער פּאָסט פונ א מאסקל ש. צ. פול מיט טוירע־ווערטלעכ — קימאט א דראָשע... איכ וואָלט אימ געהייסנ זאָגנ זײַנ דראָשע שאבעס אינ שול — איז ער אָבער, ווי עס ווײַזט אויס, א ווילדער אמהאָרעצ!...״

36. „ל ו ב ע נ (פּאָלט. ג.), 7 מײַ... א! א באקאנטע שטאָט!.. וואָס מאכט איר עפּעס גוטס, מײַנע אלטע באקאנטע שווערע, געפּאקטע, האַרטע ייִדנ מיט די לאנגע קאפּטאנעס, פּארסאליעטע יארמעלקעס, גראָבע פולע קעשענעס, ליידיקע קעפּ, פּארגאָסענע הערצער, אָפּענע מײַלער, שווערע צונגענ, פעטע בײַכלעכ, געדיכטע פּייעס, אָנגעשלאָגע־נע זעק אזוו...? דער אלטער גאבע פירט אײַכ נאָכ הײַנט אויכ בא דער נאָז? וויפל עמער ווײַנ, וויפל פעסלעכ שפּירט האָט איר ארײַנגעגאָסנ בא די וויבאָרעס? וויפל קאָרזשעס מיט קיכלעכ אונ געבראָטענע קאטשקעס האָט איר ארײַנגעלייגט? מע טאנצט נאָכ הײַנט אויכ בא אײַכ אינ דער נײַער שול, אז עס קומט עפּעס א יאָמטעוו אונ מע טרינקט דאָרט בראָנפנ מיט די סאָלדאטנ אונ מיט די שיקסעס, ווי אינ א שענק? וואָס מאכט עפּעס דער אלטער הינערפרעסער, דער קויהענ־גאָדל מיט דער גאנצער מישפּאָכע, די גילדענע פּאָנ? ער שפּילט נאָכ הײַנט אויכ בא אײַכ א ראָליע פונ א שטיקל צאדיק אונ רײַסט די הויט בא די אומגליקלעכע אָרעמעלײַט? ער שטראָפט נאָכ הײַנט אויכ דעמ אוילעמ, פּארוואָס זיי ווילנ אָפּגעבנ די קינדער אינ דער גימנאזיע? צי איר זענט שוינ הײַנט קליגער געוואָרנ אונ הערט אימ, ווי דעמ קאָטער? ניינ! עס גלייבט זיכ מיר גאָר ניט! ווענ ער זאָל זײַנ א קאפּצנ, וואָלט ער זיכ געוואלגערט אינ קלויז בא דער הרובע — דעמלט וואָלט איר געלאכט אויס אימ! אָבער ניט הײַנט — ווענ ער איז דער נאָגיד אינ שטאָט, פּארגלאָצט ער די אויגנ אונ קוועטשט דעמ זײַענ פונ „למען תזכרו״ 1, — ציטערט אײַכ די פּעל, אונ האגאָמ איר האָט אימ אלע פּײַנט סינאס־מאָוועס, פונדעסטוועגנ כאנפעט איר אימ אונ זענט אימ מויכל זײַנע מערדערײַ, וואָס ער טוט אפילע זײַנע אייגענע קינדער! אכ, ליבער גאָט! — זאָגט מ. ספּעקטאָר אינ זײַנ שיינעמ פּע־ליעטאָנ (נומ. 21 „יוד. פּאָלקסבלאט״) — ליבער גאָט מײַנער! וואָס פּאר א טײַער פּאָלק ייִדעלעכ דו האָסט! ווער פּארמאָגט גאָר אזא פּאָלק!? — יאָ! ווער פּארמאָגט גאָר א ז א פּאָלק, וואָס זאָל אזוי זיכ בוקנ צומ קערבל אונ ציטערנ אונ פלאטערנ פּאר דעמ נאָגיד, קריכנ אימ אונטער די נעגל, אופהייבנ אימ ביז דעמ הימל, אָפּטרעטנ אימ

1 לעמאאנ טיזקערו — קצרײ איר זאָלט גערענקנ.

דאָס שענסטע אָרט, אָפּגעבנ אימ קאָוועד מער ווי זײַנ ווערט, לייגנ
שוואַכימ אָפּ אימ, וואָס עס איז ניט געשטויגנ ניט געפלויגנ, בוקנ אונ
נייגנ זיכ פאַר אימ ביז דער ערד, מאַכנ פונ יעדער וואָרט זײַנס א
שטרײַמל אונ אָפּ יעדער גראָבער נארישקײַט זאָגנ, אז עס איז א
כאָכמע, וואשנ די פיס אונ טרינקענ די וואסער ביז... ביז ווי לאַנג ער
האָט געלט!.. אכ, ליבער גאָט! וואָס פאַר א טײַער פאָלק ייִדעלעכ דו
האָסט!.. וואָס מאַכט עפּעס אײַער געריממטע „טאַלמוד־טוירע", וואָס מע
דאַרפ אָפּ איר רײַסנ פונ אײַכ געלט מיט גוואַלד, וואָס זי האָט אָפּ
זיכ א סאַכ גאַבאָימ, וועלכע ווילנ נאָר קאָוועד, אָבער ניט טאָנ קיינ
האַנט אינ קאַלט וואסער? ווער זענענ די מעלאמדימ אירע: די זעלבע
פאַנאַטיקער אונ גראָבע־יונגענ, וואָס קענענ קיינ שײַטל איווריע ניט,
נאָר שלאָגנ די טאַלמידימ מיט א שײַט האָלצ? אונ אײַערע אסיפעס:
וואָס איר מאַכט אָפּ דער טאַלמוד־טוירע, ענדיקנ זיכ ניט מיט קיינ
פעטש? וואָס הערט זיכ מיט אײַער „ביקער־כוילימ"? וויאַזוי קוקנ
אָפּ אײַכ הײַנט די קריסטנ: ניט ווי אָפּ קולאַטשניקעס אונ ראָסטאָוו־
שטשיקעס? עס איז שוינ בא אײַכ שטילער געוואָרנ וועגנ מאַכלויקעס
איבער גאַבאָעס, איבער „שישי" אונ „מאַפטיר"? אינ שול הערט מענ
שוינ בא אײַכ ניט קיינ קוילעס „אינ טאַטנס טאַטנ ארײַנ, מאַמזער"?
אונ אײַער אינטעליגענציע וואָס טוט? זיי קערנ שוינ געווים טראָגנ
נײַמאָדישע קאַפעליושנ מיט גראָבע גילדענע קייטנ בא די זייגערס!
יאָ, איכ וויים, אז אינ דער ציוויליזאציע גייט לובענ ניט צוריק!.. אָפּ
דער פּאָסט האָב איכ איבערגעכאַפּט א בעזגראַמאָטנע קאָרעספּאָנ־
דענציע פונ א מאַסקל ב. ר., וועלכער באשרײַבט זייער א מיעסע מײַ־
סע פונ א לובענער גוויר, וואָס האָט געוואָלט מאַכנ א פאַלשקײַט אָפּ א
קריסט... די קאָרעספּאָנדענציע איז אָנגעפילט מיט קרומע מעשאָלימ
אונ מיט נארישע כאָכמעס, אונ דער פאַנאַטישער פארפאַסער האָפט,
אז די רעדאַקציע פונ דעמ „ייִד. פאָלקסבלאַט" וועט אימ דערפאַר
מאַכנ פאַר א שטענדיקנ קאָרעספּאָנדענט — אומגליקלעכע קליינשטעטל־
דיקע מעכאַברימלעכ! זיי מיינענ, אז דורכ א מעסירע ווערט מענ
שוינ א שטענדיקער קאָרעספּאָנדענט אינ א צײַטונג, אונ פארגעסנ
גאָר, אז קוידעמ־קאָל מוז מענ קענענ איווריע אונ אָנשרײַבנ כאָטש עט־
לעכע שורעס אָנ 100 גרײַזנ!..."

37. „טשערנאָוויצ (פּאָד.), 8 מײַ... דאָ געפינט זיכ: פיר
שאָכטימ, צוויי דאַבאָנימ, כאזאָנימ, שאַמאָסימ אונ נאָכ אנדערע
קלייקוידעש, מעקאַבלימ, וועלכע לעבנ אל כעזשבנ־האַקאָהאָל; נאָר
קיינ דאָקטער איז דאָ ניטאָ! עס ווײַזט אויס, אז די היגע ייִדנ האָבנ

זייער א קליינעם באגריף פון דער געמיינדע־היגיענע, און דערפאר זארגן זיי מער פאר דער נעשאמע, ווי פאר דעם גוף... ד. פ. שרייבט: אז עס איז דא אפילע יא געווען א דאקטער, נאר מע האט אים ניט גע־וואלט אפצאלן 150 רובל, איז ער ארויסגעפארן קיין טאמאשפאל — וואס מאכט דאס אויס? שאכטים, ראבאנים, כאזאנים, שאמאסים האבן זיי, גאט באָרוך־הו איז א רופא כל בשר[1]!..

38. „שפאלע (קיעוו. ג.), 9 מיי... דא פלאסטערן יידן די גאסן און מאכן טראטוארן פאר קאהאלס געלט! איך האב נאך אזעלכע אין ערגעץ ניט געזען! עס ווייזט אויס, אז די שפאלער יידן האבן שוין געקריגן אלע בירגערלעכע רעכטע, אזוי אז נאר לאמטערנס מיט גאז־באלייכטונג גייען זיי אפ אפ קאהאלס קאפ. — זייער פיין! נאר איך האב זייער מוירע, צי איז דאס ניט עפעס אן אנשטעל פון די היגע „מתעסקים בצרכי צבור“[2], עפעס א כאפל פון א געמארע־קעפל מיט א שארף פשעטל פון א ספאדיק, וואס וויל פארבלענדן די אויגן די ארע־מע שטאט־לייט, וועלכע קענען נאך פאדערן בא זיי דין־וועכזשבן און שרייען „ווו איז אונדזער געלט?“— א קאשע אפ יידן? האגאם רעב ש. ב. פארענטפערט זיך אין זיין בריוו, וועלכן איך האב איבערגע־נומען אפ דער פאסט, און לויבט עפעס צופיל דעם אלטן גוויר רעב ל. י. ז. ד' יאריך ימיו[3] און דעם צווייטן גוויר רעב י. מ. ה., גאט זאל אים בענטשן מיט אלעם גוטן, — נאר נאך אלעמען בין איך פארט מעסופעק, גאט זאל מיך ניט שטראפן פאר די רייד! פון דעם דאזיקן קארעספאנדענט ה' ש. ב־סקי האב איך איבערגעכאפט אפ דער שפא־לער פאסט א מין ארטיקל, וועלכעס באווייזט, אז דער הער ש. ב. איז א פאעט אויך:

קוקט זיך ארום, ברידער!
די קריסטן טוען שרייען,
אז דער ייד ברענגט ניט קיין נוצן,

זיי טוען מיט רעיות (ראיות?) 4 בריען,
אז מע באדארף אונדז נאר מוטשען (?)...

---

1 רויפיי קאל באסאר — וואס היילט א יעדער באשעפעניש.
2 מיסאסקימ בעצארכיי ציבור — קלאל־טוער.
3 אדוינאי יאאריך יאמאוו — גאט זאל אים געבן לאנגע יאר.
4 רייעס און ווייטער — מאשיעך — אויסער די קלאמערן — פארגרייזטע העברעישע ארטאגראפיע. ש־א. שטרייכט דערמיט אונטער די אמהאראצעס פונעם מעכאבער. רעד.

מע האָט אָפּ אימ אויסגעטראַכט,
אַז א ייִד טויג ניט צו זײַנ א אינזשעניער(??).
פאַרוואָס איז אָבער אינ אויסלאַנד
א ייִד אַנ אָפּיצער (!)...

גאָט וועט אַראָפּשיקנ משוח'ן (משיח) פונ הימל(?)—
ער וועט אונדז פירנ בא דער האַנט (!)
אינ פאַלעסטינע אונדזער אַלטעם לאַנד.

וועלנ מיר פאָרנ אַלע —
אַבאָנענט מײַהאַפּאָלקסבלאַט
שמועל ב־סקי פונ שפּאָלע!!!...

די פּאָעזיע איז צוקער זיס! עס ווײַזט אויס, א ייִד א כאָסיד אונ דערצו נאָכ א פּאַטריאָט!.."

39. „מ י ר, 7 מײַ... ריבוינע־שעל־אוילעמ! ווונדערלעכע זאַכנ ווערנ אָפּגעטאָנ אינ דײַנ וועלטל! עס איז גאָר ניטאָ אַזויפיל טינט צו באַשרײַבנ די אַלע ניסימ־וועניפלאָעס מיט די כידושימ, וואָס איכ, הקטונ ה... בלא" מוהר"ר ב... סג"ל נ"י 1, זע זיכ איבער אָפּ דײַנ אוילעמ־האַטאַכטנ! דאָ, אינ דער שטאָט מ י ר, שטייט א מערכעצ נאָכ מישייִשעס יעמיי בערייִשים אָפּ הינערשע פיסלעכ, האָבנ זיכ די היגע „מתעסקים בצרכי ציבור באמונה" 2 גענומענ צו פאַריכטנ דעמ מערכעצ אונ אויסרייניקנ די מיקווע לעהאַוודל, אינ וועלכער עס ווײַזנ זיכ שוינ פונ א צײַט כל מיני שרצים ורמשים 3, שלאַנגענ אונ עגדעשנ, זשאַבעס מיט יאַשטשערקעס... פיל מענטשנ זענענ אָרעמ געוואָרנ, אונ פיל זענענ רײַכ געוואָרנ דורכ דעמ מערכעצ, אונ דער מערכעצ איז נאָכ אַלצ ניט פאַרטיק!.. די כידושימ, וואָס עס טוענ זיכ אָפּ אָפּ דער וועלט, איז גאָר ניט צומ באַשרײַבנ!..."

40. „אַלעקסאַנדראָווסק (יעק. ג.), 10 מײַ... דאָ האָט די אַגיטאַציע פונ פאַלעסטינע אָנגעמאַכט אַזא אײַנדרוק אָפּ די ייִדנ, אַז זיי וואַרטנ נאָר, ביז מע וועט זיי איבערפירנ אינ דעמ הייליקנ לאַנד אונ מע וועט זיי באַזעצנ אינ דעמ לאַנד קנאַאַנ אינ פאַרטיקע הײַזער מיט פײַנ מעבל — באַלאַנימ אָפּ דעמ גרייטנ איז דאָ א סאַכ!.."

1 האקאָטוינ ה.... בענ לאאהוווי אָווי מוירייגו האָראוו רעב ב... סעגאל נירוי יאָ:ר.
2 מיסאסקימ בעצאָרכיי ציבור בעעמונאָ.
3 קאָל מיניי שראָצימ אורעמאָסימ.

41. „ג אַ ס ט י נ י נ (וואַרש. ג.), 11 מײַ... דאָ האָט דער ראָוו געאַסערט אַלע ייִדישע צײַטונגענ און ביכלעך, — אַלעמאָל נײַע גזירעס!...“

42. „ט אָ מ ס ק, 13 מײַ... דאָ איז פֿאַראַנענ געלט אַף אײַנצופֿירנ רעכטע אײַנריכטונגענ, נאָר עס איז ניטאָ ווער! ווער עס וויל, ראַבע־ווענט קאָהאָלס געלט, און קיינער זאָגט אים ניט קיינ קרום וואָרט... די גווירים ווילנ זיך ניט מישנ: זיי זענענ שטאַרק פֿאַרנומענ מיט זייערע אייגענע געשעפֿטנ... עפּעס אַף דעם ראַבינער רעדט מענ אונ־טער, אַז ער האָט שטאַרק ליב אַ קערבל!.. אַף דער פּאָסט האָב איך איבערגעכאַפּט אַ רוסישנ בריוו פֿונ א. אָ. טאַנ־וו מיט זייער אַ ריינע אונ פֿײַנע כאַראַקטעריסטיקע אַף דער שטאָט טאָמסק.“

43. „ס ק װ י ר ע (קיִעוו. ג.), 14 מײַ... דער אַלטער ז״ל גייט דאָ אַרום באַנאַכט איבער דער שטאָט מיט אַנ אָפֿענער האַנט; די כסידים טראָגנ אים געלט פֿונ אַלע זײַטנ, אונ ער נעמט בשתי ידים[1]!..“

44. „ס ע װ אַ ס ט אָ פּ אָ ל, 12 מײַ... אַף אַנ אַקטער פֿונ דער ייִדישער טרופּע זענענ אינמיטנ שפּילנ אָנגעפֿאַלנ זיבנ ווײַבער, וועל־כע דער אַקטער האָט איבערגעלאָזט אַגונעס אינ עטלעכע שטעט... אַף אים איז מעקוײַעמ געוואָרנ יעשײַע־האַנאָװיס ווערטער: „והחזיקו שבע נשים באיש אחד[2]“...

45. „מ ג ל י ן, 15 מײַ... דאָ פֿאַרדינט דעם גרעסטנ דאַנק אַ פֿרײַלנ סאָרע־כאַנע אַראָנאָוו, וועלכע האָט אײַנגעפֿירט אַ שקאָלע פֿאַר קליינע קינדער — ייִנגלעך אונ מיידלעך. זי לערנט מיט די קינדער זייער פֿלײַסיק, אונ זיי קענענ טאַקע זייער גוט. — כ׳לעבנ, עס וואָלט קיינ אוולע ניט געוועג, אַז עס זאָל אינ יעדער שטאָט אַזוי זײַנ. קימאַט אומעטום געפֿינט מענ געבילדעטע פֿרויענ אונ פֿרײַלנס פֿונ דער רײַכנ קלאַס, וואָס וואָלטנ זיך געקאָנט אָפּגעבנ דאַמיט אונ ברענגענ פֿיל נוצנ זייערע געמיינע ברידער אונ שוועסטער, אַזוי אַז דאָס, וואָס זיי האָבנ דורך זייער רײַכטום דערלאַנגט, זאָלנ זיי מיט זייער גוטנ ווילנ איבערגעבנ די אומגליקלעכע קינדער, וואָס זייער מאַזל באַ־האַנדלט זיי ווי אַ שטיפֿמוטער. מע דאַרף נאָר האָבנ אַ גוטנ בײַשפּיל,

---

1 בישטיי יאָדאַיִם — מיט ביידע הענט.

2 וועהעכעזיקו שעווא נאָשים בעיִש עכאָד — אונ עס וועלנ זיך אָנכאַפּנ זיבנ ווײַבער פֿאַר איינ מאַנצבל.

אז אינ 2—3 שטעט זאָל אזוי אײַנגעפּירט ווערנ, וועלנ זיכ שוינ נאָכ דעמ אלע אונדזערע געבילדעטע פרויענ נעמענ דערצו!..״

46. ,,שעדלעצ, 16 מײַ... דאָ באקלאָגט מענ זיכ שטארק אפּ די היגע ראָסטאָושטשיקעס, שינדערס, פּראָצענטניקעס, שאכערמא־כערס, וואָס פארפלעקנ דאָס גאנצע ייִדנטומ מיט זייערע פינצטערע געשעפטלעכ... גוואלד, ייִדנ, אד־מאָסײַ??? אפּ דער פּאָסט האָב איכ איבערגענומענ א בריוו פונ ב. וו., וועלכער רעכנט אויס די הויפּטשינדערס פונ דער שטאָט נאָכ דער אָרדענונג: רעב י. ל., רעב ש. א. נ., רעב ח. ס., רעב י. ש., רעב ש. פ., רעב א. פ. ...״

47. ,,אקערמאנ, 17 מײַ... דאָ קלאָגט מענ זיכ מיר, אז קיינ ,,אכרעס״ איז בא די היגע ייִדנ ניטאָ; ווי ווײַט מע קענ, רוידעפט מענ זיכ אויפּס לעבנ... דאָ איז זייער נייטיק אײַנצופירנ א כעוורע ,,גמילעס־כסאָדימ״ אפּ א פעסטנ פונדאמענט, אונ נאָכ אונ נאָכ גוטע זאכנ!.. אפּ דער פּאָסט האָב איכ געפונענ א בריוו פונ א זייגערמאכער ה. טש., וועלכער שרײַבט אינ דער רעדאקציע פונ דעמ ,,ייִד. פ״ב״: ,,ליבער, טײַערער הער רעדאקטאָר! איכ שיק אײַכ א וועקער... אזוי.״ — ווענ דער זעלבער ה. טש. זאָל זײַנ א באַנדער, וואָלט ער געשריבנ: ,,איכ שיק אײַכ א צעבער...״

48. ,,באלינ (פּאָד. ג.), 18 מײַ... די היגע באלעבאטימ זענענ געװענ, אז גאָט שיקט זיי צו עפּעס א יאָמטעוו, מע זאָל קענענ טרינקענ בראנפנ... עס איז שוינ אָבער פונ א צײַט קיינ פּראזדניק ניט געוועזנ! מה עשה הקב״ה[1]? עפּעס א גוטער־ייִד האָט כאסענע געמאכט א טאָכטער, איז געוואָרנ אינ באלינ אזא סימכע צווישנ די כסידימ אונ מע האָט זיכ אזוי אָנגעשיקערט, אז איינער פונ זיי האָט באקומענ די כאָלערע, — אָט דאָס הייסט געלעבט!..״

49. ,,קריוואָראָג, 20 מײַ... דאָ האָט דער גאבע מיט דעמ נעמאָנ שטארק געשוויצט: דער אוילעמ האָט זיכ צונויפגעקליבנ אינ שול אָפּנעמענ בא זיי כעזשבנ; אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז עס איז געקומענ צו פּעטש... קוימ־קוימ האָט זיי די פּאָליציי אײַנגענומענ — גאנצ לײַטיש!...״

,,באר (פּאָד.), 21 מײַ... גאָט באָרוכ־הו האָט געבענטשט די שטאָט באר, אז עס פאָרנ אהער גאנצ אָפט 3 ,,גוטע־ייִדנ״ מיטאמאָל: רעב נאָכעמטשע פונ ראכמעסטריווקע, רעב יעקעלע דעמ טאלגערס א

1 מאָ אָסאָ האקאָדויש באָרוכ הו — וואָס האָט גאָט געטאָנ.

פּלימעניק אונ רעב ייִסראָעלטשע פונ מעזיבוזש... די היגע ייִדנ האָבנ גאָר פאַרגעסנ אָנ דעם „ביקער־כוילים”, אונ קיינ טאַלמוד־טוירע דאַרפנ זיי ניט!... גליקלעכע ייִדנ! מע מעג זיי מעקאַנע זײַנ!..”

50. „ר י ב י נ ס ק (יאַר. ג.), 22 מײַ... דאָ געפינענ זיכ גרויסע קינסטלער, וואָס מאַכנ קראַנק געזונטע סאָלדאַטנ פאַר א קערבל... עס וואָלט א יווישער געווענ, אז די היגע ייִדנ זאָלנ ארויסגעבנ דעם פּאָ־קוסניק, וואָס מאַכט אומגליקלעכ נאַרישע מענטשנ אונ פאַרשמירט דעם קלאַל־ייִסראָעל דאָס פּאָנעם פאַר דער רעגירונג... אַפ דער פּאָסט האָב איכ דאָ איבערגענומענ אַנ אָנגעבלאָזענעם פּעליעטאָנ פונ א מעכאַבער ש. וו־ק; ער גיט זיכ ארויס פאַר פּאַרפאַסער פונ עטלעכע ראָמאַנענ: „רעב יויכנטשע”, „שושנה בין החוחים” [1], „די פאַרלאָ־רענע קינדער” אדג. א ווונדער, וואָס איכ האָב ביז יעצט ניט געהערט פונ די דאָזיקע נײַגעבאָרענע ראָמאַנענ! אונדזערע זשאַרגאָנ־שרײַבער באַקנ ראָמאַנענ ווי קאַרטאָפּליעס אַפ דעם צענדליק, אונ עס זאָל דאָס אַפילע איינער ארײַנשיקנ אַנ עקזעמפּליאַר איינ דער רעדאַקציע פונ דעם „ייִד. פאָלקס־בלאַט”, איינ וועלכנ עס וואָלט געקומענ א רעצענזיע צו גוטנ אָדער צום שלעכטנ אונ דאָמיט געלאָזט הערנ אַפ דער וועלט דעם מעכאַבער מיט זײַנע פאַרפאַסונגענ, אָדער מאַצל געווענ די בלינ־דע מאַסע פונ צו פאַרברענגענ די גילדענע צײַט איבער זייערע שמאַ־טעס, די נאַרישע אונ שעדלעכע ראָמאַנענ... באַהאַלט זיכ, פאַרבאָרגט זיכ, קליינע ייִדישע מעכאַברימלעכ! פאַרקויפט אײַערע פוסטע נאַרישע ביכלעכ די אומגעבילדעטע פאַקנטרעגער (מויכרײ־ספאָרים), וועלכע וועלנ זיי געווים אויספאַרקויפנ גלײַכ מיט די באַרדיטשעווער יאַרמעל־קעלעכ, הייעלעכ, מעזוזעס, ציצעס, בערשעדער טאַליסים־קטאַנים, טשערנאָבעלער באַטימ מיט רעצועס! — אָט דאָס איז די לאַגע פונ אונדזערע זשאַרגאָנ־בעלעטריסטיק איינ יעצטיקער צײַט! — זייער ניט אָנגענעם!..”

51. „ר ז ש י ש ט ש ע ו (קיִעוו. ג.), 23 מײַ... רצה הקדוש ברוך הוא לזכות [2] — גאָט האָט געוואָלט מעזאַקע זײַנ די הייליקע שטאָט רזשישטשעוו, האָט ער זי געבענטשט מיט צוויי „גוטע־ייִדנ”! איינער איז א שוטע, אונ דער אַנדערער איז א נאַר; איינער איז א קאַפּצנ, אונ דער אַנדערער איז אַנ עוויענ; איינער איז אַנ אַמהאָרעצ, אונ דער

1 שושאַנאָ בײנ האַכויכימ — א רויז צווישנ דערנער.
2 ראָצאָ האַקאָדויש־באָרוכ־הו לעזאַקוים.

אנדערער איז א גראָבער־יונג, וואָס קען קיין איוורע ניט! די שטאָט פאַלט אָבער מיט זיי ניט אראָפּ בא זיך, און זיי האָבן ביידע הייסע פֿײַערדיקע כסידים, וואָס טיילן זיך מיט זיי מיט דעם לעצטן ביסן, — ניט פאר ראכמאָנעס אָדער פאר גוטסקײַט כאס־וועשאָלעם — נאָר פאר גאַדלעס, פאר ניצאָכן, פאר גרוים אזעס! דורך דעם עקזיסטירט דאָ פון דעם דאָר־האפּלאָגע אָן גרויסע מאכלויקעס מיט יאבערדעס, און דעריבער האָט דאָס שטעטל א שעם מיט אירע שקאָצים, אזעס־פּענע־מער, הולטײַעס און לײדיקגייערס... — אשרי האיש[1] — געבענטשט און געלויבט איז דער יִיד, וואָס איז ניט קיין רזשישטשעווער!..״

52. „קאָוונע, 24 מײַ... ווײַטער די טאקסע?! ווער עס וויל פארזוכן עפּעס נײַע מינע מײַכאָלים, וואָס זענען נאָך ביז אהער אף דער וועלט ניט פאָרגעקומען, זאָל ער קומען קיין קאָוונע און זיך הייסן געבן אָן אָנבײַסן פון פיר געריכטן, וועט מען אים דערלאַנגען באָרשטש פון ביינער, זויער־פלייש פון ביינער, בראָטן פון ביינער און זופּ פון ביינער און פאר דעסערט מערן־צימעס אויך פון ביינער... אז איך האָב אָפּגעגעסן דעם אָריגינאלנע אָנבײַסן און האָב עטלעכע מאָל אָפּגעלעקט די געקאָכטע ביינער, האָב איך א קלונג געטאָן מיט א ביין אין שיסל ארײַן, איז ארײַנגעקומען די באלעבאָסטע פון דער אכסאניע — א שווארצע ליטוואטשקע — מיט א גאנצער קאָרזינע ביינער, וועלכע זי האָט מיר אנידערגעשטעלט אף דעם טיש.

— ווײַטער ביינער?! — בין איך אָנגעפאלן אף דער באלעבאָסטע.

— בא אונדז איז שוין אזוי אײַנגעפירט, אז נאָך דעם אָנבײַסן זענען מיר מעכאבעד די אָרכים מיט אויסגעזאָטענע ביינער, — האָט זי מיר געענטפערט גאנץ ליבלעך.

— מיט ביינער?! — איך האָב געכאפּט א ביין און האָב איר געוואָלט פלעטן דעם קאָפּ; זי האָט זיך אָנגעשטויסן און האָט מיך אָנגענומען בא דער האנט מיט די ווערטער:

— איר זענט אוואדע ניט פון דעם קאנט; דערום מיינט איר, אז ביינער איז בא אונדז א וואָלוועלע זאך, ווי אין אנדערע לענדער? בא אונדז קאָסט א פונט פרישע ביינער 50 קאָפּ׳ און אָקסן־ביינער 60 קאָפּ׳...

— 60 קאָפּ׳? נו, און פלייש?

1 אשריי האָיש.

— פּליוש? פּליוש? קיין פּליוש זעט מען שוין בײַ אונדז ניט פֿון א צײַט: פּליוש לאָזן קויפֿן די פּריצים, און אונדז ייִדן לוינט ניט צו עסן קיין פּליוש!

— פֿון וואָס זשע לעבט איר?

— פֿון וואָס מיר לעבן?.. מיר צאָלן טאַקסע!..

איך בין געווען אין שול, דאָרט איז געווען אַן אסיפֿה; מע האָט געטראַקטירט מיקויעך דער טאַקסע. איך האָב זיך צערעדט מיט א יונגנמאַן און האָב אים געפֿרעגט:

— וואָס איז דאָ פֿאַר א געפּילדער?

— דאָס שמועסט מען וועגן דער טאַקסע.

— ווער זענט איר? — פֿרעג איך דעם יונגנמאַן, — א היגער?

— א היגער; איך בין געקומען הערן, וואָס וועט זײַן מיט דער טאַקסע.

— איר זענט עפּשער איינער פֿון די היגע באַלע־טאַקסע?

—כאָלילע! איך בין א באַלמעלאָכע — א שנײַדער, א דאַמסקי שנײַדער, מאָטל דער שנײַדער, מאָטל בערע כאַנעס פֿון יאַנאָווער גאַס ...

— וואָס זשע קער זיך מיט אײַך אָן די טאַקסע?

— וואָס הייסט? — האָט מיך דער יונגערמאַן איבערגעפֿרעגט שטאַרק פֿאַרוווּנדערט, — עס קער זיך מיט מיר זייער אָן: מיר זענען שנײַדערס — מיר צאָלן טאַקסע!..

פֿאַר מײַן אוועקפֿאָרן פֿונדאַנען האָב איך זיך צערעדט מיט מײַן באַל־אַכסאַניע, אַן אומעטיק צעבראָכן ייִדל מיט אַן אויסגעהאָרעוועט פֿאַרפֿינצטערט געזיכט.

— וואָס געפֿינט זיך בײַ אײַך עפּעס אין שטאָט? — פֿרעג איך אים.

—בײַ אונדז? בײַ אונדז איז דאָ... די טאַקסע...

דער מעשאָרעס פֿון דער אַכסאַניע, אַן אומגליקלעכער יונגערמאַן מיט א ראַכמאָנעס־פּאָנעם, האָט זיך מיט מיר דרײַ מאָל געזעגנט פֿאַר מײַן אוועקפֿאָרן און האָט מיר אָנגעדאַנקט א פֿולן קאָפּ פֿאַר דער „אָטיעזדנאָיע”, וואָס איך האָב אים איבערגעלאָזט; ער האָט געקלונגען אַלע מינוט מיט דער קעשענע און איז געווען גאַנץ פֿריילעך, כאָטש דאָס פּאָנעם איז געווען ווי פֿאַרוויינט.

— ביסט נאָך א כאָלאָסטאָי? — פֿרעג איך אים.

— כאָלילע! איך האָב א ווײַב מיט קינדער און צאָל שוין פֿון 6 יאָר טאַקסע!..

די טאקסע, די טאקסע, די טאקסע — אָ, גאָט!..״

53. „אָבוכאָוו (קיעוו. גוב.), 25 מיי... וויאזוי די היגע ייִדן פאר־ברענגען די צייט, קאָן מען פארשטיין פון דער לירע פון א היגן פּאָעט א. י. וואכמאנ, וועלכער באשרייבט א פּאָגראָם אין שול.

„...סטענדערס זענען געפלויגן פון אלע זייטן,
עס האָט זיך געפּאטשט יעדער באַלעבאָס!
איך, ארן־יעשוע, בין געשטאנען פונווייטן
און האָב געכאפּט א פליאסק — איך וויים ניט פאר וואָס!...

א מיצווע, זייער רעכט!..״

54. „סקוליאני (בעס. גוב.), 27 מיי... עס גיט פיל מענטשן אף דער וועלט, וואָס קענען זיך ניט אָנזעטיקן מיט קיין זאך; זיי עסן שטענדיק מיטביידע באקן און קענען זיך זאט ניט אָנעסן!.. אזא עקזעמפּליאר האָב איך דאָ באגעגנט: דער גאבע פון שול ז. וו. האָט ליב „שישי״... מע קאָן זיך שוין פאָרשטעלן א מענטש, וואָס האָט ליב נאָר „שישי״!... נאטירלעך, אז ער איז אליין דער גאבע, קען מען אלע שאבעס האָבן „שישי״, מע קאָן זיך וויקן אין „שישי״! די סקוליאנער באלעבאטים האָט דאָס זייער פארדראָסן, האָבן זיי געמאכט א בונט און האָבן איבערגעגעבן דעם שאמעס די „באלוקע״ פון די אליעס... ז. וו. האָט מען דאָס אונטערגעטראָגן; ער איז אָנגע־פאלן אף דעם אוילעם מיט די קולאקעס: „סטייטש! מיין „שישי״! גאזלאָנים! מיין „שישי״!!!......״

55. „מינסק, 28 מיי... דער באלמעלאָכע איז בא ייִדן א שאנד און ווי באשאפן צום שפּעטן און צום לאכן... איך האָב דאָ איבער־גענומען א קאָרעספּאָנדענציע פון א. ס. ר״נ, וועלכער באשרייבט און לאכט אוים די שניידערס, שוסטערס, קוימענקערערס, אזוו. מיט זייער שול און מיט זייערע אסיפעס, און דער קאָרעספּאָנדענט אליין שרייבט א סאך ערגער פון א קוימענקערער!..״

56. „קאטינקע (קיעוו. גוב.), 29 מיי... דאָ האָבן מיך באַ־פאלן עטלעכע היגע קאָרעספּאָנדענטן און האָבן זיך גענומען קלאָגן איינער אף דעם אנדערן, זידלען און שעלטן מיט קלאָלעס־נימראָצעס און האָבן נאָך ארייינגעמישט א פרעמדן ש. ב. ז. אויך, און דאָס גאנצע מאכלויקעס איז ניט ווערט קיין שאָלעכץ פון א ציבעלע!.. עס וואָלט שוין צייט געווען, כ׳לעבן, אז אונדזערע קליינשטעטלדיקע קאָרעס־פּאָנדענטלעך זאָלן פארשטיין, אז א פאָלקס־צייטונג גייט ארויס ניט צוליב יאבעדעס מיט זידלערייַ, אָדער באליידיקן איינער דעם אנדערן

דורך פּאַסקווילן; דערום איז דאָ אין יעדער שטאָט אַ מאַרק, ווו מע פאַרקויפט די טעפּ!.."

57. „אָרענבורג. 26 מײַ... אַ גערעטעניש אַף פּאָעטן אין דער זשאַרגאָן־ליטעראַטור! הער י. פּ. שיקט פון אָרענבורג אַזאַ שיר אין „פאָלקסבלאַט":

„אונדזערע צאָרעס צו פאַרבעסערן
איז קיינער ניט אימשטאַנד,
אונדזער טרייסט איז נאָר צו פאַרגרעסערן
אונדזער פאָטערלאַנד (?).
געננוג שוין צו לײַדן צאָרעס!
געננוג שוין צו זײַן באַ יעדן אין דער האַנט,
געננוג שוין צו גיין שכוירעס־מאָרעס (דאָס
הייסט זײַן מאָרע־שכוירעדיק...),
שוין בעסער צו פאָרן אין פאָטערלאַנד!.."

ער האָט זיך אײַנגעשלאָגן אין קאָפּ דאָס וואָרט „פאָטערלאַנד"!.. אָבער אַזויפיל פּאָעטן, ווי אין שפּאָלע (קיִעוו. גוב.), איז ניטאָ דאָ אין ערגעץ! ש. י. באַס־האָראָוו פון שפּאָלע שיקט אַן אַרטיקל אין „פאָלקס־בלאַט" און זינגט אַזוי:

„געננוג שוין, דאַכט זיך, די אַנטיסעמיטן,
וואָס קוקן אַף אונדז, ווי אַ קאַץ אַף אַ מויז,
און טוען אונדז קוועטשן און טרעטן,
אַזוי ווי אַ פלוי אָדער אַ לויז..."

58. „בערדיטשעוו (קיִעוו. גוב.), 30 מײַ... צו באַשרײַבן אַלץ, וואָס עס טוט זיך דאָ אין דער גרויסער יִדישער שטאָט בער־דיטשעוו, איז גאָר ניטאָ קיין אָרט אין מײַן טאָגביכל; דערפאַר לאָז איך זי איבער אַף דעם צווייטן מאָל: איך רעכן דאָ צו זײַן אים־יִרצע־השעם אין אַ פּאָר וואָכן אַרום! אַף דער פּאָסט האָב איך געפונען עטלעכע בעזגראַמאָטנע קאָרעספּאָנדענציעס און אַ שיר פון אַ. פּ—ן:

דער פּאַרמוטשעטער

„גוואַלד, גוואַלד, גוואַלד! —
און נאָכאַמאָל גוואַלד!
שרײַט זשע, יִדן, גוואַלד!
גוואַלד, גוואַלד, גוואַלד! אַזוי..."

59. „י ע ל י ס א ו ו ע ט ג ר א ד, 28 מײַ... א היגער פּאָעט פּ. שא. שיקט אַנ ארטיקל אינ „פּאָלקסבלאט" מיט דעמ נאָמענ „פּאלעסטינא":

„ווי ליב האָב איכ דיכ,
אונדזער פּאָטערלאנד!
קומ אהער גיכ! —
גיב מיר דײַנ האנט!..

אוי, דו פּאלעסטינע,
טו א קוק אפּ מיר!
מאכ א פרײלעכע מינע, —
וועל איכ קומענ צו דיר!.."

60. „ב י ע ל אָ צ ע ר ק אָ ו (קיעוו. גוב.), 30 מײַ. וואָס דאָ טוט זיכ — ווייס איכ ניט: איכ האָב זיכ נאָר געוואָלט זענ מיט אונדזער קאָרעספּאָנדענט ש אָ ל ע מ-א ל י י כ ע מ, וועלכער כאפּט איבער אלע אונדזערע בריוו אפּ דער פּאָסט, — אונ ווײַטער, קיינעמ ניט, האָב איכ אימ ניט געקאָנט אָפּזוכנ: קיינער ווייסט ניט, ווער ער איז... אפּ דער פּאָסט בינ איכ געוועזנ אונ האָב איבערגענומענ עטלעכע ארטיקלענ, וועלכע זענענ אדרעסירט אינ דער רעדאקציע פונ דעמ „יוד. פּאָלקסבלאט": דאָס ערשטע איז א יאבעדע אפּ דער גאנצער שטאָט פונ איינעמ, וואָס רופט זיכ מיט דעמ נאָמענ „אח לצרה" 1. איכ פארשטיי ניט פארוואָס... דאָס אנדערע איז קלוימערשט א בעלעטריסטיש פארפאסונג, א פאנטאזיע, אינ וועלכע עס ווערט מיט זייער פיל גרײַזנ אונ אָנ א שומ טאלענט באשריבנ, ווי א יונגערמאנ גייט ארומ אינ אוילעמ-האטויהו אונ דערציילט דעמ פארפאסער באנאכט פונ שלאָפ, וויאזוי מע האָט אימ אומגעבראכט פונ דער וועלט אינ דעמ „ביקער-כויליִמ", ווו ער איז שלאָפ געלעגנ א צײַט אזוו. — דער פארפאסער, וועלכער כאסמעט זיכ מיט א פרעמדנ נאָמענ, קאָנ קיינ איווריע ניט אונ שרײַבט אינ דער רעדאקציע אכוצ א בעזגראמאָטנע בריוו אפּ רוסיש, אינ וועלכנ ער שווערט זיכ אפּ זײַנ הייליקע נעמאָנעס (?), אז דאָס איז ניט קיינ פאנטאזיע, נאָר אנ עמעסע מײַסע (!), אונ אויב די רעדאקציע וועט צונעמענ זײַנ ערשטע ווערקע, אזוי וועט ער שוינ באשיטנ די רעדאקציע מיט פיל ראָמאנענ, מאכמעס ער האָט א פולנ קאָפּ מיט געדאנקענ אונ ווייסט ניט, וווהינ ער זאָל זיכ מיט זיי אהינטאָנ. — אכ, אומגליקלעכער פארפאסער! ער ווייסט ניט, אז מיט אזא

---

1 „אָכ לעצאָרע" — א ברודער אינ א גויט.

קאָפּ און מיט אזויפיל געדאַנקען מוז מען פאָרן צום רעבן אָדער צום טאַטער!.. דאָס בעסטע פון אלע ארטיקלען איז אָבער דער גע־רימטער שיר פון ב. ל., וואָס באַסמעט זיך מיט דעם נאָמען: „א גוט הארץ", דער שיר הייסט „אַפּ דעם פּאָטערס קייווער":

„אוי ווי, טאַטע, טאַטע!
איך בעט בא דיר מיט געוויין:
ראַטעווע מיך, ראַטע, —
מע הייסט מיר גיין!..
זע, באַרעכן אליין,
באַרעכן און באַטראַכט —
מע הייסט מיר גיין, —
איך קאָן ניט שלאָפן באַנאַכט!.."

עס ווייזט אויס, אז די ביידע פּאַרפאַסער האָבן איין קראַנקייט — א ראַכמאָנעס..."

* * *

דאָ ענדיקט זיך הערשעלעס טאָגביכל פאר די לעצטע צוויי באַדאָשים; ער זאָגט מיר צו, אז ער וועט מיר שיקן אלע כוידעש זיין טאָגביכל, וועלכעס וועט אונדז נוצלעך זיין... איך האָב דיר נאָך פיל ניים צו שרייבן פון מיין טייערסטן כאַווער בערעלע, וועלכער קוועלט גאָר אָן פון הערשעלעס טאָגביכל, נאָר איך בין זייער מיד — מוז איך מיין בריוו שליסן. זיי געזונט און שרייב אונדז עפּעס ניים פון דער עמעסער וועלט. גריס מאָריצן גאָר ליבלעך. דיין בעסטער פריינט וועלוועלע דער קלאָרער...

# אנ ענטפער דעמ ווארשעווער ליטוואק[1]

אינ נומ. 32 פונ דעמ „יִד. פאָלקסבלאַט" באַדויערט איר, וואָס מײַנ רעב וועלוועלע, וועלכער פאָרט אויס די גאַנצע וועלט, וויל זיכ ניט מאַטריִעכ זײַנ אראָפּפאָרנ צו אײַכ קיינ וואַרשע, ווו ער וואָלט זיכ אָנגעזעהנ אונ אָנגעהערט ווילדע כידושימ מיט פיל אינטערעסנטע זאַכנ פונ דעמ יִדישנ לעבנ.

אזויווי איר ווייסט, אז איכ פאָר נאָכ רעב וועלוועלנ טריט בא טריט אונ כאַפּ איבער אַלע זײַנע בריוו, וועלכע ער שיקט צו זײַנ כאַווער רעב לייבעלע אַפּ יענער וועלט, דערומ קענ איכ אײַכ מוידיִע זײַנ, געערטעסטער ליטוואַק, אז הײַנטיקע וואָכ, אקוראַט צו די ערשטע סליכעס, איז רעב וועלוועלע אַוועק מיט דעמ לופט־באַלאָנ גלײַכ קיינ וואַרשע אונ וועט דאָרט פאַרברענגענ ביז נאָכ ראָשעשאָנע.

אזויווי איר זענט אנ איינציקער „ליטוואַק" צווישנ א סאַכ פּוילישע יִדנ, קיינ אײַנהאָרע, איז אַפּ אײַכ מוטל, איר זאָלט אימ מאַכנים־אוירעכ זײַנ, ווי עס געהער צו זײַנ, אונ אימ אויספירנ אינ אַלע מײַזנלעכער, מאַכמעס וואַרשע איז ניט דראַזשנע אונ ניט מעזיבוזש. איכ וואַרפ אַפּ אײַכ אַרופּ דעמ גוירל אופצונעמענ מײַנ וועלוועלע איבער צוויי טײַמימ: ערשטנס, ווײַנט איר שוינ אינ דער דאָזיקער שטאָט א צײַט מיט יאָרנ, איז זי אײַכ באַקאַנט, ווי די פינפ פינגער. אונ, צווייטנס, דערפאַר, וואָס איר זענט א ליטוואַק אונ קענט מיט אימ מער מיטלײַד האָבנ, ווי, אשטייגער, א פּוילישער, וואָס געפינט זיכ גיכער באַליידיקט אונ בלאָזט זיכ אָנ, ווי אנ אינדיק אמ ערעוו פּייסעכ, אז מע זאַטשעפּעט אימ מיט א וואָרט.

איר קענט זיכ גאָר ניט פאָרשטעלנ, וויפל פּאַסקווילנ איכ האָב פונ „מײַנע" פּוילישע ברידער אונ מיט וואָס פאַרא קלאָלעס — ניט אמ ערעוו ראָשעשאָנע דערמאָנענדיק — זיי זענענ מיכ מעכאַבעד פאַר מײַנע „איבערגעכאַפּטע בריוו"! איינער פונ זיי האָט מיר א נאָמענ

1 זע וויַטער ז. 491, [„בריוו פונ א ליטוואַק"].

געגעבנ: „דער יידישער מאַלטשאַנאָוו", דער אַנדערער רופט מיכ ספּלעטניק, רעכילעסניק, שיינעצ!! — עס איז גאָר ניט צו באַשרײַבנ, ווי מע פאַלט אָפּ מיר אָנ פונ אַלע זײַטנ, גלײַכ ווי איכ בינ דאָ דער כײַעוו!.. פונ יאַלטישקאָוו (פּאָד.) שרײַבט מיר א מאַסקל א בריוו אונ שילט מיכ אינ טאַטנס טאַטנ אַרײַנ, פּונקט ווי אינ א מאַקעמ־קאָר־דעש... פונ קאַליש שיקט מיר א גאַנצע קאָמפּאַניע „מאַסקילימ" אָנ אַדרעס (?!) אונ לייגנ דאָרט אָפּ מיר די טויכטעע, סאָנע־צינע... פונ לובענ שרײַבט מענ מיר, אַז װעלוועלע וועט זיכ נאָר דערוועגנ קומענ נאָכאַמאָל צו זיי, וועט מענ אימ ברעכנ רוק־אונ־לענד... פונ באָ־הוסלאַוו שרײַבט מענ מיר, אַז דער גוויר, דער אָפּעקונ איבער דעמ קאַפּיטאַל, וואָס גרינבערג האָט אָפּגעזאָגט אָפּ דער שטאָט, איז שטאַרק בערויגעז, וואָס איכ האָב אימ געפּובליצירט אינ „פּאָלקסבלאַט", האָט ער צונויפגערופנ צו זיכ ניט לאַנג די גאַנצע שטאָט אונ האָט זיי אַזאַ רעדע געהאַלטנ:

„הערט זשע אויס, ברידער! שלוימע־האַמעלעכ איז געוועזנ א מאָ־לאָדיעצ; ער זאָגט „לך לך מארצך וממולדתך"[1]. דאָס הייסט: עס איז הײַנט געוואָרנ א וועלט מיט שקאָצימ אונ מיט שאַרלאַטאַנעס, אונ עס קריכט זיי אינ קאָפּ אַרײַנ דער שוואַרצער יאָר ווייסט וואָס: מישנ זיכ אינ יענעמס געשעפטנ אונ באַשרײַבנ דעמ נאָגיד אָפּ די צײַטונ־גענ — אַלצ צוליב געלט, אַלצ צוליב געלט!... נאָר כאַפּט זיי דער וואַטנמאַכער! איכ זע, ברידער, אַז איר ווילט דאָס געלט; זייער פײַנ; איכ האָב צו אײַכ גאָרניט; איר זענט גערעכט! איר ווילט בויענ א שול, א „ביקער־כווילימ", א „טאַלמוד־טוירע" — זייער פײַנ! ווי זאָגט מענ: כל עורב למינהו[2], ד. ה. אַלצ ביז אינ א צײַט! איכ קענ עס אײַכ אַרויסגעבנ הײַנטיקנ טאָג אַכאַס־וועאַכאַס מיט פּראָצענט! אונ צו ווײַזנ די שקאָצימ, אָט די קאַפּצאָנימ, די קלאָווימ, וואָס שרײַבנ אָפּ די צײַטונגענ קאָל־האַפּאַסלאָנעס, אַז איכ בינ „איכ" — קאָנ איכ אײַכ אַרויסנעמענ פונ מײַנ געלט א 5 טויזנט רובל אונ שענקענ דאָס אָפּ אָרעמעלײַט, וואָס זענענ בא אונדז סײַנעראַצינ (באַאַווינוויסיינו האָראַבימ) מער, ווי אינ אַלע שטעט. נאָר אַז מע וויל צוריק, בינ איכ זיכ מעיאַשעוו: „צו וואָס טויג עס מיר?" אשרי יושבי ביתך[3] —

---

1 לעכ־לעכאָ מייארצעכאָ אומימוילאדטעכאָ — בוכשטעבלעכ: גיי אוועק פונ דײַנ לאַנד אונ פונ דײַנ געבורט־אָרט.

2 קאָל אוירייוו לעמינייהו — בוכשטעבלעכ: יעדער ראָב צו זײַנ מינ.

3 אשריי יוישווי ווייסעכאָ — בוכשטעבלעכ: וווּל איז צו די, וואָס זיצנ אינ דײַנ הויז.

ניט מיר וועלן איבערמאכן די וועלט! טאקע לאָז עס גיין, ווי עס גייט זיך, כי לעולם חסדו 1 — וואָרעם א ייִד איז א כאַזער, און וויפל דו גיסט אים, איז אים אלץ קאַרג! איך לאַך אויס אײַער באַבע און א גוטן טאָג! היינט שרײַבט, וויפל איר ווילט — ומשפטים בל ידעום [2] — איך הער אײַך ווי דעם קאָטער — האַלעלויאָ!"...

אין ביעלאָצערקאָוו איז אף מיר איינמיטן גאס אָנגעפאַלן עפּעס א מאַסקל א מעכאַבער * און האָט פון מיר געטרעבעוועט אַן „אָביאַסניע־ניע", פאַרוואָס איך האָב אויסגעגעבן זײַן סאָד, און עס איז נאָך א סוואָרע, אַז ער וויל מיך אַרויסרופן אף א דועל... פון העלעמיאַזאָוו (פּאָלט.) האָט איר געווים געזען אין „המליץ" א קאָרעספּאָנדענציע, ווי א ראָוו, „ניט קיין כאָסיד", פּאַרטיידיקט די צוויי רזישטשעווער „גוטע־ייִדן", וואָס מײַן וועלוועלע האָט זיך עפּעס זייער ניט לײַטיש אויס־געריידט אף זיי, און שווערט, אַז אַזאַ פּאַטריאָט, ווי רעב געצעלע, איז גאָר ניט צו קריגן, און ער, דער העלעמיאַזעווער ראָוו, האָט אַליין געהערט, ווי דער רעבע האָט א קרעכץ געטאָן אף אונדזער הײַנטיקער לאַגע! — א שיינעם דאַנק דעם רעבן כאָטש פאַר א קרעכץ!.. און אַזוי ווי איר זעט, זענען מיר אַלע פּוילישע ייִדן געוואָרן דאַמ־סאָנים אפן לעבן. און מערקווירדיק איז נאָר דאָס, וואָס פון קיין ליטוואַק האָב איך נאָך ביז אַהער דאָס ניט געהערט! עפּשער קענט איר דאָס מיר דער־קלערן?

אויך מוז איך אײַך נאָך זאָגן, אַז איר זאָלט זיך פירן מיט רעב וועל־וועלען פּאָליטיש, דעהײַנע: איר זאָלט אים ניט דאָקוטשען מיט קיין וואָפּראָסן און ניט מישן זיך אין זײַנע געגנט, מאַכמעס ער איז דאָך, צווישן אונדז רייִדנדיק, טאַקע א ביסל מעשוגע... אײַ וואָס ער זאָגט

---

1 קי לעוילאָם כאַסדוי — בוכשטעבלעך: ווײַל אייביק איז זײַן גענאָד.

2 אומישפּאָטימ באַל יעדאָום — בוכשטעבלעך: און געזעצן, וואָס זיי האָבן פון זיי ניט געוווסט.

* א יונגערמאַן, וואָס שרײַבט אָן 2 שורעס — הייסט ער שוין „מעכאַבער"! ניט איין מאָל מאַכט זיך מיר צו פאָרן מיט אַזעלכע „מאַסקילימ", וואָס רעקאָ־מענדירן זיך גלײַך: „אַזעלכער און אַזעלכער, קאָרעספּאָנדענט פון „המליץ", שפּע־טער ווער איך געוואָר, אַז אף זײַן גאַנצן לעבן האָט ער באַשריבן, ווי די באָד איז אָפּגעברענט געוואָרן, אָדער גאָר א מעסירעלע אף דעם אַנדערן מאַסקל. דער רעדאַקטאָר סמאַליעט זיי אפילע אָפּט צו, ווי די טאַראַקאַנעס, און הענגט זיי אַרויס „אף דער וויסטאַווקע"; נאָר דאָס גיט זיי נאָך מער שטאַרקײַט צו הייסן „קאָרעספּאָנדענטן" און „מעכאַברימ".

(באַמ. פון אווט.).

אָפטמאָל זייער גלײַך אונ איבערהויפּט דעם עמעס — דאָס איז בא מיר קיינ קאשע ניט, טאקע ווײַטער דערפאר, וואָס ער איז א שטיקל מעשוגענער...

איך ווינטש אײַך א קסיווע־אוכסימע־טויווע מיט דעם קלאל־יִסראָעל, אפילע די דאָזיקע, וואָס שילטנ מיך אונ קאָרעניענ מיך אונ ווילנ ניט פארשטיינ, אז איך שטעך זיי אמאָל מאכמעס ליבשאפט צו אלע מײַנע ברידער. —

ערעוו ראָשעשאָנע, אָדעס.

# א פארוואלגערט בריוול פונ די איבערגעגעבאפטע בריוו פונ „שאָלעמ-אלייכעמ״

פילגעליבטער הער רעדאקטאָר פונ דעמ
„ייִדישנ פאָלקסבלאט״ אינ פייטערבארג!

היניי קעפּי קאאשער אזוי ווי איכ האָב נאָכ ניט געהאט די ערע צו זײַנ געדרוקט אינ אײַער ליבנ „פאָלקסבלאט״ צווישנ אײַערע ליבע ווערטלעכ מיט די עפּיגראמענ, האגאמ איכ האָב שוינ געשיקט אינ אײַער ליבער רעדאקציע פיל מאָל מײַנע שירימ מיט מײַנע פעליעטאָנענ, מיט א גרויסנ ראָמאנ אינ 4 טייל „די בייזע שוויגער אונ דער ערלעכער איידעמ״, וועלכער איז טאקע א ש פ י ג ל פונ מיר אליינ, מאכמעס איבער מײַנ שוויגער, ימאַכ־שמאָ, האָב איכ זיכ שיר ניט געגעט מיט מײַנ ווײַב, אזוי ווי איכ האָב שוינ עטלעכע מאָל באשריבנ אינ פעליעטאָנ, אונ צומ סאָפ האָב איכ נאָכ ביז אהער ניט געהאט די ערע צו זענ מײַנ נאָמענ געדרוקט אינ אײַער ליבנ „פאָלקסבלאט״, וואָס איז בעעמעס א ש פ י ג ל פאר אונדזערע לײַט, כאָטש איכ בינ פונ טאָמיד אײַערער אנ אבאָנענט אונ שיק אײַכ אלע יאָר 5 רו״כ געלט פאר א גאנצ יאָר אונ סטארע זיכ אלעמאָל פאר אײַער ליבנ „פאָלקסבלאט״, גלייבט מיר, ווי פאר אנ אייגענעמ, מאכמעס אײַער ליבע רעדאקציע איז מיר פאָשעט אײַנגעבאקנ אינ הארצנ, ווי א שוועסטער, אונ פאָסט־מארקעס שיק איכ אײַכ אויכ קימאט אלע וואָכ, נאָר אזויווי איכ האָב הײַנט פארנאכט, ביינמינכע־לעמײַרעוו, באקומענ דעמ לעצטנ נומער „פאָלקסבלאט״ אונ האָב דערזענ צווישנ אײַערע ליבע עפּיגראמענ, וואָס זענענ ווי א ש פ י ג ל פאר אונדזער שטעטל, זייער קלוגע ווערטער, בינ איכ פאָשעט ניווהאָל ווענישטוימעמ געוואָרנ: סטײַטש, דאָס דאָזיקע ווערטל איז דאָכ מײַנ ווערטל! דער קאָרעספּאָנדענט פונעמ דאָזיקנ ווערטל, וואָס כאסמעט זיכ „איקס״, איז א מאָשעניק, א גרויסער מאָשעניק!! ער האָט דאָס בילטי סאָפעק געהערט פונ מיר אינ בעס־

מעדרעש פאַרצווייוואָכן אַף מײַן יאָרצײַט נאָך מײַן ליבן פאָטער ז"ל (געווים געדענקט איר, ליבער רעדאַקטאָר, פון מײַנע פריִערדיקע קאָרעספּאָנדענציעס, אַז יאָרצײַט נאָך מײַן ליבן פאָטער האָב איך י"ז קיסלעוו); דאָס דאָזיקע ווערטל האָב איך געזאָגט שאָלעם־מענאַשע דעם טויבנס פון דער אַלטער קלויז, וועלכער האָט זיך מאָמיד ליב אַרײַנמישן אין יענעמס אסאָקים און צען מאָל איבערפרעגן איין זאַך, אַזוי אַז סע שלאָגט צו דער גאַל, ווי איך האָב אײַך אים שוין פאַרגעשטעלט איינמאָל אין דעם ראָמאַן: „דער נודניק" (אין דער דריטער טייל אַף דעם בלאַט 1891 פון הינטן); ראַק עס קאָן זײַן עפּשער האָט דאָס נאָכדעם שאָלעם־מענאַשע דער טויבער איבערגע־גאַנגען [איבערגעגעבן?] זײַן איידעם יעשײַע־יאָסל, וועלכער איז אויך אַ קאָרעספּאָנדענט פון אײַער ליבן „פאָלקסבלאַט", און וועלכן איר האָט שוין אַ פּאָר מאָל גלײַך אָפּגעענטפערט אין „בריוו־קאַסטן" №11 און №49, אַז ער מאַכט פון פּאַפיר שמאַטעס... דער דאָ־זיקער ענטפער איז מיר שטאַרק געפעלן, און איך האָב אַף אים גע־מאַכט אַ ראָמאַן (אין 2 טייל) אונטער דעם נאָמען: „דער גראָ־טענער איידעם" אָדער דער „פ ו ן פ אַ פּ י ר ש מ אַ ט ע מ אַ כ ע ר", וווּ עס קומט פאָר, וויאַזוי אַ גראָטענער יונגערמאַנטשיק, וואָס הייסט יעשײַע־יאָסל, קומט אָן אין אַ גרויסער שטאָט אַרײַן פאַר אַן איידעם און נעמט אַ ווײַב, וואָס הייסט זלאַטע־מירל און הינקט אַף אַן אויג און האָט אַ בעלמע אַף אַ פּוס (אַזויווי איר ווייסט, אַז מײַן שרײַבן איז איבערהויפּט סאַטירען, לאַכנדיק, לעמאָשל, ווי אײַער ליבער סאַטירישער קאָרעספּאָנדענט „שאָלעם־אַליי‌כעם". אַ פאַר־שלעפּטע קרענק! — ו ע מ ע נ ס א ײ ד ע מ א י ז ע ר? און וויאַזוי איז זײַן רעכטער נאָמען? און ווּ זיצט ער? ? שרײַבט מיר, איך בעט אײַך, זײַן ריכטיקן אַדרעס — איך שיק אײַך 2 מאַרקעס)!!

ווי הײַנט האָבן מיר מיטוואָך אַף דער גאַנצער וועלט, אַזוי וויס איך און בין אײַך אָרעוו, אַז דאָס דאַרף זײַן אָדער רעב שאָלעם־מענאַשע דעם טויבנס אַרבעט אָדער זײַן איידעמס יעשײַע־יאָסל דעם „פון־פאַפירשמאַטעמאַכערס" — ניט אַנדערש! אַלקיין, ליבער רעדאַק־טאָר, בעט איך אײַך, איר זאָלט גיין מיט מיר „במדת היושר" 1, און אַז עס וועט קומען די גליקלעכע צײַט, ווען איר וועט אַרויס־שטעלן די נעמען פון אַלע ווערטלזאָגערס, זאָלט איר ניט פאַרגעסן

1 בעמידאס־היושר — אָרנטלעך, מיט גערעכטיקײַט.

מיכ אויכ דערמאָנענ צו גוטנ; נאָר אזויווי איר ווייסט דאָכ, אז איכ בינ א זנאטשנע מענטש אינ מײַנ שטעטל, קאָנ דאָס מיר באַלײלע שאטנ צו פּאַרנאָסע, דערום זאָלט איר אָפּדרוקנ מײַנ נאָמענ פאַרשטעלט, דאָס הייסט, מע זאָל יאָ וויסנ אונ ניט וויסנ, ווער איכ בינ, אזוי ווי אײַער ליבער קאָרעספּאָנדענט „שאָלעמ־אַלייכעמ“, וועלכער פאַרשטעלט זײַנ רעכטנ נאָמענ אונ פונדעסטוועגנ ווייסנ מיר דאָכ אלע, אז דאָס איז „שאָלעמ־אַלייכעמ“... דעהײַנע, איר זאָלט אָפּדרוקנ בעזע־האַלאָשנ:

„דער עמעסער פּאַרפּאַסער פונעמ ווערטל № 13 צווישנ די עפּיגראַמענ איז אונדזער שטענדיקער אבאָנענט אונ קאָרעספּאָנדענט א לײַטישער יונגערמאַנ פונ א שיינער מישפּאָכע, וועלכער פאַרשטייט העברעיש, קאָנ רעכט זשאַרגאָנ, לייענט שוינ א רוסישע בלאַט, שרײַבט גאַנצ אָפּט אינ די גאַזעטנ (וועלכעס מע האָט נאָכ לייס־אַטע ניט געדרוקט) אונ איז א געוויסער איידעמ בא [א] פײַנעמ נאָגיד, וואָס האָט אנ אייגנ הויז אונ האַלט די טאַקסע שוינ 12 יאָר, אונ ער, דער קאָרעספּאָנדענט אַליינ, דאַוונט אינ דעמ נײַעמ בעסמעדרעש די פערטע שטאָט אינ שפּיגלבאַנק, אקעגנ אָרנ־קוידעש קימאַט, אונ טראָגט אנ „אַטאָרע“ אפנ טאַלעס, נאָר זײַנ רעכטער נאָמענ איז גוט באַקאַנט אינ דער רעדאַקציע פונ לאַנגע צײַטנ. מ. מ. ב. מ. מ. ל. הל׳ מק׳ ק. ק. נמס. ל. ב. וול. (דאָס הייסט „מענאַכעמ־מענדל בענ מײערמאָרדכע לעווויט האַלייווי מק״ק קאָרסענ קיעווער גובערניע סמוך לעיר[1] באָסלאַוו וואָליסיענקע“)...

לעמאַנ־האַשעמ! לעמאַנ־האַשעמ! אזוי זאָל שוינ בלײַבנ אפ טאָמיד מײַנ נאָמענ אינ אײַער ליבנ „פאָלקסבלאַט“, אונ איכ וועל אײַכ דערפאַר אָפּצאָלנ מיט גרויס דאַנק מיט א קאָרעספּאָנדענציע פונ די היגע שאָכטימ, מיט א שיר אפ רעב מוישע מאָנטיפּוירעס טויט (זצ״ל) אונ מיט א פעליעטאָנ אפ די היגע קאַצאָווימ מיט די היגע פּראָצענטניקעס אונ עפּשער טאַקע מיט א ראָמאַנ אויכ צו אײַער בײַלאַגע, מאַכמעס בא אונדז אינ קאָרסענ אונ איבערהויפּט אינ ליסיענקע אונ אינ באָהוסלאַוו איז שוינ נימעס געוואָרנ צו לייענענ די ראָמאַנענ מיט די פעליעטאָנענ פונ „שאָלעמ־אַלייכעמ“... עס איז דאָ בא מיר אינ קאָפּ מאַטריאַל, פּיל שענער אונ בעסער פאַר אײַכ, אפ צוויי יאָר, אכוצ די אַלע קאָרעספּאָנדענציעס, וואָס איכ האָב אײַכ ביז אהער ארויסגעשיקט! איכ בעט אײַכ, ליבסטער רעדאַקטאָר, אָפּדרוקנ מײַנ נאָמענ

1 סאָמוכ לעיר — נאָענט צו דער שטאָט.

אפ דעם ווערטל №13, ווערכם וואקסט פון מיר און ניט פון קיינעם— איך זאָל אזוי זײַן געזונט!!!..

פון מיר מענאכעם־מענדל,
וואָס פאַרנעמט זיך מיט הענדל,
אײַער אבאָנענט
און שטענדיקער קאָרעספּאָנדענט,
דער ראָמאַן־שרײַבער,
צום מיינסטן פאר ווײַבער,
און אמאָל א פעליעטאָן,
ווען סע קומט אים אָן,
ער האָט א שלאק א שוויגער,
און איז פאָרט א היגער...

P. S. איקער שאָקאכטי! געדענקט איר, געדענקט איר, געדענקט איר, ליבער רעדאַקטאָר, וואָס איך האָב אײַך געשריבן פאראיאָרן נאָך שוועס אין א קאָרעספּאָנדענציע פון אונדזער שיינעם גוויר H. H.? קאָן איך אײַך יעצט אָנזאָגן א בסורע, אז די ארענדע האָט מען שוין בא אים באָ־רעב־האשעם צוגענומען, און זײַן עלטערע טאָכטער, וועלכע קומט פאָר אין איינעם פון מײַנע ראָמאַנען אונטער דעם נאָמען „ריזעלע", האָט שוין דאַנקען גאָט אָנגעטאָן א פארוק אפן קאָפ און וויל שוין מער ניט שפּאצירן מיט אונדזערע פײַנע באָכערים אין גאָרטן זייגער 12 באנאכט. ווייסט איר זשע איבער וואָס? אנו טרעפט! — איר זענט זיך יאָ א קלוגער!.. גאם איך קאָן אײַך מודיע זײַן, אז פון אונדזער שטעטל וועט איר שוין באלד באקומען, דאכט זיך, נאָך אַן אבאָנענט אפ אײַער ליבן „פאָלקסבלאט"; ווער דער אבאָנענט איז, וועל איך אײַך שוין שרײַבן אין דעם צווייטן בריוו. נאָר לייס־אטע בעט איך בא אײַך, איר זאָלט זײַן אזוי גוט און ארויסשיקן מיר מײַן בריוו פון פאראיאָרן לאגבוימער, מאכמעס די בריוו איז מיר זייער נייטיק! גאם שרײַבט מיר באזונדער אין א בריוו אקוראט, וואָס הערט זיך עפּעס בא אײַך אין פּיטערבארג מיקויעכ מילכאָמע, מאכמעס פון דער בלאט קאָן איך אקוראט ניט פארשטיין, און מיר איז דאָס שטארק נויגייע אין מײַן געשעפט: מײַן מיסכער איז פּראָסע, נאָר פּראָסע; איז דאָס פאר מיר א וואזשנער פונקט! גאם אוואקייש שרײַבן מיר, צי גייט בא אײַך רעגנס און וואָס זאָגט עפּעס די וועלט אפ הײַנטיקע פּראווילעס מיט דער נײַער פּאָלאָזשעניע? גלייבט מיר, איך וואָלט זיך שוין לאנג דורכגעפאָרן צו אײַך, מאכמעס זינט איך לייען אײַער ליבן „פאָלקס־

בלאט", ציט עס מיך קעסיידער צו אײַך — איך קאָן דאָס אײַך אַזוי־פיל ניט ארויסשרײַבן!..

פון מיר מענאכעם־מענדל.

P.P.S. יאָ! זאָגט מיר נאָר, הער רעדאקטאָר! וואָס איז מיט אײַך די מײַסע, וואָס איר שיקט אַזעלכע קליינינטשקע ביכעלעך בײַלאַגע צום „פאָלקסבלאַט"? וואָס זשאַלעוועט איר פּאַפּיר? א דרוק האָט איר באַרעכ־האַשעם אַן איינענע! ראָמאַנען קאָנט איר באַקומען, וויפל איר ווילט! סע רײַסט פּאַשעט דאָס האַרץ; סע קאָסט מיך 5 קאַרבן א יאָר, און זינט איך לייען אײַער „בלאַט", האָב איך אײַך שוין איבער־געצאָלט מער פון 30 קערבלעך! היינט רעכנט צו פּראָצענט, און פּראָ־צענט דעפּראָצענט!! מע זאָגט בא אונדז אין שטעטל, אַז סע איז א סוואָרע, אַז איר האָט שוין צונויפגעקליבן א היפּשע קאָפּיקע פון אונ־דזערע קערבלעך פון ייִדיש בלוט... און לעסאָפּ זשאַלעוועט איר אַן איבעריקן בויגן פּאַפּיר, און „שאָלעם־אַלייכעמ" איז בא אײַך א גאַנ־צער מאַכער! מיר דאַכט, עס וואָלט א סאַך מער יוישער געווען, איר זאָלט יעדע וואָך געבן אַן אַנדער ווערק פון יעדער שטאָט, קעדיי אַלע זאָלן זײַן געדרוקט אין דער בלאַט, וואָס עס קאָסט יעדן בלוט... אַפּי־לע אין „בריווקאַסטן" איז אויך זעלטן, אַז מע זאָל קאָנען באַטש אַהין פּאָפּאַדען, און אין יעדן בלאַט שרײַט איר נאָ־גוואַלד: „שיקט געלט!" — דרוקט אונדז, וועלן מיר אײַך שיקן געלט!.. האָט קיין פּאַריבל ניט, ליבער הער רעדאקטאָר: עס איז מיר שוין דערגאַנגען צום האַרצן, וואָס זינט איך שרײַב צו אײַך — שוין דאָס זיבעטע יאָר — האָב איך נאָך מײַן נאָמען נישט באַגעגנט; סע איז א פּאַרדראָסי־קע זאַך, כ'לעבן, א פּאַרדראָסיקע זאַך!..

פון מיר אײַער מענאכעם־מענדל.
ריכטיק: שאָלעם־אַלייכעם.

# פונ וויטע מערינעס

געבענטשט אונ געלויבט זאָל זײַנ דער ליבער נאָמענ פונעם בורא שמים[1], וואָס ער פּאַרלאָזט נישט מיט זײַנ גרויס גענאָד אַפילע קיינ מילב, וואָס קריכט ארומ אינ זאַמד, אַפילע קיינ ווערעמל, וואָס פויזעט ערגעצ אינ דער פינצטער, וואָס ער האָט מיכ אויכ נישט פאַרלאָזט אונ פאַרלאָזט מיכ נישט אינ דער פרעמד, אינ דעמ וויַיטנ לאַנד, אינ דעמ באַרימטנ קארלסבאד, ווו עס פאָרנ זיכ צונויפ צענער טויזנטער קראַנקע אונ געזונטע, אָרעמע אונ רײַכע, גליקלעכע אונ אומגליקלעכע, מענטשנ פונ אַלע אַרבע פנות העולם[2], פונ גאַנצ אייראָפּע, פונ אַזיע, אַפריקע, אַמעריקע, אַפילע פונ קאַליבאַלאָד, פונ אַיישישאָק, שניפּישאָק, סטעפּעניצ, קאָמיסנילעווקע, טאַלעלײַעווקע, יאָזעפיווקע אונ הריבענקע — אַלע זענענ דאָ! אַלע גייענ אינ זעלטענעמ אָרדענונג מיט די קויסעס אינ די הענט, אונ מע שעפּט די ווונדערלעכע היילזאַמע זודיקע וואַסער פונ די באַרימטע קוואַלנ אונ מע טרינקט מיט פאַרגעניגנ אונטער דעמ אַקאָמפּאַנימענט פונ א שיינער מוזיק פראַנק־און־פריַי, אַלע גלײַכ אָנ א שומ אונטערשייד צווישנ א קאָרענאָי ביז ניט א קאָרענאָי, אונ ווי דערפרייט איז מײַנ הארצ, ווענ איכ זע נעבנ א גרויסאַרטיקנ פירשט שטייט אנ ,,אַטאַרבעכאַרטאָנוניק'' אונ מאַכט א בראָכע „שהכל ניהיה בדברו''[3] גאַנצ איינפאַכ, אַזוי אַז עס סטועסניאיעט אימ נישט, וואָס בא דער זײַט שטייט נעבנ אימ אַנ ,,ערל'', אונ דעמ ערל דעמ פירשט פאַרדריסט נישט, וואָס דער דאָזיקער זשיד טרינקט גלײַכ מיט אימ פונ איינ קוועלע... פאַר דאָס דאָזיקע אונ נאָכ אַזעלכע בילדער, וואָס איכ זע דאָ אַפ יעדנ טריט, דאַנק איכ אונ לויב דעמ לעבעדיקנ גאָט, וואָס ער איז מעקאַרעוו

1 בוירע־שאָמאַיִמ — דער באַשעפער פונעמ הימל (גאָט).

2 אַרבאַ פּינויס האָוילאָמ — פיר זײַטנ (ווינקלענ) פונ דער וועלט.

3 שעהאַקל ניהיע בידוואָרוי — א בראָכע אַפ וואַסער אונ אַפ אַנדערע מינימ געטראַנקענ אונ עסנוואַרג.

די געוּלע, און עס פרייט מיכ, וואָס עס קומענ שוינ די מאָשינעכס־
צייטנ, אפ וועלכע יעשייע־האנאָווי אָלעוו־האשאָלעמ האָט געטאָנ זאָגנ:
„און עס וועט זיכ פאסענ א וואָלפ מיט א שעפעלע" און זאָ וויטער...
פונעמ דאָזיקנ לאנד וויל איכ א ביסל שמועסנ מיט מיינע ליבסטע
לעזער, וועלכע האָבנ זיכ שוינ געווים פארבענקט נאָכ מיר (א הארצ
איז א זייגער...), נאָר ביז איכ וועל צונויפשטעלנ די בילדער אינ
אָרדענונג, וועלכעס פאָדערט א ווייניק צייט, וועלנ מיר א ביסל רעדנ
מיקויעכ אונדזערע געשעפטנ דאָרט, אינ אונדזער ליבנ פאָטערלאנד,
פונ וועלכנ איכ האָב דאָס פארגעניגנ אָפצונעמענ טייערע און זיסע
גריסנ פונ מיינע ליבע ברידער און שוועסטער דורכ אונדזער איינצי־
קעס פאָלקסצייטונג („יוד. פאָלקסבלאט"), אינ וועלכנ מע דערמאָנט
מיכ, ווער צו גוטנ און ווער צו בייזנ. די דאָזיקע גריסנ זענענ בא מיר
דאָ, אינ דער פרעמד, שרעקלעכ אָנגעלייגט, האגאַמ מע טוט מיכ אָפט־
מאָל א שטאָכ בעקיוונ אָדער אומגערנ, צומ ביישפּיל, ווי איינער א
מאסקל פונ א שטעטל אינ דער ליטע. רעדנדיק אינ זיינ קאָרעספּאָנדענ־
ציע וועגנ זיינע בילדער, זאָגט ער צו די געערטע לעזער פונעמ יִדישנ
„פ"ב", אז זיינע בילדער וועלנ זיינ עמעסע „בילדער", ניט אזעלכע
„בילדער", ווי די „בילדער" פונ דער בארדיטשעווער גאס פונ שאָלעמ־
אלייכעמ (יִמאכ שמוי וועזיכרוי!), וועלכער מאכט נאָר לעצאָנעס
אינ זיינע „בילדער" און נישט מער. אָבער ער, דער דאָזיקער קאָרעספּאָנ־
דענט, וועט געבנ „בילדער", טאקע „בילדער", וואָס „בילדער" הייסט,
אזוי ווי עס דארפ צו זיינ „בילדער", אזוו... לייענענדיק א מאָל צוואנציק
דאָס וואָרט בילדער, האָב איכ זיכ דערמאָנט אָנ דעמ געווינ „פעלצ",
איבער וועלכנ צוויי יִדנ האָבנ אמאָל געהאט א גאנצ לאנגנ שמועס
אינ א בריוו: „און וואָס דו שרייבסט מיר מיקויעכ מיינ פעלצ, איז
מיר א פּלִיע, וואָס דו ווייסט נישט, אז מיינ פעלצ איז ניט אזא פעלצ,
ווי אלע פעלצנ; מיינ פעלצ איז טאקע בעעמעס א פעלצ, נאָר ניט אזא
פעלצ, ווי עס דארפ זיינ א פעלצ; דאָס איז אזא מינ פעלצ, אז צווישנ
טויזנט פעלצנ וועסטו אזא פעלצ נישט באקומענ, מאכמעס מיינ פעלצ איז
פונ פעלצנלאנד א פעלצ אזוו. אזוו..." נאָר פאר דעמ סגנון הלשון[1]
האָב איכ צומ קאָרעספּאָנדענט קלאל אוקלאל נישט; ער וועט שרייבנ
אזוי לאנג, ביז ער וועט זיכ „אויסשרייבנ"; עס וווּנדערט מיכ נאָר
דאָס, וואָס ער האָט אינ אלע בילדער פונ שאָלעמ־אלייכעמ גע־

---

1 סיגנענ־האלאָשנ — שפּראַך־סטיל.

פונענ נאָר „לעצאָנעס״ — אונ נישט מער. דערופ טוט קלאָגנ מײַנ הארצ, אונ מײַנע געדערימ טוענ ברומענ אפ מיר, וואָס מײַנ דאָר טומ מיכ נישט פארשטײנ אונ זעט נישט די טרערנ אפ מײַנע אויגנ, ווענ איכ לאַכ, אונ פילט נישט מײַנע שמערצנ, וואָס איכ טראָג טיפ־טיפ אינ הארצנ, נאָר פארבאָרגנ, גוט באהאלטנ אונטער א ווערטל, אונטער א שמייכעלע, א קאטאָוועסל אדגל. — מאכמעס וואָס? מאכמעס דער רעבע האָט געהייסנ

פריילעכ זײַנ
אונ טרינקענ ווײַנ
ביזנ ווײַסנ טאָג ארײַנ!!!!!

נאָכ מער אנ אָנגעלייגטנ געדרוס האָב איכ אָפגענומענ פונ „בנ־אבצנ״ דורכ זײַנ שײנעמ פעליעטאָנ אינ №... „יוד. פאָלקסבלאט״, ווענ צוויי באקאנטע ווײַבער (ראסיע אונ דוואָסיע, דאכט מיר?) שמועסנ זיכ אויס וועגנ דעמ שלימאזל ש אָ ל ע מ־א ל יי כ ע מ... געלויבט ביסטו גאָט אונ ווייל איז צו מיר, אז מײַנע „ש פ י ל״ זענענ שוינ ארײַנ אינ דער „שול־גאס״ אונ ראסיע מיט דוואָסיענ זענענ מײַנע רעצענזענטנ, מײַנע קריטיקער! עס פארדריסט מיכ נאָר, וואָס דער דאָזיקער היפשער פעליעטאָניסט איז אראָפ פונעמ וועג, אפ וועלכנ ער האָט זיכ מיט זײַנ געלונגענעמ פעליעטאָנ באוויזנ, אונ איז מיט זײַנע צוויי „יאכנעס״ פארקראָכנ דער רועכ ווייסט וווהינ; זיי האָבנ אָנגעהויבנ צו שפרעכנ וועגנ שאָלעמ־אליכעמס ווערק אונ זענענ ארופ אפ שאָלעמ־אליכעמענ גופע, גלײַכ ווי דער שרײַבער איז דער איקער, ניט דאָס, וואָס ער שרײַבט. עס איז שוינ אָבער באָרעכ־האשעמ אזוי אײַנגעפירט בא אונדז, אז אונדזער פובליקומ אינטערעסירט דער אקטיאָר גופע א סאַכ מער, ווי די סצענע מיט דער גאנצער שפיל, אונ איכ וועל קיינמאָל ניט פארגעסנ, וויאזוי עטלעכע יונגלײַט האָבנ מיכ דערזענ אינ א קליינ שטעטל פלוצלעמ אונ זענענ געוואָר געוואָרנ, אז דאָס בינ איכ, דער שאָלעמ־אליכעמ, זענענ זיי געקומענ מיר אקעגנ, דאָס הייסט מיט זייערע נעזער גלײַכ צו מיר אינ פּאָנעמ ארײַנ, אונ האָבנ אויסגעשאָסנ אלע צוזאמענ מיט א געלעכטער מיט די דאָזיקע ווערטער:

— טו א קוק — אָט דאָס איז ער?!? — כא־כא־כא!..

איכ שטעל מיר פאָר דאָס איבעראשונג פונ בנ־אבצנ׳ס צוויי אינטערעסנע ווײַבער, וועלכע זענענ אזוי נײַגיריק צו וויסנ מײַנע סעמייגע אומשטענדע, מײַנ זאקוליסנע לעבנ, ווענ די דאָזיקע צוויי ווײַבער (ראסיע מיט דוואָסיענ) זאָלנ מיכ פלוצלעמ דערזענ, אז איכ גיי „נישט״

ארומ פונ שטוב צו שטוב מיט מײַנע ביכלעכ אונ בינ „נישט" קיינ פארשלעפטע קרענק, קיינ באדכנ, קיינ גראמ־זאָגער, קיינ מאיאסעניק, ווי עס מאָלט זיכ זיי אויס... נאָר איכ בינ פאָרט צופרידנ, זייער צופרידנ, וואָס מײַנע „שפיל" קומענ אָנ צו ראסיענ מיט דוואָסיענ אינ די הענט ארײַנ, אונ כאָטש א מאָל שאבעס נאָכנ טיש ארײַנקוקנ אינ א ייִדיש ביכל ארײַנ אונ ניט פארנעמענ זיכ מיט רעכילעס אָדער לייענענ א באָווע־מײַסע פונ א בענ־מעלעכ מיט א באס־מאלקע, פונ א מעלאמעד, וואָס איז געוואָרנ א באנקיר, אונ פונ א מעשאָרעס א לאָרד אונ פונ נאָכ אזעלכע ווונדערלעכע ווילדע „פאנטאזיעס", וועלכע קומענ פאר לעראָוו. אינ די גראָבע „עכטראינטערעסאנטע ראָמאנענ אינ 4 טייל, מיט אנ עפילאָג אונ מיט א שיר" אונ מיט א „נאָכדרוק שטרענג פארבאָטנ"...

מיט איינעמ וואָרט, די קריטיק — דאָס איז פאר אונדז, מעכאבריִמ, א טײַערער באלזאמ, דער בעסטער רעצעפט, א מינ „אָפּפּירעכטס" פאר דעמ שרײַבער, ווענ ער באקומט א ראסטראָיסטווע (ניט אינ מאָגנ) אינ קאָפ, אונ היט נישט אָפ דאָס דיעט פונ דער ליטעראטור. אָרעמ איז די ליטעראטור, וועלכע האָט נאָכ ניט קיינ קריטיק, אונ געבענטשט איז דער מעכאבער, איבער וועלכנ עס באווײַזט זיכ, כאָטש אמאָל אינ א שמיטע, א רעצענזיע; ניט אזוי ווי אונדזער באריממטער „ראָמאנמאכער" שאָמער, וועלכער האָט זיכ געפונענ באלײַדיקט דאמיט, וואָס דער טאלאנטפולער הער קריטיקוס (לאנג לעבנ זאָל ער!) האָט אינ דעמ רוסישנ זשורנאל „וואָסכאָד" געגעבנ א גאנצ היפשע רעצענזיע אפ די „עכט־אינטערעסאנטע ראָמאנענ" פונ שאָמער, אונ נאָכ מער האָט זיכ אונדזער גאָנטשאראָוו (צו וועלכנ ה' שאָמער וויל זיכ גלײַכנ, להבדיל באלף אלפי הבדלות[1]!) צעבייזערט אפ דעמ ייִדישנ גאזלענ (דאָס איז א רויצייעכ!), וואָס ער האָט געהאָט א האָזע איבערצוזעצנ אינ „ייִד. פאָלקסבלאט" די קריטיק פונ ה' קריטיקוס. עס געפעלט מיר נאָר דאָס, וואָס אונדזער גאָנטשאראָוו וויל אונדז אײַנרעדנ, אז נאָר פאר קינע האָבנ אימ באפאלנ (נעבעכ!) קריטיקוס מיטנ ייִדישנ גאזלענ, וועלכע זענענ נויגייע ה' שאָמערנ אינ פארנאָסע מיסטאמע, אָדער עס פארדריסט זיי, וואָס שאָמער האָט זיכ געקויפט „אזא" נאָמענ אינ דער ליטעראַרישער וועלט מיט זײַנע ווונדערלעכע „סיפורע־מײַסעס", וועלכע ער (שאָמער) האָט זיי א נאָ־

[1] לעהאוודל בעעלעפ אלפיי האוודאָלויס — צומ אונטערשיידנ מיט טויזנטער צווישנשיידנ (א צושפרוכ פאר זאכנ, דערשײַנונגענ, וואָס קאָנענ צווישנ זיכ ניט פארגליכנ ווערנ).

מענ געגעבנ ראָמאַנענ (איכ ווייס ניט, פאַרוואָס?). מיר קאָנענ נאָר דאַמיט טרייסטנ דעמ אומשולדיקנ שאָמער, וועלכער האָט זיכ צוגערוקט גאַנצ נאָענט צו דעמ געוויסנ רוסישנ שריפטשטעלער גאָנטשאַראָוו (לעהאַוודל), אַז ניט נאָר גאָנטשאַראָוו, אַפילע ט ו ר ג ע נ י ע וו, וועלכער איז קימאַט אַזוי פיל גרעסער פונ גאָנטשאַראָוונ, ווי גאָנטשאַראָוו פונ שאָמערנ (לעהאַוודל), אַז דער דאָזיקער גרויסער טורגעניעוו האָט געהאַט אַמאָל אויכ אַזאַ ביזאָיענ פונ דעמ קריטיקער באַראָנ בראַמבעוס, ווי הער שאָמער האָט געהאַט פונ ה׳ קריטיקוס אונ פונעמ ייִדישנ גאַזלענ; נאָר דער אונטערשייד צווישנ טורגעניעוונ אונ צווישנ שאָמערנ (לעהאַוודל) איז דאָס, וואָס טורגעניעוו איז ניט אָנגעפאַלנ אַפ זײַנ רעצענזענט, אַז ער מיינט אימ שטערנ אינ פאַרנאָסע, אָדער מע איז אימ מעקאַנע. ניינ, טורגעניעוו האָט אײַנגעשלונגענ די דאָזיקע ביטערע רעפוע שטילערהייט אונ האָט זיכ געגעבנ אַ וואָרט מיט דער צײַט אויסצובעסערנ זײַנ טאַלאַנט אונ האָט זײַנ וואָרט, ווי עס איז באַוווּסט, אויסגעהאַלטנ. דעמ זעלבנ „סקאַנדאַל" האָט געהאַט דער גרויסער ש ט ש ע ד ר י נ פונ פ י ס אַ ר ע וו נ. נאָר מיר ייִדנ זענענ אָבער ניט גלײַכ צו די גויִימ, אונ אונדזער ייִדישער גאָנטשאַראָוו (איכ מיינ שאָמער, לעהאַוודל) איז ניט גלײַכ צו טורגעניעוונ אונ צו שטשעדרינענ; אונדזער „ראָמאַנמאַכער" האָט זיכ אַרײַנגעכאַפּט אינ דער זשאַרגאָנ־ליטעראַטור אינ אַ גוטער צײַט, ווענ דער זשאַרגאָנ איז נאָכ געווענ גאַנצ יונג אונ האָט נאָכ ניט געהאַט קיינ אייגנ בלאַט; עס ווײַזט אויס, אַז עס איז אימ געווענ ביז אַהער גאַנצ וואַרעמ, אונ ער האָט זיכ געפילט גאַנצ באַקוועמ, אונ דעריבער איז גאָר קיינ וווּנדער נישט, וואָס ה׳ שאָמער שרײַט נאַ־גוואַלד: „טשעפעט מיכ ניט, דאָס איז מײַנ כאַזאָקע!" עס איז גאַנצ לײַכט צו גלייבנ, וואָס אַ מויכער־ספאָרימ פונ אַ ייִדיישער שטאָט האָט מיר ניט לאַנג אינ דער הייִמ דערציילט, וויאַזוי ער באַקומט די דאָזיקע „עכט־אינטערעסאַנטנע ראָמאַנענ" פונ איינעמ פונ די דאָזיקע „ראָמאַנענמאַכערס":

— גוט־מאָרגנ, הער פונ פאַפיר שמאַטעמאַכער!

— גוט־יאָר, רעב מוישע־מאָרדכע! וואָס וועט איר זאָגנ גוטס?

— אַ נײַעמ ראָמאַנ וואָלט איכ יעצט געקויפט.

— אינ וויפל טייל ווילט איר?

— אינ 6 טייל מיט אַ שיינעמ אויסלאָז.

— רעכט; אַפ וואָס פאַר אַנ אַרט?

— אַזוי... עפּעס אַ... אַ ווייַנענדיקס... מיט אַ ליבע... מיט אַ פאַרדאָרבענעמ כאַראַקטער... מיט... מיט...

—אַ? איכ ווייס שוינ, וואָס איר מיינט; וואָס פאר א נאָמענ זאָל ער האָבנ?

— וואָס פאר א נאָמענ?.. עפּעס א גרויסע יערושע... א שווארצער טויט... א... א... א.:. א.:. (דאָס איבעריקע דערמאכט ער מיט די פינגער).

— גוט, גוט, וואָס וועט איר געבנ?

— אויב זעקס טייל מיט א גרויסנ אויסלאָז אונ דרײַסיק בויגנ אונ ניט שפּעטער ווי אינ צוויי וואָכנ — וועל איכ אײַכ געבנ 18 רובל... ח״י 1... איר פארשטייט?..

. . . . . . . . . . . . . . .

בידנע, בידנע זשארגאָנ! עס מוז נאָכ געדויערנ א קליינע ווײַלע, ביז מע וועט ארויסרייכערנ אָט דעמ דאָזיקנ דוכ פונ אונדזער יונגער ליטעראטור. נאָר ניט מיט גוואלד וועט מענ קאָנענ ארויסטרײַבנ אָט די דאָזיקע פונ פאפירשמאטעמאכערס; זיי וועלנ מיט דער צײַט אימ־ירצע־השעמ אליינ איינציקווײַז ארויסטרעטנ שטיל, אָנ געפילדער, אונ עס וועט אופשטיינ א נײַע ערע אפ אונדזער פיל־גוצלעכנ זשארגאָנ, ווען עס איז באשערט, ווי עס ווײַזט אויס, צו שפּילנ א גאנצ גרויסע ראָליע אינ דעמ יידישנ לעבנ אינ יעצטיקע שווערע ביטערע צײַטנ...

איכ בעט פארצײַונג פונ מײַנע ליבסטע לעזער, וואָס איכ האָב זיכ א ביסל פארעדט, אונ לייג אָפּ מײַנע בילדער פונ דעמ יידישנ לעבנ דאָ, אינ אויסלאנד, אפ דעמ צווייטנ בריוו; אונ ווײַל מיר האָבנ בעקאבאָלע פונעמ אלטנ, זיכרוינע־ליווראָכע, אז דער רעבע האָט געהייסנ פריילעכ זײַנ אזוי....

דערומ וועל איכ זיכ צעטיילנ מיט מײַנע לעזער מיט איינעקע שיינע דיכטונגענ פונ צוויי בארימטע פּאָעטנ (פונ מײַנע „איבערגעכאפּטע בריוו”), וועלכע האָבנ ניט פארגעסנ אָנ מיר אינ דער פרעמד אונ האָבנ מיר ליבלעכ צוגעשיקט זייערע פערזנ אהער קיינ קארלסבאד, פונ דער שטאָט לובענ אונ פונ דער שטאָט באָהוסלאוו... אָ, באָהוסלאוו! באָהוס־לאוו! דו שיינע, טײַערע, ערלעכע שטאָט! ווענ איכ רעד פונ דיר, טו איכ דיכ דערמאָנענ צו גוטנ, על כן המו מעי לך[2] אזוי. א גאנצ שיינע מײַסע שרײַבט מענ מיר פונ דער דאָזיקער ליבנסווירדיקע שטאָט באָהוסלאוו; זייער א שיינע מײַסע! צוויי יידנ האָבנ געהאט א לאָדעניש, זענענ זיי געקומענ צומ ראוו אפ א דינ־טוירע. נו, דאכט זיכ, איז זייער פײַנ, אז

1 כײַ.

2 אל קיינ האָמו מעיי לאָכ — געמיינט: דעריבער בינ איכ אומ־רויִק פאר דיר.

ייִדן קומען צו א ראָוו זיך לאָדן; מאכטייסע, פאַרוואָס דען ניט? נאָר ניין; במה דברים אמורים [1] ווען זענען די רייד געזאָגט געוואָרן? ווען מע שמועסט סטאם פון א שטאָט, אָבער ניט ווען באָהוסלאוו; באָהוסלאוו איז אָפּגעזונדערט פון דער גאנצער וועלט און האָט זיך אירע אייגענע מינהאָגים. אין דער דאָזיקער שטאָט, אז עס שטארבט א גוויר און לאָזט איבער זײַן גאנצ פארמעגן אף „אוילעמעס”, בלײַבט דאָס גאנצע געלט ליגן ערגעץ גאנצ טיף און עס ליגט עד שיבא אליהו [2]... אין דער דאָזיקער הייליקער שטאָט, אז עס שטארבט א גוויר און זײַנע יאָרשים ווילן זיך ניט צעטיילן מיט עטלעכע קאָהאָלשע שי־קורים מיט דער יערושע, האלט מען אים אָפּ דרײַ טאָג בעלוי קווורע און מע טוט אים אָן אזעלכע ביזיוינעס, וואָס די האָר שטעלן זיך קאפויר, אז מע הערט אזעלכעס צווישן ייִדן, ראכמאָנים בניי ראכמאָנים... אין דער דאָזיקער אויסגעצייכנטער שטאָט באָהוסלאוו, אין וועלכער... נאָר איך בין שוין ווידער אראָפּ פונעם וועג? — אלזאָ, אז די צוויי ייִדן זענען געקומען צום ראָוו מיט א דין־טוירע, האָט מיסטאמע איינער געוווּנען דעם מישפּעט און דער צווייטער האָט אָנגעוואָרן. וואָס זשע האָט ער געטאָן? איז ער געקומען אף מאָרגן צום ראָוו מיט זײַן בעוורע (יעדער באָהוסלאווער האָט זיך זײַן בעוורע), און מע האָט דעם ראָוו גענומען צום שלאָגן און מע האָט אים געמיימעסט, געהאַר־געט מאקעס־רעצעך... אף וויפל די דאָזיקע מײַסע איז עמעס, לייג איך ארופ אף מײַן קאָרעספּאָנדענט; נאָר אף באָהוסלאוו איז אזעלכס צו גלייבן.

אצינד וועלן מיר זיך נעמען צו מײַן באָהוסלאווער פּאָעט, וועלכער באסמעט זיך (ל״א) [3] מיט א ספּאָדעק און בעט זײַן נאָמען פארבאָרגן (און טוט גאנצ קלוג, מאכמעס מע קאָן אים אָפּצאָלן מיט קלעפּ, אזוי ווי דעם ראָוו פארן מישפּעט...):

בא אונדז אין באָהוסלאוו פירט זיך אָן טאָלק,
מעשטשאנעס, קופּציעס — אלע איין פאָלק;
פון יעדן שטאנד, פון יעדן גראד
קלײַבט מען אויס א דעפּוטאט,
און זיי גיט מען א פּראווע

1 באמע דוואָרים אמורים.

2 אד שעיאָווּוי איילײַיאָהו — ביז עליִיאָהו (האנאָווי) וועט קו־מען (געמיינט: קיינמאָל ניט).

3 לא — לוי: ניט.

צו קלײַבן א טשלענ אופראווע.
דער לײב װיל זײַנ — ער איז א שרײַער,
דער הונט זאָגט — איך בינ געטרײַער,
די בעהיימעס מעקענ — עס דולט דער קאָפּ,
די שעפּעלעך שטייענ — כאָטש שער זיי אָפּ.
זיי גייענ אַלע מיט געזאַנג, —
סטאַראָסטע איז געוואָרנ די שוואַרצע שלאַנג;
דעם צווייטנ טאָג האָט מענ זיך באַטראַכט
אונ מע האָט דעם כאָבעם, דעם אייזל געמאכט;
די בעהיימעס האָבנ געוואָלט דעם אָקס—איז ער א קופּעצ,
אונ דער ביק איז גלאַט א פּאָדליעצ;
די שאָפּ האָבנ גענומענ דעם צאַפּ דעם סקאָרענ,
די ציגנ האָבנ גענומענ א ציג אָנ א האָרענ (ביכדיי עס זאָל
זיך גראַמענ?

(שאָלעמ-אַלייכעמ).

נאָר פונ די צוויי איז בא זיי געבליבנ —
מע האָט די פּיאַווקע אויסגעקליבנ... אַזוי... אַזוי ...

אָט דאָס הייסט: „איינעם גיט גאָט גאָר-אונ דעם צווייטנ גאָרניט";
באָהוסלאַוו איז אָנ אָרץ מבורכת 1, זי גיט אַרוים אַפילע פּאָעטנ אויך
זעלטענע. אינ אַלע יודישע שטעטלעך (ווי, לעמאָשל, אינ ווילקאָמיר),
ווענ מע שרײַבט א דאַנאָס, נעמט מענ פּאָשעט א בויגנ פּאַפּיר פּאַר א
גראָשנ אונ מע שרײַבט אָנ א דאַנאָס אונ גענוג; אינ באָהוסלאַוו אָבער
גיט מענ דאָס אַרוים פּאָעטיש, אינ גראַמענ, אויסגעצייכנט שיינ, א
מעכײַע־נעפּאָשעס!..

ניט אַזא סקעפּטיק איז אָבער מײַנ לובענער פּאָעט, גאַמליעל-בענ-
פּעדאָצור; דער דאָזיקער איז א פרייליכער יונגאַטש, דאָס, וואָס מע
רופט אָנ בא אונדז „א מאַמזער־יונג", א מינ פּושקינ (לעהאַוודל).
ער הייבט אָנ אַזוי:

איך האָב שוינ געפּויעלט בא מײַנ מאַמענ,
זי ערלויבט מיר שוינ צו האַלטנ עקזאַמענ;
אָבער פּרזער פּלעגט זי מיר מעשאַיענ
אונ פּלעגט אָפּ דעם טאַטנ שרײַענ:
א צאָרע דיר אינ פּאָנעם

1 ערעצ מעווירעכעס — א געבענטשט לאַנד.

מיט דײַנ זונ דעמ מעשומעד,
אזא יאָר אונדזערע סאָנימ
מיט זײַנ שיינעמ לימעד!
מײַנע עלטערנ זענענ פאָרט קלוגע
מער ווי אלע נעגידימ די היגע;
כאָטש דער טאַטע איז א פאָטשטאַר,
ער איז אָבער ניט קיינ נאַר,
ער פארעכנט דאָכ מײַנ גליק —
איכ זאָל ניט בלײַבנ קיינ יאַמשטשיק.
איידער אימ פירנ פאסאַזשירנ,
איז שוינ גלײַכער אפ דאָקטער שטודירנ...

דאָס איז נאָכ א ביסל א סאָפעק; מע מוז נאָכ פרעגנ בא אונדזערע סטודענטנ, וועלכע וועלנ גיכער בלײַבנ, לויט די נײַע געזעצע „האלב אינמיטנ"; עס קאָנ זײַנ, אז זיי וועלנ זאָגנ פונקט קאַפויר, אז די מאַמע איז גערעכט, ניט דער טאַטע...

עס וווּנדערט מיכ נאָר אפ דעמ דאָזיקנ לובענער פאָעט, גאַמליעל־בענ־פעדראָצור, וועלכער (איכ קאָנ אימ) איז א מענטש מיט א טאַלאַנט אונ איז דאָפקע ניט קיינ פאָטשטאַרס א זונ, זאָל זיכ נישט געפינענ קיינ אנדער טעמע אפ צו שרײַבנ, נאָר וועגנ יאַמשטשיקעס מיט פאָטש־טאַרעס; מיר דאַכט, אז יעדער שטאָט, אויבפּראָט נאָכ אזא גערימטע שטאָט, ווי לובענ, קאָנ געבנ א סאַכ מער מאַטעריאַל מיט מער אינ־טערעס פאַר דעמ לעזער, וועלכנ עס איז קימאַט אלצײַנס, צי דעמ פאָטשטאַרס זונ וועט זײַנ א דאָקטער, צי ער וועט בלײַבנ א יאַמשטשיק בא די פערדלעכ; אפ אזעלכע וויכטיקע זאַכנ איז ניט קעדײַ דאָס באַ־גײַסטערונג פונעמ פאָעט, וועלכנ איכ בינ מעכוּיעוו צו ענטפערנ אויכ אינ פערזנ:

איידער איבער יאַמשטשיקעס פערזנ צו שרײַבנ,
איז עפשער גלײַכער פערדלעכ א פאָר אָנטרײַבנ:
צווישנ יאַמשטשיקעס, אז דער פאָעט וועט זיכ רײַבנ,
קאָנ ער אליינ א יאַמשטשיק אויכ בלײַבנ...
אפ ווידערזענ, ליבער לעזער!

קארלסבאד, 20 יולי 1837.

# אנ איבערשרײַבונג צווישנ צוויי
# אלטע באוויירימ

## I

## פונ „שאָלעמ־אלייכעמענ“ צו „שלעז
## דעמ בריוול־שרײַבער“

טײַערסטער כאווער!

משוט בארץ ומתהלך בה[1] — פונ שוועבנדיק איבער דער וועלט אונ פונ גייענדיק אינ איר האָט מיכ כײַקל באלעגאָלע אָפגעוואָרפנ ערעוו שאבעס אינ שעפעטיווקא בא רעב הענעכ דוואָסיעס אינ דער נײַער אכסאניע מיט נאָכ פיל פארשווינדלעכ, האלב זכאָרימ האלב נעקיי־וועס, אכוצ קליינע קינדער, זעקלעכ אונ פעקלעכ, ציגנ אונ שאָפ, צא־פעס מיט לעמעלעכ, עטלעכע לעבעדיקע גענדז, אונ בא דער זײַט, העט־העט ווײַט אינ דער בויד האָבנ זיכ געפונענ א טוצ אָבדיערקעס (אָפ־געשוונדענע גענדז), עטלעכע זעקלעכ גרויע לײמ, א בארג פונ גוויִשע מאשקאָנעס, א סקלאד פונ יִדישע ספאָרימ מיט א גרויסנ, גרינעמ, געקאָוועטנ קאסטנ אפ רעדלעכ.

האקאסטנ האזע — דער דאָזיקער קאסטנ, וואָס האָט מיר געטײַט א גאנצנ וועג מיט זײַנע שארפע עקנ אינ די פלייצעס, פונקט ווי אונ־דזער רעבע ארנ זיכרוינע־ליווראכע פלעגט אונדז טײַטנ מיט זײַנע שפיצעכדיקע פינגער דאָנערשטיק באנאכט צומ אויסרעדנ פונעמ „ואני בבואי מפדן ארם“[2], — דער דאָזיקער קאסטנ — זאָג איכ — האָט מיכ מער אינטערעסירט פונ אלע כפייצימ מיט די פאסאזשירנ צוזאמענ.

---

1 מישוט באָרעצ אומיסהאלייכ באָ.

2 ואני בבואי מפדן ארם — א פראזע פונ ביבל.

„ווער ווייסט, וואָס דאָ אינ קאסטנ קאָנ זיכ געפינענ? — האָב איכ אינ זיכ געקלערט. — ווער ווייסט, פונוואַנענ דער קאסטנ קומט ארויס? ווער האָט אימ געמאַכט, ווו און ווענ? צו וואָס זענענ די רעדלעכ, צו וואָס איז ער געפארבט גרינ און ניט רויט אָדער בלוי? צו וואָס איז ער געקאָוועט מיט אייזנ? עפשער צוליב דעמ, עס זאָל ניט שוולעט זײַנ אינ אימ קיינ פֿײַער, קיינ וואַסער און קיינ אנדערע מינימ מאזיקימ? אָדער עפשער נאָר אָפּצושרעקנ דעמ אוילעמ, מע זאָל מיינענ, אז קיינ האק און קיינ קויל נעמט אימ ניט? און וואָס געפינט זיכ אינ דעמ קאסטנ? רעכטע צעלניק-סכוירע, אָדער גאָר אלטע שמאטעס? און עפשער גאָר אלטע קסאָווימ, יִיכעס-בריוו, טײַערע ארכעאָלאָגישע דאָקומענטנ?.. דו עווינער קאסטנ! ביזוואַנענ וועסטו זיכ ארומשלעפּנ איבער דער וועלט? וואַנ וועסטו שוינ קומענ אינ דײַנ רו ארײַנ, אינ דעמ אָרט, וואָס דו קומסט פֿונ דאָרט ארויס, און וועסט זיכ אופֿעפֿענענ און באווײַזנ דײַנע קויניִמ, וואָס אינ דיר געפינט זיכ דאָרט ווײַט-ווײַט אינ די ווינקעלעכ, ערגעצ טיף אפנ דעק, פֿארוואַלגערט, צעקנייטשט און צעבראָכנ...” טפררררר! — ווי פֿונעמ שלאָף האָב איכ דערוואַכט און האָב דערזענ פֿאר זיכ די באקאַנטע אכסאַניע מיט רעב הענזלס געלער באָרד און האָב שוינ געוואָלט אָנהייבנ ארויסטראָגנ מײַנע ביינער פֿונ דער בויד, נאָר איכ האָב געמוזט איבערוואַרטנ אקעגנ א פֿאָר ישא, ביז די אלע פֿארשוינענ האָבנ זיכ אויסגעגרוזעט מיט זייער באגאַזש, און איכ, שאָלעמ-אליכעמ, מיטנ קאסטנ זענענ נעבעכ געבליבנ אפנ סאָף — און מערקווירדיק! ניט מיכ, ניט דעמ קאסטנ האָט מענ געקאָנט רירנ פֿונעמ אָרט. וואָס כײַקל האָט אונדז ביידנ געוווּנטשנ, זאָל טאקע פֿאלנ אינ יאמ ארײַנ. פֿונ יענער זײַט קאסטנ האָב איכ דערזענ עפּעס א באקאַנטנ פּוס מיט זייער א קענטלעכנ שטיוול, און איכ וואָלט געמעגט שווערנ, אז דאָס איז מײַנ פּוס... מיט גרויס מי און מיט פֿיל קלאָלעס פֿונ כײַקלס מויל האָט מענ דעמ קאסטנ קוימ ארויסגעקאַטשעט, און איכ מיט מײַנ פּוס זענענ באפֿרײַט געוואָרנ. איכ האָב זיכ געפֿילט עפּעס ווי עלנט אליינ אָנ דעמ קאסטנ, גלײַכ ווי ער וואָלט מיר עפּעס אָנגעקערט א קנעפּל!.. אז איכ בינ נאָכדעמ צוגעגאַנגענ צומ קאסטנ, האָב איכ שוינ געטראָפֿנ זיצנ אפּ אימ אָנ אויסגעווייקטנ יונגנמאַנ מיט א געל פּאָנעמ, ווי אָנ אויסגעקוועטשטע לימענע, און מיט א שפּיצעכדיק בערדעלע — און שטעל דיר פֿאָר מײַנ איבעראַשונג, אז ער האָט מיר אויסגערעדט, אז ער, רעב אוורעמל, איז א מעשולעכ בא יִסראָליקנ, בא אונדזער אלטנ, טײַערסטנ, אומגליקלעכסטנ בא-

ווער יִסראָליקנ!! ניט אומזיסט האָט עס מיכ אזוי צוגעקאָוועט צומ קאסטנ! מערקווירדיק איז דאָס וועלטעלע מיט אירע קאפריזנע געלעגנהײטנ, מיט אירע וווּנדערלעכע טרעפעניש, מיט אירע ווילדע באגעגענישנ! נאָכאמאָל, יִסראָליק, אונדזער יִסראָליקל איז אַנ אָרעמער צעלניקער; ער האָט א קרעמל, ער איז געוועזנ א שענקער, א באלאכסאַניע! יִסראָליקל, וואָס קומט ארויס פונ אזעלכע מעיוכאָסימ; יִסראָליקל, וועלכער איז פּאָשעט „אײַנגעטונקט” אינ זײַד; יִסראָליקל, וואָס איז געוואקסנ א בענ-יאָכידל, א ציטעריקס, א זײַדנ קינד, א ציאַצקע, מיט א טײַערנ קאָפּ, מיט אַנ אָפּנ מויעכל, מיט א שיינ ליכטיק פּאָנעמ, מיט מיט מיט... יִסראָליקל איז א קרעמער, א שענקער, א „מעקלערל” — גוטע יאָרנ? אָט דער יִסראָליק, וואָס אלע „גרויסע” האָבנ אָפּ אימ געזאָגט, אז ער איז א בענ-טוירע, א לאַנד-כאָכעמ, א גלענצנדער שטערנ — אָט דער יִסראָליק איז הײַנט א הענדלער, א טענדלער, א שענקער, א פאקטאָר, א קליינ מענטשעלע, א פאראזיטל, א פארדאָרבענע זאכ, אנ אויסוואורף — גוואלד! וואָס טוט זיכ דאָ?!..

איכ בינ אָנגעפאלנ אָפּ זײַנ מעשולעכ רעב אוורעמל אונ האָב אימ באוואָרפנ מיט שײַלעס פונעמ קאָפּ ביז די פיס.

— זאָגט זשע מיר, רעב אוורעמל, איר זאָלט מיר לעבנ 120 יאָר, ווי:אזוי, אונ וואָס, אונ ווענ, אונ סטײַטש, אונ איכ בעט אײַכ, אונ טאקע נאָכאמאָל, אונ אונ אונ???

— איכ ווייס ניט! טשעפּעט זיכ אָפּ פונ מיר! — האָט מיר אוורעמל געענטפערט, — איכ ווייס גאָרניט! איכ ווייס, אז איכ בינ מיר באָרעכ-האשעמ א מעשולעכ בא רעב יִסראָעלצעו אונ נעמ 3 קערבלעכ א וואָכ סכירעס, אונ האָב א ווײַב „סטיסיע-לייע” מיט זיבנ קינדערלעכ, אונ בינ מיר, פארשטייט איר, א געמיינער מאנ, אונ אָט אזוי, ווי איר זעט, פאָר איכ מיר מיט מײַנ קעסטל אָפּ אלע גרעסטע יארידימ, אונ בינ מיר איצט באָרעכ-האשעמ אינ שעפּעטיווקע, אונ אז גאָט זאָל ראכמאָנעס האָבנ, וואָלט איכ דאָ באדארפט לייזנ צום ווינציקסטנ אכט אונ צוואנציק קערבלעכ, אונ פונדאנענ פאָרנ קיינ בושיפּקע, אונ פונ בושיפּקע קיינ לעפּעטיווקע, אונ פונ לעפּעטיווקע קיינ קראציווקע, אונ פונ קראציווקע קיינ אָליווקע, קיינ קאפּצעניווקע אהיימ אָפּ יאָמטעוו — אונ ווײַטער, האקט מיכ אונ בראָקט מיכ, איז ניט מײַנ אייסעק! איכ האָב מיר באָרעכ-האשעמ א ווײַב „סטיסיע-לייע” מיט זיבנ קינדערלעכ, אונ טשעפּעט זיכ אָפּ פונ מײַנ לעבנ! וואָס דולט איר מיר מײַנ קאָפּ?!

— סטײַטש, ראזבאָיניק איינער, איכ פרעג אײַכ אָפּ אײַער באלע-

באָס, אַפ יִסראָליקנ, וויאַזוי, אונ וואָס, אונ ווענ, אונ סטײַטש, אונ נאָכאמאָל, אונ טאקע ווײַטער דאָס אייגענע!...

— איכ ווייס ניט! איכ ווייס ניט! — האָט אוורעמל געשריגנ מיט א וויינענדיק קאָל אונ געוואָרפנ מיט די הענט אונ מיט די פיס. איכ האָב מיר א ווײַב „סטיסיע־לייע” מיט זיבנ קינדערלעכ, טשעפּעט זיכ אָפ פונ מיר! וואָס דולט איר מיר מײַנ קאָפּ?! איכ ווייס ניט! איכ ווייס גאָרניט!

— הא, געשעדיקט זאָלסטו ווערנ, אוורעמל כיריק, מאמזער אייזנער! — האָב איכ א שפּײַ געטאָנ אונ בינ אָפּגעטראָטנ פונ אים.

נאָר אַפ מאָרגנ, שאבעס נאָכ דעמ טיש, אז רעב הענזל דער באַלאכסאניע מיט אַלע אָרכימ האָבנ מיט גרויס ראַש געכראָפּעט, געפײַפט אונ געסווישטשעט מיט די נעז, איז רעב אוורעמל פּלוצלימ ריידעוודיק געוואָרנ: גאָט האָט אימ אופגעשלאָסנ זײַנע לעפצנ; ער האָט אופגעעפנט זײַנ מויל אונ האָט אזוי געזאָגט:

— הײַנט פארשטייט איר שוינ, רעב ייִד, אז א מענטש טאָר זיכ ניט איבערנעמענ? ניט הײַנט געדאכט, ניט פאר קיינ ייִדנ געדאכט, פאר הרײַיאָרנ ווינטער אינ די גרויסע פרעסט בינ איכ מיר געפאָרנ מיט מײַנ קעסטל קיינ ראכמעסטריווקע אַפנ יאריד. מיט מיר איז געפאָרנ א גאנצע מאכנע מיט ייִדנ: א סאכ זענענ געפאָרנ צומ רעבנ זאָל מײַריכ־יאָמימ זײַנ, אונ א סאכ אַפנ יאריד, אונ עס איז טאקע געווענ א רעכטער יאריד! איכ האָב געהאט א היפּש ביסל סכוירע, אוואדע פאר א קערבל הונדערט אונ דרײַסיק, אונ מע האָט עס בא מיר צעכאַפּט, ווי הייסע לאָקשנ. פאר קנעפּלעכ אַליינ האָב איכ געלייזט העכער 20 קערבלעכ, נאָר סירעווע פאָדעמ איז מיר איבערגעבליבנ עטלעכע פּאסמעס מיט 5 טוץ נאָדלענ, האָב איכ זיי אויכ אויסגעבראכט בא רעב אָשערנ אינ קרעטשמע. רעב אָשער איז נאָכ דעמלט געווענ א געזונטער נאָגיד; עס איז נאָכ געווענ פאר דער סרייפע; אונ הײַנט נעבעכ, זאָגט מענ, איז ער א יוירעד געוואָרנ אונ האָט געהאט אנ אומגליק מיט דער קלענסטער טאָכטער איטע־פראַדל; איכ כאַפּ אײַכ אייננ איבערנ אנדערנ; נאָר הערט א מײַסע, וואָס עס פארלויפט זיכ אַפ דער וועלט! איכ וועל אײַכ דערציילנ בעקיצער: בא אונדז אינ קאַפּציעניווקע געפינט זיכ איינער „שלעז דער בריוול־שרײַבער”...

— שלעז? — האָב איכ אויסגעשריגנ אונ בינ אונטערגעשפּרונגענ. — הייסט ער ניט לייזער־יאָסל?

— יאָ, רעב לייזער־יאָסיע שלעז דער בריוול־שרײַבער: ער שרײַבט בריוולעכ, א קאסווע־ראבע, א גרויסער באַלמעליצע, א בעריע א שרײַ־

בער אפ אלע שבעים ולשונות [1] אונ אפ ראשע־קסאוו; ער קאָנ אויכ רעצעפטנ לייענענ, קאמייעס — וואָס איר ווילט! בעקיצער...

— אזוי? איז ער הײַנט אינ קאפּצעניוווקע גאָר?.. שלעזי?..

ער איז דאָכ מײַנער א כאווער, מיר האָבנ אינ אײנ כײדער געלערנט, סטײַטש ווי דענ? לײזער־יאָסל! עס איז א שײַלע א ביסל? ווער ווײסט עס ניט? נו, אז עס איז יאָ אזוי, רעב אוורעמל, זעט מענ ארויס באַ־שײַמפּערלעכ, אז עס איז א באַשערטע זאַכ; טאָ זאָגט זשע מיר, זאָלט איר מיר זײַנ געזונט אונ שטארק, ווי קומט עס, וויאזוי, אונ וואָס, אונ ווענ, אונ סטײַטש, אונ איכ בעט אײַכ, אונ טאקע ווײַטער אמאָל!..

— איכ ווײס ניט! איכ ווײס ניט! טשעפּעט זיכ אָפּ פונ מיר! וואָס דולט איר מיר מײַנ קאָפּ? איכ ווײס גאָרניט, לאַבסאָלוטנ ניט! איכ בינ מיר א מעשולעכ, איכ האָב א ווײַב „סמיסיע־לייע” מיט זיבנ קינדערלעכ!..

אונ מער האָב איכ שוינ פונ אוורעמלענ קײנ וואָרט נישט געהערט.

אזוי, מײַנ טײַערער כאווער, לײזער־יאָסל לעב, ביסטו אזש אינ קאפּצעניוווקע „א בריוול־שרײַבער”? ניט אומזיסט פלעגסטו טאָמיד ארומגײנ אונ דרײענ מיט דער האַנט אינ דער לופט פארשײדענע צוקנ! ניט אומזיסט פלעגסטו באַשרײַבנ אלע ווענט מיט קויל אונ די מירנ מיט קרײַד! ניט אומזיסט ביסטו טאָמיד געווענ פארמורזשעט מיט טינט! ניט אומזיסט פלעגסטו טאָמיד ארומטראָגנ זיכ מיט פולע קעשענעס גאָלעשנ אונ קופּערוואסער! ניט אומזיסט פלעגט מענ דיכ אָפּט כאפּנ מיט א בויגנ פאפּיר אינ א פרעמדער קלײט! דעמ רעבנס ווערטער זענענ טאקע מעקויעמ געוואָרנ: ער פלעגט אפ דיר זאָגנ „על הרבך תחיה [2] — פונ דער פּענ וועסטו דיכ ערנערנ אונ דײַנ נאָמענ וועט זיכ לאָזנ הערנ ביז אינ עק וועלט! בעקיצער, טײַערסטער כאווער, אז דער, וואָס מיר זענענ ניט ווערט צו דערמאָנענ זײַנ הײ־ליקנ נאָמענ, האָט אזוי געפירט מיט זײַנ גענאָד, אז איכ זאָל געוואָר ווערנ פונ דײַנ געבײנ, וואָרעמ אז איכ זאָל נ י ט געווענ פאָרנ בא רעה כײַקלענ אינ בויד, אונ דאָרט זאָל נ י ט געווענ זײַנ קײנ גרינער קאסטנ, אונ דער קאסטנ זאָל מיר נ י ט געווענ צוקלעמענ מײַנ פוס, אונ איכ זאָל נ י ט געווענ צוגײנ צומ קאסטנ אונ דערזענ אפ אימ רעב אוורעמל דעמ מעשולעכ, אונ ער זאָל זיכ נ י ט געווענ ארויסכאפּנ אומגערנ מיט א וואָרט וועגנ דיר, וואָלט איכ זיכ בעפּיירעש ניט געוווּסט, אז דו

---

1 שיווימ לעשוינעס — זיבעציק לעשוינעס.

2 אל כארבעכאָ טיכיע — פונ דער שווערד וועסטו לעבנ.

ביסט הײַנט א קאפּצעניוּוקער, — זעט מענ זיך ארויס בעכוּש, אז גאָט פירט אזוי, — איז א יווישער, אז דו זאָלסט מיר טייקעף־אומיאד אָפּענטפערנ דורכ א בריוול, וואָס דו מאכסט? וואָס איז מיט דיר דער מער? ווי גייט עס דיר? אונ וואָס איז דער מעהומ פונ אונדזער כאווער ייִסראָליקל, וואָס ער איז נעבעכ געפאלנ, ראכמאָנע־ליצלאָנ? אז דו וועסט מיר שרײַבנ פונ דײַנ „מאכנ” מיט דעמ „מאכנ” פונ דײַנ הויזגעזינד, וועל איכ אויכ דיר שרײַבנ פונ מײַנ „מאכנ” מיט דעמ „מאכנ” פונ מײַנ הויזגעזינד; אונ אז מיר וועלנ שוינ וויסנ פונ אונדזער ביידנס „מאכנ”, וועלנ מיר דענסטמאָל רעדנ פונ דעמ „מאכנ” פונ אלע אונדזערע כאווייריִמ, וואָס גאָט האָט זיי צעזייט אונ צעשפּרייט אפ דעמ גאנצנ פּאָנעמ פונ דער ערד. אונ דערווײַל פארבלײַב געזונט, ווי עס ווינטשט דיר דײַנ בעסטער כאווער

שאָלעמ־אליכעמ.

P. S. איכ וויל דיכ זייער זענ, נאָר איכ ווייס ניט דעמ מארשרוט קיינ קאפּצעניוּוקע, מע דארפ א קוק טאָנ אינ דער געאָגראפיע! שעפּעטיווקע, נאָכ מינכע.

## II

## פונ „שלעז דעמ בריוול־שרײַבער”
## צו „שאָלעמ־אלייכעמענ”

ליבסטער כאווער, שאָלעמ לעב!

שוינ וויפל בריוו האָב איכ איבערגעשריבנ אפ מײַנ לעבנ, אונ עס איז מיר נאָכ קיינמאָל אזוי שווער נישט אָנגעקומענ, ווי איצט! מיר זאָל זײַנ שווער א בריוול צו שרײַבנ? סטײַטש איכ? איכ בינ דאָכ א מומכע אפ בריוו שרײַבנ, אונ מײַנ נאָמענ גייט דאָכ פונ איינ עק וועלט צו דעמ אנדערנ: אינ קראסילעווקע, אינ האָראָדישטש, אינ לאהישינ, אינ וואסילקאָוו, אינ לוקעשיווקע — אונ ווו ניט? איכ בינ דאָכ אליינ „שלעז דער בריוול־שרײַבער”. פונ אלע מעדינעס, ווו עס ווערט געפּאָדערט א הארבער, א שארפער, א סייכלדיקער בריוו, קומט מענ אָנ צו מיר! איכ רעד שוינ ניט פונ פּראָסטע בריוו, צומ בײַשפּיל: א בריוו צומ סבאָרשטשיק פונ א קלייג שטעטל, ער זאָל ארויסשיקנ א פּאס; א בריוו פונ אנ ארענדאר צומ ראָוו מיקויעכ מעכיראסכאָמעץ; א בריוו פונ דעמ בערדיטשעווער שויכעט קיינ צפּאס, וואָס

וויל קויפנ קאָרפּירער עסרויגימ; א בריוו קיינ טוואַריע נאָכ ערעצ־יִסראָעל־ערד מיט קאָשערע זייפ. מיי׳ע אזעלכע בריוו איז דאָכ בא מיר א גאָרנישט: איכ בינ שוינ געניט אינ זיי אויסוויינִיק, ווי א גוי אינ „אשרי״[1]. נאָר אפילע שווערע בריוו, ווי אשטייגער קעדוימע לעמאָשל: בריוו פונ אגונעס צו זייערע מאַנענ, וואָס זענענ אוועקגעפאָרנ אינ די ווייטע לענדער; בריוו פאַר ניסראָפּימ, וואָס לאָזנ זיכ אוועק קלייבנ געלט; בריוו צו גאַלאָכימ, בא וועלכע עס געפינענ זיכ יִדישע מיידלעכ, וואָס ווילנ זיכ טויפנ, אוכעדוימע נאָכ אזעלכע מינימ בריוולעכ, וואָס העלפנ טאַקע זייער, ווי מיט די הענט צוגענומענ: וויפל שווערס אונ שוויגערס האָבנ מויסעפ געווענ קעסט זייערע איידעמס דורכ מײַנע בריוו? וויפל פּראָצענטניקעס האָבנ געגעבנ שיינע נעדאָוועס אפ האַכנאָסאס־קאַלע — אלצ דורכ מײַנע בריוו? וויפל אגונעס האָב איכ מעכײַע געווענ? וויפל גרושעס מיט אקאָרעס זענענ דורכ מיר געהאָלפנ געוואָרנ?.. הײַנט אפ „ליבע־בריוולעכ״ בינ איכ דאָכ טאַקע גלאַט א מאַזיק! נאָכ אַדהאַיאָמ שטייט מיר פאַר די אויגנ א בריוול, וואָס איכ האָב געשריבנ פאַר א כאָסנ צו א קאַלע דאָס ערשטע מאָל (אונ געזענ האָט ער זי נאָכ ניט); אזוי איז געווענ דאָס לאָשנ פונ דעמ בריוול:

„דאָס ווייסנ אלע — אז ווי די זונ איז שיינ, האָסטו — מײַנ טײַערע קאַלע — נאָכ מער כײַנ — אונ כאָטש יעצט ביסטו געגליכנ צומ סאָטנ, וואָס דו ביסט אינ אימ געראָטנ; אָדער איכ קענ דיכ גלײַכנ צו א דאָרנ, וואָס אז מע רירט זיכ אָנ אימ אָנ, ווערט מענ אינ צאָרנ, — נאָר דו וועסט אָבער זײַנ ווי א רויז, אז דער טאַטע וועט דיכ נעמענ צו אונדז אינ הויז, אונ דײַנ געשמאַק אונ דײַנ גערויכ וועט זײַנ געגליכנ צו דער בעסטער יויכ, — אונ איכ האָפ צו דעמ בוירא ברוכ הוא[2], אז דו וועסט זײַנ אימ־יִרצע־האַשעמ הי, וועל איכ דיכ זענ מיט מײַנע אויגנ, אונ דו וועסט ניט זײַנ פונ מיר פאַרפלויגנ; דענסטמאָל וועל איכ אָפּלערנענ א קאַל־וואָכוימער, דײַנ כאָכמע, דײַנ שיינקײַט ווענוימער: אמײַ דאָכ איידער איכ האָב דיכ געזענ, האָט עס מיכ צו דיר געצויגנ — הײַנט א פּשיטע, אז דו וועסט שטיינ, ווי גרויס דו ביסט, פאַר מײַנע אויגנ!! — אונ אז איכ וועל פירנ מיט דיר א הויצאָע, וועל איכ האָבנ פונ דיר האַנאָע. — דײַנער דער איקער, וואָס ליבט דיכ ווי צוקער —

מייער דער דיקער״.

---

1 „אשרי״ — א טפילע.

2 בוירע באָרוכ הו — דער באשעפער, געבענטשט זאָל ער זײַנ.

מיינט איר דאָכ, אז עס איז טייקעפ ניט אָנגעקומענ צו מיר א שאָלעכ־מעיוכעד פונ דער קאַלע אינ הלופּעניטש, אז איכ זאָל איר אָנשרײַבנ אַנ ענטפער אף דעמ בריוו? די אַנטוואָרט איז גאָר געווענ פּילע־פּלאָימ! פראַכטפול! אף דער וועלט האָט מענ די בריוו ארומגעטראָגנ! וויפל סטודענטנ האָבנ איבערגעשריבנ דעמ כאָסנס בריוו אונ האָבנ אימ געשיקט צו זייערע קאַלעס? אונ וויפל קורסיסטקעס האָבנ איבערגעשריבנ דער קאַלעס בריוו אונ האָבנ פונ אימ אראָפּגענומענ א פּאָרגורימ צו זייערע כאָסאַנימ? וואָרעמ א מאַקע וועלנ זיי האָבנ אזא הויכ געפיל אינ דער ליבע, ווי איכ! אָט דאָס איז געוועזנ מײַנ ענטפער פונ דער קאַלע צומ כאָסנ:

„מײַנ טײַערער כאָסנ מייער! — צו וואָס זאָל איכ דיכ גלײַכנ? איכ האָב דיכ ליב זייער, מיט אַלע דײַנע זאַכנ, דו ביסט געגליכנ צו א מויער, וואָס פונ קוימענ גייט א רויכ; דו ביסט גאָר ניט שווער, אונ ניט ביטער אויכ, אונ אף די איבעריקע מײַלעס איז גאָר ניטאָ קיינ שײַלעס! דער בורא שמימ[1], וואָס האָט באַשאַפנ פײַער מיט מאַימ, מעג אונדז טאַקע בענטשנ מער ווי אַלע מענטשנ, אז עס זאָל שוינ קומענ יענע צײַט, וואָס איכ וועל דיר זײַנ בא דער זײַט, — וועלנ זיכ אַוואַדע פרייענ גאָט אונ לײַט, וואָרעמ ליבע איז ניט קיינ שמאַטע, ווי עס ווינטשט דיר דײַנ קאַלע ז ל א ט ע".

אונ איצטער זאָלסטו זענ, וויפל זאַקאַזנ עס טוט זיכ בא מיר! דאָס שיר־האַמײַלעסנ, דאָס כאַסענע־קוויטלעכ, אז דער נאָמענ פונ כאָסנ־קאַלע זאָל זיכ פונ אויבנ אונ פונ אונטנ גראַמענ; הײַנט טאָמער דאַרפ מענ ערגעצ מאַכנ א העספּעד אף א רעוול, צי טאָמער פאַרווילט זיכ אַנ אופגעקומענעמ נאָגיד אופשרײַבנ גאַנצ שיר־האַשירימ אף איינ איי, צי טאָמער דאַרפ מענ א קונצנדיקע האַסקאָמע, א פײַערדיקע האַקדאָמע צו א פּינקעס פונ א נײַער כעווורע, צי טאָמער האָט איישישאָק געוואָלט קריטיקירנ האַמאָנענ, באַגראָבנ אַמאַלעקנ, צי טאָמער האָט די כעוורע „קאָל־יִסראָעל־כאַווייריִמ" באַדאַרפט שרײַבנ א בריוול צו די רויטע ייִדלעכ — אַלע צו מיר! צו מיר „שלעז דעמ בריוול־שרײַבער"! נו, אונ אז עס איז געקומענ מיר אַלייִנ א בריוו שרײַבנ, איז ווי אַנ אויסטריקעניש געוואָרנ בא מיר אינ מויעכ! פוסט אונ טרוקנ איז בא מיר אינ קאָפּ, אזוי ווי אינ די קעשענעס בא די הײַנטיקע צוקער־הענדלער אינ קיִעוו! וואָס זאָל איכ דיר שרײַבנ אזעלכס, טײַער כאַווער שאָלעמקע, אז דו זאָלסט מײַנ בריוו לייענענ אינגאַנצנ, פונ טאָוול ביז

1 בוירע שאָמאַימ — דער באַשעפער פונ הימל.

טאָוולל? וואָרעמ א סאַכ בריוו מיינע — ווערליק מע האָט מיר איבער־געגעבנ — האָט מענ מיכ אָפּגעלייענט נאָר די ערשטע עטלעכע שורעס אונ מער האָט שוינ קיינער ניט געוואָלט ליינענ פאר גוטקייט! איכ האָב זיכ שוינ באַרעכ־האַשעמ אזוי ווייט פאַרדינט, אז מע ווייסט נאָר, דער בריוו איז פונ מיר, עפנט מענ אימ גאָר ניט אונ מע שיקט מיר אימ אָפּ צוריק...

נאָר שאַ! שטילער! וואָס טוט זיכ דאָ מיט מיר, א דונער האָט מיכ דערשלאָגנ!? דו ווילסט דאָכ וויסנ פונ מיינ „מאכנ” אונ פונ אונדזער יִסראָליקס „מאכנ”? קענ איכ דיר צוליב טאָנ אונ אָנהייבנ פונ יִסראָ־ליקס „מאכנ”.

פיל ציימנ האָט יִסראָליק איבערגעלעבט! פיל, פיל צאָרעס האָט ער נעבעכ איבערגעטראָגנ פונ יענער צייט אָנ, וואָס ער איז אראָפּ־געפאלנ פונ דער הויכער מאדרייגע, אָפּ וועלכער ער האָט זיכ א צייט געהאלטנ בא זיינ רייכנ טאטנ אָפּ קעסט, ביז ער האָט זיכ צעפאטשט מיט זיינע אייגענע ברידער פאר א קאַפּריז, פאר נארישנ קאָוועד, פאר אמביציע, אונ איז אליינ פאראָרעמט געוואָרנ אונ זיי אויסגעבראכט...

דעמלט האָט יִסראָליק כאראָטע געקריגנ, נאָר עס איז שוינ געווענ צו שפּעט: זיינ פאָטער האָט זיכ פונ אימ אָפּגעווענדט, מיט דעמ פארמעגנ האָבנ זיכ פרעמדע צעטיילט, אונ אימ האָט מענ פארטריבנ אהינ, ווו דער שווארצער פעפער וואקסט... יִסראָליק איז געקומענ צו זיינע אלטע באקאנטע אונ האָט זיי פאַרגעליענט זיינ יִכעס־בריוו, האָבנ זיי אימ קאלט געענטפערט, אז עס קומט זיי דערפונ גאָרניט ארויס, אונ ער מעג זיכ גייג ווייטער זוכנ דאָס גליק. ער האָט זיכ געפּרוווט דרייענ ארומ די שכיינימ, וועלכע האָבנ אויכ אָפּ אימ אנ אומכיינ געוואָרפנ פאר זיינ גאדלעס אונ פאר זיינ אָפּגעזונדערטהייט, אונ ער האָט דערזענ, אז ער איז עלנט אונ פרעמד... מע האָט פאר אימ אָפּ־געטיילט א באזונדערע גאס, געגעבנ באזונדערע געזעצע, אונ אלע קוקנ אָפּ אימ פונ דענסטמאָל אָנ עפּעס ווי אָפּ א שטיפקינד, ווי אָפּ אנ אי־בעריקנ... ער האָט זיכ לאנג ארומגעבלאָנקעט אונ פאר צאָרעס האָט ער באקומענ א פאָנעמ פונ א רוצכ... ער האָט זיכ געוואָרפנ אָפּ אלע זייטנ אונ האָט זיכ צו קיינ זאכ ניט געקאָנט נעמענ: א ביסל האָט ער פארגעסנ, וואָס ער האָט אמאָל געקאָנט, אונ צו א סאכ האָט מענ אימ גאָר לעבאטכילע ניט צוגעלאָזט; מע האָט אימ אומעטומ געענטפערט: „גיי דיר צו דיינ מישפּאָכע — מיר דארפנ דיכ ניט!” געלט פאר דער סטאנציע האָט ער געצאָלט פונדעסטוועגנ ווי א גוטער סויכער!.. נאָר איינ פארנאָסע האָט מענ אימ איבערגעלאָזט: — ה א נ ד ל ע נ! אונ

פונ דענסטמאָל אָנ האנדלט יִסראָליק! ער האנדלט מיט ברויט; ער האנדלט מיט וואָל, מיט געהילצ, מיט זעק, מיט גלאָז, מיט שאָפ אונ רינדער, מיט טאַבאַק אונ מיט בראָנפנ — אונ מיט אַלצ אַפ דער וועלט! אונ עס האָט אים באַגליקט אַפ אַ ווײַלע: יִסראָליקס קעפעלע איז דאָך דיר באַקאַנט, אַז וואָס ער וויל נאָר, קענ ער, אונ צו שווער איז בא אים ניטאָ; — אונ אַזוי איז יִסראָליק געוואָרנ אַ סויכער; ער האָט זיך געדרייט היפּשע עטלעכע יאָר: 3 יאָר איז ער געוועזנ אַ קאַפּצנ. 3 יאָר אַ גוויר, 7 מאָל אָנגעזעצט, 9 מאָל אופגעקומענ, 18 מאָל אַרויס־געפלויגנ דורך דעם קוימענ אונ טאָמיד אַרויס טרוקנ, 36 מאָל אַרויס־געשטעלט אַלע די צונג אונ געמאַכט אַ גרויסע נאָז, געקוועטשט אונ געבראָכנ זיך, ווי אַנ אַקראָבאַט (זיילנ־טענצער) אַפנ שטריק, אונ ענד־לעך איז ער געוואָרנ אַ קרעמער. די קראָם האָט אָבער לאַנג ניט גע־דויערט, מאַכמעס קליינע מענטשעלעך מיט גרויסע היטלענ אונ מיט שווערע קולאַקעס זענענ פּלוצלים אינמיטנ העלנ טאָג אָנגעפאַלנ אַפ זײַנ קלייטל אונ געמאַכט דערפונ אַ כורבנ... יִסראָליק האָט אַראָפּ־געלאָזט די נאָז, אונ אינ אַ קליינער צײַט אַרום האָט ער זיך באַזעצט מיט זײַנ הויזגעזינד ערגעצ אינ אַ דערפל אונ האָט דאָרט געעפנט אַ שענקל. שטעל דיר פאָר, אַז יִסראָליק טאַכשיט, וואָס האָט אַמאָל געסמאַליעט אַ וועלט, האָט אַפ די עלטערע יאָרנ געמוזט ווערנ אַ פאַר־פלוכטער שענקער — אַ ברייזרע האָט ער געהאַט? עס האָט זיך בא אים ערגעצ פאַרוואַלגערט אַ מאָגנ, פונקט ווי בא אַלע מענטשנ, אונ דער מאָגנ מאָנט פאַפּע, מוז מענ טאָנ קאָל־האַפּאַסלאָנעס אים צו באַפרידיקנ. עטלעכע יאָר האָט ער אָפּגעשענקט אונ האָט געלעבט מיט די „טרינקערס" גאָר נישקאָשע; נאָר עפּעס איינמאָל האָט „קאַפּוס־טעלע" אַנ איבעריקנ קאָס געמאַכט אונ האָט יִסראָליקנ צעפליקט אַפ פּראַך אונ האָט אים פונ דאָרפ פאַרטריבנ צוריק אינ שטאָט אַרײַנ... פונ זײַנ אַלטער שטוב, וואָס קלאָגט זיך אַפ אַ זײַט שוינ פונ עטלעכע יאָר, האָט ער געמאַכט אַנ אַכסאַניע; דערצו האָט ער נאָך אַ שטיקל קראָם אויכ; נאָר אַזויווי דאָ אינ קאַפּצעניוווקע איז ניטאָ קיינ קוינים, איז ער געפאַלנ אַפ אַ האַמצאָעלע אונ האָט געדונגענ אַ מעשולעכ, אַוורעמל טאַמעוואַטער, מיט וועלכנ דו האָסט געהאַט די ערע זיך צו באַקענענ אינ שעפּעטיווקע אַפנ יאַריד. אונ יִסראָליק אַליינ זיצט זיך אינ דער היימ אונ נעמט אופ אָרכים: טאָמער פאָרט אַנ אָרעמ יידל זוכנ אַ שטעטל אַפ באַזאָנעס, טאָמער פאָרט אַנ אַגוינע זוכנ דעם מאַנ, טאָמער פאָרנ גאַבאָים צונויפנעמענ ערעצ־יִסראָעל־פושקעס, צי טאָמער גייט אַנ אָטסטאַונאַי סאָלדאַט אַהיימ דורך קאַפּצעניווקע — די אַלע האָבנ סטאַנ־

ציע בא יִסראָליקנ, וועלכער שיצט זיי אונטער זײַנע פליגל. ווּ ערגעצ א געפאלענער נאָגיד, אנ אָרעמער מויעל, א פארוואָגלטער טאלייסניק, א פארבלאָנדזעט באלדארשערל — אלע צו רעב יִסראָעל דעמ מאכ-ניס-אוירעכ! אלע טאָג זעט מענ שטיינ בא אימ אינ הויפ א בײַדל מיט א דארער קליאטשע, וואָס קײַעט זיכ גאנצ קאלטבלוטיק א בינטל היי, אונ פונ דעמ בײַדל קריכנ ארויס קאָלהאסאָרטנ באשעפענישנ: ערעצ-יִסראָעל-ייִדנ מיט גרינע שאלנ, דעמ זיידנס אייניקלעכ מיט זעקלעכ מאצע-שמורע אונטער די אָרעמס, טאלנער כסידימ מיט זילבערנע לעמפלעכ אינ די קעשענעס, סובאָטניקעס מיט קליינע סידורימלעכ אזוי. אונ בא יִסראָליקנ אינ שטוב קאָכט מער ווי אינ בערלינ אפ דער בירזשע: דאָ זיצט זיכ א געלבערדיקער ייִד אונ מאכט אײַנ ציצעס אינ א טאלעס-קאָטנ; דער זעט איבער די טפילנ; דער פרוווט דעמ שוי-פער; איינער מאכט צורעכט דעמ כאלעפ, אונ איינער מאכט א נײַעמ „מכלכל‟ 1 אפ ראָשעשאָנע; דאָרט אינ א ווינקעלע זיצנ די ערעצ-יִס-ראָעל-ייִדנ אונ רעדנ מיט די סובאָטניקעס אפ גאָלע פאסעכנ, אונ דאָרט זיצט א פארעווער באָסיד אונ טרינקט זיכ גלאט סאָראָוועטקע. אפ די ווענט הענגענ: קאמייעס, רעצועס, געדרוקטע אלעפבייסנ, געדיכטע קעמעלעכ, ליטווישע גאָמלקעס. אלע מינוט עפנט זיכ די טיר, אונ עס שיטנ זיכ מענטשנ פונעמ שטעטל: דער קומט זיכ אָפשפרעכנ אנ אײַנ-האָרע; דער קומט האנדלענ קראמפינגערלעכ, אָדער פאראיאָריקנ אפי-קוימענ צו צײַנווייטעק, אונ ווער עס קומט גלאט אָפנעמענ א גרוס פונ דער מוטער ראָכלס קייווער; אונ יִסראָליק אלײנ גייט ארומ, ווי א העלד, צווישנ די ברוִימ. — צו וועמענ זאָל איכ אימ גלײַכנ? ער איז געגליכנ צו נאפאָלעאָנ דעמ ערשטנ, בײַמ ער איז געשטאנענ בא די פיראמידנ אינ עגיפטנ, אָדער איכ זאָל אימ גלײַכנ צו מאָלטקענ, בײַמ ער האָט אײַנגענומענ עלזאס מיט לאָטארינגענ. יִסראָליק האָט שוינ הײַנט ניט אינ זינענ קיינ פוסטע זאכנ; ער קוקט אפנ טאכלעס, אונ מיינ ניט, אז ער האָט כאָלילע ניט קיינ דאָכאָד פונ זײַנע אָרכימ! וואָס קריגסטו בא אימ יעצט ניט? פונ קאָל-טווו, פונ פויגלמילכ! מיזראָכימ פונ קויסל-מאאראָווי, ציצעס פונ ראשית הגז 2, ערעצ-יִסראָעל-ערד אונ נאָכ אונ נאָכ פיל טײַערע זאכנ! הײַנט האָט מענ אימ געשענקט א גאר-ניטער, וועלכע ער האָט ערשט באנײַט אפ שוועס: א ווײַסע ערעצ-יִסראָעל-יארמעלקע, א טאלעס-קאָטנ פונ גאָלע טכיילעס, א פאָר הויזנ

---

1 „מ ע כ א ל ק ײ ל‟ — א טפילע.

2 ר ײ ש י ס-ה א ג אָ ז — פונ דער ערשטער אָפגעשוירענער וואָל.

פונ פימסנ־האָלצ, א ראָזיווילאָוווקע פונ מאָגנ־דאָווידס מיט א פּאָר וואזשנע פאנטאָפל, וואָס זומער טראָגט מענ זיי אונ ווינטער וואקסנ אפ זיי עסרויגימ, אונ דערצו האָט מענ אימ געשענקט א זעלטענע קאר־טינע: אינמיטנ שטייט א ווערבליוד (קעמל) מיט צוויי מויל־אייזלענ אונ אפ זיי זיצנ געזאָטלטע פינפ „רויטע ייִדעלעכ"; בא דער זײַט שטייענ פיר גייריִמ מיט די שויפערס אינ מויל, אונ פונ הינטנ די בנות צלפחד 1, דיזע פּיפּערנאָטערס מיט דער בת פּרעה 2... איכ זאָג דיר דעמ עמעס, עס איז גאָר ניט צו באשרײַבנ!

פונ דעמ קאָנסטו שוינ פארשטיינ, טײַערסטער כאווער שאָלעמ לעב, וואָס פונ אונדזער יִסראָליקנ איז געוואָרנ...

וואָלסטו געגלייבט, אז עס זאָל זיכ פונ אימ אזעלכס אויסלאָזנ?

אָט דאָס איז אונדזער יִסראָליקל??? עס גלייבט זיכ דיר עפּעס? גוואלד, וואָס די צײַט קאָנ מאכנ?..

באָר יִסראָליקנ איז נישט באשערט געווענ לאנג רו צו האָבנ. איינ איינ שיינעמ זונטיק, ווענ עס האָבנ זיכ אינ דער אכסאניע געפונענ א סאכ אָרכימ, איז פּלוצעמ געוואָרנ א שרעקלעכע סומאטאָכע: די „קאָ־פּוסטעלעס" האָבנ זיכ א ביסל צעהוליעט אונ זיכ גענומענ צו דער אכסאניע. — עס איז געווענ א שרעק צו זענ, ווי דורכ די פענצטער זענענ געפלויגנ אָנ א שומ אָרדענונג די אלע טײַערע כפייצימ, די קאָרטע, דער קאָסטיומ אונ נאָכ אנטיקנ; פונ די אלע ליבע געסט מיט זייער באגאזש איז ניט געבליבנ קיינ נאָמענ. — וואאני, אונ איכ שלעז דער בריוול־שרײַבער בינ געווענ דערבײַ — וואָס זאָל איכ דיר זאָגנ? מיר ווייסנ דאָכ, אז יִסראָליק איז ניט קיינ בויזער; נאָר דו זאָלסט געווענ זענ, אינ וואָס פאר א גרימצאָרנ ער איז געווענ אינ דער נאכט; ווי א לייב האָט ער געברומט, ווי א לעמפּערט! דאָס הארצ וויינט אינ מיר! איכ בינ געווענ דער אײדעס, וואָס האָט געזענ דעמ עמעסנ כורבנ! אני הגבר 3, איכ בינ דער מענטש, וואָס האָט געזענ, ווי די אומשולדיקע פאנטאָפל זענענ, ווי די מאזיקימ, ארויסגעפלויגנ דורכ דעמ פענצטער. אָרעמע פאנטעפעלעכ! וואָס האָט איר געזינדיקט, אומשולדיקע שעפעלעכ? וואָס זענט איר געבעכ אזוי אומגליקלעכ! פארוואָס האָט זיכ אפ אײַכ אויסגעגאָסנ אזא גאָטס שטראָפ? ווי

1 בנויס־צלאָפּכאָד — צלאָפּכאָדס טעכטער (ביבלישע פּערסאָנאזשנ).

2 באס־פּארוי — פּארעס טאָכטער (א ביבלישער פּערסאָנאזש).

3 אני האגעווער.

גוט עס איז אײַכ געוועזנ! מע האָט דאָכ אײַכ אָפּגעהיט, ווי דאָס שווארצאפּל פונעמ אויג! קיינ שטויבעלע ניט געלאָזט אפ אײַכ פאלנ! פונעמ שענסטנ אונ פונעמ בעסטנ!.. גאָט ווייסט, אינ וועמענס הענט איר קאָנט ארײַנפאלנ! נאָר וואָס זאָל איכ טאָנ? דער, וואָס לעבט איי־ ביק, ווייסט דעמ עמעס, אז ניט איכ בינ שולדיק! גוטע פאנטעפעלעכ! לאָז אײַכ גאָט לײַטזעליקנ, איר זאָלט זיכ מוזנ פאר יסראָליקנ, ווו ער וועט זיכ קערנ אונ ווענדנ — וועזשיכער פאנטאָפל ליוורּאָכע!..

* * *

געדענקסטו, געדענקסטו, מײַנ טײַערער כאווער שאָלעמ לעב, ווי אונ־ דזער יסראָליק פלעגט שפּילנ אפנ פידל? אפ אימ האָט דאָכ כאזמ־ זיידל דער קלעזמער אָלעוו־האשאָלעמ אליינ געזאָגט, אז אינ אימ שלאָגט אנ אָדער פונ פאגאניניען! דאָס פידעלע — דאָס איז זײַנ אײנציקער כאווער, וואָס באגלייט אימ אינ אלע זײַנע וועגנ. יסראָליק האָט א סאכ זאכנ געהאט אונ אָנגעוואָרנ, נאָר באמ פידעלע איז ער געבליבנ. ווער עס וויל קענענ יסראָליקנ מיט זײַנע געזענג, זאָל זיכ גוט צו־ הערנ צו זײַנע לידעלעכ, וואָס ער שפּילט, ווענ דאָס הארצ בעט זיכ אויסצוגיסנ. גיי הער זיכ צו, ווי זײַנע טרעפּענונגענ, צאָרעס, יאָגענישנ, וויטעקלעכ אונ אומגליקנ קלינגענ אזוי ריכטיק, אזוי געשמאק אינ זײַנע ניגונימלעכ; אָט דאָרט האָסטו אימ אינגאנצנ; אָט דאָרט זעסטו אימ דורכ אונ דורכ!.. אונ איצט אויכ האָט זיכ יסראָליק גענומענ צומ פידעלע.

דער זייגער האָט געקלונגענ צוועלפ, אונ איכ האָב שוינ געוואָלט מאכנ אנ ענדע אונ שליסנ דעמ לאנגנ בריוו; נאָר ארײַנקומענדיק צו יסראָליקנ, האָב איכ דערהערט, ווי עס גיסט זיכ א מאָראלישע מע־ לאָדיע פונ פארשיידענע מעלאנכאָלישע, וויינענדיקע אקאָרדנ; איכ האָב באלד דערקאָנט, אז דאָס רעדט יסראָליקס שווארצע פידעלע. שוינ לאנג האָב איכ אימ ניט געהערט שפּילנ!.. איכ שטיי פונוויטנ, אונ ער באמערקט מיכ גאָר ניט. אפ דער וועלט איז שטיל; די קאפּצעניוו־ קער אײַנוווינער האָבנ זיכ שוינ לאנג געלייגט שלאָפנ, אונ עס כאָלעמט זיכ זיי גוטע זיסע כאלוימעסלעכ: א גאנצ לאנגנ זומערטאָג האָבנ זיי זיכ געסמאליעט, געברענט אפ דער זונ, געלאָפנ, געקראָכנ, געזוכט, געקוקט, געשמעקט, גענאָרעט אינ אלע ווינקעלעכ; זיי האָבנ אויסגע־ צויגנ די אויערנ, ווי די פּיקסלעכ, אונ האָבנ זיכ צוגעהערט צו א ריר, צו א שאָרכ, ערגעצ דערטאפּט א גראָשנ, אוועקגעטראָגנ אימ אהיימ

און ווײַטער געלאָפֿן אין גאַס, ווײַטער געאַרבעט, געדרייט, געמאַכט
פּלענער, געשאָקלט מיטן קאָפּ, געמאַכט מיט די הענט, געקנייטשט
מיט די פּלייצעס, עפּעס ווי די מעשוגאָים!.. און ווער וואָלט דאָס
געקענט אַזאַ מאַכנע מיט ווילדע מענטשן אײַנעמען? ווער איז דאָס
אימשטאַנד זיי רויִק צו מאַכן, זיי זאָלן אַזוי ניט טומלען? — די נאַ־
טור! זי איז שטאַרקער פֿון אַלעמען! ווי די קליינע קינדער, ווי געהאָרכ־
זאַמע שעפּעלעך האָט זי זיי אײַנגעהוטעט, פֿאַרוויגט... שטיל, זייער
שטיל איז אין דעם וועלטל, וואָס מיר געפֿינען זיך יעצט! מאָדנע
שטיל איז יעצט אין דעם הויז, וווּ מיר געפֿינען זיך ביידע — איך מיט
ייִסראָליקן, און יעדערער פֿון אונדז איז פֿאַרטיפֿט, פֿאַרזונקען אין
זײַנע געדאַנקען. דענקען, קלערן, טראַכטן — דאָס איז אַ גאָטעס־
גאַבע, אַ מאַטאָנע פֿון זײַן ליבן נאָמען פֿאַר די אומגליקלעכע, פֿאַר די
געדריקטע, פֿאַר די געטריבענע, וואָס טראָגן אַרויס פֿון דעם לעבן
האַרצווייטעק און יעסורים. דאָרט אין זײַן אייגן שטיקל געפֿיל, אין
זײַן ביסל געדאַנקען, דאָרט, וווּ ער איז באַלעבאָס, וווּ קיינער קאָן
אים גאָרניט זאָגן, — דאָרט געפֿינט ער זײַן טרייסט, זײַן האָפֿענונג,
דאָרט פֿאַנטאַזירט ער, וויפֿל ער וויל! דאָס איז זײַן פּאַראַדיז (גאַ־
טיידן), זײַן לויִן אָפּ דער וועלט; דאָס היילט אים, דאָס מאַכט אים מונ־
טער; דאָס גיט אים קראַפֿט איבערצולעבן און אויסצוהאַלטן די ביי־
טערע פֿינצטערע אומשטענדע! און ווי זיס איז צו דענ־
קען אין אַזאַ ליבער שטילער צײַט, ווען די געפֿילע זענען עפּעס ווי
ריינער, ווי עמעסער, ווען דער געדאַנקען איז עפּעס ווי הייליק געט־
לעך, ווען דער מענטש גיסט זיך צונויף מיט דעם גײַסט און ווערט
עפּעס קאָשער־אומשולדיק, אָן דריאַזגעס, אָן שמוץ... אָט אַזאַ צײַט
האָט ייִסראָליק אויך אויסגעקליבן אויסצוגיסן זײַן שווער ביטער
האַרץ אָפֿן פֿידל. איך הער, ווי עס ערגיסט זיך זײַן האַרץ, זײַן לעבן.
די איידלסטע קנייטשן, די מינדסטע בייגן, וואָס האָבן קיין ווער־
טער; איך פֿיל זיי, איך הער זיי; איך לייען זײַן קומער, זײַן טרעוואָגע,
זײַן צאָרן. אָט האָט ער אַ פֿיר געטאָן מיטן סמיטשיק שנעל, הילכיק,
רייצנדיק; אָט לאָזט ער זיך אַראָפּ איידל, רויִק, שטיל און ווערט עפּעס
ווי פֿאַרזונקען; אָט צעשיט ער זיך „שטאָקאַטאָ” און אָט פֿאַרגייט
ער זיך מיט אַ טרעל — אין זײַן שפּילן ליגט ניט קיין אָרט
באַקאָשע, ער זאָל זיך בעטן, באַקלאָגן, זוכן הילף — ניין! אַ סאַך
גיכער הער איך אין זײַן שפּילן מוט, גאַדלעס, זעלבשטענדיקײַט,
אַ מוירעדיקער האַס צו דער גאַנצער וועלט, אַ פֿאָרוואָרף צו זײַנע
באַטריבער.

יזראליק דאָס יזדעלע
האָט א שוואַרץ פידעלע
און שפּילט זיך א לידעלע,
א וויינענדיק לידעלע:

„...פאַרוואַגלט, דערשלאָגן, איינער אַליין
דריי איך זיך לאַנג שוין אַרום;
פאַרוואָרפן, עלנט גאָר ווי א שטיין,
שלעפּ איך מיך אוים אומעטום.
אָט נעמט מען מיך צו; איך הייס שוין גאָר „ברודער";
מע דאַרף מיך: איך ברענג שוין גאָר נוצן; —
אהא! מע טרייבט מיך, מע יאָגט מיך שוין ווידער:
איך דאַרף ניט, איך טאָר ניט דאָרט זיצן!
אָט בין איך א כאָכעם, מע דאַרף מיין האמצאָע;
איך בין שוין א כאַווער אין קאָן;
און אז איך האָב געלט, און מע דאַרף א האַלוואָע,
דאַן זעצט מען מיך באַלד אויבנאָן...
און אָט בין איך ווייטער גאָר אוים אנטיק,
א זויגער, א צייער אין יענעמס נויט,
א באַטריגער, א פּיאַווקע, א ראָסטאָווטשטשיק,
א שינדער, א מערדער, א רייסער די הויט.
אָט בין איך נייטיק, ווי א קינצלער א הענדלער,
איך פאַרברייטער דעם מיסכער, טו טויוועס דעם לאַנד,
און אָט בין איך ווייטער יזראַליק דער טענדלער
צו כאַרפּע, צו שפּאָט, צו לעצאָנעס, צו שאַנד.
אָט בין איך א טאַם, א שעפּעלע געוואָרן:
מיין פלייש האָט מען געגעסן, מיין וואָל געשאָרן,
און גאָר אינגיכן — אין דער זעלבער מינוט —
בין איך שוין א וואָלף און דאַרף שוין גאָר בלוט...
אזוי זאָל איך בלייבן אן איינגעבעטענער, א פרעמדער,
אז אַטעמען, לעבן, זען די וועלט
זאָל הייסן — איך האַבעווע דאָס גוטס פון די לענדער, —
און פאָשלינע צאָלן: עס דאַרף קאָסטן געלט?..
וויפל איר וועט ניט שלאָגן יזראַליק דאָס יזדעלע,
יאָגן און טרייבן צו אַלדי רוכעס,
איז דאָרטן בא אים מיט זיין שוואַרץ פידעלע
בלייבט ער פאָרט טאַקיפ. א גרויסער מעיוכעס!

און דעמלט, ווען ער וויינט אזוי ערנסט און גאנצ
און גיסט זיך זײַנע ביטערע, וואַרעמע טרערנ,
ליגט דאָרט זײַנ קראַפּט, זײַנ יִכעס, זײַנ גלאַנצ, —
און וויל זיך מיט אײַך גאָר ווייניק אָנקערנ!..״

יִסראָליק דאָס יִדעלע
האָט א שווארצ פּידעלע
און שפּילט זיך א לידעלע,
א וויינענדיק לידעלע...

אפ דער גאס איז שטיל, אינ שטוב איז אומעטיק, פינצטערלעכ. און אונדזער יִסראָליק הערט גאָר ניט אופ צו שפּילנ אזוי ערנסט. אזוי גאנצ; די נאַטור הערט זיך אפּאָנעמ אויכ צו צו זײַנ מוזיקאַלי־שער רעדע; קיינער שטערט אים ניט, און ארום און איז רויִק, זייער רויִק!..

וואָס איז דער טאַכלעס פונ אונדזער יִסראָליקנ? אָט אזוי זאָל ער טאַקע שטארבנ, פארפאלנ ווערנ? צי עפּשער האָט ער זײַנ ראָליע נאָכ ניט אָפּגעשפּילט, און עס איז אים נאָכ באשערט אמאָל זיך לאָזנ הערנ אפ דער וועלט? אז איכ נעמ מיר דאָס אפ די געדאנקענ, פארגעס איכ אָנ זיך זעלבסט, דערום וועל איכ דיר איצט אפ דער ערשטער פראגע (וועגנ מײַנ „מאכנ״) ניט ענטפערנ — און דאָס אָפּלייגנ אפ דעמ צווייטנ מאָל, אז איכ וועל באקומענ דײַנ צווייטנ בריוו אינ גיכע צײַטנ מיט א פריילעכ הארצ, מיט א פרײַענ קאָפּ און מיט פולע קעשענעס — אָמײנ־וועאָמײנ!

דײַנ כאווער און דײַנ פרײַנט שלעז דער בריוול־שרײַבער.
(קאפּצעניוווקע, באכאצי־האלײַלאָ).

P. S. עטלעכע ווערטער וועגנ רעב אוורעמל דעמ מעשולעכ. דאָס איז אנ אומגליקלעכ באשעפעניש אפ דער וועלט! ניט אומזיסט ליגט אימ „סטיסיע־לייע״ אינ קאָפּ: א גאנצע וואָכ האָרעוועט ער ווי אנ אייזל, און אז ער קומט אפ שאבעס אהיימ, פּאטשט אימ „סטיסיע־לייע״, ווי א יאטקע־הונט, און גיט אימ ניט קיינ עסנ: זי פאָדערט פונ אימ, ער זאָל זי מעפארנעס זײַנ מיט די זיבנ קינדער, ווי אינ דער קסובע שטייט בא איר געשריבנ. בידנע אוורעמל! „סטיסיע־לייע״ איז זײַנ סולטאנ, און ער איז מעקײַעמ דעמ הייליקנ קאָנטראקט מיט אלע פונקטנ, און זעלטנ־זעלטנ הערט ער פונ איר א גוט וואָרט, ווי לעמאָשל: „אוי, שלימאזל איינער! האָב איכ א דאָליע טאקע נאָר ווי א פאסאָליע! פארכאפּט זאָלסטו ווערנ, ריבוינע־שעל־אוילעמ! א מי־סע־מעשונע, ליבער גאָט! א כאָלערע, געטרײַער טאטע! אנ אויסכאפּע־

ניש, הארציקער פאָטער! א פארשווינדעניש, זיסער גאָט! אזוו..." דאָס איז א סימענ, אז „סטיסיע־לייע" איז אופגעלייגט אפ קאַטאָוועס טרייבנ. נאָר דאָרט, ווו זי רעדט מיט אימ ערנסט, גייענ גאָר אנדערע דיבורימ, לעמאָשל: „אוורעמעלע! האָסט שוינ היינט געגעסנ? עסנ זאָלנ דיכ ווערעמ! קוק אימ אָנ א ביסל! הההאא, פארכאפּט זאָלסטו ווערנ! קומענ זאָל אפ דיר פארעס שלעק! באַגראָבנ זאָל איכ דיכ היינטיקנ טאָג! עס זאָל דיינ טאטנ ארויסוואַרפנ אונ דיכ ארײנלייגנ א געזונטנ, א פרישנ, א צאַפּלדיקנ אזוו, אזוו, גיכ, גיכ, גיכ!.."

בידנע אוורעמל! מיט וואָס זאָל איכ דיר העלפנ? וואָס קאָנ איכ דיר שענקענ? — סיידנ א טרער?..

שלעז ־דער בריוול־שרייבער.

## III

## פונ „שאָלעמ־אליכעמענ" צו „שלעז דעמ בריוול־שרייבער"

פונ קאַשפּעריווקע, לייזער־יאָסל, פונ קאַשפּעריווקע שיק איכ דיר דעמ דאָזיקנ בריוו! אפנ הויכנ בארג שטיי איכ דאָ אונ שריי צו דיר פונ ווייטע לענדער אפ א קאָל, אז מע קאָנ מיכ, דאכט זיכ, הערנ אינ דעמ זיבעטנ הימל; איכ שריי צו דיר: גוואַלד! ווו זענענ די יאָרנ, אז מיר האָבנ נאָכ גאָר ניט געוווּסט, ווער, ווו אונ וואָס מיר זענענ?.. וווהינ זענט איר אנטרונענ געוואָרנ, ווו האָט איר זיכ פארבאָרגנ ערגעצ, גוטע, רויִקע גליקלעכע יאָרנ? וואָס האָט איר אזוי קיינ צייט ניט געהאַט, וואָס האָט איר זיכ אזוי געיילט? נעבעי וואָלט נאָכ אוועקגעגאַנגענ א צייט, א לאנגע צייט, אונ מיר וואָלטנ אלצ געשטאַנענ אפ איינ אָרט! קיינ בענ־אָדאָמ וואָלט זיכ ניט דערלויבט אונדז צו זאטשעפּענ מיט זיינע היינטיקע אופטועכצנ אונ מיט די נייע אויסקלערענישנ; קיינ פרעמדע פיס וואָלטנ ניט געהאַט די האָזע ארײנצוקריכנ אינ אונדזער ווארעמ בלאָטקעלע, אינ אונדזער גערדיכט קאַליזשקעלע, ווו מיר האָבנ אזוי לייכט פארבראַכט די צייט; קיינ פויגל וואָלט ניט געהאַט דאָס שטאַרקייט ארײנצופליִענ אינ אונדזערע פינצטערע שטיבעלעכ אונ שטערנ אונדזער לאנגנ, הארטנ, זיסנ שלאָפ מיט זייערע נייע לידעלעכ, וואָס זיי שטשעבעטשענ אונדז היינט, אונ די ליכטיקע זונ וואָלט זיכ אונדז אויכ ניט אזוי אײַנגעגעסנ מיט אירע שארפע שטראַלנ, וואָס קריכנ אונדז יעצט אינ די אויגנ, אינ קאָפּ, אינ הארצנ אונ אינ אלע אייוורימ, אונ עס איז אונדז פּלוצלימ ליכטיק געוואָרנ אינ אלע

ווינקעלעכ, גאנצ ליכטיק, אזוי ליכטיק, אז מע קאָנ שוינ מאמעש אָנ־טאפּנ דאָס ליכטיקײַט!..

וואָס זשע האָבנ מיר געפּויעלט?
וויסנ מיר, אז אונדז איז ערגער פונ אלעמענ!
וואָס האָבנ מיר פריער געמיינט?
אז אונדז איז בעסער פונ אלעמענ ואתה בחרתנו מכל העמים[1]...
פאַרוואָס זשע איז אונדז ערגער פונ אלעמענ?
דערפאַר, וואָס מיר זענענ אומעטום אײַנגעבעטענע, איבעריקע, פרעמדע, עלנטע. — מ י ר ה אָ ב נ נ י ט ק י י נ ה י י ם!..

מער געוויינט האָב איך ווי געלאכט, לייענענדיק דײַנ טײַערנ בריוו, לייזער־יאָסל לעב! א שטיק הארצ האָט מיר אויסגעריסנ אונדזער אומגליקלעכער יִסראָליק! אפילע דאָרט, ווו איך האָב געלאכט, האָב איך באמערקט, ווי טרערנ קאפּענ פונ מײַנע אויגנ; זיי קאפּענ אונ קאַ־טשענ זיך אינ אלע זײַטנ, זיי ברענענ אונ לעכערנ דאָס פּאפּיר. אומ־שולדיקע טרערנ! מיר מאכט איר ניט גרינגער, אונ יענעמ העלפט איר אויך ניט; נייןנ! איך וועל אײַך שוינ מער ניט לאָזנ גיינ צו גרונט, איך וועל זיך פרווונ אײַך אראָפּשלינגענ פרישערהייט, אונ לאָז מענ אײַך ניט זענ; גענוג שוינ צו וויינענ! איך וועל זיך בעסער פרווונ לאכנ. אונ לאכנ לאנגזאמ, הילכיק, שרעקלעכ — נאָר נייִנ: אפ לאכנ בינ איך עפּעס קיינמאָל ניט אופגעלייגט; איך דארפ גאָר וויינענ, אימער קלאָגנ זיך אונ טאָמיד זאָרגנ, זאָרגנ!.. זײַט איך שרײַב פאר מײַנע ברידער (שוינ באלד צוויי יאָר), האָבנ נאָכ די לעזער פונ מיר קיינ פריילעכע מינע ניט געזענ, אונ אפילע דאָרט, ווו איך פּארקאטשע זיך אפ לעצאָנעס, ענדיק איך אויך מיט א געוויינ... וואָס טוט מענ דערצו?

איך וואָלט, גלייב מיר, גערנ לאכנ,
לאכנ שטענדיק אונ א סאַכ:
זיך אונ יענעמ פריילעכ מאכנ —
לאָז מענ הערנ, ווי איך לאכ!..
וואָס קענ איך העלפנ? וואָס קענ איך טאָנ?
(איך קאָנ אלייִנ דאָס ניט פאַרשטיינ!)
ווענ צו לאכנ איך הייב נאָר אָנ,
גיסנ טרערנ זיך אליינ!

---

1 אטאָ בעכאַרטאָנו מיקאָל האָאמימ.

טרערן גיסן,
טײַכן פליסן —
טײַכן טרערן,
הייסע טרערן...

טרויעריק איז די געשיכטע פון יזראַליקס לעבן, נאָר די לאַגע פון זײַנע קינדער איז נאָך טרויעריקער. פיר זין האָט יזראַליק, און זיי קענען איינעם ניט הערן, זיי קענען זיך ניט אויסגלײַכן איינער מיט דעם אַנדערן.

דער עלטערער — יאַנקל — איז אַ יונגערמאַן פון דער אַלטער וועלט; ער „קאָן לערנען" און „דינט גאָט" און איז לאַבלוטן „אויס־געטאָן" פון דער וועלט; זײַן צוועק איז „עולם־הבא", און האָט פײַנט אַלע זײַנע ברידער בעטאַכלעס־האַסינע, דערפאַר וואָס זיי גייען מיט אַן אַנדער גאַנג; ער האָט זיך אַרײַנגעלאָזט אין „חסידים" און אַלע שאַבעס־צונאַכטס טאַנצט בײַ אים „בעוורע" אַן טאַכטויינים; דער רעבע איז בײַ אים דער צווייטער גאָט, און ער דינט אים ווי דער „אוווידע־זאָרע"; זײַנע קינדער גיט ער פאַרדאָרבענע דערציִונג, און זיי וואַקסן ווי די פראָ:ם...

דער אַנדערער — פײַוול — איז אַ סויכער, אַ גוויר, אַ דעספאָט; זײַנע געשעפטן זעצט ער העכער פון אַלעס, און דאָס „קערבל", איז זײַן גאָט; סאָוועסט (געוויסן) האָבן סאָנים אויסגעטראַכט; זײַנע אָרעמע ברידער לאָזט ער ניט אַף די אויגן, און דער צוועק פון זײַן לעבן איז נאָר דרײַ זאַכן: געלט, געלט און ווײַטער אַמאָל געלט!..

דער דריטער — יעפים (אַמאָל האָט ער געהייסן כאַ:ים) — האָט פאַרזוכט פונעם „אייץ־האַדאַאַס"; ער האָט זיך מיטאַמאָל צוגע־כאַפט צום טרונק „האַסקאָלע" און האָט געכאַפט אַן איבעריקן ביסן פון דער „ציווילי̇זאַציע", און עס האָט אים אָנגעהויבן נודען אַף צו ברעכן, האָט ער אַראָפגעוואָרפן פון זיך דעם נאַציאָנאַלנאָסט אײַנ־גאַנצן און האָט אָנגעהויבן צו שרײַען: „ברידער! לאָמיר זיך צונויפ־גיסן (אַסימילירן) מיט די קריסטן און מיט די איבעריקע פעלקער אַף דער ערד און לאָז אונדז איבערבלײַבן נאָר אַ זייכער, אַז מיר זענען אַמאָל געווען יידן..." און כאָטש די קריסטן האָבן אים זייער ניט איידל צוגענומען, אַזוי אַז יעפים האָט די ציין געקליבן, און האָבן אים דער־קלערט, אַז „יעפימען" קאָנען זיי ניט סויוול זײַן ערגער ווי כאַ:ימען. פונדעסטוועגן פאַלט בײַ זיך יעפים ניט אַראָפ און טוט זיך זײַנס...

דער פערטער — מוישעלע — האָט געיאַרשנט פון זײַן פאָטער יזראַליקן אַ שאַרפ קעפעלע מיט אַן אָפן מויעכל און דערצו נאָך

אנ ע מ ע ס  י י ד י ש  ה א ר צ.. ער איז עפשער נאָכ מער געבילדעט פונ זײַנ ברודער יעפים, נאָר זײַנ קוק איז אנ אנדערער: מוישעלע שרײַבט נא־גוואלד, אז יעפים נארט זיכ אונ אז ניט דאָס איז אונדזער עמיטיאָנ (באשטימונג), אז איבער א קאפריז פונ דער געשיכטע זאָלנ זיכ עט־לעכע מיליאָנענ יידנ פלוצלימ פונ דער העלער הויט איבערבײַטנ אונ זיכ געזעגענענ מיט אלצ, וואָס זיי איז ליב אונ אײַנגעוואָקסנ אינ הארצנ שוינ פונ טויזנטער יאָרנ; מוישעלע זאָגט, אז ניט צוליב דעמ האָבנ מיר אזויפיל מוירעדיקע צאָרעס מיט טרײַבענישנ דורכ פײַער אונ דורכ וואסער איבערגעטראָגנ; מוישעלע זאָגט, אז יידנ האָבנ נאָכ ניט אָפגעזונגענ זייער לעצט לידל אונ עס באשטייט נאָכ פאר אונדז א גאנצ גרויסע וועלט, אונ קיינער ווייסט ניט, וועמענס מאָרגנ עס וועט זײַנ; מוישעלע זאָגט, אז דאָס איינציקע באהעלטעניש, דאָס בעסטע באהעלטעניש פאר די קלעפ, וואָס מע האָט אונדז געגעבנ אונ וואָס מע וועט אונדז געבנ, איז נאָר אונדזער שטיקל „ב א ט ק אָ ו ו ש ט ש י נ ע", דאָס הייליקע לאָנד פונ אונדזערע אָוועס־אַוויסיינו—פ א ל ע ס ט י נ ע! מוישעלע זאָגט, אז דאָס איז גאָר ניט אזוי שווער צו ערײַכנ, ווענ זיי אלע: אי יאָנקעלע דער באטלענ, אי פײַוועלע דער נאָגיד, אי יעפים דער מאסקל זאָלנ זיכ מיט אימ פאראייניקנ, אז דער זאָל געבנ זײַנ געלט, דער זײַנע הענט, דער זײַנ כאָכמע, דער זײַנ ענערגיע — וואָלט דאָס אייניינעמ געווענ גאָר כידושימ! „נאָר גיי רעד מיט זיי, — שרײַבט מוישעלע, — אז דער ליגט אינ קלויז בא דער הרובע אונ באקט קארטאָפליעס, אונ אז מע מאכט מיט אימ א שמועס מיקויעכ פאלעסטינע, קאָלאָניזאציע, מיקויעכ ערד ארבעטנ, פארקנייטשט ער דעמ שטערנ אונ פרעגט א קלאָצ־קאשע: וואָס זשע וועט זײַנ מיט ראבייינו טאמס טפילנ, מיט א טכומ־שאבעס, מיט מעכיראס־כאָמעצ, מיט דעמ רעבנ אונ מיט אנדערע זאכנ?.. אונ פײַוול דער נאָגיד זאָגט: מאכטייסע, וואָס ארט אימ, אז מע זאָל אוועקשיקנ די אָרעמע־לײַט קיינ ערעצ־יִסראָעל, וועט מענ פונ זיי טאַקע פּאָטער ווערנ... אונ אז מע טוט אימ א כאפ מיקויעכ אכצנ אונ דרײַצנ, מאכט ער זיכ טאמעוואטע אונ וויל ניט געבנ קיינ גראָשנ, וואָרעמ בעענועס, וואָס טויג אימ די דאָזיקע אידייע, אז ער מיט זײַנ געלט קאָנ זיכ דאָ אויכ אָפּלעבנ גאנצ פײַנ. אײַ טאָמער קוועטשט מענ אימ אמאָל, איז דאָכ דאָ אנ אייצע: „הכסף יענה את הכל" 1... אונ פונ יעפימענ שמועסט מענ זיכ ניט: ער איז דאָכ פונקט קאפויר אונ ציטערט

1 ה א ק ע ס ע פ  י א א נ ע  ע ס  ה א ק ו י ל — דאָס געלט פארענטפערט אלצ.

פאר דער אזיאטישער קולטור; ער איז אן אייראפעיער און האט ליב אייראפע..." און אזוי קריכט נעבעך מישעלע פון דער מויל, שרײַ־ענדיק, און קיינער הערט אים ניט!..

אט האסטו דיר פיר קינדער פון איינע עלטערן און זייערע דייעס, ווי קאנען זיך ניט אויסגלייכן:

ווער איז דערינען שולדיק? פונוואנען נעמט זיך דאס? קענען מיר האפן, אז עס זאל נאך אמאל אנדערש זײַן? און ווען קאן עס זײַן? .......

זאג מיר נאר, מײַן טײַערסטער באוועך, לייזער־יאסל לעב, צי מיינסטו טאקע אלע דײַנע יארן צו פארברענגען אין דעם ווײַסטן פינצטערן שטעטל קאפּצאניווקע? צי דו ווילסט א ביסל ארויספארן אף דער וועלט כאפן פרישע לופט, ווי איך, לעמאשל? פאר דיר איז קיין פלאן ניט צו זיצן ערגעץ אין א לאך און דארטן אף די בריוולעך גרוי און אלט ווערן. פאלג זשע מיך, לייזער־יאסל! וועק זיך אוף, שטיי אוף און טרייסל זיך אפ פון דעם בארג מיסט, וואס איז אף דיר אנגעוואקסן; גורט אן דײַנע לענדן און פאר ארויס א ביסל אף דער וועלט און לאז מען דיך קענען! לאז זיי זען, די הײַנטיקע שרײַבערלעך, ווי „שלעז דער בריוול־שרײַבער" פארקאטשעט די ארבל, אנטפלעקט זײַן האנט און דרייט אויס א „ליכוויד", ווי א פײַלנבויגן, און מאכט א צוק, ווי א מאזיק! לאז זיי זען, אט די פארכעס, און זיך אראפנעמען א מוסער פון דער אמאליקער בעוורע „ווילע ינגלעך"! חזק ואמץ 1 — שטארק זיך און קרעפטיק זיך און לאז זײַן אין א גוטער, א מאזלדיקער שא, ווי עס ווינטשט דיר דײַן אלטער באווער און דײַן בעסטער פרײַנט

שאלעמ־אלייכעמ.

קאשפעריווקע, פארן דאווענען.

P. S. אויב דו וועסט פארן אף מאנאסטרישטש, וועלן מיר זיך אין לאהישין באגעגענען. נאר טאמער פארסטו אף קלייני־יורקעוועץ. וועלן מיר זיך ערשט קענען זען 6 ווערסט אונטער מאראשטשא בא דער קרעניצע.

שאלעמ־אלייכעמ.

---

1 חזק ואמץ — שטארק זיך און קרעפטיק זיך.

## IV

# פונ „שלעז דעמ בריוול־שרײַבער"
# צו „שאָלעמ־אַלײכעמענ"

בעסטער פרײַנט!

איכ האָב דיכ געפּאָלגט אונ האָב מיר אָפּשײד גענומענ פונ מײַנ „ראָדינא", פונ קאפּצעניוּוקעלע, אונ אינ א פּאָר וואָכנ ארומ וועלנ מיר זיכ שוינ קאָנענ זענ פערזענלעכ אימ־ייִרצע־האשעמ.

אכ, מײַנ געבירטע בלאָטקעלע! מיר איז שווער געווענ זיכ צע־שײדנ מיט דיר! גאָט איז יוידײע דעמ עמעס, אז ניט איכ בינ דער בײַעוו אינ דעמ. מײַנ אלטער כאווער „שאָלעמ־אַלײכעמ" זאָגט מיר: פאָר! — פאָר איכ; ער זאָגט מיר: שרײַב! — שרײַב איכ. צו וואָס דארפ מענ פאָרנ? צו וואָס דארפ מענ שרײַבנ? לאָמיכ אזוי וויסנ בײז מיט אלע מײַנע ליבע! עס איז געוואָרנ א מאָדע שרײַבנ! אמאָל, אײדער מע האָט נאָכ געוווּסט פונ דער דאָזיקער מאָדע, האָט זיכ א גראָבער־יונג געקאָנט אָפּלעבנ אלע זײַנע יאָרנ, אונ קײנער האָט ניט געוווּסט, אז ער איז אנ אמהאָרעצ; הײַנט לאָזט ער זיכ הערנ אפ דער וועלט, אונ אלע ווײסנ שוינ, אז ער איז א גראָביאנ. ווער שמועסט נאָכ אפ זשארגאָנ, האלט זיכ יעדערער פאר א מאזיק: וואָס הײסט? זשארגאָנ שרײַבנ דארפ מענ אויכ קענענ? ווער קאָנ עס ניט? יעדער ייִד, באָרעכ־האשעמ, קאָנ שרײַבנ ייִדיש... כ'לעבנ, איכ האָב דערצו קײנמאָל קײנ האסאָגע ניט געהאט — נא דיר גאָר דרוקנ דאָס, וואָס מע שרײַבט! וואָס איז? קארג ספאָרימ מיט קסאָ־ווימ האָבנ מיר געדרוקטע? מײלע פונ די הײליקע ספאָרימ רײדט מענ שוינ ניט. דאָס קער זיכ שוינ אָנ מיט גאָט אלײנ; אָבער הײַנ־טיקע, הײַנטיקע ספאָרימ! וווּנדערלעכע מײַסעס, שרעקלעכע ראָמאַ־נענ, „ווילדע דראמעס" אזוו. אשטײגער קעדוימע לעמאָשל, שאָמערס ראָמאנענ אינ 18 טײל יעדערער אונ נאָכ אזעלכע; עס ברעכט זיכ פּאָשעט דער קאָפּ! איכ ווײס ניט, שאָלעמקע, וואָס האָסטו אזעלכעס דערזענ אינ מײַנ שרײַבנ, וואָס דיר איז געפעלנ דאָס אָפּצודרוקנ? אז מע זאָגט אמאָל א נארישקײַט, דארפנ דאָס טאקע אלע וויסנ? נאָר טו, ווי דו פארשטײסט: מיסטאמע דארפ מענ דאָכ אזוי!.. אונ דו, מײַנ טײַער בלאָטקעלע, האָסט נישט וואָס פאריבל צו האָבנ אפ מיר: איכ וואָלט מיר מײַנ ביסל יאָרנ יאָקאָש דערשטעכעט אינ דײַנע געמײזעכצנ; איכ וואָלט מיר אָפּגעשטופּט מײַנ ביסל יאָרנ

צווישן מײַנע שטילע, רו:קע קאַפּצעניוקע [ר] ברידערלעך, צווישן מײַנע נאַרישע עלנטע שעפעלעך, וואָס ווייסן ניט קיין חכמעס, נאָר קיין בייז און קיין שלעכטס אויך ניט; איך וואָלט עפּשער ניט געווען אַזוי פֿאַרפּוצט, פּעיִק; איך וואָלט עפּשער פֿאַרבליבן טאַמע־וואַטע און וואָלט ניט געוווּסט קיין מעשׂים פֿון מילחמעס, ה א ר י־ ג ע ם מ י ט ב ו נ ט ן; איך וואָלט עפּשער אַזוי גוט ניט געקענט די שיינע־פּאַסקודנע, קלוג־נאַרישע וועלט מיט אירע קלינגענדע ווערטער, מיט אירע טיראַנישע טרעפּענונגען, מיט אירע צעמישטע קלערע־נישן; נאָר דערפֿאַר וואָלט איך אָבער פֿאַרבליבן אַ היימישער, אַ בעקאָוועדיקער, אַ שטיקל „איך", אַ ברעקעלע קראַפֿט צווישן דאָס מײַניקע; איך וואָלט מיר אַף שטענדיק פֿאַרבליבן אַ בריוול־שרײַבער; מײַנע ליבע ברידערלעך און שוועסטערלעך וואָלטן טאָ־מיד מיט געדולד אויסגעהערט, ווי איך לייען מײַנע בריוולעך, וואָס פֿלעגט זיי אימער געפֿעלן און צופֿרידנשטעלן; דאָרטן, אין צעבראָכע־נעם קלײַזל, דאַנערשטיק באַנאַכט אַף דער וואַרעמער לעזשאַנקע, ווען אין דרויסן ברענט דער פֿראָסט, ווען דער ווינט הוידעט און וואָיעט און פֿון די דעכער הערט זיך עפּעס אַ קלאַפּערײַ, ווי אין געזעם, וואָלט איך בײַ הייסע רעטשאַניקלעך מיט אַ גראָשנדיק ליכטל, וואָס שפּריצט אין די אויגן, אויסגעהערט געווייסע ווינטערדיקע מײַסעס: פֿון גזלנים, בייזע וועלף, וואַפּקעלאַקעס, שלאַנגען מיט זיבן קעפּ, מײַסעס פֿון די גרויסע קרירעס, פֿון דער גרויסער סריפֿע אַזוי. און איך וואָלט ניט געקענט אָט די נעס:עס מיט די אַלע וועג־פֿאַרכעס (всякую подорожную сволочь) — ושכבת עם אבותי [1] — און איך וואָלט מיר געלעגן נעבן מײַנע עלטערן, ביז עס וועט קומען דער גרויסער פֿירכטלעכער טאָג, דעמלט ווען אונ־דזערע ביינער וואָלטן זיך איינײַנעם געקאַטשעט אונטער דער ערד אין דעם הייליקן לאַנד אַרײַן, און עס וואָלט כאָטש געווען היימלע־כער. געמוטשעטע, געשלאָגענע, געבראָכענע ביינער פֿון מײַנע על־טערן! אײַער אור־אור־אייניקל, לייזער־יאָסל, בעט בײַ אײַך מעכילע, וואָס ער האָט ווידערשפּעניקט אײַער פֿאַרבאָט און האָט זיך אוועק־געלאָזט אין די ווײַטע לענדער אַרײַן, אַזוי ווי זײַן כאַווער שאָלעם האָט געפּאָדערט פֿון אים! און דו, בלאָטקעלע, האָב קיין טאַרומעס ניט אַף דײַן לייזער־יאָסלען, ווען דו האָסט געבוירן, אויסגעהאָ־דעוועט און געשטעלט אַף די פֿיס! גאָט ווייסט, צי מײַנע פֿיס וועלן

1 ושכבתי עם אבותי.

נאָכ אמאָל זינקענ אינ דער טיפעניש פונ דײַנ אָפגרונט!.. מיינ ניט, אז איכ פאָר זוכנ א ריינ וואסער אפ זיכ צו שווענקענ! דו ביסט בא מיר טײַערער פונ די אלע קוועלנדיקע וואסערנ, וואָס וואשנ קלוימערשט אָפ פונ אויבנ אונ לאָזנ איבער גרויסע פליאמעס מיט פלעקנ אינ־וויייניק אינ הארצנ! לאָז טריקענענ דאָס הארצ, וואָס פילט, לאָז דארנ די האנט, וואָס שרײַבט די דאָזיקע ווערטער, אויב איכ מיינ דיכ כאָלילע פארבײַטנ, מײַנ היימיש, ליבלעכ בלאָטקעלע! איכ האָב דיכ ליב, אזוי ווי דו ביסט, מיט אלע דײַנע כעסרוינעס; אונ טאָמער ביסטו ניט אזוי ריינ, ניט אזוי שפיגלדיק, ביסטו נישט שולדיק אינ דעמ: עס איז ניט דײַנ מיסט, עס איז ניט דײַנ קויט; איכ קאָנ דיכ פאר א ריינ, פאר א לויטער וואסערל; נאָר מע האָט דיר אָנגעפילט מיסט מיט פאסקודסטווע: — צאי לך בעקבי הצאן [1] — גיי ארויס אינ די טריט פונ די שאָפ, פונ די בעהיימעס, פונ די פערד, פונ די אייזלענ — זיי האָבנ דיכ פארפאסקודיעט... אונ אָט די אלע שקאָצים אורעמאָסימ, ראקעס אונ טשערעפאכעס, מײַז אונ זשאבעס אונ אלע אנדערע מיעסקײַטנ, וואָסווימלענ בא דיר, זענענ גאָר ניט דײַנע... אונ אז עס וועט זיכ אומקערנ דײַנ גליקלעכע צײַט, אונ דו וועסט אָפגערייניקט ווערנ, וועלנ די אלע מיעסקײַטנ צוריקערנ אינ זייערע ערטער; לאָזנ זיי זיכ דאָרטנ קוואקענ געזונטערהייט — אונ דו וועסט ווײַטער ווערנ ריינ, נאָבל, אזוי ווי אונדזערע עלטערנ דערציילנ פונ דײַנע אמאָלעדיקע צײַטנ!.. אדיע, מײַנע קאפצעניוקער ברידער אונ שוועסטער! איכ בינ ווײַט פונ אײַכ; נאָר מײַנ הארצ, מײַנ גײַסט שוועבט צווישנ אײַכ; איכ וועל עפשער קיינמאָל ניט קומענ צו אײַכ, אָבער פארגעסנ אײַכ — לאָז מיכ גאָט שטראָפנ! דאָס הארצ וויינט אינ מיר. ווער וועט אײַכ נעבעכ שרײַבנ בריוולעכ אָנ מיר? וואָס וועלנ נעבעכ טאָנ אײַערע אגונעס, גרושעס, אלמאָנעס, כאסאָנימ, קאלעס, כאזאָנימ, מעלאמדימ, שאמאָסימ אא״וו. אָנ „שלועז דעמ בריוול־שרײַבער״? — ברידער! פארשליסט אײַער פאָטשט, פארבינדט אײַערע מאסע־אוסמאָטנס, פארכאסמעט אײַערע אלע אינטערעסנ; קיינ פענ אונ קיינ טינט זאָל ניט געזענ ווערנ אינ אלע אײַערע טויערנ! איכ האָב אפילע געקלערט אײַכ איבערלאָזנ עטלעכע פאָרגריסלעכ אפ א גאנצ יאָר, איז מיר דער קאָפ לוי־אליכעמ אזוי פארשלאָגנ מ׳שטיינס־געזאָגט, אז די האנט איז מיר פונקט ווי א קאטשאנ אונ די פענ ווי א דורקאטש,

---

1 צעי לאָכ בעיקוויי האצוינ.

ראכמאָנע־ליצלאָנו! מיט וואָס פאַר א בראָכע זאָל איך אײַך בענטשן? — גיב גאָט, איר זאָלט זיך מערן, ווי די פיש פונעם יאַם און די זאַמד אף דער ערד, וואָס באַם ברעג טײַך, און איר זאָלט אָנפילן דאָס לאַנד, אין וועלכע איר זיצט, און אלע פעלקער פון דער וועלט זאָלן זיך אײַנ אײַך בענטשן — אָמיין! אדיע, מײַן טײַע־רער יִסראָליקל! פאַר הארצקלעמעניש האָב איך אפילע ניט גע־קאָנט רעכט זיך געזעגענען מיט דיר; דײַנע ביטערע טרערן וועל איך אייביק, אייביק ניט פארגעסן! אדיע, אלע מײַנע ליבע! איך פארהאָף אף דעם, וואָס לעבט אייביק, אז איר וועט נאָך הערן פון מיר אים־יִרצע־האשעם בסורעס טויוועס — אָמיין וועאָמיין.

* * *

אַן אָנגעבלאָזענער (ניט פאַר קאַס, נאָר פונעם ווינט), א ניט דערשלאָפענער בין איך פרײַטיק אינדערפרי פארן דאַוונען געקו־מען קיין קאַפּוסטעגעצ. ווי א געבאַלעוועט גראַפסקי בען־יאָכידל האָב איך מײַן פעקל אליינ ארופגעטאַסקעט אף די טרעפּ, וואָס פירן צו דעם אָרט, וווּ עס שטייען די פורלעכ. איך האָב זיך נאָך ניט אומ־פייעט ארומצוקוקן, האָבן זיך ארומ מיר, ווי ארום א בינשטאָק, צונויפגעקליבן די כעוורע קאָמיסיאָנערן פון די גאָסטיניצעס, און יעדערער פון זיי האָט זיך געסטאַרעט צו באַקומען דעם גילדענעם פאַרשוין; זיי האָבן אפּאָנעם געמיינט, אז זיי האָבן דערטאַפּט א קאָשערע מעציע און דאָ וועט מען אָפּלעקן א ביינדל; איך בין מיר דאַפקע געשטאַנען גאַנצ קאַלטבלוטיק, און עס האָט מיך גאָרניט געאַרט. — „נאַרט זיך, קינדערלעך!" — האָב איך זיך געקלערט, — „נאַרט זיך!" די גאַנצע וועלט נאַרט זיך, און ווער נאַרט זיך ניט? קאַל־יאָמײַ האָב איך מיך גענאַרט: איך בין געזעסן אין קאַפּצע־ניווקע און האָב זיך גענאַרט; איך בין ארויסגעפאָרן אף דער וועלט און נאַר זיך אויך; אָט קום איך אָן פון מאָנאַסטרישטש. וואָס האָב איך דאָרט געטאָן? איך האָב זיך גענאַרט! און וואָס בין איך געקומען אהער קיין קאַפּוסטעגעצ? זיך נאַרן! — נו, נאַרט זשע זיך אויך, ברידערלעך! וואָס אַרט עס מיך? אבי איך וויים בא זיך, אז איך האָב מיר דאָס רעכט צו פארפאָרן, ווּהין איך וויל, וואָרעמ לויט די הײַנטיקע גזיירעס איז גאַנצ מעגלעך, אז א געפּעס־טעטער פריסטאַוו זאָל ארויסגעבן אזא זאַקאָן, אז א ייִד, וואָס טראָגט א פענסנע (אזא בריל), מוז דאַפקע שטיין אין א גאָסטיניצא. נאָר געלויבט איז האשעם־יִסבאָרעכ, וואָס בא אונדז איז נאָך

פּאָרט דאָ מענטשנ־פּרײַנטלעכע געזעצנ, אַז אַ ייִד מעג שטײנ אַפילע אינ געהאַקטע ווונדנ באַ אַלדי שוואַרצע יאָר אונ קיינער טאָר אימ כאַס־וועשאָלעמ ניט נייטנ, ער זאָל דאַפקע שטײנ אינ אַ האָטעל . . . . . איכ האָב זיכ געפּאָזועוועט מיט די דאָ־זיקע פּראַוועס אונ האָב אָנגעהויבנ זוכנ אַ קוואַרטיר נאָכ מײַנ קאָוועד נאָכ. — פונדערווײַטנ האָב איכ דערזענ, ווי אַ ייִד פונ סטענגעס שטייט אונ שלעפּט צו זיכ אָרכימ מיט געוואַלד. איכ רופ אימ „אַ ייִד פונ סטענגעס", מאַכמעס די קאַפּאָטע זײַנע איז געווענ צעהאַקט אַפ לאַנגע שמאָלע שטיקער, וואָס האָבנ אַ פּאָנעמ גע־האַט ווי סטענגעס, אונ דערצו האָט ער נאָכ געהאַט אַ מוירעדיקע גרויסע, רויטע, אַרופּגעבויגענע נאָז, וואָס האָט אויסגעוויזנ ווי דער האַלדז פונ אַ פּוילישנ קליינשטעטלדיקנ ווײַנקעלער, וואָס איז געדעקט מיט רויטער בלעכ. „אָט דער ייִד פונ די סטענגעס איז מײַנער, פונ מײַנע מענטשנ!" — איז מיר אַרײַנגעפאַלנ אינ קאָפּ, אונ בינ טייקעפּ טאַקע צוגעגאַנגענ צו אימ אונ האָב אָנגעהויבנ מיט אימ אַרײַנצושמועסנ, אויב איכ וועל קענענ האָבנ באַ אימ קוואַטיר. „באַ מיר?" — האָט געזאָגט דער ייִד פונ די סטענגעס. — „באַ מיר קאָנט איר האָבנ אַנ אָרנטלעכע קוואַטיר מיט עסנ פאַר 10 קאָפּיקעס אַ טאָג..." פאַר 10 קאָפּיקעס אַ טאָג? דאָס איז דאָכ פאַר מיר אַ גילדענער פּלאַנ! ער וועט מיכ שוינ מעגנ האָדעווענ, אַזוי ווי מע האָדעוועט אינ נישוויעז די יעשיווע־לײַט ביימ יאַקרעס, אָדער אַזוי ווי אַ טאַלנער ייִדענע האָדעוועט איר בעזלגאָטנעמ זונ צוויי טאָג פאַרנ פּריזיוו, איז דאָכ אויכ ווערט 10 קאָפּ. אַ טאָג! וואָס, נײַנ עפּשער? — איכ האָב זיכ מיט אימ קימאַט ווי ניט גע־דונגענ אונ בינ מערוצע געוואָרנ צו בלײַבנ באַ אימ קוואַטיר.

דער ייִד פונ די סטענגעס האָט באַ מיר צוגענומענ מײַנ פּעקל עס איבערצוגעבנ זײַנעמ אַ מענטשנ, וועלכער וועט עס אָפּטראָגנ אַפ דער סטאַנציע. טאַקע גאָר אײַנגיכנ האָט זיכ געיאַוועט דער מענטש זײַנער; דאָס איז געווענ אַ ייִדענע אַ הויכע אונ אַ דאַרע — אַ מאָדנע ייִדענע (אונ ווענ מע זאָל עסנ ווײַבער, וואָלט מענ זי געמוזט עסנ אינ די 9 טעג, וואָרעמ זי האָט אַפ זיכ קיינ לויט פלייש ניט געהאַט) — אונ אַכוץ דעמ האָט זי געטראָגנ אַפנ פּאָנעמ דעמ געוויסנ אויגנ־שירעמ פונ גראָבנ בלויענ צוקער־פּאַפּיר. דער ייִד פונ די סטענגעס האָט איבערגעגעבנ דער פּאַפּירענער ייִדענע מײַנ פּעקל, אונ טאַקע גאָר ניט געזאַמט, האָבנ מיר זיכ אַלע דרײַ געלאָזט אינ וועג אַרײַנ.

שטיל און רויק האָבן מיר געשפּאַנט. איבער די קאַפּוסטעגע־צער שטיינער און זאַמד; קיינער פון אונדז האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט; א קליין ווינטעלע האָט געבלאָזן פון טיף ראַסיי און האָט זיך געשפּילט מיט די סטענגעס פונעם יידן, און פון דאָרט האָט ער זיך פאַרגאַנוועט אונטער דעם אויגן־שירעם פון דער פאַפּירענער יידענע און האָט זיך אריינגעכאַפּט צו מיר אין אַלע קעשענעס און האָט דאָרט געאַרבעט, געהודעט, געקערט די וועלט...

אין א קליינע צייט אַרום זענען מיר אריינגעטרעטן אין א גרויסן הויף, געצוימט מיט א פּאַרקאַן, אין די לעכער פון וועלכן א בויד מיט פיר סוסים האָבן זיך געקאָנט גאַנץ לייכט אויסקערעווען. דאָ האָט זיך דער ייִד פון די סטענגעס אָפּגעשטעלט, און די פּאַפּירענע יידענע האָט אוועקגעלייגט מיין פּעקל. — אין אָנפאַנג האָב איך געמיינט, אַז זיי האָבן זיך דאָ געשטעלט אָפּרוען און נאָך דעם וועלן מיר פאָרן ווייטער; נאָר באַלד בין איך געוואָר געוואָרן, אַז דאָ אין הויף איז טאַקע די גילדענע אכסאַניע; און דער באַלעבאָס, דאָס הייסט דער ייִד פון די סטענגעס, האָט מיר ערקלערט, אַז ער האָט באַזונדער א ווינטער־האָטעל, און דער הויף איז בא אים א זומערדיקע וווינונג (קעמינג דאַטשע, ראַכמאָנע־ליצלאַן).

— ניט צו פאַרזינדיקן, זעט איר, וויפל אָרכים בא מיר איז דאָ? — האָט צו מיר געזאָגט דער ייִד פון די סטענגעס. — זומער לעבן! די לופט איז מעכייע־נעפאָשעס! (די אַלטע מייסע מיט דער לופט).

איך בין שוין געווען צופרידן צו בלייבן בא אים אין הויף־קוואַטיר; נאָר הערט א געשיכטע, וואָס עס קען זיך טרעפן: איך האָב מיך נאָך ניט אויסגעפּייעט ארומצוקוקן און א ביסל געוווינט ווערן מיט מיין נייער קוואַרטיר, איז צו מיר פּלוצלים צוגעגאַנגען א שוואַרץ מיידל (א ברונעטקע) לעערעך פון א יאָר אכצן, וועלכע האָט געהאַט אף דעם לינקן האַלבן פּאָנעם א בראָדעווקע, באַוואַקסן פון מיזראָכים־צפונים־זייט מיט בלאָנדע האָר, און דערצו האָט זי געהאַט א טשיקאַווע גראָבע און א מוירעדיקע אנטוויקלטע נאָז, גאָר ניט נאָך אירע יאָרן; דאָס הייסט, נאָך מיין מיינונג נאָך, איז די נאָז געווען עלטער פונעם מיידל צום ווייניקסטנס מיט א יאָר אכט אָדער צען. און אייגנטלעך איז דאָס גאָר ניט געווען א מיידל מיט א נאָז, וואָרעם „מיידל" איז אין דעם באַשעפעניש געווען א סאַך ווייניקער ווי נאָז; גיכער איז דאָס געווען א נאָז מיט א מיידל.
און צו דעם אַלעמען האָט זי זיך שטאַרק זאַהיקעט:

— גנגגיט מממממיר גנגנגעלט אינ מממממארק ארײַנ! — האָט זי מיר געזאָגט.

נאָר דו מוזט וויסנ, אז עס האָט גענוג געדויערט, ביז זי האָט זיכ אויסגעגימלט אונ אויסגעמעמלט.

— וואָס הייסט דאָס? וואָס איז דאָס פאר א געלט? — האָב איכ געפרעגט זייער פארוווּנדערט, מיכ אומקוקנדיק צו דעמ אָרט, ווו עס איז געשטאַנענ דער באַלעבאָס.

— וואָס איז דאָס פאר א שאַלע? — האָט מיר געענטפערט דער באַלעבאָס, ניט ווייניקער פארוווּנדערט. — עס איז דאָכ שוינ צײַט עפּעס איבערצובײַסנ! מיר האָבנ נאָכ קיינער אינ מויל ניט געהאַט! גיט, זײַט מויכל, געלט, וועט מענ גיינ עפּעס קויפנ אונ צוגרייטנ.

— וואָס זשע עפּעס איכ זאָל געבנ געלט? — האָב איכ ווײַטער געפרעגט.

— צו מײַנע סאָנימס קעפּ! — האָט גיכער אופגעשריגנ דער באַלעבאָס, — מיר האָבנ דאָכ גערעדט 10 קאָפּיקעס א טאָג מיט עסנ!!..

אָט דעמלט האָב איכ ערשט פארשטאַנענ דעמ טאַעס, וואָס דאָ איז געווענ; אינ די ווערטער „מיט עסנ" האָבנ מיר זיכ ביידע גענאַרט: איכ האָב געמיינט, אז ער זאָל מיר געבנ עסנ, אונ ער האָט געמיינט פונקט פארקערט — איכ זאָל אימ מיט זײַנ געזינדל געבנ עסנ!.. ווי מיינסטו? א רעכטער פּלאַנ פאר מיר, כ'לעבנ! דו מוזט וויסנ זײַנ, ליבער שאָלעמ, אז דער ייִד פונ די סטענגעס מערט זיכ גאָר קיינ מײַסע ניט; ער האָט כאַסענע געהאַט נאָכ אינ די „בעהאָלעס" אונ פונ דענסטמאָל שטעלט ער צו, ווי א ריכטיקער פּאָדריאַטשיק, אַלע אַנדערהאַלבנ יאָר א פּאָר נעפאַשעסלעכ, אָדער ריכטיקער, א פּאָר נעזולעכ (אזוי ווי אויבנ איז געשטאַנענ). מיילע, עס איז שוינ קיינ רעדע ניט, אז איכ בינ ניט מערוצע געווענ צו האָדעווענ אזא מאַכנע מיט נעז אונ האָב זיכ אָפּגעזאָגט פונ דער „לופטיקער" קוואַטיר.

עס איז אפילע באַלד געוואָרנ א פּלאַנ, אז איכ זאָל פּאָרט בלײַבנ אינ דער קוואַטיר; אונ דאָ האָט מיר דער ייִד פונ די סטענגעס דערציילט, אז א סאַכ פונ זײַנע אָרכימ שטייענ בא אימ קוואַטיר אָנ געלט, נאָר דערפאַר, וואָס זיי טוענ אינ שטוב עפּעס א מעלאָכע.

— טאָמער קענט איר עפּעס א מעלאָכע? — האָט ער מיר פאָרגעלייגט — קענט איר בא מיר בלײַבנ אָנ געלט; עס גייט צו

ווינטער; די נעכט זענענ גרויס; מאָמער קענט איר פאַרמערעזשענ זאַקנ, פרעגלען שמאַלצ, פליקנ פעדערנ? און אהינצוצו ווינטער וואָלט איר קענען שמורע רעדלעכ, מאַצע־מעל קלאַפּנ אדג., און פונ מיינ זייט, קענ איכ אייכ צוזאָגנ, אז איכ וויל אייכ באַשטעלנ א נעגידיש הויז אפ שאָלאָכמאָנעס טרעגנ, און איר וואָלט מיט גאָטס הילפ בא דעם גאַנצ שיינ פאַרדינט.

דאָס אַלעס וואָלט טאַקע פאַר מיר זייער גוט געווענ; נאָר וואָס קענ איכ טאָנ, אז איכ בינ, באָרעכ־האַשעמ, א לוי־יוצלעכ לעשומ מעלאָכע? די סליגע איז מיר איבערגעגאַנגענ, אז איכ האָב געזענ פונוויטנ, ווי איינער פונ די אָרכימ, זייער א פיינער ייד מיט בלויע ברילנ, אַרבעט אונטער א פאָר זאַקנ; דער אַנדערער זיצט אפ דער ערד און שטויסט קרענד; א דריטער וואַשט אונטער קעלישקעס אזוי. נאָר איכ, שלעז, בינ אזא פאַרפאַלענער, אזא טויגעניכצ! מענטשנ לעבנ, דערנערנ זיכ, האָבנ א שטיקל פּראָפעסיע אינ די הענט; נאָר איכ בינ אזא קאַליקע! און וואָס זאָל איכ טאָנ? איצטער זיכ אָנהייבנ לערנענ א מעלאָכע איז שוינ צו שפּעט: עס איז שוינ ניט די צייט, ניט די יאָרנ...

מיט א פאַרביטערט, פאַרשטיינערט האַרצ, קימאַט מיט טרערנ אינ די אויגנ, האָב איכ זיכ געזעגנט מיט מיינ קוואַטיר און האָב אָנגעהויבנ צו זוכנ א נייע סטאַנציע אָנ מ ע ל אָ כ ע ס.

גיכ, נאָכ גיכער, ווי מע האָט גענומענ פלעוונע, האָב איכ באַקומענ א נייע קוואַטיר נאָכ מיינ קאַווער נאָכ און טאַקע נאָכ מיינ געלט נאָכ. מיט מיינ נייער קוואַטיר איז אפילע אויכ א גאַנצע געשיכטע; נאָר איכ וויל דיכ שוינ ניט באַמיִענ היינטיקס מאָל און לייג דאָס אָפּ אפ נאָכ יאָמטעוו איבער־יודצע־האַשעמ; דערמאָלט וועל איכ דיר שוינ אָפּענטפערנ אפ דיינ בריוו מיקויעכ אונדזער יִסראָעליקס קינדער אויכ, וואָס זיי אינטערעסירנ דיכ אזוי שטאַרק. וועסטו זענ, אז דיינ כאַווער לייזער־יאָסל, דער קאַפּצעניוקער בריוול־שרייבער, האָט זיכ זיינ באַמערקונג. זיינ הומאָנע אינ דער וועלט, נאָר פאַר־שעט, אָנ באַכמעס און אָנ קונצנ...

און וואָס מאַכ איכ? ווילסטו דאָכ וויסנ.

,,איכ בינ באָרעכ־האַשעמ אינ גאַנצנ געזונט!..״

אויב דו פאַרשטייסט ניט, וואָס איכ מיינ, וועל איכ דיכ אופקלערנ.

בא אונדז אינ דער דויקאָווגע וועלט, ד.ה. צווישנ דער כעוורע דאַלייסימ, אז מע שרייבט א בריוול, איז ניט אזוי ווי אינ דער

מאָכרישער וועלט; הייבט זיך אָן מיט געזונט און עס לאָזט זיך אויס מיט געזונט: „איך בין באָרעב־האשעמ געזונט; מײַן ווײַב איז געזונט; מײַנע קינדער זענען געזונט; די ביסט געזונט; אַלע אונדזערע ליבע זענען געזונט; האשעמ־ייִסבאָרעך זאָל געבן, מיר זאָלן זיך זען מיט געזונט אזוי...״ איך האָב ניט אזויפיל האָר אין קאָפּ, וויפל בריוולעך איך האָב אָפּ מײַן לעבן שוין איבערגעשריבן; דערום זאָלסטו האָבן א קלאָל־גאָדל פון לייזער־יאָסלען: וואָס ווייניקער געזונט אין בריוו, איז אַלץ מער געזונט אין בויך און שאָלעמווערשאלווע אין קעשענע, און וואָס מער געזונט אין בריוו, איז אַלץ מער צאָרעס מיט קרענק אין קעשענע... און אַז דו לייענסט א בריוו: „איך בין באָרעב־האשעמ אינגאנצן געזונט און שטארק אָפּ אַלע אייוורים, גיב גאָט דאָס זעלבע פון אײַך צו הערן...״ זאָלסטו וויסן, אַז עס איז א ליגן; עס דארף גאָר שטיין אזוי: „און עס פּײַפט, און עס סווישטשעט, און עס הודעט, און עס פּישטשעט אין אַלע קעשענעס!..״

ליבסטער „שאָלעמ־אַלייכעמ״!
צי לעב איך גליקלעך? צי לײַד איך שמערצן?
וואָס מאַך איך? ווי גייט עס מיר אצינד?
דאָס אַלעס ליגט אין דעם זאַץ דעם קורצן:
„איך בין באָרעב־האשעמ אינגאנצן געזונט!..״

דײַנער אָפּ אייביק — שלעז דער בריוול־שרײַבער.

קאפּוסטעווקע, ביינ־מינכע־לעמײַרעוו.

P. S. זע נאָר, שאָלעמ, מיר דאכט, אַז דו האָסט שלעכט געקוקט אין דער געאָגראפיע: לויט דײַן מארשרוט נאָך וואָלטן מיר זיך שוין לאַנג באדארפט באגעגענען, און צום סאָפּ ביסטו אין קאשפּעריווקע און איך — אין קאפּוסטעווקע, דה, עטלעכע טויזנט מײַל זענען מיר איינער פון דעם אנדערן! איך האָב מוירע, אַז מיר זאָלן אזוי ווײַט ניט פארפאָרן, ביז קיין בריוול וועט שוין אויך ניט קאָנען אָנקומען. שלעכט, ברודער. מע דארף זיך נעמען לינקס, קיין צאָפּן־זײַט!

שלעז דער בריוול־שרײַבער.

# טײבעלע

עס איזט אײנע אַלטע געשיכטע,
דאָך בלײַבט זי אימער נײַן;
אונד ועמ זי יוסט פּאסירטע,
דעמ בריכט דאס הערצ ענטצוױ...
(הײנריכ הײנע).

## I

אינ א קלײנ ליכטיק צימער, בא א קלײנ אָפנ פענצטער, איז געזעסנ טײַבעלע, א יונג מײדל פונ א יאָר אכצנ, מיט אנ ארבעט אינ די הענט. איר שײנ ליכטיק פּאָנעם האָט באװיזנ, אז זי איז צופרידנ; אירע טונקעלע, גלענצנדיקע אױגנ האָבנ געברענט װי פײַער, אירע שװארצע געקרײַזלטע קורצ אונטערגעשױרענע האָר האָבנ פארשטעלט פונ בײדע זײַטנ אירע פארפלאמטע באקנ, אונ אפ איר קלײנ מײַלכל האָט געשפּילט א צופרידענער שמײכל; מיט אירע קלײנע װײַסע הענטלעך האָט זי אװעקגעלײגט די ארבעט אָנ א זײַט, האָט א װאָרפ געטאָנ מיט דעמ קאָפּ, פארשארט די האָר, צונױפגעלײגט בײדע הענט אפ דעמ הארצנ אונ האָט געװאָרפנ אירע שײנע שװארצע אױגנ אפ דעמ יונגנמאנ, װאָס איז געזעסנ אקעגנ איר אונ האָט געלעזנ א בריװ. דאָס איז געװעזנ א הױכער שײנער מאנ פונ א יאָר צװאנציק, מיט א װײַס קײַלעכיק געזיכט, מיט בלױע אױגנ אונ בלאָנדע האָר. געקלײדט איז ער געװענ זײער עלעגאנט, אײראָפּעיש, װי אונדזערע האלב־אריסטאָקראטישע גװיר־רישע קינדער; א שװערע מאסיװע גאָלדענע קײט מיט זײער א טײַערנ שטײנ אײַנגעזעצט אינ דעמ רינג, װאָס ער האָט געטראָגנ, אונ דערצו זײַנ רײנ װײַס געזיכט מיט זײַנע אױסגעגלעטע װײַסע הענט האָבנ געװיזנ, אז ער איז געװאקסנ בא רײַכע עלטערנ אונ האָט נאָכ ניט געװוסט, װאָס הײסט ארבעטנ אינ דער װעלט אונ פונװאנענ רײַכקײַט נעמט זיכ. דאָס איז געװיס א ייִדישער פינאנצ־

פרינצ — איינער פון די, וואָס גלייבנ ניט דעמ, וואָס באַקלאָגט זיכ אַפּ דער שלעכטער צײַט, און מיינט, אַז ע ר ד אַ ר פ אַזוי לעבנ, און דער אַנדערער — דער אַנדערער לאָז זיכ לעבנ, ווי ער פאַרשטייט... נאָר מיר וועלנ זיכ נאָכ באַקענענ גאַנצ נאָענט מיט אונדזער העלד.

— מאָריצ! וואָס קלערט איר צו ענטפערנ דער מוטער אַפּ דעמ בריוו? — האָט אימ דאָס מיידל פּלוצעמ אַ פרעג געטאָן. מאָריצ איז רויט געוואָרנ און האָט איר ניט באַלד געקאָנט ענטפערנ; ער איז אופגעשטאַנענ פון דעמ בענקל און איז זיכ אַ פּאָר מאָל דורכ־געגאַנגענ הינ און צוריק; דערנאָכ האָט ער זיכ געזעצט נעבנ דעמ מיידל און האָט גענומענ איר האַנט אינ זײַנע הענט און האָט לאַנג געקוקט איר אינ די אויגנ. ער האָט געזאָגט צו איר:

— וואָס פרעגט איר מיכ עפּעס הײַנט, וואָס איכ קלער איר צו ענטפערנ אַפּ איר בריוו? דאָס זעלבע, וואָס אַפּ אַלע אירע בריוו...

דאָס מיידל האָט אַ ביסל נאָכגעטראַכט און האָט שטיל אַרויסגע־צויגנ איר האַנט פון זײַנע הענט און האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגנ. מאָריצ האָט זיכ אײַנגעבויגנ און האָט איר געוואָלט אַ קוק טאָנ אינ פּאָנעמ; זי האָט אימ מיטביידע הענט אַרומגעכאַפּט דעמ האַלדז און האָט אימ לאַנג געקושט אינ קאָפּ און אינ די אויגנ.

— טײַערער, טײַערער מאָריצ, דו ביסט מײַנ פרײַנט! טײַערער מאָריצ! זײַ מיר מוחל, איכ בינ אַ שלעכטע; באַשטראָפ מיכ, איכ בינ דיכ ניט ווערט: איכ קלער אַפּ דיר שלעכטס... אַז דו גייסט אוועק, און איכ זע־דיכ ניט, ווערסטו באַ מיר אָנ דעמ גאַנצנ גלאַנצ; דו ווײַזט מיר אויס קליינ, אָרעמ, נידעריק, פאַלש, נאָכ ערגער פון פאַלש — שוואַכ, שוואַכ!! מאָריצ! איכ האָב פײַנט אַ שוואַכנ מענטשנ אָנ אַ כאַראַק־טער, — ערגער, הונדערט מאָל ערגער פון אַ פאַלשנ, פון אַ מערדער; דער מערדער איז אַ שלעכטער מענטש, נאָר אַ מענטש; אָבער דער „בעזכאַראַקטערנע" איז גאָר קיינ מענטש ניט באַ מיר — אַ פליג, אַ וואָרעמ...

באַ די ווערטער האָט טײַבעלע אַרויסגעלאָזט מאָריצנ פון אירע אָרעמס און איז ווידער געבליבנ זיצנ שטיל און האָט נאָר געקוקט אַפּ אימ. מאָריצ איז געוועזנ פאַרווונדערט איבער איר הײַנטיקער אופי־רונג; ער האָט געזענ, אַז זי איז הײַנט צערודערט: אָט ווערט זי לעבע־דיק און מונטער, און אָט ווערט זי פאַרטראַכט און עפּעס אַזוי אומעט־טיק, אַז דאָס האַרצ קאָנ צעריסנ ווערנ, קוקנדיק אַפּ איר בלאַס גע־זיכט; עס איז עפּעס ניט קעדערעכ־האַטעווע.

— טײַבעלע! מײַן טײַערע! דו ביסט הײַנט ניט מיט אַלעמען. זאָג דעם עמעס, וואָס איז מיט דיר? וואָס קלערסטו איצט? וואָס זענען דײַנע שיינע אויגן אַזוי פֿאַרטראַכט? וואָס באַדײַט דער וואָלקן, וואָס ווערט פּלוצעם איבערגעצויגן אַף דײַן שיין געזיכט? איך קען דיך ניט פֿון נעכטן, דאַכט זיך,—זאָג, וואָס איז מיט דיר? דו צווייפֿלסט אין מיר? אין דײַן מאַריצן? דו ווייסט, וויאַזוי איך האָב דיך ליב, איך דאַרף דאָס דיר ניט דערציילן...

— איר דאַרפֿט דאָס מיר ניט דערציילן, — האָט טײַבעלע איבער־געזאָגט זײַנע ווערטער פֿאַרטראַכט, ווי פֿריִער.

— וואָס זשע דען? וואָס זשע דען זאָל איך קלערן? מיר וועלן דאָך באַלד — דו ווייסט? — מיר וועלן דאָך באַלד גליקלעך זײַן: מײַן מוטער וועט נאָר פֿון קאַרלסבאַד קומען, זאָג איך איר באַלד מײַנע פּלאַנען; זי וועט זיך דאָס דערפֿרייען: זי וועט דיך אַרומנעמען, ווי אַ קינד...

— אַך, מאַריץ, מאַריץ! איר זענט יאָ אַ קינד. און דערצו נאָך אַ פֿאַרצערטלט קינד! איר רעדט זיך אַליין אײַן גאָט ווייסט וואָס. פֿאַר נאַרישקײַטן און ווילט נישט קוקן אַף דער אַנדערער זײַט פֿון דער מאַטבייע... איר האָט דאָך ערשט אַליין געלייענט איר בריוו! איר פֿאַר־שטייט דען ניט, צוליב וואָס זי דולט אײַך אַ קאָפּ מיט דער פֿאַמיליע נאַטקין און מיט די זעלטענע מײַלעס פֿון דער מאַמזעל נאַטקין, וועל־כע האָט זיך, נאָך די ווערטער פֿון אײַער מוטער, קימאַט פֿאַרליבט אין אײַער פּאָרטרעט?..

— נו, ווער הערט זי! — האָט מאַריץ געענטפֿערט, אַרומגייענדיק איבער דעם צימער. — איך לעב ניט מיט דער מאַמעס סייכל, איך בין ניט דער „מאַמעס קינד“... זי וועט ניט וועלן? וואָס הייסט? פֿאַרוואָס זאָל זי ניט וועלן? ווײַל מײַן כּלה האָט קיין געלט ניט? נאַרישקײַט! איך האָב אַליין געלט און דאַרף גאָר ניט קיין געלט! יחוס? וואָס טויג מיר יחוס? זי וועט מוירע האָבן פֿאַר ייִדישע מײַלער: מע וועט זאָגן, אַז מאַריץ, גאָלדע זילבערמאַנס בען־יאָכיד, האָט כאַסענע געהאַט פֿאַר אַן אָרעם מיידל, וואָס קיינער ווייסט זי ניט? ווער הערט זיי? וואָס בין איך — אַ קינד? איך בין אַ מאַנספּערזאָן! איך קאָן באַשטיין פֿאַר זיך! איך בין פֿרײַ: קיינער סמייעט ניט מיר צו שטערן מײַן גליק, אַפֿילע מײַן מאַמער! איך גיי באַלד אַהיים און שרײַב איר אַ בריוו... און שיק איר הײַנט אַ דעפּעש... איך גיי שוין די רעגע...

וואָס ווײַטער מאַריץ האָט גערעדט, איז ער אַלץ מער פֿאַרפֿלאַמט געוואָרן. מע האָט געזען, אַז ער רעדט דאָס ערנסט, מיט געפֿיל, מיט

דעם גאנצנ הארצנ, מיט דעם רעכטנ עמעס... טײַבעלע אָבער איז לאנגזאם צוגעגאנגענ צו אים אונ האָט איט אָנגערירט בא דער האנט.

— מאָריצ, גענוג! איך זאָג ניט אזוי: מע דארפ ניט טעלעגראַ־פירנ קײנ קארלסבאד; איצער מוטער דארפ גיכ קומענ אהײמ; מיר װעלנ נאָכ האָבנ צײַט איר צו זאָגנ...

מאָריצ איז א ביסל געשטילט געװאָרנ אונ האָט געזאָגט:

— נו, װעל איכ איר כאָטש א בריװ שרײַבנ, אז איכ בינ אזוי גליקלעכ...

— מאָריצ! מע דארפ דאָס אויכ ניט! זי װעט ניט פארשטײנ אײַער גליק; זי קאָנ דאָס ניט פארשטײנ... אָבער אז זי װעט קומענ, אונ איר װעט מיט איר פערזענלעכ רעדנ, װעט דאָס אנדערש זײַנ... איצט גײט אהײמ: עס איז שױנ זײגער צװײ. קומט ניט הײַנט, קומט מאָרגנ פרי; איכ בינ הײַנט פארנומענ א גאנצנ טאָג — אדיע!

מאָריצ האָט אפ זיכ ארופגעװאָרפנ דעם אויבער־ראָק, ער האָט אָפּגעזוכט דעם הוט מיט דעם שטעקנ אונ האָט זיכ געקליבנ אװעק־צוגײנ; ער איז צוגעגאנגענ צו טײַבעלענ אונ האָט איר געגעבנ די האנט.

— דו גליײבסט מיר? טײַערע!..

— מאָריצ! — האָט זי אים געענטפערט, אונ אירע אויגנ האָבנ זיכ װידער אָנגעצונדנ. — מאָריצ! איכ גלײב דיר! טײַערער, טײַערער מאָריצ! זײַ מיר מוחל מײַנע נארישע געדאנקענ... איכ גלײב דיר, מאָריצ, דו ביסט מײַנ לעבנ...

מאָריצ איז שױנ געשטאנענ בא דער טיר; טײַבעלע האָט אים צוריק צוגערופנ אונ האָט אים געזאָגט:

— מאָריצ! איכ בינ אינגאנצנ דײַנע... דו ביסט בא מיר אלצ... אָג דיר בינ איכ גאָרנישט, מאָריצ! אז דו גײסט נאָר ארויס פונ דער טיר, װײַזט זיכ מיר אויס, אז איכ װעל דיכ שױנ מער ניט זענ... װאָס װעל איכ טאָנ? — זײַ מיר מוחל, טײַערער פרײַנט מײַנער! דײַנ טײַ־בעלע איז א נאריש קינד, א קאפריזנע מײדל, כא־כא־כא!

מאָריצ איז אװעקגעגאנגענ פארטיפט אינ געדאנקענ: ער האָט גאָר ניט געקאָנט פארשטײנ אירע װערטער, איר געלעכטער... ער װאָלט זיכ אָבער נאָכ מער פארװוּנדערט, װענ ער זאָל זיכ געװענ אומקערנ צוריק: ער װאָלט געטראָפנ טײַבעלענ אינ בעט, באגאָסנ מיט הײסע ביטערע טרערנ...

# II

מאַריצ זילבערמאַנ האָט אמאָל, מיט א יאָר צענ פריִער, געהייסנ „מייער", אונ זײַנ מוטער, גאָלדע רעב מייערס, רופט אימ נאָכ הײַנט אויכ „מייערל". נאָר זינט די ציוויליזאציע האָט אָנגעהויבנ ארײַנקוקנ צו אונדזוערע ברידער אויכ, האָבנ מיר זיכ דערשראָקנ פאר איר אונ האָבנ זיכ באלד געכאַפּט צו די קליידער מיט די נעמענ: די אטלעסענע זשופּעצע מיט דעמ קײַלעכיקנ שטרײַמל איז פארביטנ געוואָרנ אפּ א קורצנ פּראַק מיט א צילינדערהוט, אונ דער נעכטיקער מייער בערלס, זאָרעכ נאפּטאָלעס אונ קאלמענ רעב וועלוולס זענענ פּלוצעמ געוואָרנ מאָריצ באָריסאָוויטש, זאכאר פאנטעלעמאָנאָוויטש אונ קלימענטי ולאדימיראָוויטש... מייערל, וועלכנ מיר מוזנ אָנרופנ ווי ער וויל — „מאָריצ", איז געוואַקסנ א יאָסעמ בא זײַנ רײַכער מוטער, גאָלדע זילבערמאַנ, אָדער גאָלדע רעב מייערס, — איר פאָטער רעב מייער איז געווענ זייער אנ „אָדאָמ כאָשעוו"; אינ די יונגע יאָרנ איז ער געווענ א פּאָשעטער ארענדאר, נאָר דער פּאָרעצ האָט אימ זייער ליב געהאט אונ האָט אימ געמאכט פאר דעמ ערשטנ פאקטאָר אינ הויפ. רעב מייער האָט באקומענ עטלעכע קערבלעכ, אונ אז דער פּאָרעצ איז „מעס" געוואָרנ אונ האָט קיינ קינדער ניט איבערגעלאָזט, איז ער געוואָרנ בא דער פריצע א „בענ־באַיִס" אונ האָט מיט איר אזוי לאנג געהאנדלט, ביז רעב מייער איז געוואָרנ דער פּאָרעצ, אונ די פריצע האָט גענומענ בא אימ פּענסיע. רעב מייער איז געוואָרנ גרויס, האָט באקומענ א נאָמענ, האָט אָנגעהויבנ פאָרנ צומ רעבנ... אפּ דער עלטער איז רעב מייער ארויסגעפאָרנ קיינ נ., האָט אָנגעהויבנ פּראוועג שאלע־סודעסנ, אונ „כעוורע" האָבנ אימ געמאכט דעמ נאָמענ אזוי גרויס, ביז ער האָט זיכ מעשאדעכ געווענ מיט דעמ רעבנס א שוועסטער אונ האָט געקויפט פאר הונדערט טויזנט רובל אנ אײדעמ א צאצקע פאר זײַנ באַס־יעכידע, גאָלדעניו, אונ איז בארוט געשטאָרבנ. דער אײדעמ, די צאצקע, רעב מאָטעלע, איז טאקע געווענ א גילדערנער יונגערמאַנ, א טאכשיט, אונ האָט ניט געוווּסט קיינ צוראס־מאטבייע. ער איז אָבער געווענ א קראנקער, האָט ער זיכ אָפּגעמוטשעט עטלעכע יאָר אונ איז געשטאָרבנ אונ איבערגעלאָזט גאָלדענ א יונגע אלמאָנע פונ דרײַ אונ צוואנציק יאָר מיט א קליינ קינד פונ צוויי יאָר. גאָלדע האָט שוינ דאָס צווייטע מאָל ניט געוואָלט כאסענע האָבנ (דאָס איז בא אונדז אפילע זעלטנ), קעדיי איר מייערל זאָל ניט דארפנ אָנקומענ צו א שטיפ־פאָטער. זי האָט איר גאנצ לעבנ אוועקגעשענקט מייערלענ, וועלכער איז

אופגעצויגנ געווארנ אפ זײַד מיט אלערליי פארגעניגנס. ביז צענ יאר האט מענ אימ געהאלטנ מעלאמדימ, אונ מייערל האט זייער גוט געלערנט. גאלדע האט אבער געוואלט, ער זאל קענענ אלצ אפ דער וועלט. קיינ געלט האט זי ניט געקארגט. זי האט געזען, ווי אנדערע גווירימ לאזנ לערנענ זייערע קינדער, האט זי אימ אויכ צוגענומענ א פראנצויז אינ שטוב ארײַנ, מיט א לערער אפ רוסיש אונ דײַטש; מע האט אימ געלערנט פיאנע שפילנ, טאנצנ, רײַטנ אפ א פערד אונ „עטיקעטע" (דערעכ־ערעצ) — ווי׳אזוי צו גיינ, צו רעדנ אונ זיכ צו באנעמענ צווישנ מענטשנ. גאלדע האט אבער געוואלט, ער זאל דערצו זײַנ אנ ערלעכער יײד אויכ. צו דער „בארמיצווע" האט מייערל געזאגט פאר אנ אוילעמ זייער א פײַנע דראשע, וועלכע האט געקאסט גענוג געלט אונ אפ וועלכער ער האט נעבעכ גענוג געהארעוועט, כאטש ער האט זי אליינ ווינציק־וואס פארשטאנענ, אונ אז ער איז געקומענ כאמע צומ רעכטנ שפיצ, ווי מע דארפ אויסבייגנ דעמ גראבנ פינגער, האט אימ ליפע־קנאבל (אזוי האט געהייסנ דער געמארע־מעלאמעד) שיר אײַנגעשלונגענ, אונ רעב געצל דער ראיענ איז געזעסנ אפ אזא שטייגער, ווי קאפערניק אינ דער מינוט, ווענ ער איז געפאלנ אפ דער האמצאע, אז די ערד דרייט זיכ. אונ גאלדע? גאלדע האט געוויינט מיט זיסע גליקלעכע טרערנ אונ האט נאכדעמ דרײַ טאג קעסיידער אלע רענע געשיקט נאכ ליפשע די גראבע, זי זאל אפשפרעכנ מייערלענ א גוט־אויג... אזוי איז ער געוואקסנ. דאס, וואס בא אונדז האלט מענ פאר אנ אידעאל — „א ביסל אהינ, א ביסל אהער", פונ יעדער זאכ דאס אייבערשטע, נאר אינ עמעס ארײַנ — אנ טוירע, אנ כאכמע, אנ וויסנשאפט, ניט אויסגעסוויסטשעט, ניט אויסגעבילדעט דעמ סייכל... אלצ איז בארעכנט צו גלאנצנ פונ אויבנ, קעדיי מע זאל קאנענ טאנ א שיינעמ שידעכ. דער שאדכנ שרײַבט אפ דעמ כאסנ, אז ער איז א „מושלעמ", א „גאנצער מענטש", „צו גאט אונ צו לײַט", מע גיט אימ א סאכ נאדנ מיט א קאלע, אונ אזוי גייט פארבײַ זײַנ יוגנט, אונ אז ער ווערט עלטער אונ גייט ארויס אפ דער וועלט, זעט מענ ערשט דעמלט ארויס, ווי די דערציִונג האט אפ אימ געווירקט... מייערל האט געהאט אזא דערציִונג ביז זיבעצנ יאר, ביז די געלעגנהײַט האט אימ צוזאמענגעבראכט מיט פעלדמאנענ, מיט וועלכנ מיר וועלנ אונדזער לעזער באלד באקאנט מאכנ.

## III

מיכאל פעלדמאנ איז געווענ איינער פונ די, וואס האבנ זיכ געשלאגנ פאר דער „האסקאלע" אונ זענענ מיט גוואלד געווארנ „מאסקילים". זיי זענענ געווענ א גאנצע קאמפאניע יונגעלײט, וואס זענענ געזעסנ אפ קעסט אונ האבנ געשטודירט אינ קלויז, אלע אפ איינ פארקולטעט: געריסנ די געמארע, געבאקנ קארטאפלעס, געגאנוועט ליכט פונ די יארצײטנ, געשמיסנ דעמ שאמעס אונ געטאנ נאכ אזעלכע וויכטיקע זאכנ... דאס איז געווענ אינ דער צײט, וואס יידנ האבנ נאכ פונ קיינ גימנאזיעס ניט געהערט — ווער שמועסט אינ די קליינע שטעטלעכ, ווו מע האט מאפוס מיט שולמאנס ביכלעכ געברענט. אונ ווער עס האט בינגייווע געלייענט דעמ „המגיד", „המליץ", „קול מבשר", דער האט געהייסנ „אפיקוירעס"... פעלדמאנ האט ערגעצ געקראגנ דעמ „תעודה"[1] מיט דעמ „זרובבל"[2] אונ האט זיי געלייענט פאר די כאוויירימ, ביז רעב פיניוויש דער לאנגער, וואס פלעגט אויכ לערנענ אינ קלויז, האט זיי געמאסערט צו דעמ גוויר פונ דער שטאט, רעב נאכמענ פליאסק, אונ עס איז געווארנ א ווילדער קאס אינ שטאט. רעב נאכמענ איז געווענ זייער א פרומער ייד; ער האט געלעבט פונ פראצענט אונ פלעגט עסנ ארעמעלײט מיט די ביינער, אונ אפשרײבנ אנ ארעמאנ די בעבעכעס פאר צענ רובל פראצענט איז בא אימ קיינ נאווינע ניט געווענ, נאר קיינ אוולעס האט ער ניט געקאנט לײדנ — ער האט די אלע ביכלעכ געהייסנ פארברענענ, אונ דעמ „אפס דמים"[3] האט ער פריער אליינ צעריסנ אפ פיצ־פיצלעכ אונ דערנאכ ערשט פארברענט. די יונגעלײט האט ער צעטריבנ פונ דער קלויז: איינִיקע פונ זיי האט מענ אפגעשיקט צומ רעבנ אפ טיקנ, אונ פעלדמאנענ, דעמ רעכטנ סאמ, האט מענ געגייט, ער זאל געטנ דאס ווײב אונ פארנ „ווו דער שווארצער פעפער וואקסט"... פעלדמאנ איז אוועקגעפארנ קיינ זשיטאמיר אינ דער ראבינער־שול; ער האט דארט געענדיקט אונ איז אוועק קיינ פעטערבורג אינ דער אוניווערסיטעט. נאר די לעבנס־מיטל מיט דעמ פעטערבורגער קלימאט האבנ אימ ניט ערלויבט צו לערנענ ווײטער, איז ער געקומענ קיינ נ., ווו עס קומט פאר אונדזער געשיכטע. ער האט דא געהאט איינִיקע פרײנט, גאנצ רײכע לײט, נאר

1 טעודאָ.

2 זרובאָוועל.

3 „עפעס דאָמימ".

ער האָט אָבער באַ זיי ניט געוואָלט זײַנ און האָט געלעבט פונ שטונדנ. זײַנ געזונט, וועלכעס איז אָפּגעשוואכט געוואָרנ אינ זשיטאָמיר פאר די אכט יאָר, וואָס ער האָט דאָרט געליטנ הונגער און קעלט, האָט זיכ אינ נ. אָנגעהויבנ צו פארבעסערנ, נאָר קיינ פּעטערבורג האָבנ אים די דאָקטוירים נאָכ ניט געהייסנ פאָרנ, ביז ער וועט ניט אינגאנצנ געזונט ווערנ, און אזוי זענענ אוועקגעגאנגענ דרײַ יאָר. אינ דער צײַט האָט ער געהאט א שטונדע באַ דעמ גראַפ וו., וועלכער פלעגט לײַענ געלט באַ גאָלדע זילבערמאַנ. איינמאָל האָט דער גראַפ זייער אָפּגעלויבט זײַנ יידישנ לערער פאר גאָלדענ. גאָלדע האָט געוואָלט, אז איר מייערל זאָל באַ אימ אויכ לערנענ, האָט זי געשיקט נאָכ אימ די קארעטע, נאָר פעלדמאַנ האָט געענטפערט, אז ער קאָנ קומענ צופוס. און אז ער איז געקומענ, האָט ער מייערלענ נישט געטראָפנ. גאָלדע האָט אימ געבעטנ זיצנ.

— וויפל וועט איר נעמענ באַ מיר פאַר מײַנ זונ? — האָט אימ גאָלדע געפרעגט.

— איכ וויל פריִער זענ אײַער זונ און אימ קענענ.

— וואָס הייסט? איר קענט ניט מײַנ מייערלענ?..

באַ די ווערטער איז מייערל ארײַנגעקומענ, האָט א קוש געטאָנ דער מוטער די האנט, אפּ פעלדמאַנענ האָט ער א וואָרפ געטאָנ אנ אויג און קוימ א שאָקל געטאָנ מיט דעמ קאָפּ. פעלדמאַנ איז געזעסנ, ווי אפּ הייסע קוילנ.

— מייערל! איכ וויל דיר דינגענ אָט דעמ נײַעמ לערער, ער לערנט מיט אונדזער גראַפס קינדער.

מייערל האָט אפילע קיינ קוק ניט געטאָנ אפּ אימ און האָט נאָר א פרעג געטאָנ די מוטער, צי זי האָט זיכ שוינ מיט אימ באַדונגענ. פעלדמאַנ האָט זיכ אופגעכאַפּט פונ דעמ שטול און איז צוגעגאנגענ צו גאָלדענ און האָט געזאָגט:

— איכ האָב אײַכ פריִער געזאָגט, אז איכ רעד ניט פונ קיינ געלט, ביז איכ וועל זיכ נישט באַקענענ מיט דעמ טאַלמיד פערזענלעכ. אײַער זונ דאַרפ נאָכ ניט קיינ לערער: ער איז נאָכ צו יונג און דאַרפ זיכ נאָכ א ביסל צולערנענ, וויאזוי זיכ צו באַגיינ מיט מענטשנ. — מיט די ווערטער איז ער אוועק פונ זילבערמאַנס הויז. גאָלדע האָט זיכ געפּור־נענ שרעקלעכ באַליידיקט און האָט אימ באַשיט מיט קלאָלעס, און מייערל איז ארײַנגעגאנגענ צו זיכ אינ קאבינעט און האָט אָנגעהויבנ באַקלערנ פעלדמאַנס ווערטער: ער האָט צומ ערשטנ מאָל אפּ זײַנ לעבנ געהערט אזא מיינונג אפּ זיכ פונ א פרעמדנ מענטשנ. דאָס ערשטע

מאָל אַף זײַן לעבן האָט ער זיך געפרעגט, וואָס איז ער אַליין פאַר אַ מענטש און ווער איז דער גראָבער לערער? צוויי מאָל האָט ער זיך מיט אים באַגעגנט אין גאָרטן און האָט קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט פון פעלדמאַנען, וועלכער האָט אַף אים אַפילו קיין קוק ניט געטאָן. דאָס האָט אים נאָך ערגער געקרענקט, און ער האָט זיך אַנטשלאָסן איינמאָל פאַר אַלעמאָל באַקאַנטשאַפט צו שליסן מיט אים, און אין עטלעכע טעג אַרום איז ער צוגעפאָרן אין זײַער אַ שיינער קאַרעטע מיט גרויס קו־ראַזש צו אַ קליין אָרעם שטיבל און האָט געטראָפן פעלדמאַנען באַם טיש, פאַרוואָרפן מיט ביכער און מיט פאַפּירן, אַז מע האָט קוים אַרויסגעזען זײַן הויכן שטערן, די גרויע אויגן מיט זײַן אויסגעטריקנט אויסגעדאַרט געזיכט. אַז פעלדמאַן האָט דערזען דעם גאַסט, האָט זיך באַוויזן אַף זײַנע ליפּן אַזאַ זיסער ליבלעכער שמייכל, אַז מייערל האָט זיך פאַרוווּנדערט. ער האָט זיך אַפּגערעקאָמענדירט. פעלדמאַן איז אַרויסגעגאַנגען פון דעם טיש און האָט אים מיט דעם זעלבן פרײַנט־לעכן שמייכל געזאָגט:

— אַך, זייער אָנגענעם! איך געדענק אײַער נאָמען, עס פרייט מיך זייער, וואָס איך האָב די ערע אײַך צו זען בײַ זיך אין מײַן נאָרע; זיצט, איך בעט אײַך, זיצט בײַ אונדז... טײַבעלע, קום נאָר אַהער!..

בײַ דער זײַט האָט זיך אויפגעעפנט אַ קליין ווײַס טירל, און אַף דער שוועל האָט זיך באַוויזן אַ קליין מיידל פון אַ יאָר פופצן און האָט אַ קוק געטאָן אַף פעלדמאַנען, דערנאָך אַף דעם גאַסט, און איז צוגע־גאַנגען צום טיש.

— עס וועט באַלד זײַן טיי? — האָט זי פעלדמאַן אַ פרעג גע־טאָן.

— די רענע! — האָט טײַבעלע אַ וואָרף געטאָן מיט אירע שיינע האָר און איז אַוועקגעלאָפן צוריק אין דעם אַנדערן צימער.

פעלדמאַן האָט זיך געזעצט נעבן דעם גאַסט און האָט אים גע־פרעגט: מיט וואָס קאָן ער אים דינען? מייערל האָט אים דערציילט אַלץ, וואָס בײַ אים אַפן האַרצן האָט זיך אָנגעקליבן, זינט ער האָט אים געזען בײַ זיך. מייערל האָט זיך געפילט היימיש מיט פעלדמאַנען און האָט אים דערציילט, וואָס פאַר אַ פּינע ער האָט אַף אים געטראָגן בײַ זיך אין האַרצן ביז הײַנטיקן טאָג. פעלדמאַן האָט זיך צעלאַכט און האָט אים געזאָגט:

— איר זענט נאָך גאָר ווילד, מײַן ליבער גאַסט. איך וואָלט גערן געזען די כּלים, מיט וועלכע איר זענט דערצויגן געוואָרן!..

טײַבעלע האָט דערװײַל אַרײַנגעטראָגנ גלעזער מיט דעמ סאַמאָ־װאַר און האָט פאַרקאָכט טײ. פעלדמאַנ האָט אױסגעפרעגט בא מײער־לענ, װיאַזױ ער לעבט, װאָס ער לערנט, װער עס זענענ זײַנע לערער, אונ צי איז ער צופרידנ. מײערל האָט אימ איבערגעגעבנ, װאָס ער האָט געװוּסט, אונ פעלדמאַנ האָט אימ אױסגעהערט מיט דעמ זעלבנ ליבלעכנ שמײכעלע, ערטערװײַז האָט ער אימ איבערגעשלאָגנ מיט זײַנע פראַגנ, אונ טײַבעלע האָט דערװײַל אָנגעגאָסנ טײ. זי האָט זיכ געזעצט אַקעגנ דעמ גאַסט אונ האָט זיכ אַפ אימ לאַנג פאַרטראַכט. פעלדמאַנ האָט אימ אױסגעהערט בײַזנ סאָפ, אונ נאָכ דער טײ האָט ער אימ אַזױ געזאָגט:

— אױב איר װילט מיט מיר באַקאַנט זײַנ, בעט איכ אײַכ מיר מוחל זײַנ, װאָס איכ רעד מיט אײַכ אופריכטיק; איר זענט געװױנט געװאָרנ, אַז אײַערע לערערס, װאָס האָבנ געלעבט פונ אײַכ, זאָלנ אײַכ באַנפענען. זײ האָבנ אײַכ געזאָגט, אַז איר װײסט שױנ אונ קענט שױנ אַלץ, כאָטש אינעמעסנ זענט איר נאָכ אַ קינד. אײַער מוטער װיל, איר זאָלט זײַנ אַ ײדישער „מושלעמ", דאָס הײסט אַ ײדישער ענציקלאָ־פעדיסט, מיט פיל רוסישע, דײַטשע, פראַנצױזישע װערטער, נאָר אָנ װיסנשאַפט. געלײענט האָט איר נאָכ גאָרניט. אױסגעװאַקסנ זענט איר אַפ גרױס ראָסקאָש, אונ אַפ אײַערע דערציִער האָט איר געקוקט װי אַפ ניאַנקעס, מעשאָרסימ. די אַלע מענטשנ. מיט װעלכע איר זענט אופגעװאַקסנ, נעמענ אַראָפ פאַר אײַכ דאָס היטל, אונ יעדער װײַזט אַפ אײַכ מיט די פינגער: „אָט גײט דער יונגער מיליאָנער!" איר זענט אופגעװאַקסנ, װי אַ געבלאָזענער פרינצ, נאָכ דעמ פאַלשנ אַריסטאָ־קראַטישנ סיסטעמ, אונ איר האָט געמײנט, אַז די אַלע מענטשנ, װאָס איר זעט, דרײענ זיכ אַרומ אַפ דער װעלט נאָר צוליב אײַכ...

מאָריצנ איז פעלדמאַנס רעדע אַפילע ניט געפעלנ, נאָר ער האָט זיכ ניט װילנדיק צוגעהערט צו זײַנע װערטער, װעלכע האָבנ זיכ װי געגאָסנ אונ זענענ געװענ אינ אַזאַ טאָנ, אַז ער האָט זיכ ניט געקאָנט באַלײדיקנ פונ זײ. פעלדמאַנ האָט פײַנט געהאַט אינ זײַנ רעדנ אַרײַנ־צומישנ הױכע װערטער. זײַנ לאָשנ איז געװענ אײנפאַכ, נאָר געגאַנ־גענ גלײַכ אינ האַרצנ, מיט אַ זעלטענער האַרמאָניע; אַז פעלדמאַנ האָט נאָר אָנגעהױבנ צו רעדנ, האָט זיכ געגלוסט הערנ אונ הערנ אָנ אַ שיר... אַז מאָריצ איז אַרױסגעגאַנגענ פונ פעלדמאַנענ, האָט ער געפילט אינ האַרצנ עפעס אַ נײַע אומבאַקאַנטע ליכטיקײַט אונ װאַרעמקײַט, אונ ער איז געקומענ אַהײמ אַזױ פרײַלעכ, לעבעדיק, אַז גאָלדע האָט אימ אַרומגעכאַפט קושנ, אונ זײַנ לאַקײ האָט אַפ אימ פאַרװוּנדערט

געקוקט, וואָס ער גייט ארומ בא זיכ אינ קאבינעט אונ זינגט... אפ מאָרגנ איז ער ווידער אוועקגעגאנגענ צו פעלדמאנענ, אונ פונ דעמלט אָנ האָט מענ שוינ געזענ מאָריצנ אלע טאָג גיינ פונ דאָרט מיט א בוכ; אָפטמאָל האָט מענ אימ צוזאמענ מיט פעלדמאנענ געזענ שפאצירנ אינ גאָרטנ. גאָלדע איז ניט צופרידנ געווענ פונ דעמ, וואָס ער האָט זיכ אזוי פלייסיק גענומענ „צו די ביכלעכ”, בא וועלכע ער פלעגט אויסזיצנ גאנצע נעכט, אונ פונ דעמ, וואָס ער פלעגט גאנצע טעג פארברענגענ מיט דעמ אָרעמענ לערער... איינמאָל איז ער געפאלנ גאָלדענ אפ דעמ האלדז:

— מאמוניו! איכ וויל ברענגענ פעלדמאנענ! אָט וועסטו אלייג זענ, וואָס דאָס איז פאר א מענטש...

עס פארשטייט זיכ, אז גאָלדע האָט אפ אימ גאָר ניט ארויסגעזענ „קיינ פייגעלעכ”, ווי זי האָט נאָכדעמ געזאָגט. דאָס האָט אָבער מאָריצנ ניט געשטערט, ער זאָל זיינ בא פעלדמאנענ טאָג ווי נאכט. פעלדמאנ האָט אימ ליב געקריגנ פאר זיינ פעיקייט אונ פאר זיינ ווייכנ גוטנ כאראקטער, אונ האָט אימ אזוי צוגעבונדנ צו זיכ, אז מאָריצ האָט אימ אלצדינג פארטרויט אונ האָט קיינ זאכ ניט געטאָנ אונ ניט געקלערט, ביז ער האָט פריער אימ ניט דערציילט. איינמאָל איז פעלדמאנ שלאפ געוואָרנ; מאָריצ האָט געשיקט זאָגנ דער מוטער, אז מע זאָל אפ אימ ניט וואַרטנ, ער וועט נעכטיקנ בא דעמ לערער, אונ האָט זיכ געזעצט בא דעמ בעט, ווו מיכאל איז געלעגנ, אונ האָט אימ מיט גרויס געטריישאפט צוגעלייגט קאלטע קאָמפרעסנ צומ קאָפ.

טייבעלע איז אויכ געזעסנ אונ האָט זיכ געביטנ מיט מאָריצנ. גאָלדע האָט זיכ ניט געקאָנט איינהאלטנ אונ איז געקומענ זייגער צוועלפ באנאכט זענ, וואָס טוט דאָ מייערל אזוי שפעט. זי האָט געטראָפנ מאָריצנ מיט טייבעלענ זיצנ באמ בעטל, אינ וועלכנ פעלדמאנ איז געלעגנ אינ גרויס היצ. זי איז ארייגעקומענ מיט א ליארעמ, ווי זי איז געוווינט געוואָרנ. זיי ביידע האָבנ איר געוויזנ מיט דעמ פינגער, אז זי זאָל הויכ ניט רעדנ. זי איז צוגעגאנגענ צומ בעט אונ האָט זיכ איינגעבויגנ צומ קראנקנ. דאָס הארצ האָט זיכ איר א וואָרפ געטאָנ פאר ראכמאָנעס: ער איז געווענ בלאס, געלבלעכ, מיט דארע געלע הענט, ווי בא א טויטנ, נאָר אפ זיינע ליפנ האָט געשפילט א שוואכ שמייכל. גאָלדע האָט באטראכט דאָס קליינע שטיבל מיט דעמ אָרעמענ מעבל, וועלכעס איז אפילע גאנצ ריינ געווענ; זי האָט א קוק געטאָנ, ווי די קינדער (מאָריצ מיט טייבעלענ) זיצנ אזוי ערנסט נעבנ דעמ כוילע, איז זי צוגעגאנגענ צו טייבעלענ, האָט זי ארומגענומענ

און האָט איר אַ קוש געטאָן אין קאָפּ. דער כוילע האָט זיך איבערגע־
וואָרפן, האָט אופגעעפנט די אויגן און האָט דערזען אַ פרעמדע פרוי
בא זיך, איז ער אַ ביסל צעמישט געוואָרן. מאַריץ האָט דאָס פאַר־
שטאַנען, האָט זיך צו אים אָנגעבויגן און האָט געזאָגט, אז דאָס איז
זײַן מוטער.

— עפשער וואָלט איך געשיקט צו מײַן דאָקטער? ער וועט באַלד
קומען. — האָט אים גאָלדע געזאָגט פאַרזאָרגט.

— אַ דאַנק. — האָט איר פעלדמאַן געענטפערט. — אַ ביסל בין
איך אַליין אַ דאָקטער, און אַ ביסל פאַרלאָז איך זיך אָפּ דער נאַטור:
זי דאַרף אַליין איבעראַרבעטן.

גאָלדע איז פאַרן אוועקגאַנג צוגעגאַנגען צו טײַבעלען און האָט איר
נאָכאַמאָל אַ קוש געטאָן. מאַריצס מיט טײַבעלעס אויגן האָבן זיך
באַגעגנט, און זיי זענען ביידע רויט געוואָרן. אַז מיכאַילן איז גרינגער
געוואָרן, זענען זיי זיך צעגאַנגען — מאַריץ איז אַוועק אַהיים, און
טײַבעלע צו זיך אין איר צימער — יעדער מיט זײַנע געפילן אין
האַרצן... מאַריץ איז געקומען אַהיים און האָט זיך באַלד געלייגט
שלאָפן. עס האָט זיך אים געחלומט, אַז ער ליגט אין בעט, און
טײַבעלע האָט זיך אײַנגעבויגן צו אים, און מיט אירע שוואַרצע גע־
קרײַזלטע האָר האָט זי אָנגערירט זײַן געזיכט, און אירע שיינע שוואַר־
צע אויגן קוקן אָפּ אים אַזוי טרויעריק, אַז עס גלוסט זיך צו וויינען...
טײַבעלען האָט זיך אויך געחלומט, נאָר אָפּ אַן אַנדערן אופן: עס
האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז מאַריץ האַלט זי שטאַרק מיט זײַנע
ווייכע ווײַסע הענט, און זיי דרייען זיך ביידע אין אַ גרויסן זאַל אָן
אַ שיר. זי וויל אים כאַפּן בא דעם קאָפּ און געבן אַ קוש אין זײַן
שיינעם ליכטיקן שטערן, רײַסט ער זיך אויס און לויפט אַוועק ווײַט־
ווײַט! און קומט ווידער און נעמט זי אַרום אין זײַנע אָרעמס און
רײַסט זיך ווידער אויס און לויפט אַוועק...

## IV

ווער איז געווען טײַבעלע?

געבוירן פון אָרעמע, אָרעמע עלטערן. איר פאָטער איז געווען אַ
באַלמעלאָכע, אַ שנײַדער. אַן ערלעכער, נאָר אַן אָרעמער. אַז טײַבעלע
איז אַלט געווען פינף יאָר, פלעגט זי זײַן אַן איידעס פון גאַנץ פײַנע
סצענעס: איר מוטער איז געווען נאָר אַ יונגע און זייער אַ שיין ווײַבל
פון אַ יאָר פיר און צוואַנציק; זי איז געווען בא „יאָסל דעם קרומען"
(אַזוי האָט מען גערופן טײַבעלעס פאָטער) דאָס צווייטע ווײַב. זי האָט

אימ ניט ליב געהאט אונ געטריבנ אינ דער ערד ארײַנ; ער האָט גע־הארעוועט ווי אַנ אייזל טאָג ווי נאכט, אונ זי האָט געלעבט ווי גאָט אינ אָדעס: געגעסנ אונ געטרונקענ, אונ אימ פלעגט זי פארשטאָפנ דאָס מויל מיט א שטיקל ברויט אונ מיט א שיסעלע קוליש פונ פאסאָ־ליעס. זײַנע ארבעטער פלעגנ איר טראָגנ שטילערהייט נים מיט קאָנ־פעקטנ, אונ די נאָענטע שכײנעס האָבנ אפ איר אונטערגערעדט... דעמ מאנ פלעגט זי רופנ „קרומער הונט״, אונ קײנ קלאָלעס האָבנ זיכ בא איר קיינמאָל ניט אויסגעלאָזט; יאָסל פלעגט איר אָבער ניט ענטפערנ. אז זי פלעגט זיכ גוט צעשעלטנ, פלעגט ער זינגענ שטיקלעכ פונ „כתר״, פונ „הלל״, פונ „ווײַאתיו״ 1, מיט זייער א טרויעריק קאָל, וועלכעס טײַ־בעלע האָט ליב געהאט צו הערנ. די נאָדל פלעגט דעמלט פליענ גאנצ הויכ, אונ אינ זײַנע שווארצע גרויסע אויגנ פלעגט גלאנצנ א טרער... עס איז געווענ שווער אימ אינ קאָפ ארײַנצוברענגענ. נאָר איינ מאָל אפ איר לעבנ געדענקט טײַבעלע אזא סצענע: עס איז געוועזנ „ווײַבאָ־רעס״ אינ דער „צעכאָוואָי אופּראווע״, יאָסל האָט זיכ עפּעס פארזאמט אונ איז געקומענ אהיימ א ביסל פארשמאכט...

— שיקורניק!! — איז אפ אימ אָנגעפאלנ יענטל (אזוי האָט מענ גערופנ טײַבעלעס מוטער). — א שיקער דארפסטו נאָכ זײַנ?! אָכ אונ ווײ איז מײַנע יונגע יאָר אונ טעג!..

זי האָט אימ לאנג געשאָלטנ אונ האָט אימ געוואָרפנ די זיפ מיט קלײַענ אינ קאָפ ארײַנ. יאָסל האָט געהאט שווארצע געקרײַזלטע האָר. די קלײַענ האָבנ אימ געמאכט ווי א שעד. יענטל האָט זיכ צעלאכט אונ האָט צונויפגערופנ די ארבעטער אונ טײַבעלענ, זי זאָל אָנשפײַענ דעמ טאטנ אינ פּאָנעמ. טײַבעלע האָט נאָכ ניט אוספייעט צולויפנ צומ טיש, איז שוינ יאָסל געשטאנענ מיט אופגעהויבענע קולאקעס; זײַנע אויגנ זענענ געווענ אָנגעגאָסנ מיט בלוט, זײַנ פּאָנעמ איז געווענ שרעקלעכ; ער וואָלט געקאָנט צערײַסנ יענטלענ אפ שטיקלעכ, ווענ טײַבעלע זאָל ניט געווענ אונטערפאלנ אונטער זײַנע פיס מיט א געוויינ. יאָסל איז געבליבנ שטיינ אפ א מינוט שטיל. נאָכדעמ האָט ער זיכ געכאפּט מיט בײדע הענט פאר די פּיעס מיט דער באָרד אונ האָט זיכ אויסגעריסנ צוויי זשמעניעס האָר... שפּעטער מיט א פערטל שאָ איז טײַבעלע געלעגנ אינ בעט פארכליפּעט, יענטל איז געזעסנ אינ א ווינ־קעלע, אָנגעשפּארט אפ צוויי פינגער פונ דער לינקער האנט, אונ האָט געשאָלטנ אפ דעמ אלטנ שטייגער, אונ יאָסל איז געשטאנענ

1 „קעסער״, „האלעל״, „ווײַעסאָיו״ — טפילעס.

אײַנגעבויגן איבערן קינדס קאָפּ. אין די אויגן זענען אים געוועזן טרערן.

פּונקט אין אַזאַ פּאָזע געדענקט טײַבעלע איר אָרעמען פּאָטער, ווען איר מוטער איז געווען געפֿערלעך שלאַף, אַ האַלבע שאָ פֿאַר דעם טויט. עס איז געווען אַ קאַלטער ווינטער־טאָג: יאָסל האָט נאַרוואָס אַרײַנגע־טראָגן צוויי שײַטלעך האָלץ און האָט גענומען אײַנהייצן דעם אויוון; זײַן געקרײַזלטע באָרד־און־פּייעס זענען געווען אָנגעפּילט מיט פּע־דערן; דאָס פּאָנעם איז אים געווען אויסגעצויגן, די אויגן רויט; ער איז אַרומגעלאָפֿן אַהין און אַהער מיט דעם פֿינגערהוט אויף דעם אויס־געבויגענעם פֿינגער און האָט געשלונגען די טרערן. טײַבעלע איז גע־זעסן אויף דעם אויוון און האָט געקוקט אַראָפּ, ווי ער איז צוגעגאַנגען צו דער מוטער און האָט זיך אָנגעבויגן צו איר. יענטל האָט קוים אויפ־געהויבן די האַנט און האָט אַ מאַך געטאָן אַרויף. יאָסל איז אָפּגע־טראָטן אַ ביסל ווײַטער. זי האָט אים עטלעכע מאָל געוויזן מיט דער האַנט אַרויף... זי האָט, אַפּאָנעם, געוואָלט, ער זאָל איר צוטראָגן דאָס קינד פֿאַר איר טויט. יאָסל האָט ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס זי מיינט. יענטל האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, האָט נאָכאַמאָל אַ קוק געטאָן אַרויף, האָט זיך איבערגעקערט אויף דער אַנדערער זײַט, און איז... אויסגעגאַנגען. יאָסל האָט זיך לאַנג ניט געמוטשעט אויף דער וועלט: ער האָט פֿאַר צאָרעס אָנגעהויבן טרינקען, האָט אָפּגעלעבט צוויי יאָר און איז געשטאָרבן.

V

טײַבעלע איז געבליבן עלנט, ווי אַ שטיין. זי איז אַלט געווען נײַן יאָר, און האָט זיך אַרומגעוואַלגערט איבער דער שטאָט, ביז פֿעסי די מעקלערן האָט איר געפֿונען אַן אָרט בײַ צירעלע דער פֿאַבריקמאַכערן. צירעלע איז געוועזן זייער אַ פֿײַן ווײַבל, אַ גרושע, אָן קינדער, און האָט זיך פֿאַרדינט איר שטיקל ברויט, ניט אַזוי פֿון דער אַרבעט, ווי פֿון אַנדערע ספּעקולאַציעס... אומזיסטע לעזער מיינען, אַז צירעלע איז געווען אַ סויכער, אָדער זי פֿלעגט פֿאַרלײַען געלט אויף מאַשקאָנעס? באַלילע! צירעלע איז געווען אַ ווײַבל אַ גאַנץ סאָלידנע. בײַ איר האָבן זיך שטענדיק געפֿונען עטלעכע יונגע מיידלעך יעסוימעס. זי פֿלעגט זיי אויסהאַלטן און זייער שייך קליידן, און אַז זיי פֿלעגן אַלט ווערן פֿופֿצן־זעכצן יאָר, פֿלעגט זי אָנהייבן מיט זיי שפּאַצירן אין גאָרטן און ווײַזן זיי דער וועלט... צירעלע איז באַקאַנט געווען מיט פֿיל יונגעלײַט פֿון דער

שטאָט און אויכ מיט אלע פּריצימ. אונדזערע לעזער מיינענ, אז צירע־לע איז געווענ א הולטײַקע — באס־וועשאָלעמ! איר דאוונענ, איר ראָשכוידעש בענטשנ, איר קנייטלעכ ליגנ, איר טכינעס זאָגנ האָבנ געהאט א שעמ! פּארקערט, זי פּלעגט נאָכ זאָגנ, אז א י ר מעג טאקע גאָט באָרוכ־הו העלפנ פאר איר כעסעד, וואָס זי טוט מיט די אָרעמע יעסוימעס... טײַבעלע איז אָפּגעווענ פיר יאָר בא צירעלענ. זי האָט זיכ אָנגעזענ גאנצ שיינע זאכנ, וואָס האָבנ זיכ אָפּגעטאָנ מיט אירע עלטערע כאוערטעס, פונ וועלכע מיר וועלנ אונדזערע לעזער בא־פרײַענ... זי איז אלט געוואָרנ דרײַצנ יאָר און איז געווענ שיינ, ווי דער זומער־טאָג. צירעלע האָט זיכ געשפּיגלט אינ איר. זי האָט זי ניט אָפּגעלאָזט פונ די אויגנ און פּלעגט זי רופנ „טאָכטער”, און האָט זי אויסגעקליידט ווי א גרעפינ. טײַבעלע איז געווענ צופרידנ מיט צירע־לעס באהאנדלונג. נאָר איינ זאכ האָט זי ניט געקאָנט איבערטראָגנ: אויסהערנ די קאָמפּלימענטנ פונ די פרעמדע יונגעלײַט, וואָס פּלעגנ זיכ צונויפקלײַבנ בא צירעלענ אלע טאָג.

ווער זענענ די יונגעלײַט, וואָס פארברענגענ בא איר די צײַט?.. און ווער איז דער יונגערמאנ, וואָס וווינט דאָ אפ דעמ הויפ, אינ דעמ קליינעמ שטיבל, און גייט אלע טאָג אוועק אפ עטלעכע שאָ און קומט צוריק צו א געוויסער צײַט אהיימ, און זיצט אמאָל אָפּ א גאנצע נאכט איבער ביכער? פארוואָס גייט ער אויכ ניט צו צירעלענ צוגאסט, גלײַכ מיט יענע יונגעלײַט? מע דארפ פרעגנ בא צירעלענ. צירעלע האָט איר געזאָגט, אז דאָס איז עפּעס א שלימאזל, אנ אָרעמער לערער. ער הייסט פעלדמאנ. זי האלט ניט פונ אזעלכע יונגעלײַט: זי האָט ליב שיינע, רײַכע, פריילעכע, קלוגע...

פעלדמאנ האָט עטלעכע מאָל באמערקט טײַבעלענ ארומגיינ איבער דעמ הויפ איינע אליינ. פעלדמאנ האָט געוווּסט, ווער צירעלע איז און וואָס פאר מענטשנ עס גייענ צו איר... איינמאָל איז פעלדמאנ אהיימ געקומענ שפּעט פונ די שטונדנ און האָט געטראָפנ טײַבעלענ ארײַנ־קוקנ צו אימ אינ פענצטער. טײַבעלע האָט זיכ א ביסל דערשראָקנ, וואָס ער האָט זי אזוי געטראָפנ. עס האָט זיכ צווישנ זיי אָנגעהויבנ אזא געשפּרעכ:

— איר האָט ארײַנגעקוקט צו מיר אינ מײַנ כיידער?

— יאָ... איר זענט הײַנט אזוי שפּעט אהיימ געקומענ...

זיי זענענ עטלעכע מינוט געשטאנענ שטיל און נאָר געקוקט איינער אפ דעמ אנדערנ און זיכ געמאָסטנ מיט די אויגנ. ענדלעכ האָט זי פעלדמאנ א פרעג געטאָנ:



99—14

— איר זענט שוין לאנג בא צירעלען?

— איר קענט זי? — האט אים טײַבעלע פארווּנדערט געפרעגט.

— איך האב געהערט פון איר.

— פארוואס גייט איר קיינמאל ניט אריין צו אונדז, ווי יענע יונגעלײַט? — טײַבעלע האט זיך אויסגעדרייט צו צירעלעס הויז און האט אים געוויזן מיט דעם פינגער אף דעם פענצטער, וואס איז געווען שטארק באלײַכט.

— איר ווילט, איך זאל אויך גיין אהין? — האט זי פעלדמאן געפרעגט האלב לאכנדיק.

— הא? ניין! איך פרעג, פארוואס איר גייט ניט אהין?

— פארוואס איך גיי ניט? קיין רעכטער מענטש גייט ניט צו צירעלען... — פעלדמאן האט זיך פארכאפט. — איך בין זייער א פארנומענער מענטש און האב קיין צײַט ניט.

טײַבעלע האט זיך א ביסל פארטראכט.

— פארוואס זשע זענען יענע ניט פארנומען? פארוואס האבן זיי יא צײַט? זיי זענען דען ניט קיין רעכטע מענטשן?..

פעלדמאן האט ניט באלד געענטפערט.

— זיי האבן ניט וואס צו טאן, זיי זענען ליידיקגייער, פוסטע לײַט, נידעריקע מענטשן, זיי האבן געלט און הארעווען ניט דערוף, זיי מוזן ערגעץ פארברענגען די צײַט, קעדיי זיי זאלן ניט מעשוגע ווערן פאר ראסקאש.

— איך האב אויך געטראכט דאס זעלבע, — האט טײַבעלע געזאגט און איז צוגעגאנגען נעענטער צו פעלדמאנען. — נאר צירעלע זאגט, אז דאס זענען די פײַנסטע יונגעלײַט אין שטאט, און לויבט זיי נאר אן א שיר... אט פון אײַך לאכט זי דאפקע: איר זענט איר ניט געפעלן...

זיי האבן זיך בײדע צעלאכט.

— איר זענט שוין לאנג בא איר? — האט פעלדמאן ווידער געפרעגט.

— שוין פיר יאר.

— איר זענט צופרידן?

טײַבעלע האט ניט געענטפערט אף זײַן פראגע און האט נאר א ווארף געטאן מיט אירע שווארצע געקרײַזלטע האר, און אירע גרויסע שווארצע אויגן זענען געבליבן פארטראכט.

— איר קלערט דארט לאנג צו בלײַבן? — האט זי פעלדמאן ווײַטער געפרעגט.

טײַבעלע איז געשטאַנענ אינ דער זעלביקער פּאָזע אונ האָט אימ שטיל געענטפערט:

— איכ קלער שוינ אלײנ גאַנצ לאַנג דעריבער אונ קאָנ גאָרניט צוקלערנ... קײנ עלטערנ האָב איכ ניט, קײנ פרײַנט אויכ ניט — אונ אז איכ דערמאָנ זיכ, וואָס מיט מײַנ עלטערער כאַווערטע האָט זיכ אויס־געלאָזט!.. זי איז ניט לאַנג געקומענ צו אונדז א צעהאַרגעטע, א פאַרשוואָלענע, הונגעריק, ווי א הונט... מיר האָבנ זי קוימ דערקענט!.. צירעלע האָט זי צוריק ניט געוואָלט צונעמענ. איכ האָב זי געבעטנ, מיר האָבנ בײדע געווײנט פאַר איר, אונ זי וויל ניט אונ וויל ניט!.. מיר האָט זי שטילערהײט געזאָגט, איכ זאָל אוועק פונדאַנענ, וואָרעמ עס קאָנ מיט מיר אויכ זײַנ אזא סאָפּ, ווי מיט איר... זי האָט זיכ מיט מיר געזעגנט אונ האָט אזוי געווײנט...

פונ טײַבעלעס שײנע אויגנ האָבנ זיכ מיטאַמאָל א גאָס געטאָנ טרערנ. פעלדמאַנ איז צוגעגאַנגענ צו איר אונ האָט זי אָנגענומענ בײַ דער האַנט. טײַבעלע האָט זיכ אויסגעריסנ אונ איז אַנטלאָפנ.

פונ יענעמ טאָג אָנ האָט זי פעלדמאַנ ניט געזענ א וואָכ צוויי. ער האָט גערעכנט, אז זי איז אַנטלאָפנ פונ צירעלענ; נאָר ווי גרויס איז געווענ זײַנ פאַרווונדערונג, אז ער איז אײנמאָל געקומענ אהײמ אונ האָט געטראָפנ די טיר פונ זײַנ שטיבל אָפגעשלאָסנ אונ טײַבעלע איז געזעסנ בײַמ טיש אונ האָט געקוקט אינ א בוכ! אז זי האָט אימ דערזענ, האָט זי געשווינד צוגעמאַכט דאָס בוכ, איז אופגעשטאַנענ אונ איז געבליבנ פאַרשעמט, ווי א קלײנ קינד, וואָס האָט זיכ אַרײַנגעכאַפּט אינ קע־מערל, וווּ די עפּל מיט די באַרנ ליגנ, אונ פּלוצעמ איז אָנגעקומענ די מוטער...

— איכ האָב געוואַרט אפ אײַכ א פּאָר שאָ, — האָט זיכ טײַבעלע פאַרענטפערט, — אונ האָב געזענ, אז איר קומט ניט, האָב איכ גע־נומענ דעמ שליסל (איכ האָב געזענ, ווו איר באַהאַלט אימ) אונ בינ אַרײַנגעגאַנגענ צו אײַכ אונ זיצ שוינ דאָ לאַנג. איכ האָב דערווײַל גע־זענ אײַערע ביכער; מײַנ עלטערע כאַווערטע, פונ וועלכער איכ האָב אײַכ דערצײלט, האָט מיכ אויסגעלערנט לײענענ רוסיש. איכ בעט אײַכ, איר זאָלט זיכ אפ מיר ניט בײזערנ. איכ בינ געקומענ צו אײַכ פרעגנ אַנ אײצע...

פעלדמאַנ איז געשטאַנענ אונ האָט באַטראַכט דאָס יונגע אומגליק־לעכע מײדל: אירע שײנע אויגנ זענענ געווענ רויטלעכ, ווי בײַ א מענטשנ, וואָס דערשלאָפט ניט א נאַכט, פונ איר שײנ ווײַס געזיכט

איז געווען צו זען, אז עס איז איר ביטער אפן האַרצן. פעלדמאַן האָט איר צוגעטראָגן א בענקל און האָט זי געבעטן זיצן.

— זאָגט, איך וועל אײַך העלפן, מיט וואָס און וויפל איך קאָן.

טײַבעלע האָט זיך געזעצט און האָט אָנגעשפּאַרט איר קאָפּ אף דער רעכטער האַנט, מיט דער לינקער האָט זי געבלעטערט דאָס בוך, וואָס זי האָט פריִער אוועקגעלייגט, די אויגן מיט די לאַנגע ברעמען האָט זי אַראָפּגעלאָזט, און אף אירע קליינע רויטע ליפּן האָט געשפּילט א ביטער שמייכעלע.

— איך קאָן מער ניט זײַן בא צירעלען... איך...

— איר קאָנט דען ניט אוועקגיין פון איר? — האָט זי פעלדמאַן איבערגעשלאָגן. — זי האָט אײַך דען געקויפט? זאָגט איר, אז איר ווילט מער ניט זײַן בא איר — און גענוג.

טײַבעלע האָט אופגעהויבן די אויגן אף פעלדמאַנען.

— איך בין אַרויסגעגאַנגען הײַנט פון צירעלעס הויז, און מײַן פוס וועט שוין דאָרט ניט זײַן אזוי לאַנג, ווי איך וועל לעבן!..

בא די ווערטער האָט איר די אייבערשטע ליפּ א ציטער געטאָן, און איר געזיכט האָט אויסגעוויזן בייז. פעלדמאַן האָט פון איר ניט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג: אין אירע ווערטער האָט ער געהערט א קאָל פון א מענטשן, ניט ווי פון א קינד. ער האָט זיך באַטראַכט, אז עס איז גלײַכער זי ניט צו פרעגן די אורזאַכע פון איר באַשלוס. ער האָט איר פאָרגעלייגט אלערליי פּלאַנען: אויב זי וויל, וועט ער איר אָפּזוכן אַן אָרט אף צו לערנען זיך נייען און אַרבעטן, און אויב זי וויל, וועט ער זי לערנען לייענען און שרײַבן, און אויב ער וועט זען, אז זי האָט דערצו א טאַלאַנט, וועט ער זי אַלץ לערנען, וואָס מע דאַרף און וואָס ער קאָן. ער האָט איר געגעבן צו פאַרשטיין, אז דאָס איז נאָר ניט אזוי שווער, ווי זי מיינט; מע דאַרף נאָר האָבן גענוג געדולד. ער האָט איר געזאָגט, אז אויב זי וויל, קאָן זי אפילע הײַנטיקן טאָג איבער־בלײַבן בא אים אין דעם צווייטן צימער באַזונדער, ביז זי וועט קאָנען אליין האָרעווען און זיך פאַרדינען צום לעבן און וועט ניט דאַרפן אָנקומען צו קיינעם. פעלדמאַן האָט געקאָנט רעדן: ער האָט איר גע־וויזן א בײַשפּיל פון זיך אליין און האָט איר דערציילט, ווי עלנט און אומגליקלעך ער איז געווען, אז מע האָט אים אַרויסגעטריבן פון זײַן שטאָט, וויאַזוי ער האָט באַדאַרפט גיין דאָס לעצטע מאָל צו רעב נאַכ־מען פּליאַסק בעטן בא אים אף הויצאָעס, און וויאַזוי רעב נאַכמען

האָט אים אויפגענומענ: פריִער איז ער ארויסגעגאנגענ אפ צוויי שאָ, נאָכדעמ איז ער ארײַנגעגאנגענ אינ שטוב, האָט אָפּגעשווענקט די הענט, האָט פארגלאָצט די אויגנ אונ מיט גרויס קאוואָנע געזאָגט „אשער־יאָצער"... ער האָט געהייסנ פעלדמאנענ שטיינ אינ הויז בא דער טיר, ביז ער וועט זיכ אינגאנצנ אָפּפּארטיקנ, אונ ער האָט זיכ געשטעלט דאוונענ, וועלכעס האָט אויכ געדויערט צוויי שאָ. נאָכ דעמ דאוונענ האָט ער געזאָגט א ביסל זויהאר, האָט געמאכט א קויסע אונ האָט פארביסנ מיט צוויי אָפּגעשיילטע אייער, גוט אײַנגעקאטשעט אינ זאלצ. נאָכדעמ האָט ער געהאט א כעזשבנ מיט א פארוויינטער אלמאָנע, וועלכע האָט אים געבראכט, אכוצ דעמ זילבער, וואָס איז שוינ לאנג געלעגנ פארזעצט בא אימ פאר צוואנציק רובל, א זײַדנ קלייד, וואָס זי האָט געמאכט איר טאָכטער צו דער כאסענע, אונ האָט עס פארזעצט בא אימ פאר צענ רובל, דערצו האָט זי זיכ אונטערגענומענ פערצנ וואָכנ אויסצוצאָלנ צו צוויי רובל מיט א פערטעלע יעדע וואָכ, נאָכ דער פארשע, אונ אז עס וועט גיינ חוקת מיט בלק אונ מטות ומסעי [1] צוזאמענ, דארפ זי יענע וואָכנ צאָלנ דאָפּלט צו 4,50, אונ די וואָכנ דארפנ זיכ אלצ רעכענענ אייִנציקע. פונ די צענ רובל האָט ער דערווײַל אראָפּגענומענ פראָצענט פאר „יענער" וואָכ, אכוצ פופציס קאָפּיקעס אפ „לעבעמ־עוויוינימ". די וויסטע אלמאָנע איז ארויסגעגאנגענ ווילד צופרידנ, אונ רעב נאכמענ האָט זיכ געזעצט עסנ אליינ, אונ פעלדמאנ איז אלצ געשטאנענ בא דער טיר אונ האָט געהערט, ווי רעב נאכמענ האָט געשאָלטנ די קעכנ, פארוואָס דאָס טייגעכצ איז אויסגעקומענ אזוי לויז, אונ די פאָלקע פונ דעמ אָפּ איז געווענ א ביסל איבערגעבראָטנ... נאָכדעמ האָט ער געבענטשט אפנ קאָל, אונ צו „ובנה ירושלים" [2] האָט ער זיכ צעוויינט, ווי א קליינ קינד. נאָכ דעמ בענטשנ האָט אימ דאָס ווײַב ארײַנגעטראָגנ צוויי געלע בארנ מיט א פלאמ־פײַעריקנ ארבוז אָנ קערלעכ; ער האָט אימ אויפגעגעסנ אינגאנצנ אונ האָט זיכ צוגעלייגט אָפּרוענ ווידער אפ א שאָ צוויי. אז ער איז אופגעשטאנענ, האָט ער זיכ געוואשנ די הענט אונ ארײַנגערופנ פעלדמאנענ צו זיכ אונ האָט אימ גענומענ זאָגנ מוסער, אז דער גענעמ מיט אלע זײַנע שטראָפ איז קארג פאר אזא שייגעצ, וואָס האָט א האָזע צו לייענענ איטשע־בערס ביכלעכ אינ א מאָקעמ־קאָדעש, אונ האָט געוויזנ

1 כוקאס מיט באָלאָק אונ מאטויס אומאסיי.

2 „אוונגיי יערושאָלאימ".

מיט ראיות ברורות[1], אַז געבנ אַזאַ הולטײַ אַ נעדאָווע איז די גרעסטע אַווײרע, אַ סאַך ערגער ווי צו האַרגענענ אַ מענטשנ. דערמיט האָט ער אים אָפּגעלאָזט אַפּ אַלע פיר זײַטנ. נאָר אַז פעלדמאַנ איז פאַרביטערט אַרויסגעגאַנגענ פונ שטוב, האָט רעב נאַכמענ אַ קרעכצ געטאָנ אונ האָט פאַרשריבנ מיט ראַשע־קסאַוו אינ „צעטל שעל הויצאָע וועהאַכנאָסע":

אַז דעמ שײגעצ, ימאַכ־שמוי, וואָס מע האָט בא אים געפונענ דעמ „אפס־דמים", איז אַרויסגעגעבנ געוואָרנ פונ לעבעמ־עוווינימ־געלט 5 רו"כ אַל הויצאָעס־האַדערעך...

פעלדמאַנ האָט איר דערצײלט זײַנ גאַנצע ביאָגראַפיע פונ יענער צײַט אָנ ביז ער איז אַרײַנ אינ פינפטנ קלאַס ראַבינער־שול. ער האָט ניט פאַרגעסנ צו דערצײלנ די מעַסע, וואָס האָט זיכ מיט אים געטראָפנ אינ דער שטאָט „בלאָטע". ער האָט געהאַט אַ רעקאָמענדאַציע צו דעמ גוויר פונ דער שטאָט „בלאָטע" — רעב גערשנ שפרינגער, וועלכער האָט אים צוגענומענ לערנענ מיט זײַנ בענ־זקונימ פײַטל. רעב גערשנ שפרינגער איז רײַכ געוואָרנ פונ אַ קלײניקײַט: ער האָט אויסגעדונגענ עטלעכע יידישע פאַמיליעס די מילנ, וואָס דער גראַפ האָט געהאַט אינ דער שטאָט, אונ זײ גײענ נאָכ אַדהאַיאָמ אינ די הײַזער, אונ אַלײנ איז ער געוואָרנ אַ גוויר, האָט געטאָנ שאַרפע שידוכימ אונ איז געוואָרנ מיט כסידימ אַ כאָסיד אונ מיט אַריסטאָקראַטנ אַנ אַריסטאָקראַט — דאָס, וואָס הײסט בא אונדז אַ מעורעוו אימ האַברײעס. ער האָט געקאָנט אויסקומענ מיט דער גאַנצער וועלט, דאָס הײסט יעדנ באַזונדער אָפּנאַרנ. ער האָט געוואָלט באַקומענ אַ נאָמענ אַפּ דער וועלט, פלעגט ער אַרײַנשיקנ פונ דער אימעניע צענ וועגנ שטרוי אינ „העקדעש" אַרײַנ, אונ זײַנ „אײגענער" קאָרעספּאָנדענט האָט צעבלאָזנ אַפּ אַלע גאַזעטנ, אַז האַגוויר רעב גערשנ שפרינגער באַהײצט ווינטער אַלע אָרעמעלײַט אינ דער שטאָט „בלאָטע". אונ אַז דער אַנדערער גוויר אינ דער זעלביקער שטאָט האָט באַדאַרפט שטאַרבנ, אונ עס האָט זיכ אימ פאַרגלוסט דאַפקע אינ גאַנײדנ אַרײַנ, האָט ער איבערגעלאָזט זײַנ גאַנצנ קאַפּיטאַל אַפּ אוילעמס מיט גמילעס־כאַסאָדימ מיט טאַלמוד־טוירע, אונ האָט געמאַכט פאַר אַנ אָפּעקונ, פאַרשטײט זיכ, רעב גערשנ שפרינגער, וועלכער האָט דאָס געלט פאַרטאָנ, ווי אַהינ ער האָט געוואָלט, אונ אַ „כעזשבנ", האָט ער געזאָגט, וועט ער ווײַזנ אימ־ירצע־האַשעמ, אַז מאָשיעכ וועט קומענ, ווײַל איצט איז ער שטאַרק פאַרנומענ מיט זײַנע אײגענע געשעפטנ...

---

1 ר א י ו י ס ב ר ו ר ו י ס — קלאָרע באַווײַזנ.

כאָטש רעב גערשנ איז געווענ אנ אמהאָרעצ אונ האָט קוים געקענט ראווענ, נאָר „מאסקילימ" האָט ער פײַנט געהאט בעטאכלעס־האסיגע, אונ פלעגט זיי רופנ „זשוליקעס", אונ „האסקאָלע" האָט בא אימ געהאט א נאָמענ — קראנצעפּאָליע"*...

זײַנ בענ־זקונימ פײַטל וואָלט באדארפט געבאָרנ ווערנ נאָר א גרויסער כאָכעמ, האָט אימ דער מאלעכ געגעבנ צו א שטארקע שנאָל אונטער דער נאָז, איז ער געוואָרנ א טיפּעש... ער איז אלט געווענ אכצנ יאָר אונ האָט זיכ געריבנ צווישנ די „מאסקילימ", אונ דער געמאָרע־מעלאמעד פלעגט אימ אמאָל פאָרשרײַבנ א קאָרעספּאָנדענציע אינ א לאָשנ־קוידעש־צײַטונג, אפ וועלכער ער פלעגט שטעלנ זײַנ נאָמענ. אז פעלדמאנ איז אָנגעקומענ צו אימ פאר א לערער, האָט ער זיכ געפרוווט מיט אימ אויכ מאכנ די זעלבע שווינדלערײַענ, האָט ער אימ אָפּגעזאָגט. פײַטל איז בערויגעז געוואָרנ אונ האָט אימ געזידלט, געמאכט מיט דער בלאָטע. פעלדמאנ האָט אימ מיט זײַנע דארע הענט, אזוי ווי מיט א צוואנג, אָנגענומענ באמ גאָרגל אונ האָט אימ ארויסגעוואָרפנ דורכ דעמ פענצטער... דערפאר איז ער אָפּגעזעסנ צוויי וואָכנ אינ פּאָליציע אונ איז קוים מיט דעמ לעבנ אנטלאָפנ פונ דער שטאָט „בלאָטע".

טײַבעלע האָט מיט גרויס אינטערעס אויסגעהערט זײַנ ביאָגראפיע, וועלכע פעלדמאנ האָט געקאָנט דערציילנ אונ באשיינענ מיט אנעקדאָטנ אונ מעשאָלימ. ער האָט זי אויפגעקלערט, אז א מענטש קאָנ פונ זיכ מאכנ, וואָס ער וויל, אונ קיינ שום שלעכטע אומשטענדנ קאָנענ אימ ניט שטערנ צו זײַנ דער אָרנטלעכסטער מאנ אפ דער וועלט, אבי ער קוקט נאָר אפ יעדער זאכ מיט אָפענע אויגנ אונ מיט זײַנ אייגענעמ סייכל, מיט זײַנ אייגנ געפיל. ער מוז האָרעווענ צו ווערנ זעלבשטענדיק, צוליב זיכ אונ צוליב דעמ קלאל מענטשנ.

טײַבעלע האָט אימ אויכ דערציילט אלצ, וואָס איר יונגער סייכל האָט געקאָנט באמערקנ אינ איר לעבנ. זי האָט אימ פארשיט מיט פראגנ: פארוואָס איז דאָס אָדער יענעס אזוי אונ ניט אנדערש? אונ אז עס איז שוינ גאנצ שפּעט געוואָרנ, אונ מע האָט שוינ באדארפט גיינ שלאָפנ, האָט זי פעלדמאנ אדײַנגעפירט אינ דעמ צווייטנ צימער אונ

* מיר האָבנ געזוכט דאָס וואָרט „קראנצעפּאָליע" אינ אלע נײַע אונ אלטע ווערטער־ביכער אונ האָבנ אזא וואָרט נישט געפונענ; לאָכײַנ בעטנ מיר אונדזערע לעזער, זיי זאָלנ אײַנכאזערנ דאָס וואָרט „קראנצעפּאָליע", וועט דאָס אונדז בלײַבנ לעדויר דויר.

דער פארפאסער.

האָט שוין געוואָלט אוועקגיין צו זיך אין צימער, האָט אים טײַבעלע אָפּגעשטעלט און האָט אים געגעבן איר האַנט מיט די ווערטער:

— איר זענט ניט אַזוי, ווי יענע יונגעלײַט?.. איר זענט בעעמעס אַן אָרנטלעכער מאַן?

פעלדמאַן האָט אַ קוק געטאָן איר אין די אויגן מיט אַ שמייכל און האָט גאָרניט געענטפערט. טײַבעלע האָט אים די האַנט ניט אַרויס־געלאָזט און האָט אים ווידער געפרעגט:

— איר שווערט מיר בײַ אײַער לעבן?

— איך שווער בײַ מײַן לעבן!..

## VI

די ערשטע צײַט האָט טײַבעלע געקוקט אויף פעלדמאַנען מיט צווייפל: זי האָט ניט געוווּסט, צי זאָל זי אים גלייבן צי ניין. פעלדמאַן האָט דאָס פאַרשטאַנען, און טײַבעלע האָט אים אַמאָל אַליין געזאָגט, וואָס עס מוטשעט זי. פעלדמאַן האָט איר דערויף געענטפערט, זי זאָל דאָס איבערגעבן דער צײַט, וואָס קאָן אַלץ איבערמאַכן און אויסזאָגן דעם רעכטן עמעס. עס האָט אָבער לאַנג ניִשט געדויערט: אין אַ האַלב יאָר אַרום איז טײַבעלע צו אים צוגעבונדן געוואָרן, ווי אַ שוועסטער; זי האָט אַליין אַלץ געטאָן אין שטוב: געקאָכט, גערוימט, גערעט גע־וואַשן און נאָך אַזעלכע אַרבעט. אין לערנען האָט טײַבעלע באַוויזן אַזאַ פעיִקײַט, אַז פעלדמאַן האָט זיך געוווּנדערט. ער האָט מיט איר געלערנט עטלעכע שעה אין טאָג; די איבעריקע צײַט האָט זי געלעזן ביכער. פעלדמאַנען האָט זי ניט געלאָזט אָטעמען: זי האָט אַלץ געוואָלט וויסן. עס איז פאַרגאַנגען נאָך אַ יאָר. עס האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז מע האָט פעלדמאַנען גערופן צו אַ רײַכן מאַן און מע האָט אים פאָרגעלייגט אַ שטונדע געבן אַ קליין מיידעלע פון אַ יאָר צען; פעלדמאַן איז אָבער געווען זייער פאַרנומען און האָט רעקאָמענדירט טײַבעלען. טײַבעלע האָט דאָרט אָנגענומען די לעקציע פאַר צוואַנציק רובל אַ חודש און איז פאַר פרייד שיִר ניט אַרופגעפאַלן פעלדמאַנען אויף דעם האַלדז:

— נו, מיכאַל, הײַנט בין איך קימאַט אַזוי רײַך ווי איר; איך האָב שוין קיין מורא ניט, טאָמער וועט איר מיך אַרויסטרײַבן...

יענעם אָוונט האָבן זיי לאַנג געפּלוידערט צוזאַמען. טײַבעלע האָט זיך געמאַכט נאַריש, ווי אַ קליין קינד, און פעלדמאַן האָט אָנגעקוואָלן פון איר, ווי אַ גליקלעכער פאָטער. זיי האָבן אַזוי לאַנג גערעדט, ביז עס איז געקומען צו גאַנץ וויכטיקע זאַכן. טײַבעלע האָט אויפגעהערט

צו לאכן און האָט פאַרטראַכט געהערט פעלדמאַנען, וועלכער האָט אין דעם אָוונט אויסגעגאָסן פאַר איר אַלע זײַנע געפילן. טײַבעלע האָט אים ניט רעכט פאַרשטאַנען און געבעטן, ער זאָל איר זאָגן, וואָס ער מיינט. פעלדמאַן האָט איר צום ערשטן מאָל אין די צוויי יאָר אויסגעזאָגט, אַז ער ליבט זי מער פון אַלץ אויף דער וועלט!.. טײַבעלע איז רויט געוואָרן, ווי אַ רויז; זי איז צוגעגאַנגען צו אים, האָט גענומען זײַן האַנט צו זיך אין די הענט, האָט זיך אײַנגעבויגן צו אים און האָט אים לאַנג געקוקט אין די אויגן. פעלדמאַן האָט געפילט די וואַרעמקײַט פון אירע קליינע גלאַטע הענטלעך, מיט דעם רייעך פון אירע האָר, וועלכע האָבן אָנגערירט זײַן געזיכט. זיי האָבן ביידע קיין וואָרט ניט אויסגערעדט, און אַזוי זענען זיי זיך צעגאַנגען אין זייערע צימער, ווי אַלע נאַכט. איבער טײַבעלעס בעט איז געהאַנגען פעלדמאַנס פּאָרטרעט; זי האָט אים אַראָפּגענומען, האָט צוגעשלאָסן די טיר און האָט געקוקט אויף דעם בילד:

— אָ, טײַערער מיכאל, דו ביסט זייער אומערלעך!..

אין דער נאַכט האָט טײַבעלע געזען אַזאַ חלום:

אַ גרויסער, ברייטער, טיפער גרוב, אַן אַ גרונט; עס פליען אַרום אינדערלופטן קליינע מענטשעלעך, וואָס האָבן אַ פּנים פון שלאַנגען און יאָגן זיך איינע נאָך די אַנדערע. זי האָט דאָרט דערקענט צירעלען, וועלכע האָט זיך מיט צעשפּרייטע אָרעמס און מיט אַ שמייכעלע געקאַטשעט און געדרייט אַהין און אַהער; אַרום איר האָבן זיך אַרומגעדרייט נאָך קלענערע מענטשעלעך מיט פאַרשיידענע פיזיאָנאָמיעס. זי האָט צווישן זיי דערקענט אייניקע יונגעלײַט, וואָס פלעגן זײַן פון צירעלעס געסט. אין אַ זײַט האָט זי דערזען איר עלטערע כאַווערטע, וועלכע האָט אויף זיך געריסן די קליידער און געוויינט, געיאָמערט מיט אַ מעשונע קאָל. זי האָט אויפגעהויבן די אויגן, האָט זי דערזען פעלדמאַנען אַזוי גרויס און שיין, אַז זי האָט שוין גאָר פאַרגעסן אָן די אַלע קליינע מענטשעלעך; נאָר זײַן געזיכט איז געווען, אַזוי ווי מיט אַ וואָלקן באַדעקט; זײַנע אויגן האָבן געקוקט אויף איר מיט אַ געבעט, מיט ראַכמאָנעס. זי האָט זיך געוואָלט אויפהייבן אַ ביסל העכער, נאָר זי האָט ניט געקאָנט, גלײַך ווי עמעצער וואָלט זי צוגעהאַלטן. זי האָט געפילט, אַז זי פאַלט אַלץ נידעריקער און נידעריקער...

אויף מאָרגן, אַז פעלדמאַן האָט זי דערזען, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז באַ טײַבעלען זענען רויט די אויגן, גלײַך ווי זי וואָלט געוויינט אַ גאַנצע נאַכט. ער האָט זי געוואָלט פרעגן, וואָס דאָס באַטײַט, נאָר ער האָט זי ניט געפרעגט. פון דעמלט אָן פלעגט טײַבעלע

זײַן פֿאַרטראַכט און ווי פֿאַרזאָרגט, און פֿעלדמאַן האָט ניט געהאַט קיין געלעגנהייט אופֿמישן דאָס אַלטע געשפּרעך. אַזוי איז איבערגעלאָפֿן נאָך אַ האַלב יאָר. טײַבעלע איז שוין אַלט געוואָרן פֿופֿצן־זעכצן יאָר און איז געווען ווי אַ בלום, וואָס הייבט נאָר אָן צו בליִען.

אונדזערע לעזער דאַרפֿן געדענקען, ווי אַזוי עס איז געשלאָסן געוואָרן די ערשטע באַקאַנטשאַפֿט צווישן מיכאַל פֿעלדמאַן און מאָריץ זילבערמאַן. אַף דעם צווייטן טאָג האָט אים פֿעלדמאַן פֿאָרגעשטעלט פֿאַר זײַן שילערן טײַבעלע זאָנענשײַן, און אַזוי זענען די יונגע מענטשן באַקאַנט געוואָרן. זיי פֿלעגן זיך זען אַלע טאָג, צוזאַמען לערנען, ביכער לייענען, אָפֿטמאָל זיך קריגן איבער אַ בוך און גיין שפּאַצירן. עס איז איבערגעגאַנגען עטלעכע מאָנאַט ביז דער צײַט, וואָס פֿעלדמאַן איז שלאַף געלעגן און גאָלדע זילבערמאַן איז באַ אים געזעסן. ער איז אָפּגעלעגן נאָך פֿינף טעג און איז אינגאַנצן געזונט געוואָרן. מאָריץ מיט טײַבעלען זענען אַזוי פֿריילעך געווען דערפֿון, אַז זיי האָבן באַשלאָסן צו מאַכן מיכאַלן אַ סורפּריז (איבעראַשונג). עס איז געווען כּוידעש מײַ. זיי האָבן אָנגעקויפֿט פֿיל בלומען און האָבן באַהאַנגען די ווענט פֿון זײַן צימער. אַז פֿעלדמאַן איז אַרײַנגעקומען, האָט ער זיי געדריקט די הענט און האָט זיי געדאַנקט פֿאַר זייער געטרײַשאַפֿט. דאָ האָבן זיך מאָריץ מיט טײַבעלען ווידער באַגעגנט מיט די אויגן און זענען ווי רויט געוואָרן. פֿעלדמאַן האָט דאָס באַמערקט און האָט זיך אַ ביסל פֿאַרקלערט דערויף. דעם גאַנצן טאָג האָט ער ווייניק גערעדט און איז געווען פֿאַרטראַכט. טײַבעלע האָט זיך צו אים געטשעפּעט, וואָס איז מיט אים; ער האָט איר געזאָגט, אַז דער קאָפּ טוט אים אַ ביסל וויי, און איז אַוועקגעגאַנגען צו זיך אין צימער. מאָריץ האָט טײַבעלען נאָך קיין איינציק וואָרט געזאָגט פֿון זײַנע געפֿילן צו איר. איינמאָל זענען זיי געזעסן צוזאַמען באַם טיש און האָבן געוואַרט אַף פֿעלדמאַנען און האָבן ביידע געשוויגן. מאָריץ האָט עפּעס יאָ געוואָלט זאָגן, נאָר ער האָט זיך גיך פֿאַרכאַפּט און האָט אַ הוסט געטאָן. פֿעלדמאַן איז געקומען, און זיי זענען לעבעדיקער געוואָרן. נאָך דער לעקציע האָט זיך מאָריץ געקליבן אַוועקצוגיין, און באַם געזעגענען האָט טײַבעלע דערפֿילט אין דער האַנט אַ שטיקל פּאַפּיר. מאָריץ איז אַוועקגעגאַנגען, און טײַבעלע איז געוואָרן בלאַס, דאָס האַרץ האָט איר געקלאַפּט, ווי מיט אַ האַמער, די הענט האָבן איר געציטערט. זי האָט דאָס צעטעלע אַרײַנגעלייגט אין קעשענע און האָט גערעדט מיט פֿעלדמאַנען. פֿעלדמאַן האָט אָבער באַמערקט, אַז טײַבעלע ענטפֿערט ניט צו דער זאַך, האָט ער אַף איר פֿאַרוווּנדערט אַ קוק געטאָן. דאָס געזיכט האָט

איר געפלאמט, ווי פײַער. ער האָט איר צוגעלייגט די האנט צומ שטערנ: דער קאָפּ איז איר געווענ הייס.

— טײַבעלע! וואָס איז מיט דיר?!

— גאָרניט, כ'לעבנ, גאָרניט... — האָט אימ טײַבעלע געענטפערט אונ איז ארויסגעגאנגענ צו זיכ אינ צימער, האָט ארויסגענומענ דאָס צעטעלע, וואָס מאָריצ האָט איר איבערגעלאָזט, אונ האָט איבערגעלייענט די ווערטער:

„הײַנט, זייגער פינפ, וועט איר זײַנ אינ שטאָט־גאָרטנ אונטער דעמ עפּלבוימ. איכ דארפ אײַכ זאָגנ זייער א נייטיקע זאכ".

זייגער פיר, אז פעלדמאנ איז נאָכ געווענ אפ די שטונדנ, האָט זיכ טײַבעלע אָנגעטאָנ, האָט פארשלאָסנ די שטוב אונ איז געשווינד ארויסגעגאנגענ. אפ דער גאס האָט זי זיכ אנידערגעשטעלט אונ האָט זיכ א כאפּ געטאָנ באמ הארצ, וועלכעס האָט ניט אופגעהערט צו קלאפּנ... אז זי איז ארײַנגעקומענ אינ גאָרטנ, איז זי באלד צוגעגאנגענ צו דעמ עפּלבוימ אונ האָט זיכ צוגעזעצט אפ דער באנק. די זונ האָט דורכגעשלאָגנ אירע שטראלנ דורכ די געדיכטע צווײַגנ פונ די ביימער דער סאָלאָווײ האָט געזונגענ. טײַבעלע האָט ארופגעקוקט אפ דעמ בוימ אונ האָט באמערקט, ווי צוויי פייגעלעכ האָבנ זיכ געשלאָגנ; זייער מילכאָמע האָט זי אזוי שטארק פארינטערעסירט, אז זי האָט ניט געהערט, ווי מאָריצ איז צוגעגאנגענ צו איר. ער איז געבליבנ שטיינ אונ האָט געקוקט אפ אירע שווארצע געקרײַזלטע האָר, וואָס דאָס ווינטעלע האָט געשאָקלט; איר הארצ האָט זיכ געהויבנ ארופ אונ אראָפּ, אונ איר מיט א ווײַס זעקל באדעקט קליינ פיסל האָט ארויסגעשטארט פונ דעמ שווארצנ קלייד אונ איז אראָפּגעהאנגענ פונ דער באנק. מאָריצ האָט מוירע געהאט כאפּנ דעמ אָטעמ, ער זאָל זי ניט אופוועקנ. עס איז אוועקגעגאנגענ נאָכ צוויי מינוט. מאָריצ האָט שטילערהייט געזאָגט:

— טײַבעלע...

— אכ! מאָריצ?!..—האָט זי זיכ אופגעכאפּט, אונ אינ איינ אויגנבליק איז זי שוינ געשטאנענ אפ די פיס. וויאזוי דאָס איז געוואָרנ — געדענקענ זיי ניט, נאָר מאָריצ האָט געהאלטנ טײַבעלענ אינ זײַנע אָרעמס אונ האָט איר ווי פארטומלט געזאָגט:

— טײַערע, טײַערע טײַבעלע! איכ האָב דיר שוינ לאנג געוואָלט זאָגנ, נאָר איכ האָב מוירע געהאט פאר דײַנע שווארצע בייזע אויגנ!..

אונ מיט די ווערטער האָט ער צוגעדעקט מיט זײַנע הייסע קושנ

אירע אויגן, די ברעמען, דעם קאָפּ, די הענט... טײַבעלע האָט זיך ניט געפּרוּווט אויסרײַסן פון זײַנע הענט; זי האָט נאָר געזאָגט:

— שוין לאַנג, טײַערער מאָריץ?.. זאָג: שוין לאַנג, שוין לאַנג?..

## VII

דרײַ טאָג איז טײַבעלע נאָכדעם ארומגעגאַנגען צעטראָגן. זי האָט געשיקט צו מאָריצן אזא צעטעלע:

„מײַן טײַערער! וואַרט נאָך א טאָג און גיי ניט צו אונדז: איך וויל ניט, איך קאָן ניט! איך וועל פאַרברענט ווערן פאַר שאַנד, וואָס איך האָב געטאָרט אונדזער איינציקן פרײַנט מיכאַעלן און האָב אים נאָך ביז הײַנט ניט אויסגעזאָגט מײַן גליק. הײַנט — מאָרגן וועל איך אים דערציילן. וואַרט נאָך א טאָג, נאָך א טאָג, ביז איך וועל דיר שרײַבן, דו זאָלסט קומען צו אונדז. איך וויל דיך שוין זען!”...

אין יענעם אָוונט, זייגער צוועלף, אז פעלדמאַן האָט זיך שוין געקליבן לייגן שלאָפן, האָט אים טײַבעלע א קלאַפּ געטאָן אין דער טיר. ער האָט זיך שטאַרק פאַרוואונדערט אף איר שפּעטיקן וויזיט. טײַבעלע האָט זיך צוגעזעצט אקעגן פעלדמאַנען מיט די ווערטער:

— מיכאַעל, איך האָב אײַך איצט א וויכטיקע זאַך צו זאָגן: מײַן הארץ, וואָס איז ביז אהער פרײַ געוועזן, איז ניט לאַנג געוואָר געוואָרן פון א נײַס...

פעלדמאַן האָט ברייט אויפגעעפנט די אויגן, און טײַבעלע האָט ווײַטער גערעדט, גלײַך און ריין:

— איך האָב ביז אהער ניט געוווּסט, אז ליבע איז אזוי שטאַרק, אז זי ווייסט ניט קיין גרענעצן, קיין שעמעוודיקײַט.

פעלדמאַן האָט געהערט נײַע ווערטער פון איר און האָט זיך גע־קלערט: „דאָס איז זי געקומען אופדעקן איר הארץ פאַר מיר און אויסזאָגן, אז זי ליבט מיך אויך, ווי איך זי, שוין אזוי לאַנג”...

— מײַן בעסטער פרײַנט מיכאַעל! איך מוז אײַך אַלץ דערציילן, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט די לעצטע טעג: איך האָב ליב מאָריץ זיל־בערמאַן...

פעלדמאַן איז געוואָרן בלאַס, ווי די וואַנט, און האָט זיך געריבן איין האַנט אָן דער אַנדערער. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן און האָט ניט געקאָנט... טײַבעלע האָט דאָס געזען און האָט ווײַטער גערעדט:

— איך ווייס, אז דאָס זעט בא אײַך אויס קרום... מאָריץ איז ניט מײַן גלײַכן: ער איז א פּרינץ... נאָר וואָס זאָל איך אָבער טאָן מיט

מײַן האַרץ? קאָן איך דען זאָגן: „שאַ, שווײַג שטיל״? ניין, איך בין ניט שולדיק, איך האָב אים ליב אַזוי פיל, אַז מער קאָן מען שוין קיין מענטשן ניט ליבן!..

— קינד, קינד! — האָט איר פעלדמאַן געענטפערט. — דו פאַר־ענטפערסט זיך אומזיסט: איך האָב שוין לאַנג אַרויסגעזען, אַז עס דאַרף גיך קומען די צײַט, ווען דײַן האַרץ וועט אויך אָנהייבן צו רעדן. עמעס, איך האָב ניט געוווּסט, אַף וועמען דײַנע אויגן קוקן... (דאָ האָט זיך פעלדמאַן אַ ביסל פאַרהוסט). איך האָב ניט געוווּסט, אַז דו האָסט פאַר דײַנע אויגן אַזאַ מענטשן, וואָס זײַן שיין געזיכט מיט זײַן געשטאַלט קאָן האַרמאָנירן מיט אַזאַ פרײַלן, ווי דו...

טײַבעלען זענען די ווערטער ניט געפעלן. זי האָט אים איבער־געשלאָגן:

— האָט קיין פאַריבל ניט, מיכאַיִל, איר ווילט מיר פאָרוואָרף מאַכן, אַז איך האָב ליב געקריגן אַ שיין פּאָנעם...

— טײַבעלע! דו קענסט מיך ניט פון נעכטיקן טאָג; דו ווייסט, אַז מיר איז אויך ליכטיקער צו זען פונדערווײַטנס, אַז די ליבנדע זע־נען ביידע שיין און יונג; עס איז אָנגענעם צו זען אַזאַ פײַן פּאָר, ווי דו מיט מאַריצ זילבערמאַן... נאָר זאָג מיר, טײַבעלע, וואָס איך וועל באַ דיר פרעגן, און זאָלסט זיך ניט געפינען באַליידיקט, וואָס איך מיש זיך אַרײַן אין אַנדערע געשעפטן: צי קענסטו אים שוין גוט? צי האָט איר שוין גערעדט, וואָס ווײַטער וועט זײַן? צי האָט איר זיך געפרעגט, ווהין דאָס וואַסער טראָגט אײַך?..

פעלדמאַן האָט נאָך לאַנג גערעדט איבער דעם איניען. טײַבעלע האָט אים ניט געענטפערט; זי איז געזעסן אָנגעשפּאַרט אַף ביידע הענט און האָט ניט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פון פעלדמאַנען, וועל־כער איז אַרומגעגאַנגען אַהין און צוריק שטאַרק צעטראָגן איבער אַ האַלבע שעה, און וועלכער ניט פעלדמאַן, ניט טײַבעלע האָבן קיין וואָרט ניט גערעדט. ענדלעך איז פעלדמאַן צוגעגאַנגען צו איר, האָט אַרופ־געלייגט ביידע הענט אַף אירע אַקסלען און האָט איר געזאָגט מיט אַ שטיל קאָל:

— טײַבעלע! דו ווייסט, אַז דו ביסט באַ מיר טײַער... ווי אַ שוועסטער, ווי אַ קינד... פאַרלאָז זיך אַף מיר, איך וועל אײַך ביידע גוצלעך זײַן. נאָר דאָס בעט איך פון דיר: אויב, באַהיט גאָט, אונדזערע פּלאַנען וועלן ניט אויסגעפירט ווערן און עס וועט זיך ניט גוט אויס־לאָזן — זאָלסטו זיך דערמאָנען אָן דײַן איינציקן בעסטן פרײַנט מיכאַיִל פעלדמאַן...

VIII

די גרעסטע שרײַבער, פּאָעטנ, פּסיכאָלאָגנ האָבנ לאַנג געהאָרעוועט איבערצוגעבנ אפ דעמ פּאַפּיר די בעסטע מאָמענטנ פונ דער עמעסער ליבע, נאָר דאָס קאָנ נאָר פאַרשטײנ דער, וואָס האָט אַלײנ ליב געהאַט אונ איז געווענ געליבט. נאָר ניט אַלע גליקלעכע ליבנדע טרינקענ אַלע גלײַכ פונ דעמ זעלטענעמ טײַערנ ווײַנ: אײנער פאַרזוכט דאָס פאַרגעניגנ א מינוט, אײנ אויגנבליק; דער אַנדערער געניסט עס זײַנ גאַנצ לעבנ. מאַריצ מיט טײַבעלענ האָבנ זיכ געבאָדנ אינ דעמ ליכטיקנ רײנעמ וואַסער צוויי יאָר. צוויי יאָר גליק! צוויי יאָר קעסיידער זענ אַלע טאָג דעמ מענטשנ, וואָס מיט אײנ קוק, מיט אײנ ווינק ווערנ באַלײַכט אַלע פאַרבאָרגענע ווינקעלעכ פונ זײַנ האַרצנ, וואָס דערוועקט אונדזערע מענטשלעכע געפילנ, וואָס קאָנ אונדז איבעראַרבעטנ אינגאַנצנ. — ליבע לעזער! איר ווײסט, וואָס הײסט צוויי יאָר גליק?.. אינ די צוויי יאָר האָט עס מאַריצנ ווײַט געבראַכט: פעלדמאַנ האָט אימ פאַרבאַרײַטעט אַרײַנצוטרעטנ אינ דער אוניווערסיטעט; טײַבעלע האָט נאָכ בעסער געלערנט אונ האָט גערעכנט אינ א יאָר אַרומ אויכ פאָרנ לערנענ אינ דער שטאָט, ווו מאַריצ וועט זײַנ. וועלכע שײנע לופטשלעסער האָבנ זיכ די גליקלעכע געבויט! דאָס קינדישע גליק איז בא זײ שוינ געווענ באַשטימט. אפ דעמ ערשטנ בלאַט פונ אונדזער דערציילונג האָבנ מיר איבערגעלאָזט טײַבעלענ ליגנ אינ בעט באַגאָסנ מיט טרערנ. אונדזערע לעזער ווילנ שוינ וויסנ די אורזאַכע, וואָס די איבערגליקלעכע טײַבעלע האָט געוויינט. מיר וועלנ זײ באַלד דערקלערנ:

גאָלדע זילבערמאַנ איז קראַנק געוואָרנ. די דאָקטוירימ האָבנ איר געהײסנ פאָרנ קײנ קאַרלסבאַד. גאָלדע האָט געוואָלט מיטנעמענ מאָריצנ אויכ קײנ אויסלאַנד, נאָר ער האָט בעשומ־אויפנ ניט געוואָלט פאָרנ. פונ קאַרלסבאַד האָט אימ גאָלדע געשיקט אַלע טאָג בריוו, אַז עס איז איר זײער שווער צו זײַנ אַלײנ אינ א פרעמד לאַנד, אונ ווענ ניט די פאַמיליע נאָטקינ, מיט וועלכער זי האָט זיכ באַקענט, וואָלט זי שוינ לאַנג געקומענ צוריק אַהײמ. ישׂראָעל נאָטקינ איז געווענ א רוסישער ייִד, זײער א רײַכער, אונ איז געקומענ מיט דער גאַנצער פאַמיליע קײנ קאַרלסבאַד אפ דעמ גאַנצנ סעזאָנ. גאָלדע האָט זיכ גאָר ניט געקאָנט אָפּלויבנ פונ דער פאַמיליע, באַזונדערס פונ רעב ישׂראָעלס טאָכטער, א מאַמזעל פונ א יאָר צוואַנציק, זײער א פײַנע, געבילדעטע אונ מיט אַלע מײַלעס. גאָלדעס בריוו זענענ געווענ פול מיט

קאָמפּלימענטן אַף דער מאַמזעל נאָטקין, וועלכע האָט נאָך פּופּציק טויזנט רובל נאָדן... זי האָט זיך געוווּנטשן, אַז גאָט זאָל איר צושיקן אַזאַ שנור... מאַריץ האָט זיך אויסגעלאַכט אַף אַלע איר בריוו און האָט זיי געוויזן טײַבעלען און פעלדמאַנען. ענדלעך האָט ער דער־האַלטן פון דער מוטער אַ בריוו, אין וועלכן זי מיט דער גאַנצער פאַ־מיליע נאָטקין בעטן אים, ער זאָל זיך דורכפאָרן קיין קאַרלסבאַד.

אָט דאָס איז געווען דער בריוו, וואָס מאַריץ האָט געוויזן טײַבעלען, און דורך דעם האָט זיך באַ זיי פאַרבונדן דער שמועס, וואָס איז שוין באַקאַנט אונדזערע לעזער פון דעם ערשטן קאַפּיטל פון אונדזער ערציילונג. אַז מאַריץ איז אַוועקגעגאַנגען, איז פעלדמאַן געקומען און האָט געטראָפן טײַבעלען אין טרערן. האָט ער באַלד פאַרשטאַנען, אַז עס איז שוין עפּעס אַ נײַס געשען באַ די ליבנדע. ער האָט זיך צוגע־זעצט צו איר און האָט געוואַרט, וואָס וועט זי זאָגן.

— מיכאַל, איר ווילט וויסן, וואָס איך וויין? גלייבט מיר, מײַן פרײַנט, אַז איך ווייס אַליין ניט, צי איז דאָס פאַר פרייד צי פאַר צאָ־רעס?.. מאַריץ איז דאָ ערשט געווען... אַך, מיכאַל, איר זאָלט געווען זען, הערן, ווי ער האָט געוויינט!.. ער האָט געוואָלט שיקן אַ דעפּעש קיין קאַרלסבאַד, אַז די מוטער זאָל קומען...

— וואָס דאַרף ער די מאַמע? — האָט זי פעלדמאַן מיט אַ שטאָך געפרעגט.

טײַבעלע איז פאַר כּעס אונטערגעשפּרונגען אַף דעם בעט:

— וואָס דאַרף ער די מאַמע?.. מיכאַל, איר זענט צו מאַריצן צו שטרענג: זי איז דאָך פאָרט אַ מוטער! זי דאַרף דאָך וויסן, וואָס איר איינציקער זון טוט! זי איז אַ מוטער!..

— קינד מײַנס! — האָט איר פעלדמאַן שטיל געענטפערט. — דו ביסט איצט צעטראָגן, ווייסטו ניט, וועד עס זאָגט גלײַך — איך צי דו...

טײַבעלע האָט זיך נאָך ערגער צערייצט.

— איך בין צעטראָגן? רעכט!.. נו, זאָגט זשע איר בעסער, אַז איר קאָנט און ווייסט!

טײַבעלע האָט זיך ווידער באַגאָסן מיט טרערן. פעלדמאַן האָט זי אײַנגעשטילט, אײַנגענומען, ווי אַ קליין קינד; ער האָט זי אַרומגענו־מען און צוגעצויגן צו זיך. טײַבעלע האָט אָנגעהויבן שטילער וויינען, און אין עטלעכע מינוט אַרום איז זי שוין ווײַטער געווען מונטער, ווי אַלעמאָל. זי האָט זיך אָפּגעוואַשן, אָנגעטאָן, גערעדט, געשפּעט און געלאַכט. אַף דעם קאָפּ האָט זי אָנגעטאָן אַ קרענצל פון רויזן, וואָס

מאַריץ האָט איר געשענקט פון זײַן גאָרטן; די אויגן האָבן איר געברענט ווי צוויי בריליאַנטן באַם ליכט. פעלדמאַן האָט אַנגעקוקט פון איר. ער האָט איר עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר אינמיטן האָט זיך אופגעעפנט די טיר און עס איז אַרײַנגעקומען מאַריץ. ער איז געווען אַנגעטאָן רײַזע־פּאַרטיק... טײַבעלע האָט געפילט, אַז עס האָט זיך איר אָפּגעריסן דאָס האַרץ; זי איז געבליבן שטיין אַף איין אָרט, בלאַס ווי דער טויט, און האָט ניט געקאָנט אויסרעדן קיין וואָרט. מאַריץ איז צוגעגאַנגען צו איר. פעלדמאַן האָט אים געבעטן זיצן. ער האָט זיך געכאַפּט און האָט געזאָגט:

— טײַבעלע, מיכאַל, זײַט געזונט: איך פאָר קיין קאַרלסבאַד... אַט ערשט האָב איך דערהאַלטן אַ דעפּעש: די מאַמע איז שטאַרק שלאַפּ; מע רופט מיך אַהין... איך וועל אײַך אַלע טאָג שרײַבן בריוו... איך וועל גיך קומען צוריק... טײַבעלע! איך וועל רעדן מיט איר וועגן אונדז... זײַט געזונט, מײַנע טײַערע...

פעלדמאַן האָט געזען, אַז טײַבעלע שטייט קוים אַף די פיס. ער איז צוגעגאַנגען צו איר און האָט איר שטיל געזאָגט:

— טײַבעלע! וואָס איז מיט דיר?..

— האַ? איך? גאָרניט... דו פאָרסט?.. איר פאָרט?.. — האָט טײַבעלע געזאָגט און האָט אַרופגעצויגן אַ פרײַלעכע מאַסקע אַפן פּאָנעם.

— נו, פאָרט געזונט! — האָט אים פעלדמאַן געזאָגט. — און פאַרגעסט אונדז ניט — פאַר צאָרעס, אָדער פאַר פרייד...

ער האָט אָפּגעזוכט דאָס היטל און איז אַרויסגעגאַנגען פון שטוב, ביכדיי די ליבנדע זאָלן זיך קאָנען געזעגענען אָן אַ דריטן. אַז מאַריץ איז איבערגעבליבן אַליין מיט טײַבעלען, האָט ער איר געוואָלט פאַלן אַפן האַלדז; זי האָט אים אָבער אָפּגעהאַלטן.

— מאַריץ... דאָס ניט, דאָס טאָרף מען ניט... טײַערער, איך וועל דיך מאָרגן ניט זען? און איבערמאָרגן אויך ניט? און עפּשער קיינמאָל ניט?..

— טײַבעלע! וואָס רעדסטו? איך וועל דיך גיך, גיך זען...

— מאַריץ! דו ווייסט: איך בין דײַנע, דײַנע, מאַריץ!..

— דו ביסט מײַנע, מײַנע אַף אייביק! טײַבעלע, איך וועל דיך ניט פאַרגעסן אַף אַ מינוט!..

ער האָט זיך געצויגן צו איר און האָט זי געוואָלט אַרומנעמען; זי האָט אים לײַכט אָפּגעשטויסן פון זיך.

— ניין, מאַריץ, ניט דאָס, ניט דאָס... גיב מיר דײַן האַנט, אַט

אזוי, און שוועער מיר בא מײַן נאָמען, דו הערסט? בא מ ײַ ן נאָמען, אַז וואָס עס זאָל זיך ניט מאַכן מיט דיר, זאָלסטו מיר שרײַבן... רעכט?

— רעכט!..

פעלדמאַן איז אַרײַנגעקומען מיט אַ פרײלעכער מינע:

— נו, שוין? געגנוג אָנגערעדט זיך? האָ? הײַנט לאָזט מיך אויך אַ ביסל רעדן מיט אײַך, ברוּמענדיקע טײַבעלעך, אויסלענדישע פייגעלעך! טײַבעלע! שטעל אויף דעם סאַמאָוואַר: עס איז נאָך פרי צום פּאָיעזד, און מיר וועלן דערווײַל אַ ביסל שמועסן פון אונדזערע אינטערעסן...

מיט די ווערטער האָט ער אַרײַנגעפירט מאַריצן צו זיך אין צימער און האָט זיך מיט אים פאַרשלאָסן.

— נו, מאַריצ, הײַנט מוזן מיר רעדן אַ ביסל אָפענער... מע רופט אײַך אַרויס אַהין מיט אַ דעפּעש, אַז אײַער מוטער איז שלאַפּ? עס איז אַ ליגן! מע רופט אײַך צו דער מאַמזעל נאָטקין: איר זענט אַ בען־יאָכיד, אײַער מוטער איז רײַך, איר זענט אַ וויגאָדנער כאָסן... געלט גייט צו געלט...

— מיכאַיל! וואָס רעדט איר! איר מיינט, איך בין דער זעלבער מאַריצ, וואָס פריִער מיט דרײַ יאָר?

— אָ!.. איך ווייס, איך ווייס!.. איך קען אָבער אײַער ווייך האַרץ, אײַער שוואַכן כאַראַקטער... אײַער מוטערס טרערן וועלן אַפּ אײַך ווירקן... מיר זענען ווײַט, און ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ פּאַניבריע די מאַמזעל נאָטקין איז דאָרט! איר זענט נאָך צו יונג...

— פאַר וועמען רעכנט איר מיך? איך וועל פאַרבײַטן טײַבעלען אַפּ... מיכאַיל! איר באַליידיקט מיך... איר ווייסט מײַן ציל...

— מאַריצ! אויב איר געפינט זיך באַליידיקט פון מײַנע ווער־טער, בעט איך אײַך מיר מוחל זײַן. נאָר איר דאַרפט פאַרשטיין, מיט וועמען איר רעדט: איר רעדט מיט אַן עלנטן מענטשן, וואָס זײַן אומגליקלעכע מאַזל האָט אים אָפּגעריסן פון דער פאַמיליע, פון פרײַנט, פון באַקאַנטע, קימאַט פון אונדזער גאַנצער נאַציע, און ער האָט אַרויסגעצויגן, גאָט ווייסט פון וועלכע הענט, אַ פרעמד עלנט קינד און האָט זי צוגעבונדן צו זיך, און איז אַליין צו איר צוגעבונדן געוואָרן... מײַן לעבן איז שוין צוזאַמענגעוואַקסן מיט איר לעבן... אײַך ליבט זי נאָר אָן אַ ברעג... אַז מיט אײַך וועט כאָלילע

עפעס פאסירן, האָרגעט איר זי אוועק, און מיך דעסגלײַכן... איר ווייסט? איר ווייסט? איך האָב אמאָל געהאָפט, אז מײַנ ליבע צו איר (צו וואָס זאָל איך לייקענענ?) וועט עפּשער דערוועקנ אינ איר האַרצ אזא געפיל, ווי צו אײַך איצט... נאָר איך האָב שלעכט גערעכנט... ווי קומט דאָס צו מיר?!.. איך בינ דערמיט געווענ צופרידנ, וואָס זי איז ביז אהער אזוי גליקלעך געווענ מיט אײַך. איר לאָזט זי מיר הײַנט איבער אינ א געפערלעכער לאגע... געדענקט, מאָריצ, אײַער טײַבע־לענ — זי איז אינגאנצנ א ײַ ע ר ע: א י ר זענט דער אויסגעקליבע־נער...

מאָריצ האָט געוויינט, ווי א קליינ קינד. דאָס האַרצ איז אימ שיר צעריסנ געוואָרנ אפ שטיקער. ער האָט נישט געקאָנט אויסרעדנ קיינ איינציק וואָרט. ער האָט געכאַפּט פעלדמאַנענ בא ביידע הענט און האָט זיי געקושט... פעלדמאַנ האָט געפינטלט מיט זײַנע גרויע אויגנ און האָט געריבנ צינד־העלצלעך, וועלכע האָבנ זיך אלצ פאַרלאָשנ... ער האָט פאַרייכערט א ציגאַר און האָט געזאָגט:

— נו, גענוג, גענוג שוינ, זילבערמאַנ! ווישט זיך אָפּ דאָס פּאָנעמ און זײַט א מאַנספערזאָנ!

דאָס טיי טרינקענ איז איבערגעגאַנגענ נישקאָשע. פעלדמאַנ האָט געזאָגט ווערטלעך, דערציילט אנעקדאָטנ. אלע האָבנ געלאַכט. ער האָט מוירע געהאַט, אז טײַבעלע זאָל ניט מאַכנ קיינ סצענע אינ די לעצטע מינוטנ, פאַר מאָריצעס אָפּרײַזע. ווי פאַרוווּנדערט איז ער אָבער געווענ, אז בעשאַס מאָריצ איז אופגעשטאַנענ צו פאָרנ, איז טײַבע־לע זייער פריילעך געווענ! איר געלעכטער האָט נאָך קיינמאָל אזוי ניט געקלונגענ, ווי אינ די מינוטנ; זי האָט שוינ צופיל געלאַכט און גערעדט... פעלדמאַנ האָט פאַרשטאַנענ, וואָס דאָס געלעכטער האָט זי געקאָסט; דאָס האַרצ האָט זיך אימ צוזאַמענגעצויגנ פאַר ווייטעק... נאָכאַמאָל אדיע, נאָכאַמאָל אדיע... אָט זענענ שוינ די פערד... ער זיצט שוינ אינ וואָגנ... דער קוטשער האָט א קנאַק געטאָנ מיט דער לאַנגער בײַטש. די פערד האָבנ א ריס געטאָנ דעמ וואָגנ, און ער איז פאַר־פאַלנ געוואָרנ אינ דעמ געדיכטנ שטויב פונ די גאַסנ, וואָס פירנ צומ וואָקזאַל. נאָר א ווײַס טיכעלע האָט זיך געזענ אינ דער הייך. דאָס פאָסט־גלעקל האָט נאָך געקלונגענ עטלעכע מינוט אלע מאָל שטילער, ביז עס האָט זיך גאָר פאַרלאָרנ אינ דער ווײַטער לופט, ווו די זונ האָט זיך אראָפּגעלאָזט, ווי אינ וואַסער אַרײַנ... שטיל און ליידיק איז גע־וואָרנ בא פעלדמאַנענ אינ שטוב. שטיל און ליידיק בא טײַבעלענ אינ האַרצנ...

ליבע לעזער! מיר וועלנ אײַך ניט פירנ קײנ קארלסבאד זענ, וואָס טוט דאָרט אונדזער העלד, מאָריצ זילבערמאנ. ער איז דאָס ערשטע מאָל אפ זײַנ לעבנ ארויסגעפאָרנ אפ דער וועלט. פונ יעדער סטאנ־ציע, פונ יעדנ וואָקזאל זענענ געגאנגענ פונ אימ הײסע בריוו צו טײַבעלענ. אז ער איז אריבער די גרענעצ, האָט זיכ פאר אימ געעפנט א נײַע וועלט. ער האָט זײ צוגעזאָגט אלצדינג צו שרײַבנ, אונ ער האָט זײַנ וואָרט געהאלטנ. נאָר פלוצעמ איז זײַנ קאָרעספאָנדענציע איבער־געריסנ געוואָרנ. מיר דארפנ ניט דערצײלנ, וואָס פאר שמערצנ דאָס האָט צוגעטײלט דער אָרעמער טײַבעלע. איר קאָפ האָט גענוג איבער־געטראכט! פעלדמאנ האָט מוירע געהאט צו רעדנ דערפונ מיט איר: ער האָט געזענ, אז זי צאנקט, ווי א ליכט. אונ אזוי זענענ איבערגע־גאנגענ צווײ כאדאָשימ, וועלכע האָבנ זיכ איר אויסגעוויזנ ווי צווײ יאָר, ביז דער פאָסט־טרעגער האָט איר אײנמאָל געבראכט א גרויסנ בריוו. דער שטעמפל איז געווענ פונ קארלסבאד. זי האָט באלד דער־קענט זײַנ האנטשריפט אפ דעמ קאָנווערט. די הענט האָבנ איר גע־ציטערט: זי האָט קוימ אופגעריסנ דעמ קאָנווערט. פיר מאָל האָט זי אָנגעהויבנ צו לעזנ דעמ בריוו אונ האָט ניט פארשטאנענ קײנ וואָרט... אָט דאָס האָט איר מאָריצ געשריבנ:

„טײַערע טײַבעלע! איכ בינ ניט ווערט, אז דײַנע הענט זאָלנ האלטנ מײַנ בריוו אונ דײַנע שײנע אויגנ זאָלנ קוקנ אפ מײַנ שריפט, וועלכע גיט דיר איבער מײַנע ווערטער ניט מיט טינט אפ פאפיר, נאָר מיט מײַנ בלוט אפ מײַנ אײגענער פעל. פארענטפערנ זיכ פאר דיר — וואָלט געווענ די גרעסטע מערדערײַ מיט דער גרעסטער ני־דעריקײַט פונ מײַנ זײַט, נאָר איכ בעט דיכ (דאָס לעצטע מאָל) אויס־הערנ דײַנ מאָריצנ, וואָס איז בא דיר אמאָל געווענ אזוי טײַער! וויס, טײַערע טײַבעלע, אז מאָריצ איז געפאלנ, אז מאָריצ איז איצט דער אומגליקלעכסטער אפ דער גאנצער וועלט! וואָס האָט איר מיכ געלאָזט אלײנ אפ דעמ וואסער? איכ זאָג דאָס דיר אונ אונדזער טײַערנ מיכאל. וואָס האָט איר מיכ מאפקיר געווענ? איר האָט דענ ניט געוווּסט, אז שווימענ אינ דעמ טיפנ יאמ איז זײער א געפער־לעכע זאכ פאר דעמ מענטשנ, וואָס איז ניט געוווינט צו די גרויסע כוואליעס? צומ אָנפאנג, אז איכ בינ נאָכ בא דעמ ברעג געשוואומענ, איז מיר זײער אָנגענעמ געווענ צו קוקנ, ווי די בײזע ווינטנ פליעס־קענ דעמ יאמ. זײ האָבנ מיכ געטראָגנ ווײַטער אונ ווײַטער... איכ

האָב געפּרוּווט אַמאָל אַרומקוקן זיך אַף דעם שטיק וועג, וואָס איך האָב שוין אָפּגעשוווּמען, האָב איך שוין ניט געקאָנט אָפּזוכן מיט די אויגן דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט: איר האָט אויסגעוויזן ווי צוויי ליכטיקע פּינטעלעך, ווי צוויי גלאַנצנדיקע שטערן אַף דעם טונקעלן וויַטן הימל, און נאָכדעם זענען די צוויי פּינטעלעך אויך פאַרשווּנדן געוואָרן... איך זע איצט בּאַ זיך אין קאָפּ און קאָן גאָר זיך ניט דערמאָנען, ווי און ווען בין איך געפאַלן... איך געדענק נאָר דער מוטערס טרערן, די ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט דער פאַמיליע נאַטקין, מיט זייער טאָכטער, און נאָכדעם זייערע וויזיטן צו אונדז, און מיַינע וויזיטן צו זיי, אונדזערע שפּאַציר־געַנגען אין דעם שיינעם גאָרטן, אונדזער פּאָרן אַף דעם שיף, קלאַראַס (אַזוי רופט מען זייער טאָכטער) בּלאָנדע האָר, בּלויע אויגן, הויכע געשטאַלט, און איר שטאַרקע שטימע... צו דעם צווייטן וויזיט בּאַ זיי האָט מען מיך געבעטן שפּילן פּיאַנע. איך האָב געשפּילט שוּבּערטס אַ מעלאָדיע, און קלאַרא האָט מיר אַקאָמפּאַנירט. דער רעזאָנאַנס פון דעם זאַל איז געווען גרויס און ברייט, און עס האָבן זיך אַ גאָס געטאָן אַזעלכע פאַרשיידענע, ווייכע, קלינגענדיקע, וואַרעמע טענער, אַזאַ זעלטענע האַרמאָניע!.. איך האָב אופגעהויבּן אַף איר די אויגן, איז זי ווי אויס־געוואַקסן אַף אַ גאַנצן אַרשין, און זי האָט מיר אויסגעוויזן אַזוי שיין און ריין, ווי אַ מאַלאַך... אין מיַין האַרץ האָט זיך אָנגעצונדן אַ פיַיער, וואָס האָט אין מיר געבּרענט, און איך האָב מוירע געהאַט צוצוגיין צו איר. אַזאַ פּרווו האָב איך געליטן אַלע טאָג! זי האָט מיך געמוטשעט מיט איר קאָל, און עס איז מיר ליב געווען צו מוטשען זיך. אבי נאָך און נאָך הערן איר געזאַנג... עס וויַזט אויס, אַז זי האָט געוווסט, וואָס מיט מיר טוט זיך, כאָטש איך האָב מיט איר דערפון ניט גערעדט. איינמאָל איז זי געווען בּאַ אונדז. מיַין מוטער איז גע־ווען אין גאָרטן, און קלאַרא איז געזעסן מיט מיר. איך בין געווען שטאַרק פאַרזאָרגט און פאַרטראַכט. זי האָט מיך געפרעגט די אור־זאַכע. איך האָב איר ניט געוואָלט ענטפערן, איז זי אופגעשטאַנען און אָנגעהויבּן זינגען אַ מעלאָדיע, בין איך ווי באַטויבּט געוואָרן... מיַין פאַנטאַזיע האָט מיך פאַרטראָגן וויַט! איך האָב זי גערעכנט העכער פון אַ מענטשן — איך בין אָנידערגעפאַלן פאַר איר!.. איך געדענק ניט, ווען און וויאַזוי איך בין געשטאַנען מיט קלאַראַן אונ־טער דער כופּע... דער פריידיקער האָט אַ רעדע געהאַלטן, זיַינע ווערטער האָבּן מיר לאַנג געקלונגען אין די אויערן, און עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז ער זאָגט מיר: „געדענק, וואָס דו טוסט!“...

מײַנ מוטער האָט געװײנט פאר פרײד, אונ קלאַרא האָט מיכ געפרעגט, װאָס קלאַפט בא מיר דאָס הארצ... טײַבעלע! איכ בינ אומגליקלעכ: דיכ האָב איכ אָנגעװאָרנ, פארלאָרנ אפ אײביק; זיכ האָב איכ פארקױפט א פרעמדער... זי איז װײַט פונ מיר, װי דער הימל פונ דער ערד... מײַנ ציל קאָנ איכ שױנ יעצט ניט דערגרײכנ: איכ געהער הײַנט ניט זיכ אלײנ; איכ בינ א קנעכט... איכ האָב שױנ מײַנ ראָליע אָפגעשפילט גאנצ קאָמיש! דער גרױסער זינדיקער קאָנ מיט כאראָטע אונ מיט גוטע װערק נײַ געבױרנ װערנ, אָבער ניט אזא „װאָרעמ" װי איכ... טײַבעלע! מיכאַל! פארגעסט אָנ מיר: איכ בינ ניט װערט, איר זאָלט מיכ געדענקענ! זײַט גליקלעכ, בײדע צוזאמענ!.."

# X

פעלדמאנ איז נאָרװאָס אװעקגעגאנגענ אפ זײַנע שטונדנ, בײַם טײַבעלע האָט דערהאלטנ דעמ שײנעמ בריװ פונ קארלסבאד. אז זי האָט געענדיקט דעמ בריװ צו לעזנ, איז זי געבליבנ זיצנ א קלײנע צײַט, װי א פארשטײנערטע. אירע אױגנ האָבנ א װײַלע אָנגעװאָרנ דעמ גלאנצ. נאָכדעמ איז זי אופגעשטאנענ, האָט א װאָרפ געטאָנ מיט דעמ קאָפ אונ האָט אָנגעהױבנ ארומצוגײנ איבער דער שטוב פונ אײנ װינקעלע צומ אנדערנ, צונױפגעלײגט די הענט אפ דעמ הארצנ; די אױגנ האָבנ אָנגעהױבנ צו באקומענ זײער פריערדיקנ גלאנצ, איר געזיכט איז ליכטיקער געװאָרנ, דאָס הארצ האָט איר שטארק געקלאַפט, דער קאָפ האָט בא איר געארבעט. זי האָט אָפגעזוכט א בײגעלע פּאָסטפאפיר אונ האָט זיכ גענעצט שרײַבנ. עס האָט געדױערט א האלבע שעה. זי האָט צונױפגעלײגט דאָס בײגעלע פאפיר מיט מאָריצעס בריװ אונ האָט זײ אינ א קאָנװערט אנידערגעלײגט אפ דעמ טיש. זי האָט אופגעעפנט איר קעסטל, האָט ארױסגענומענ פונ דאָרטנ אלע אירע זאכנ אונ האָט זײ אײַנגעפאקט אינ א קלײנ רײַזעזעקל, האָט אהינ ארײַנגעלײגט פעלדמאנס פאָרטרעט אונ האָט איבערגעצײלט איר געלט, װאָס זי האָט צונױפגעקליבנ פונ אירע שטונדנ, — דאָרט איז געװעזנ הונדערט אונ צװאנציק רובל. זי האָט זיכ א ביסל צוגעזעצט אונ האָט באטראכט די שטוב, װו זי איז אופגעצױגנ געװאָרנ. נאָכדעמ איז זי ארײַנגעגאנגענ צו פעלדמאנענ אינ צימער, האָט זיכ אָנגעבױגנ צו זײַנ בעטל אונ האָט א קוש געטאָנ דאָס קישעלע... זי האָט צוגעשלאָסנ די שטוב, אופגעהאנגענ דעמ שליסל אונ איז מיט דעמ רײַזע־זעקל אינ די הענט אװעקגעגאנגענ

אפ דער פּאָסט־סטאַנציע. אין אַ האַלבע שאָ אַרום איז זי שוין געזעסן אין אַ וועגעלע, וועלכס האָט זי געטראָגן צום וואָקזאַל. און דאָ האָבן מיר זי שוין פאַרלאָרן אין דער מאַסע פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן געוואַרט אפ דעם פּאָיעזד פון אָדעסער ליניע.

דאָס איז דער בריוו, וואָס טײַבעלע האָט געשריבן פעלדמאַנען:

„אַז איר וועט דערהאַלטן מײַן בריוו, וועל איך שוין זײַן אין וועג. איך בעט אײַך, איר זאָלט מיך ניט נאָכיאָגן. איך וואָלט גאָר ניט באַדאַרפט אַנטלויפן און וואָלט געקאָנט אַזוי אַוועקפאָרן: איך בין פרײַ, און קיינער קאָן מיר מײַן פרײַהײַט ניט שטערן! נאָר איך האָב ניט געוואָלט זען, ווי מײַן טײַערע, ערלעכע, גוטער מיכאל וועט באַגלייטן זײַן נאַרישע טײַבעלע, וועלכע ער האָט ערשט ניט לאַנג אופגעהויבן פון דער גאַס פון מיסט... לייענט איבער זײַן בריוו, וועט איר זען, אַז קיין אַנדער פּלאַן איז פאַר מיר ניטאָ. זיך אַליין דאָס לעבן נעמען איז די גרעסטע נאַרישקײַט; דאָס דאַרף נאָר טאָן דער מענטש, וואָס פאַרשטייט ניט, צו וואָס ער לעבט אפ דער וועלט, אָדער דער גרויסער עגאָיסט, אַז עס גייט אים ניט אַזוי, ווי ער וויל, ווערט ער בערויגעז און שיסט זיך. איך ווייס, אַז איך בין אַ מענטש (אַ פרוי — אַלצייגנס), קאָן איך נוצלעך זײַן און עפּעס געבן דער וועלט אַבוצ ליבע. — איך ווייס, איך וועל אײַך פיל שמערצן מאַכן מיט מײַן אַנטלויפן פון אײַך: איך געדענק אײַערע ווערטער, וואָס איר האָט מיר געזאָגט פריער מיט צוויי יאָר... איך ווייס, אַז איך וואָלט געקאָנט אײַער לעבן גליקלעך מאַכן אפ אייביק, און עפּשער (ווער ווייסט?) זיך זעלבסט... נאָר איך רעכן אײַך דערופ צו הויך און זיך צו קליין, אַז איך האָב געקאָנט האַלטן פאַר אַ גאָט אַזאַ קליין מענטשעלע, ווי מאָריץ זילבערמאַן... איך זאָג ניט, אַז איך קאָן צו אײַך ניט גרייכן. איך פיל אָבער אין זיך פיל קראַפט צו דערגרייכן עטוואָס וויכטיקערס, גרעסערס און נוצלעכעס פאַר דער וועלט— און איך וועל דאָס געוויס דערגרייכן, ווײַל איך וויל דאָס!.. איר מיינט, אַז מײַן באַשלוס איז אין אײַן רעגע געוואָרן? ניין, טײַערער מיכאל! זינט ער איז אַוועקגעפאָרן פון אונדז (געדענקט איר?), האָב איך געפילט, אַז מײַן האַרץ ברעקלט זיך אפ שטיקלעך, און עס ווערט דאָרטן ווי ליידיק... וואָס מײַן קאָפּ האָט איבערגעאַרבעט אין די לעצטע צוויי מאָנאַטן — בין איך ניט אימשטאַנד אײַך איבערצוגעבן. און האָס, וואָס איך האָב באַקלערט, איז באַשטימט, און אַזוי דאַרף זײַן — ניט אַנדערש! עפּשער וועלן מיר זיך נאָך אַמאָל זען בא אַנדערע אומשטענדן, ווער ווייסט? דערווײַל בעט איך אײַך,

טײַערער מיכאַל, מיכ ניט צו זוכנ אונ ניט נאָכצופרעגנ זיכ אפ מיר. מײַנ ליבע האָט מיר געגעבנ א גוטע לעקציע!.. אײַכ וועל איכ געדענקענ, ווי א מאַלעכ, וואָס האָט מיכ פונ דער בלאָטע ארויסגעשלעפט אונ האָט מיכ צו מײַנ מענטשלעכקײַט אומגעקערט אונ מיר די פרײַהײַט געגעבנ... איכ בעט מיכ צום שלעכטנ ניט צו דערמאָנענ, אונ די גרעסטע מאַטאָנע פונ אײַכ וועט בא מיר זײַנ, אז איר וועט דאָס צום הארצנ ניט נעמענ אונ ניט ווײנענ אפ דעם אומגליק פונ אײַער טײַבעלע, וואָס גלייבט אינ זיכ אונ האָפט אפ זיכ אלײנ... מיר דארפנ זיכ צעגײנ שטיל, אזוי ווי מיר האָבנ זיכ באַקאַנט שטיל..."

פעלדמאַנ איז הײַנט אינ ה., אינ דער אוניווערסיטעט, אפ דעמ פערטנ קורס. ניט לאַנג איז ער געווענ אינ קיעוו אונ האָט זיכ באַגעגנט אפ קרעשטשאַטיק מיט א רײַכ געקליידטנ יונגנמאַנ, געאָרעמט מיט א הויכער יונגער פרוי. זיי זענענ ארויסגעגאַנגענ פונ דעמ שענסטנ גאַסט-הויז — „גראַנד-האָטעל".

דאָס איז געווענ מאָריצ זילבערמאַנ מיט זײַנ פרוי קלאַרא.

— מיכאַל! — האָט מאָריצ אויסגעשריגנ אונ האָט זיכ אויסגעריסנ פונ דער דאַמע. פעלדמאַנ איז צוגעגאַנגענ אונ האָט אופגעהויבנ זײַנע גרויע אויגנ אפ מאָריצנ: ער האָט אימ ניט דערקענט.

— מיכאַל!.. וואָס מאַכט איר? שוינ פינפ יאָר!.. ווו איז טײַבעלע?..

פעלדמאַנ האָט א זאָג געטאָנ: „א-א-א!"... ער האָט זיכ גאַנצ העפלעכ געווויטעט מיט מאָריצנ, האָט א קוק געטאָנ אפ קלאַראנ אונ איז אוועקגעגאַנגענ ווײַטער. קלאַרא האָט מיט א גרימאַסע געפרעגט מאָריצנ אפ פראַנצויזיש:

— Qui est ce mal—appris?*

מאָריצ האָט איר גאָרניט געענטפערט; ער איז געשטאַנענ מיט א פארפינצטערט געזיכט אונ האָט נאָכגעקוקט פעלדמאַנס טריט... קלאַרא האָט זיכ אָנגעבלאָזנ אפ אימ, אונ אז זיי זענענ געקומענ אהיימ, האָט זי אימ געמאַכט א סצענע.

גאָלדע איז געשטאָרבנ אונ האָט איבערגעלאָזט מאָריצנ א היפש קאַפיטאַל. ער האָט געעפנט א קאָנטאָר, אונ אפ דער טאַבעלע איז אופגעצייכנט: זילבערמאַנ, נאָטקינ עט קאָמפאַניע". — צי איז ער

* ווער איז דער גראָביאַנ? (באַמ. פונ אויט.)

גליקלעך? — דאָס איז אַזאַ פֿראַגע, וואָס מיר נעמען זיך ניט אונטער צו ענטפֿערן. אַף איר.

און טײַבעלע? — מיר בעטן אונדזערע לעזער ניט צו זאָרגן פֿאַר איר: אַזעלכע ווי זי וועלן ניט פֿאַרפֿאַלן אַף דער וועלט. עס קאָן זײַן, אונדזערע לעזער וועלן זיך באַגעגענען מיט איר איינגיכן; נאָר דער־ווײַל גייט טײַבעלע שטיל אַראָפּ פֿון דער סצענע, אַזוי ווי זי איז אַרויפֿגעגאַנגען אַף איר. עס מאַכט זיך אָפּטמאָל, אַ שטערן גלאַנצט ליכטיקער און שענער פֿון אַלע שטערן אין הימל; ער לײַכט אַלעמאָל גלײַך: אַי אין אָוונט, וווען ער באַווײַזט זיך נאָר אַף דעם הימל, אַי צום פֿרימאָרגן, ווען ער דאַרף זיך באַהאַלטן...

ע נ ד ע.

# העכער אונ נידעריקער

(עטיוד אינ 2 טייל'נ)

ע ר ש ט ע ר  ט י י ל

## אינ דער הייכ!

א

בא גאווריִעל ראָזענפעלד אינ הויז איז דעמ 30 מײַ 18... יאָר געווענ א גרויסער ראַש מיט א גערודערײַ. גאווריִעל סאַמאָילאָוויטש איז דעמ דאָזיקנ טאָג ניט ארויסגעטראָטנ פונ שטוב אונ האָט אויכ בא זיכ קיינעמ ניט צוגענומענ; א פּאַק מיט בריוו פונ דער פּאָסט איז געלעגנ אפנ טיש ניט אופגעעפנטע; גאווריִעל סאַמאָילאָוויטש איז געגאַנגענ פונ איינ פענצטער צומ אנדערנ אונ האָט ארויסגעקוקט מיט גרויס אומגעדולד אפ דער גאַס; אפנ טיש ליגט אנ אָפענע טעלעגראַמע, ער גייט צו אַלע רעגע אונ לייענט מיט גרויס פאַרגעניגנ:

„Петербургъ, 28 мая 7 часовъ утра. Сегодня курьерскимъ выезжаю. Саша“.

שוינ פונ 2 טאָג איז א ליאַרעמ בא ראָזענפעלדנ אינ הויפ: מע באַקט, מע קאָכט, מע פוצט, מע רייניקט, מע וואַשט, מע בערשטלט — ס א ש א פאָרט! דער קוטשער האָט געכאַפּט א מיִעסנ פּסאַק פונ ראָזענפעלדנ — סאַשא פאָרט! די דינסטנ אינ קיכ שלאָפנ שוינ ניט פונ צוויי נעכט — סאַשא פאָרט! צוויי אָרעמע קרויווימ, וואָס פלעגנ אָפט פאָרנ צומ רײַכנ קאָרעוו, זענענ היינט ארויס פונ דעמ הויפ מיט ביזיוינעס אָנ א נעראָווע — סאַשא פאָרט! דער סטאָראָזש פונ הויפ איז געקומענ צו גאווריִעל סאַמאָילאָוויטשנ מיט א באַקאָשע, ער זאָל אימ מויסיפ זײַנ אפ די סכירעס כאָטש נאָכ צוויי רובל א כוידעש, אונ האָט מעקאַבל געווענ א הויכנ „דורררראַק!“, אז עס איז אימ פינצטער געוואָרנ אינ די אויגנ —

סאשא פאָרט! דער ראָוו פונעמ שטעטל מיט א גאבע זענענ געקומענ צומ גוויר „מיקויעכ דער מיקווע", האָט מענ זיי געהייסנ „קומענ מאָרגנ" — סאשא פאָרט! אונ אינ שטעטל אליינ איז אויכ געוועזנ א טאַרעראַמ:

— דער זונ דארפ קומענ... דער סטודענט... דער גוויר איז פארנומענ... אינ „הויפ" טוט זיכ עס!... מע זאָגט, אז ער איז טאקע א ווילדער קענער... ער איז שוינ א דאָקטער... א פּראָפעסאָר!.. דער גוויר וועט מיסטאמע מאכנ א סודע... מע וועט טיילנ געלט... אכ, ער זאָל שוינ קומענ! מע דארפ אימ אָנקוקנ!..

סאשא פאָרט! פיר גרויע ברענענדיקע פערד זענענ, ווי א בליצ, דורכגעפלויגנ דורכ דעמ שטעטל, אונ אינ צוויי מינוט ארומ האָט שוינ דאָס גאנצע שטעטל געוווּסט, אז „ער איז שוינ געקומענ". איינער האָט נאָר געזענ דעמ עקיפאַזש; דער צווייטער האָט געזענ „אימ" אליינ; דער דריטער האָט דערציילט, אז „ער" גייט פונקט ווי אַנ אָפיציער מיט גילדענע קנעפּ; דער פערטער שווערט, אז ער האָט אליינ געזענ אפ „אימ" גרויסע עפּאָלעטנ, ווי בא גענעראַל.

סאשא איז שוינ געקומענ! מיט טרערנ אינ די אויגנ האָט באָבע-טויבע די קעכנ דערציילט, ווי „ער" איז ארויסגעשפּרונגענ פונ דער קארעטע, ווי די שפּאָרנ האָבנ געקלונגענ אפ „זיינע" שטיוול, ווי דער באלעבאָס האָט זיכ צעקושט מיט „אימ" אונ האָט געווישט די אויגנ, ווי די באלעבאָסטע האָט געוויינט אפ א קאָל, ווי „ער" האָט ארומגענומענ די מוטער, ווי „ער" האָט גערעדט.

סאשא איז שוינ דאָ! אפ דעמ צווייטנ טאָג איז ער ארויסגעפאָרנ רייטנדיק אפ א פערד אונ איז דורכגעלאָפנ דאָס שטעטל אינ דער לענג; ייִדעלעכ האָבנ זיכ גענייגט צו אימ, אונ אייניקע האָבנ ארויפגענומענ דאָס היטל פאר „אימ"; סאשא האָט עטלעכע פונ זיי געענטפערט מיטנ קאָפּ, אונ זיי זענענ געווענ גליקלעכ. אפ דעמ דריטנ אונ פערטנ טאָג האָבנ „אימ" שוינ אלע ייִנגלעכ געזענ.

דאָס שטעטל איז פול געווענ מיט דעמ גווירס זונ! אינ יעדער ווינקעלע האָט מענ גערעדט פונ „אימ", פונ זיינ שיינקייט, פונ זיינ קענענ, פונ זיינ רייכקייט, פונ זיינ גרויסקייט! אפ יעדער גאס, וווּ סאשא האָט זיכ נאָר באוויזנ, איז מענ ארויס, ווי די טאַראַקאַנעס, פונ די שטיבלעכ, פונ די קלייטלעכ, פונ די קלויזנ, אונ יעדער האָט געוויזנ מיט די פינגער: „אָט פאָרט ער!", „אָט גייט ער!"...

## ב

מיט 25 יאָר פריִער איז אינ דעמ שטעטל נ., ווו עס קומט פאָר די סצענע, וואָס איז אויבנ באשריבנ, געווענ בא גאווריִעל ראָזענפעלדנ א בריס, אפ וועלכנ עס איז געווענ מער פונ 300 מענטשנ, אונ רעפאָעל דער שאדכנ האָט אויסגעטרונקענ אנ עמער ווייַנ אונ — איז געשטאָרבנ. אלטע ייִדנ געדענקענ נאָכ דעמ בריס אונ דערציילנ אדהאיאָמ די כידושימ פונ רעפאָעל אָלעוו־האשאָלעמ, ווי דער בראָנפנ האָט זיכ אינ אימ אָנגעצונדנ אונ ווי דאָס פאָנעמ איז אימ געוואָרנ שווארצ, ווי א האָלעוועשקע.

אָט דאָס איז געבוירנ געוואָרנ אפ דער וועלט אונדזער גליק־לעכער סאשא (אלעקסאנדער). גאווריִעל איז שוינ דעמלט געווענ רייַכ, אונ אז זייַנ פרוי רעוועקא איז אינ עטלעכע כאדאָשימ ארומ געזונט געוואָרנ, האָט ער געמאכט א סודע פאר אָרעמעלייַט אונ האָט אייַנגעלייגט אינ באנק אפ סאשעס נאָמענ הונדערט טויזנט רובל אפ א לאנגנ זמאנ. רעוועקא, וואָס האָט ביז אהער געליבט נאָר גאווריִעלנ, איז מיט דעמ גאנצנ לעבנ איבערגעגעבנ געוואָרנ דעמ נייַ־געבוירענעמ סאשענקענ, וואָס איז געוואקסנ אונ האָט גע־בליט ווי א שיינע בלומ אינ כוידעש מייַ, געוואָרעמט פונ דער זונ אונ באנעצט מיט דעמ רעגנ; בא ראָזענפעלדנ אינ הויז איז צוליב סאשענקענ צוגעקומענ נאָכ מענטשנ: אמענ, ניאנקעס, באָנעס, לאקייענ, קוטשערס, פראטשקעס־וועשנס. אונ דער הויפ איז גע־וואָרנ פול מיט דעמ נאָמענ „סאשא!"

איבער אזא „קליינ מענטשעלע" — אזא „גרויס" געפילדער?!...

דעמ טאָג, וואָס מע האָט סאשענקענ אנטוויינט, האָט ראָזענ־פעלד געמאכט א סודע פאר אָרעמעלייַט, דעמ טאָג, וואָס סא־שענקע האָט אָנגעהויבנ גיינ אליינ, — ווייַטער א סודע; סאשענקע זאָגט שוינ „פאפא"־„מאמא" — ווייַטער א סודע; אונ ווער שמועסט, אז סאשענקע האָט שוינ איבערגעפאָקט, איבערגע־מאָזלט, האָבנ אָרעמעלייַט געגעסנ א גוטנ אָנבייַסנ. וואָס איז דאָס פאר א כידעש, וואָס אלע האָבנ גערעדט, געקלערט מער פונ דעמ גווירס קינד, ווי פונ זייערע אייגענע קינדער? וואָס איז דאָס פאר א כידעש, אז דער אָרעמאנ, וואָס יעדער נייַגעבוירנ קינד איז בא אימ גאָר א באזונדערער עסער אפ זייַנ קאָפ, פלעגט מער איבער־טראכטנ, אז סאשענקע איז קראנק געווענ, מער ווי איבער זייַנ אייגנ קינד? אז עס קאָנ געמאָלט זייַנ, אז אפ דער וועלט געפינענ

זיך איבעריקע מענטשן מיט איבעריקע עסערס, פארוואס זשע זאָל זיך ניט געפינען אזא פאָטער אָדער א מוטער, וואָס זאָל בעטן גאָט אפּן גווירם קינד, בעשאַס זייער איינגע קינד ליגט אין בעט קראַנק?..

די גרעסטע סודע פון אלע איז בא ראָזענפעלדן געווען, ווען סאשא איז אלט געוואָרן צוועלף יאָר און האָט באדארפט פאָרן קיין ק. אין דער גימנאַזיע. דעמלט האָט ראָזענפעלד געמאכט א באַל פאר פּריצים אויך, און פון סאשען האָבן גערעדט ניט נאָר יידעלעך אליין. די לערער, וואָס האָבן אים דערצויגן, האָבן געזאָגט ראָזענפעלדן, אז זיין זון האָט זעלטענע פעיקייטן, און עס וועט זיין פון אים א ליַיט. אַפ וויפל דאָס איז אן עמעס, קענען מיר דאָך ניט וויסן: ווער קען אונדז אָרעוו זיין, אז דער לערער האָט דאָס נאָר ראָזענפעלדן אזוי געזאָגט, ביכדיי ער זאָל זיך אונ־טערכאַנפענען? ווער ווייסט, וואָס ראָזענפעלד האָט דאָרט „גערעדט" מיט דעם דירעקטאָר פון דער גימנאַזיע און מיט די לערערס? ווער ווייסט, צי סאשא וואָלט געקריגן אלע יאָר א „נאגראַדע", ווען זיין פאָטער זאָל ניט זיין ראָזענפעלד און זאָל ניט האָבן קיין סאך געלט? ווער ווייסט צי...? מיט איינעם וואָרט — סאשא האָט די גימנאַזיע געענדיקט, איז אריַין אין דער אוניווערסיטעט, גע־ענדיקט די אוניווערסיטעט אויך און איז געוואָרן א פאָלקאָוואָי דאָקטער אין א „גוטער" שאָ...

ג

עס איז דאָ פיל מענטשן אַפ דער וועלט, וואָס האָבן ליב אָפּ־לויבן דעם אנדערן, אופהייבן ביז דעם הימל גאָר אָן א שום טאַם.

צווישן אונדזערע „כסידים" איז דאָ אזעלכע מענטשן, וואָס גלייבן ניט אָן [אין?] דעם רעבן, וואָס דארפן זיין לאַסקע ניט האָבן, וואָס ער געהער זיך מיט זיי אָן, ווי דעם נעכטיקן טאָג — און פונדעסטוועגן קענען זיי אויך אמאָל דערציילן א פּיזמען, וואָס ניט געשטויגן, ניט געפלויגן, און ווייסן אליין גאנץ גוט, אז זיי זאָגן, מעכילע, א ליגן, און דער צווייטער, וואָס הערט זיי אויס, שאָקלט צו מיטן קאָפּ און האָט ניט קיין מוט צו ענטפערן: „עס איז א ליגן!"...

— וואָס זשע איז דאָס? —

דאָס איז — „האַצלאָכע".

קימאַט אינ יעדער שטאָט איז דאָ „גרויסע" אונ „קליינע" דאָקטוירימ. מע זאָל אָנכאַפּנ אַ ייִדנ פונ דער גאַס אונ אַ פרעג טאָנ: פאַרוואָס האַלט מענ דעמ פאַר אַ „גרויסנ" דאָקטער, אונ דעמ פאַר אַ „קליינעמ" דאָקטער? — וועט ער אייַכ ענטפערנ: „אַ? דער איז אַ „געריםטער" דאָקטער, אונ דער איז עפּעס ווייס איכ וואָס"... אַז ער וועט צוליינג: אַז דער „גרויסער" דאָקטער האָט געהאָלפנ דעמ אונ דעמ כוילע, וועט ער אייַכ דערציילנ די מייַסע אונ וועט נאָכ מוסיפ זייַנ פונ זיכ אַליינ, אַז דער כוילע איז טאַקע געווענ אַ „מעסוקענער כוילע!"... איר וועט דאָס איבערגעבנ דעמ דריטנ, אונ דער דריטער וועט דערציילנ דעמ פערטנ, אַז דעמ כוילע איז געווענ אַ מינוט צומ טויט, אונ דער פערטער וועט דערציילנ דעמ פינפטנ, אַז דער כוילע איז שוינ אויסגעגאַנגענ, האָט אימ דער דאָקטער פונ טויט לעבעדיק געמאַכט — אונ אַזוי ווערט ער אַ „גרויסער" דאָקטער... נאָר דערצו מוז ער אָבער אַרויספאָרנ מיט שיק! זיצנ ווי אַ מאָנאַרכ, לאָזנ זיכ לאַנג בעטנ, ווי עס איז שוינ אַ סאַכ לעזער באַקאַנט...

דער דאָקטער אַלעקסאַנדער ראָזענפעלד איז אַוואַדע געווענ אַ „גרויסער", ווייַל קיינער האָט קיינ זכיע ניט געהאַט מיט אימ צו רעדנ, אונ רופנ אימ צו זיכ האָט זיכ ניט יעדער אייַנגעשטעלט. אינ פאָלק זענענ אָפּ אימ געוואַקסנ טשינעס, אונ אינ באַנק — געלט. ניט נאָר בא ייִדנ איז ער געווענ „גרויס": ער האָט אויכ בא קריסטנ געהאַט אַ שיינעמ נאָמענ. נאָר בא די גרויסע אַריסטאָקראַטנ איז אייַנגעפירט צו קורירנ זיכ צוליב דער מאָדע, פונקט ווי קליידנ זיכ נאָכ דער מאָדע. גלייַב ווי עס איז דאָ אַ מאָדנער שנייַדער, שוסטער, קרעמער, אַזוי איז דאָ אַ מאָדנער דאָקטער אויכ, וואָס איז מייסטנטיילס שטאַרק בעקאָוועד בא די גרויס־וועלטיקע פרויענ; אַפילע רעפּועס איז שוינ אויכ דאָ „מאָדנע" אונ „ניט קיינ מאָדנע"; דאָס ווייסט יעדער פּראָוויזאָר אונ יעדער אַפּטייקער גאַנצ גוט...

ראָזענפעלד איז געווענ אַ „גרויסער" אונ אויכ אַ „מאָדנער דאָקטער!

צו 30 יאָר איז ראָזענפעלד אַרויס פונ דעמ פאָלק מיט עטלעכע אָרדענס אָפּנ האַרצנ אונ האָט כאַסענע געהאַט מיט אַ באַנקירס אַ טאָכטער אונ האָט גענומענ נאָדנ!

צו פערציק יאָר איז גאָווריִעל סאַמאָילאָוויטש געשטאָרבנ אונ האָט אימ געלאָזט אַ היפּשע יערושע. וואָס מער געלט ער האָט

באקומענ, האָט ער אלצ מער פּראקטיקע געהאט, אונ זײַנ נאָמענ האָט זיכ געלאָזט הערנ אפ דער וועלט, ביז מע האָט אָנגעהויבנ פאָרנ צו אימ פונ דער וועלט, צומ מיינסטנ קראנקע ייִדעלעכ מיט געזונטע קערבלעכ, אונ דאָ האָט מענ ערשט אָנגעהויבנ דערציילנ פונ אימ ניסימ־וועניפלאָעס מיט „מויפסימ”, פּונקט ווי פונ א „גוטנ־ייִדנ” אינ די אלטע יאָרנ...

ראָזענפעלד איז געווענ א „גרויסער”, „מאָדנער”, „רײַכער” אונ אויכ א „געררימטער” דאָקטער! —

אפ דער טיר האָט ער צוגעשלאָגנ א בלעטל: „אָרעמע נעמ איכ צו אָנ געצאָלט פונ זיבנ ביז אכט”, אזוי אז אלע פרימאָרגנ האָט מענ געקאָנט זענ בא אימ אינ הויפ א מאסע אָרעמעלײַט, וועלכע פלעגנ ניט איינ מאָרגנ קומענ צומ „גוטנ” „בארעמהארציקנ” דאָקטער אונ אוועקגיינ צוריק „ביזנ אנדערנ מאָרגנ”.

ראָזענפעלד איז געווענ א „גרויסער”, „מאָדנער”, „רײַכער”, „געררימטער” אונ אויכ דער „גוטער” דאָקטער!

* * *

אינ א סאכ יאָרנ ארומ...

א גרויסער ליכטיקער זאל פול מיט געסט: ייִדנ, קריסטנ, דאמענ, קאוואלערנ; מע טאנצט, מע עסט, מע טרינקט. — בא א גרויסנ ראָיאל (פּיאנאָ) זיצט א יונג פרײַלנ אונ שפּילט, נעבנ איר זיצט א שיינער יונגערמאנ אונ אקאָמפּאנירט איר אפנ קאָל. אינ דעמ צווייטנ צימער זיצנ בא די „גרינע” טישלעכ מענער אונ שפּילנ אינ „קליינ־שאס” (קאָרטנ); צווישנ זיי איז דאָ אויכ אָפּיצערנ. איינער פונ די מענער, זייער א דיקער, א שיינער אונ א פרײלעכער מאנספּערזאָנ מיט א „סטאניסלאווזלענטע” אינ פראק, האלט אפ די פיס בא זיכ צוויי קינדער איינקלעכ, זיי גלעטנ אימ די באָרד פונביידע זײַטנ; פונ דער זאל הערט זיכ א געלעכטער — מע לעבט!..

דאָס איז דער דאָקטער אלעקסאנדער גאווריילאָוויטש ראָזענפעלד. וואָס איז בא אימ הײַנט פאר א יאָמטעוו?

בא דער קלענערער טאָכטער „מארזע” איז הײַנט „אימע־נינעס”...

**ענדע פונעמ ערשטנ טייל.**

צ וו יי ט ע ר ט יי ל

# אינ דער נידעריק

## א

אינ דעמ זעלבנ 30 מײַ ... 18 יאָר, אינ וועלכנ גאוורילע סאַמאָילאָוויטש האָט אזוי ארויסגעקוקט אפ זײַנ זונ אלעקסאנדער, איז אינ דעמ אייגענעמ שטעטל נ., ווו עס קומט פאָר אונדזער געשיכטע, שפּעטלעכ אפּדערנאכט געגאנגענ א פּוסגייער מיט א פּעקל אפ די פּלייצעס אונ האָט זיכ נאָכגעפרעגט: „ווו זיצט דאָ ערגעצ פייגע די אלמאָנע, „פייגע די סארוועלקע"?" אונ קיינער האָט אָבער ניט געוווּסט, ווו זי זיצט; כאָטש „פייגע די סארוועלקע" האָט געקענט אפילע א מינדסט קינד. „מיר דאכט, אז ניט ווײַט פונ דעמ „הייליקנ אָרט"... האָט אימ א ייִדענע געזאָגט. דער פּוסגייער איז געגאנגענ צומ „הייליקנ אָרט", ווײַט־ווײַט אונטער דער שטאָט. דאָ האָט ער שוינ קיינ מענטשנ ניט באגעגנט; נאָר הינט האָבנ אימ באגלייט פונ איינ הויפ צומ אנדערנ — ביז ער האָט דערזענ דאָס „הייליקע אָרט" מיט א צוויי, דרײַ זעמליאנקעס, אינ וועלכע עס האָט זיכ נאָכ געלײַכט. דער פּוסגייער איז צוגעגאנגענ צו איינעמ פונ די שטיבלעכ אונ האָט א קלאַפּ געגעבנ אינ א פענצטער; אפ דער טיר האָט זיכ באוויזנ א יונג ווײַבל אונ האָט אימ געפרעגט „וואָס דארפט איר?"

— דאָ זיצט פייגע די סארוועלקע? — האָט זי דער פּוסגייער געפרעגט.

— ניינ, — האָט אימ דאָס ווײַבל געענטפערט, — אינ דער דריטער שטוב פונ יענער זײַט... אוי! א מאקע איז מיר! א דונער האָט מיכ דערשלאָגנ! איכ וועל דאָס גאָר ניט אויסהאלטנ! עפשער זענט איר דאָס פייגעס זונ?..

— יאָ, איר האָט געטראָפנ.

— א שלאק האָט מיכ געטראָפנ! א קלאָג צו מיר! וואָס זשע שטיי איכ? איכ וועל לויפנ אָנזאָגנ אײַער מוטער די בסורע — איכ לויפ!..

אינ א שאָ ארומ איז פייגע געזעסנ מיט איר איינציקנ זונ יִצכאָק אונ האָט געקוקט אפ אימ, ווי ער טרינקט טיי, אונ אינ

אירע אויגן זענען געשטאַנען צוויי טרערן: זי האָט באַטראַכט זײַן געזיכט, זײַנע אײַנגעצויגענע באַקן, זײַנע אײַנגעבויגענע נאַז, זײַן ניט־אויסגעטריקנט געזיכט, זײַנע אײַנגעבויגנע באַקן, זײַן אײַנ־

אירע אויגן זענען געשטאַנען צוויי טרערן: זי האָט באַטראַכט זײַן געזיכט, זײַן אויסגעטריקנט געזיכט, זײַנע אײַנגעצויגענע באַקן, זײַן אײַנ־געבויגן געשטאַלט און די צוויי ברענענדיקע שוואַרצע אויגן. אפֿן קאָפּ בײַ אים האָט זי דערזען עטלעכע גרויע האָר און זייער פֿיל קנייטשן אפֿן שטערן...

— ווי איז מיר, ווינד איז מיר! — האָט פֿײַגע געטראַכט. — אַ קינד פֿון זעקס און צוואַנציק יאָר און איז שוין אַזוי אַלט!..

ב

פֿײַגע איז יונג אַן אַלמנה געבליבן — צו דרײַסיק יאָר. איר מאַן — כאַים בעקערמאַן — איז געווען אַן אײַנבינדער. ער האָט טאָמיד געהאָרעוועט, ווי אַן אָקס, און קיינמאָל ניט געהאַט זײַן באַדערפֿעניש און געלעבט אין גרוים דאַבקעס. אַ שטיקל גליק, וואָס זיי האָבן קיין סאַך קינדער ניט געהאַט. יִצחאָק איז געווען אַ בען־יאָכיד. יִצחאָק איז ניט געווען קיין שיין קינד, נאָר אויגן האָט ער געהאַט זעלטענע און האָט ליב געהאַט טאָמיד זיצן פֿאַרטראַכט. אין אָנהייב האָט יִצחאָק באַוויזן זעלטענע פֿעיִ־קייטן, נאָר אַז ער איז אַלט געוואָרן צען יאָר, האָט ער פּלוצעם אָנגעוווירן אינגאַנצן דעם בײַשעק צום לערנען; כאַים האָט אים אָפּגענומען פֿונעם כיידער, כאָטש פֿײַגע האָט דאָס זייער ניט גע־וואָלט לײַדן, און האָט אים גענומען צו דער אַרבעט, צו וועלכער יִצחאָק איז זייער פֿויל געווען, און פֿלעגט דערפֿאַר לײַזן פֿון דעם פֿאָטער גאַנץ אָפֿטע קלעפּ — נאָר עס האָט ניט געהאָלפֿן, און כאַים האָט שוין געפֿויעלט, אַז זײַן זון וועט זײַן אַ ליאַדאַשטשע, אַ לוי־יוצלעך לעשום מעלאָכע. כאַים פֿלעגט אײַנבינדן צום מייִנסטן רוסישע ביכער און האָט געקעגט אַ ביסעלע רוסיש לייענען; ער האָט אויסגעלערנט יִצחאָקן אויך רוסיש לייענען און האָט אים אוועקגעגעבן אין דער „נאַראָדנע שקאָלע"; יִצחאָק האָט דאָס ערשטע יאָר ניט אָנגעהויבן צו וועלן עפּעס וויסן; נאָר אין דעם אַנדערן יאָר האָט ער עפּעס יאָ אויסגעפֿייעט, און אין דעם דריטן יאָר איז ער אַריבער אין דער צווייטע קלאַס מיט אַ נאַג־ראַדע, און אין דריטע קלאַס איז ער שוין געווען „דער ערשטער שילער".

ג

כאַנם איז געשטאָרבן — און פייגע איז איבערגעבליבן מיט יִצחאָקן, ווי אפן וואסער. וואָס האָט געקאָנט די אָרעמע פייגע אונטערנעמען פאר א געשעפט אָן א גראָשן געלט? א ייִד א מאנספערזאָן, אַז ער בלייבט אָן פּאַרנאָסע, עפענען זיך פאר אים אלע טויערן: קען ער האנדלען — ווערט ער א מעקלער; קען ער עפעס לערנען — ווערט ער א מעלאמעד; האָט ער קענטשאפט מיט דער וועלט — ווערט ער א שאדכן. אָבער א פרויענצימער? מעק־לערנס איז גענוג צוויי, דריי אין א שטאָט; סעדעכעס איז דאָ א סאך, און מע מוז דערצו אויך האָבן געלט; עס איז דאָ נאָך א צוויי — דריי פּאַרנאָסעס, וויסטע פּאַרנאָסעס פאר די אָרעמע ווייַ־בער: פליקן פעדערן, ארבעטן זאָקן, זיין א טוקערן אין באָד, — נאָר דערפון איז שווער צו לעבן; דאָס בעסטע איז „א סאַרוועַרקע"! אַז א נאָגיד מאכט כאַסענע א קינד — נעמט מען די „סאַר־וועַרקע", און זי האָרעוועט טאָקע אָפּ עטלעכע טעג, ווי אַן ארעס־טאַנט אָפּ דער קאַטאָרגע, — זי באַקומט אָבער דערפאר מיט־אַמאָל עטלעכע רובל מיט א מאַטאָנע פון דער קאַלע, אַכוץ וואָס זי ברענגט אַהיים א פולן פאַרטעך מיט לעקעך און מיט די איבער־געבליבענע שטיקלעך ברויט פון דער כאַסענע אָדער פון דעם ברים. — ייִדישע פּאַרנאָסעס!..

פייגעס פיש קאָכן האָט געהאַט א שעם אין שטעטל, און צום גוויר ראָזענפעלד פלעגט זי מוזן אלע פרייטיק קומען אָפּקאָכן די פיש, און דערפאר האָט זי געהאַט 4 רובל א כוידעש.

פאר 4 רובל א כוידעש האָט שוין פייגע א דירע; הײַנט ווו איז ניט געווען קיין צען כאַסענעס, זיבן ברִיסן, פערצן באַרמיצ־וועס, זעקס סודעס מיט איין פידיען־האַבען אין יאָר? רעכנט אויס, וועט איר זען, אַז פייגע האָט שוין געקענט האָבן אָפּ צו לעבן מיט איר יִצחאָקן און אַמאָל נאָך געבן א נעדאָווע אויך.

און יִצחאָק? וואָס וועט זיין פון אים דער טאַכלעס? ער גייט ארום פוסטע־פּאַס און וואַקסט אין דער וועלט אַרײַן!

אַז סאַשאַ איז אַרײַן אין זיבעטן קלאַס גימנאַזיע, האָט ראָ־זענפעלד געמאַכט א גרויסע סודע פאר אָרעמעלײַט. פייגע איז געווען די ערשטע סאַרווערקע. יִצחאָק האָט שוין לאַנג געוואָלט זען דעם גווירס זון דעם גימנאַזיסט. פייגע האָט אים מיטגענו־מען. בא דעם טיש זענען שוין לאַנג געזעסן מער פון צוויי הונ־

דערט אָרעמעלײַט און האָבן גענגעסן „פייגעס פיש”, נאָר איין באָכער פון א יאָר זיבעצן איז געשטאַנען בא דער טיר און האָט זיך ניט געוואָלט זעצן צום טיש. די גאַנצע צײַט האָט ער קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט פון סאשען, און אַז רעוועקא ראָזענפעלד איז צוגעגאַנגען צו אים און האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס ער זעצט זיך ניט צום טיש עסן, האָט ער זיך אויסגעדרייט, האָט א קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר און איז אַנטלאָפן.

דער באָכער איז געווען יִצחאָק פייגעס.

אַז פייגע איז געקומען פון דער סודע אַהיים, האָט זי געטראָפן יִצחאָקן אין טרערן; דאָס האַרץ האָט איר געקלעמט אָפּ איר איינציקן זון, נאָר גיך האָט זי איר מוטער־געפיל פאַרלאָשן און האָט אים גענומען שעלטן, וואָס ער האָט איר פאַרשוואַרצט דאָס פּאָנעם פאַר דער גווירעטע, זי קאָן שוין הײַנט מער קיין אײַנגאַנג ניט האָבן, און דערפאַר וועט מוזן געבראָכן ווערן איר פּאַרנאָסע. איר צעטל האָט זי געשלאָסן מיט די דאָזיקע ווערטער: „איך בין דיר שוין מויכל די 4 קערבלעך, וואָס איך האָב אָנגעווירן; כאַפּט דיך דער רועך מיט זיי אינאיינעם! אָבער וואָס האָסטו געהאַט מע־ווײַעש צו שטעלן די גווירעטע און אַרײַנבררענגען אין קאַס דעם גווירס זון — די קאַפּאָרע זאָלסטו זײַן פאַר „זײַן” מינדסטן נאָגל! וואָס ביסטו, וואָס איז „ער”? דו ביסט א ווערגעלעס (הערקולעס), א פּוסטעפּאַסניק, אַן אָרעמער שלעפּער, און פון „אים” לעבט א שטאָט מיט אָרעמעלײַט! דו ביסט א לײדיקגייער, און „ער” וועט באַלד ווערן א דאָקטער, אָדער עפּשער א גובערנאַטאָר!..”

וויאַזוי איז געווען בא יִצחאָקן אויפן האַרצן און וואָס האָט ער געטראַכט?..

אין מאָרגן איז אַרויס א קלאַנג אין שטעטל, אַז פייגע דער סאַרוועריקעס בען־יאָכיד איז אַנטלאָפן — מע ווייסט ניט וווּהין!

## ד

פון יענער צײַט זענען איבערגעגאַנגען פינף יאָר.

ווער האָט אין זינען געהאַט פייגע די סאַרוועריקע מיט איר זון?

נאָר איין רעב פּנחס דער שרײַבער האָט געוווּסט, אַז יִצ־חאָק פייגעס איז אין ק. אין דער גימנאַזיע און וויל אויסשטודירן אָפּ דאָקטער. רעב פּנחס פלעגט אים אָפּענטפערן, אַז פייגע איז באַרעב־האַשעם בחו״ש[1] און זי בעט דעם, וואָס לעבט אייביק,

[1] בעכאַים וועשאָלעם — לעבט און איז געזונט.

דעמ דאיענ־אלמאָנעס, אז ער זאָל ניט צונעמענ זײַנ געגאָד פונ דער פארלאָזטער אלמאָנע אונ פארשפרייטנ זײַנע פליגל אפ דעמ קאָפּ פונ איר איינציקנ זונ אינ די ווײַטע לענדער, אונ זי זאָל זיכ זענ מיט אימ באשײַמפערלעכ אינ גיכע צײַטנ — אָמיינ סעלאָ! אונ פונ זיכ פלעגט אימ רעב פײַוועש צושרײַבנ א „שטיקל מעליצע" מיט גאנצע פסוקימ פונ טאנאכ אונ אימ דערמאָנענ, אז ער קומט ארויס פונ אווראָהאָמ, יִצכאָק וועיאנקעוו אונ פונ א פאָלק, וואָס האָט תרי"ג [1] מיצוועס מיט א טוירע אונ מיט נעווי?ימ, אונ צומ סאָפ פלעגט ער אימ בעטנ, ער זאָל זײַנ אזוי גוט אונ שרײַבנ אימ עפּעס נײַעס פונ דער גרויסער שטאָט אונ פונ דער מילכאָמע מיט דעמ טערק. יִצכאָק האָט אימ צוליב געטאָנ, אונ רעב פײַוועש האָט געהאט וואָס צו דערציילנ אינ קלויז ביינ־מינכע־לעמײַרעוו. איינמאָל האָט פייגע געקריגנ א בריוו פונ יִצכאָקנ, אז ער וועט קומענ צו איר „צוגאסט" אפ דרײַ כאדאָשימ. פייגע האָט געגוג ארויסגעקוקט, אונ רעב פײַוועש דער שרײַבער פלעגט קומענ אלע טאָג צו פייגענ „אָפּגעבנ שאָלעמ־אליכעמ" איר זונ. עס איז אזוי אוועקגעגאנגענ דרײַ כאדאָשימ, אונ יִצכאָק איז ניט געקומענ אונ האָט אפילע קיינ בריוו ניט געשריבנ. עס האָט זיכ עפּעס גע־טראָפנ מיט אימ? — גאָרניט! יִצכאָק האָט געהאט א קאָנדיציע דעמ זומער, וואָס ער האָט באדארפט אָפּגעבנ דעמ ענדלעכנ עק־זאמענ אונ ארײַנטרעטנ אינ דער אוניווערסיטעט, האָט ער זיכ געוואָלט דורכפאָרנ אהיימ צו דער מוטער אונ האָט איר מוידי?ע געווענ מיט א בריוו, אז ער וועט זײַנ. יִצכאָק האָט די קאָנדיציע געהאט, נאָר קיינ געלט האָט ער ניט אָפּגענומענ אונ דערפאר האָט ער ניט געקאָנט פאָרנ. ער האָט איבערגעגעבנ א גרוס צו דער מוטער מיט סאשא ראָזענפעלד, מיט וועלכנ ער האָט צוזאמענ געלערנט אלס כאווער; סאשא האָט פרי?ער פארגעסנ וועגנ דעמ גרוס, נאָכדעמ האָט ער זיכ דערמאָנט אונ האָט דערציילט זײַנ מוטער, אז ער האָט א גרוס איבערצוגעבנ פייגע דער סארוועריקע; רעוועקא האָט געזאָגט, אז זי וועט שיקנ רופנ צו זיכ פייגענ, נאָר נאָכדעמ האָט זי זיכ באטראכט, אז עס פאסט עפּעס ניט, אז איר סאשענקע זאָל האָבנ צו טאָנ מיט דער סארוועריקע, — אונ דער־ווײַל האָט פייגע ניט געוווסט וואָס איבערצוטראכטנ, אונ רעב פײַוועש האָט גערעכנט פאר קלאָר, אז מיסטאמע האָט זיכ אימ אינ וועג א סיבע געטראָפנ: א קאשע הײַנטיקע צײַטנ?..

1 טאריאג.

עס איז איבערגעלאָפן נאָך פיר יאָר — פיר שווערע, ביטערע יאָר פאַר דער אָרעמער מוטער, וואָס האָט איר איינציקן טרייסט ניט געזען שוין באַלד נײַן יאָר, און פיר שווערע, ביטערע יאָר פאַר דעם אָרעמען עלנטן סטודענט, וואָס האָט זיך נײַן יאָר קעסיי־דער געבאָרעט מיט דעם הונגער און מיט דער קעלט — און ענד־לעך האָט ער זיי בײַגעקומען, און אָט איז ער געקומען אַהיים מיט א דיפּלאָם אַף דאָקטער.

מיר האָבן אים שוין געזען בא פייגע דער סאַרווערקע אין שטיבעלע דעם 30 מײַ .... 18 יאָר.

גליקלעכע מוטער, גליקלעכער זון! אומגליקלעכע מוטער, אומ־גליקלעכער זון!..

מע מוז זען, וואָס ווײַטער שטייט! —

## ה

דער שאָטן פון דעם גרויסן בוים מיט זײַנע געדיכטע צווײַגן האָט אינגאַנצן פאַרשטעלט דאָס קליינע ביימעלע. איבער דעם טראַסק פון דעם „גרויסן" דאָקטער ראָזענפעלד האָט מען ניט געקאָנט הערן פון דעם „קליינעם" דאָקטער בעקערמאַן.

אויך מיר א דאָקטער! ער גייט גאָר צופוס... ער פאַרשרײַבט ניט קיין לאַנגע און קיין טײַערע רעצעפּטן... ער היילט מיט באַבסקע רעפואות... ער נעמט נאָר א גילדן... אָרעמעלײַט אומזיסט... און אַמאָל גיט ער צושטײַער פון זײַן קעשענע אַף א רעצעפּט... ער זיצט אַמאָל אָפּ א גאַנצע שאָ בא דעם כוילע צוקאָפּנס... ער איז אַזוי צוגעלאָזט... ער האָט אפילע זייער א ווייך האַרץ און איז א זעלטענער מענטש — ער איז אָבער פאָרט א „קליינער" דאָקטער!.. אוביפראַט מיר קענען זיך אים טאַקע פון דעם שווירעש! זײַן טאַטע איז געווען אַן אײַנבינדער און א קאַפּצן אין נײַן פּאָלעס!.. און זײַן מוטער — איז פייגע די סאַרווערקע!.. און ער אַליין איז טאַקע אויך א היפּשער קאַפּצן, לוי אַלייכעם... און א קוק טאָן אַף אים איז עפּעס אויך ניט אַזאַ טאַרעראַם — גאָרניט — „א דאָק־טערל" — א „קליינע דאָקטערל"!..

וואָס קען מען טאָן? צו זײַן „גרויס" מוז מען זיך אַרופּכאַפּן אַף הויכע שטעקנס; אָבער ניט יעדער קאָן זיך דראַפּען אַף זיי...

דער דאָקטער בעקערמאַן האָט זיך געדונגען א ביסל א גרע־סערע דירע און איז זיך געזעסן מיט דער מוטער צוזאַמען. פייגע

האָט דאָס „סאַרוועריי״ אוועקגעוואָרפֿן און איז געגאַנגען אַרום איר זון, וועלכער איז ניט אײַנגאַנצן געווען קיין געזונטער. די מילכאָמע מיט דער קעלט און מיט דעם הונגער האָט בײַ אים אָפּגענומען אַ סאַך געזונט! דער דאָקטער האָט אַלייִן באַדאַרפֿט אַ דאָקטער!..

פֿינף גליקלעכע יאָר זענען דורכגעגאַנגען בײַ דעם דאָקטער בעקערמאַן מיט דער מוטער, כאָטש שולדיק איז ער טאָמיד געווען, אַז די האָר זענען ניט געווען זײַנע, און אָפּטמאָל איז ניט געווען מיט וואָס אײַן מאַרק אַרויסצוגיין, נאָר דאָס זענען אַלץ אַזעלכע צאָרעס, וואָס מע לעבט זיי איבער און מע פֿאַרגעסט אָן זיי, אויבפּראַט אַז עס האָט זיך זיי פֿאַרגעשטעלט אַ גליק. וואָס איז געווען דאָס גליק? — אַ שידעך!

רעב נאַפּטאָלע דער שאַדכן האָט ניט געקאָנט סוויווע זײַן, וואָס דער דאָקטער בעקערמאַן זיצט ביז דרײַסיק יאָר „אַ באָכער״! ער פֿלעגט אָפֿט זײַן בײַ פֿייגען און לאַנג אָפּרעדן מיט איר וועגן „יענעם״ איניען, און האָט איר געהייסן, אַז זי זאָל אַרבעטן פֿון איין זײַט, און ער וועט שוין טאָן פֿון דער אַנדערער זײַט. אַזוי איז אַוועקגעגאַנגען נאָך צוויי יאָר, און רעב נאַפּטאָלע איז אַרײַנגעפֿאַלן צו פֿייגען מאָלע־סימכע: ער האָט אַ שידעך, אַ גליקלעכן שידעך! אַ יונגע גרושע פֿון דרײַ און צוואַנציק יאָר מיט פֿערציק טויזנט רובל באַרדן. פֿייגע האָט אים געענטפֿערט, אַז זי האָט שוין געפּויעלט בײַ יִצחאָקן, אַז ער זאָל כאַסענע האָבן, און הײַנט וועט זי אים איבערגעבן רעב נאַפּטאָלעס ווערטער. אַז יִצחאָק איז געקומען אָפּדערנאָכט אַהיים, איז ער געווען עפּעס אַזוי פֿריילעך, און די אויגן האָבן בײַ אים אַזוי געגלאַנצט, אַז פֿייגע האָט אים ניט געקענט ניט פֿרעגן:

— וואָס איז מיט דיר, יִצחאָק? דו האָסט זיך אוואדע געזען מיט רעב נאַפּטאָלע דעם שאַדכן?

— ניין, מאַמע.

— וואָס זשע ביסטו אַזוי פֿריילעך, יִצחאָק?

— איך וועל דיר דערציילן עפּעס אַ נײַס, מאַמע!

— אַ נײַס? איך וועל דיר דערציילן אַ נײַס, יִצחאָק!

— נו, דערצייל, מאַמע.

— ניין; דערצייל דו פֿריִער.

— ניין, מאַמע; דערצייל דו פֿריִער, נאָכדעם וועל איך דיר דערציילן מײַנס.

— רעכט! רעב נאַפטאָלע איז היינט געווען בא מיר און האָט דיר פאַרגעלייגט א גליקלעכן שידעך...

— א גליקלעכן שידעך?

— יאָ, א יונגע גרושע פון דריי און צוואַנציק יאָר מיט פער־ציק טויזנט רובל נאַדן!!!

יִצחאָק האָט זיך צעלאַכט און פאַרהוסט פאַר געלעכטער. ער האָט איר דערציילט, אַז ער איז שוין א כאָסן און נעמט אפילו א סאַך ווייניקער פון 40 טויזנט רובל נאַדן, נאָר ער שעצט זיך גליקלעך; און דערפאַר איז ער היינט אַזוי פריילעך, ווייל ערשט היינט איז ער געוואָר געוואָרן פון זיין גליק...

ו

דאָס פריילן, וואָס דער דאָקטער בעקערמאַן האָט היינט גע־ליבט, איז פריער געווען זיין פאַציענטקע; זי איז געווען געפער־לעך קראַנק, און ער האָט זי קימאַט פון דעם טויט ארויסגעריסן. סאָרע איז געווען רעב פיניוועש דעם שרייבערס א טאָכטער. רעב פיניוועש איז געווען א גרויסער אָרעמאַן. האָט אַף אים גאָט ראַכ־מאָנעס געהאַט און האָט אים געשענקט שיינע טעכטער, מע פלעגט אים צוצאָלן. די שענסטע פון אַלע טעכטער איז געווען סאָרע. אַף איר איז אויך געווען א סאַך כאַלאָנים, און רעב פיניוועש האָט זיך שוין געגרייט אַ ביישעלע. פלוצעם איז סאָרע פאַרשלאָפט גע־וואָרן, און די שידוכים האָבן זיך אָנידערגעשטעלט. קאַלזמאַן רעב פיניוועש האָט נאָך געהאַט מיט וואָס צו צאָלן, האָט ער גע־רופן דעם „גרויסן" דאָקטער ראָזענפעלד; נאָר אַז די קערבלעך האָבן זיך אויסגעלאָזט, האָט ער אָנגעשריבן צום „קליינעם" דאָק־טער בעקערמאַן א „מעליצע"־בריוול מיט די דאָזיקע ווערטער, וועלכע מיר זעצן איבער פון העברעיש אַף זשאַרגאָן:

„וואָס איז דען דער מענטש אַף דער וועלט — אַז ניט קיין וואָרעם, וואָס קריכט ארום אַף דער ערד? די גאַנצע וועלט מיט אַלע זיבן הימלען, מיט אַלע יאַמים און מיט זייערע אָפּגרונטן זענען אין די הענט פון דעם שעפער, פונקט ווי א שאַרבן באַם טעפּער און ווי א שטיקל גלאָז באַם גלעזער, און מיר, מענטשן — פלייש און בלוט, שווימען ווי א דאַמפשיפ אין דעם ברייטן יאַם, און די כוואַליעס טראָגן אונדז אין זייערע פליגלען, ווי אַן אָדלער אונטערן הימל, און מיר זענען געגליכן צו פאַרוויאַלעט גראָז, צו

א שאָטנ, וואָס גייט איבער אונדז, צו א כאָלעמ, וואָס פליט אוועק! דערומ בעט איכ דיכ, טײַערער פרײַנט מײַנער, דאָקטער רעב יִצכאָק בעקערמאַנ, וואָס דײַנ נאָמענ איז באַקאַנט אינ אַלע עקנ פונ דער וועלט מיט די ווײַטע אינדזלענ — אינ מיזרעכ־זײַט אונ אינ מײַרעוו־זײַט, אינ דאָרעמ־זײַט אונ אינ צאָפנ־זײַט, וואָס אַלע דאָקטוירימ פונ דער גאַנצער וועלט גרייכנ ניט צו דײַנע קניִענ, אונ דײַנ קלײנ פינגערל איז גרעבער פונ זייערע לענדנ, וואָס דו טוסט גרויסע ווונדערלעכע זאַכנ, זאָלסטו זיכ מאַטריִעכ זײַנ קומענ באַזוכנ מײַנ קלענסטע טאָכטער סאָרע שעטיכיע: וואָס גאָטס צאָרנ האָט זיכ אַפ איר אויסגעגאָסנ, אונ זי איז געפאַלנ צו בעט, אונ שוינ פונ אכצנ טאָג איז קײנ עסנוואַרג ניט געקומענ אינ איר מויל. אונ זי ליגט אינ א העליש פײַער אונ קאָנ שוינ ניט דערקענענ קײנ געשטאַלט פונ דעמ מענטשנס פּאָנעמ, אונ איכ האָב מוירע, אז דאָס וועט קומענ איר עק, כאָלילע! אײַל דיכ אונ קומ! אונ ברענג איר א רעפוע אינ דײַנע פליגל אונ לאָז די גאַנצע וועלט וויסנ, אז עס איז ניטאָ צו דיר קײנ גלײַכנ אונ עס וועט ניט זײַנ, ביז אונדזער אויסלייזער וועט קומענ, אונ אַלע פעלקער וועלנ זיכ בענטשנ אינ דײַנ נאָמענ אונ דו וועסט ווערנ „א בענטשונג", אונ דערפאַר וועט גאָט אָפּהיטנ פונ דיר אונ פונ אַלע דײַנע ליבע יעדע קרענק, יעדע מאַקע אונ יעדע ווייטעק אַפ אייביק אונ אייביק — אָמײנ סעלאָ! פונ מיר דײַנ ליבהאָבער, וואָס בוקט זיכ צו דיר פונוויטנס אונ שלאָגט זיכ אינ דעמ שטויב פונ דײַנע פיס אונ איז פאַרטיק צו דײַנענ דיר מיטנ גאַנצנ האַרצנ — פײַוועש בערעב געדאַליע קופּערוואַסער".

דער דאָקטער בעקערמאַנ, אז ער האָט ערהאַלטנ דעמ בריוו, איז ער געקומענ צו רעב פײַוועשנ אונ האָט געטראָפנ זײַנ טאָכטער סאָרע אינ א שרעקלעכער לאַגע. ער האָט זי גענומענ קורירנ מיט אַלע מיטלענ אונ איז קימאַט שוינ פונ דאָרט ניט אַרויסגעגאַנגענ, ביז סאָרע איז צו זיכ געקומענ אונ האָט אָנגעהויבנ געזונט ווערנ. אינ צוויי כאַדאָשימ אַרומ איז שוינ סאָרע געשטאַנענ אַפ די פיס, אינ דרײַ כאַדאָשימ אַרומ איז זי שוינ אַליינ אַרומגעגאַנגענ. וויִאַזוי רעב פײַוועש איז אימ געווענ דאַנקבאַר, קאָנ מענ פאַרשטײנ פונ דעמ גרויסנ „מעליצע־בריוו", וואָס ער האָט אימ אָנגעשריבנ אַפ זעקס בויגנ פּאַפּיר פונ אַלע זײַטנ, ער האָט אויסגעגאָסנ אינגאַנצנ זײַנ „מעליצע"! אינ דעמ בריוו זענענ געווענ מיזמוירימ פונ טילימ, גאַנצע קאַפּיטלעכ פונ מישליי מיט

קויהעלעס, שטיקער פּיִעט מיט מאַכזער, און צום סאָף האָט ער אויסגעלאָזט מיט די דאָזיקע ווערטער:

דו ביסט אונדזער גאָרטן — און מיר זענען דײַנע היטער;
דו ביסט אונדזער האַרץ — און מיר זענען דײַנע פּיס;
דו ביסט בײַ אונדז אַלץ — און מיר זענען... גאָרניט! —

## ז

סאָרע איז געזונט געוואָרן, און יִצחאָק איז קראַנק געוואָרן!..

ער האָט ליב געקריגן סאָרען מיט דער ערשטער, פֿריִערדיקער ליבע!

יִצחאָק האָט זיך לאַנג געבאָרעט; ער האָט געוווּסט, אַז פֿאַר אים איז קיין מאַכלעס ניט באַסענע צו האָבן: ער האָט זיך קוים אַליין דורכגעשלאָגן, הײַנט פֿונוואַנען וועט ער לעבן מיט אַ ווײַב און דערנאָך מיט קינדער? דאָס האַרץ מיט דעם קאָפּ, די געפֿילן מיט דעם סייכל האָבן געפֿירט אַ מילכאָמע צווישן זיך עטלעכע כאַדאָשים, ביז דאָס האַרץ האָט גוויוער געווען... דאָס האַרץ איז דאָך שטאַרקער!..

אַז יִצחאָק האָט אויפֿגעדעקט דער פֿרײַלן סאָרע זײַנע געפֿילן מיט זײַנע געדאַנקען, איז זי אים געפֿאַלן אַפֿן האַרץ מיט געוויין: סאָרע האָט אים שוין לאַנג ליב געהאַט, נאָר זי האָט גאָר מוירע געהאַט צו קלערן וועגן דעם; זי האָט ניט פֿאַרגעסן, אַז זי איז אָרעם, ניט געבילדעט און נאָר שיין. איז דען גענוג שיינקײַט אַליין, אָן בילדונג און אָן געלט?..

יִצחאָק האָט איר פֿאַרגעשטעלט די פֿינצטערע זײַט פֿון זײַן לעבן: אַז ער איז אָרעם; אַז ער האָט זייער ווייניק פּראַקטיקע, אַז ער איז גאָר ווייניק אָנגענומען אין שטעטל. סאָרע האָט אים געענטפֿערט: „יִצחאָק! איך וויל „דיך" — און מער וויל איך גאָרניט וויסן!"...

* * *

אַן אָרעם שטיבל; אין שטיבל עטלעכע בעטלעך, אַ טישל מיט עטלעכע בענקלעך. בײַ דעם טיש זיצט אַ גרײַז־גרויער מאַן אײַנ־דרײַטע אײַנגעבויגן, נאָר זײַן געזיכט ווײַזט אויס, אַז ער איז מער ניט אַלט ווי אַ יאָר פֿערציק. אַנטקעגן אים זיצט אַ שיינע פֿרוי מיט אַ בלאַס געזיכט; אַף די הענט צוויי קליינע קינדער; אָן דער זײַט זיצט זייער אַן אַלטע פֿרוי מיט טונקעלע אויגן, און בײַ איר

אפ די קני זיצט זייער א שײנ יינגעלע פונ א יאָר אכט מיט א ביכל אינ די הענט.

דאָס איז דער דאָקטער בעקערמאַנ.

— אלייג קאָנ מענ אויסקומענ מיט גאָרניט, — האָט זיכ סאָרע אָנגערופנ, — שלעכט איז נאָר דאָס, וואָס אָט די דאָזיקע...

— ערגער פונ אלעמ איז אָט דאָס־אָ — האָט יִצחאָק געענט־פערט אונ האָט אָנגעוויזנ מיט דעמ פינגער אפ דעמ יינגעלע, וואָס איז געזעסנ מיט א ביכל אינ די הענט. — מע דאַרפ אימ געבנ לערנענ, אונ עס איז ניטאָ פאַר וואָס!..

— לאָז ער טאָנ דאָס, וואָס דו האָסט געטאָנ! — האָט זיכ אָנגערופנ די אלטע פייגע.

— ניינ, מאַמע! בעסער לאָז ער וואַקסנ אזוי, וועט ער ניט וויסנ פונ קיינ גוטס, אונ וועט שוינ מעמיילע קיינ שלעכטס אויכ ניט וויסנ...

## ח

אינ א סאַכ יאָרנ ארומ...

יִצחאָק ליגט צו בעט. די מילכאָמע מיטנ לעבנ האָט אימ ביַיגעקומענ... סאָרע וויינט ניט, נאָר איר פּאָנעמ איז ערגער ווי בא א טויטנ. אינ דעמ צווייטנ צימער ליגט פייגע אונ רײַסט פונ זיכ די גרויע האָר; פונ אירע בלינדע אויגנ גייענ שוינ ניט קיינ טרערנ... אפנ בעט בא יִצחאָקנ זיצט זײַנ זונ כאַיִמ. ער איז שוינ אלט אכצנ יאָר אונ איז שיינ, ווי די וועלט, אונ געזונט, ווי א מויער. יִצחאָק גלעט אימ זײַנע לאַנגע שווארצע האָר, כאַיִמ האָט שוינ געענדיקט דאָס גימנאַזיומ אונ איז ארײַנ אינ דער אוניווערסיטעט. ער שטודירט שוינ ניט אפ דאָקטער; ער וויל זײַנ א יוריסט, אונ מע זאָגט, אז ער וועט זײַנ א גערימטער אדוואָקאַט. עס קאָנ זײַנ! — וויפל וואסער וועט אָבער איבערלויפנ ביז יענער צײַט?..

יִצחאָק בעקערמאַנ איז געשטאָרבנ. ער האָט איבערגעלאָזט זײַנ סאָרענ א גרויסע „יערושע".

די „יערושע" איז געווענ — כאַיִמ....

צי כאַיִמ וועט זײַנ גליקלעכער פונ יִצחאָקנ? דאָס קאָנענ מיר ניט וויסנ.

דאָס, וואָס איז געווענ, — האָבנ מיר געזענ, דאָס, וואָס עס „ו ע ט" זײַנ — „ו ע ל נ" מיר זענ...

ע נ ד ע

# קאָנטאָר-געשעפט

א דראמע אינ 2 מעליצע-בריוו, 18 האַנדלס-בריוולעכ אונ 20 דעפעשנ*

(צונויפגעקליבנ דורכ שאָלעמ-אליייכעמ)

פערזאָנענ:

רוווּנ שנעל (רומעליוס) } 2 אלטע גוטע-ברידער.
שימענ ברענ (זימאָנ) }

פײַפערמאנ }
גענזנשמאלצ } קאָמיסיאָנערנ אינ קעניגסבערג.
פעקלזאָנ }

לייווי שפיגלבאנק — עקספּעדיטאָר.

עסטער-ליפשע — זײַנ זוגאָסי.

יאקאָב שטערנהאָרנ } ראָסטאָווטשיקעס.
פרידעל פּצמפּיק }

הער קעלבערקאָפּ — אדוואָקאט, טשאסטני פּאָוויערעני.

## I

טײַערסטער פרײַנט רוּווּנ שנעל!

ווי א רעגנ טוענ טריפנ מײַנע טרערנ, אונ ווי א קוואל זענענ געוואָרנ מײַנע אויגנ, גאָט האָט געטראָפנ זײַנ פײַלנבויגנ, אונ זײַנע שארפע פײַלנ האָבנ געשפּאָלטנ מײַנע נירנ! אינגאנצנ זײַנ גרימצאָרנ האָט ער אויסגעגאָסנ אפ מײַנ קאָפּ, אונ זײַנ רעכטע

* די ראַזיקע בריוו מיט די דעפעשנ האָבנ זיכ פארוואלגערט צווישנ מײַנע „א-בעגרעכאפטע בריוו אפ דער פאָסט", וועלכע זענענ געגאנגענ אינ „פאָלקסבלאט" אינ 1833—1884 יאָר. אזוי ווי איר קוקט זיי אָנ, אזוי זענענ זיי,

האַנט האָט געררוט אַפּ מיר! ער האָט אָן דערבאַרעמונג אַראָפּגע־
נומען די קרוין פון מײַן קאָפּ און האָט מיך אײַנגעבויגן שטאַרק —
שטאַרק ביז צו דער ערד! דורך אַ פענצטער איז אַרײַן דער פאַר־
שנײַדער, דורך אַ שפּאַרונקעלע האָט זיך אַרײַנגעגאַנוועט דער
טויט און האָט אויסגעריסן בײַ מיר מיטן וואָרצל מײַן גאַנצן כּוח,
די נעשאָמע פון מײַן אָטעם, מײַן ליכט און מײַן האָפענונג, מײַן
טײַערע מוטער, איר נעשאָמע זאָל אײַנגעבונדן ווערן אין דעם
אייביקן בינטל!!! זי איז נאָך געווען אין די בעסטע מיטלע יאָרן,
אירע בײַנער זענען נאָך געווען פול מיט דעם קויעך פונעם לעבן —
פלוצעם האָט זי דער אַלמעכטיקער גאָט צו זיך צוגענומען —
און מיך!.. מיך האָט ער געלאָזט ווי אַן אָקרענט אין מיטן יאַם;
די אינדן וואַרפן מיך אַרום ווי אַ מיאַמשיקל, און איך בין גע־
גליכן צום פאַרבלאָנדזשעטן ריזנגדער אין דער מידבער צווישן
כײַעס־ראָעס, צווישן שלאַנגען און עגדעשן, צווישן, צווישן...
אַך, בעסטער פרײַנט! ווער נאָך פאַרשטייט אַזוי פיל מײַן בראָך,
ווי דו פאַרשטייסט? איך האָב געיאַרשנט פון מײַן מוטער 150 טויזנט
רובל אַכוץ גאָלד און זילבער און דימענטן... אַ הויז פון 10 טויזנט
רובל מיט זייער פײַן מעבל... מאַלבושים אַלערליי... אַ קאַרעטע... נאָך
אַ קאַרעטע... 2 גרויע פערד... 4 קאַרע פערדלעך... אָט די פערדלעך, וואָס
מיר זענען מיט זיי אַמאָל צוזאַמען געפאָרן, געדענקסטו, געדענקסטו?
איך וואָלט זייער געוואָלט וויסן, וואָס וועט הײַנט עפּעס זאָגן
רעב סימכע רעב לייבעלעס, אַז ער וועט מיך דערזען אין ק...
אַפּ קאָנטראַקטן מיט דעם גוטן ראָק, מיט די גוטע ברענענדיקע
פערדלעך, אין דעם שענסטן גאַסטהויז, און אַרום מיר דרייען
זיך אַרום עפּעס אַ צענדליק מעקלערלעך און גלאַט אַזוי ייִדעלעך,
וועט ער אַ פרעג טאָן: „שאַ, ווער איז דאָס עפּעס?" „ווער איז
דאָס? דאָס איז דאָך רעב שימעלע ברענן, רעב שימעלע רעב
מייערס!" „האַ? וואָס? וועלכער רעב שימעלע?" „רעב שימעלע
פייגעס, אונדזער רעב שימעלע פון קוקעליווקע... ער האָט געקויפט

---

אויסער די צוויי ערשטע מעליצע־בריוו, וועלכע איך האָב נאָר איבערזעצט פון העברעיִש אַפּ זשאַרגאָן, און ווײַטער האָב איך נישט מויסיף געווען מײַנס אַפילע אַ האַלב וואָרט; אַפילע קיין לאַנגע „האַקדאָמע" מיט אַ לידל צום סאָף, ווי דער שטייגער איז בײַ אונדזערע מעכאַברים, האָב איך אויך נישט געוואָלט צוזעצן, מאַכמעס איך בין ניט קיין „מעכאַבער", נאָר אַ צונויפשטעלער, דאָס הייסט קי־מאַט אַן אַרויסגעבער לעהאַוודל...

ש אָ ל ע ם־א ל יי כ ע ם.

מייִע עלעפ פוד צוקער בא בראָדסקינ און וויל קויפנ עפעס א האלבנ מיליאָנ פודעלעכ ווייצ מיט א מיליאָנעכנ קאָרנ!’’...

איכ שטעל מיר פאָר די נאָז מיט די גרימאסנ פונ רעב סימכע רעב לייבעלעס! און וועבעלמאנ? ער וועט דאָכ יאָ צעשפרונגענ ווערנ פאר קינע! געדענקסטו כאָטש דאָס גרויסקײַט, וואָס ער פלעגט שפילנ אקעגנ מיר? און די מאדאמ פידעלהאָלצ? זי האָט זיכ גאָר ניט געוואָלט אפילע באגעגענענ מיט מײַנ פרוי! אָבער הײַנט?! הײַנט, אז דער אלמעכטיקער גאָט האָט ארויסגעצויגנ די שווערד פונ איר שייד און האָט א בלאָז געטאָנ מיט זײַנ שטארקנ אָטעמ ווי א שטורעמ-ווינט און האָט אנטפלעקט מײַנ גרויסנ אומגליק פאר די אויגנ פונ דער זונ און מײַנ טײַערע אונפארגעסנדע מוטער איז אוועק אינ איר אייביקנ רו ארײַנ אונטער די פליגל פונ דער שכינע, הײַנט, אז איכ בינ געבליבנ א יאָסעמ ווי א לייִדיקער איילבערט-בוימ אינ דער וויסטעניש, ווענ ער ווארפט אראָפ פונ זיכ זײַנע בלעטער, אָדער ווי אנ אינד, וואָס טוט שרײַענ אפ די אויסגאנגענ פונ די וואסערנ צווישנ די געמארקנ, אָדער ווי א בלינדער, וואָס טאפט אינ דער פינצטערניש, אָדער ווי א... א... א... מײַנ הארצ טוט אפ מיר שרײַענ מיט א גרויס שאלונג, איכ גיי ארומ ווי א דערשטויסענער, און מײַנ פעדער ציטערט מיט א גרויס ציטערניש, און מײַנע פינגער!.. נעכטנ איז צו מיר ארײַנגעקומענ רעב ארנ ריגדנפליש, קלוימערשט מעגאכעמ-אָוול זײַנ; אהינ-אהער, ביז ער איז ארופ אפ זײַנ אייסעק און האָט מיר פאָרגעלייגט צו האנדלענ מיט אימ אָקסנ צוזאמענ... ער שטעלט מיר פאָר גאנצ גרויסע גליקנ... מע דארפ אָבער ארײַנלייגנ מיטאמאָל א היפשנ קאפיטאל... איכ ווייס ניט; איכ וועל זיכ נאָכ באטראכטנ... מײַנ סאָניטשקע געפעלט נישט קיינ אָקסנ... זי וויל ניט, אז איר מאנ זאָל פלוצעמ ווערנ א קאצעוו... מיר געפעלט דאָס אויכ ניט... זעסטו, דער וואלד איז פאר מיר דאפקע יאָ א געשעפט... מוישע האָלצמאנ וויל מאכנ מיט מיר א שוטפעס... מוישע האָלצמאנ איז גאנצ רײַכ, נאָר פונדעסטוועגנ האָט ער מיכ געפרעגט, צי איכ וועל אימ געבנ א 20 טויזנט רובל ביז ק-ווער קאָנטראקטנ... הא? ווי מיינסטו? מע מעג אימ געטרויענ? אכ, ווי אָנגענעמ דאָס איז, ווענ יענער קומט אָנ צו דיר! ער גייט גאָר ארײַנ אנדערש... מיט א פארטיק שמייכעלע... ער פרעגט דיכ אויס פונ דײַנ געזונט... ער באטראכט דאָס מעבל... ער לויבט די קינדער... ער קוועלט פונ יעדער נארישקײַט... ער פרעגט זיכ

בא דיר אָנ אַנ אייצע... ער הייבט דיכ אופ ביז דעמ הימל אונ
זאָגט גאָר נישט נײַנ!... אָ! מײַנ זעליגע מוטער (איר נעשאָמע
אינ גאַניידנ!) האָט גוט געקאָנט די וועלט! ווענ איכ רעד פונ איר,
טוענ אינ מיר ברומענ מײַנע געדערימ אונ טײַכנ טרערנ פליסנ
פונ מײַנע אויגנ!... דאָס ליכט פונ מײַנע אויגנ איז אָפגעטאָנ פונ
מיר, אונ אפילע די ליכטיקע זונ איז פארגאנגענ אינ איר פוטער־
פאס, אונ דאָס פינצטערניש פונ איר פינצטערקײַט איז נאָכ פינצ־
טערער פונ... פונ... פונ... יאָ! גוט, וואָס איכ האָב מיכ דערמאָנט! אזוי
ווי איכ האָב געהייסנ אויסקלעפנ מײַנ קאבינעט מיט פינצטערע
שפאליר (טאפעטנ), אלקיינ בעט איכ דיכ, בעסטער פרײַנט,
טאָמער קאָנסטו קויפנ פונ־מײַנעטוועגנ עפעס א טונקל רעכט מעבל־
צײַג נאָכ דעמ מוסטער, וואָס איכ שיק דיר מיט דעמ דאָזיקנ
בריוו... מעגסט נעמענ אפ מײַנ כעזשבנ 2 שטיקלעכ, גאנצע
שטיקלעכ, אונ שיק מיר טייקעפ צו מיט דער ערשטער פאָסט,
מאכמעס איכ האָב נאָכ פיל ארבעט בא די איבעריקע כאדאָרימ;
כוצ־לאָזע האָב איכ נאָכ צו טאָנ מיט א פאָרטאָפיאנע... מײַנ פרוי
האָט ערשט יענע וואָכ אָנגעהויבנ לערנענ שפילנ פיאנע...
גאנצ פײַנ, אז מע קענ שפילנ פיאנע... ווער שמועסט, אז
מע קענ נאָכ דאצו שפילנ אפ דער וויאָלינ (פידל),
אָדער אפ דער פיסגארמאָניע!.. קומ צו מיר צוגאסט, אפ עט־
לעכע טעג כאָטש, בעסטער פרײַנט! איכ פארהאָפ, אז דיר וועט
ניט זײַנ אומעטיק בא אונדז... מײַנ סאָניטשקע גארט דיכ צו זענ...
אויסער דעמ איז בא אונדז יעצט געוואָרנ א שטיקל קאָמפאניע,
אונ מע נעמט אמאָל א קערטל אינ דער האנט אויכ, ווי דו האָסט
ליב... איכ קוש דיכ טויזנט מאָל אונ פארבלײַב דײַנ דיכ ליבנדער
פרײַנט, וואָס טרויערט אצינד אפ זײַנ טײַערסטער מוטער, ווי א
יונגע פרוי אפ איר ליבנדנ מאנ, ווענ ער גייט אוועק אינ די ווײַטע
לענדער ארײַנ, דאָרט, ווו די מענטשנ זענענ געגליכנ צו די כײַעס־
ראָעס, וואָס פרעסנ איינס דאָס אנדערע, דאָרט, ווו דער הימל
גייט זיכ צונויפ מיט דער ערד, דאָרט, ווו דער טאָג איז נאכט,
אונ די נאכט איז טאָג, דאָס הייסט, ווו דער טאָג איז געגליכנ צו
דער נאכט, אונ די נאכט איז געגליכנ צומ טאָג...

דײַנ עוויגער פרײַנט

שימענ ברענ.

## II

### בעסטער פרײַנט שימענ ברענ!

װענ מײַנ הארצ זאָל זײַנ א שטײנ, מײַנ לײַב — אײַזנ, מײַנ שטערנ — קופּער, װאָלט איכ אױכ באַדאַרפט צעגאַסנ װערנ װי א שטיק װאַקס, לײענענדיק דײַנ גרױסאַרטיקנ מעליצע־בריװ! עס װוּנדערט מיכ, ליבער פרײַנט, װאָס דו שרײַבסט ניט אַרײַנ אַמאָל אינ א צײַטונג; דײַנע װערטער זענענ דאָכ גענליכנ צו גילדערנע עפּל אינ זילבערנע אײַנזעצנ; דײַנ מױל טוט טריפנ כאָכמע, אונ דײַנע לעפצנ — װיסנשאַפט; דײַנ צונג איז רײנ גאָלד זיבנ מאָל געלײַטערט, אונ דײַנע געדאַנקענ זענענ שטאַרק ביז די הױכקײַט פונעמ הימל! װער איז גלײַכ צו דיר, װער איז גענליכנ צו דיר, אונ װער קאָנ זיכ גלײַכנ צו דיר, מײַנ טײַערער — ליבער — גוטער — בעסטער — זיסער — הױכער — ליכטיקער — געבענטשטער — רײַכער פרײַנט!... נאָר אַפ אײנ זאַכ טוט זיכ אַפ מיר מײַנ לײַב אײַנבײגנ, אונ מײַנ הארצ טוט אַפ דיר שאַלנ מיט א גרױס שאַלונג, װאָס דו טרױערסט אַזױ אַפ דײַנ זעליגע מוטער אונ לאָזט זיכ גאָר קײנ טרײסט נישט צו! דו װײסט דענ נימ, בעסטער פרײַנט, אַז דער טױט איז אַנ אומדערבאַרמיקער מערדער? ער (דער טױט) קוקט נישט אַפ קײנ זאַכ אינ דער װעלט; ער (דער טױט) איז גענליכנ צו א װילדע כײַע, װאָס פאַרצוקט אָנ ראַכמאָנעס!.. מיר מוזנ אַלע זײַנ אָנגעגרײט אונ צוגעגרײט צומ טױט, אונ קײנער פונ אונדז װעט אימ נישט אױס־פעלנ! קײנ גאָלד אונ קײנ זילבער װעט ער בײַ דיר אױסלײזונג נישט נעמענ! הײַנט װאָס װעט דיר העלפנ דײַנ געװײנ, װאָס װעלנ דיר געבנ דײַנע טרערנ? עמעס, דײַנ זעליגע מוטער איז אַװאַדע געװענ א הױכגעשעצטע אונ פילגעליבטע פרױ, אונ איר נאָמענ איז איבער־געבליבנ װי א בענטשונג צװישנ דער אײדע פונ די ײדנ, — אָבער װאָס קענענ מיר העלפנ מיט אונדזער קלאָגנ אונ טרױעריק זײַנ, אַז לעבעדיק װעלנ מיר זי שױנ ניט מאַכנ, אונ דאָס, װאָס גײט אַװעק אינ דעמ אָפּגרונט פונ פאַרגעסעניש, װעט זיכ שױנ אײביק אונ אײביק נישט אומקערנ, פונקט װי א שערבל, װאָס װערט צעבראָכנ, װי א שאָטנ, װאָס גײט איבער, אונ װי א כאָלעמ, װאָס פליט אַװעק!!!.. שטײ אוּפ, שטײ אוּפ, מײַנ פרײַנט! נעמ װאַרפ אַראָפּ דעמ אַש פונ דײַנ קאָפּ! צי אַראָפּ פונ זיכ די צעריסענע קלײדער אונ װיש אָפּ די טרערנ פונ דײַנ פּאָנעמ, שטאַרק זיכ אונ קרעפטיק זיכ — אונ

זײַ א מענטש!!!.. אויסער דעמ דארפסטו נישט פארגעסנ, אז דו ביסט נישט מער ווי א לעבעדיקער מענטש, האָסט א ווײַב מיט קינדער־לעב. דו האָסט נאָכ א גאנצע וועלט פאר זיכ! אונ לעמל זאָג מיר זיכ דאָ נארנ? דײַנ מוטער (זאָל רוענ אינ גאנ־עדנ!) איז אוואדע געווענ א געשעצטע פרוי... דו האָסט זיכ אָבער ביז אהער פונ קיינ וועלט נישט געוווּסט!.. זי איז אוואדע געווענ א גאָטספּרכטיקע אונ ווילטעטיקע יידענע, אָבער צי האָסטו אפילע א טאָג געלעבט אָנ צאָרעס, אָנ יעסורימ, אָנ הארצווייטעק?.. ווער ווייסט נאָכ אזוי, ווי איכ ווייס, וויאזוי דו פלעגסט נעבעכ אויסגעריסנ ווערנ אונ פּאָשעט אויסגיינ אינמיטנ גאס פאר א גראָשנ? גלאַט, עס פּאסט עפּעס ניט אונ עס איז טאקע בעעמעס נישט רעכט צו רעדנ לאָשנ־האָרע, אוביפראט אפ א געשטאָרבענעמ... נאָר דעמ עמעס מעג מענ דאָכ זאָגנ אפילע אפ דעמ אייגענעמ טאטנ... דײַנ מוטער איז דאָכ געווענ א מארשאס, וואָס מע קריגט דאָס גאָר ניט הײַנטיקע צײַטנ צווישנ יידנ!.. איר גאנצ לעבנ האָט זי נאָר געוווּסט זאמלענ א גראָשנ צו א גראָשנ, גיינ קרוע־בלוע, רײַסנ פונ די אָרעמעלײַט פּראָצענט, אליינ אויסגיינ פאר הונגער אונ יענעמ אויכ נישט געבנ קיינ שטיקל ברויט. אונ אפילע דער אייגענער בענ־יאָכיד זאָל דארפנ לײַדנ הונגער אונ קעלט, דענסטמאָל ווענ בא דער מוטער אינ קאסטנ ליגנ צוויי הונדערט טויזנט רובל געלט!.. עמעס, ברודער, דער טויט איז אוואדע א פלאָג, א גאָטס שטראָפ, אָנ אויסגיסעניש פונ זײַנ ליבנ נאָמענ — יעדע זאכ דארפ דאָכ אָבער האָבנ א גרונט מיט אָנ עק! — גענוג, ברודער לעבנ, גענוג דיר צו קלאָגנ! נעמ שטיי אופ אונ קוק זיכ אָקאָרשט ארומ א ביסל: — שוינ צײַט א ביסל לעבנ אפ דער וועלט!!!... דײַנ באקאָשע וועגנ דעמ מעבלצײַג האָב איכ געפּאָלגט אפ דעמ בעסטנ אויפנ אונ שיק דיר דורכ דער פּאָסט דאָס בעסטע מעבלצײַג, וואָס געפינט זיכ בא אונדז אינ גראבנילאָווקע; עס באטרעפט 138 רובל מיט 60 קאָפּיקעס... איכ האָב זיכ געדונגענ, גלייב מיר, גאנצ גוט, גלײַכ ווי פאר מײַנס אליינ... וועגנ דעמ, וואָס דו שרײַבסט מיר פונ ר' ארנ רינדנפלייש מיט די אָקסנ, זאָג איכ, אז דײַנ ווײַב איז זייער גערעכט... דאָס איז נישט פאר דיר קיינ מיסכער האנדלענ מיט אָקסנ... דאָס וואלד־געשעפט מיט מוישע האָלצמאנ בעשוטפעס געפעלט מיר אויכ גאנצ ווינציק: איכ האָב מוירע, דו זאָלסט נישט פּאטערנ דעמ קאפּיטאל אינ איינע צוויי־דרײַ יאָר... אָנ אווירע, כ'לעבנ, ווערנ פונ אָנ אוישער ווײַטער א קאפּצנ!.. איכ וויל זיכ נישט ארײַנמישנ אינ יענעמס געשעפטנ, דו קענסט דאָכ מיכ;

נאָר ווען דו זאָלסט מיך וועלן פאָלגן, וואָלט איך דיר פאַרגעבן יאָ א
גליקלעך געשעפט, פון וועלכן דו וואָלסט געקענט ווערן א מיליאָנער
אין עטלעכע יאָר!.. נאָר עס איז נישט אין מײַן כאַראַקטער אָנשלאָגן
זיך צו יענעמ׳ מיט אייצעס, ווען יענער פאָדערט עס פון מיר קלאַל־
אוכלאַל ניט! ווען איך האָב האַלב קאַפּיטאַל פון דײַנעם, א פערטל,
א הונדערטכיילעק, וואָלט איך דאָך איבערגעקערט א וועלט!.. ריי־
שים־כאָכמע וואָלט איך אײַנגעקויפט בא יעצטיקע ביליקע פרײַזן א
צוויי הונדערט טויזנט פוד ווייץ און וואָלט זיי אָפגעשיקט קיין קע־
ניגסבערג צו אונדזער אַלטן גוטן־ברודער פײַפערמאַן (דו געדענקסט
אים באָטש? דאָס דאָזיקע כאָסידל, וואָס פלעגט אמאָל כאַפּן שיראַיִמ
פונעם רעבנס טיש, פירט הײַנט א גלענצנדע ראָליע, האַלט א קאָנ־
טאָר מיט נאָך 2 שוטפימ און סמאַליעט א וועלט!..). כוץ־לאָזע וואָלט
איך צעטיילט אוואַנסן (געלט אפ גרייטן ווייץ) אפ דער גאַנצער
גראַבײַלעווקער ליניע פאַר א קליינעם פּראָצענט, און דערבײַ שטייט
דאָך בעוואָדע א גרויס גליק! רעב פײַוול שטערנהאַרץ איז דערפון
געוואָרן אַן אַוישער!.. דערופ וואָלט איך געזעצט אַן ערלעכן באַ־
גלייבטן מענטשן, און אַליין וואָלט איך מיר געזעסן אין מײַן קאָנטאָר
מיט מײַנע מענטשן, געפירט אַלע געשעפטן, זיצנדיק אפ דער שטול
מיט א ציגאַר אין די ציינ און מיט א פען אין דער האַנט... דערצו
וואָלט איך געווינלעך נאָך צוגעלייגן היפשע עטלעכע טויזנט רובל און
וואָלט מיר געהייסן „באַנקיר“... גענומען, געגעבן, געקויפט, פאַרקויפט,
גערעכנט, געשריבן, געטיילט, געקליבן, געהאַנדלט און געלעבט!.. ניט
אַזוי ווי אונדזערע קליינשטעטלדיקע גווירימ, וואָס זיצן ווי קאַטשקעס
אפ די אייער און ווייסן פון קיין וועלט צו זאָגן אויסער וואָכער און
ווײַטער וואָכער!.. ניין! איך וואָלט געלעבט, און אַלע, וואָס אַרומ
מיר, וואָלטן אויך געלעבט, און לאָז כאָטש די וועלט אויך ווייסן, אַז
עס איז פאַראַן אין גראַבײַלעווקע אַן אַוישער, און ער הייסט ראַוון
שנעל?!!... אָט דאָס וואָלט איך געטאָן, ליבסטער פרײַנט, צום ערשטן
אַרויספאָר; און שפּעטער וואָלטן מיר געזען, ווהין דער ווינט בלאָזט,
פאַרשטייסטו מיך... נאָר ווי־אַזוי עס וואָלט נישט געווען בא מיר, נאָר
איך וואָלט אַזא אָנזעצער ווי מוישע האָלצמאַן קיין 20 טויזנט רובל
נישט פאַרלירן בעשומ־אויפן, מיט קיין אָקסן וואָלט איך נישט גע־
האַנדלט און אַפילע מיט קיין וואַלד־געשעפט אויך ניט, סײַדן מיר
וואָלט זיך פאַרגלוסט גאָר אין א קלייגער צײַט אָנווערן די עטלעכע
גילדן!... אַך, שימעלע! שימעלע!.. וואָס קען איך דיר נאָך זאָגן? וואָס
דאַרפ איך דיר נאָך זאָגן, און וואָס האָב איך דיר צו זאָגן?.. היט אָפ

דאָס ביסעלע גוטס, וואָס גאָט דער הער האָט דיר באַשערט!.. טו נאָר א טראַכט, וואָס קענ פונ דיר זײַנ, ווענ דו בלײַבסט ווײַטער, ווי פריִער, א קאַפּצנ?.. דײַנ מוטער איז איינ מאָל געשטאָרבנ, אונ קיינ צוויי יערושעס האָט זי דיר ניט געלאָזט!.. מיט דעמ געלט, ברודער, ביסטו רעב שימעלע ברענ; אָבער אָנ דעמ געלט, כאָלילע?.. באַרעכנ דאָס אָקאָרשט!.. אַכ, ברודער, ברודער! א פּאַסקודנע וועלט. כ׳לעבנ! א וויסטע וועלט, א פינצטערע וועלט, א פאַלשע וועלט, א נאַרישע וועלט! פּע, פּע! א פּאַסקודנע וועלט!!!...

דו שרײַבסט מיר, טײַערסטער שימעלע, איכ זאָל זיכ דורכפאָרנ צו דיר צוגאַסט כאָטש אפ עטלעכע טעג! וואָס זאָל איכ דיר דערופ ענטפערנ, ברודער האַרציקער? ווי פאַרשטייסטו, איכ וואָלט זיכ עפּעס געלאָזט לאַנג בעטנ? עס קענ דענ זײַנ בא מיר נאָכ אזא פאַרגע־ניגנ ווי זענ זיכ מיט מײַנ אלטנ בעסטנ כאַווער, מיט וועלכנ איכ בינ קימאַט צוזאַמענ אופגעצויגנ געוואָרנ?.. אוביפּראַט נאָכ אצינד, בא דער גליקלעכער לאַגע, ווענ דער אלמעכטיקער גאָט האָט דיכ געבענטשט מיט אזא...!? נאָר וואָס ווערט דערפונ? דעמ עמעס מוז איכ דיר אויסזאָגנ, אונ מײַנ האַרצ אנטפּלעקנ פאַר דיר... וויאַזוי קומ איכ הײַנט צו דיר?.. איכ מיינ, וויאַזוי, וויאַרומ, מיט וועלכנ אויפנ אונ ווי אונ וואָס אונ ווענ — דו פאַרשטייסט?.. אז דו ביסט הײַנט גאָר אזוי, ווי זאָגט מענ, לעמײַלע־לעמײַלע, מיט צענ קעפּ העכער, מיט אנ אַרשינ ברײַטער, מיט... מיט... מיט... אונ איכ? וואָס בינ איכ אצינד אקעגנ דיר?.. א ווערעמל, וואָס פּויזשעט ארומ אפ דער ערד... ווי א קליינ זעמדעלע, וואָס וואַלגערט זיכ אינ גאַס...; ווי א שפּײַ...; קימאַט גאָלע גאָרנישט!.. נישטאָ אמאָליקע יאָרנ! נישטאָ, אוועקגעפלויגנ! מע דאַרפ פאַרגעסנ! פאַרגעסנ! פאַרגעסנ!!!...

איכ, דײַנ בעסטער פרײַנט, וואָס קלאָגט אפ דײַנ קלאָג, וואָס טרויערט אפ דײַנ טרויער, וואָס ברעכט אפ דײַנ בראָכ —

רוווּנ שנעל.

## III

קאָמיסיאָנס־געשעפט

פייפערמאַן, גענזענשמאַלץ עט פּעקעלזאָן.

קעניגסבערג אין פּרייסען.

האָכגעעהרטעסטער אונד ווערטהעסטער הער זימאָן ברענ
אין קוקעליווקע, רוסלאַנד.

* מיט פיעל פערגעניגען האָבען מיר ערהאַלטען דען שרייבען פאָן איהרען ווערטהעסטען בעגלייבטען הערן רומעליום שנעל מיט וועלכען ער אונז וויסען לאָזט דאס זי ווערדען אונז ליפערן ווייצען נאך קעניגסבערג צו פערקויפען. — מיר קענען איהנען צו זאגען דאס זי ווערדען פאָן אונזער קאָמיסיאָנס־הויז בעהאַנדעלט ווערדען על צד היותר טוב[1] און זייערע ווייצען ווערדען שנעל פערקויפט ווערדען נאך די העכסטע פּרייזען אונד זאָגלייך געלד שיקען צו איהנען ווען זי נאָר ברויכען ווערדען; דאַן ווערדען זי צו אונז איינען בריעף שרייבען ווערדען זי תיכף[2] גלייך בעקומען. —

האָכאַכטונגספאָל פייפערמאַן, גענזענשמאַלץ עט פּעקעלזאָן.

## IV

קאָנטאָר־געשעפט פאָן זימאָן ברענ.

קוקעליווקע, רוסלאַנד.

הערן יאַקאָב שטערנהאָרען.

אין שאַמפּעריווקע, רוסלאַנד.

ביטע ארויסשיקען מיר אַם רעכנונג פון מיין פּרינציפּאַל הערן זימאָן ברען אַף צייט צוויי מאָנאַט צוועלף טויזנט רובל זילבער און פאַרשרייבן אַף קאָנטע הערן זימאָן ברען.

אכטונגספאָל רומעליוס שנעל.

---

* מיר בעטן אונדזער לעזער זיך נישט צו וווּנדערן אַף די דייטשישע בריוו, וואָס ווערן געבראַכט אין דער דאָזיקער ריכטיקער געשיכטע: די דריי פייַנע קאָמיסיאָנערן זייַנען פּאָשעטע רוסישע ייִדלעך; נאָר ווייַל זיי באַזיצן אַ קאָמיסיאָנס־געשעפט אין קעניגסבערג (פּרייַסן), דרום מוז מען שפּרעכן דייַטש, דאָס הייסט אַרייַנרוקן אין יעדער שורע דאָס וואָרט „ווערדען" עטלעכע מאָל.

דער הערויסגעבער.

1 אל צאַד האַיוֹיסער טוֹיווּ — אַפן בעסטן אופן.

2 טייקעף.

## V

קאָמיסיאָנס־געשעפט
פייפערמאן, געגזוענשמאלץ עט פעקעלזאָן.
קעניגסבערג (פרייסען).

האָכגעשעצטער אונד אכטענדער הער רומעליום שנעל
אין גראבײלעווקע (רוסלאנד).

מיט גרויס הדוה 1 קומען מיר איהנען מודיע צו זיין דאס זייער הער זימאָן ברען פון קוקעליוועקע (רוסלאנד) האָט אונז איבערגע־געבען דאס גאנצע זיינע געטריידע־געשעפט מיט איהנען צו פיהרען, איהנען קוויטירען, מיט וויץ שפעקולירען און איהנען אם רעכנונג הערן זימאָן ברען אין קוקעליוועקע (רוסלאנד) צו צייגען. מיר האָפ־פען דאס זי ווערדען פון אונז צופריעדען בלייבען, אוביפראט, ווען זי ווערדען צו אונז צוגעלאָזט ווערען און מיט אונזער קאנטאָר בע־קאנטשאפט שליסען באופן הידוע 2... דאן ווערדען זי זיכערליך קיין כאראָטע ניכט האבען, ולחכם כמותו יספיק הקיצור, ודל 3. . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דיזע פינטעלאך ביטען מיר איהנען צו פארשטעהן... אונד פער־בלייבען אויף עוויג

אכטונגספאָל פייפערמאן, געגזוענשמאלץ עט פעקעלזאָן.

## VI

בעזרת השם יתברך יום ב׳ פ׳ חקת־ובלק שנת תר״...
לפ״ק בפה עיר גראבײלעווקע 4.
לכבוד אהובי בעלי היקר החשוב הנגיד מפורסם הקצין

---

1 כעדרוע.

2 בעויפן האידוא — אף דעם באקאנטן אופן.

3 אולעכאָכאָם קעמויסוי יאספיק האקיצור, וועדאל (וועדיי לעהאָוין) — און פאר אזא קלוגן, ווי ער, וועט זיין גענוג אינ־קורצן, און ס׳איז גענוג צום פארשטיין.

4 בעעזראס האשיים יִסבאָרעך יוים ביים פאָרשע כוקאס־אובאָלאָק שנאס תר (טאר).. לעפאק בעפוי איר גראביי־לעווקע — מיט גאָטס הילף מאָנטיק פון דער סעדרע כוקאס און באָלאָק דאָס יאָר תר״... לויט דער יידישער צייט־רעכענונג דאָ אין דער שטאָט גראביי־לעווקע.

והמרומם המשכיל מפואר חכם ונבון איש ישר ויקר ערך טוב לב ה״ה הרבני כש״ת מוהר״ר לוי ב״ר נפתלי צבי ז״ל 1.
— הערנ שפיגעלבאנק.—

ראשית באתי להודיעך 2, קומ איכ דיר לאָזנ וויסנ זייַנ, אז איכ בינ ב״ה בקו החה״ש 3 אינ בעסטנ געזונט, געבע גאָט דאָס נעמלעכע פונ דיר צו הערנ נישט ערגער — אָמיינ סעלאָ! וועהאשיינים פרעג איכ דיכ, באאלי האיאָקאָר, א מיסע־מעשונע זאָל קומענ אפ דייַנ קאָפּ, רבש״ע 4! עס זאָל דייַנ טאטנ ארויסוואַרפנ אונ דיכ אריינוואַרפנ אינ איינ קוילפייַער (כהרף עינ) 5, אז עס זאָל דיכ אויסקייַקלענ, טאטע הארציקער, פונ איינ עק צומ אנדערנ עק אונ עס זאָל זיכ אריינכאפּנ א העליש פייַער אינ דייַנ הארצנ ארייַנ, זיסער פאָטער! אונ עס זאָל דיכ אָנכאפּנ א שטעכעניש אונ א ברעכעניש אינ אלע דייַנע איווער־רימ, געטרייַער גאָט! א פינצטערער, א וויסטער סאָפ זאָל אויסגיינ צו דייַנ קאָפּ, צו דייַנע הענט אונ פיס, צו דייַנ לייַב־אונ־לעבנ, אז קיינ גוטנ גוי זאָל דאָס נישט שאטנ, נאָר דיר, רבש״ע! מיט דייַנ לייַב, מיט דייַנ זעל, מיט דייַנ נעשאָמע, הייַנטיקנ טאָג אינ א גוטער, א מאזלדיקער שאָ, אָמיינ האלעווייַ רבש״ע!!!.. הייַנט ווייסטו שוינ פאר וואָס?!...

א ווערטעלע אויסצורערנ — הונדערט זעכציק זעקס קערבלעכ דירע־געלט, אכוצ האָלצ אונ וואסער, אכוצ א דינסט, אכוצ א שוכ, א קלייד, הייַנט ווו איז עפּעס אינ מארק יעדנ גוטנ טאָג צוויי אָדער דרייַ... וואָסערע דרייַ? אייערנעכטנ איז בא מיר אוועקגעגאנגענ אינ

---

1 ליכוויד אהוווי באאלי האיאָקאָר העכאָשווו האנאָגיד מעפורסעם האקאָצינ וועהאמערוימאָם האמאסקיל מעפויאָר כאָכאָם ווענאָווינ איש יאָשאָר וויעקאר ערעכ טויוו לייוו הייַנע הו האָראבאָני קוויד שיימ טיפארטוי מויריינו האָראוו רעב לייווי בערעב נאפטאָלי צווי זיכרוינוי ליווראָכאָ — לעקאָוועד מייַנ געליבטנ מאנ, דעמ טייַערנ, דעמ כאָשעווו, דעמ נאָגיד, דעמ בארימטנ האר אונ דעמ דערהויבענעמ, דעמ מאסקל, דעמ פייַנעמ כאָכעמ אונ פארשטאנדיקנ, דעמ ערלעכנ אונ טייַערשעצנדיקנ מענטשנ, דעמ גוטהארציקנ, וואָס ער איז מיט זייַנ פייַנעמ נאָמענ אונדזער לערער, דער ראָוו רעב לייווי, דער זונ פונ רעב נאפטאָלע־צווי, זייַנ אָנדענק זאָל זייַנ געבענטשט.

2 ריישיס באָסי לעהוידיאכאָ.

3 באָרעכ האשעמ בעקאוו האכאיִמ ווּעהאשאָלעמ — דאנקענ גאָט באמ לעבנ אונ געזונט.

4 ריבוינע־שעל־אוילאָמ.

5 קעהערעפ־איַנ.

מארק, איכ זאָל אזוי זײַנ געזונט אונ שטארק מיט אלע מײַנע ליבע, רבש"ע! ווי אכט מיט א האלבנ קערבל אונ אכוצ האָב איכ נאָכ באצאָלט פאר קוילנ א פערטעלע (25 קאָפּ.) אונ דער יידענע פאָר קלײַנע דער בעהיימע זעקס אונ דרײַסיק קאָפּיקעס... פאר קלײַנע? הײַנט ווו איז פּאָלאָווע? ווו איז שטרוי? פרעג זשע מיכ, צי האָב איכ פונ איר א קוואָרט מילכ כאָטשע? אזוי לאנג קרענקסטו, ליבער גאָט, אזוי לאנג זאָל איכ דיכ שוינ זענ פוילנ אונ ווערעמ עסנ דיכ, ווי איכ קוק אפילע אָנ פונ איר א שטיקל פוטער אָדער קעז, איכ זאָל אזוי ריינ זײַנ פונ שלעכטס, טאטע געטרײַער, ווי איכ בינ ריינ פונ א סאָל סמעטענע אָדער פונ א מילכיקנ אָנבײַסנ, וואָס איכ האָב שוינ ניט געגעסנ, עסנ זאָלנ דיכ ווערעמ, וויפל מיינסטו? א יאָר!.. וואָסער א יאָר? איכ בינ נאָכ געזעסנ בא מאלקע פײַווישעס אינ דער דירע אונ האָב געטראָגנ מיט מוישע־לייבוניונ זאָל מײַריכ־יאָמימ זײַנ... אוי איז דאָס א קינד. אזא יאָר, אזא פּארנאָסע זאָל איכ האָבנ מיט אלע מײַנע ליבע, רבש"ע! קלוג ווי די גאנצע וועלט אונ רעדט יעדע זאַכ ווי אנ אלטער, קיינ בייז אויג זאָל אימ ניט שאטנ! איכ זאָל שוינ דערלעבנ זענ אימ גיינ מירטשעמ (אי"ה) אינ כיידער ארײַנ! איכ וויים? מע זאָגט א קינד... א קינד האָט אפּ זיכ ניט קיינ גאנצ העמדל, איכ זאָל אזוי ריינ זײַנ פונ יעסורימ מיט קאָל־האשלעכטס, ווי מוישע־לייבוניו האָט אפילע שטיוועלעכ אפּ יאָמטעוו!... עס גייט אזא יאָמטעוו, וואָס איכ וויים? איכ זאָג דיר דעמ עמעס!.. אונ ער כאָליעט דאָרט ערגעצ אונ לעבט זיכ גאנצ בארוט... וואָס ארט דאָס אימ, אז דאָס ווײַב מיט די קינדער ווערנ געשוואָלנ ווי א בארג פאר הונגער, געשוואָלנ זאָלסטו ווערנ אונ סע זאָל דיכ אופּטראָגנ ביז דער סטעליע, זיסער גאָט, איכ זאָל פונ דיר פּאָטער ווערנ!.. וואָלט איכ שוינ אויכ אופּגעריכט געוואָרנ עפּעס אפּ דער וועלט, וואָרעמ איידער אזא דאָליע, ווי איכ האָב בא דיר, איז געווימ ליבערשט צו בלײַבנ אנ אלמאָנע מיט 8 יעסוימימ!... נאָר וואָס קאָנ איכ רעדנ אקעגנ גאָט, אז איכ בינ דאָכ פּאָרט נ'שט מער ווי א זינדיקע נעקייווע, אנ אישע, וואָס דארפּ טאָנ דעמ ראָצנ פונ גאָט אונ דעמ ראָצנ פונ איר מאנ... דערומ ווארט איכ אונ ווארט, איכ מיינ טאָמער־טאָמער... צומ סאָפּ נא דיר, שלימ־שלימזמאזל אינ אלע ווינקעלעכ צומ שווארצנ יאָר, וואָרעמ אז מע וויל שמועסנ צוריק, וואָס בינ איכ דאָ ערגער פונ רויזע־טויבע די גראָבע? בײַשער איר טאטע האָט געהאט א פעטערס א שוועסטערקינדס גלידשוועסטערקינדס א פּלימעניק א מעשומעד? אונ מײַנ טאטע זצ"ל איז אויכ געווענ א ייד פונ טוירע אונ פונ כאָכמע!.. פּריטע ווערט זי

(רויזע־טויבע די גראָבע) שיר־שיר ניט צעזעצט פאַר גרויס פאַרגע־ניגן, און די קלענערע טאָכטער טראָגט די אייגענע האָר, און איך צי זיך אויס אין גאַס פאַר א קערבל, מײַנע קינדער גייען קרוע־בלוע, און מײַן מאַן איז נאַוועגאַד צו אלדי שוואַרצע יאָר, און אַז ער שיקט מיר שוין יאָ אַרײַן דאָס קערבל, קומט אָפּ דעם אַן אויסכאַפּעניש, א פאַרשווינדעניש צו אלדי רוכעס!... וואָס איז אַזוי? בײַשער, ער, זאָגט ער, פאַרדינט מער נישט און האָרעוועט אַזוי אויך ווי אַן אייזל! וואָס קער זיך דאָס מיט מיר אָן? עס איז מײַן אייסעק? קריך אין דער ערד אַרײַן! גיי אַפילע און הארגע מענטשן אָפּן גלײַכן וועג און זײַ מיך מעפאַרנעס! דערופ האָסטו זיך כאַסענע געהאַט אין א פינצטע־רער שאָ א ווייסטער! בעסער וואָלסטו דעמלט נאָך אָנגעלייגט מיטן קאָפּ, איידער איך האָב דיך דערקאַנט פאַר א מאַן!.. און ווײַטער האָב איך דיר ניט וואָס צו שרײַבן. פאַרבלײַב געזונט און פיל גליקלעך, פון מיר דײַן געטרײַע זוגאָסי, וואָס באַגערט דײַן גליק און ווינטשט דיר אַלעס בעסטע, אָמיין סעלאָ.

עסטער־ליפשע באַס ר׳ מוישע־לייב זצ״ל.

איקער שאָכאַכטי: אַז גאָט גיט א שטיקעלע האַצלאָכע, ווייסט מען ניט, פונוואַנען דאָס גליק נעמט זיך. הער א מײַסע, ווי עס פאַר־לויפט זיך א זאַך אָפּ דער וועלט: דײַן פלימעניק רעוון לייב־אַרנס, רעוון שנעל, האָט זיך אופגעשטעלט דאָס מאַזל, דערהײַנע וואַזוי אַז ער איז הײַנט גאָר באַגליקט געוואָרן! ער האָט געהאַט אין קוקעליעווקע, בעשאַס ער האָט נאָך געלערנט אין כיידער, א כאַווער מיט זײַן ליבן נאָמען שי־מעלע ברען! דער דאָזיקער שימעלע איז פּלוצעם געוואָרן א גרויסער גוויר, מע זאָגט א מיליאָנער פון דרײַ הונדערט טויזנט רובל, עפּעס דורך א יערושע, וואָס מע האָט אים איבערגעלאָזט — בין איך דיר נישט אויסן! בעקיצער, אָט דאָ פאַר א וואָך דרײַ איז אונדזער רעוון געווען בא אים עפּעס מיקויעך אַן איניען, איך ווייס ניט וואָס און ווען — וואָס זאָל איך דיר א סאַך ברײַען? — ער האָט אים געמאַכט פאַר קאָל־וועלאָך איבער אַלע זײַנע געשעפטן. און הײַנט האָט שוין דאָ רעוון א קאָנ־טאָר אין גראַבײַלעווקע און איז געוואָרן א גאַנצער באַנקירער מיט א סויכער!.. נו, דאַרפ מען פרעגן דעם ריבוינע־שעל־אוילעם א קאַשע? מיסטאָמע איז דאָך אים אַזוי אָנגעצייכנט געוואָרן פון אויבן!.. וואָ־רעם וואָס האָט דאָס גאָר געטראָפן צו אים און ניט צו אונדז? וואָס איז? דו ביסט דען ניט דער אייגענער מענטש וואָס רעוון? צי עפּשער

האָט ער אַ שענערן טאַטן פון דיר? צי איז ער עפּשער מער בעריע פון דיר? איך ווייס ניט! דו האָסט ב״ה אויך אי הענט, אי פיס, אי אַ קאָפּ גלײַך מיט אַלע ייִדן! ע״כ בעלי היקר 1, פאַרוואָס זאָלסטו אים ניט אַרײַנשרײַבן עפּעס אַ בריוול, טאָמער וואָלסטו אויך עפּעס געהאַט אַרום אים? פאָרט אַן אייגענער פּלימעניק — ווי זאָגט מען בלוט און פלייש!..

פון מיר דײַן זוגאָסטי עטטער־ליפּשע.

טאָמער איז מיר באַשערט, איך זאָל דורך דײַן פּלימעניק געהאָלפן ווערן, וואָלט טאַקע געווען אַ ווילדער ווישער, כ׳לעבן! די דאָליע, וואָס איך האָב בײַ דיר, מיט דעם מאַזל־בראָכע, פון זינט איך האָב דיך דערקענט, וואָלט זיך שוין גאָט געמעגט דערבאַרעמען אויף מיר אויך! איך בין ניט גלײַך צו אַנדערע ווײַבער! איך בין רעב מוישע־לייבלס אַ טאָכטער. און בײַ מײַן טאַטן, זאָל האָבן אַ ליכטיקן גאַניידן, בין איך דאָך טאַקע, ווי מע זאָגט, אויף זײַד און אויף סאַמעט און אויף לאַ־קעטקעס* אויסגעוואַקסן! בײַ מיר אויף מײַן ערשטער כאַסענע האָט מען געטאַנצט און געהוליעט 2 וואָכן קעסיידער, און דער פעטער זאַלמען פון זשיטאָמיר איז געווען מיט אַלע קינדער און מיט די אייניקלעך! נאָר לעמײַ זאָל איך זינדיקן אַקעגן דעם ריבוינע־שעל־אוילעם, אַז בײַ אים איז רעכט אַזוי?!..

פון מיר דײַן זוגאָסי עסטער־ליפּשע.

## VII

לדודי היקר הנגיד מפורסם מוהר׳ 2
הערן לייווי שפּיגעלבאַנק

אין באָרשטשיווקע (רוסלאַנד).

איך שיק אײַך דאָ אַן אָנווײַזונג אין קאָנטאָר שטערנהאָרן (אין שאַמפּעהיווקע) אויף 50 טויזנט רובל און בעט אײַך, אַז נאָמען פון אונדזער געערטסטן פרינציפּאַל הערן זימאַן ברען, אײַנקויפן אויף דער

---

1 אַל קיין באַלי האיאָקאָר — דעריבער, מײַן געטרײַער מאַן.

* „לאַקעטקעס״ אויף זשאַרגאָן איז קימאַט דאָס זעלבע, וואָס „כצפיהית בדבש״ אין לאַשנקוידעש (באַמ. פון אווט.).

2 לעדוירי האיאָקאָר האַנאָגיד מעפּורסעם מוירייני האַראַוו רעב — צו מײַן טײַערן פעטער דעם באַרימטן נאָגיד אונדזער לערער דער ראָוו רעב.

באַרשטשיוועקער ליניע נאָך 150 טויזנט פוד ווייץ אַלערליי סאָרטן. די ווייץ לאָדן נאָך קעניגסבערג „פײַפּערמאַן, גענזענשמאַלץ עט פּעקעלזאָן". ראַק טאָג מיט די מוסטערן אַזוי, ווי מיר האָבן אָפּגערעדט... קיין סאַך דאַרף איך אײַך ניט שרײַבן... און קיין פינגער אין מויל דאַרף איך אײַך אויך ניט אַרײַנלייגן...

אַכטונגספאָל רומעליוס שנעל.

## VIII

קאָמיסיאָנס־געשעפט

פּײַפּערמאַן, גענזענשמאַלץ עט פּעקעלזאָן.
קעניגסבערג (פּרײַסן).

הערן הערן זימאָן בערען.

אין קוקעליוועקע (רוסלאַנד).

מיר האָבען שוין ביז איצט די עהרע געהאַט צו ערהאַלטען פון איהרעם עקספּעדיטאָר הערן לעווי שפּיגעלבאַנק פון באַרשטשיוועקע (רוסלאַנד) די ערשטע 100 וואַגאָנען רויחווייצן. לויט די מוסטערן, וואָס מיר האָבען ערהאַלטען דורך איהרענם אַגענט רומעליוס שנעל פון גראַבײַלעווקע (רוסלאַנד) קאָנען מיר איהנען פערזיכערען דאַס מיר ווערדען זיי פאַרקויפן צו די בעסטע פּרײַזען אונד זי ווערדען געוויס צופריעדען ווערדען פון אונזער קאָמיסיאָנס־הויז אונד ווערדען אונז נאָך מעהר ווייצען ליעפערען.

אַכטונגספאָל פּײַפּערמאַן, גענזענשמאַלץ עט פּעקעלזאָהן.

## IX

קאָנטאָר־געשעפט

פון זימאָן בערען אין קוקעליוועקע (רוסלאַנד).

הערן הערן יאַקאָב שטערנהאָרן.

אין שאַמפּעריוועקע (רוסלאַנד).

מיט דאַנק האָב איך דערהאַלטן די 50 טויזנט רובל. יעצט בעט איך, אַם נאָמען פון מײַן געערטסטן פּרינציפּאַל הערן זימאָן בערען אַרויסשיקן מיר דורך פּאָסט נאָך 50 טויזנט רובל זילבער און צייכענען קאָנטאָ זימאָן בערען אָפּ טערמין דרײַ מיט אַ האַלבן מאָנאַט.

אַכטונגספאָל קאָמערציאָן־אַגענט פון קאָנטאָר־געשעפט זימאָן בערען
רומעליוס שנעל.

## X

הערנ הערנ רומעליום שנעל
קאָמערציאָנ־אַגענט פונ קאָנטאָר־געשעפט זימאָנ ברענ

אינ קוקעליווקע (רוסלאנד).

איך האָב געהערט, אז איר נעמט האלוואָעס אייצעל הערנ הערשענ־האָרנ אפ קאָנטע פונ אײַער געשעצטנ פרינציפאל האגוויר הער זימאָנ ברענ, לאָכיינ פארשטיי איך ניט, צו וואָס נוצט אײַך צאָלנ 15 פּראָצענט, ווענ איר קאָנט אויספירנ צאָלנ נאָר 10%, אוביפראט, אז הערשענהאָרנ איז א געוויסער מערדער אונ קיינ רעכטער מענטש וועט מיט אים ניש האנדלענ... איך וויל אפ אים קיינ שלעכטס ניט רעדנ, נאָר איך זאָג אײַך, אז הערשענהאָרנ איז א בלוט־זויגער, א צוויאַק, א קעלעוו־שעביקלאָווים! איך האָב פײַנט יענעמ צו בארעדנ אונטער די אויגנ אונ אינ קעשענע בינ איך בא אימ ניט געווענ, נאָר איך קאָנ זיך מיט אײַך וועטנ, אז הערשענהאָרנ איז אנ אָנזעצער, ניט הײַנט איז מאָרגנ!.. זײַט אזוי גוט אונ שרײַבט אוועק אײַער פרינצי־פאל, פילײַכט ברויכט ער א פערציק טויזנט רובל אפ א יאָר — קאָנ איך אימ טייקעפ געבנ; איך וועל אײַך מיסטאמע באפרידיקנ נאָך אײַער ווערטענונג נאָב. — פונ מיר אײַער אומבאקאנטער פרײַנט, וואָס האָט אײַך ליב זייער אונ פאָדערט אײַער גליק.

פרידל פעמפיק (פונ פיזשעווקע).

## XI

ב"ה יום יום ב' פ' ראה שנת תר... לפ"ק פה באָרשטשיווקע.[1] לזוגתי היקרה, הצנועה והחסידה, אשה חשובה, חכמה מפורסמת, אשת חיל כאסתר וכאביגיל, מנשים באהל

---

1 באָרעכ האשעמ יוימ יוימ בייס פארשע רעיי שנאס תר... לעפאק פוי באָרשטשיווקע — דאנקענ גאָט אלע טאָג, מאָנטיק כונ סעדרע רעיי, דאָס יאָר תר...— לויט דער יידישער צײַט־רעכענונג, דאָ־באָר־שטשיווקע.

תבורך, ה״ה מרת אסתר ליפשיץ שתחי׳ עכב״ב. 1

איך בין ב״ה 2 אין בעסטן געזונט, גיב גאָט צו הערן גוטע בסור־רעס — אָמייך־וועאָמיין. והשגית אודיעך, אשתי היקרה 3, אז דאָס געשעפט איז זייער א גוט געשעפט, היינו: איך בין אליין דער אופ־קויפער, און דורך מיין האנט גייען דורך אלע ווייצן פון דער קאָנ־טאָר, און מאָעס איז דאָ לאָרויזו, און בין ניט זשעדנע אין קיין קערבל, און דער גאנצער טוער איז רווון, און ער פארלאָזט זיך אף מיר מיט אלע ווייצן, און איז פון מיר צופרידן, און דער פרינצי־פאל אויך, און איך אויך, און גאם די פרייז הייבט זיך, און די ווייצן גייען קיין קעניגסבערג פייפערמאן, גענזענשמאלץ עט פעקעל־זאָן, און פייפערמאן־גענזענשמאלץ עט פעקעלזאָן האָט מיר גע־שריבן, איך זאָל מאכן מיט דעם רויפע... עפעס פארשטעלט... און איך האָב זיי נאָך ניט געענטפערט מיקויעב דעם... און גאם מע רעדט מיר דאָ אויך צו מיקויעב זאכן... און איך בין ניט מוסקעם, מאכ־מעם מע פארלאָזט זיך אף מיר ווי אף אן אייגענעם. און זיי זאָגן, אז איך האָב בעיאד צו באקומען א קערבל, און דער פרינציפאל איז דאָ געווען ניט לאנג און האָט מיט מיר אוועקגערעדט א גוטע שאָ, ראק ער האָט ניט געהערט איין וואָרט, מאכמעס ער איז אזוי שטארק פארטראָגן אין די געשעפטן, אז ער ווייסט ניט, וואָס מע רעדט צו אים, און איך האָב באצאָלט פאר צוויי כאדאָשים פר!ע־פאר קעסט, און האָב נאָך 30 רובל, און שיק דיר 50 רובל, און בעט באצאָלן דירע־געלט און סכאר־לימעד אויך, און שימעלע שיקט מיר אלעמאָל געלט און הייסט מיר קויפן ווייץ, און דאָ איז דירעס בעיויקער גאָרל, און רווון איז אויך געווען ואצלי על האבסניא 4, און שרייב מיר, וואָס הערט זיך עפעס אין דער היים, און מע זאָגט,

---

1 לעזוגאָסי האיעקאָראַ, האצנואָ וועהאכאסידאָ, אישאָ כאשוואָ, כאכאָמאָ מעפורסעמעס, איישעס כאיל קעעסטייר ווע כאוויגאיל, מינאָשימ באָויהעל טעווויראָכ, הייגע הי מאָראס עסטער־ליפשע שעטיכיע אימ קאָל בניי בייסאָ— צו מיין טייערער פרוי, דע צנוע און דער פרומער, דער כצשעווער פרוי, דער באַינטער כאכאָמע, וואָס איז אזא בעריע, ווי עכטער און אוויגאיל צווישן די וויבער פון געצעלט זאָל זי געבענטשט זיין, נעמלעך די הארנטע עסטער־ליפשע זאָל לעבן מיט איר גאנצן הויזגעזינד.

2 בארעכ האשעמ

3 וועהאשיינים צו דייכ, אישטי האיעקאָראָ — צ יינס, גיב איכ די. צו וויסן, מיין טייערע פרוי.

4 עצלי אל האָכסאניאָ — בא מיר אין אכסאניע.

אז רוונ ווערט אנ אוישער, אונ איכ האָב מיר געמאכט א נײַעמ פוטער, אונ גערים די קינדערלעכ גאָר פרײַנטלעכ, די רייד פונ דײַנ ליבסטנ מאנ:

לייווי שפיגעלבאָנק.

XII

הערנ הערנ פּרידעל פּעמפּיק אינ פּיזשעווקי (רוסלאנד).

איר קענט צושיקנ 40 טויזנט רובל גלײַכ צו מיר אמ רעכנונג פונ מײַנ פּרינציפּאל הערנ זימאָנ ברענ, אפ וועלכנ איכ שיק אײַכ דאָ 4 פּאָרמאלנע וועקסלענ אמ נאָמענ זימאָנ ברענ.

אכטונגספאָל קאָמערציאָנ־אגענט רומעליוס שנעל.

XIII

קאָנטאָר־געשעפט.

זימאָנ ברענ (קוקעליוועקע, רוסלאנד)

הערנ פּײַפּערמאנ, גענזענשמאלץ עט פּעקעלזאָנ.

אינ קעניגסבערג (פּרײַסנ).

פּילײַכט קענט איר מיר שיקנ אפ דעמ רעכענונג פונ די ערשטע 200 וואגאָנעס ווייץ צומ וויניקסטנ 70 טויזנט רובל? אפ אָפּליינג די ווייץ אינ שפּײַכלער בינ איכ מערוצע, ראק איכ דארפ אצינד א ביסל געלט... אונ ווײַטער, אויב עס איז נישט מעגלעכ, דארפ מענ ניט: איכ וועל זיכ באגיינ אָנ זיי אויכ... שרײַבט מיר אָפּטע בענאכ־ריכטנ, מיט גרויס אכטונג

זימאָנ ברענ.

XIV

ב"ה יום יום ד' פ' תצא שנת תר... לפ"ק פה [1]

לכבוד בעלי היקר החביב המרומם הנגיד מפורסם

החכם מוה"ר ר' לייווי שפיגעלבאנק נ"י.[2]

---

1 באָרעכ־האשעמ יוימ יוימ דאלעד פארשע סייצוי שנאס תר... לעפאק פוי — דאנקענ גאָט אלע טאָג, מיטוואָכ פונ דער סעדרע סייצוי דאָ יאָר תר... לויט דער יידישער צײַט־רעכענונג, דאָ.

2 ליכוויד באאלי האיאָקאָר העכאָוויו האמערוימאָמ האנאָגיד מעפורסאָמ העכאָכאָמ מויריינו האָראָוו רעב לייווי שפיגעלבאנק נייראָוי יאָיר — לעקאָוועד מײַנ מאנ דעמ טײַ־ערנ, דעמ געליבטנ, דעמ דערהויבענעמ, דעמ בארימטנ נאָגיד, דעמ כאָכעמ, אונדזער לערער דעמ ראָוו, רעב לייווי שפיגעלבאנק, זײַנ ליכט זאָל לײַכטנ.

פופציק יאָר זאָלסטו קרענקען, רבש״ע! און פופציק מאַקעס דיר אין בויך! וועמען זאָל איך פריִער געבן: צי דער פּראַטשקע, צי דער דינסט, צי דעם מעלאַמעד, צי דער ייִדענע פאַר די קאַטשקעס (איך האָב שוין אײַנגעקויפט 15 קאַטשקעס אף יאַמטעוו, זיי ליגן זיך אַצינד)... צי דעם באַלעבאָס פאַר דער דירע, צי דעם קרעמער פאַר דער סכוירע, צי וואָס, צי ווען, צי א כאָלערע, צי א קאַדאָכעס, צי אַזוי א קרענק אין דײַנע ביינער אַרײַן, — זיסער האַרציקער פאָטער?!?!!! — אַנו, טו נאָר, זײַ מויכל, א קוק אף גאָלדע־הערשקע־באָרעך־אַווראָמס! א כאַרפּע, א בושע, א געשוואָל דיר אין פּאָנעם, א ברען דיר אין לײַב, א פײַער דיר אין האַרצן און פאַרעס שלעק אף דיר אינגאַנצן, — ליבער גאָט! — ווי דו פאַרפינצטערסט מיר מײַן פּאָנעם, ווי דו פאַרומערסט מיר מײַן לעבן און ווי דו פאַרקירצסט מיר מײַנע יונגע יאָרן און טעג! אַזאַ יאָר!.. אַזאַ מאַזל! — 50 שמאַרדאָווענציעס! פּופּציק שמאַרדאָווענציעס פאַר א גאַנצן כוידעש! און נאָך אַזאַ כוידעש ערעוו יאָמטעוו!!!.. צי האָב איך א ברעטל, צי האָב איך אַן אָפּ אין שטײַג, צי האָב איך אַן איי אפילע?! זאָל מיך אַזוי וויסן צאָרעס און שלעק אף דײַן קאָפּ, אָמיין סעלאָ!!!.. דו קענסט מיינען אפּאָנעם, אַז דײַן שי־מעלע וועט דיר שטעלן א גילדענע מאַציייווע איבער הונדערט יאָר!.. פערד איינער! מע גיט דיר — נעם!... וואָס מאַכסטו פוילע טנועס, א שלאָק אין דײַנע ביינער אַרײַן! טו נאָר א קוק אף ביילע רוונס, וואָס פאַר א זײַדן מאַנטל דער מאַן האָט איר געמאַכט, וואָס פאַר א האַלדז פּערל ער האָט איר יענע וואָך געשיקט! עס איז נאָר א סוואָרע, אַז רוון קויפט אַוועק באַ לעמל דעם טויבן די שטוב... וואָס זשע רעדן? אַזוי ווי דו?... עט, נאַ דיר א גראָשן פאַר דײַן ער־לעכקײַט און געטרײַשאַפט אינגאַנצן!.. אַז ניט דו, וועלן אַנדערע צונעמען... א פּאָדיאַקע וועסטו זיך דערלעבן, ניט מער זאָלן מײַנע סאָנים לעבן!.. דו מיינסט, אַז יענער דאַרף טאַקע וויסן?.. ניין, נאַרעלע, וואָס דאַרפסטו באַוואָרענען א וועלט, נאַרעלע? א מיצווע א גרויסע! וואָס איז? מע ווערט דאָ גליקלעך פון אים? א קאַטאָ־ווע א ביסעלע, שימעלע? האָסטו געהערט א ביסעלע?.. אוביפראַט, באַאַלי האַיאָקאָר, דו פאַרגעסט, אַז דו האָסט א ווײַב ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר מיט 8 קינדערלעך!.. איך בעט דיך, האָב ראַכ־מאָנעס אף מײַנע יונגע יאָרן און פאָלג א ווײַב, וואָס זי זאָגט דיר... א ווײַב איז ניט קיין ווערטעלע... א ווײַב דאַרף מען פאָלגן, נאַרעלע!..

פֿון מיר דײַן געטרײַע זונאָסי, וואָס ווינטשט דיר געזונט און גליק מיט האצלאָכע

עסטער־ליפשע.

## XV

קאָמיסיאָנס־געשעפֿט.

פּײַפּערמאַן, גענזענשמאַלץ עט פּעקעלזאָן.

קעניגסבערג (פּרײַסען).

הערן הערן זימאָן ברען אין קוקעליווקע (רוסלאַנד).

אויף איהרען בריפֿע קומען מיר איהנען צו אַנטוואָרטען דאס זייער ביטע קאן ניכט אויסגעפֿאָלגט ווערדען, מחמת מיר ערוואַרטען ביז דען צווייטען טראַנספּאָרט ווייצען צוזאַמען צו פֿאַרקויפֿט ווערדען, דאן ווערדען מיט גרויס דאַנק געלט געשיקט ווערדען!... די פּרײַזען פֿון ווייצען געהען אַלס העכער און העכער, און זי קענען פֿאַרזיכערט זײַן דאס זי ווערדען פֿון אונזער קאָמיסיאָנס־הויז העכסט צופֿריעדען זײַן, מיר פֿאַרבלײַבען מיט אַכטונג.

פּײַפּערמאַן, גענזענשמאַלץ עט פּעקעלזאָן.

## XVI

הערן הערן רומעליום שנעל.

אין גראַבײַלעווקע (רוסלאַנד).

איך בין אײַך מודיע, אז איך האָב אײַנגעקויפֿט נאָך 80 טויזנט פּוד ווייץ, און דעם אַנדערן טראַנספּאָרט האָב איך שוין אַרויסגעשיקט, ווי איר האָט מיר באַפֿוילן נאָך קעניגסבערג צו פּײַפּערמאַן, גענזענשמאַלץ עט פּעקעלזאָן, און דער הײַנטיקער טראַנספּאָרט קאָסט מיך מיט 2 קאָפּיקעס טײַערער אַף יעדן פּוד, און איך בעט מיר צושיקן נאָך א ביסל מעות, און דער ערשטער טראַנספּאָרט איז בעעמעס געווען א ביסל פּײַכטלעך, ווי פּײַפּערמאַן, גענזענשמאַלץ עט פּעקעלזאָן שרײַבט אײַך פֿון קעניגסבערג, און איך שיק אײַך דאָ א כעזשבן פֿון אַלע טראַנספּאָרטן מיט אַלע הוצאָעס, און בין אײַך מודיע, אז מע וויל מיר פֿאַרקויפֿן פֿונעם גראַפֿס ווייץ א 100 וואַגאָנעס און מע וויל טײַערלעך, און איך האָב געשריבן צום פּרינציפּאַל אויך א בריוו, און פֿאַרבלײַב מיט אַכטונג

לייווי שפּינעלבאַנק.

אַגענט־עקספּעדיטאָר פֿון באָרשטשיווקע (רוסלאַנד).

## XVII

הערנ הערנ ז י מ אָ נ ב ר ע נ.

אײַער ליבנ בריוו מיט דעמ אָנווײַזונג אַפּ די הונדערט טויזנט רובל האָב איכ מיט דאנק ערהאלטנ אונ עס וווּנדערט מיכ זײער, דאָס אזא קלוגער מאנ, ווי איר זענט, זאָל זיכ לאָזנ ארײַנארענ צו דעמ דאָזיקנ גאזלענ אינ זאק ארײַנ? ווער קאָנ דענ ניט דעמ מער־דער, דעמ הולטײַ, דעמ פּראָצענטניק פרידל פּעמפּיק פונ פּיזשעווקע?! ווי לאנג האָט ער זיכ ארומגעטראָגנ מיט א פעל אפנ יאריד אונ איז געגאנגענ מיט א גוייִשנ פּעלצ מיט א פּאָר טשאָבעטעס? אונ הײַנט איז ער פונ ייִדיש בלוט געוואָרנ א גאנצער באנקיר אונ שינדט אָפּ יעדנ באזונדער ביז די ביינער! אזא שייגאצ, אזא באלעגאָלע האָט נאָכ א האָזע צו באליידיקנ מיכ מיט מײַנ שטיקעלע נאָמענ, וואָס איכ האָב מיר פאַרדינט אַפּ דער וועלט בעעמעס מיט מײַנ שוויס אונ מיט מײַנ בלוט!.. איכ בעט אײַכ, טאָמער וועט איר דארפנ געלט, קאָנט איר גלײַכ באפוילנ אליינ אָדער דורכ אײַער אגענט... מיקויעכ דער איסקע וועלנ מיר מיסטאמע דורכקומענ...

אינ דעמ פאַרבלײַב איכ אײַער בעסטער פרײַנט יאנקעוו שטערנהאָרנ.

## XVIII

קאָנטאָר־געשעפט.

ז י מ אָ נ ב ר ע נ (קוקעליוווקע, רוסלאנד).

טײַערסטער פרײַנט ר ו ו נ ש.נ ע ל

הערנ פײַפערמאנ, גענזענשמאלצ עט פעקעלזאָנ שרײַבנ מיר פונ קעניגסבערג, אז דער ערשטער טראנספּאָרט ווייצנ איז עטוואָס פײַכטלעכ, אונ דער צווייטער איז טאקע גאָר נאס; דערום האָט מענ זיי אויסגעשאָטנ אינ שפּײַכלער, אונ מע וואַרט אַפּ גוטנ וועטער זיי אויסצוטריקענענ... איכ האָב זייער מוירע, איכ זאָל ניט צוליגנ קיינ געלט, וואָרעמ טריקענענ קאָסט נישט קיינ קלייניקײַט אוביפּראַט נאָכ אונטער די אויגנ... אל קיינ אוואַקייש זענ צו געבנ א ראספּאָריאַזשעניע, מע זאָל קיינ נאסע ווייצ נישט קויפנ!.. הער שטערנהאָרנ בעט מיכ, איכ זאָל בא אימ ווײַטער נעמענ געלט, אונ פרידל פּעמפּיק שטופּט מיר אויכ געלט פונ אלע זײַטנ, אונ איכ נעמ צו... בעסטער פרײַנט! איכ ווייס ניט, וואָס דאָס איז! איכ פארשטיי נישט, וואָס דאָס איז! איכ האָב געמיינט, אז ווענ איכ

האָב באַקומען געלט און בין געוואָרן פּלוצעם א גוויר, ווײַל איך
א ביסל לעבן אָפּ דער וועלט, האָבן פאַרגעניגן, אָנטאָן זיך טײַנור־
גים, אַזוי ווי דו האָסט מיר פאָראויס געשריבן — צום סאָף,
צום סאָף לעב איך גאָר נישט! איך גיי אַרום ווי א פאַרדולטער!
איך עס ניט און טרינק ניט און שלאָף ניט! עס טראָגט מיך ראַק
אַרום, און איך הער נאָר געלט, געלט און געלט! איך זע פאַר
מײַנע אויגן אַזויפיל טויזנטער און קען זיך מיט זיי ניט די הענט
צעפּירן: זיי ווערן פאַרשוווּנדן, אויסגעקראָכן צווישן די פינגער.
און איך האָב ניט א גראָשן! איך האָב וועקסלען, כּעזשבוינעס,
פּאַפּירן, דעפּעשן א סאַך — און נישט מער!.. איך ווייס ניט,
וואָס וואָלט איך געטאָן אָן שטערנהאָרנס. פּעמפּיקס אין נאָך א
סאַך אַזעלכע, וואָס שלאָגן זיך צו מיר אָן, איך זאָל בײַ זיי נע־
מען געלט?!.. קיין כּעזשבן ווייס איך ניט און קען גאָר ניט ווינסן,
מאַכמעס איך בין שוין צו ווײַט פאַרקראָכן! אַליין קיין כּעזשבן
קען איך ניט דערגיין, און פאַרטרויען זיך אָפּ א פרעמדן וויל
איך ניט... איך שווער דיר בעמונאָ שעלי, ליבסטער פרײַנט, אַז
איך בין אַן אומגליקלעכער מענטש און ווייס ניט פונוואַנען דער
אומגליק איז! איך בין נאָך אַזוי געשטראָפט, אַז איך האָב נישט
פאַר וועמען דאָס האַרץ אויסצורעדן. מײַן ווײַב האָט נישט קיין
צײַט מיט מיר צו רעדן און וויל מיך גאָר ניט אויסהערן! זי איז
פאַרנומען אָדער מיטן טואַלעט אָדער מיט דער פּיאַנאָ (אָ! עס
פּיאַנעט מיר שוין אין קאָפּ!!..), אָדער מיט די סטודענטן, אָדער
מיטן באַל... יעדן אָוונט איז בײַ איר א באַל, און 20 סטודענטן
לעבן אָפּ איר רעכענונגן!.. מײַן קאַסיר קלאָגט זיך, אַז איבער מײַן
סאָפיאַ אַבראַמאָווּנאַ איז קיינמאָל קיין גראָשן נישטאָ אין דער
קאַסע — זי נעמט אָן א צאָל! מײַנע קינדער קוקן נישט אָן די
מוטער, און זי געהער זיך מיט זיי גאָר נישט אָן, און זיי גייען
אַרום שלינג און שלאַנג מיט די גוּווערנאַנטקעס! ווען איך פרעג
זיי אָפּ דער מוטער, זאָגט מען מיר, אַז זי איז פאַרנומען מיט די
סטודענטן: מע לייענט עפּעס גראָבע ביכער און מע מאַכט טעאַטער־
שפּיל, און די קינדער גייען אַרום ניט געצוואָגן, ניט געקעמט, ווי
די ווילדע כײַעס! איך זאָג דיר, אַז די סטודענטן לייגן מיך אין
דער ערד אַרײַן! צווישן זיי איז דאָ אַזעלכע אַזעס־פּענעמער, אַז
בײַ מיר אין שטוב רעכענען זיי זיך מיט מיר, ווי מיט א פרעמדן,
און מאַכן פון מיר כויזעק! צווישן זיי איז דאָ איינער א שוואַר־
צער, מיט א גרויסער פּאַטלע און מיט א שפּיצעכדיקער נאָז, איז

ער פאַשעט אנ אזעס־מעכוצעפ־פּאָנעמ! ער ליגט שטענדיק בא מיר אינ זאַל אפנ דיוואנ אונ די פיס פאריסנ אפנ טיש, מיט א ליולקעציבעק אינ מויל אונ שפּײַט מיר אפנ טײַערנ קאווייאָר! איכ טאָר אימ גאָר קיינ וואָרט ניט זאָגנ! באלד פאלט ער אפ מיר אָנ, ווי א הונט, אונ דרינגט מיר, אז איכ בינ א גראָביאנ, .א מענטש, וואָס פארשטייט ניט קיינ פרײַהײַט, אנ עקספלואטאטאָר אזוו., אזוו... טפו זאָל דאָס ווערנ! צו זיכ אינ שטוב קענ איכ איבער די סטודענטנ נישט ארײַנגיינ!... נא דיר סטודענטנ אפ מײַנ קאָפּ!.. הײַנט איז דאָ א דײַטש, עפּעס א מעשוגענער דײַטש, וואָס לערנט מײַנ סאָניטשקענ פיאנאָ שפּילנ — מעגסטו מיר גלייבנ, אז איכ וואָלט ליבערשט אינ דער העל ארײַנגעלאָפנ, איידער אויסזיצנ 6 שאָ קעסיידער אונ הערנ די שרעקלעכע קוילעס, וואָס ער קלאפּט ארויס פונ דער פיאנאָ, אזוי אז עס זשוזשעט מיר נאָכ דעמ 3 טעג אינ קאָפּ, גלײַכ ווי אינ א צוקער־פאבריק!.. אונ ווענ איכ זעצ זיכ צומ טיש עסנ, ווארג איכ זיכ מיט דעמ לעצטנ ביסנ איבער דעמ שווארצנ סטודענט מיט דער שפּיצעכדיקער נאָז, וואָס הערט נישט אופ צו באדויערנ די בלוטזויגערס מיט די עקספלואטאטאָרס, אונ נאָכ דעמ טיש ציט ער אויס א פּאָר לאנגע פיס אונ שפּײַט אונ כראקעט אפ די קאווייאָרנ אונ שפּאָט אונ לאכט פונ דער גאנצער וועלט אונ איבערהויפּט פונ מיר!.. איכ האָב אמאָל געזאָגט מײַנ ווײַב, אז איכ קלײַב זיכ אמאָל ארויסוווארפנ דעמ דאָזיקנ שווײַנ פונ מײַנ הויז, האָט זי זיכ אזוי צעבייזערט אפ מיר, גלײַכ ווי איכ וואָלט איר אָנגעטראָטנ אפנ פוס! „סטײַטש? — זאָגט זי, — דאָס איז דאָכ דער איינציקער אָרנטלעכער, ערלעכער מאנ אינ רוסלאנד! דאָס איז דאָכ דער ערשטער סטודענט, דער ערשטער מענטש, דער ליכטיקסטער העלד. אזוו., אזוו.!"... אָכ, ברודער, ברודער! וואָס קענ איכ דיר זאָגנ? איכ בינ אנ אומגליקלעכער מענטש!!! איכ בעט דיכ, קלײַב זיכ אָפּ א פרײַע צײַט אונ קומ צו מיר אפ עטלעכע טעג, וועלנ מיר מאכנ א כעזשבנ: איכ וויל וויסנ, ווו איכ האלט אינ דער וועלט!.. וואָס איז די מײַסע, וואָס פּײַפערמאנ, גענזענשמאלצ עט פעקעלזאָנ שיקנ מיר נישט א פעניג? איכ הער נאָר פונ זיי „ווערדענ אונד ווערדענ" אונ קיינ געלט נישט! עס ליגט בא זיי אזא מאסע ברויט!.. זאָג מיר, איכ בעט דיכ, ווער איז דער שויטע דער עקספעדיטאָר לייווי שפּיגעלבאנק? ווו האָסטו אויסגעזוכט אזא טיפּעש? אָט דער פּרידל פּעמפּיק פונ פּיזשעווקע לאָזט מיכ נישט אָטעמענ: איכ זאָל ראק נעמענ בא אימ געלט! איכ האָב שוינ אָנגענומענ בא

אימ מער פונ הונדערט טויזנט רובל! איכ האָב אָבער קיינ אנדער ברייררע ניט! וויפל איכ נעמ, אונ עס איז אלצ קארג! דײַנ עק־ספּעדיטאָר שפּיגעלבאנק האָט שוינ צעטיילט, לויט זײַנ לעצטנ כעזשבנ, א פּופּציק טויזנט רובל פּאָרויס אפ דער ליניע אונ שרײַבט, איכ זאָל אימ צושיקנ נאָכ מאָעס! ער מיינט אפּאָנעמ, אז בא מיר איז א קוואל פונ געלט!.. שיק מיר א רעכענונג אָדער קומ צו פאָרנ — פארבלײַב געזונט אונ גליקלעכ!

דײַנ בעסטער פרײַנט שימענ ברענ.

## XIX

הערנ הערנ זימאָנ ברענ אינ קוקעליוקע (רוסלאנד).

די ווייצענ ווארענ זעהער פּײַכט; זיי ווערדענ אויסגעטריקענט ווערדענ אונ נאכהער פערקויפט ווערדענ צו בעסטע פרײַזענ אונד זי ווערדענ צופריעדענ ווערדענ. —

אכטונגספאָל פּײַפערמאנ, גענזענשמאלצ עט פעקעלזאָנ.
קאָמיסיאָנס־געשעפט אינ קעניגסבערג (פּרײַסענ).

## XX

אגענט עקספּעדיטאָר לייווי שפּיגעלבאנק.

לזוגתי אהובתי ויקירתי חביבתי ונשמתי מרת אסתר ליפשה שתחי׳ עד מאה ועשרים ושבעה שנים!1

איכ שיק דיר נאָכ 500 ראכ אונ בינ דיר מוידיע, אז אינגיכנ וועל איכ דיר צושיקנ נאָכ מאָעס... ראק איכ ווייס ניט, וואָס וועט זײַנ מיט די ווייצנ, וואָס איכ האָב ארויסגעשיקט צו פּײַפּערמאנ, גענזענשמאלצ עט פעקעלזאָנ, מאכמעס, קעפּי האנירע, וועלנ זיי שוינ דעמ פרינציפּאל קיינ מאָעס ניט ארויסשיקנ, אונ איכ ווייס ניט וואָס צו טאָנ, אונ אז מע וועט מיכ פרעגנ כאס־ווּעשאָלעמ, וועל איכ דארפנ צושווײַגנ, אונ איכ האָב געוואָלט פרעגנ שימעלענ, מאכט ער זיכ טאמעוואטע, אונ ער איז שטארק צעטראָגנ עפּעס, אונ מע זאָגט, אז ער האָט שוינ א סאכ מאָעס, אונ איכ רעכנ אימ־ירצע־האשעמ אפ יאָמטעוו פאָרנ אהיימ אונ. וועל דיר ברענגענ א פײַנע

---

1 לעזוגאָסי אהוואָסי וועיאקיראָסי כאוויוואָסי ווע־נישמאָסי מאָראס עסטער־ליפּשע שעטיכיע אד מייאָ ווע־עסרימ: וועשיווא שאָנימ — צו מײַנ פרוי, מײַנ געליבטער אונ מײַנ טײַ־ערער, מײַנ ליבער, מײַנ נעשאָמע, דער הארנטע עסטער־ליפּשע, זאָל לעבנ ביז הונדערט זיבנ אונ צוואנציק יאָר.

מאטאָנע, ווי דיר שטייט אָן, און פארבלײַב געזונט און פריילעך,
ווי עס ווינטשט דיר באאלאָכ
לייווי שפיגעלבאוק אגענט־עקספעדיטאָר.

# XXI

טעלעגראמען:

שאמפעריוועקע, 10 אזייגער אינדערפרי.
הערן פ ע מ פ י ק אין פיזשעווקע!
מע זאָגט, שנעלס קאָנטאָר געשטעלט, ווערט געוואָר, דעפעשירט.
שטערנהאָרן.

# XXII

קוקעליוועקע, 5 אזייגער באטאָג.
הערן הערן פ ײַ פ ע ר מ א ן, ג ע נ ז ע נ ש מ א ל צ עט פ ע ק ע ל ז אָ ן
אין קעניגסבערג!
פארוואָס שיקט איר ניט קיין געלט? שטארק געענגט! אײַלט
זיך! דעפעשירט!
שנעל.

# XXIII

פיזשעווקע, 9 אזייגער באנאכט.
הערן ש ט ע ר נ ה אָ ר ן אין שאמפעריוועקע!
נישט עמעס! אויסגעטראכט! זײַט בארויקט!
פעמפיק.

# XXIV

קעניגסבערג, 8 דעם מאָרגענס.
הערן ש נ ע ל אין קוקעליוועקע.
ווייצען נאָס! ניכט צום טראָקנען! האלב פארפוילט! קענען
ניכט פארקויפען ווערדען. דעפעשירט!
פײַפערמאן, גענזענשמאלצ עט פעקעלזאָן.

# XXV

קוקעליוועקע, 12 באנאכט.
הערן ב ר ע ן אין באָרשטשיוועקע.
וואָס שווײַגט איר? שיקט געלט! קומט צו פאָרן! מע שטעלט
מיך! דעפעשירט!
שנעל.

## XXVI

באַרשטשיווקע, 12 באַטאַג.

הערן ש נ ע ל אין קוקעליווקע.

ברענ אַנטלאָפן! פאַרנומען געלט! קאַמיסיאָנערן שרייען! קרעדי־טאָרן גוואַלדעווען! וואָס טוט מען? דעפּעשירט!

שפּיגעלבאַנק.

## XXVII

פּיזשעווקע, 4 באַטאַג.

הערן ש ט ע ר נ ה אָ ר נ אין שאַמפּעריווקע!

עמעס! אָבער נישטאָ וואָס צו פאַרן! מע מאַכט א קאָנקורס! מע וועט צאָלן 90 פּראָצענט! זייט באַרויקט!

פּעמפּיק.

## XXVIII

קעניגסבערג, 10 אבענד.

הערן ש נ ע ל אין קוקעליווקע.

די איבעריקע ווייצען קוים פאַרקויפט! דאָס טראָקענע אָבער האָט צוגענומען זעהר פיעל שפּעזען (הויצאָעס). סאַלדאָ (אַסטאַטאָק) 1200 מאַרק בעצאָלט פאַר די זעק! קומט פון אייך ארויס נאָך 1600 מאַרק. שיקט זיי פּער פּאָסט.

פּייפּערמאַן, גענזענשמאַלץ עט פּעקעלזאָן.

## XXIX

קוקעליווקע, 2 באַנאַכט.

הערן ש פּ י ג ע ל ב א נ ק אין באַרשטשיווקע.

ווי איז דאָס געלט פון די פאַרשוס? ענטפערט גיכער! איך וויל זיך מיט אייך אָפּרעכענען! דעפּעשירט!

שנעל.

## XXX

שאַמפּעריווקע, 7 אָוונט.

הערן פּ ע מ פּ י ק אין פּיזשעווקע.

איר וועט מיך ניט נאַרן! איך האָב געשיקט קיין קוקעליווקע אַן אדוואָקאַט הער. קעלבערקאָפּ! ער וועט מיין געלט אויסלאָדן גיך! זייט באַוואָרנט!

שטערנהאָרן.

## XXXI

באַרשטשיווקע, 6 פּרימאָרגן.

הערן שנעל אין קוקעליווקע

וואָס בין איך שולדיק? ברענ אנטלאָפן! אַלע געלטן בא אים! דאָס הויז איבערגעגעבן! וואָס טוט מען מיט די קרעדיטאָרן? דעפּעשירט!

שפּיגעלבאַנק.

## XXXII

פּיוישעווקע, 5 באַטאָג.

הערן קעלבערקאָפּ אין קוקעליווקע.

איך גיב אײַך 30 פּראָצענט! נעמט מײַנע וועקסלען! לאָדט! דעפּעשירט!

פּעמפּיק.

## XXXIII

באַרשטשיווקע, 5 פאַרטאָג.

הערן שנעל אין קוקעליווקע.

גוואַלד! האָט ראַכמאָנעס אױף אַן אָרעמער אַלמאָנע! 9 יעסוימים! דער מאַן אַנטלאָפן. ראַטעוועט! דעפּעשירט!

עסטער־ליפּשע שפּיגעלבאַנק.

## XXXIV

קוקעליווקע, 2 באַטאָג.

הערן שטערנהאַרץ אין שאַמפּעריווקע.

אײַער כוויו וועל איך אויסלאָדן! 80 פּראָצענט אוואַדע! לויט די געזעצע № 1834 איז ער באַנקראָט! עס איז דאָ נאָך א געזעצע № 5479. 2 רעשעניעס פונעם סענאַט № 869 און № 786. איך וועל אים נעמען אין אָסטראָג! שיקט מיר אַרויס 500 רובל אױף הויצאָעס, דעפּעשירט!

קעלבערקאָפּ.

## XXXV

קעניגסבערג, 10 אבענדס.

פרוי שפּיגעלבאַנק אין באַרשטשיווקע.

זײַט באַרויקט! אײַער מאַן איז אין סאַדעגורע באַם רעבן! ווו איז ערגעץ ברענ? דעפּעשירט!

פּײַפּערמאַן, גענזענשמאַלץ עט פּעקעלזאָן.

## XX XVI

פיזשעווקע, 11 באטאָג.

הערנ קעלבערקאָפ אינ קוקעליווקע.

400 רובל לאנג ארויסגעשיקט! פארוואָס ענטפערט איר ניט, וואָס הערט זיכ מיקוויעכ דעם קאָנקורס? דעפעשירט!

פעמפיק.

## XXXVII

קוקעליווקע, 8 אָוונט.

הערנ פעמפיק אינ פיזשעווקע.

פאראנ 6 רעשעניעס פונעם סענאט: № 189760, № 59, № 1873, № 189, № 11171, № 271 לויט די געזעצע פונעמ 18 מײַ 1841 יאָר סטאטיא 78396 אונ סטאטיא 9769 מוז מענ טאָנ נאָכ דעמ זאקאָנ פונעמ 13 יול 1851 יאָר № 6376. שיקט נאָכ 300 רובל אפ פאָשלינע אונ 200 רובל אפ הויצאָעס! דעפעשירט!

קעלבערקאָפ.

## XX XVIII

שאמפעריווקע, 2 באנאכט.

הערנ קעלבערקאָפ אינ קוקעליווקע.

איכ שיק אייכ נאָכ 600 רובל. שרייבט, וואָס וועט זיינ דערפונ? מע זאָגט, עס איז נישטאָ א גראָשנ. דעפעשירט!

שטערנהאָרנ.

## XX XIX

קוקעליווקע, 10 פרי.

הערנ שטערנהאָרנ אינ שאמפעריווקע.

איכ פאָדער פונעמ סוד לויט די געזעצע פונעמ 1853 יאָר № 68109 אונ לויט די רעשעניע פונעמ סענאט אונטער דעמ נומער 41713246580. איכ האָב נאָכ 2 רעשעניעס № 541236, № 7932145. שיקט אפ הערבאָווע פאפיר אונ אפ הויצאָעס נאָכ 800 רובל. דעפעשירט!

קעלבערקאָפ.

# XXXX

פּיזשעווקע, 5 באַטאָג.

הערר שטערנהאָרן אין שאַמפּעריווקע.

עס ווייזט אויס, אַז אונדזער קעלבעריקאָף איז אַ גוטע פּיאַווקע! ער ציט פון אונדז דעם מאַרך פון די ביינער! שנעל גייט אַרום פראַנק און פריי! קיין כוואַליעס צאָלט ער ניט, און פון אונדז זויגט מען דאָס בלוט! ווו איז בערן? איך האָב אַף אים אַכוץ וועקסלען! ראַצכים!! קוילערס!! גאַזלאָנים!!! אַנזעצערס!!!! פּיאַווקעס!!!!! ..

פּעמפּיק.

# די וועלט-רײַזע

א גאנצ שיינע מײַסע, ווי צוויי יונגע פייגעלעכ, וועלכע האָבנ נאָכ ניט אָנגעקוקט רעכט די ליכטיקע שײַנ, פליִענ ארויס דאָס ערשטע מאָל אפ דער גרויסער וועלט, זיי פליִענ אונ פליִענ אונ קערנ זיכ אומ צוריק אינ זייער נעסט ארײַנ.

## דאָס ערשטע קאפּיטל

ווו עס ווערט באשריבנ, ווי די פייגעלעכ פארלאָזנ זייער נעסט.

דאָנערשטיק זייגער זעקס פארנאכט דעמ 17 אויגוסט ...18 יאָר זענענ מיר, איכ מיט מײַנ כאווער אריע־לייב סימכע־יאָסלס, געזעסנ, אָדער, בעסער געזאָגט, געלעגנ בא רעב לייזערנ אינ בויד, וועלכע האָט אונדז געטראָגנ מיט א גרויס אײַלעניש קימאט אינדערלופטנ, אונ עס האָט אונדז אזוי געוואָרפנ, אז אמאָל בינ איכ געלעגנ אפ מײַנ כאווער אונ אמאָל איז געלעגנ מײַנ כאווער אפ מיר, אונ אזוי האָבנ מיר זיכ גע־ביטנ מיט די ערטער, ביז מיר זענענ געקומענ אינ דער ג ע מ ו י ע ר ט ע ר ק ר י ע ט ש מ ע ארײַנ אפ נאכטלעגער צעבראָכענע, צעשטויסענע, אָנ־געמידטע אונ הונגעריקע.

געוויינלעכ, האָט אונדז דער באלעבאָס פונ דער קרעטשמע באלד א כאפּ געטאָנ: ווער זענענ מיר, פונוואנענ אונ וווהינ פאָרנ מיר, וואָס דארפנ מיר אונ וויפל קאָסט אונדז די אגאָלע? נאָר דאָ האָט זיכ שוינ ארײַנגעמישט רעב לייזער אליינ, וועלכער האָט זיכ אונטערגענומענ אונדז צו ברענגענ אינ דער גרויסער שטאָט ארײַנ בעסאָד־סוידעס, אז קיינ פויגל זאָל ניט וויסנ, אונ האָט זיכ געווענדט צומ באלעבאָס מיט די דאָזיקע ווערטער:

— איכ וועל זיכ ניט דערווערגנ מיט א גלעזל בראָנפנ, ווענ אפילע איר וועט ניט וויסנ, ווער מײַנע פארשווינדעלעכ זענענ, אונ אײַער ווע־טשערע וועט זיכ מיר ניט שטעלנ אינ גאָרגל, אז איר וועט ניט וויסנ, ווו־הינ מיר פאָרנ!.. א סאכ גלײַכער, איר זאָלט ערגעצ אויסזוכנ אײַער באַ־לעבאָסטע אונ אײַנראמענ איר א סאָד, אז רעב לייזער איז דאָ, רעב ליי־זער פונ ק א מ י ס ײַ ל ע ו ו ק ע, רעב לייזער מיט די גרויע פערדלעכ, פאָר

וועלכע ער האָט ערשט ניט לאַנג באַצאָלט פינף און פופציק קאַרבן אין שיבערקע אַפּן יאַריד...

באַ די דאָזיקע ווערטער האָט רעב לייזער געשענקט דעם באַלע־באָס אַ פּאַטש אין פּלייצע און האָט צו אונדז מיט איין אויג אַ ווונק געטאָן, אַזוי אַז דער קאַזעראַק פון זײַן קאַרטוזל האָט זיך פאַרוקט אַפּ אַ זײַט... געגוג, ליבער לעזער! איך גיב דיר ניט קיין ראָמאַן, קיין עכט אינטערעסאַנטן ראָמאַן אין 18 טייל מיט אַן עפּילאָג און מיט 2 לאָשנקוידעש־לידער פון ביידע זײַטן אַפּ דער זון מיט דער לעוואָנע; איך דערצייל דיר נאָר אַן עמעסע מײַסע, וואָס מיט מיר און מיט מײַן כאַווער אַריע־לייב האָט זיך פאַרלאָפן אין די יונגע יאָרן, וואָרעם ווען גאָט דער הער זאָל מיך געוועזן בענטשן מיט אַ טאַלאַנט, ווי אַנדערע שרײַבער לעמאָשל, וואָלט איך אַזוי אָנגעהויבן מײַן פאַרפאַסונג:

אַ גרויסער שטורעם־ווינט האָט מיט אַ שרעקלעכ יאָמערלעכ געזאַנג געבלאָזן אין דעם גרויסן פעלד, און עס האָט געוואָרפן די ביימער אַהין און אַהער, די פייגעלעך זענען זיך צעלאָפן אין אַלע זײַטן! די זון אַפילע האָט זיך אויך באַהאַלטן אין איר פוטערפאַס, און די שוואַרצע וואָלקנס האָבן געברומט, ווי די בערן אין וואַלד! דאָס וואַסער (וואָסער וואַסער?) האָט געוואָרפן אירע אינדן העכער הײַזער (וואָסע־רע הײַזער?), און אונדזער העלד איז געבליבן שטיין פאַרטראַכט און צו זיך אַליין שטילערהייט געקלערט אַזוי. אַזוי. דאָ וואָלט איך באַשריבן אַפּ צען בויגן פּאַפּיר, וואָס דער העלד האָט געקלערט, און וואָלט גע־ענדיקט זײַנע געדאַנקען מיט אַ גרויס ליד, ווו עס ווערט באַזונגען די נאַטור מיט אירע וווּנדערלעכע קאַפּריזן אַזוו. — נאָר אַזוי ווי איך בין ניט קיין גרויסער עכט אינטערעסאַנטער ראָמאַניסט, נאָר אַ פּאָשעטער דערציילער (ראַזסקאַזשטשיק) אָן כאָכמעס, אַלקיין קער איך זיך אום צו מײַן געשיכטע און וואַרף אַוועק רעב לייזערס שמועס מיטן באַלע־באָס פון דער קרעטשמע; איך האָב געמאַכט אַ רעדע מיקויעך רעב לייזערן צוליב דעם, אַז די לעזער זאָלן וויסן, אַז נאָר אַדאַנק רעב לייזערן האָבן מיר זיך געקענט אַרויסכאַפּן פון אונדזער שטעטל קאָ־מיסײַלעווקע, און ווען ניט כאַס־וועשאָלעם רעב לייזער, וואָלט איך מיט מײַן כאַווער אַריע־לייב נישט אַוועקגעלאָזט זיך אַפּ דער וועלט, און ווען ניט רעב לייזער, וואָלט איך די דאָזיקע געשיכטע נישט געשריבן און איר וואָלט זי נישט געלעזן.—

---

נאָכ באַ רעב שימען־הערש דעם גרויסן און כיידער איז מײַן כאַ־ווער אַריע־לייב געוועזן אַ גרויסער ליבהאָבער אַפּ שיינע מײַסעס פון

רײַזנדער, פונ גרויסע שטעט, פונ ווײַטע לענדער, פונ פארשיידענע פעלקער, אונ אָפט פלעגט ער ארומגיינ שטארק פארטראכט אונ ניט איינ מאָל כאפנ א מיִעסנ פסאק פאר זײַנ פארטראכטנ זיכ בא דער געמאָרע. אזוי ווי הײַנט געדענק איכ נאָכ, ווי דער רעבע רעב שימענ־הערש, קוועטשנדיק מיט אונדז א שאַרפ שטיקל מהרש״א [1], האָט פלוצלים א כאפ געטאָנ אריע־לייבנ, אראָפלאָזנדיק אים קוידעמקאָל א פליאסק איבערנ האלדז־אונ־נאקנ: „זאָג, מאמזער, וואָס וויל דאָ דער טאַנע?!״... אריע־לייב האָט לאנג נישט געטראכט אונ האָט זיכ גענ־ציק, ווי א מאזיק, געענטפערט: „אפנ דריטנ טאָג איז דער בענ־מעלעכ מיט דער באס־מאלקע ארויס מיטנ אָקרענט פונ דעמ פארגליווערטנ יאמ אונ איז געקומענ אפ א קעמפע, וווּ דער שטורעמ־ווינט ליגט בא־האלטנ אונטער א פאָקרעשקע״... איר קענט זיכ פאָרשטעלנ, ווי איבעראשט דער רעבע איז געוואָרנ, אז ער האָט דערהערט אזא פײַנעמ ענטפער פונ אריע־לייבנ בא דער געמאָרע!.. דער בענ־מעלעכ מיט דער באס־מאלקע, דער אָקרענט מיט דער קעמפע האָבנ געקאָסט מײַנ טײַערנ כאווער זייער טײַער, ער האָט דאָס געדענקט צענ יאָר קעסיי־דער...

לכל זמן ועת תחת השמש [2] — יעדער זאכ איז ביז א צײַט, זאָגט שלוימע־האמעלעכ; אונדזער כיידער מיט רעב שימענ־הערש דעמ גרויסנ מיט דער געמאָרע מיט דעמ מהרש״א אונ מיט אלע כאָכמעס זענענ אויכ געווענ נאָר ביז א צײַט, — ביז די ליכטיקע שטראלנ פונ דער ציוויליזאציע האָבנ געגרייכט ביז אינ אונדזער שטעטל ארײַנ אונ עס איז געוואָרנ פול אלע ווינקעלעכ מיט דער „האסקאָלע״...„האסקאָ־לע״! „האסקאָלע״! — אכ, ווי זיס דאָס וואָרט האָט געקלונגענ אינ יענער צײַט, ווײַנ, ליגנדיק ערגעצ אפ א בוידעמ, האָט מענ געשלונגענ מאפו, לעווינזאָנ אונ גאָרדאָנ! ווי גרויס איז בא אונדז געווענ דער דאָ־זיקער, וואָס זײַנ נאָמענ איז געווענ געדרוקט אינ „הכרמל״ [3] אָדער אינ „קול מבשר״ [4]! אכ, ווער קאָנ אונדז אומקערנ די דאָזיקע זיסע, טײַערע, גליקלעכע צײַט?!.. צו אונדז אינ קאָמיסנילעווקע האָט פאר־שלעפט די האסקאָלע א לערער, וואָס האָט געהייסנ בא אונדז אונטער

---

1 מארשאָ — א קאָמענטאר אפ טאלמוד.

2 לאקויל זמאנ וועייס טאכאס האשעמעש — פאר יעדער זאכ איז א טערמינ אונ א צײַט אונטער דער זונ.

3 „האקארמעל״.

4 „קויל־מעוואסער״

דעם נאָמען „דער געשטודירטער ליטוואַק”, באַ וועלכן מיר אַלע האָבן גענאַשט יעדער נאָך זײַנע פּעקלעך און נאָך זײַן פֿאַרשטאַנד און צו וועלכן מיר אַלע זענען צוגעבונדן געוואָרן מיט אַלע קרעפֿטן פֿון אונדזער לעבן! דער דאָזיקער לערער איז אַליין פֿאַר זיך אַ באַזונדערער טיפּ, און אים וועלן מירווידמען אַ באַזונדער דערציילונג...

אַז מײַנע עלטערן האָבן מיך אָפּגעגעבן צו דעם דאָזיקן לערער, האָב איך באַ אים צווישן אַ סאַך אַנדערע שילער געטראָפֿן מײַן אַלטן כאַווער אַריע־לייב, פּונקט דעם אייגענעם אַריע־לייב, וואָס פֿריִער: שטענדיק פֿאַרטראַכט, מיט גרויסע שוואַרצע אויגן, מיט אַ בלייך געזיכט, אַלצדינג איז באַ אים געווען אַ כידעש־ניפֿלאָ, און פֿון יעדער נאַרישקייט איז ער ניספּאָעל געוואָרן. מיט מיר, ווי מיט אַן אַלטן כאַווער, איז ער גיך געוואָרן אַ גוטער־ברודער, און אין אַ יאָר אַרום האָט ער פֿאַר מיר אַנטפּלעקט זײַנע געדאַנקען, אָדער, ווי ער האָט דאָס אָנגערופֿן, זײַן „אידייע”, צו וועלכער מיר ביידע האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט גרויס היסלאַוועס, מיט דעם פֿײַער, וועלכער געפֿינט זיך אין דעם קוועל פֿון דעם יונגן לעבן! די אידייע איז געווען זייער אַ רײַכע אידייע! שטעלט אײַך פֿאָר, אַז מיר, צוויי קאָמיסנײַלעווקער יינגלעך, נעמען און פֿאָרן אַוועק אין דער גרויסער שטאָט אַרײַן, דאָרט, וווּ עס געפֿינט זיך דאָס גאַנצע ליכטיקייט פֿון דער ציוויליזאַציע, דאָרט, וווּ די האַסקאָלע ברענט, ווי אַ פֿײַער, דאָרט, וווּ אַפֿילע אַ שנײַדער, אַ שוסטער ווייסט, ווער מאַפּו, ווער לעווינזאָן, ווער גאָרדאָן איז, דאָרט, וווּ איינמיטן העלן טאָג קען מען באַגעגענען, אַשטייגער, אַ מין רעדאַקטאָר פֿון דעם „הכּרמל”, אָדער אַ מעכאַבער, אָדער אַזוי אַ מאַסקל, דאָרט, וווּ מע קען זיך באַגעגענען מיט מאַפּון אַליין, און מע זאָל זען און הערן, ווי דער רעדאַקטאָר פֿון דעם „המליץ” רעדט, ווי ער גייט, ווי ער עסט און ווי ער פֿאָרט... אַך, גרויסער גאָט!

ניט אַזוי גיך טוט זיך, ווי עס רעדט זיך: גענוג יעסורים, גענוג קאָפּדרייעניש האָבן מיר איבערגעליטן, איידער מיר האָבן צונויפֿגעשלאָגן עטלעכע קערבלעך אויף הויצאָעס! אין אַ צײַט אַרום נאָך אונדזער נעסיִע בין איך געוואָר געוואָרן, אַז מײַן כאַווער האָט צוויי יאָר קעסיידער געקליבן אַ גראָשן צו אַ גראָשן פֿון די מיטיקס און פֿון די אָנבײַסנס און האָט אָפּטמאָל געליטן הונגער און דאָרשט — ביז ער האָט זיך ענדלעך געמאַכט אַ קאַפּיטאַל פֿון צוויי און צוואַנציק קערבלעך. און צוועלף קערבלעך האָב איך געהאַט — איז אינײנעם געוואָרן אַזוי גרויס ווי פֿיר און דרײַסיק זילבערנע קערבלעך — זענען מיר מיט דעם דאָזיקן געלט געקומען צו רעב לייזערן. —

איינגנטלעכ גערעדט, זענענ מיר צו רעב לייזערנ ניט געקומענ, אונ רעב לייזער איז צו אונדז אויכ ניט געקומענ; נאָר מעשה שהיה כך היה[1], די מייסע איז אזוי געווענ:

אינ א שיינעמ פרימאָרגנ, ניט אינ קיינ כמארנעמ טאָג, זענענ מיר, איכ מיט מיינ כאווער אריע-לייב, געגאנגענ שפאצירנ העט-העט ארויס פונ דער שטאָט אונ זענענ, ווי געוויינלעכ איז, געווענ שטארק פאר-טיפט אינ געדאנקענ. מיר האָבנ שוינ לאנג באשלאָסנ צו פאָרנ אהינ, מיר זענענ שוינ לאנג גרייט געווענ אוועקצופאָרנ אהינ; נאָר דער גאנצער איקעוו איז געווענ, וואָס מיר האָבנ נישט געהאט די געלעגנ-הייט ארויסצופאָרנ פונ קאָמיסיילעווקע. גייג דינגענ א פאָטשט אָדער א פור האָבנ מיר מוירע געהאט, מע זאָל אונדז ניט כאפנ אפנ אָרט אונ מע זאָל זיכ אינ אונדז ניט נויקעמ זיינ, ווי מע האָט זיכ נויקעמ געווענ מיט שעפטל רעב מאָטעלעס, וואָס איז צו דער בארמיצווע אנטלאָפנ אינמיטנ העלנ טאָג קיינ טאלנע צומ רעבנ, אזוי אז אדהאיאָמ רופט מענ אימ שעפטל דער בווירייעכ אָדער שעפטל דער טאלנער, כאָטש ער האָט שוינ אצינד אייניקלעכ... נאָר פלוצלימ! פונקט אזוי ווי עס קומט פאָר אינ א שיינעמ ראָמאנ, ווענ דער פארבלאָנדזעטער העלד באגעגנט זיכ אינ דעמ גרויסנ פינצטערנ וואלד מיט בייזע וועלפ, מיט בערנ אונ מיט לעמפערטנ, וואָס ווארפנ זיכ אפ אימ ארופ אונ ווילנ אימ צערייסנ, אזוי אז אונדזער הארצ הייבט אָנ צו קלאפנ פאר שרעק אונ די אויגנ הייבנ זיכ אָנ צו צומאכנ, ביכדיי מיר זאָלנ נישט זענ דאָס אומשולדיקע בלוט פונ דעמ אומשולדיקנ העלד, וואָס קוקט נעבעכ ארופ צו גאָט אונ ברעכט די הענט אונ וויינט אונ שרייט: „ריבוינע-שעל-אוילעמ! ריבוינע-שעל-אוילעמ! דו ביסט דאָכ אזא גרויסער גאָט, אזא שטארקער גאָט, וואָס דו שפייזט יעדעס באשעפעניש מיט דיינ גרויס גענאָד, פונ די הערנער פונ א וויזלטיר ביז דער קלענסטער מילב, בעט איכ דיכ, גאָט מיינ גאָט, קוק אראָפ פונ דיינ הויכ געצעלט אונ העלפ מיר פונ די ציינ פונ די לייבנ אונ פונ די לעמפערטנ!”... שפרינגט ארויס פלוצלימ א יעגער מיט א לאנגער שפיז אונ שטעכט צומ טויט אלע ווילדע כייעס-ראָעס אונ לייזט אויס דעמ אומגליקלעכנ רייזנדנ פונ זיינ גרויסער צאָרע אונ כאפט אימ אונ פירט אימ אריינ אינ א גרויסנ פאלאצ פונ צוועלפ טויערנ מיט צוועלפ שלעסער אונ שטעלט אימ צו צו דעמ בענ-מעלעכ אונ זאָגט צו אימ: „אדויני קיניג! אזוי...” פונקט אקוראט אזוי פלוצלימ אומגעריכט האָבנ מיר דערזענ רעב לייזערס גרויע פערד-

1 מייסע שעהאָיאָ קאכ האָיאָ.

לעב, רעב לײזערס בױד אונ רעב לײזערנ אַלײנ, זיצנדיק אַפ דער קעלניע אָנ פאַרשװינענ אונ איז געפלױגנ אינ שטאָט אַרײַנ! —

— װאָס טוט איר דאָ אַזױ װײַט, קונדײסימ, װײַסע־כװורעניקעס, שקאָצימ? — האָט אונדז רעב לײזער אַ פרעג געטאָנ, אָפּשטעלנדיק זיך אונ אַרױסנעמענדיק דעמ ראָזשאָק מיט טאַבאַק פונ דעמ בוזעמ. — אינ כײדער אַרײַנ, מאַמזײרימ, אַכבערײשימ, הולטײַעס! אײַערע פאָטער אונ מוטער האָרעװענ מיט בלוטיקנ שװײס אונ צױענ פונ זיך די קלײ אונ צאָלנ פאַר אײַך סכאַר־לימעד; זײ װילנ אײַך מאַכנ פאַר ראַבאָנימ, לאָמדימ, טשאַטשקעס, אונ איר גײט אַרומ שלינג אונ שלאַנג! האַ, ניט געדאַכט זאָלט איר װערנ, שקאָצימ, אַכבערײשימ, הולטײַעס, אָסער־לעראַבעמניקעס! קריכט אינ בױד אַרײַנ, זעצט זיך, װעל איך אײַך ברענגענ אַהײמ, לאָז מענ אײַך קנוטעװענ, קונדײסימ, אַכבערײשימ, הולטײַעס, זעצט זיך!!

מיר האָבנ פאַרשטאַנענ, אַז ער טרײַבט מיט אונדז קאַטאָװעס. רעב לײזער איז טאָמיד געװענ אַ קאַטאָװעס־טרײַבער, אַ גאַנצ װױלער מענטש, אַ גוט־ברודערל, אַ פאַניבראַטע מיט דער גאַנצער כעװרע אינ פאָליש, אַ פרײלעכער יונג אַפ אַ סימכע, אַ שטאַרקער טרינקער, — מיט אײנעמ װאָרט, אַ מאָלאָדיעצ. דעריבער האָבנ מיר זיך װינציק װאָס איבערגעשראָקנ פאַר זײַנע קלאָלעס אונ האָבנ זיך אַרײַנגעזעצט צו אימ אינ בױד אַרײַנ.

— פונדעסטװעגנ, — האָט ער זיך צו אונדז געװענדט, פאָרנדיק אַהײמ, — אַ טרונק בראָנפנ װאָלט ניט איבעריק געװענ אַפנ ניכטערנ האַרצנ, נאָכ דעמ אָנבײַסנ, װאָס מע האָט מיר געגעבנ אינ דער רױטער קרעטשמע פאַר צװײ גילדנ? האַ? װי מײנט איר, מאַלאָקאָסאָסנ?

— װו זשע נעמט מענ אינמיטנ פעלד אַ טרונק בראָנפנ, רעב לײזער?— האָבנ מיר אימ אַ פרעג געטאָנ.

רעב לײזער האָט אַפ אונדז אַזאַ קוק געטאָנ, גלײַך װי מיר װאָלטנ אימ פאַרגעבנ עפּעס אַ װילדע משוגעטע פראַגע, אונ האָט פאַרקערעװעט די פערדלעך צוריק אונ האָט זיך צעלאָזט אַפ אַלע פליגל.

— װוהינ פאָרנ מיר, רעב לײזער? — האָבנ מיר אימ פאַרװוּנדערט געפרעגט.

— אינ דער רױטער קרעטשמע אַרײַנ! האָט ער אונדז געענטפערט גאַנצ קאַלטבלוטיק אונ האָט נאָכ שטאַרקער צעלאָזט די פערדלעך, רײדנדיק צו זײ אַפ באַלעגאָלע־לאָשנ אונ שילטנדיק די באַלעבאָסטע פונ דער רױטער קרעטשמע מיט טױטע קלאָלעס.

אינ עטלעכע מינוט אַרומ האָבנ מיר זיך אָפּגעשטעלט באַ אַ קלײנ

רויט שטיבל מיט צוויי פענצטערלעך, וווּהין רעב לייזער האָט אונדז אַרײַנגעפירט בײַ די הענט און האָט אונדז באַזעצט בײַ אַ לאַנגן הילצערנעם טיש אויף דראָנגעס און האָט געהייסן דערלאַנגען אַ פלעשל קידעש מיט דרײַ גלעזלעך.

קימאַט דאָס ערשטע מאָל אויף אונדזער לעבן האָבן מיר געטרונקען בראָנפן אַזוי פיל, מאַכמעס רעב לייזער האָט אַלץ געלאַכט פון אונדז, וואָס מיר קרימען זיך אַזוי, און מיר האָבן אים געוואָלט ווײַזן, אַז מיר זענען ניט קיין מאָלאָקאָסאָסן און קאָנען אויך נעמען אַ טרונק בראָנפן. דער לעזער פאַרשטייט שוין, וויאַזוי אונדז האָט זיך אָנגעהויבן דרייען און טאַנצן די קרעטשמע מיט דער באַנק, מיטן פלעשל און מיט רעב לייזערן... עס האָט זיך אונדז אויסגעוויזן, אַז מיר וואַקסן אַלץ העכער און העכער... ביסלעכווײַז האָבן מיר אָנגעהויבן צו שמייכלען, קוועלן און לאַכן אויף אַ קאָל, — אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז מיר האָבן אַרומגעכאַפּט קושן רעב לייזערן מיט אַזאַ פאַרגעניגן, מיט אַזאַ זיסקייט, אַז ער האָט זיך שוין ניט געקענט אײַנהאַלטן און האָט אונדז פאַר די הענט אַרויסגעפירט און האָט אונדז געהייסן קריכן אין בויד אַרײַן, זאָגנדיק:

— אַך, שקאָצים, אַכבערײשים, הולטײַעס! אַהיים, גאַזלאָנים! אַהיים, מעשומאָדים!..

מײַן אַריע־לייב האָט אַזוי שטאַרק געלאַכט, ביז ער האָט זיך צעוויינט, ווי אַ קליין קינד, און האָט בעשום־אויפן ניט געוואָלט אַרײַנקריכן אין בויד אַרײַן.

— וואָס האָסטו זיך אַזוי צעפּעסטעט, קוואַשע, פּעמפּיק איינער? — האָט אים רעב לייזער געפרעגט.

— אָ, רעב לייזער, טײַערער, געטרײַער רעב לייזער! —האָט אַריע־לייב זשאַלאָבנע אויסגעשריען מיט טרערן אין די אויגן, — זיסער, האַרציקער רעב לייזער! נעמט פירט אונדז אויף אַהין, ווײַט־ווײַט, וווּ די ליכטיקע שטראַלן פון דער ציוויליזאַציע טוען שײַנען!.. אַהין, וווּ אַ קוואַל פון דעם לעבעדיקן ברונעם וואַסער טוט אָנטרינקען די פעלדער פון כאָכמעס און וויסנשאַפטן! — אַהין, וווּ...

— וואָס עס האָט זיך מיר געכאָלעמט יענע נאַכט און הײַנטיקע נאַכט, זאָל עס אויסגיין צו דײַן קאָפּ, צו דײַנע הענט און פיס, דו מעשוגאַס, דו הולטײַ איינער — טפו!... וואָס פּלאַפּלט ער דאָס אַזעלכעס?— האָט זיך רעב לייזער צו מיר געווענדט שטאַרק פאַרוווּנדערט.

— צום אײַזנבאַן, רעב לייזער, צום אײַזנבאַן ווילן מיר, איך זאָלט

אונדז אָפפירנ! — האָב איכ אימ געגעבנ צו פארשטיינ. — מיר ווילנ אנטלויפנ פונדאנענ, רעב לייזער, מיר ווילנ אוועקפאָרנ ווײַט־ווײַט אינ דער גרויסער שטאָט ארײַנ, רעב לייזער, מיר ווילנ שטודירנ, רעב לייזער, מיר ווילנ ווערנ דאָקטוירימ אָדער פראָפעסאָרנ, רעב לייזער, מיר ווילנ זײַנ העלדנ, ווירקלעכע העלדנ, רעב לייזער, מיר האָבנ אנ אידייע, רעב לייזער, א גאנצ וויכטיקע אידייע, איר פארשטייט, רעב לייזער, וואָס מיר מיינענ, רעב לייזער? רעב לייזער, רעב לייזער, רעב לייזער, ליי־ליי־ליי־ליי־זזזעררררר!...

רעב לייזער איז געבליבנ שטיינ, ווי א שטיק האָלצ, אונ האָט עטלעכע מינוט נישט געהאט וואָס צו ענטפערנ; ער האָט נאָר גוט אופגעעפנט זײַנע כאזערשע אייגעלעכ אונ האָט געקוקט טאָ אפ מיר, טאָ אפ מײַנ כאווער... נאָכדעמ האָט ער ארויסגענומענ דעמ ראָזשאק אונ האָט זיכ אָנגעשטאָפט א פולע נאָז מיט טאבאק, האָט א הוסט געטאָנ אונ האָט זיכ צו אונדז געווענדט מיט די דאָזיקע ווערטער:

— גוט! איכ וועל אײַכ ברענגענ צומ וואָקזאל! איר האָט מיט וואָס מיכ צו באצאָלנ דערפאר? וויפל וועט איר מיר געבנ?

— וויפל ווילט איר, רעב לייזער, זאָגט, וויפל ווילט איר, רעב לייזער, וויפל באגערט איר פונ אונדז?

— וויפל וויל איכ פונ אײַכ?.. איכ וויל, איכ וויל, איכ וויל... צוועלפ קארבנ!

— רעכט! גוט! זייער גוט! מיר גיבנ אײַכ 12 קערבלעכ, רעב לייזער, 12 זילבערנע קערבלעכ, רעב לייזער! נאט אײַכ שוינ די 12 קערבלעכ, רעב לייזער! נאט, נאט, נאט, רעב לייזער, 12 קערבלעכ, 12 קערבלעכ, רעב לייזער, רעב לייזער, אָ— ע— אָי— אכ, רעב לייזער!..

מיט איינ אויגנבליק זענענ מיר אויסגעניכטערט געוואָרנ, אז מיר האָבנ דערזענ, אז מיר פאָרנ, אז מיר פאָרנ א ה י נ! מיר זיצנ, מיר ליגנ בא רעב לייזערנ אינ בויד, אונ די פערדלעכ טראָגנ אונדז ווײַט־ווײַט פונ קאָמיסײַליעווקע! רעב לייזער זינגט אונ סווישטשעט: „וויאָ! וויאָ! רעביאטא — וויאָ! 12 קארבנ ווי די בעכער, א מיסע־מעהומע אפ דער שווארצער באלעבאָסטע פנ דער רויטער קרעטשמע — וויאָ! וויאָ"..

רעב לייזער שילט אונ סווישטשעט, אונ די פערדלעכ שפרינגענ, אונ איכ מיט מײַנ כאווער ליגנ בא אימ אינ בויד איינער בא דעמ אנדערנ אינ די אָרעמ, אונ טרערנ, זיסע טרערנ, טרערנ פונ פרייד שטייענ אפ אונדזערע אויגנ — מיר פאָרנ! מיר פאָרנ! אָ, ווו זענט איר, יונגע, נארישע, גליקלעכע יאָרנ?!..

# דאָס צווייטע קאַפּיטל

**ווו עס ווערט באשריבנ, ווי די פייגעלעכ פליִענ אריינ דאָס ערשטע מאָל אינ דעמ גרויסנ וואלד אריינ אונ די כידושימ, וואָס זיי זעענ קימאט אפ יעדנ טריט.**

ליבער לעזער! (אזוי איז איינגעפירט צווישנ נאש־בראט, אז יעדער לעזער איז אונדז ליב!) ליבער לעזער! איז דענ נייטיק צו באשרייבנ אייכ אונדזער נעסיִע אפנ אייזנבאנ דאָס ערשטע מאָל אפ אונדזער לעבנ? ווער פונ אייכ איז ניט געווענ קיינ פּריצ אינ די יונגע יאָרנ? ווער פונ אייכ האָט נישט געכאפּט קיינ קלעפּ מיט קיינ סטוסאקעס דערפאר, וואָס איר זענט נאָכ ניט געווענ אָפּיטנע, פּראקטיש אינ דער וועלט? הייַנט, אז מיר זענענ שוינ אויסגעוואקסנ, דאנקענ גאָט, אונ האָבנ באקומענ פליגל, פארשטייט זיכ, לאכנ מיר אויס דעמ פּריצ אונ פארגעסנ, אז מיר זענענ אמאָל אויכ ניט קליגער געווענ! ווי־אזוי די מייסע איז דאָרטנ, נאָר איכ מיט מיינ כאווער זענענ ניט אראָפּגעפאלנ בא זיכ פאר קיינ זאכ אפ דער וועלט; וואָס ארט דאָס אונדז? לאָז מענ לאכנ צעזעצטערהייט — אָבער מיר פאָרנ טאקע פאָרט! הייַנט וואָס גייט אונדז אָנ?..

אפנ דריטנ טאָג זענענ מיר געקומענ אינ דער גרויסער שטאָט, אהינ, וווהינ מיר זענענ געפאָרנ.

קיינ זאכנ האָבנ מיר דאָכ נישט געהאט, דערומ האָבנ מיר געקאָנט זייער פיינ גיינ צופוס פונעמ וואָקזאל אינ שטאָט אריינ א ווערסט דריי אָדער פיר. דעמ גאנצנ וועג האָבנ מיר געמוזט צוהאלטנ מיט די הענט אונדזערע היטלעכ, מאכמעס די קעפּ האָבנ מיר געהאלטנ פאריסנ ארופ אונ האָבנ געקוקט אפ די מויערנ מיט די הויכע פענצ־טער. לאנג, גאנצ לאנג זענענ מיר אזוי געגאנגענ, אונ פונ א סטאנציִע, א נאכטלעגער האָבנ מיר אפילע ניט געקלערט, מאכמעס עס איז נאָכ געווענ זייער פרי, אונ די שטאָט האָט ערשט אָנגעהויבנ צו קאָכנ, אונ מענטשנ זענענ געלאָפנ דער אהינ, דער אהער; צומיינסטנ זענענ גע־ווענ קריסטנ, אונ זעלטנ האָבנ מיר באגעגנט א יידנ, אנ עמעסנ יידנ, וואָס מע קאָנ אימ דערקענענ, אז ער איז א ייד. מיר האָבנ זיכ לעכאטכילע געפּרואווט א פּאָר מאָל א פרעג טאָנ די דאָזיקע יידנ, ווו וווינט דאָ דער ראבינער (מיר האָבנ גערעכנט צומ אָנפאנג צושלאָגנ זיכ צומ קאזיאָנעמ ראָוו, פונ וועלכנ מיר האָבנ זיכ אָנגעהערט פונ אונ־דזער לערער דעמ געשטודירטנ ליטוואק, וועלכער האָט אמאָל צוזאמענ געלערנט מיט אימ אינ דעמ ראבינער־שול); נאָר מע האָט אונדז ניט

געענטפערט... „עס ווײַזט אויס, אַז עס איז דאָ הײַנט עפּעס אַ מין אַ ס י פ ע, וואָס דער עולם לויפט אַזוי", — האָט מיר אריע־לייב אײַנגעראָמט אַ סאָד אפֿן אויער.

איינס מיטן אַנדערן קער זיך אָבער ניט אָן; די נאַטור פֿאָדערט זיך איריס, און עס איז ניט איר געשעפט, צי מיר זענען יאָ רעזונדער צי ניין — דערווײַל עסן דאַרף מען, ווי מײַן באָבע אַלע־האַשאָלעם פֿלעגט זאָגן: דער מענטש האָט אַ קישקע און איז געגליכן צו אַ יוויך־טעפּל, וואָס מע דאַרף דאָס אַלעמאָל דערגיסן... מיר זענען גוט הונגעריק געוואָרן.

— וואָס עסט מען? — האָב איך געפֿרעגט מײַן כאַווער.

— וואָס עסט מען? — האָט מיר מײַן כאַווער געענטפֿערט.

ווי!אַזוי דאָס האָט זיך געטראָפֿן, פֿאַרשטיי איך נאָך אַדהאַיאָם ניט; נאָר בײַ אונדז בײַדע איז געבליבן דער העסקעם, אַז דאַוונען דאַרף מען ניט... דאָס איז געווען די ע ר ש ט ע אַווייִרע אויף אונדזער לעבן!.. אויפֿן גאַס, ערגעץ בײַ אַ טישל, האָבן מיר זיך געקויפֿט אַ בולקע מיט אַ פֿונט קאַרשן און האָבן גענומען עסן אָנבײַסן, גייענדיק און אומגעוואַשן — די צ ווייט ע אַווייִרע! (אַך, ווי זיס די ערשטע אַווייִרעס זענען בײַ אונדז געווען!..) מיר האָבן באַמערקט, אַז מע קוקט אויף אונדז פֿאַרוווּנדערט. ערשט נאָכדעם זענען מיר געוואָר געוואָרן, אַז פֿון די קאַרשן האָבן מיר זיך אויסגעשמירט די הענט מיט די פּיסקעס; דערצו אונדזערע קליינשטעטלדיקע קאָסטיומען מיט די קײַלעכיקע באַראַשקענע היטעלעך אום זומער־צײַט, זענען זיך אַזוי געגאַנגען, געשלאָסנדיק די הענט, מיר זאָלן זיך איינס דאָס אַנדערע ניט פֿאַרלירן כאַס־וועשאָלעם — קאָן מען זיך שוין פֿאָרשטעלן, פֿאַרוואָס יעדער האָט אויף אונדז אַזוי געטרײַ געקוקט... נאָר ווי גרויס איז אונדזער וווּנדער געווען, אַז כאָטש פֿריצים, דאַמען און גלאַט אַזוי גוייִם האָבן מיר קיינעם נישט באַגעגנט עפּעס אַזעלכן, וואָס זאָל האָבן אַ פּנעם פֿון אַ מאַסקל, אַ רעדאַקטאָר, אַ מעכאַבער אָדער לעכאָל־האַפּאָכעס אַזוי אַ קאָרעספּאָנדענט פֿונעם „המגיד" אאַדג... מײַן כאַווער האָט זיך ניט אײַנגעהאַלטן און האָט פֿאַרט אָפּגעשטעלט אַ ייִדן, וואָס איז געלאָפֿן עפּעס מיט אַ פּאַפּיר אין דער האַנט, און האָט אים אַ פֿרעג געטאָן: „ווו זיצן בײַ אײַך די גרויסע מעפֿורסעמדיקע לײַט, די מאַסקילים, די רעדאַקטאָרן מיט די מעכאַברים אַזוי?".. דער ייִד האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ מינוטקעלע און האָט אונדז איבערגעפֿרעגט נאָכאַמאָל, וועמען דאַרפֿן מיר, און אַז מײַן אריע־לייב האָט אים איבערגעכאַזערט, וואָס מיר ווילן, האָט דער ייִד זיך צעלאַכט, אַ שפּײַ געטאָן און איז אַוועקגעגאַנגען ווײַטער.

— איכ זאָג דיר, אז עס איז עפּעס ניט גלאַט,—האָט זיכ צו מיר אריע־לייב געווענדעט. — איכ זאָג דיר, אז עס מוז בא זיי הײַנט זײַנ א וואַזשנע אסיפע אינ קלויז אָדער באַמ גאַבע עפּעס מיקויעכ רעקרוטנ אָדער מיקויעכ א מאַשגיעכ אינ העקדעש... דו זעסט דענ ניט, ווי זיי לויפֿנ דאָ ארומ, ווי די מעשוגאָימ?

— עס קענ זײַנ, — האָב איכ אויכ מאסקימ געווענ מיט מײַנ כאַווער, וועלכער האָט פֿײַנט געהאַט, מע זאָל אימ אָפּדרינגענ פּאַרקערט.

א שאָ זעקס זענענ מיר אזוי אָפּגעגאַנגענ, ביז עס האָט אונדז אָנגעהויבנ שמאַרצנ אינ די פּיאַטעס, האָבנ מיר זיכ צוגעזעצט א ביסעלע אפֿ א באַנק נעבנ א גרויסער מויער, אונ, ניט האָבנדיק וואָס צו טאָנ, האָט מײַנ כאַווער ארויסגענומענ פֿונ דער קעשענע א נומער „המגיד“ אונ האָט אָנגעהויבנ אפֿ א קאָל צו לייענענ זייער א גרויסאַרטיקנ שיר פֿונ א געוויסנ פּאָעט פֿונ יענע צײַטנ... איכ געדענק ניט זײַנ נאָמענ:

קרני השמש ממרום יביטו,
יביטו על־ארץ עלי־אדמות, —
ינוסו הצללים ינוסו ימיטו,
ינוסו ימוטו אל גי־צלמות!..[1]

(די שטראַלנ פֿונ דער זונ פֿונ זייער געצעלט,
ווענ זיי קוקנ אראָפּ צו אונדז אפֿ דער וועלט, —
אנטלויפֿנ די שאָטנס, טרעטנ אָפּ אפֿ א זײַט,
אנטלויפֿנ אפֿ טאָמיד, אנטלויפֿנ גאַנצ ווײַט!..)

השכלה! השכלה! בת השמים!
מי יתן לי אבר לעוף כנפים?..[2]
(האַסקאָלע! האַסקאָלע! די טאָכטער פֿונ הימל!
ווער גיט מיר פֿליגל, איכ זאָל קאָנענ פֿליענ?..)

---

1 קאַרנײ האַשעמעש מימאָרוימ יאַביטו,
יאַביטו אַל ערעצ אַליי־אַדאָמויס, —
יאָנוסו האַצלאָלימ יאָנוסו יאָמיטו,
יאָנוסו יאָמוטו על גיי־צאַלמאָוועס!..

2 האַסקאָלאָ! האַסקאָלאָ! באַס האַשאָמאַימ!
מי יִטײַנ לי אײַווער לאָופֿ קנאָפֿאַימ?

באַ די דאָזיקע ווערטער האָבן מיר דערפילט עפּעס ווי אַ געז־אַלצענער רעגן מיט אַ בלאָטע גייט אָפּ אונדז... דאָס איז געווען דער דוואָרניק פון דעם הויף, וועלכער האָט אונדז אָפּגעשפּריצט מיט אַ נאַסן בעזעם, שרײַענדיק: „פּראָטש, פּראָטש, זשידעניאַטאַ!"... מיר האָבן זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטן און זײַנען אַוועקגעגאַנגען ווײַטער.

— דו זעסט? — האָט צו מיר מײַן כאַווער געזאָגט, — עס ווײַזט אויס, אַז דאָ געפינען זיך נאָך אויך ווילדע מענטשן, וואָס האָבן נאָך ניט דערשמעקט דעם זיסן ריח פון דער האַסקאָלע און גייען אין דער פינצטערניש... זע נאָר זע, אָן גייט עפּעס אַ מויכער־ספאָרים, דאַכט מיר... לאָמיר אים אַ פרעג טאָן, עפּשער ווייסט ער, ווו זיצט דאָ דער ראַבינער...

דער פּאַקן־טרעגער איז געווען אַ בערדיטשעווער און פּאָרט אַהער גאַנץ אָפט, דערום ווייסט ער, ווו דער ראַבינער זיצט.

— נאָר איר האָט אָבער צו גיין אַהין נישט פיל, נאָר אַ וויאָרסט צען, — האָט אונדז דער בערדיטשעווער פּאַקן־טרעגער געזאָגט, — אויב איר ווילט, נעמט אַן איזוואָזשטשיק, וועלן מיר אַהין צופאָרן.

דער בערדיטשעווער מויכער־ספאָרים האָט שוין אַליין באַדונגען אַן איזוואָזשטשיק, און אַזוי האָבן מיר זיך אַלע דרײַ געזעצט פאָרן. אויפן וועג האָט ער באַ אונדז זיך אויסגעפרעגט, פונוואַנען און וווהין מיר פאָרן אַזוי... פּלוצלים האָט דער מויכער־ספאָרים געהייסן זיך אָפּשטעלן, און אַראָפּנעמענדיק דאָס פּעקל, האָט ער צו אונדז אַזוי געזאָגט:

— איך דאַרף דאָ אויף אַ מינוטקעלע אַראָפּקריכן און אָפּלייגן מײַן קלומעקל, איר וועט וואַרטן אַ קאַפּעטשקעלע, אָט וועל איך באַלד צוגיין... שאַ, עפּשער געפינט זיך באַ אײַך אַ צען־קערבל־שטיק?..

מײַן אַריע־לייב האָט לאַנג ניט געטראַכט און האָט אים געגעבן 10 קערבלעך; דער בערדיטשעווער פּאַקן־טרעגער איז אַרײַן אין טויער, און מיר זײַנען געבליבן זיצן אויפן וואָגן און האָבן אַזוי געוואַרט אַ היפּשע ווײַלע, ביז דער איזוואָזשטשיק האָט אָנגעהויבן דרימלען און דאָס פערדל אויך. — אַריע־לייב האָט ווידער אַרויסגענומען דעם נומער „המגיד" און האָט געלייענט ווײַטער:

מאז עברו הצללים צללי־ערב,
נשב רוח חדש על פני־האדמה;
כלה המוץ נאסף החרב,

חדש הגוף, גם חדשה הנשמה!..[1]
(זינט עס זענענ איבער די שאָטנס אפ דער פינצטערער ערד,
האָט א בלאָז געטאָנ אפ דער וועלט א ווינט א נײַער;
ניטאָ דער פארשנײַדער, אנ עק פונ דער שווערד,
א נײַע נעשאָמע אונ א גופ אויכ א נײַער!)

בא די לעצטע ווערטער, וועלכע מײַנ כאווער האָט אויסגעזונגענ אפ א קאָל, האָט זיכ אונדזער איזוואָזשטשיק אופגעכאפט אונ האָט אונדז געזאָגט: וועלכער רועכ וואַרטנ מיר אונ פארוואָס באצאָלט מענ שוינ אימ ניט? אריע־לייב האָט אימ פארוווּנדערט געענטפערט, אז מיר וואַרטנ אפנ בערדיטשעווער יידנ... דער איזוואָזשטשיק האָט אימ אָפגעשיקט צו אלדי שווארצע יאָר מיט אלע בערדיטשעווער יידנ אונ האָט אונדז געהייסנ אראָפקריכנ.

— מע דארפ אראָפקריכנ! — האָב איכ געזאָגט צו מײַנ כאווער.

— מע דארפ אראָפקריכנ! — האָט מיר מײַנ כאווער געענטפערט.

דער איזוואָזשטשיק איז אויכ אראָפגעקראָכנ אונ האָט זיכ צו אונדז געווענדט, מיר זאָלנ אימ באצאָלנ פאר דעמ וועג.

— איכ פארשטיי דאָס ניט! — האָט צו מיר אריע־לייב געזאָגט. — איכ פארשטיי דאָס ניט! פאר וואָס קומט אימ דאָ באצאָלנ? ער האָט אונדז דענ געבראַכט אפנ אָרט! איכ פארשטיי דאָס ניט!

— גיב אימ פונדעסטוועגנ עפעס דערפאר, וואָס ער האָט אונדז געפירט ביז אהער, אריע־לייב!

— א מאקע! פאר וואָס קומט אימ? לעמײַ זאָל מענ ווײַזנ אנ אָרל א וועג, אז ער דארפ בעמעצנ אומזיסט געלטנ? איכ פארשטיי דאָס ניט. פארוואָס פירט ער אונדז ניט ווײַטער?

— ערשטנס, וואַרטנ מיר דאָכ אפנ בערדיטשעווער יידנ, אונ, צווייטנס, ווייסנ מיר דענ וווּהינ צו פאָרנ?

— האַ? ביסט עפשער גערעכט... מע דארפ אימ געבנ א גריווניק (10 קאָפ.) — אונ אריע־לייב האָט אימ צוגעטראָגנ די 10 קאָפיקעס...

דער איזוואָזשטשיק האָט אימ א שמיצ געטאָנ די 10 קאָפיקעס אינ פּאָנעמ ארײַנ, האָט פארקאַטשעט די ארבל אונ האָט גענומענ מײַנ כאווער צומ פאטשנ, אזוי אז זײַנ באראשקענע היטעלע איז פארפלויגנ גאנצ ווײַט.

---

1 מייאָז אָוורו האצלאָלימ צילעלײ־ערעוו,
נאָשאוו רואכ כאָדאָש אל פניי־האָאדאָמאָ;
קאָלאָ האמויצ בעעסאפ האכערעוו,
כאָדאָש האגופ גאמ כאָדשאָ האנעשאָמאָ!..

— א קערבל! — האָט געשריִען דער איזוואָזשטשיק, פּאַטשנ־דיק אַפ אַלע זײַטן, — א קערבל! א קערבל! אַ קערבל!

— נעם גיב אים א קערבל, אַריע־לייב, גיב אים שוין א קערבל, כאַפּט אים דער רוּעך!

מײַן כאַווער האָט אויך געפּאַלגט און האָט אים באַצאָלט א קערבל; דער איזוואָזשטשיק איז גיך אַוועקגעפאָרן, און מײַן אַריע־לייב האָט אָפּגעזוכט ערגעץ דאָס היטעלע און האָט זיך אָפּגערוט א ביסל פון די קלעפּ און האָט זיך געווענדט צו מיר:

— נו? וואָס טוט מען אַצינד?

— וואָס טוט מען אַצינד? — האָב איך אים געענטפערט. — מע דאַרף אַרײַנגיין אַהערצו אין הויף אַרײַן און אָפּזוכן דעם בערדי־טשעווער ייִדן.

אין הויף האָבן מיר זיך אַרומגעדרייט אַקעגן א האַלבע שאָ, ביז עס איז צו אונדז אַרויסגעגאַנגען א גוי מיט א ווײַסן פאַרטעך און מיט א דראַטווע אין די ציין.

— וואָס דאַרפט איר? — האָט אונדז דער שוסטער געפרעגט אַפ גוייִש.

— דעם בערדיטשעווער ייִדן, — האָבן מיר אים ביידע געענטפערט.

— דעם בערדיטשעווער ייִדן? — האָט ער אונדז איבערגע־פרעגט. — קומט אַרײַן אַהער.

מיר זענען אַרײַנגעקומען אין א קליינעם ביידער, ווו אַרום א וואַרשטאַט זענען געזעסן א זעקס אָדער זיבן אַרבעטער שוסטער, געקליבענע יונגען איינס אום איינס.

— זיי זוכן א בערדיטשעווער ייִדן! — האָט זיי דער שוסטער געזאָגט.

די כעוורע האָבן אויסגעשאָסן א געלעכטער, אַז מיר זענען טויט געבליבן.

— וואָס זיצט איר? — האָט זיך צו זיי דער באַלעבאָס גע־ווענדט. — וואָס שווײַגט איר? קלאַפּט, כעוורע!..

און מע האָט אונדז גענומען צום קלאַפּן...

אַז מיר זענען אַרויסגעגאַנגען פון דעם דאָזיקן הויף, האָבן מיר מוירע געהאַט זיך אַרומצוקוקן... מיר האָבן א שפּײַ געטאָן אַפן בערדיטשעווער מויכער־ספאָרים, וואָס האָט באַ אונדז אויסגענאַרט די 10 רובל און האָט אונדז אומזיסט אָפּגעהײַעט גוטע פיר שאָ!..

— וואָס טוט מען אַצינד? — האָב איך זיך געווענדט צו מײַן כאַווער.

— וואָס טוט מענ אַצינד? — האָט מיר מײַנ כאַווער געענטפערט.

די זונ האָט שוינ אָנגעהויבנ אַראָפּלאָזנ זיכ נידעריקער אונ האָט באַגאָסנ די שפּיצנ פונ די גלאַנצנדע דעכער מיט גינגאָלד, אונ דער אוילעמ אַפּ די טראָטואַרנ האָט אָנגעהויבנ ווערנ אַלצ מערער אונ געדיכטער; דו לופט האָט אָנגעהויבנ ווערנ א ביסעלע קילער; דאָס האַרצ האָט אונדז אָנגעהויבנ א ביסעלע קלעמענ — אונ מיר זענענ אַלצ געגאַנגענ אָנ א ציל, גלאַט אינ דער וועלט אַרײַנ, עס האָט אונדז אָנגעהויבנ צו ווערנ א ביסעלע אומעטיק אַפּנ האַרצנ: וואָס טוט מענ?!.. נאָר דער גאָט, וואָס שפּײַזט א ווערעמל, האָט זיכ אַפּ אונדז אויכ דערבאַרעמט אונ האָט אונדז צוגעשיקט א הילפּ דורכ א פּאָשעטער ייִדענע, וואָס האָט געטראָגנ א קאָשעק מיט מאַראַנצנ; צו איר האָבנ מיר, די אומגליקלעכע רײַזנדע, זיכ דערשלאָגנ, אונ די דאָזיקע ייִדענע, זאָל מײַריכ־יאָמימ זײַנ, האָט אונדז דורכגעפירט עטלעכע גאַסנ, ביז מיר זענענ געקומענ אַפּ דער הילצערנער גאַס גלײַכ אינ דער ייִדישער אַכסאַניע, וועלכע האָט געהייסנ (אונ הייסט נאָכ אַדהאַיאָמ) „די פּוילישע אַכסאַניע“... ווי א צעבראָכענער אָקרענט אינ דעמ פאַרגליווערטנ יאַמ, ווענ ער שלאָגט זיכ צו צו א קעמפּע אָדער א ווייספּע, אַזוי זענענ מיר געקומענ אַהער צעבראָכענע, צע־האַרגעטע, הונגעריקע, דאָרשטיקע, אײַנגעמידטע, שלעפּעריקע אונ צעפּלאָכטענע!..

## דאָס דריטע קאַפּיטל

**ווי עס ווערט באַשריבנ, ווי אַזוי די שוועלבעלעכ פאַרברענגענ די ערשטע נאַכט אינ דער פרעמד, ווײַט פונ זייער נעסט.**

אַראָפּלאָזנדיק זיכ, ווי אינ א קעלער אַרײַנ, זענענ מיר אַרײַנ־געקומענ אָדער אַראָפּגעקראָכנ אינ א גרויסער פינצטערער קיכ, ווו מע האָט סאַמע געקאָכט וועטשערע, אונ פונ דער קיכ זענענ מיר אַרײַנגעפאַלנ אינ א פינצטערנ כיידער, באַלײַכט מיט א קליינ רוי־ביק לעמפּל אונ פול אָנגעשטאָפּט מיט ייִדנ אונ מיט ווײַבער. דאָס איז געווענ די „פּוילישע אַכסאַניע“. א בלויער רויכ איז געשטאַנענ אינ דעמ דאָזיקנ זאַל (אַזוי האָט דאָס אָנגערופנ דער באַלעבאָס רעב לייביש מיט די ווײַסע טאַכטוינימ אונ מיט א יאַרמלקע), אונ מיר האָבנ קוים־קוים געזענ איינער דעמ אַנדערנ; באַ די זײַטנ, באַ אַלע ווענט זענענ געשטאַנענ בעטלעכ א שטיקלעכ צוואַנציק; אינמיטנ איז געשטאַנענ א גאַנצ לאַנגער טיש, אַפּנ טיש — א גאַנצ גרויסער

סאמאָוואר, און אַרום אים זענען געזעסן אַ צוויי מיניאָנים ייִדן מיט שמוישענע היטעלעך, מיט פּאַרוסינענע קאַרטוזלעך, מיט יאַרמלקעס און מיט סאַמעטענע היטלען. גערעדט האָבן אַלע, און יעדער איז אופגעשטאַנען מיט דעם גלאָז צום סאַמאָוואַר און האָט זיך געצאַפּט טיי. די ווײַבער, וועלכע זענען געזעסן בא דער זײַט אַפ די בעטלעך, זענען אויך אַלעמאָל צוגעגאַנגען צום סאַמאָוואַר, מיט גרוים צניעס אַראָפּרוקנדיק דאָס טיכל אַפ די אויגן. בא די ווײַבער איז געגאַנגען אַ באַזונדערער שמועס; און האָבן אויך גערעדט אַלע, ווי די גענדז... נאָר דער באַלעבאָס איז זיך אַרומגעגאַנגען מיט די ווײַסע טאַכטוינים אַהין און צוריק, פּיפּקענדיק אַ ליולקעלע און האַלטנדיק די הענט אין בוזעם אונטערן טאַלעס־קאָטן.

— פּאָ־פּאָ־פּאָ... פּונוואַנען קומט מען אָן? — האָט זיך צו אונדז דער באַלעבאָס געווענדט, ניט אַרויסלאָזנדיק דאָס ליולקעלע פון די ציין.

מיר האָבן אים געזאָגט, פונוואַנען און וווּהין מיר פאָרן.

— פּאָ־פּאָ־פּאָ... וואָס זשע טוט איר דאָ... פּאָ־פּאָ־פּאָ?..

מיר האָבן געקוקט איינער אַפ דעם אַנדערן און האָבן ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן; קיין ליגן האָבן מיר נאָך ניט געקענט אויסטראַכטן: מיר זענען דערופ נאָך צו יונג געווען און צו רוי; דער באַלעבאָס האָט אַליין פאַר אונדז געענטפערט.

— פּאָ־פּאָ־פּאָ... איך ווייס... פּאָ־פּאָ־פּאָ... איך שטוים מיך... פּאָ־פּאָ־פּאָ... מיסטאָמע אַ רײַכער קאָרעוו... פּאָ־פּאָ־פּאָ... מעכער טייסע... פּאָ־פּאָ־פּאָ... וואָס מאַכט דאָס אויס... פּאָ־פּאָ־פּאָ... גייט נעמט אײַך אַ גלאָז... פּאָ־פּאָ־פּאָ און טרינקט אויך טיי... פּאָ־פּאָ־פּאָ...

מײַן כאַווער אַריע־לייב, וועלכער האָט זיך קיינמאָל ניט געקענט אײַנהאַלטן פון צו לאַכן, ווען מע האָט נאָר באַדאַרפט לאַכן, האָט אַצינד אויך אויסגעשאָסן אַ געלעכטער גלײַך דעם באַלעבאָס אין פּאָנעם אַרײַן; דעם באַלעבאָס האָט דאָס שטאַרק פאַרדראָסן, האָט ער אים געשענקט שיינע עטלעכע פּעטש:

— פּאָ־פּאָ־פּאָ... אַזעס־פּאָנעם איינער... פּאָ־פּאָ־פּאָ... איך האָב דאָך שוין באַלד אַזעלכע אייניקלעך ווי דו... פּאָ־פּאָ־פּאָ... שייגאַץ איינער... פּאָ־פּאָ־פּאָ!..

— שאַ! שטילער!! וואָס איז דאָרט אַזעלכעס?! — האָט זיך דער גאַנצער עולעם צו אונדז אַ לאָז געטאָן. — האַ? וואָס? צוויי ייִנגעלעך!.. דער באַלעבאָס!.. געלאַכט!.. געפּאַטשט!.. ווער... ווו?.. ווען?.. וואָס?..

די ווײַבער האָבנ זיכ אויכ ארײַנגעמישט, אונ עס איז געוואָרנ
א שטארקער ליארעמ, ביז די באַלעבאָסטע, א קלײניטשקע, א דארע
יִדענע, איז ארײַנגעפּלויגנ פונ קיכ מיט א לעפל אונ מיט א האַנ־
טשערקע אינ די הענט אונ האָט זיכ ארופגעוואָרפנ אפנ באַלעבאָס
מיט א קוויטשעדיק קעלכל מיט אזא מײַנע־לאָשנ:

— א מיטע־מעשונע!.. אלטער לעזשענ!.. צוויי פּיסקליאַעס..
גאָט די נעשאָמע!.. פרעגט פאר וואָס?.. כאַליע אינ דער קרענק!..
טאָמער טיי, טאָמער עסנ... עסנ ווערעמ... קומט אנ אוירעכ.:. ליג
אינ דער ערד!.. כאַפּט אונ פּאַטשט... ווערעמס זינד?.. גיי שוינ גיי.:.

אינ א האַלבער שאָ ארומ, אדאנק דער דאָזיקער גוטינקער באַ־
לעבאָסטע, זענענ מיר שוינ געוועזנ זאט אונ אָנגעטרונקענ מיט טיי,
אונ עס איז אונדז געוואָרנ לײַכט אונ ווארעמ אינ אלע אייווורימ!
מיר האָבנ זיכ פארשלאָגנ ערגעצ אינ א ווינקעלע אונ האָבנ זיכ אָנ־
געהויבנ צוצוהערנ, פונ וואָס דער אוילעמ רעדט. צומ אָנפאנג איז
געווענ אפילע ניט אזוי גרינג צו פארשטײנ זייער שמועס, נאָר ביס־
לעכווײַז האָבנ מיר אָנגעהויבנ צו כאַפּנ אײנציקע ווערטער. מער פונ אלע
האָט געטײַנעט א יונג כאָסידל אונ האָט מיט גרויס היצ דערציילט,
וויאזוי זײַנ שוועסטער, א מיידל פונ אכצנ יאָר, האָט זיכ פארליאַפּעט
(פארליבט) אינ א לערער (בא די דאָזיקע ווערטער האָבנ עטלעכע
יִדלעכ אויסגעשפּיגנ...). וויאזוי דער לערער פלעגט איר איבער־
שיקנ בריוולעכ, וויאזוי די שוועסטער האָט ניט געוואָלט דעמ כאָסנ,
אזא כאָסנ, וואָס מע קריגט אימ ניט, א זײַדנ קינד פונ
טוירע אונ כאָכמע, וואָס ווייסט ניט פונ די הײַנטיקע ביכלעכ מיט
די גאזעטנ (אייניקע האָבנ דאָ אויכ אויסגעשפּיגנ...), וויאזוי ענד־
לעכ די שוועסטער האָט געוואָלט מאכנ א פּלײטע, וויאזוי מע האָט
געקלאַפּט דעמ לערער ערגעצ אינ א פינצטער געסל, אונ וויאזוי מע
האָט די שוועסטער אוועקגעפירט צומ רעבנ, אונ וויאזוי מע האָט
איר פאָרט כאַסענע געמאכט פאר דעמ דאָזיקנ כאָסנ, אונ וויאזוי
לעבט זי הײַנט גליקלעכ, אפ אלע יִדישע טעכטער געזאָגט געוואָרנ
אזא לעבנ, ריבוינע־שעל־אוילעמ, אונ אפ מײַנע קינדער ניט ערגער!
אזוו. אזוו. דאָ האָט זיכ שוינ מײַנ אָרנטלעכער כאַווער ניט געקענט
אײַנהאַלטנ; ער איז אופגעשטאַנענ אונ האָט זיכ צו דער גאנצער
קאָמפּאַניע געווענדט מיט דער דאָזיקער שיינע רעדע:

— אָ! פינצטערע מענטשנ! מענטשנ, וואָס בלאָנדזשענ אינ דער
וויסטעניש! ביז ווי לאַנג נאָכ וועט איר זײַנ געגליכנ צו די אומגליקלעכע
בלינדע, וואָס האָבנ קײנמאָל נישט געזענ די ליכטיקע שײַנ פונ דער

געבענטשטער זון? ביז ווי לאנג נאָך וועט איר דינען די אוווידע־זאָרע, איך מיין דעם רעבן, דעם צאַדיק, וועלכן איר פאַרגעטערט און האַלט אים פאַר א מאַלעך־עלויהימ? ביז ווי לאַנג נאָך וועלן אײַערע אויגן זײַן פאַרשטאָפּט און איר וועט זיך באַהאַלטן פאַר די שאַרפע שטראַלן פון דער האַסקאָלע, וועלכע האָט שוין צעשיקט אירע הער־נער אַף אַלע עקן פון דער וועלט, פון מיזרעך־זײַט קיין מײַרעוו־זײַט און פון צאָפן־זײַט קיין דאָרעמ־זײַט!!!..

דער גאַנצער עוילעמ איז געבליבן זיצן ווי פאַרשטיינערט פון אַזא אומגעריכטע רעדע, און קיינער האָט דאָס צווייטע וואָרט נישט געענטפערט; זיי האָבן זיך נאָר געקוקט איינער דעם אַנדערן אין די אויגן אַרײַן... איך האָב דערזען, דאָ איז זייער שמאָל, האָב איך מײַן כאַווער א צי געטאָן פאַר דער פּאָלע; נאָר עס איז שוין אָבער געווען שפּעט: ער האָט שוין געהאַלטן אין דער האַנט דאָס בלאַט „המגיד" און האָט אַף א קאָל גענומען צו דעקלאַמירן אַלץ דאָס זעלבע גע־דיכט, וואָס פריִער:

הוי, מורדי אור, שמש בל יראו!
רבניכם צדיקיכם מדרך יסירו,
להטות את לבבם בכל הבלי שוא
ולהכותכם בעורון בתמהון לבב!..[1]

(איר פינצטערע מענטשן, איר זעט ניט די שײַן!
אײַערע „גוטע־יידן" פירן פונעם וועג אײַך אַראָפּ,
איר זײַט אַבערגלויבנע, נאַרישע זײַן [?],
פאַרבלענדן זיי אײַך די אויגן, פאַרשלאָגן דעם קאָפּ!..)

העלוקות האלו,
המוצצות את דמכם!..[2]

(די דאָזיקע פּיאַווקעס,
וואָס זויגן אײַער בלוט!..)

---

1 הוי, מוירדיי אויר, שעמעש באַל ייִרוּ!
ראַבאָנייכעמ צאַדיקייכעמ מידערעך יאָסירו,
לעהאַטויס עס ליבכעמ בכאָל האַוולי שאָוו
אולעהאַקויסכעמ באָװוֹאָרוין בסימהוין לייוואָוו!..
2 האָאַלוקויס האָיילו,
האַמוצעצויס עס דאָמכעמ.

ווען עמעצער זאָל געווען נעמען און אויסגיסן אינגאנצן דעם סאמאָוואר מיט זודיקע וואסער אפן קאָפּ פון דער דאָזיקער אסיפע מיט כסידים, וואָלט דאָס אזא שרעקלעכן איינדרוק ניט געמאכט אף זייערע הערצער, ווי די לעצטע ווערטער פון מיין גייסטרייכן כאווער, וואָס האָט געגליכן דעם רעבן צו א פּיאווקע, וואָס זויגט אויס דאָס בלוט... דעם גרעסטן ליגן אף דער וועלט מע זאָל אף אונדז אויסטראכטן, דעם ערגסטן בילבל, וואָלטן מיר ניט אזוי ברויגעז, ווי דעמלט, ווען מע זאָגט אונדז אויס דעם עמעס עפנטלעך פאר אלעמען... שרעקלעך איז געווען דאָס שטילשווייגעניש פון דער כעוורע; נאָר נאָך מער שרעקלעך איז געווען דאָס דאָזיקע כאָסידל, וואָס האָט דערציילט די מייסע פון זיין שוועסטער! זיינע אויגן זענען אָנגעגאָסן געוואָרן מיט בלוט, די ליפּן זענען אים געוואָרן ברוין און בלוי, די הענט האָבן אים געציטערט... ווי א קאץ איז ער ארויסגעשפּרונגען פונעם טיש און אין איין אויגנבליק האָט ער שוין געהאלטן מיין כאווער פאר די אויערן און האָט אים געטרייסלט ווי א לולעוו, זאָגנדיק מיט קאס:

— מאמזער!.. דער רעבע?.. די פּיאווקעס?.. די גאזלענים?.. המליץ?.. זיי זויגן דאָס בלוט?.. דער המגיד?.. אפּיקאָרסים!.. דער רעבע?.. יונגאטש איינער!.. איך וועל דיך דערווארגן!!!..

גאָט ווייסט, צי מיין טייערער כאווער וואָלט ארויס לעבעדיק פון די הענט פון דער דאָזיקער כעוורע, וואָס האָבן זיך ארופגעוואָרפן אף אים, ווי די בייזע וועלף, ווען ניט די באלעבאָסטע זאָל זיך געווען ארייננמישן מיט איר קוויטש. זי האָט אונטערגעשטופּט דעם באלעבאָס מיט דער ליולקע, ער זאָל גיין ראטעווען דעם אומגליקלעכן, און האָט אליין אויך געארבעט מיט די הענט אף אלע זייטן; מיט אירע דינע פינגערלעך האָט זי זיך איינגעפלאָנטעט דעם יונגן כאָסידל אין בערדל אריין און איז אזוי געבליבן הענגענדיק אף אים. כעוורע האָבן זי אויך געוואָלט שלאָגן, נאָר פאר איר האָבן זיך איינגעשטעלט די ווייבער; ערשט דעמלט איז געוואָרן אן עמעסע מילכאָמע, אין וועלכער די באלעבאָסטע האָט איינגענומען; דער באלעבאָס מיט די ווייסע טאכטויונים איז געבליבן אָן א האלבער באָרד. נאָר דאָס ליולקעלע פּאָ־פּאָ־פּאָ איז געבליבן גאנץ... מער פון אלעמען האָט געליזט מיין אָרנטלעכער כאווער! ער איז געווען געגליכן צו א העלד, וואָס דער סוינע איז אף אים אָנגעפאלן פון הינטן און האָט אים צעפּאטשט אף פּיץ־פּיצלעך, אזוי אז עס איז פון אים קיין סאָריד־אופּאָליט נישט געבליבן!.. איינער פון דער

כעוורע, א יונגערמאַנטשיק, האָט אימ אפ דער האַלב צעריסנ דאָס קאַפּאָטקעלע פונ הינטנ גלײַכ ביז דעמ קאָלנער ארופ, אונ די פּאָלעס האָבנ זיכ צענומענ בא אימ, ווי צוויי פליגל בא אנ אָפּגעפליקטנ אָדלער... טרערנ האָבנ זיכ מיר געשטעלט אינ די אויגנ, אז איכ האָב א קוק געטאָנ אפ מײַנ אומגליקלעכנ כאַווערס פּאָלעס... „אָ! — האָב איכ צו זיכ געקלערט, — אָ! וויאַזוי מע יאָגט נעבעכ דעמ אָרנטלעכנ מאַנ אפ דער וועלט פאַר דעמ עמעס!..” דעמ נומער „המגיד” האָט דערטאַפּט אַנ אלטער כאָסיד מיט א צעשפּאָלטענער ליפּ, האָט ער אימ פרוער צעפליקט אפ פּיצלעכ, דערנאָכ האָט ער אימ פאַרברענט אפ א שוועבעלע אונ דעמ אש האָט ער אראָפּגעוואָרפנ אפ דער ערד אונ האָט לאַנג געטאָפּעט אונ געטאַנצט אפ אימ מיט די פיס מיט אזא פריילעכ פּאָנעמ, גלײַכ ווי ער האָט דאָ געקוילעט זײַנ ערגסטנ סוינע אונ באָדט זיכ אינ זײַנ בלוט!..

ארומ זייגער צוועלף באַנאַכט האָט זיכ דער אוילעמ אָנגעהויבנ לייגנ שלאָפנ; די רײַכע האָבנ זיכ צעלייגט אפ בעטלעכ, אונ די אָרעמע — אַזוי אפ דער ערד אפ עטלעכע קוליעס שטרוי, מיט די בורנעסלעכ צוקאָפּנס... די ווײַבער האָבנ זיכ געלייגט אינ א באַזונדערנ צימער, צו צוויי ווײַבער אפ א בעטל, צוגעדעקט מיט די קליידלעכ אונ מיט די שאַלעכלעכ, אונ אזוי ווי איכ מיט מײַנ כאַווער זענענ נאָכ געווענ יונגע קינדער, „פּיסקליאָעס”, ווי די באַלעבאָסטע האָט אונדז אָנגערופנ, אלקיינ האָט מענ אונדז אויסגעבעט אפ א קול שטרוי בא די ווײַבער אינ צימער בא דער טיר (איכ בינ דעמאָלט אלט געווענ זעכצנ אונ מײַנ כאַווער זיבעצנ יאָר...).

פּונקט ווי אינ טעאַטער, ווענ עס הייבט זיכ אופ דער פּאָרהאַנג, דערזעענ מיר פּלוצלימ א נײַע וועלט פאַר אונדזערע אויגנ פאָרגעשטעלט, אקוראַט אזא נײַע וועלט האָט זיכ פאַר אונדז געעפנט דאָ בא די ווײַבער אינ צימער!.. א סאַכ זאַכנ זענענ מיר דאָ געוואָר געוואָרנ, וואָס מיר וואָלטנ דאָס קיינמאָל ניט געוווּסט, ווענ אפילע מיר זאָלנ געווענ שטודירנ אינ אוניווערסיטעט אפ אקושאָרסקע קורסנ... די גרעסטע העלפט ווײַבער האָבנ זיכ דאָ געקורירט בא די גרעסטע דאָקטוירימ „אפ קינדער”... יעדע ייִדענע האָט דערציילט מיט אלע פּישטשעוקעס, אינ וואָס איר שלאָפקײַט באַשטייט. אונ מערקווירדיק! אלע האָבנ געהאַט קימאַט דאָס זעלבע שלאָפקײַט, אונ אלע האָבנ דערציילט ניסימ־ווענילאָעס פונעמ דאָקטער... דאָ איז געווענ גאָר א יונג ווײַבל, וואָס האָט ערשט ניט לאַנג כאַסענע געהאַט, אונ ווי עס האָט אויסגעוויזנ, האָט זי זיכ עפּעס ווי געשעמט

ארויסצורעדן, איך וואָס איר שלאָפֿקײט באַשטייט... אַלע ווײַבער זענען אָפּ איר אַרופֿגעפֿאַלן, אַז זי מוז דערציילן אַקוראַט וויאַזוי און וואָס און ווען!..

— געפֿעלט אײַך אַ ביסל? — האָט זיך אַ מאַקאַרעווער ייִדענע ארויסגעשטעלט פֿאַר דער גאַנצער ווײַבערײַ, — געפֿעלט דיר אַ ביסל? וואָס איז? איר זענט דען ניט קיין ייִדישע טאָכטער? דערוף זענען מיר דאָך „נאָשים" באַשאַפֿן געוואָרן אויף דער וועלט! געפֿעלט דיר אַ ביסל, ווי זי מאַכט דאָ האַווײַעס? נישקאָשע, נישקאָשע! עס איז אַ ייִדישע זאַך! קאַלזמאַן איר זענט געווען אַ מיידל, איז עפּעס אַנדערש; אָבער ווען איר האָט שוין כאַסענע געהאַט, זײַט איר אַ אישע גלײַך מיט אַלע נאָשים!.. האָסטו געהערט אַ ביסל?!..

דאָס יונגע ווײַבל האָט זיך נעבעך לאַנג געמוטשעט, ביז זי האָט געמוזט אַרויסדערציילן אַלצדינג... און טאָמער האָט זי געוואָלט עפּעס איבערהיפּן, האָט זי די מאַקאַרעווער ייִדענע נישט דערלאָזט בעשום־אויפֿן!..

ווען איך זאָל וויסן, אַז צווישן מײַנע לעזער געפֿינען זיך ניט קיין יונגע פּרויענצימער, וואָלט איך דאָ איבערגעגעבן אינגאַנצן די געשיכטע פֿון דעם יונגן ווײַבל; דאָס איז זייער אַ טרויעריקע געשיכטע!.. נאָר מײַן גוטער כאַווער, וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט געקאָנט אײַנהאַלטן פֿון צו לאַכן, ווי מיר האָבן אויבן באַמערקט, האָט זיך שוין לאַנג געשטיקט, צוהאַלטנדיק די נאָז מיט ביידע קולאַקעס, נאָר ענדלעך האָט ער זיך דאָ בײַ דער טרויעריקער מײַסע פֿון דעם יונגן ווײַבל צעלאַכט אויף אַזאַ קאָל, אַז עס איז געוואָרן אַ כומאַטאָכע צווישן די ווײַבער, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו קוויטשען און צו שרײַען, אַז מע זאָל אַרויסטרײַבן פֿונדאַנען די צוויי מאַנצבילן... מיר האָבן זיך איבערגעטראָגן מיט די קלומקעס אין קיך אַרײַן, וווּ די באַלעבאָסטע איז נאָך געזעסן בײַ אַ סטאַמטשיק און האָט, ווי אַ מוטער, צונויפֿגענייט דעם שפּאַלט פֿון מײַן כאַווערס קאַפּאָטע... מיר האָבן איר געזאָגט, אַז מיר קענען עפּעס דאָרט ניט אַנשלאָפֿן ווערן, האָט זי אונדז באַלייגט צווישן אויוון אויף אַ לאַנגן, נאָר אַ שמאָלן טאַפּטשאַן און האָט אונדז צוגעדעקט מיט איר וואַטאָווע קליידל, זאָגנדיק: „שלאָפֿט, שלאָפֿט, קינדערלעך!.." מיר האָבן זיך עפּעס געפֿילט נעבן דער דאָזיקער ייִדענע, ווי נעבן אַ גוטער, ליבנדער, געטרײַער מוטער — און זענען גיך אַנשלאָפֿן געוואָרן מיט דעם זיסן גליקלעכן שלאָף פֿון די אומזינדיקע יונגע קינדער!.. זײַט זיך מוידע,

ליבער לעזער, צי שלאָפט איר אצינד אזוי זיס, אזוי געשמאק, אזוי רייג אונ אזוי בארוט, ווי איר פלעגט אמאָל אנשלאָפנ ווערנ אינ די יונגע אומשולדיקע יאָרנ?!..

## דאָס פערטע קאפיטל

ווו עס ווערט באשריבנ, וויאזוי מיינ גוטער כאווער אריע־לייב זייגט א קינד אונ שיילט קארטאָפליעס...

— ווו זענענ מיר?.. — האָב איכ געפרעגט מיינ כאווער, אז מיר זענענ אופגעשטאנענ פונעם שלאָפ אונ האָבנ זיכ אָנגעהויבנ ארומקוקנ ארום זיכ.

— ווו זענענ מיר?.. — האָט מיר מיינ כאווער געענטפערט, רייבנדיק זיכ די אויגנ.

די „פוילישע אכסאניע" איז געווענ פוסט אונ ליידיק; קיינ נעפעש איז ניט איבערגעבליבנ פונ דער גאנצער נעכטיקער כעווריע; אפילע דער באלעבאָס מיט די ווייסע טאכטוינים אונ מיטנ ליולקעלע פאָ־פאָ־פאָ איז אויכ ניט געווענ! וואָס באטייט דאָס?.. מיר האָבנ געכאפט ארופציִענ אפ זיכ די בגאָדים אונ אָנגעהויבנ צוצוהערנ צו א שאָראָכ... ענדלעכ האָט זיכ אונדז אויסגעדאכט, אז מיר הערנ עפעס א מאָדנע געזאנג, פונקט ווי א קליינ קינד וויינט... מיר זענענ קוים ארויסגעקראָכנ פונעם צווישנ־אויווג אונ האָבנ יאקאָש דערקענט אונדזער „פוילישע אכסאניע" אונ האָבנ זיכ קוים דערמאָנט, אז מיר זענענ דאָ, אינ דער גרויסער שטאָט.... נאָר וואָס הייסט דאָס, וואָס מע זעט ניט קיינ לעבעדיקנ מענטשנ? צי מע האָט דאָ אויסגעהארגעט אלעמענ אונ נאָר אונדז האָט מענ איבערגעלאָזט? צי זיי האָבנ זיכ ערגעץ צעלאָפנ? וואָס זשע איז דאָס פאר א קאָל פונ א פיצעלע קינד?

— איכ פארשטיי דאָס ניט! איכ פארשטיי דאָס ניט! — האָט מיינ כאווער געזאָגט צו זיכ אליינ אונ האָט מיר דערמאָנט אקוראט אזא געשיכטע, וועלכע ער האָט אמאָל געלייענט, וויאזוי צוויי רייזנדע זענענ געקומענ אינ א פאלאץ ארייג אינמיטנ פעלד, דאָרטנ, ווו די שווארצע נעגערס געפינענ זיכ אזוו. אזוו... מיינ כאווער וואָלט נאָכ לאנג דערמאָנט אמאָלעדיקע מייסעס, מיט וועלכע ער האָט זיכ אָנגעלייענט, ווי א פויק, נאָר דאָס קינד האָט אָנגעהויבנ צו שרייענ אלץ העכער אונ שטארקער, ביז מיר זענענ געגאנגענ נאָכ דעם קאָל אונ

האָבן דערזען, אַז פֿון יענער זײַט אויוון הענגט אַ שטרויענע וויגעלע אַף פֿיר שטריקלעך, און אין דעם וויגעלע ליגט אַ שטיקל פֿלייש און רעוועט אַף אַ מעשונע שרעקלעך קאָל!..

— וואָס זאָגסטו עפּעס אַף אַזאַ מין באַשעפֿעניש? — האָט צו מיר אַריע־לייב געזאָגט, באַטראַכטנדיק די דאָזיקע קאַרטינע. — מיר דאַכט, אַז דאָס דאַרף זײַן דער באַלעבאָסטעס קינד, מאַכמעס זיי האָבן בײדע איין קאָל מיט איין קוויטש, הער זיך נאָר צו אָקאָרשט!..

אַז דאָס קינד האָט אונדז דערזען, האָט עס אַרויסגעלאָזט פֿונעם מויל עפּעס אַ שטיקל שמאַטע, וועלכעס עס האָט געזויגן, און האָט אָנגעהויבן צו דרייען מיטן קעפּל אַהין און אַהער און מאַכן מיט די ליפּלעך, גלײַך ווי עס נעמט אָן צו זייגן; נאָר אַז עס האָט דערזען, אַז מע גיט אים ניט דאָס, וואָס עס וויל, האָט עס זיך ווײַטער אָנגעבלאָזן, אַרויסגעשטעלט דאָס צינגעלע אַרויף צום נעזל און האָט זיך אַזוי געריסן די קישקעלעך, אַז איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז שוין אַן עק פֿונעם קינד!..

— ווייסטו, וואָס איך וועל דיר זאָגן? — האָט זיך צו מיר מײַן כאַווער געווענדט, — עס איז אַ ראַכמאָנעס אַפֿן קינד, כ׳לעבן; עס וויל נעבעך עסן, און מע גיט אים ניט; עס רײַסט מיר דאָס האַרץ, זע נאָר זע, ווי עס ווערט אַזש בלוי און גריגן שרײַענדיק... וואָס טוט מען?..

און מײַן וויכהאַרציקער כאַווער איז צוגעגאַנגען צום קינד און האָט אים אַרײַנגעלייגט אַ פֿינגער אין מײַלעכל אַרײַן; דאָס קינד איז אַף אַ מינוט אַנשווייגן געוואָרן און האָט זיך צוגעכאַפּט צום פֿינגער, ווי צו עפּעס רעכטס, און האָט אים גענומען זייגן מיט אַלע קויכעס; נאָר אַזוי ווי מײַן כאַווערס פֿינגער איז געווען אַ געוויינלעכער פֿינגער, ווי בײַ אַלע מענטשן, האָט דאָס קינד דעם פֿינגער אַרויסגעלאָזט און האָט נאָך מער גענומען שרײַען... מײַן אַריע־לייב איז געווען אויסער זיך פֿאַר האַרצווייטיק! ער האָט זיך אָנגעבויגן צום קינד און האָט אָנגעהויבן צו סמאָטשקען, צו פֿײַפֿן און צו זינגען: „אַ־אָ! אַ־או! פּיצעלע! או! או! ברעקעלע!”. דאָס פּיצעלע, דאָס ברעקעלע האָט אים אָבער קאַרג וואָס געהערט: אין דער דאָזיקער מינוט האָט עס מער ניט געקלערט, נאָר פֿון איין זאַך אַף דער וועלט — וועגן דער ברוסט!.. דאָס קינד האָט עטלעכע מאָל געזויגן מײַן כאַווערס פֿינגער, די נאָז, די אונטערשטע ליפּ, און די קוילעס זײַנען פֿון אים געגאַנגען ביז צום זיבעטן הימל!.. מיט טרערן אַף די אויגן האָט מײַן גוטער כאַווער אַרויסגענומען דאָס דאָזיקע מענטשעלע פֿונעם וויגעלע און האָט עס גענומען אַרומטראָגן

איבער דער שטוב, שפּרינגענדיק און טאנצנדיק און שרײַענדיק מיט א װײנענדיק קאָל: „נו, שא, שא, פּיצעלע! שא, שא, ברעקעלע! די שלעכטע מענטשן, די מערדער האָבן דיך אװעקגעװאָרפן, שא, שא! זײ האָבן דיך איבערגעלאָזט, װי א װילדע כײַע פאַרלאָזט אירע קינדערלעך, שא, שא! נו, שא, שא, ברעקעלע! שא, שא, שװעלבעלע! אפילע א שלאנג, א לעמפּערט טוען אױך מיט ראכמאָנעס שפּײַזן זײערע קלײנע שלאנגעלעך מיט זײערע קלײנע לעמפּערטלעך! שא, פײגעלע! שא, ברעקעלע! שא, שװאלבעלע! אזױ. אזױ...״

אך, װער עס האָט אין דער דאָזיקער מינוט ניט געזען מײַן אָרדנטלעכן, גוטן, טײַערן כאװער, דער האָט גאָר קײן שײנס אפ זײַן װעלט נישט געזען! ער איז געװען געגליכן צו... צו װאָס זאָל איך אים גלײַכן? א מוטער, א גוטע ליבװײרדיקע מוטער קען געװיס ניט אזױ אײַנעמען מונטערהאפט א קלײן קינד, װי מײַן כאװער האָט אײַנגענומען דאָס דאָזיקע הונגעריקע באשעפעניש, װעלכעס איז סאָפּקאָלסאָף אנשלאָפן געװאָרן בא אים אפ די הענט!..

— עס שלאָפט שױן!.. — האָט ער מיר שטילערהײט געזאָגט, און מיט אזא פרײלעכן, גליקלעכן פּאָנעם, גלײַך װי גאָט װײסט װאָס...

— אױ א מאקע!.. אױ א דונער!.. דײַן מאמע פאר דיר!.. טאטע טײַערער!.. פאר דײַנע בײנער!.. פאר דײַן הארץ!.. גוט הונגעריק?.. גוט געװײנט?..

מיט דעם דאָזיקן צעריסענעם מאָנאָלאָג איז די באלעבאָסטע ארײַנגעלאָפן אין שטוב ארײַן מיט א פולן קאָשעק אײער, פלײש, ציבעלעס, ברײטלעך, פּעטרעשקע, כרײן אזױ. און איז אין אײן אױגנבליק צוגעלאָפן צו אריע־לײבן, האָט א כאפּ געטאָן דאָס קינד און האָט אים פארשטאָפּט דאָס מױל מיט דער ברוסט און האָט זיך אין אײנװעגס גענומען צו דער ארבעט: אױסזאלצן דאָס פלײש, צעבראָקן די ציבעלעס, שײלן קארטאָפליעס אזױ., גיך, גיך, רײדנדיק:

— אױ איז מיר!.. אײן מענטש אלײן!.. גײ צערײַס זיך!.. די קו מעלקן... דער מארק... א שטוב ניט צו פארזינדיקן... קינדערלעך... די עלטערע דינען... קלענערע אין כײדער... עסן... דירע־געלט... א פּריסטאװ... א מאלבעש... קײן דינסט נישטאָ... דער מאן אין קלױז... אױ א גאָרנישט!.. איך װער פארשװארצט... שױן אכצן יאָר... דאָס דריטע װײַב... געװען א פארשױן... געװאקסן א ראָסקאָש... א באס־יעכידע... צו פופצן יאָר... גוטע לײַט פארשלײערט... און ער בא דעם רעבן... קײן האנט אין װאסער... אלע יאָר א קינד... אמאָל א פּאָרל... אױסגעדארט... קומט צום גרײטן... הײַנט אן

אויערבּ.... דאָס שטיקל ברויט... קוים־קוים מיט דאַכקעס... גייט אַ ווינטער... נאַקעט, באָרוועס... דורכ אַלײנ... אוי איז מיר!..

קוקנדיק אַפ דעמ דאַזיקנ אויסגעטריקנטנ ווײַבל אונ הערנדיק איר צעריסענע בּיאָגראַפיע, האָט אונדז דאָס האַרצ געקלעמט פאַר ראַכ־מאָנעס, אונ מײַנ גוטער כאַווער, וועלכער איז טאָמיד געווענ גרייט מיטצוהעלפנ דעמ אָרעמענ אונ דעמ געפאַלענעמ, איז צוגעגאַנגענ צו דער באַלעבאָסטע, האָט זיכ צוגעזעצט צו איר אונ זיכ גענומענ העלפנ שיילנ די קאַרטאָפליעס, אונ מיר האָט ער אַ ווונק געטאָנ, איכ זאָל העלפנ אַרײַנטראָגנ האָלצ אונ וואַסער.

— ווײַלע קינדער! — האָט אונדז די באַלעבאָסטע געזאָגט, וויגנדיק דאָס קינד מיט דעמ פוס פאַר אַ שטריקל אונ שאָבנדיק דעמ כריינ, — גוטע קינדער!.. מײַנ רוועלע זאָל לעבנ אויכ אַזוי... באַ־שטעלט בּאַ אַ שוסטער... וואָס, איכ בעט אײַכ?.. געצאָלט סכאַר־לימעד ביז זעכצנ יאָר... גענוג!.. מײַנ כאַזמל אינ אַ קלייט... ניט אינ בעסטנ... באַשטענדיק אינ דרויסנ... שלעפּנ קוינים... מײַנ רייזעלע דינט... זייער גוט... רײַכע מענטשנ... אָפּט מאַטאָנעס... מײַנע קלענערע... אַ סאַכ געשטאָרבנ... אוי איז מיר!.. קימאַט פונ הונגער... אַ הייליקע שטאָט... מע לאָזט ניט זיצנ... אַ ייִד אינ גאָלעס... ניט געהאַט קיינ בלעטל... ניט געלאָזט דאָ שטיינ... איכ צומ גוויר... דער מאַנ צומ רעבנ... צומ גוויר ניט דערלאָזט... דער רעבע ניט געהאָלפנ... אַ יאָר אָנ ברויט... דאָס העמד פאַרקויפט... ביז גאָט האָט געהאָלפנ... אַ גוטער פּריסטאַוו... נעמט אַ קערבל... מע זיצט אַפ קוילנ... ניט הײַנט איז מאָרגנ... אוי איז מיר!..

— ווו זשע זענענ אײַערע גרויסע מענטשנ, די מעפורסעמדיקע לײַט, די מאַסקילימ, וואָס לאָזנ זיכ הערנ אַפ דער גאַנצער וועלט?! — האָט זי מײַנ אַריע־לייב אַ פרעג געטאָנ, האַלטנדיק פאַרטראַכט אינ איינ האַנט דאָס קאָלאָדאַטש־מעסער אונ אינ דער אַנדערער האַנט אַ ניט־דערשיילטע קאַרטאָפליע... — ווו זענענ די היגע רעדאַקטערעס, די מעכאַברימ, די קאָרעספּאָנדענטנ, די פּאָליטיקאַנטנ, די פילאָזאָפנ, די שרײַבער, וואָס מע דרוקט וועגנ זיי אינ די גאַזעטנ אַזעלכע וווּנדער־לעכע זאַכנ, די דאָרטיקע שרײַבער, וואָס...

— די שרײַבערס? — האָט אימ די באַלעבאָסטע איבערגעשלאָגנ זײַנע רייד, אַרויסכאַפּנדיק אַ זודיקנ אָקראָפּ פונעמ אויוונ, — די שרײַ־בערס?.. וואָס קענענ זיי מיר העלפנ?.. בּאַ אונדז אינ טשאַסט זענענ דאָ צוויי שרײַבערס... מע רוקט זיי אַמאָל אַרײַנ אַ קערבל... אַמאָל אַ

האלבם... מאכן זיי א שוויַיג... דער איקער איז דער פריסטאוו... ער ציט די קליי... ער זאָגט א בלעטל...

— ניין! — האָט איר מײַן כאַווער געזאָגט. — ניין! ניט די דאָזיקע שרײַבערס מיין איך! איך מיין די מאסקילים, די מעכאבּרים, די רעדאַקטערס פון די גאַזעטן, אשטייגער: מאפּו, לעווינזאָן, גאָטלאָבער...

— איך ווייס ניט... איך קען זיי ניט... — האָט איים די באַלעבאָסטע געענטפערט. — איך קען נאָר וואסיל כוועדאָראָוויטש... אַנטאָן סטעפּאַנאָוויטש... און אַרטעם איוואַנאָוויטש... און ווײַטער איז דאָ איינער מיט א גראָבער ליפּ... און נאָך איינער אַן אַלטער... פּראָסטע לײַט... אַמאָל א גלעזל בראָנפן... אי דאָס נאָר אונטער א יאָמטעוו...

— ניין, ניין! איר ווייסט ניט, וואָס איך מיין!—האָט צו איר אַריע־לייב געשריגן אַפּ א קאָל,—איר פאַרשטייט ניט, וואָס איך זאָג!— איך מיין די גרויסע לײַט, די גדויליי־האַדאָר, די מענטשן, וואָס גייען אין דער ליכטיק, די הײַנטיקע מעכאַברים, וואָס ווײַזן אונדז דעם רעכטן וועג, וואָס פירן אונדז ארויס פון דער פינצטערניש, וואָס זייערע נעמען זענען געדרוקט אַפּ די בלעטער פונעם „הכרמל" און פונעם „המגיד", „המגיד", „המגיד"!!!

בא די דאָזיקע ווערטער, וועלכע מײַן אָרנטלעכער כאַווער האָט אויסגעשריגן אַפּ א קאָל קימאַט מיט טרערן אין די אויגן פאַר האַרצווייטעק, האָט זיך אופגעעפנט די טיר, און עס איז ארײַנגעקומען רעב לייביש אַליין, דער באַלעבאָס מיט די ווײַסע טאַכטוינים, מיטן טאַלעס־זעקל אונטערן אָרעם און מיטן ליולקעלע פּאַ־פּאַ־פּאַ אין די ציין... שטיל, אַן ווערטער איז ער צוגעגאַנגען צום ווינקל־שאַפקעלע, האָט זיך אָנגעגאָסן א גלעזל בראָנפן און האָט א קוק געטאָן אַפּ דער באַלעבאָסטע, וועלכע האָט אים צוגעטראָגן אַן אייער־קיכל אַפּ צו פאַרבײַסן און האָט גענומען גרייטן צום טיש... קוקנדיק אַפּ אים, האָבן מיר זיך דערמאָנט אָן די נעכטיקע פּעטש און זענען אָפּגעטראָטן אַפּ א זײַט... און רעב לייביש האָט זיך גאַנץ שטיל און זייער בעניִמעס אָפּגעגעסן אָנבײַסן, האָט זיך פאַררייכערט דאָס ליולקעלע און האָט זיך צוגעלייגט רוען... מיר האָבן אויך איבערגעכאַפּט עטוואָס און זענען זיך ווידער ארויסגעגאַנגען וואַנדרעווען איבער דער גרויסער שטאָט, וו קימאַט אַפּ יעדן טריט האָבן מיר זיך אָנגעזען מיט ווילדע כידושים, וועלכע ווערן באַשריבן אינעם פאָלגנדן קאַפּיטל.

# דאָס פינפטע קאפּיטל

**ווי עס ווערט באשריבנ, וויאזוי די פייגעלעכ ווארפנ פונ זיכ אראָפּ די אלטע פעדערנ אונ ווערנ אזוי פארענדערט, אז עס איז שוינ שווער צו דערקענענ...**

שוינ לאנג, נאָכ אינ כיידער, האָבנ מיר זיכ אָנגעהערט פונ די וווּנדערלעכע אנטיקנ, וועלכע געפינענ זיכ אינ דער גרויסער שטאָט, אשטייגער לעמאָשל, ווי אינמיטנ מארק זיצט שימשנ־האגיבער רײַטנדיק אפּ א לייב; ער צערײַסט אימ דאָס מויל אפּ דער העלפט — אונ פונעמ מויל גיסט זיכ וואסער, אונ נאָכ אזעלכע אנטיקלעכ, וואָס נאָר א גרויסע שטאָט קענ דאָס פארמאָגנ... גענונג שוינ, דאכט זיכ, אז מע הערט זיכ אָנ פונ אזעלכע בידושימ, אוביפראט נאָכ, אז מיר זענענ זוויכע געוועננ אליינ צו זענ מיט אונדזערע אויגנ, ווי שימשנ־האגיבער זיצט רײַטנדיק אפּנ לייב אונ עס גיסט זיכ, ווי פונ א קוואל, וואסער!..

— קוק, — האָט צו מיר געזאָגט מײַנ כאווער, — קוק, ווי אפילע בא זיי זענענ מיר אויכ אָנגענומענ מיט אונדזער עמונע, מיט אונדזערע גרויסע לײַט! בא זיי איז געוויס ניטאָ אונ עס וועט ניט זײַנ אזא שימשנ־האגיבער, ווי בא אונדז יידנ, אזא שימשנ־האגיבער, וואָס מיט איינ באק פונ א מויל־אייזל האָט ער אויסגעהארגעט צענ מאָל צענ טויזנט מענטשנ פונ די פלישטימ! מיר יידנ זענענ פאָרט אנ אויסדערוויילט פאָלק!!..

מײַנ פאטריאָטישער כאווער האָט זיכ אזוי צעהיצט, אז ער איז מיט א שמייכעלע צוגעגאנגענ צו א באָסיאק, וועלכער איז געשטאנענ בא דעמ באסיינ מיט וואסער פונ „שימשנ־האגיבער" אונ האָט זיכ געטרונקענ פונ א קוואָרט; דער באָסיאק האָט אונדז באטראכט פונ קאָפּ ביז די פיס אונ א פרעג געטאָנ:

— שטאָ נאדאָ?

— או וואשיכ נעמא טאקאָהאָ שאמשאָנע יאק או נאשיכ! — האָט זיכ צו אימ מײַנ אריע־לייב מיט גאדלעס געווענדט, ווײַזנדיק אימ מיטנ מינדסטנ פינגערל אפּ דער סטאטוע „שימשנ־האגיבער".

דער באָסיאק האָט אימ דערופּ גאָרניט געענטפערט; ער האָט נאָר אָנגעשעפּט א פולנ עמער מיט וואסער פונעמ קוואל אונ האָט אימ אויסגעגאָסנ מײַנ כאווער אפּנ קאָפּ...

— וואָס טוט מענ אצינד? — האָט מיכ מײַנ אריע־לייב א פרעג געטאָנ, אָפּטרעסענדיק זיכ פונ דעמ וואסער, וואָס האָט גע־

רונענ פאטאקעסווניז פונ אימ; עס איז האב פאשעט א כארפע, א ביזאיענ אינ אזא גרויסער שטאט אזוי ארומצוגיינ!..

— אהער, יונגערמאנ, אהער, פעטערקע, אהער! וואס קויפט איר גוטס? — האט זיכ צו אונדז א לאז געטאנ קימאט א גאנצ טוצ ידישע מעשארסימלעכ, רייסנדיק אונדז פאר די פאלעס. — אהער! צו אונדז! וואס דארפט איר? הויזנ, פאטיאזקעס, קאפעלישלעכ, העמדער, שטיוועלעכ, שניפסלעכ, קעמעלעכ, בורנעסלעכ, זאקנ, זייפ, מאנישקעס, פאמאדע אזוו. אזוו!..

איכ האב אפילע ניט אוספייעט א שפיי טאנ אפ דער טיטשקע מעשארסימ, וואס זענענ אונדז, ווי די הינט, באפאלנ, האב איכ שוינ דערפילט, ווי צוויי יונגאטשעס טראגנ מיכ אפ די הענט: דער אהינ, דער אהער, אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז מע האט מיכ אריינגעטראגנ אינ א קלייט אריינ אונ מע האט פארשלאסנ די טיר פונ אינווייניק!.. טויט בינ איכ געווענ פאר פאכעד, איידער איכ האב דערהערט, אז מע וויל מיר ווייזנ סכוירע... ניט אפ צו קויפנ דאפקע, כאלילע! נאר אנקוקנ אונ זענ, אז דא איז בעזיל־האזאל, האלב אומזיסט, מאכמעס עס איז פאר א יאריד אונטער א יאמטעוו אזוו. אזוו.. אזוי האט מיר געשווארנ דער באלעבאס אליינ בא זיינ נעמאנעס אונ בא זיינ ווייב אונ קינדער!.. אונ ער האט גענומענ מיר ווארפנ סכוירע פונ די פאליצעס אנ א שיר, אנרופנדיק מיר יעדער זאכ בא דעמ נאמענ אונ ווייזנדיק מיר דאס גוטסקייט, דאס שטארקייט, דאס פרישקייט אונ דאס שיינקייט אזוו.! ענדלעכ איז דער באלעבאס (א ייד מיט א שיינער קיילעכיקער בארד) אפגעטרעטנ אפ א זייט, צווייפגעלייגט ביידע הענט אפנ הארצנ אונ האט געזאגט צו מיר:

— נו? אצינד קלייבט איכ אויס, וואס איר באגערט!..

— יא! — האב איכ אימ געענטפערט, קוקנדיק אפ דער טיר מיט יעסורימ, — יא, איכ ווארט אבער אפ מיינ כאווער... איכ וויס ניט, וווהינ האבנ אימ די כעוורע אהינגעטאנ?..

— דאס איז אייערער א כאווער?! — האט מיכ דער קרעמער א פרעג געטאנ אונ האט זיכ געווענדט צו די מעשארסימ מיט גרויס קאס:

— פרעסערס! וואס האט איר ארויסגעלאזט פונ די הענט דעמ יונגנמאנ? דאס איז דאכ טאקע זייערער א כאווער! גייט אונ ברענגט אימ די רעגע! ווענ ניט, זאל זיכ אייער פוס בא מיר ניט געפינענ! איר הערט? צי — ניינ?!..

אינ עטלעכע מינוט ארומ האט מענ מיינ אריע־לייבנ אריינגעטראגנ

א צעבלוטיקטנ, אָנ אנ ארבל אונ אָנ א היטל... א ראכמאָנעס, א הארצווייטעק געווענ צו קוקנ אפ דעמ דאָזיקנ אומגליקלעכנ אָרנטלעכנ באָכערל, וואָס איז גאָט די נעשאָמע שולדיק געווענ אונ וואָס איז פאר יערנ באזונדער אָפגעקומענ נעבעכ אפ דער וועלט!.. אונדזער קרעמער האָט געשוואָרנ בא ווײַב אונ קינדער, אז ער וועט זיכ אָפרעכענענ מיט זײַנ שאָכנ, דעמ אנדערנ קרעמער, וואָס האלט אזעלכע היציליעס, וואָס לאָזנ קיינ מעשוגענעמ הונט ניט דורכגיינ צווישנ די קלייטנ, אזוי.

איינגנטלעכ האָט אונדזער קרעמער באדארפט צופרידנ זײַנ פונ דער דאָזיקער מילכאָמע, אינ וועלכער מײַנ גוטער כאווער האָט אָנגעוואָרנ אנ ארבל פונעמ צעריסענעמ קאפאָטקעלע צוזאמענ מיטנ באראשקענעמ היטעלע... אונ דעסגלײַכנ אריע־לייב האָט זיכ אויכ ניט אזוי שטארק צוגעלאָזט צומ הארצנ די דאָזיקע מײַסע, מאכמעס ער האָט מיר שוינ לאנג געגעבנ אָנצוהערנ, אז דאָ געפינענ זיכ אזעלכע קלייטנ, אינ וועלכע מע גייט ארײַנ א נאקעטער, א באָרוועסער, ווי די מאמע האָט דיכ געהאט, אונ מע גייט פונ דאָרטנ ארויס מעלובעש, ווי א גראפ! דער קרעמער האָט דאָס באלד פארשטאנענ נאָכ די פראגנ, וואָס מײַנ קלוגער כאווער האָט אימ פאָרגעלייגט, אונ האָט זיכ לעכאטכילע מיט אונדז באדונגענ, אז ער נעמט צו בא אונדז די אלטע מאלבושימ אונ גיט אונדז פאר זיי שפּאָגל־נײַע נאָכ דער לעצטער מאָדע אונ פאָדערט פונ אונדז צוצאָל ניט מער אונ ניט ווייניקער פונ 30 רובל זילבער. מײַנ אָפנהערציקער כאווער האָט אימ אויסגעזאָגט דעמ עמעס, אז עס געפינט זיכ בא אונדז אצינד ניט מער ווי 12 קערבלעכ, האגאמ ער (אריע־לייב) גלייבט אימ אפ נעמאָנעס, אז עס איז א מעציִע 20... אונ מע האָט אונדז באקליידט: מיר האָט מענ געגעבנ א פאָר לאנגע אונ שמאָלע טשערעפינקענע טאכטוינימ, וועלכע זענענ קוימ מיט צאָרעס ארופגעקראָכנ אפ די גרויסע פאָר שטיוואלעס, וועלכע דער קרעמער האָט זיכ געווונטשנ פאר זיכ אזא יאָר (אונ איכ פארגינ אימ מיטנ גאנצנ הארצנ!..). צו די דאָזיקע שמאָלע רויט־קעסטלדיקע הויזנ האָט מענ מיר אָנגעטאָנ א גרויסנ א ברייטנ ווײַסנ קאמזויל פונ א גראָבנ פאָרעצ... „נישקאָשע! — האָט מיר דער קרעמער געזאָגט. — איר זענט נאָכ א יונג קינד — איר דארפט נאָכ וואקסנ!..“ אונ פונ אויבנ האָט מענ מיר אָנגעטאָנ א גרינעמ פידזשאק, פונ וועלכע די קעשענעס זענענ געווענ נידעריקער פונ די קניִעס, אונ די ארבל האָב איכ שוינ אליינ געמוזט פארקאטשענ א האלב ארשינ; דערצו האָט מיר אָבער דער קרעמער געהייסנ גוט באטראכטנ, וואָס פאר א מינ קאָלנער אינ אימ ליגט!.. אפנ קאָפ האָט מענ מיר אָנגעטאָנ א קליינ קינדערש קאפעליושל, וועל־

כעס איך האָב אַליינ אויסגעקליבנ, נאָכ מײַנ אייגענעמ גוסט; אַליינ האָב איך דאָס בעשומ־אויפנ ניט געקענט אָנטאָנ, מאַכמעס עס איז גע־ווענ זייער ענג אַפנ קאָפּ, נאָר דער קרעמער האָט דאָס אַזוי גוט אָנגע־רוקט בערייִש, אַז עס איז שוינ ניט מעגלעכ געווענ אַראָפּצונעמענ. „עס וועט זיכ גיכ צעציִענ, — האָט ער מיכ געטרייסט, — א קאַפּעליוש איז ניט קיינ באַק־דייזשע!..״

פונקט דאָס אייגענע פאַרקערט האָט ער געזאָגט מײַנ כאַווער, אָנמעסטנדיק אימ א צילינדער־הוט, א גאַנצ גרויסנ, א געקנייטשטנ, מיט עטלעכע שפּאַלטנ בא די זײַטנ: „א שליאַפּע מוז זײַנ גרויס אַפּ דעמ קאָפּ! דער קאָפּ האָט ליב, אַז עס איז אימ גרוימ! דער קאַפּעליוש וועט זיכ אײַנלויפנ, און דער קאָפּ וועט אונטערוואַקסנ, וועט זײַנ א מעכײַע־נעפאָשעס!..״ איך בינ שטאַרק איבעראַשט געוואָרנ, ווענ איך האָב דערזענ מײַנ געטרײַענ כאַווער שטאַרק צונויפגעצויגנ און אײַנגע־שפּיליעט מיט א שמאָל רעקל און מיט גילדענע קנעפּלעכ, ווי בא אַנ אָפיצער, אָדער ווי בא א גימנאַזיסט!.. „דאָס איז הײַנט די גאַנצע מאָדע!״ — האָט מיר דער קרעמער געזאָגט, אָנקוועלנדיק פונ מײַנ שיינעמ כאַווער, וואָס איז געווענ אײַנגעשראָמפּנ אינ דעמ רעקל, ווי אינ א קאָרסעט... קיינ קאַמזויל האָט מענ שוינ ניט באַדאַרפט; נאָר הויזנ האָט מענ אימ אויסגעקליבנ זייער קורצע און זייער גראָבע מיט אויסגעריבענע קניִעס; „א הויז האָט ליב גראָב! — האָט אונדז דער קרעמער אויפגעקלערט, — א הויז האָט ליב וואַרעמ!..״

— מיר דאַכט, אַז אינ די פּיס איז מיר א ביסל ענגלעכ? — האָט זיכ מײַנ אַריע־לייב נעבעכ געקלאָגט.

— כאַס־וועשאָלעמ! — האָט דער קרעמער געענטפערט, — כאַס־וועכאָלילע! וואָס רעדט איר? הײַנט טראָגט מענ נאָר אַזא שטיוועלע! א פּויער טראָגט טשאָבעטעס! ווייס איך וואָס איר רעדט! נאַט אײַכ נאָכ א נײַס!.. טראָגט געזונטערהייט! פאַרניצט געזונט! — האָט ער אונדז געבענטשט, באַגלייטנדיק פונ קלייט און צייִלנדיק מיט ציטערנ־דע פינגער „דעמ פּידיענ״... — פאַרניצט געזונט! צערײַסט געזונט! א גוטנ טאָג! א גוט יאָר!..

— הוררררא!!! קאָמעדיאַנטשיקעס!!! — האָבנ אונדז די כעוור־רע מעשאָרסימ פונ יענע קלייטנ נאָכגעשריִענ, באַגלייטנדיק אונדז העט־העט גאַנצ ווײַט. — הוררררא! קאַפּעליוש!!! ער האָט אײַכ גוט אָפּגע־קאָכט??? הוררא!!!..

— מיר דאַכט זיכ, אַריע־לייב, אַז דאָס זענענ שוינ געווענ אונדזערע לעצטע 12 קערבלעכ... וואָס וועלנ מיר דאָ טאָנ אָנ א גראָשנ געלט?..

— האָ? ביסט עפּשער טאַקע קימאַט גערעכט... — האָט מיר מײַן באַוועך געענטפערט. — וואָס וועלן מיר טאָן אַצינד? מיר זאָלן זיך כאָטש גיכער דערשלאָגן צום ראַבינער!.. דער לערער זאָגט, אַז ער וועט אונדז צונעמען, ווי די בעסטע געסט, און וועט אונדז באַשיצן אונטער זײַנע פליגל... ער האָט אים אָנגעשריבן אַזאַ הויכן, אַזאַ שאַרפן מעליצע־בריוו, אַז מע דאַרף צעגאָסן ווערן פאַר גענווייִן!..

— דער בריוו איז דאָ בײַ דיר, אַריע־לייב?

— סטײַטש ווי דען? וואָס זענען מיר אָן דעם דאָזיקן בריוו?..

— שאַ, אַריע־לייב, לאָמיר אַ פרעג טאָן בײַ דעם דאָזיקן ייִדן, טאָמער ווייסט ער, ווו וווינט דאָ, ערגעץ דער ראַבינער?

דער ייִד האָט אונדז אָנגעוויזן אין דער אַנדערער גאַס אויף אַ גרויסן ווײַסן מויער, און מיר האָבן זיך געלאָזט גיין. בײַ דעם דאָזיקן מויער האָבן מיר זיך נאָך אַ ביסל אַרומגעדרייט, ביז מע האָט אונדז אָנגעוויזן אויף דער טיר, אויף וועלכער עס איז געווען צוגעשלאָגן אַ מעשענע טאַבליצע (Казенный Раввинъ); מיר האָבן לאַנג געקלאַפּט אין דער טיר, ביז אַ דורכגייער האָט אונדז אָנגעוויזן, אַז מע דאַרף אַ ציִ טאָן דאָס גלעקל... ערשט דעמאָלט האָט זיך אויפגעעפנט די טיר, און אַ מיידל האָט אונדז גענומען באַטראַכטן, שטשירענדיק די ציין און פרעגנדיק: „וואָס דאַרפט איר?"

— צום ראַבינער, — האָבן מיר איר געענטפערט, — צום ראַבינער!

דאָס מיידל האָט אַ ביסל געטראַכט, צי זאָל זי אונדז יאָ אַרײַנלאָזן צי ניין... ענדלעך האָט זי אונדז געעפנט די טיר און האָט אונדז געהייסן אַרײַנגיין און צוואַרטן אַ ביסעלע דאָ אין פריכאָזשע.

— זאָגט מיר, איך בעט אײַך, — האָט זי מײַן באַוועך, גייענדיק, אַ פרעג געטאָן, — דאָס איז טאַקע זײַן מויער, טאַקע אַן אייגענער?

דאָס מיידל האָט אויסגעשאָסן אַ געלעכטער און איז אַוועקגעלאָפן אין דעם צווייטן צימער אַרײַן.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זי זיך אומגעקערט, און פאַרשטעלנדיק מיט בײדע הענט דאָס מויל, האָט זי קוים־קוים אויסגערעדט: „קומט אַרײַן!.. טוט אויס די קאַפּעליושן!.. כי־כי־כי!!.." מיר האָבן אויסגעטאָן די קאַפּעליושלעך און זענען אַרײַנגעקומען אין אַ גרויסן אויפגעפוצטן קאַבינעט מיט טײַערע שאַפעס און מיט גאַנץ גרויסע שפּיגלען און מיט אַזאַ מעבל, וואָס מיר האָבן נאָך אַזעלכעס קיינמאָל נישט געזען!.. גלײַך אַקעגן אונדז איז געזעסן אַן עלעגאַנטער מאַן מיט

א גרויסער ליסינע אפן קאָפּ, מיט א געשווירענער באָרד, מיט גילדענע ברילן אפ דער נאָז און מיט וואַטע אין די אויערן.

— נאַם טרעבאָ דאָ ראַבינטשעקאַ! — האָט זיך צו אים מײַן אריערלייב געווענדט גאַנץ איידל און אכטונגספול.

—איך בין דער ראַבינער, וואָס ווערט איר זאָגן? זיצט! — האָט אים דער ראַבינער געענטפערט אפ פּאָשעט יִדיש און האָט אונדז אָנגעוויזן אפ צוויי הויכע, ווייכע קרעסלעס.

מײַן כאַווער האָט זיך שוין געוואָלט צוזעצן אפ דער שטול, נאָר אומגעריכט האָט ער זיך פארטשעפּעט אין איינעם פון מײַנע גרויסע שטיוואלעס, ער האָט זיך נעבעך אויסגעגליטשט און האָט געגעבן א פאַל אפ דער ערד צוזאַמען מיט מײַן שטול, און פאַלנדיק האָב איך מיט מײַנע צוויי שטיוול אומגעוואָרפן א גרויסן טאָפּ מיט וואַזאָנעס און צעבראָכן אפ פּיצ־פּיצעלעך א פלאַש טינט, וועלכע האָט זיך צעגאָסן איבער דער גאַנצער פּאָדלאָגע און האָט אונדז פארשפּריצט און אויסגעשמירט, ווי די רוכעס!.. דער ראַבינער האָט זיך צוגעהאַלטן מיט ביידע הענט בא דעם טיש: ער האָט אפּאָנעם געמיינט, אז די גאַנצע שטוב פאַלט אײַן!.. דער טראַסק און דער געפּילדער האָט געגרייכט אין די איבעריקע קאָמנאַטעס, און מע האָט זיך צונויפגעלאָפן פון דעם גאַנצן הויז אפ אונדזער בייז־ווונדער!.. דערשראָקענע, אויסגעשמירטע, פארשעמטע, זענען מיר קוים מיט צאָרעס אופגעשטאַנען פון דער ערד און האָבן שוין ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן, וויאַזוי צו שטיין און ווי צו זעצן זיך; דערצו האָט נאָך מײַן אומגליקלעכער כאַווער (אָ! אים האָט נעבעך דאָס שלימאַזל נאָכגעיאָגט אומעטום...) געמוזט צוהאַלטן מיט ביידע הענט דאָס שמאָלע רעקל, מאַכמעס פונעם פאַל זענען אלע קנעפּלעך אָפּגעשפּרונגען.

— זעצט זיך צו אָט דאָ אפ דער קאַנאַפּע, — האָט אונדז דער ראַבינער געזאָגט און האָט זיך צוגערוקט א ביסל צו אונדז.

מיר האָבן פרִיער מיט די הענט א פּרווו געטאָן די קאַנאַפּע, צי וועט זי ניט פאַלן, און האָבן זיך יאַקאָש ארײַנגעזעצט אין א גוטער שאָ. דאָס לאַכנדיקע מיידל האָט אויסגעווישט די פּאָדלאָגע, צונויפגעשטעלט דאָס צעפאַלענע מעבל און איז מיט א געלעכטער אנטלאָפן און האָט אפילע מוירע געהאַט א קוק צו טאָן אפ אונדז... מײַן כאַווער האָט דערווײַל ארויסגענומען פונעם בוזעם — ווײַט־ווײַט — א גאַנץ גרויסן פּאַקעט, אײַנגעוויקלט אין א פּאַפּיר, נאָך מיט א פּאַפּיר און מיט צוויי גרויסע גראָבע פּאַפּירן, און האָט אים איבערגעגעבן דעם ראַבינער מיט די דאָזיקע ווערטער:

— נאָט אײַך א בריוו פֿון אײַער בעסטן גוטן־פֿרײַנט, פֿון אונדזער לערער, פֿונעם „געשטודירטן ליטוואַק‟; דאָ וועט איר געפֿינען א שיר, דאָס איז טאַקע אַן אייגן ווערק... פֿריִער האָט דאָס בא מיר געהייסן: „שיר על היין‟ 1 (א געזאַנג אױף דעם ווײַן), און הײַנט האָב איך דאָס א נאָמען געגעבן: „שיכּור על קיאו‟ 2 (דער שיכּער אױף זײַן מײַקעכץ...) איך האָב זיך געכאַסמעט מיט די אױסיעס א. ל. ב. ב. ש. י. כ. מ. ק. דאָס מאַכט: אריה־ליב בן בײניש בן שמחה־יוסל כּהן מעיר 3 קאַמיסני־לעווקע.

מיט דעם גרעסטן פֿאַרגעניגן וואָלט איך דאָ איבערגעגעבן די לעזער דעם אינהאַלט פֿון דעם דאָזיקן גרויסן בריוו, וואָס אונדזער לערער האָט געשיקט צו זײַן אמאָליקן כאַווער, צום ראַבינער, אוביפֿראַט, אַז דאָס איז דאָך אַן עמעסע געשיכטע, ניט קײן אױסגעטראַכטער ראָמאַן, בין איך דאָך אַוואַדע מעכויעוו איבערגעבן פֿאַר דעם לעזער אַלע דאָ־קומענטן מיט די פּאַפּירן, וואָס האָבן א שײַכעס צו דער דאָזיקער גע־שיכטע; נאָר וואָס קאָן איך טאָן, אַז דער בריוו איז א מעליצע־בריוו פֿון א געבילדעטן יעשיווע־באָכער, וואָס האָט גענומען און האָט צונױפֿגע־מישט גאַנצע פּסוקים פֿון „ישעיה, פֿון ירמיה און פֿון מישלי‟ און דערצו נאָך אַזעלכע שווערע פּסוקים, וואָס אױף זשאַרגאָן איבערצוזעצן איז נישט אַזױ גרינג און עס וואָלט אַן אײַנגאַנצן דאָס זיסקײַט, דערהײַנע:

„בוז לרעהו חוטא ומחונן ענוים אשריו!
על־כן תחת הנעצוץ יעלה ברוש ותחת הסרפד יעלה הדס!
בעצלתים ימך המקרה ובשפלת ידים ידלוף הבית!
כי גם מגבוה ייראו וחתחתים בדרך ויָנאץ השקד
ויסתבל החגב ותפר האביונה!.. 4

אזוי. אזוי. אזוי....

---

1 „שיר אַל האיאָיִנ‟.
2 „שיקויר אל קיִוי‟.
3 אריע־לייב בען ביינעש בען סימכע־יאָסל קויהען מעיִר.
4 באָז לערייעיהו כויטיי אומעכוינײַנ אנאָווים אשראָוו!
אל־קיין טאַכאַס האַנאַאַצוץ יאַאַלע ברויש וועסאַכאַס האַסירפּאָד יאַאַלע האַדאָס!
באַאַצאַלטאַיִם יִמאַכ האַמעקאָרע אוּוועשיפֿלאַס יאָדאַיִם יִדלויף האַבאָיִס!
קי גאַם מיגויוואַ יִיראָו וועכאַטכאַטים באַדעױעכ וועיאָנייץ האַשאָקייד
וועיִסטאַבייל העכאָגאָוו וועסאָפֿייר האָאַוויִוינאָ!..—

דער, וואָס באַליידיקט זײַן פֿרײַנט, איז א זינדיקער, און ווער עס ס־מפּאַטיזירט באַשיידענע, איז וויל צו אים! דעריבער וועט אַנשטאָט דעם דאָרנ אופֿגיין דער קיפּאַריס און אַנשטאָט דער קראָפּעווע וועט אופֿגיין דער האָדעס

— וואָס וויל ער פון מיר, אַנַיער לערער? וואָס דאַרף ער, און וואָס מיינט ער? — האָט אונדז דער ראַבינער געפרעגט נאָך דעם, ווען ער האָט אין א צײַט אַרום געענדיקט דעם בריוו צו לייענען, איבער וועלכן ער איז אָפּגעגאָסן געוואָרן מיט שווייס.

— לייענט מײַן שיר „דער שיקער אַף זײַן מייקעכץ", וועט איר שוין וויסן, וואָס ער מיינט! — האָט אים מײַן אַריע־לייב מיט גרויס גאַדלעס געענטפערט...

דער ראַבינער האָט זיך אָפּגעווישט דעם שווייס פון דעם פּאָנעם און האָט איבערגעלייגט די וואַטע פון איין אויער אין דעם אַנדערן און האָט זיך גענומען צום „שיר" פון מײַן כאַווער, וועלכער האָט שוין קיין אויג פון אים ניט אַראָפּגעלאָזט, און דאָס האַרץ האָט זיך אין אים אַזוי שטאַרק געקלאַפּט אונטערן שמאָלן רעקל, אַז איך האָב געהערט... ליבסטער לעזער! דערמאָן זיך, ווען דו האָסט אַמאָל אין די יונגע יאָרן געוויזן דײַן כאַווער דאָס ערשטע ווערק פון דײַן פאַנטאַזיע, אָדער ווער שמועסט, אַז דו האָסט דאָס נאָך אָפּגעשיקט אַף דער פּאָסט אין דער רעדאַקציע, ביסטו נאָכדעם געגאַנגען אַלע טאָג אַף דער פּאָסט און האָסט אַרויסגעקוקט אַף אַן ענטפער א פּאָר כאָדאָשים... ענדלעך האָסטו באַקומען דעם טײַערן בריוו פון דער רעדאַקציע, דעם געליבטן גליקלעכן בריוו, אין וועלכן דײַן מאַזל האָט זיך באַדאַרפט רעשענען איינמאָל פאַר אַלעמאָל! וויאַזוי האָבן דיר דענסטמאָל די הענט געציטערט! לאַנג, לאַנג האָסטו ניט געוואָלט און געקאָנט עפענען דאָס דאָזיקע טײַער בריוועלע! האָסט באַטראַכט דעם אַדרעס, דעם שטעמפּל, די פּאָסט־מאַרקע... עס האָט זיך דיר פאָרגעשטעלט, אַז עס שטייט דאָרט אָנגעשריבן, אַז די רעדאַקציע דאַנקט דיר זייער פאַר דײַן אַרטיקל, וועלכער וועט זײַן געדרוקט אין פאָלגנדן בלאַט, און זי (די רעדאַקציע) בעט דיך אָפט אַזעלכע אַרטיקלען צו שיקן אַזוי... עס ווײַזט זיך דיר אויס, אַז אָט־אָט זעסטו מיט דײַנע אויגן, ווי דײַן גאַנצער נאָמען מיטן טאַטנס נאָמען מיט דער פאַמיליע שטייען אַזוי שיין אָפּגעדרוקט אַף דעם בלאַט, אַז עס גלוסט זיך דיר אַרומכאַפּן דעם רעדאַקטאָר מיט אַלע, וואָס געפינען זיך דאָרטן, און אויסקושן זיי יעדן איינעם! פּלוצעם... עפנסטו

(מירטעס)! פון פוילן זיך וועט אײַנפאַלן די סטעליע, און באַם אַראָפּלאָזן די הענט וועט ריגנען אין שטוב. ווײַל אויך פון א הויך אָרט וועלן זיי מוירע האָבן און ציטערנישן אַפן וועג, און ס'וועט בליִען דער מאַנדל, און ס'וועט ווער ווערן **דער הייסעריק**, און ס'וועט צעשטערט ווערן די גלוסטונג.

דעמ בריוו אונ לייענסט פאָלגנדע אנטוואָרט: „געערטסטער הער! אײַער ארטיקל קענ ניט זײַנ געדרוקט אינ אונדזער בלאט: איר זענט נאָכ צו יונג אונ צו גרינ, אז עלטערע זאָלנ לייענענ אײַערע כאלוימעס, וואָס באווײַזנ, אז איר זענט נאָכ גאנצ ווײַט פונ דער ווירקלעכער וויסנשאפט אונ שטארק אָפגעריסנ פונ די ערשטע קלאָלימ פונ דער גראמאטיקע... מיר ווינטשנ אײַכ א ביסעלע צוצולערנענ זיכ, אונ אונדז מער מיט אײַערע פוסטע פאנטאזיעס נישט דולנ דעמ ספאָדעק: מיר האָבנ דאָ אָנ אײַערע ווילדע געדאנקענ אויכ וואָס צו טאָנ!.. פארבלײַבט געזונט אונ גליקלעכ, ווי עס ווינטשט אײַכ

די רעדאקציע..."

דאָס זעלבע האָט נעבעכ מײַנ מאלאנטפולער כאווער אויכ איבערגעליטנ אינ די דאָזיקע עטלעכע מינוט, ווענ דער ראבינער האָט עטלעכע מאָל אוועקגעלייגט זײַנ פאָעמע „דער שיקער אפ זײַנ מייקעבצ", די ערשטע פריכטע פונ זײַנ גילדענער פעדער אונ פונ זײַנ רײַכער גײַסטפולער פאנטאזיע! אנ אנדערער אפ דעמ ראבינערס אָרט וואָלט באלד א שמיצ געטאָנ די דאָזיקע טײַערע פאָעמע אינ דער ערד ארײַנ אונ וואָלט ניט געוואָלט איבערלייענענ ביז צו ענדע א באלאדע פונ א „שיקער אפ זײַנ מייקעבצ"; נאָר דער ראבינער איז געווענ איינער פונ די דאָזיקע קאלטע ברוימ, גלײַכ-גילטיקע אונ קאלטבלוטיקע מענטשנ, וואָס קענענ אָפזיצנ צוויי זייגער שאָ אפ איינ אָרט אונ ניט אָנטאָנ זיכ קיינ מי אפילע די פליג אראָפ-צוטרײַבנ פונ דער נאָז... ער האָט זיכ נאָר עטלעכע מאָל אָפגערוט, אָפגעווישט דעמ שווייס (א ראכמאָנעס געווענ צו קוקנ אפ אימ!), איבערגעלייגט דאָס שטיקל וואטע פונ איינ אויער אינ דעמ אנדערנ אונ מיט זייער א שווערנ זיפצ (נעבעכ!) גענומענ ווײַטער דאָס פאר-געניגנ צו קלײַבנ פונ מײַנ כאווערס דיכטונג... איכ האָב ארויסגע-זענ זײַנ פרייד, ווענ ער האָט שוינ געענדיקט דעמ „מיזמער" פונ מײַנ געליבטנ כאווער! ער האָט צונויפגעלייגט די אלע פאפירנ אונ האָט זיי אומגעקערט מײַנ אריע-לייבנ, פרעגנדיק אימ נאָכאמאָל, שטיל, וואָרט בא וואָרט:

— וואָס וויל ער פונ מיר, אײַער לערער?

— וואָס הייסט? — האָט אימ מײַנ כאווער פארוואונדערט גע-ענטפערט, — וואָס הייסט? איר האָט דאָכ געלייענט מײַנ שיר „דער שיקער..."

— יאָ, איכ האָב אימ איבערגעלייענט, נאָר איכ פארשטיי ניט

קימאט איין וואָרט... די ווערטער פֿאַרשטיי איך, נאָר דעם פּשט ווייס איך ניט... מײַן ראַט איז, איר זאָלט שוין מער אַזעלכע שי־רים ניט שרײַבן און איבערהויפּט קיין דיכטונגען ניט שרײַבן, מאַכ־מעס דאָס איז ניט פֿאַר אײַך... איר זענט נאָך צו יונג און קענט נאָך גאַנץ ווינציק און פֿאַרשטייט נאָך זייער ווינציק, וואָס באַדײַט דאָס וואָרט דיכטונג אָדער דיכטער... און וואָס אײַער לערער שרײַבט מיר אָפּ אײַך, אַז איר זענט אַ „מעשוירער", אַ טאַלאַנטפֿולער פּאָעט, ווונדערט דאָס מיך קאָרג־וואָס, מאַכמעס ער איז פֿון טאָמיד געוועזן אַ שטיקל מעשוגענער, און ניט אומזיסט האָט מען אים אַרויסגע־טריבן פֿון דער ראַבינער־שול... ער שרײַבט מיר, איך זאָל אײַך געבן שטיצונג און זאָל זען געבן אײַך אַ וועג צו דער עמעסער האַסקאָלע, צו דער ווירקלעכער בילדונג... וואָס קען איך טאָן מיט אַזעלכע צוויי קליינשטעטלדיקע ביידער־ייִנגלעך, וואָס קענען נאָך אַפֿילע קיין וואָרט רוסיש ניט?.. קיין יעשיווע איז דאָ ניטאָ, און לײַדיקגייערס האָט מען דאָ פֿײַנט... וואָס קען איך אײַך העלפֿן? איך קען אײַך ניט העלפֿן מיט גאָרניט!..

ווי פֿײַער, ווי שוועבל זענען געווען בײַ אונדז די דאָזיקע ווערטער, און מיר זענען געבליבן זיצן, ווי די טאָקן, און טרערן האָבן זיך אונדז געשטעלט אין די אויגן!.. מײַן כראַברער כאַווער, וועלכער האָט זיך טאָמיד ליב געהאַט אַרויסצושטעלן פֿאַר אונדז ביידע, איז אופֿגעשטאַנען פֿונעם דיוואַן און מיט ברענענדיקע אויגן פֿאַר האַרצ־ווייטעק און פֿאַר קאַס האָט ער זיך געווענדט צום ראַבינער מיט דער דאָזיקער שיינער רעדע, פֿון וועלכע איך בין ניספּאָעל גע־וואָרן:

„אָ, איר געפּעסטעטע, געבאַלעוועטע לײַט! — האָט ער אָנגע־הויבן מיט גרויס קוראַזש, — איר גרויסאַרטיקע מענטשן, וואָס איר זיצט אין די הויכע פּאַלאַצן אונטער די גילדענע סטעליעס! אָ, איר אויסגעלאָזטע מענער, וואָס איר פֿאַרבײַט דעם עמעס אָפּ אַ גלאָז ווײַן און פֿאַרקויפֿט אײַער גאָט פֿאַר אַ פּאָרציע לינדזן! אָ, איר מע־פֿונאָקים, וואָס איר בוקט זיך צו דעם גילדענעם קאַלב און טוט פֿאַרגעסן אין די גרעסטע, איידלסטע, הייליקע געפֿילן פֿון דעם מענטשנס האַרצן, וואָס איז באַשאַפֿן געוואָרן אין דעם געשטאַלט פֿון גאָט אַליין, און דער אַלמעכטיקער שעפֿער האָט אין אים אַרײַנ־געבלאָזן אַ..."

דאָ האָט זיך אופֿגעעפֿנט אַ טיר, און עס איז אַרײַנגעקומען אַ שיינער ברונעטער יונגערמאַן, זייער אַ לעבעדיקער און פֿריילעכער

פֿון א יאָר צוויי אונ צוואַנציק, בלוט אונ מילך. דער ראַבינער האָט עפּעס צו אים א ווונק געטאָן מיט איין אויג, אונ דער יונגערמאַן האָט זיך אויך צוגעזעצט צום טיש, אונ מיין באַריידעוודיקער כאַווער האָט אַלצ ווייטער גערעדט אונ געזידלט די דאָזיקע פריינע מענטשן אונ האָט געמאַכט מיט די הענט, אונ דאָס פּאָנעם האָט זיך באַ אים אזוי צעפּלאַקערט, אז ווער עס האָט אים אצינד נישט אָנגעקוקט, דער קען נישט האָבן קיין באַגריף פון אן עמעסן אָראַטאָר (רעדנער), ווען ער צעהיצט זיך אונ הייבט אָן צו שיטן מיט פלאַם־פייער!.. דער יונגערמאַן (דאָס איז געווען טאַקע דעם ראַבינערס א זון) האָט זיך געווענדט צום פאָטער, ער זאָל אים אויפקלערן, וואָס איז דאָ אזעלכעס געשען. דער ראַבינער האָט אים שטיל, אפן אויער, איבערגעגעבן די גאַנצע געשיכטע פון דעם בריוו מיט דער דיכטונג, אונ דער יונגערמאַן האָט זיך צעגאָסן פאַר געלעכטער אונ האָט געבעטן מיין כאַווער, ער זאָל אים ווייזן דעם בריוו פון דעם לערער מיט דעם שיר פון מיין כאַווער... מיין אריע־לייב האָט זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטן אונ האָט נאָכאַמאָל ארויסגעצויגן פונעם בוזעם דעם גאַנצן פּאַקעט אונ האָט אים איבערגעגעבן דעם יונגנמאַן, וועלכער האָט זיי געלייענט, האַלטנדיק זיך באַם בויך פאַר געלעכטער!.. אונדז האָט דאָס א ביסל פאַרדראָסן אַפילע, אונ דאָ האָב איך זיך שוין אויך ניט געקאָנט איינהאַלטן אונ האָב א פרעג געטאָן דעם יונגנמאַן, וואָס האָט ער דאָרט אזעלכעס דערזען, וואָס עס „לעכערט” אים אזוי?

— אדעראַבע! — האָט ער מיר געענטפערט, — אדעראַבע! מיר איז זייער געפעלן אייער לערערס בריוו, אונ דער שיר פון אייער כאַווער איז דאָך פּאָשעט אן אַנטיקל, וואָס אַפילע אונדזערע בעסטע פּאָעטן לעבנזאָג אונ גאָרדאָן וועלן אזוי מייסטערהאַפט ניט אָנשרייבן! איך לאַך דאָ פון דעם שיקער דעם כאָסיד, וואָס איר באַשרייבט אים דאָ אזוי קונציק, אזוי ווירקלעך!..

די דאָזיקע ווערטער זענען אונדז שטאַרק געפעלן, אונ מיין אריע־לייב איז קימאַט צעגאַנגען פאַר סימכע.

— דאָס איז בלאָטע! — האָט ער זיך געווענדט צום יונגנמאַן, ווי צו אן אַלטן באַקאַנטן, — דאָס איז בלאָטע! איך האָב נאָך א בעסערן שיר פון דעם! ער הייסט: „ויהי בחצות הלילה” 1, אונ עס ווערט דאָרט באַשריבן, וויאזוי די זון האָט כאַסענע פאַר דער לעוואָנע.

---

1 „וויַיהי באַכאַצויס האַלײלאָ” — עס איז געווען אום האַלבער נאַכט.

— טאַקע בעעמעס? — האָט אים דער יונגערמאַנ געפרעגט. — אַכ, עס דארפ דאָכ זײַנ עפּעס גאָר א כידעש־ניפלאָ! קומט ארײַנ צו מיר אינ מײַנ כיידער ארײַנ, קומט, זשעניערט אײַכ ניט!..

— גרישאַ! — האָט אים דער ראַבינער געזאָגט ווי מיט א בייזער, — גרישאַ!..

— נו, נו! — האָט אים גרישאַ געענטפערט אונ האָט געעפנט די טיר אונ האָט אונדז ארײַנגעלאָזט אינ א גרויסער זאַל ארײַנ, דורכ וועלכער ער האָט אונדז דורכגעפירט (מיר זענענ געגאַנגענ טריט בא טריט: מיר האָבנ שוינ מוירע געהאַט פאַר א פאַל...) אונ ארײַנגעפירט אינ א באַזונדערנ כיידער, ווו עס זענענ געשטאַנענ שאַפעס מיט ספאָרים, א טיש מיט ביכער אונ מיט פאַפירנ, די ווענט באַשלאָגנ מיט לאַנדשאַפטנ אונ מיט פאָרטרעטנ פונ גרויסע לײַט אונ ווו עס זענענ געזעסנ נאָכ צוויי יונגעלײַט מיט שרעקלעכ לאַנגע האָר. זיי האָבנ צווישנ זיכ גערעדט אפ אַזאַ מינ שפּראַכ, וואָס ניט איכ, ניט מײַנ געבילדעטער כאַווער האָבנ ניט פאַרשטאַנענ קיינ איינציק וואָרט. מיר האָבנ שוינ בא זיכ באַשלאָסנ, אַז דאָס מוזנ זײַנ רוסנ אָדער דײַטשנ; נאָר פלוצעמ האָט גרישאַ צו זיי אָנגעהויבנ רעדנ אפ פּראָסט יידיש אונ האָט אונדז פאָרגעשטעלט פאַר זײַנע כאַווירים מיט די דאָזיקע ווערטער:

— אָט דאָס זענענ צוויי יונגע מענטשנ, מאַסקילימ פונ א קליינ שטעטל, זייער טאַלאַנטפולע העברעיסטנ אונ פאָעטנ! עס געפינענ זיכ דאָ בא זיי צוויי גרויסאַרטיקע פאָעמענ: „דער שיקער אפ זײַנ מייקעכצ” אונ... אונ... אונ...

— „ויהי בחצות הלילה”! — האָט מײַנ אריע־לייב פאַר אים געענדיקט.

— יאָ, „ויהי בחצות הלילה”, ווו עס קומט פאָר זייער א שיינע סצענע, ווי די לעוואָנע האָט...

— ווי די זונ האָט כאַסענע פאַר דער לעוואָנע... — האָט אים מײַנ כאַווער פאַריכט...

צווישנ דער קאָמפּאַניע יונגעלײַט איז געוואָרנ גאַנצ פרייליכ, אונ מיר זענענ אויכ לעבעדיקער געוואָרנ אונ זענענ מיט דעמ דאָזיקנ גרישענ געוואָרנ גיכ פאַני־בראַטע; ער האָט געשאַפט, מע זאָל דערלאַנגענ טיי, אונ האָט אונדז געגעבנ צו פאַפּיראָסנ, אַזוי אַז מיר זענענ דאָ באַלד היימיש געוואָרנ אונ האָבנ זיכ אָנגעהויבנ צעפרעגנ בא זיי אפ די גדויליי־האַדאָר, די מעפורסעמדיקע לײַט, די מעכאַברימ, די רעדאַקטאָרנ אַזוו... נאָר איינ זאַכ האָבנ מיר ניט געקאָנט פאַר־

שטיין: פאַרוואָס לאַכט אַזוי דאָס דאָזיקע שטוב־מיידל, וואָס זי שטשירעט קעסיידער די ציין, ווען זי טוט אַף אונדז אַ קוק! עס איז דאָ זאַכן אַף דער וועלט, וואָס ניט אַזוי גיך קענען מיר זיי באַגרייפֿן און פֿאַרשטיין...

## דאָס זעקסטע קאַפּיטל

ער טראָגט זיך אַרום מיט אונדזערע פֿייגעלעך, אין מע קווועלט גאָר אָן פֿון זיי!..

וואָס האָט אין אונדז אָט דער דאָזיקער גרישאַ אַזעלכעס דער־זען — פֿאַרשטיי איך נישט! ער האָט זיך מיט אונדז אַרומגעשלעפּט, ווי מיט עפּעס רעכטס; ער האָט אונדז באַקאַנט מיט אַ סאַך יונגע־לייט — זיינע כאַווייריִם און מיט עפּעס אַ מיידל, וואָס זי האָט גע־הייסן מיט דעם נאָמען „יעליזאַבעטאַ״, אַפּילע נישט קיין מיִעסע נעקיי־ווע, נאָר אַ ביסל צו אַן אויסגעלאַסענע, דערהיינע, זי האָט גאַנץ אָפּטלעך געשמועסט מיט גרישען און האָט קימאַט קעסיידער געלאַכט... מיין אַריע־לייב, וועלכער איז גיך געוואָרן מיט גרישען אַ גוטער־ברודער, האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און האָט טאַקע אַ פֿרעג געטאָן בא אים:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס איך וועל אייך אָקאָרשט פֿרעגן: וואָס קער זיך מיט אייך אָן אָט די דאָזיקע נעקיייווע? זי איז איירע אַ שוועסטער, צי אַ קאַלע, צי אַ... אַ... איך וויים וואָס?

גרישאַ האָט אונדז געענטפֿערט, אַז זי איז ניט קיין שוועסטער זיינע און ניט קיין קאַלע, נאָר אַזוי אַ „גוטע באַקאַנטע״, אַ געביל־דעט פֿריילן אַזוי.

— אַ ג ו ט ע  ב אַ ק אַ נ ט ע? — האָבן מיר זיך געקלערט, — אַ גוטע באַקאַנטע? וואָס הייסט דאָס?.. יעליזאַבעטאַ? אַ גוטע באַ־קאַנטע?.. יעליזאַבעטאַ???.. וואָס זאָגסטו דערויף!..

די דאָזיקע יעליזאַבעטאַ האָט געהאַט אַ פּאָר בלויע אויגן מיט לאַנגע שוואַרצע ברעמען, מיט לאַנגע טונקעלע האָר, און אַליין איז זי געווען הויך און שיין און אָנגענעם, אַז עס איז פּאָשעט געווען אַ מעכייע־נעפֿאָשעס צו קוקן אַף איר, אוביפֿראַט אַז זי האָט גע־רעדט אָדער געלאַכט מיט אַ קלינגענדיק געלעכטער, האָט זיך איר קאָל צעגאַנגען אין יעדן אייווער!.. גרישאַ האָט אונדז אַ פֿרעג גע־טאָן, צי האָבן מיר ליב פּיאַנע, מוזיקע, הערן, ווי מע שפּילט אַף אַן אינסטרומענט...

— אַ־אַ־אַ? קלעזמער? — האָבן מיר אים געענטפֿערט, — פֿאַרוואָס ניט? מיר האָבן זייער ליב קלעזמער! בא אונדז אין קאַ־

מיסנילעווקע איז דאָ „סראָליע פידעלע", „סראָליע דער קאָמיסני־לעווקער", האָט ער א קליינ מעשנ פידעלע, וועלכעס מע זאָגט, אז עס קומט אמאָל די צניט, שפילט עס אליינ פונ זיכ... נאָכ דער כופע, צו דער גילדענער יויכ, אז „סראָליע פידעלע" נעמט דאָס מעשענע פידעלע אונ שפילט „א בעטלער", קענ מענ טאקע צעגאַנ־גענ ווערנ אונ פלאצנ פונ גרויס פארגעניגנ!..

— נו, אויב אזוי, — האָט אונדז גרישא געזאָגט, — וועט איר באַלד הערנ נאָכ שענערס פונ „סראָליע פידעלע", — אונ ער האָט עפעס א זאָג געטאָנ אפ דניטש צו דער יעליזאבעטא, דער גוטנ באַ־קאַנטנ, אונ זי איז ארויסגעגאנגענ אינ דעמ צווייטנ צימער ארננ, אונ אינגיכנ האָבנ מיר דערהערט עפעס אזעלכע מעשונע קוילעס, אזעלכע זיסע, טנערע קוילעס, וואָס קריכנ גלנכ אינ הארצנ ארננ! אָט הערנ מיר, ווי א גאנצע קאפעליע קלעזמער טוענ א קלאפ, אָט הערנ מיר, ווי עס ווערט שטילער אונ עס זינגט עמע־צער, אונ וויינט אונ קרעכצט, אונ כליפעט, אונ ווערט וונטער פריילעכער, לעבעדיקער, אונ ווי א סאכ מענטשנ זינגענ אלע צו־זאמענ, אונ אָט זינגט וונטער עמעצער אליינ, אזוי טרויעריק, אזוי זיס, אז עס ווערט אונדז קאלט דאָס גאנצע בלוט אונ א פראָסט גייט אונדז איבער אפנ לנב, אונ דאָס הארצ קלאפט אונ קלאפט...

— דאָס שפילט אזוי יעליזאבעטא אפנ פאָרטאָפיאנאָ, — ענט־פערט ער אונדז. — קומט, וועט איר זענ! —

מיר גייענ ארננ אינ א גרויסער זאַל ארננ אונ זעענ פאר זיכ בא א גרויסנ לאנגנ טיש מיט א שפיצ זיצט „די יעליזאבעטא" אונ קלאפט מיט די פינגער אפ קליינע וונסע ביינדלעכ אונ זינגט זיכ אליינ אויכ צו אונ פונ אירע הענט גייענ דאָס ארויס אָט די דאָ־זיקע זיסע קוילעס!.. אונדזער וווּנדערנ זיכ, אונדזער איבערראשונג בינ איכ גאָר ניט אימשטאנד איבערצוגעבנ אצינד מיט דער פענ! דאָס זענענ געווענ עטלעכע ערהאבענע, הייליקע מינוטנ אינ אונ־דזער לעבנ, אינ וועלכע מיר האָבנ פארגעסנ אלצ אפ דער וועלט, אונ אונדזערע אויערנ, אונדזערע הערצער אונ אינגאנצנ אונדזער לנב זענענ דערוואַרעמט אונ דערפילט געוואָרנ מיט די דאָזיקע גרויס־ארטיקע זיסע, געשמאקע געזאנגענ, וועלכע דאָס דאָזיקע מיידל האָט אזוי בעריִיש, אויסגעצייכנט ארויסגעצויגנ פונ דער פיאנע אונ פונעמ האלדז! אָ, דעמ דאָזיקנ ערשטנ געזאנג וועלנ מיר ניט פארגעסנ, צנט מיר וועלנ לעבנ! מיר זענענ נאָכדעמ אינ א צנט ארומ געוועננ אפ די גרעסטע קאָנצערטנ פונ די בעסטע ארטיסטנ אפ דער וועלט,

נאָר דאָס, וואָס מיר האָבנ געהערט, אונ דאָס, וואָס מיר האָבנ געפילט אצינד, האָבנ מיר שוינ מער קיינמאָל נישט געהערט אונ ניט געפילט אפ אונדזער לעבנ!.. פארשטיינערטע, אָנ לאָשנ, בלאסע, זענענ מיר געבליבנ שטיינ אפ אונדזער אָרט אונ האָבנ גאָר ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערנ גרישענ אפ זײַנע פראגנ, צי געפעלט אונדז דאָס שפּילנ... מיר האָבנ זיך אופגעכאפּט ערשט דעמלט, ווענ „די יעליזאבעטא” איז אופגעשטאנענ פונעמ בענקל אונ האָט מיט אירע ליכטיקע אויגנ א קוק געטאָנ אפ אונדז, לאכנדיק... וואָס האָבנ מיר געהאט צו ענטפערנ? מיר וואָלטנ געוואָלט, אז „זי” זאָל קעסיידער זיצנ אונ קעסיידער שפּילנ אונ זינגענ קעסיידער, אָנ אנ אופהער, אָנ אנ עק!!!..

נישטאָ, אפּאָנעמ, קיינ שטענדיקע זאכ אפ דער ערד! א שיינער גלענצנדער שטערנ פליט דורכ פארבײַ אונדזערע אויגנ אונ אנטלויפט; אפילע דער רעגנבויגנ, אפ וועלכנ מיר, כיידער־יינגלעכ, פלעגנ צוזאמענ קוקנ מיט גרויס פארגעניגנ, שטייט אויכ אייניקע מינוטנ אפ דעמ הימל — אונ פארשווינדט!.. קיינ אויג האָבנ מיר ניט אראָפּגעלאָזט פונ דער דאָזיקער וווּנדערלעכער יעליזאבעטא, וועלכע איז ענדלעכ אופגעשטאנענ, צונויפגענומענ אירע שיינע, לאנגע האָר, א וואָרפ געטאָנ מיט איר שיינעמ קאָפּ, א שמייכל געטאָנ צו אונדז מיט אירע ליכטיקע הימלדיקע אויגנ — אונ איז פארשווונדנ!..

גרישא איז געגאנגענ זי א ביסל באגלייטנ, אונ מיר זענענ ארײַנגעגאנגענ צו גרישענ אינ קאבינעט ארײַנ. איכ האָב זיכ פארטיפט אינ מײַנע געדאנקענ, אונ מײַנ טאלאנטפולער כאווער האָט זיכ באלד געכאפּט צו דער פענ (די פענ איז געווענ זײַנ בעסטער פרײַנט אפ דער וועלט!) אונ האָט זיכ גענומענ איינמאָל פאר אלעמאָל אָנשרײַבנ א שיר, וועלכער האָט זיכ אָנגעהויבנ, ווי אנ אָדע (Ода) הייבט זיכ אָנ, מיט די דאָזיקע פּײַערדיקע ווערטער:

מה יפית ומה נעמת
עליזאבעטא מכלל יופי! —
מבנות חכמת
אין בך כל דופי[1]!..

---

1 מא יאָפּיס אומא נאָאמט
עליזאבעטא מיכלאָל יויפי !—
מיבאָנויס כאָכאמט
איינ באָכ קאָל דויפי !..

(ווי שיין און ווי זיס
ביסטו, טײַערע קאַלע! —
ביסטו, כ'לעבן, ניִשט מיִעס
און קליגער פון אַלע!..)

בואי כלה! בואי כלה!
אל תפן ממני!
אם רצוני לא תמלא,
בחיים אינני!.. 1

(קום אהער! קום אהער!
גיי ניט אוועק!
ווען איך זע דיך ניט מער,
שטאַרב איך אוועק!..)

עס וואָלט נאָך באַ אים געגאַנגען און געגאַנגען ווי אַ מיזמער, נאָר פּלוצעם האָט אים נישט געסטײַעט קיין וואָרט צום גראַם, האָט ער גענומען בײַסן דאָס הענטל פון דער פּען און זוכן מיט די אויגן אָפּ דער סטעליע דאָס וואָרט, וואָס עס זאָל זיך גראַמען. ער איז געבליבן לאַנג אַזוי אָפּגעזעסן, פאַרגאַנדיק באַ דער סטעליע און אײַזע, און כאָטש אפילו זײַן האַרץ איז געווען געגליכן צום יאַם, ווען די אינדן צעבושעווען זיך פון אַ שטורעם־ווינט, און כאָטש זײַן טײַ־ערער קאָפּ איז געווען פול מיט טײַערע געדאַנקען און מאַכשאָוועסן, פונדעסטוועגן האָט ער פּאָרט ניט געקאָנט פאַרלענגערן דעם שיר אַלץ איבער דעם וואָרט, וואָס האָט זיך ניט געוואָלט גראַמען בע־שום־אויפן!.. יאָ, אַז ווייל איז אונדז, די לעזער, צו לייענען דאָס גרייטע; אָבער דער פּאָעט נעבעך, אַז ער דאַרף שלעפּן פון דער פּען און פון דער סטעליע די גראַמען — פאַרלויפט אים נעבעך מיט בלוט, און צום סאָף לאָזט זיך אויס, נעמט אים דער קריטיקער און מאַכט פון אים אַ טעל־אוילעם!.. אָ, קריטיקער, קריטיקער! ווען איר זאָלט פריִער אַלײן זײַן פּאָעטן, וואָלט איר שוין געוווּסט, וויאַזוי נאָכדעם יענעם צו קריטיקירן!..

---

1 בויִ כאַלאָ! בויִ כאַלאָ!
אַל טייפען מימעני!
אים רעצויני לוי סמאַליי,
באַכאַיִם אייִנעני!..

עס ווײַזט אויס, אז אונדזער גרישא איז אמאָל אויכ געווענ א פּאָעט, מאכמעס דאָס דיכטונג פונ מײַנ טאַלאַנטפולנ כאווער איז אימ אזוי שטארק געפעלנ, אז ער האָט דאָס אריבערגעשריבנ צו זיכ אינ א ביכל ארײַנ אונ האָט אונדז צוגעזאָגט לעמאנ־האשעמ ווײַזנ דאָס דער מאמזעל יעליזאבעטא. בא די דאָזיקע ווערטער איז מײַנ אריע־לייב רויט געוואָרנ, ווי א רויז, אונ זײַנע שווארצע אויגנ האָבנ זיכ צעברענט... ער האָט זיכ ניט געקענט אײַנהאלטנ אונ האָט א פרעג געטאָנ גרישענ, ווענ וועט „זי" ווידער זײַנ דאָ אונ ווענ וועט „זי" נאָכאמאָל שפּילנ אפ דעמ דאָזיקנ לאנגנ קלי־זעמער (פּאָרטאָפּיאנאָ)?

— מאָרגנ, — האָט אימ גרישא געענטפערט לאכנדיק, — מאָרגנ! הײַנט וועט זי זײַנ אינ טעאטער, איכ וועל אויכ זײַנ אינ טעאטער. עפּשער ווילט איר אויכ גייַנ אינ טעאטער? איר זענט געווענ אמאָל אינ טעאטער?

— אינ טרעאטער? — האָבנ מיר אימ אָפּגעענטפערט. — דאָרט, ווו מע שפּילט „בלענזעניש" מיט „ענגילשערייטער"?..

— ניינ! ניט דאָס! טעאטער איז א פאָרשטעלונג, א שפּיגל פונ אונדזער לעבנ; מע פארשטעלט זיכ, מע שפּילט, מע זינגט אונ מע טאנצט — מיט איינעמ וואָרט — טעאטער אונ גענוג!..

זאָגנדיק דעמ עמעס, האָבנ מיר גאנצ וויניק פארשטאנענ פונ דער דאָזיקער באשרײַבונג; דאָכ האָט זיכ אונדז זייער געגלוסט צו זײַנ אינ טעאטער.

— א מענטש אינ הײַנטיקע קלוגע צײַטנ אינ דער געבילדעטער וועלט מוז זײַנ אומעטומ! — האָט צו מיר מײַנ כאווער געזאָגט מיט גרויס אפּלאָמב, ווי א רעבע רעדט מיט א טאַלמיד; — א מענטש, וואָס האָט שוינ פארזוכט דעמ טאמ פונ די פּיירעס פונ וויסנשאפט, טאָר נישט דורכלאָזנ דאָס מינדסטע פונעמ מינדסטנ אונ דארפ אלעס זענ, אלעס וויסנ, אלעס פארשטיינ מיט זײַנ אייגענעמ סייכל אונ אראָפּלאָזנ זיכ ביז צומ גרונט פונ יעדער זאכ! אזעלכע קאָנ אָנגערופנ ווערנ מיט דעמ נאָמענ „מאסקל", „כאָכעמ" אדג!..

גרישענ זענענ די דאָזיקע ווערטער שטארק געפעלנ, ער האָט אונדז געגעבנ געלט אפ צוויי בילעטנ קויפנ אינ טעאטער ארײַנ אונ האָט אונדז געהייסנ דינגענ אנ איזוואָזשטשיק, וועלכער וועט שוינ אלייג וויסנ, וווהינ אונדז צו ברענגענ, אבי מיר וועלנ אימ נאָר אָנרופנ דעמ טעאטער.

זיצנדיק אפ דער דראָזשקע, האָט זיכ מיר אריע־לייב עפּנטלעכ געקלאָגט, אז די נײַע שטיוועלעכ קוועטשנ אימ שטארק אינ די פינ-

גער, אזוי אז עס זעצט אימ די אויגנ פונעמ קאָפּ; נאָר אונדזער נײַגעריקײַט צו זענ דעמ טעאַטער איז געווענ גרעסער און העכער פונ אַלע געפילנ אפּ דער וועלט!

קומענדיק אינ טעאַטער, האָבנ מיר אפילע געהאַט א ביסל יעסורימ פונעמ זשאַנדאַרמ, וואָס שטייט בא דער טיר; ער האָט אונדז בעשומ־אויפנ ניט געוואָלט ארײַנלאָזנ, קוקנדיק אונ באַטראַכטנדיק אונדזערע נײַע קאָסטיומענ... אומזיסט האָבנ מיר אימ געזאָגט, אז „גרישאַ דעמ ראַבינערס” האָט אונדז געשיקט! אומזיסט האָבנ מיר אימ באַוויזנ, אז מיר האָבנ געלט אפּ צו באַצאָלנ! ער איז געווענ שטאָל אונ אײַזנ!.. ענדלעכ האָבנ מיר דערזענ צופאָרנ גרישענ מיט דער מאַמזעל יעליזאַבעטאַ!

— נו, כעוורע, וואָס שטייט איר דאָ? — האָט ער זיכ צו אונדז געווענדט פריילעכ.

— דער „אודנעראַל” (גענעראַל) לאָזט ניט ארײַנ! — האָבנ מיר אימ ביטומימעס געענטפערט.

— וואָסער גענעראַל?..

— אָט דער, וואָס שטייט אָט בא דער טיר! — האָבנ מיר אימ געזאָגט אונ אָנגעוויזנ אפּ דעמ זשאַנדאַרמ.

גרישאַ מיט יעליזאַבעטענ זענענ שיר ניט צעזעצט געוואָרנ לאַכנדיק... דאַכ זענענ זיי געווענ אונדזערע אויסלייזערס; זיי האָבנ אונדז געקויפט די בילעטנ אונ האָבנ אונדז אָנגעוויזנ, וווּהינ צו גייג — אונ אַלײנ זענענ זיי אוועקגעגאַנגענ ווײַטער, געאַרעמט, קימאַט ווי כאָסנ־קאַלע.

— „זי” איז געווים זײַנ קאַלע! — האָט צו מיר אריע־לייב געזאָגט מיט גרויס פאַרהראָם... — זע נאָר זע, ווי ער קוועטשט זי בא דער האַנט, אונ „זי” שפּאַרט זיכ אינ אימ אָנ... עס איז א קאַלע, ניט אַנדערש, ניט אַנדערש!..

א טיפער זיפצ האָט זיכ ארויסגעכאַפּט בא מײַנ טײַערנ כאַווער פונעמ טיפנ האַרצנ! — מיר זענענ א צײַט געגאַנגענ אפּ די טרעפּ אַלץ העכער אונ העכער, ביז א שווייצאַר מיט רויטע הויזנ האָט בא אונדז צוגענומענ די בילעטנ (מיר האָבנ זיכ אפילע מיט אימ א ביסעלע געשטרײַט, אײדער מיר זענענ מערוצע געוואָרנ דערויפּ) אונ האָט אונדז אָנגעוויזנ אפּ אונדזערע ערטער פונקט אונטערנ דאַכ. — מיר האָבנ ניט אויספּייעט גוט ארומקוקנ זיכ, ווו מיר זענענ אונ רעכט באַטראַכטנ דעמ גלענצנדנ טעאַטער מיט די טויזנטער ליכט אונ לאָמפּנ, האָט זיכ שוינ מײַנ כאַווער געטראָפנ א נעס, פונ וועלכנ ער

איז ארויס גליקלעך (אים האָבן זיך געטראָפן נאָר ניסים — א גליק־לעכער מענטש!..). די מעשׂה איז א קורצע מעשׂה: אריע־לייב האָט פארגעסן אויסטאָן דעם צילינדער־הוט, איז צו אים צוגעגאנגען א גאָראָדאָוואָי און האָט זיך צו אים גאנץ איידל געווענדט:

— שאפּקאָ דאָלאָי, זשיד פּארכאטי!..

נאָר מײַן אומגליקלעכער אריע־לייב איז אָבער גראָדע געווען פארנומען מיט די שטיוול, וועלכע האָבן אים נעבעך שטארק גע־קוועטשט, האָט ער אזוי גיך עפּעס ניט אײַנגעהערט, וואָס דער גאָ־ראָדאָוואָי האָט אים פאָרגעלייגט; דער גאָראָדאָוואָי אָבער האָט זיך פון זײַן זײַט געפונען א ביסל באַליידיקט, וואָס מע ענטפערט אים ניט, האָט ער לאנג ניט געקלערט און איז צוגעגאנגען צו מײַן אריע־לייבן און האָט אים אראָפּגעלאָזט א פּליאסק איבערן קאפּעליוש, אזוי אז דער צילינדער־הוט איז פארפלויגן גאנץ ווײַט צו א גרויסן פּאָרעץ אין א לאָזשע אריין און האָט געטראָפן עפּעס א מין דאמע גלײַך אין פּאָנעם אריין! די דאמע האָט געכאַלעשט, דער פּאָרעץ האָט געמאכט א ראש, און עס האָט זיך אויפגעהויבן א שטיקל אייסעק אין טעאטער איבער מײַן כאַוועס צילינדער־הוט... דער געפּילדער איז אָבער גיך אנשטילט געוואָרן, מאכמעס א גאנץ גרויסע קאפּעליע מוזיק האָט א שפּיל געטאָן און גאָר אינגיכן האָט זיך אויפגעהויבן דער פאָרהאנג — און...

עס איז דען מעגלעך צו באשרײַבן, וואָס „מיר" האָבן געזען? איך בין דען אימשטאנד איבערצוגעבן אפילו די געפילן פון צוויי קליינשטעטלדיקע באָכערימלעך, וועלכע האָבן אף זייער לעבן גע־זען נאָר דרײַ קאָמיסנײַלעוויקער וואסערמילן, פון וועלכע די רעדער פּאטשן און פּליעסקען אין וואסער, און מער נישט געהערט אכוץ „סראָליע דעם קאָמיסנײַלעוויקער" שפּילן אפן „מעשן פידעלע" א „בעטלער" אָדער א „פּאָניע"?.. עס האָט אונדז געשעמערירט אין די אויגן און געזשומעט, געהודעט אין קאָפּ: „טידעראם־טראם־טראם! טידעראם־טראם־טראם"! וואָס מע האָט געשפּילט און וועלכעס האָט מען געשפּילט, ווייסן מיר ניט אדהאיאָם; מיר האָבן נאָר געזען קליי־ניטשקע פּיצעלעך מענטשעלעך דרייען זיך ארום, זיי מאכן מיט די הענט; זיי בייזערן זיך און שרײַען; זיי וויינען און בעטן זיך איבער, און שרײַען ווידער און לויפן אוועק; עס לויפן ארויס אנדערע אף זייער אָרט און טוען אויך דאָס נעמלעכע אזוי. אזוי.

— ווייסטו, וואָס איך וויל דיר זאָגן? — האָט זיך צו מיר מײַן אריע־לייב געווענדט.

— רעהײנע װאָס?

— איך רעכן אױסטאָן דעם לינקן שטיװל: ער מאַכט מיר דעם טױט! איך װעל דאָס גאָר ניט אױסהאַלטן!..

ער האָט אױסגעטאָן אײן שטיװל און דעם אַנדערן, און איך האָב אַרױסגעזען, אַז עס איז אים געװאָרן אַ ליכט אין די אױגן... פֿאַר פֿרײד האָט ער אַזש נעבעך אָנגעהױבן װײנען!..

* * *

אַרום צװעלף באַנאַכט האָט זיך דער טעאַטער געענדיקט, און מיר זענען געגאַנגען אַהײם, צום ראַבינער, נאַטירלעך.

אַ ראַכמאָנעס געװען צו קוקן אױף מײַן אומגליקלעכן כאַװער! ערשטנס, איז ער דאָך געבליבן אָן אַ היטל, און, צװײטנס, האָבן שױן די אױסגעטאָנענע שטיװל בעשום־אױפֿן ניט געװאָלט אַרױף אױף די אָנגעשװאָלענע פֿיס. אַזױ אַז ער האָט זײ נעבעך געמוזט טראָגן אין די הענט און גײן, מעכילע, באָרװעס.

— אַאַאַאַאַ!!! כעװרע??? — האָט עמעצער הינטער אונדזערע פּלײצעס אױסגעצױגן אױף אַ קאָל און האָט זיך אָפּגעשטעלט...

אַך, ליבע לעזער, דאָס איז געװען גרישאַ מיט דער „קאַלע“, מיט „איר“, מיט „יעליזאַבעטען“!.. װיאַזױ איז נעבעך געװען מײַן אומגליקלעכן אַריע־לײבן אױפֿן האַרצן?! שטעלט אײַך פֿאָר!..

— װאָס איז דאָס?.. אָן אַ היטל?.. װיאַזױ?.. באָרװעס??..

מיט טרערן שױן [אין?] די אױגן האָט אים מײַן אַראָפּגעפֿאַלענער כאַװער דערצײלט אַלץ, װאָס עס האָט זיך מיט אים פּאַסירט, און גרישאַ האָט אַזױ געטרײַ געלאַכט און האָט זיך בײַ די זײַטן געהאַלטן!

— איך װײס ניט, װאָס איז דאָ פֿאַראַן אַזעלכעס, װאָס מע דאַרף אַזױ שטאַרק לאַכן! — האָט „זי“ אים געזאָגט און האָט מיט גרױס מיטלײד אַ קוק געטאָן מײַן כאַװער אין פּאָנעם אַרײַן...

די לעװאָנע האָט זיך אױסגעפֿײַנט אין דער דאָזיקער נאַכט, גלײַך װי זי האָט געװאָלט באַװײַזן די גלענצנדע שטערן, אַז צו איר קענען זײ זיך ניט גלײַכן... קײן װינטעלע, קײן לופֿט האָט נישט אָנגערירט דאָס שטילשװײַגעניש פֿון דער דאָזיקער שײנער, ליטערער, װאַרעמער נאַכט... זעלטן־זעלטן האָט מען געהערט, װי עס קאַטשעט זיך ערגעץ װײַט איבער די שטײנער פֿון די גאַסן אַ דראָזשקעלע, עס קאַטשעט זיך און קאַטשעט זיך, עס װערט װידער שטיל, און מיר: — איך, מײַן כאַװער, גרישאַ און „זי“ — גײען שטיל, אַראָפּ־אַ־באַרג, אַלץ נידעריקער און נידעריקער, — ביז מיר קומען אַהײם, צום װײַסן מױער

פונעם ראבינער; מיר בלײַבן שטיין... „זי" געזעגנט זיך פריער מיט גרישען, װעלכער קװעטשט איר שטאַרק־שטאַרק די האַנט... נאָכדעם נעמט „זי" און גיט אונדז אױך די האַנט און קוקט אונדז גלײַך אין די אױגן אַרײַן, און עס װײַזט זיך אונדז אױס, אַז „זי" קוקט אונדז טיף־טיף אין האַרצן אַרײַן... אַך, װאָס איז דאָס פֿאַר אַ קוק בײַ „איר"?.. װאָס איז דאָס פֿאַר אַ פּנים?.. װאָס איז דאָס פֿאַר אַ זיס שמייכעלע?.. װאָס איז דאָס פֿאַר ברעמען?.. װאָס איז דאָס פֿאַר אַ טײַער, ייִדיש, װײַס, װאַרעם הענטל בײַ „איר"? װאָס איז דאָס פֿאַר אױגן? װאָס איז דאָס פֿאַר אַ קוק?.. אָ, געבענטשט איז דער מענטש, אױף װעלכן עס קוקן אָט די „דאָזיקע" אױגן! געבענטשט זענען די „דאָזיקע" אױגן, װאָס קוקן אױף יעדן מענטשן גלײַך, מיט רחמנות, מיט גוטסקײַט, מיט ליבע!

אַ גאַנצע נאַכט האָט דאָך (זיך?] אונדז ביידן געכאָלעמט אַ פּאָר בלױע שײנע אױגן מיט אַ טײַער זיס שמייכעלע... מיר האָבן זיך לאַנג געקאַטשעט פֿון איין זײַט אױף דער אַנדערער זײַט, פֿרעגנדיק איינער בײַ דעם אַנדערן: „דו שלאָפֿסט"?.. ניין, דאָס איז שױן ניט געװען דער זיסער, געשמאַקער שלאָף פֿון די צװיי אומשולדיקע נעפּאַשעס אױף דער פּױלישער אכסאַניע!..

אָ, קינדער, קינדער! װי געפֿערלעך זענען אַזעלכע יאָרן!..

## דאָס זיבעטע קאַפּיטל

**װי עס קומט פֿאַר אַזעלכעס, װאָס קיינער פֿון אונדז קען זיך דאָס גאָר ניט פֿאָרשטעלן בעשום־אופֿן, נישט אױף דער װאָר און נישט אין חלום!..**

לעזער! אױב גאָט האָט דיך געבענטשט מיט אַ גליקלעכן טאַלענט און מיט אַ רײַכער פֿאַנטאַזיע — נעם אַ גאַנץ ריז פּאַפּיר און שרײַב אָן אַן „עכט אינטערעסאַנטן" ראָמאַן אין 24 טייל מיט אַן עפּילאָג צום סאָף! איך גיב דיר אַ גרייטע קאַנװע, איך גיב דיר פּאָדעם, זײַד, בלוטשקע אַדג. — נעם ניי אױס עפּעס אַ מין קװייט אָדער אַ בלום נאָך דײַן גוסט נאָך — און לאָז גאָט געבן מיט האַצלאָכע!.. װאָס גייט דיר אָפּ? דו האָסט דאָ צװיי, דרײַ העלדן; דו האָסט דאָ אַ שיין מיידל (אַן אַ מיידל קאָן קיין ראָמאַן ניט זײַן, װי אַ כופּע אָן קלעזמער), דו האָסט דאָ אַלץ, װאָס דו דאַרפֿסט!.. נעם דאָס מיידל און הײם איר, לאָז זי זיך אײַנליבן אין מײַן כאַװער אַריע־לייב... לאָז אַריע־לייב װערן אַ סטודענט... לאָז גרישאַ דערפֿון אָנהייבן קרענקען און לאָז מאַכן אַ

שטארב (כאפּט אימ דער וואטנמאכער! א דײַגע א גרויסע?..), לאָז יעליזאבעטא ליב קריגנ אריע-לייבנ... לאָזנ אירע עלטערנ (נאטירלעכ, מערדער, פארדאָרבענע מענטשנ!..) זי פארקנאסנ פאר אנ אנדערנ, פאר א כאָסיד... לאָז אריע-לייבס כאווער ליב קריגנ יעליזאבעטנ... לאָז ער אײַנגעבנ אריע-לייבנ סאמ, אונ לאָז ער אויכ אוועקשטארבנ (א שיינע ריינע קאפּאָרע!..), לאָז יעליזאבעטא פאר צאָרעס זיכ אופהענגענ אונ אויכ אָפּטראָגנ זיכ פונ דער וועלט (וואָס קאָנ עס דיכ ארנ?..), לאָזנ אירע עלטערנ אויסגיינ בא איר אפנ קייווער פאר גרויס הארצווייטעק אינ געוויסנביסע (א מיצווע אפ זיי!..). האקלאל—לאָזנ מענטשנ פאלנ אינ די גאסנ, ווי די פליגנ, ווי שטרוי, — אבי דו זאָלסט באשאפנ א „טראגעדיע"!.. אָדער, פארקערט: לאָז זיכ יעליזאבעטא כאסענע האָבנ פאר איר געליבטסטנ גרישענ (א ראכמאָנעס, כ'לעבנ, אפ אזעלכע יונגע מענטשנ!..), לאָז אריע-לייב זיכ אומקערנ צוריק אהיימ מיט זײַנ גע-טרײַענ כאווער, אונ לאָזנ זיי ווערנ לײַטנ גלײַכ — דער א ראָוו, אונ דער א מעלאמעד, ווי זיי שטייט אָנ, אונ לאָזנ זיכ זייערע טאטע-אונ-מאמע פרייענ, קוקנדיק אפ זיי (וואָס ארט עס דיכ?..), לאָזנ יעליזאבעטעס עלטערנ לאנג לעבנ אונ קלײַבנ נאכעס פונ זייערע קינדער (עס קאָסט דיכ העלנ געלט?..). לאָז זיכ דער כאָסנ דער כאָסיד געפינענ זײַנ זיווע, אונ לאָזנ זיי זיכ פרוכטנ אונ מערנ אונ דערפילנ דאָס לאנד, מיט איי-נעמ וואָרט, לאָזנ מענטשנ לעבנ אפ דער וועלט אונ פריילעכ זײַנ,— אבי דו זאָלסט באשאפנ א „קאָמעדיע!"...

אָבער איכ, דער ארויסגעבער פונ דער דאָזיקער עמעסער געשיכטע, איכ בינ נישט קיינ ראָמאניסט, נאָר א היסטאָריק, וואָס מוז אָפּהיטנ דעמ עמעס אונ כאס-וועשאָלעמ ניט דורכלאָזנ קיינ שפּרענקעלע, עס זאָל דערפונ כאָלילע קיינ ראָע נישט ארויסקומענ דער וועלט; אלקיינ גיי איכ מיר אזוי טריט בא טריט אונ דערצייל זיכ מיר ווײַטער...

אפ מאָרגנ האָבנ מיר זיכ געפּעדערט צומ טאָג אונ האָבנ זיכ גע-זעצט איבערדערציילנ איינער דעמ אנדערנ פונ אלעס, וואָס מיר האָבנ זיכ איבערגעזענ אונ איבערגעפילט אינ דעמ נעכטיקנ טאָג. ווי א פּא-נאָראמע, זענענ אונדז פארבײַגעגאנגענ אלע בילדער מיט אלע קלייני-קײַטנ: דער „שימשנ-האגיבער", די קלייט-מעשאָרסימ, די בגאָדימ, וואָס מע האָט אונדז ארײַנגעשטופּט, דער טעאטער מיטנ צילינדער אונ מיט די ענגע שטיוול — אונ עס האָט אונדז אזוי שטארק אָנגענומענ אפ צו לאכנ, גלײַכ ווי עס קער זיכ גאָר מיט אונדז ניט אָנ!

— ער פליט, כא-כא-כא!.. איבערנ גאנצנ טעאטער, כא-כא-כא!.. ארײַנ גלײַכ דעמ פּאָרעצ אינ לאָזשע ארײַנ — כי-כי-כי!..

אזוי האָט זיך מײַן פֿרײלעכער כאַוווער געריסן די קישקעס פֿאַר געלעכטער, איבערדערצײלנדיק אַלע עפּיזאָדן, וואָס מיט אונדז האָט זיך פּאַסירט אין דעם פֿאַבריקן טאָג.

— וואָס וועסטו אָבער טאָן אַצינד, אַריע־לײב, אָן אַ היטל און אָן שטיוול?

— האַ? לאַכיק אַזוי וויסן ביז, כאַ־כאַ־כאַ!.. איך זע — ער פֿליט! כי־כי־כי!.. גלײַך צום פּאַרעץ, כאַ־כאַ־כאַ!!!..

— וואָס פֿאַר אַ בייזער געלעכטער עס איז אָנגעפֿאַלן אויף די דאָר־זיקע צוויי שלעפּערס! — האָט זיך אָנגערופֿן די קעכן צום לאַכנדיקן מיידל, וועלכעס האָט נאָך גאַנץ געשמאַק געכראָפּעט...

מיר זענען באַלד שטיל אַנשוויגן געוואָרן, ווי די טײַבעלעך, און האָבן זיך גענומען אָנטאָן אונדזערע גרויסאַרטיקע מאַלבושימלעך. מיר האָבן זיך אַרומגעקוקט, אַז מיר האָבן געגעכטיקט מעכילע אין קיך צוזאַמען מיט דער קעכן און מיט דעם לאַכנדיקן דינסטמיידל, וועלכע מיר האָבן פֿאַר איר שטשירען די ציין פּײַנט געקריגן מיט דעם גאַנצן האַרצן!

— וווּ זענען דאָ ערגעץ די צוויי קאָמיסײַלעוויקעס באַכערימלעך?— האָט אַ פֿרעג געטאָן עמעצער, עפּענענדיק די טיר.

— וואָס איז? — האָט זיך מײַן כאַוווער אַרויסגעשטעלט. — וואָס דאַרפֿט איר זיי? אָט דאָס זענען זיי; אָט דאָס זענען מיר; איך מיט מײַן כאַוווער; אָטאָ....

— נעמט צו! — האָט יענער געזאָגט צו אונדז, אַרײַנוואַרפֿנדיק אין שטוב אַרײַן אַ גאַנצן קלומעקל. — נעמט! דאָס האָט מען אײַך געשיקט פֿון פֿרידענשטאַט.

אונדזער וווּנדער האָט נישט געהאַט קיין ברעגן: וואָס איז דאָס פֿאַר אַ פֿרידענשטאַט? פֿונוואַנען ווייסט ער אונדז? און וואָס איז דאָס פֿאַר אַ קלומעק, וואָס ער האָט אונדז געהייסן איבערגעבן?.. אונדזער וווּנדער איז אָבער נאָך גרעסער געוואָרן, ווען מיר האָבן אופֿגעבונדן דאָס פּעקל און אַרויסגענומען פֿון דאָרטן צוויי זייער פֿײַנע קאָסטיומען, געטראָגענע, נאָר גאַנצע, צוויי היטעלעך קימאַט שפּאָגל־נײַע, צוויי פּאָר שטיוול, צוויי ווײַסע געפּרעסטע העמדער אויף אונדזער מאָס אַזוי., אַזוי. גלײַך ווי אָנגעמאָסטן!.. ווי די העלצער זענען מיר געבליבן שטיין מיט די דאָזיקע אומגעריכטע מאַטאָנעס אין די הענט און האָבן לאַנג געקוקט איינער אויף דעם אַנדערן מיט שטאַרק אָפֿענע אויגן!

— וואָס הייסט דאָס, איך בעט דיך? וואָס באַטײַט עס? און װאָס

פאַר א פשאט האָט דאָס? און וויאזוי רופט מען דאָס? — האָט זיך צו מיר אריע־לייב פאַרוווּנדערט געווענדט.

— זע נאָר א ביסל, ווי זיי שטייען, ווי די קלעצער! — האָט זיך די קעכן ווידער געווענדט צום לאַכנדיקן מיידל, וועלכעס האָט נאָך אלץ געבראָפּעט געשמאַק. — טו נאָר א קוק, איך בעט דיך, ווי זיי פאַרשטייען ניט, וואָס דאָס הייסט! דאָס האָט מען אַיַך פון דעם שאָכן, פון פרידענשטאַט, אַרײַנגעשיקט די אלטע הויזן... דאָס קען זײַן די מאַדאַם פרידענשטאַט אָדער די עלטערע טאָכטער, מיסטאַמע יעליזאַבעטאַ...

„יעליזאַבעטאַ"?! ווידער „איר" נאָמענ?! ווי מיט פײַער האָט דאָס אונדז א ברי געטאָן!..

— דו הערסט, אריע־לייב? דאָס האָט „זי" אונדז געשיקט! דאָס האָט „זי" אונדז געגעבן!.. וואָס זאָגסטו דערויף?..

אריע־לייב האָט מיר דערויף נישט געהאַט וואָס צו זאָגן: זײַנע אויגן האָבן זיך באַלד אָנגעפילט מיט טרערן!..

אָ, יעליזאַבעטאַ, יעליזאַבעטאַ! וואָס האָסטו געטאָן מיט אונדז?!..

אין א פאָר שאָ ארום האָט מען אונדז אַרײַנגערופן אין דעם עסצימער אַרײַן (סטאָלאָווע) טרינקען קאַווע. — בא א גרויסן קײַלעכדיקן טיש איז געזעסן: דער ראַבינער מיט צוויי נײַע שטיקלעך וואַטע אין די אויערן, מיט א יאַרמולקעלע אױף דער גלאַנצנדיקער ליסינע און מיט א בלאַט־צײַטונג אין די הענט; אױף אונדזער „גוט־מאָרגן" האָט ער קוים אופגעהויבן אייִן ברעם און עפּעס אַרויסגעלאָזט א בלאָז פון די ליפּן („גוט־יאָר") און האָט זיך אַזוי שטאַרק פאַרטיפט אין דער בלאַט־צײַטונג, אז מע האָט שוין קיין פּאָנעם ניט אַרויסגעזען... נעבן אים איז געזעסן זײַן פרוי, א גרויסוועלטיקע דיקע דאַמע מיט א גוזמע קרחזשעווקעס אױפן קאָפּ, אױפן האַלדז, אױף די אַרבל — אומעטום; זי האָט אונדז אָנגעוויזן מיט די אויגן, ווו זיך אַנידערצוזעצן, און מיט דער רעכטע האָט אונדז דאָס לאַכנדיקע מיידל צוגעטראָגן צוויי גלעזער קאַווע, פון וועלכע עס האָט געזעצט זייער א שמעקנדיקער רייעך גלײַך אין נאָז אַרײַן. — זיצן בא א קײַלעכדיקן טיש און טרינקען קאַווע איז נאָך ניט געט וויים וואָס פאַר אן אומגליק, אוביפראַט, אז מיר זענען שוין געווען א ביסל אויסגעסווישטשעט אין דער וועלט און דערצו נאָך אָנגעטאָן ווי מענטשן, ווי לײַטישע מענטשן, נאָר פּלוצעם... האָט זיך אופגעעפנט די טיר, און עס איז אַרײַנגעקומען אונדזער גרישאַ מיט יעליזאַבעטען מיט עפּעס נאָך א מיידל, א שוואַרץ מיידל מיט גרויסע שוואַרצע אויגן, שוואַרצע האָר און מיט רויטע באַקן. זיי זענען אַרײַנ־

געקומענ אלע גאנצ פרייליכע, זיי האָבנ זיכ געוויטעט מיטנ ראבינער אונ מיט דער מאדאמ ראבינערשע (דאָ האָט דער ראבינער מיט גרויס טיר־כע אָפגעריסנ די אויגנ פונ דעמ בלאט־צײַטונג אונ האָט אויסגעצויגנ די פרייליכע געסט צוויי פינגער פונ זײַנ ווײַס הענטל, נאָכדעמ האָט ער איבערגעלייגט די שטיקלעכ וואטע אינ די אויערנ אונ האָט זיכ ווי־דער איבערגעדעקט מיט דער בלאט־צײַטונג, ווי מע דעקט זיכ איבער מיט א לײַלעכ).

איכ האָב קיינ אויג ניט געקאָנט אראָפּלאָזנ פונ מײַנ אומגליקלעכנ אריע־לייבנ, וועלכער איז רויט געוואָרנ, ווי א צוויק, אונ די הענט האָבנ אימ אָנגעהויבנ ציטערנ... דאָכ האָט ער זיכ געמאכט א הארצ אונ אָנגענומענ מיט אלע קויכעס בא דער גלאָז קאווע, צו ווײַזנ, אז עס ארט אימ ווי דער פאראיאָריקער שניי אונ עס מעגנ ארײַנקומענ אפילע זיבעציק יעליזאבעטעס, ארט אימ אויכ ניט!.. „זי" האָט אָבער גאנצ גוט ארויסגעזענ, אז איר ארײַנקומענ האָט אונדז א ביסל איבעראשט, אונ באָכ מער מײַנ כאווער, וועלכער האָט זיכ פּאָשעט געוואָרנ מיט דער קאווע... עס ווײַזט אויס, אז „זי" האָט ראכמאָנעס געקראָגנ אפ מײַנ כאַ־ווער, וואָס ער קומט נעבעכ אזוי אָפ איבער איר, מאכמעס גאָר איינגיכנ האָט זי זיכ צו אימ געווענדט מיט איר טײַער זיס שמייכעלע:

— נו, ווי געפעלט אײַכ דער נעכטיקער טעאטער?..

מײַנ אריע־לייב, וועלכער האָט ביז אהער געהאלטנ דעמ קאָפּ איבער דער גלאָז קאווע, האָט אופגעהויבנ זײַנע אויגנ אפ „איר", אונ עס ווײַזט אויס, אז ער האָט איר עפּעס געוואָלט ענטפערנ, נאָר באמ ערשטנ וואָרט „איכ"... האָט ער זיכ פארהוסט אונ פארכלינעט אפ א היפשער ווײַלע, אונ פאר גרויס בושע האָט ער זיכ געוואָלט אָפּ־ווישנ, אונ קיינ נאָזטיכל האָט ער נעבעכ ניט געהאט, דערומ האָט ער א כאפ געטאָנ דעמ סערוועט פונעמ טיש אונ האָט אימ מיטאמאָל א שלעפּ געטאָנ, האָבנ מיטאמאָל אלע גלעזער מיט הייסער קאווע זיכ איבערגעקערט אונ פארשפריצט יעדנ באזונדער דאָס פּאָנעמ מיט די קליידער, אונ איידער עמעצער האָט זיכ אוספּייעט רירנ פונעמ אָרט, האָט זיכ מײַנ אריע־לייב מיט ביידע הענט א כאפ געטאָנ באמ טיש, ער האָט זיכ א שלעכטנ דריי געטאָנ אפנ בענקל אונ האָט זיכ אויסגע־גלימשט מיטנ בענקל, מיטנ טיש אונ מיט אלע, וואָס זענענ געזעסנ ארומ טיש, אזוי אז אלע זענענ געלעגנ פּאָרווײַז אפ דער ערד אונטערנ איבערגעקערטנ טיש.

מײַנ אריע־לייב איז געבליבנ ליגנ באמ ראבינער אינ די הענט! איכ האָב געהאלטנ די ראבינערשע בא די קרוזשעווקעס, אונ גרישא

האָט זיכ געוואָרפנ מיט די הענט אונ מיט די פיס הינטער דער מאַמזעל יעליזאַבעטאַ מיט דעמ שוואַרצנ מיידל, וועלכע האָט זיכ פאַרגאַנגענ פאַר געלעכטער!..

עס האָט לאַנג געדויערט, ביז מיר זענענ אַלע געקומענ צו זיכ... ענדלעכ האָט זיכ די דאָזיקע סצענע געענדיקט מיט אַ גרויס געלעכטער, אינ וועלכנ דאָס שוואַרצע מיידל האָט איבערגעלאַכט אונדז אַלעמענ. די מאַדאַמ ראַבינערשע, אַ גאַנצ סאָלידע פרוי, האָט זיכ אויכ נאָכדעמ שטאַרק צעלאַכט; אַפילע דער ראַבינער, וואָס איז געווענ געוויס אַנ ערנסטער מאַנ, האָט אויכ פאַרקאַטשעט די לינקע ברעמ אַפ אַ זײַט, אונ די אייבערשטע ליפּ האָט ער עטוואָס אויפגעהויבנ — אַ סימענ, אַז ער האָט געלאַכט...

— נישקאָשע, נישקאָשע! — האָט יעליזאַבעטאַ פאַרענטפערט מײַנ אומגליקלעכנ כאַווער... — נישקאָשע, נישקאָשע! אַזעלכע זאַכנ טרעפנ זיכ אָפט מיט יעדנ יונגנ מענטשנ, ווענ ער איז אינ דער פרעמד!.. קומט אַרײַנ אינ זאַל... איכ וועל אײַכ אַ ביסל שפּילנ אַפ דעמ פּיאַנאָ... איר האָט דאָכ ליב מוזיק... איאָ?..

דער גאַנצער אוילעמ איז אופגעשטאַנענ פונ די ערטער אונ איז אַרײַנגעקומענ אינ זאַל אַרײַנ; נאָר דער ראַבינער האָט זיכ אײַנגענורעט אינ דער בלאַט־צײַטונג אונ איז געבליבנ זיצנ אַפ זײַנ אָרט. גייענדיק אינ זאַל אַרײַנ, האָב איכ באַטראַכט מײַנ ליבסטנ כאַווער אונ בינ נימ־פּאָעל געוואָרנ פונ זײַנ שיינקײַט אינ דעמ נײַעמ גאַרניטער, וועלכע „זי" האָט אימ געשענקט; זײַנע בעקלעכ האָבנ זיכ צעפלאַמט, אונ די שוואַרצע אויגנ זײַנע האָבנ געגלאַנצט, ווי גלענצנדע שטערנ; ער האָט געהאַט אַ ברייטנ ווײַסנ שטערנ, אַנ אויסגעטאָקטע נאָז, מיט אַ שיינ קליינ מײַלכל, וועלכעס יעדעס שיינ מיידל וואָלט זיכ געמעגט ווינטשנ ניט ערגער; זײַנע זײַדענע טונקעלע האָר זענענ געלעגנ צעוואָרפנ אַפנ קאָפּ, אונ זײַנע ברייטע אַקסלענ האָבנ אימ צוגעגעבנ פיל כיינ צו זײַנ גלײַכ גיכ גענגל — מיט איינ וואָרט, אַריע־לייב איז געווענ ווירקלעכ אַ שיינער מענטש! יעליזאַבעטאַ האָט ניט אומזיסט געקוקט אַפ אימ מיט אַזעלכע אויגנ. גייענדיק, האָט „זי" אימ אַ זאָג געטאָנ שטילער־הייט:

— אײַער דיכטונג האָב איכ געזענ...

— מײַנ דיכטונג? — האָט זי מײַנ כאַווער איבערגעפרעגט פאַרוווּנדערט... — איר קענט דענ העברעיִש?

— אָ! נאָכ וויאַזוי? איכ האָב עטלעכע מאָל געלייענט מאַפּו, שולמאַנ, גאָטלאָבער, לעווינזאָנ...

— איר האָט געלייענט מאפו?!

— עס וווּנדערט אײַך? איך האָב אַמאָל אַליין אויך געשריבן העב־רעישע געדיכטע... איך האָב אָנגעהויבן שרײַבן א „ראָמאן"...

— איר האָט אַליין געשריבן א „ראָמאן"...

— סטײַטש, ווי דען? א גרויסן ראָמאן! אין פיר טייל; ער האָט געהייסן: „בת ציון 1"...

— ער איז געווען ערגעץ אָפּגעדרוקט? ווּ איז ער?

— ניין, ער איז ניט געווען געדרוקט אין ערגעץ; נאָר איך קען אײַך אים ווײַזן, ער ליגט בא מיר אין קאסטן; איר וועט זײַן בא אונדז, וועט איר אים זען... איר ווייסט, ווו מיר וווינען?.. אָט באלד, דאָס צווייטע הויז... פרידענשטאט... אונדזער פאמיליע איז פרידענשטאט... אונ־דזער פאָטער איז א פּאָדריאַטשיק... ער זיצט באשטענדיק אין פּעטערס־בורג... מיר זענען זיבן טעכטער... איך בין די עלטערע פון אלע... אָט דאָס איז אויך מײַן שוועסטער... זי הייסט א נ ע ט א... בא אונדז איז דאָ א בעסערער פּאַרטאָפּיאַן, אונ צו אונדז גייען ארײַן די בעסטע יונגעלײַט פון דער שטאָט... בא אונדז איז טאָמיד פריילעך... ניט ווי אָט דאָ... איר זעט, ווי דער אַלטער טערעב זיצט קעסיידער איבערגעדעקט מיט א בלאַט־צײַטונג (די דאָזיקע ווערטער האָט זי געזאָגט מײַן כאוועד שטיל, קימאט אפּן אויער, אזוי אז אירע רויטע ליפּעלעך האָבן זיך שיר ניט אָנגערירט אין מײַן כאווערס האָר...).

אויסער זיך זענען מיר געווען פון דער דאָזיקער יעליזאבעטא, וועלכע האָט זיך צעפּלאפּלט אונ האָט אזויפיל גערעדט, אז דער קאָפּ האָט זיך אונדז אָנגעהויבן דרייען!.. ענדלעך איז זי צוגעלאָפן צום פּאַרטאָפּיאַנע אונ האָט אפּדערגיך אָפּגעכאפּט עטלעכע שטיקלעך אונ איז אנטלאָפן, זאָגנדיק אונדז אפּן וועג:

— לעמאַן־האַשעם הײַנט אָוונט־צײַט ארײַנקומען צו אונדז מיט גרישען!

ווי א גוטער כאָלעם, וואָס פארשווינדט, וויבאלד מיר כאפּן זיך אוף פונעם שלאָף, אזוי איז געווען בא אונדז די דאָזיקע יעליזאבעטא, וועלכע האָט זיך אלע מינוט באוויזן פאר אונדזערע אויגן, ווי א מעטעאָר (א גלענצנדער שטערן), אונ איז ווײַטער אנטלאָפן, ביכדיי אונדזערע געפילע זאָלן מער באוועגט ווערן, ביכדיי אונדזער בלוט זאָל מער דערוואָרעמט ווערן, ביכדיי אונדזערע יונגע קעפּלעך זאָלן מער פאַר־דרייט ווערן... אָ, לעזער! דו האָסט קלאָל קיין טאַעם ניט, אויב דו

1 „באס ציון" — די טאָכטער פון ציון.

רעכנסט, אז מיר ביידע, איך מיט מײַנע גערימטע באוווער אריע־לייב, זענען שוין אײַנגעליבט געוואָרן אין דער דאָזיקער יעליזאַבעטאַ!.. דו וווּנדערסט זיך און לאַכסט פון אונדז און קענסט דאָס גאָר ניט פאַר־שטיין, ווי קומט דאָס, אַז צוויי קאָמיסיוואָיאַזשער יונגלעך, צוויי קונדיי־סים, וואָס עס וואָלט זיי געמעגט אָנשטיין, צווישן אונדז רייזנדיק, נאָך גיין באַנאַכט אין ביידער אַרײַן מיט אַ לאַנטערן און זינגען אײנייגעם מיטן באַהעלפער:

„ראַז, דוואַ, טרי, טשעטערע;
אַכטער, באַכטער, נאַ קוואַטערע! אַזוי".

אָט אַזעלכע צוויי יונגלעך זאָלן נאָך האָבן אַ האַסאַגע אַפילו צו טראַכטן פון אַזעלכע זאַכן, ווי אַשטייגער „ליב האָבן", „אײַנליבן זיך" אין אַ מאַמזעל!.. דאָס קומענדע קאַפּיטל וועט דיר זײַן אַ טערעץ, ליבער לעזער, אַף אַלע דײַנע קאַשעס!

## דאָס אַכטע קאַפּיטל

אונדזערע העלדן טרינקען מיטן פּוילן מויל דעם זיסן קאָס פון דעם טײַערסטן ווײַן — פון דער ערשטער ליבע; זיי טרינקען אַזוי לאַנג, ביז זיי ווערן שיקער און פאַלן פון די פיס...

דאָס הויז פון הערן מאַרקוס פרידענשטאַט איז געווען איינס פון די פריילעכסטע הײַזער אין דער דאָזיקער גרויסער שטאָט. דער הער פרידענשטאַט ליגט באַשטענדיק, יאָרנווײַז, אין פּעטערסבורג. — מיט וואָס פאַרנעמט ער זיך דאָרט? וואָס איז זײַן הויפּט־געשעפט? וואָס טוט ער דאָרטן שוין אַזאַ צײַט מיט יאָרן? גאָט ווייסט, איינער גאָט ווייסט, וואָס דאָס באַטײַט! מע זאָגט, אַז ער האָט עפּעס דאָרט אַ גרויסן פּאָדריאַד; איינציקע זאָגן, אַז ער האָט קיין פּאָדריאַד קיינמאָל נישט אָנגענומען, נאָר ער לאָדט זיך מיט עפּעס אַ גרויסן פּאָדריאַטשיק. אַנדערע זאָגן, אַז פּאָליאַקאָוו, דער גרויסער פּאָליאַקאָוו, איז זײַנער עפּעס אַ ווײַטער קאָ־רעוו, דרייט ער זיך דאָרט אַרום אים; נאָר אַנדערע (בייזע מײַלער) זאָגן אַף אים, אַז ער איז... נאָר לעמײַ זאָלן מיר ריידן לאָשן־האָרע אַף אַ מענטשן, וואָס מיר קענען אים ניט? מיר ווייסן נאָר וויל, אַז זײַן פאַ־מיליע איז אַ גילדענע פאַמיליע פון זייער גוטע מענטשן, וואָס האָבן ראַכמאָנעס אַף יעדן געפאַלענעם און געפּלאָגטן; מיר ווייסן נאָר וויל, אַז דער הער פרידענשטאַט שיקט צו אַהיים מאַסן מיט געלט, און מע לעבט „אַ גוטן טאָג"; מיר ווייסן נאָר וויל, אַז די מאַדאַם פרידענשטאַט האָט אַ טײַער האַרץ און האָט ליב העלפן יעדן אָרעמאַן און האָט, ווי

מע זאָגט, אונ ,,אָפֿענע האַנט״; מיר ווײסנ נאָר וויל, אַז זי האָט זיבנ טעכטער, אײנע שענער פֿונ דער אַנדערער; זײ הײסנ:

1) יעליזאַבעטאַ (ליזע); 2) אַנעטאַ (כאַנע); 3) פֿאַניעטאַ (פֿײגע); 4) בראָניעטאַ (ברײַנע), 5) סאָניעטאַ (סאָרע); 6) מאַניעטאַ (מאַלקע); 7) מאַשעטאַ (מיריאַם).

וואָס קאָנענ מיר נאָכ זאָגנ פֿונ דעמ דאָזיקנ לעבעדיקנ הויז, אינ וועלכנ מענטשנ לעבנ אונ זענענ טאָמיד פֿרײלעכ, צופֿרידנ אונ גליקלעכ? אונ ווי איבעראַשט אונ צעטומלט זענענ מיר געווענ, אַז מיר זענענ דאָס ערשטע מאָל אַרײַנגעקומענ אינ דעמ דאָזיקנ הויז, וווּ יעדער פֿרעמדער האָט זיכ געפֿילט, אַז ער געפֿינט זיכ צווישנ אײגענע אונ האָט זיכ ניט וואָס צו שעמענ פֿאַר דער דאָזיקער קאָמפּאַניע יונגעלײַט אונ יונגע פֿרײַלנס, וועלכע טאַנצנ אונ שפּרינגענ, פּליעסקענ אונ זינגענ, ליִענענ, רײדנ אונ לאַכנ, עסנ אונ טרינקענ, א סאַכ פֿרײלעכער אַפֿילע, ווי בײַ ייִדנ אױפֿ א כופּע־וועטשערע!.. מיר האָבנ פֿאַרוווּנדערט געקוקט אײנער אױפֿ דעמ אַנדערנ אונ האָבנ דאָס גאָר נישט פֿאַרשטאַנענ, וווּהינ האָט מענ דאָס אונדז אַרײַנגעפֿירט?!.. וווּ האָבנ מיר גאָר געקענט זענ אַזעלכעס? בײַ אונדז אינ קאַמינסײַלעווקע, וווּ מיר האָבנ זיכ נאָר אָנגעהערט פֿונ די צאָרעס מיט די אומגליקנ אונ וווּ יעדער ערלעכער ייִד איז מעכוּיעװ צו פֿאַסטנ קימאַט אַלע מאָנטיק אונ דאָנערשטיק? צי עפּשער בײַ אונדזערע עלטערנ, וועלכע זענענ שטענדיק געווענ פֿאַרטראָגנ אינ דער ,,פּאַרנאָסע״ — דער טאַטע אױפֿ די ,,יאַריִדימ״ אונ די מאַמע אינ „קלײט״? אונ אַפֿילע, ווענ גאָט העלפֿט, אַז דער ליבער שאַבעס־קוידעש קומט אָנ, האָט מענ אויכ קײנ צײַט נישט פֿרײלעכ צו זײַנ אונ אָנטאָנ זיכ עטוואָס פֿאַרגעניגנ. פֿאַרוואָס? אָט האָט איר א ריכטיקנ כעזשבנ: פֿרײַטיק־צונאַכטס מוז מענ זיכ אָפּרוענ פֿונ דער גאַנצער וואָכ, וואָס מע מאָרדעוועט זיכ אָנ, ווי א גוטער הונט... שאַבעס אינדערפֿרי מוז מענ גײנ אינ שול אַרײַנ... פֿונעמ שול, אַז מע קומט, דאַרפֿ מענ, דאַכט זיכ, עפּעס נעמענ אינ מויל אַרײַנ. מע הײבט אָנ צו עסנ: פֿריִער אײַנגעמאַכטס, טאָרט, לעקעכ, צוקערלעקעכ, שטרודל, מאַנדל־בײגעלעכ אַזוו., אַזוו. נאָכדעמ וואַשט מענ זיכ אונ מע הײבט אָנ צו עסנ די פּאַטראַוועס, וואָס הײסנ מיט דעמ נאָמענ — ,,אַפּעטיט״, דהײַינו: רעטעכ, געשאָבענער רעטעכ, געבראָקטער רעטעכ אונ גלאַט אַזוי רעטעכ; דערנאָכ רעטעכ מיט ציבעלעס; אײער מיט ציבעלעס; לעבער מיט ציבעלעס אונ גלאַט אַזוי א ציבעלקעלע אונ נאָכדעמ טשאָלנט — נאָכ אַזאַ סודע מוז מענ זיכ צולײגנ דרעמלענ ביז פֿאַרנאַכט. פֿאַרנאַכט קומט מענ אינ שול אַרײַנ מיט א

פארוווינט הארצ און מיט א פאריאָמערט פּאָנעמ און מע הערט א ביסל ,,די פּאָטשטנ", נײַס פונ די גאזעטנ אדג. — אויכ עפּעס ניט אזוי שטארק פריילעכ... נאָכדעמ דער ,,שאלעסודעס" מיט זײַנע טרויעריקע יאָמערלעכע זמירעס, וואָס וואַרפנ אָנ א שטארקע מאָרע־שכוירע אַפ דעמ יונגנ מענטשנ, וועלכנ די נאטור שטייט בא דער זײַט און שלעפּט אימ ,,אהינ", אַפ דער לופט, א ביסל שפּרינגענ און די ביינדעלעכ אויס־גלײַכנ, דאָס מויעכל דורכלופטערנ! אָט ווערט נאכט... נאָכ ,,האוודאָלע" זעצט מענ זיכ רעכענענ, איבערעכענענ די אלטע כעזשבוינעס און מע הערט ווידער דאָס אייגענע, ווי דער טאטע גענעצט און זאָגט:

— אָכ־אָכ־אָכ! ווּ נעמט מענ געלט?..

און די מאמע ענטפערט אימ מיט א ביטערנ זיפצ פונעמ טיפנ הארצנ, זאָגנדיק:

— אײַ, א וואָכ! אַפ אלע אונדזערע סאָנימ געזאָגט געוואָרנ!..

איז עפּעס א כידעש, אז אזעלכע קינדער, וואָס ווערנ אופגעצויגנ אַפ אזא מינ אויפנ, כאפּנ זיכ ארײַנ פלוצעמ פונ אזא טרויעריק לעבנ אינ אזא פריילעכער שטוב, ווי בא הער מארקומ פרידענשטאט? איז עפּעס א כידעש, אז עס איז אונדז קימאט פינצטער געוואָרנ אינ די אויגנ, קוקנדיק אַפ דער דאָזיקער באטאליע און הערנדיק ארומ זיכ אזעלכע לעבעדיקע קוילעס פונ פריילעכע גליקלעכע מענטשנ, וואָס מאכנ אינמיטנ מיטוואָכ א יאָמטעוו און מע הוליעט א גאנצע נאכט ביז טאָג?..

— איכ זאָג דיר דעמ עמעס!.. — האָט מיר מײַנ כאווער אָנגע־הויבנ עפּעס צו זאָגנ, מיסטאמע א קלוגע זאכ; נאָר מע האָט אימ ניט געלאָזט ענדיקנ, מאכמעס די פרײַלנ יעליזאבעטא האָט אונדז דערזענ, איז זי גלײַכ צוגעלאָפנ צו אונדז, און אָנעמענדיק אונדז בא די הענט, האָט זי אונדז ארײַנגעפירט צו זיכ אינ זייער א ליכטיק ריינ צימער ארײַנ און האָט אונדז אנידערגעזעצט אַפ א קליינ סאָפקעלע, און אליינ האָט זי זיכ אָנגעבויגנ איבער א קעסטל און האָט ארויסגע־שלעפּט פונ דאָרטנ א צונויפגענייט פּעקל פונ פאפּיר, אַפ וועלכנ זי האָט אונדז אָנגעוויזנ מיט אירע שיינע ראָזעווע פינגערלעכ, זאָגנדיק:

— זעט איר, מײַנע ליבע געסט? אָט דאָס איז מײַנ העברעישער ראָ־מאנ, וועלכנ איכ האָב נאָכ געשריבנ, ווענ איכ בינ אלט געווענ פערצנ יאָר... איצט בינ איכ שוינ אלט אכצנ... איאָ, איכ זע אויס א סאכ עלטער?.. וואָס, ניינ?.. אָ, איר ווילט ניט זאָגנ!.. דער ראָמאנ הייסט מיט דעמ נאָמענ „בת ציון", די טאָכטער פונ ציוענ... א שייגער נאָמענ, איאָ?.. עס קומענ אינ אימ פאָר שרעקלעכע סצענעס, אז די האָר שטעלנ

זיך קאַפּויר... מיט טרערן האָב איך אים געשריבן... איך קען אים נאָך אַד־היאָם ניט לייענען אָן טרערן... איך האָב אים נאָך קיינעם ניט גע־לייענט... אַכוץ גרישען... ווי געפעלט אייך עפּעס גרישאַ?.. איאָ, אַ גוטער מענטש?.. דער פאָטער איז אַ גרויסער שויטע, און די מוטער איז פּאָשעט איינגעטונקען אין קרוזשעוועס. כאַ־כאַ־כאַ! ווילע מענטשן אַלע... דער ראָמאַן באַשטייט פון פיר טייל מיט אַן עפּילאָג צום סאָף... גרישען איז דער עפּילאָג געפעלן מער פונעם גאַנצן ראָמאַן... ער זאָגט, אַז איך שרייב ניט ערגער פונעם גרויסן מאַפּו... ווי געפעלט דאָס אייך? איאָ, עס איז נישט עמעס? איך האָב גרישען בעסער ליב פון אָט די אַלע יונגעלייט דערפאַר, וואָס ער האָט ליב יעדן, וואָס שרייבט און לייענט העברעיִש... איך האָב אייך ליב אויך דערפאַר, וואָס איר שרייבט העב־רעיִש מיט אַזאַ גרויסקייט און מיט אַזאַ ליבשאַפט!..

וואָס זענען דאָס געוועזן פאַר ווערטער? זיי האָבן זיך געגאָסן פון־נעם מויל און זענען געקראָכן גלייך אין האַרצן אַריין!

— יעליזאַבעטאַ! יעליזאַבעטאַ! קום אַהער!.. — האָט עמעצער געשריגן פונעם צווייטן צימער.

— באַלד, אַנעטאַ, באַלד!.. — האָט זי געענטפערט און האָט אונדז ווייטער גענומען דערציילן פון איר ראָמאַן „בת ציון“, פון אירע שוועסטער, פון אירע אַלע באַקאַנטע יונגעלייט, פון איר „טרייען ליבן פאָטער“ „דעם פּאָדריאַטשיק“, פון גרישען און פון אַנדערע אומ־באַקאַנטע לייט און אַזעלכע זאַכן, פון וועלכע מיר האָבן נאָך קיין שום באַגריף ניט געהאַט... ריידנדיק אַלעס אַזוי גיך אין איין אָטעם, האָט זי זיך שטאַרק פאַרפלאַמט און איז נאָך שענער געוואָרן בײַ אונדז אין די אויגן!.. מיר האָבן שוין גאָרניט געהערט, וואָס „זי“ רעדט: מיר האָבן נאָר געזען פאַר זיך אונדזער טײַערע יעליזאַבעטאַ און האָבן געפילט מיט אַלע איבֿורים, אַז מיר זיצן דאָ מיט „איר“ און מיר הערן, ווי „זי“ רעדט!..

איך בין שטאַרק מסופּק, אויב אַ סך פון מײַנע ליבע לעזער האָבן מער געגאָסן פון זייער ערשטער ליבע און אויב זיי האָבן אַפילע געהאַט די האַסאָגע אויסצוזיצן אַ גאַנצע נאַכט אין איין שטוב מיט זייער „געליבטער“, הערן, ווי זי שפּילט, ווי זי זינגט, ווי זי טאַנצט, עסן מיט איר בײַ איין טיש און זיצן נישט מער ווי צוויי ווערשקעס נעבן איר און שלינגען דעם אַראָמאַט (רייעך) פון אירע האָר און וואַרעמען זיך אין דעם פײַער פון אירע אויגן... אָ, לעזער, לעזער! וויפל גערימטע יונגעלייט פון אונדז האָבן זיך געשעצט פאַר איבערגליקלעך, ווען זיי האָבן געהאַט די גליקלעכע געלעגנהייט כאָטש אַ צוויי־דרײַ

שאָ אויסשטײנ בא זײערע „געליבטע" הינטערנ פענצטער װינטער אפּנ פראָסט אונ קומענ אהײמ מיט לײדיקע הענט אונ מיט א פּאָר אָפּגע־פרוירענע אויערנ!.. איז שוינ א כידעש, וואָס מיר זענענ געווענ אזוי גליקלעכ, אז מיר האָבנ בײדע אָנגעװאָרנ דעמ אפּעטיט אונ האָבנ זיכ ניט געװאָלט צורירנ צו קײנ מײַכל אונ צו קײנ געטראַנק?.. דער בעס־טער מײַכל איז געווענ „זי"! דער בעסטער געטראַנק איז געווענ „זי"!.. עמעצער איז צו אונדז צוגעגאַנגענ אונ האָט צו אונדז עפּעס גערעדט; נאָר מיר האָבנ נישט געהערט וואָס, מאַכמעס אקעגנ אונדז איז געזעסנ „זי"; נעבנ אונדז איז געווענ „זי"; אומעטומ איז געווענ נאָר „זי", נאָר „זי" — אונ װײַטער קײנער נישט!..

— אריע־לײב! אפּאָנעמ, אז עס איז דאָ א גרויסער טשאַד? — האָב איכ זיכ געװענדט צו מײַנ כאַווער.

— וואָס איז? — האָט ער מיכ איבערגעפרעגט.

— דער קאָפּ טוט מיר שטאַרק ווײ... עס דרײט זיכ מיר אינגאַנצנ די שטוב מיט די מענטשנ... א שרעק!..

— מיר אויכ... א שטאַרקער קאָפּווײטעק... שרעקלעכ!..

— זע נאָר זע, אריע־לײב, ווי די שטוב בײגט זיכ אײַנ אונ די שפּיגלענ טאַנצנ...

— אוי, טאַקע, ביסט גערעכט! — האָט מיר מײַנ כאַוועער געענט־פערט... — עס פליִענ בענקלעכ, אונ די מענטשנ דרײענ זיכ, ווי א (שטורעמווינט) ווײבער... וואָס הײסט דאָס? אפּאָנעמ א טשאַד?.. אָ־ווא! אָ־ווא!..

— דו זעסט אָקאָרשט, אריע־לײב, ווי „זי" קוקט עפּעס אזוי מאָדנע אונ מאַכט מיטנ קאָפּ — דו זעסט...

— האָ? יאָ, ביסט גערעכט... איכ זע „זי"... „זי" גײט, האַכט זיכ, אהער אונ מאַכט עפּעס מיט די הענט... אַכ, מײַנ קאָפּ!..

— מײַנ קאָפּ! מײַנ קאָפּ!..

## דאָס נײַנטע קאַפּיטל

**אונדזער עמעסע געשיכטע הײבט אָנ אויסצוזענ ווי א ראָמאַנ...**

א זיסער, א לאַנגער כאַלעמ... א סאַכ בעטלעכ... אינ די בעטלעכ קראַנקע... מע גײט צו מיר צו גאַנצ אָפּט... מע טאַפּט מיר דעמ קאָפּ, דעמ דויפעק... מע קוקט מיר אינ די אויגנ ארײַנ... מע רעדט שטיל... אָט איז „זי"... „זי" קוקט מיר גלײַכ אינ הארצנ ארײַנ מיט אירע טײַערע,

ליכטיקע, בלויע אויגנ!.. דאכט זיכ, „זי״ ווײנט... ניינ, „זי״ לאכט... „זי״ לאכט אונ ווײנט... איכ וויל „זי״ ארומכאפּנ מיט מײַנע הענט... אנטלאָפנ... מע הייבט מיכ אופ... מע לייגט מיכ ווידער אנידער... מע גיסט מיר עפּעס א ביטערע זאכ אינ מויל ארײַנ... איכ לאָז זיכ ניט אונ שרײַ: „איכ וויל ניט קיינ בראָנפנ! יעליזאַבעטאַ! יעליזאַבעטאַ!״... „אפ דער סטעליע שטייט אופגעשריבנ מיט פײַערדיקע אויסיעס „בת ציון״... ווו בינ איכ?.. ווו איז ערגעצ מײַנ אריע-לייב?.. אָט שפּילט „זי״ אונ זינגט... אָט איז „זי״ ווידער אונ קוקט מיר אינ די אויגנ ארײַנ... איכ וויל „זי״ כאפּנ — „זי״ אנטלויפט... אונ נאָכאמאָל אונ ווידעראמאָל!..

נאָר אָט איז מיר עפּעס גרינגער... איכ פיל אפ זיכ עפּעס ווי א נײַע הויט... אקעגנ מיר אפ א בענקל זיצט א באקאנטער יִיד מיט א שווארצער באָרד מיט אזעלכע בייזע אויגנ! ווער קענ דאָס זײַנ, אשטייגער? ווו האָב איכ אימ געזענ? ער שטייט אופ פונעמ בענקל אונ גייט צו מיר צו שטארק נאָענט... ער האלט די שפּיצ באָרד אינ מויל אונ קוקט אפ מיר אונ באטראכט מיכ עפּעס אזוי ערנסט אונ זיפצט... ווער קענ דאָס זײַנ? מײַנ טאטע?.. עס קענ ניט זײַנ! ווי קומט ער אהער?.. עס איז אָבער פּאָרט ער!...

— טא־טע... טאטע! טאטע!

— וואָס איז?

— דו ביסט דאָס, טאטע?

— איכ, איכ!

— ווי קומסטו אהער? ווו בינ איכ דאָס, טאטע?..

— ווי קומ איכ אהער? איכ וועל דיר שוינ נאָכדעמ דערציילנ, ווי איכ קומ אהער! ווער פריִער געזונט אונ גיי ארויס פונעמ שפּיטאָל, וועל איכ זיכ שוינ אָפּרעכענענ מיט דיר!.. איכ האָב אוועקגעוואָרפנ האקל־באקל... די מאמע איז נישטאָ...

— די מאמע איז נישטאָ? ווו איז די מאמע?

— געשטאָרבנ, געשטאָרבנ די מאמע! פאר גרויס נאכעס פונעמ טײַערנ בענ־יאָכיד איז זי געשטאָרבנ! א ווילער בענ־יאָכיד, נישטאָ וואָס צו רעדנ! אנטלויפט פלוצעמ אינמיטנ העלנ טאָג צו וואנדערנ אפ דער וועלט... מיט נאָכ אזא שארלאטאנ ווי דו... מע טוט זיכ אָנ ווי די דײַטשנ, ווי די אָרעמע ווענגערעס... מע באקענט זיכ עפּעס מיט שיקו־רימ, מיט מיידלעכ, עפּעס א יעליזאבעטא — טפו!.. אז ווויל איז דער מאמע דײַנער, וואָס זי זעט דאָס כאָטש ניט מיט אירע אויגנ!.. זי איז שוינ אפ דער עמעסער וועלט! איר נעשאָמע קומט נעבעכ אָפּ פּאר



22*

דיר, פאַר דעמ טײַערנ בענ־יאָכיד! דו וואָלסט געמעגט בײַטנ זיכ מיט איר... אָכ־אָכ־אָכ!..

איכ פאַל מיטנ פּאָנעמ אינ קישנ ארײַנ אונ באוואש זיכ מיט הייסע, ביטערע טרערנ!.. עס קומט ארײַנ א יונגער מענטש אונ שרײַט אונ בייזערט זיכ אפ מײַנ טאַטנ, פאַרוואָס ער טשעפּעט מיכ... דאָס איז דער דאָקטער... נאָכ עטלעכע טעג, שווערע, וויסטע, פינצטערע טעג!.. איכ קענ שוינ זיצנ... שטיינ אפ די פיס... גיינ... איכ פיל, אז איכ ווער ווי קרעפּטיקער, שטאַרקער... ווו איז ערגעץ מײַנ כאַווער? ווו איז ערגעץ אריע־לייב... וועמענ פרעגט מענ? דאָ אינ דעמ שפּיטאָל וויסט מענ ניט, אונ מײַנ טאַטנ וויל איכ אפילע ניט פרעגנ: ער קוקט אפילע ניט אפ מיר, ווי עס דאַרפ צו זײַנ... ער קומט צוויי מאָל אינ טאָג גע־וואָר ווערנ, ווי איכ האַלט אונ צי וועל איכ קענענ פאָרנ אהיימ... אהיימ? צו וואָס? צו וועמענ? איכ בינ שוינ דאָ געוווינט... עס טוט מיר באַנק דעמ סטראָזש פונ דעמ שפּיטאָל אווּעקצוּוואַרפנ: א פּאָשעטער, א האָרבאַטער, א געשטופּלטער, נאָר א וווילער אונ א פריילעכער ייִד; ער הייסט „מענאַשקע"... ער האָט אפ מיר ראַכמאָנעס... ער ווייסט, אז בא מײַנ פאָטער וועל איכ שוינ קיינ האָניק ניט לעקנ אצינד... אָט איז „ער"... דער טאַטע, מיט די שטעכנדיקע וואָנטשעס אונ מיט די בייזע שוואַרצע אויגנ...

— קומ פאָרנ!.. — זאָגט ער צו מיר, אונ „מענאַשקע" טוט מיכ אָנ אינ וועג ארײַנ... ער געזעגנט זיכ מיט מיר ווי א ברודער; ער זאָגט צו מיר „נא" אונ שטופּט מיר ארײַנ א פּעקל טאַבאַק אינ קעשענע ארײַנ: ער ווייסט, אז איכ האָב ליב צו רייכערנ א פּאַפּיראָס, ווענ דער טאַטע זעט ניט!.. אָ, טײַערער, געטרײַער „מענאַשקע"! „זײַט גע־זונט!"... איכ וויינ.

— פאָר געזונט, מײַנ קינד, פאָר געזונט!..

## דאָס צענטע אונ דאָס לעצטע קאַפּיטל

וועלכעס עס קענ דינענ פאַר אנ עפּילאָג אונ פאַר וואָס איר ווילט...

„...טאַכטאַרעראַכטעדעראַכטאַכ־טאַכ!.." — אזוי קלאַפּט אונ טראַסקעט דער אײַזנבאַנ א גאַנצ וועג... אינ וואַגאָנ 3־טע קלאַס איז שטאַרק ענג אונ הייס אונ פול מיט רויכ... דער קאָפּ ווערט מיר אָקאָרשט ניט צעפּאַלנ אפ פיצלעכ!.. באַקאַנטע אונ אומבאַקאַנטע ייִדנ זיצנ אונ שמועסנ מיקויעכ מיסכער... ווײַבער, ווי געוויינלעכ, רעדנ פונ די געריכטע דאָקטוירימ, וואָס היילנ „אפ קינדער"... די קאָנדוקטאָרס

דינגענ זיכ מיט די דאָזיקע, וועלכע פאָרנ אָנ בילעטנ... ווו איז דאָס ערגעצ מײַנ אריע־ליבֿ? ער מוז שוינ לאַנג זײַנ אינ קאָמיסײַלעווקע?.. ווער ווייסט?.. דער באַנ הייבט אָנ צו גיינ שטילער אונ שטילער... עס פײַפט אונ עס סווישטשעט... די פאַסאַזשירנ קלײַבנ צונויפ זייערע מעשונע גרויסע קלומעקעס, אונ מע הייבט זיכ שוינ אָנ צו שטופנ...

— סטאַנציע קאָמיסײַלעווקע, פופצנ מינוט!.. — שרײַט אויס דער קאָנדוקטאָר, אונ עס טוט זיכ א לאָז פאַסאַזשירנ, דער אראָפ, דער ארופ, צומיינסטנ אכיינו בני־ישׂראל, זאָלנ געזונט זײַנ!.. איינער איבערנ אנדערנ... מע שטופט זיכ אונ מע שרײַט אפ פארשיידענע קוילעס: „וועלוול, ווו ביסטו?.. סאָרע, גיכער שוינ!.. סימכע־הערש! סימכע־הערש!.. הא, וואָס, ווו?.. אָט דאָ בינ איכ, אָט דאָ!.. אוי, מײַנ פוס!.. מאלקע, דער זאַק, מאלקע! ביינעש! ווו ביסטו? ווו איז אריע־ליבֿ, ביינעש? גיכער, ביינעש! ברענגט זאָלסטו, ביינעש! ריר זיכ, ביינעש! א מיסע־מעשונע, ביינעש! וועסט דענ קריגנ א רעכט פורל, ביינעש? ווי לאַנג קרענקסטו, ביינעש! זע נאָר, ביינעש, גיב אכטונג אפנ קינד, ביינעש! ביינעש!"... וואָס באַטײַט עס? ביינעש איז דאָכ מײַנ אריע־ליבֿס פאָטער? יאָ, אָט איז ער, ביינעש... אונ אָט איז זײַנ ווײַב, זײַנ צאָרע, זײַנ פוראָניעס — מאלקע!.. ווו זשע איז אריע־ליבֿ?.. אָנ שלעפט זיכ זיי עפּעס נאָכ א פארקויטעטער, א פארוויקלטער אינ אכצנ שאַלנ מיט א בלייכ פּאָנעמ אונ מיט שווארצע אייגעלעכ... אוי, דאָס איז, דאַכט זיכ, מײַנ אריע־ליבֿ?

— אריע־ליבֿ! אריע־ליבֿ! — שרײַ איכ צו אימ אפ א קאָל...

ער קוקט זיכ ארומ... ער האָט מיכ דערקענט... ער וויל צולויפנ צו מיר... מאלקע לאָזט אימ נישט... זי שעלט אימ מיט טויטע קלאָלעס... אונ ביינעש שטייט דאָרטנ צווישנ די פורלעכ, צווישנ די באלעגאָלעס אונ דינגט זיכ... מע זעצט אימ ארײַנ אינ בײַדל ארײַנ מיט גוואלד... ער קוקט זיכ ארומ צו מיר אונ זאָגט צו מיר עפּעס, נאָר איכ הער ניט וואָס... איכ זיצ שוינ אויכ מיט מײַנ טאטנ אינ א בײַדל, אונ מיר פאָרנ פונ הינטנ... ביינעשעס בײַדל האָט אָפּגעקערעוועט אינ א זײַט... וואָס הייסט דאָס? ער פאָרט גאָר נישט קיינ קאָמיסײַלעווקע? וואָס הייסט דאָס?.. מע דארפ זיכ פרווונ א פרעג טאָנ באַמ טאטנ...

— טאטע... טאטע!

— וואָס איז? וואָס דארפסטו?..

— ווּהינ איז דאָס אוועקגעפאָרנ אָנ־אָ ביינעש צעלניקער מיטנ בײַדל? ער וווינט דענ נישט מער באַ אונדז אינ קאָמיסײַלעווקע?

— ניינ, ניינ! פריי זיכ ניט! — ענטפערט מיר דער טאטע מיט

קאס. — ער האָט שוין לאַנג אָנגעזעצט... אויך איבערן זון, דעם כאַ־וועד דיינעם! גרוי און אַלט קען מען ווערן פון אַזעלכע קינדער, ווי איר זענט, אַ פּאַהיבעל זאָל אָפּ אייך קומען!..

און מער קען איך פון מיין בייזן טאַטן ניט אויסכאַפּן קיין איינ־ציק וואָרט... מיר זענען שוין אַריינגעפּאַרן אין שטעטל אַריין... אַ שרעקלעכע בלאָטע, קוים וואָס די פערד שלעפּן אַרויס די פיס... אָט זענען מיר שוין אין דער היים... קוים וואָס איך קריך אַרויס פונעם ביידל... אָט שטייט אונדזער שאָכן, רעב הערשקע דער שויכעט... אַז ער רעדט, שטעלט ער אַרויס אַ האַלבע צונג צווישן די געלע ציין.

— שאָלעם־אַליכעם, רעב מאָרדכע! — זאָגט ער צום טאַטן און שטופּט אים אַ נאַסע האַנט.

— אַליכעם־שאָלעם! — ענטפערט אים דער טאַטע בייז.

— וואָס פירט איר דאָס? האַ? ווער איז דער באָכער? האַ? פון־וואַנען איז?.. אַ־אַ־אַ? דאָס איז ער, אייער מאַכער, וואָס האָט זיך אָוועקגעלאָזט אין די ווייטע מעדינעס?.. וואָס מאַכט מען עפּעס, האַ? וווּ איז דיין שאָלעם־אַליכעם, האַ?..

אָ, ווען איך זאָל ניט מוירע האָבן פאַר מיין בייזן טאַטן, וואָלט איך דעם דאָזיקן רעב הערשקע געקוילעט אָן אַ מעסער פאַר זיין „האַ?"...

אין שטוב באַ אונדז איז פּוסט און פינצטער... נישטאָ מיין מוטער!.. דער טאַטע גייט אַריין און זעצט זיך זאָרגן און קרעכצן און וואַרפן אָפּ מיר מיט זיינע שוואַרצע, שרעקלעכע אויגן!..

וואָס שטייט מיר פאַר אַצינד אין מיין לעבן?..

ע נ ד ע

# די בעסטע יאָרנ

(פאַרזעצונג [פונ] דער „וועלט־רײַזע״)

## צווייטער טייל

## I. מײַנ אויסלייזער — רעב יעהודע־יודל

— ווּאזוי גייט דאָס ארומ א יונגערמאנ שלינג־און־שלאנג און געפינט זיכ ניט קיינ ארבעט געפינט ער זיכ ניט? איכ פארשטיי דאָס ניט איכ!

— אדעראבע, רעב יעהודע־יודל, גיט מיר עפּעס אנ ארבעט, רעב יעהודע־יודל, איכ וועל אײַכ געבנ צענ דאנקענ, רעב יעהודע־יודל, האָט ראכמאָנעס אפ א יאָסעמ, רעב יעהודע־יודל, ציט מיכ ארויס פונ רעב הערשקע דעמ שויכעטס הענט, רעב יעהודע־יודל!..

רעב יעהודע־יודל, דער „מאשגיעכ״ פונ דער קאָמיסיע־לעווקער „טאלמוד־טוירע״, האָט זיכ א ביסל פארטראכט, גלעטנדיק זיכ דאָס שיטערע בערדל; עס ווײַזט אויס, אז מײַנע באקאָשעס האָבנ אימ דורכ־גענומענ: רעב יעהודע־יודל דער „מאשגיעכ״ האָט גוט געוווּסט מײַנ אָפּקומעניש בא „בראָכע־מאלקע דער שויכעטקע״. וואָרעמ ניט איינ מאָל פלעגט ער זענ א בלויענ פּאס בא מיר אונטער די אויגנ, אָדער א שטארק רויטנ אויער, ווענ איכ פלעג קומענ צו אימ אינ „טאלמוד־טוירע״ ארײַנ אָפּפירנ רעב הערשקעס קלענערע קינדער... רעב יעהודע־יודל האָט לאנג געקלערט, ענדלעכ האָט ער פארקאטשעט בײדע ארבל פונ דער לאסטיקענער קאפּאָטע, און קוקנדיק אראָפּ אפ די שפּיצ שטיוול, האָט ער זיכ צו מיר געווענדט מיט די דאָזיקע פראגעס:

— דו ווייסט, אז פונ דײַנ טאטנ איז דיר איבערגעבליבנ א האלבע שטוב איז איבערגעבליבנ?

— א האלבע שטוב?

— א האלבע שטוב מיט א סאכ כפייצימ און, מע זאָגט, א ביסל

מעזומענע געלט אויך, זאָגט מען... דאָס דאָזיקע וועט איינגאַנצן איבער־בלײַבן בײַ רעב הערשקען; רעב הערשקע איז אַ צוויואַק רעב הערשקע... בקיצור, עס איז פֿאַרפֿאַלן, ווי איך יאָם אַרײַן איז דאָס, און פֿון דײַן ירושה וועסטו האָבן אַזויפֿיל, ווי איך וועל האָבן, נאָר ניט דאָס בין איך דיר אויסן בין איך דיר... זאָג מיר נאָר, איך בעט דיך, וואָס איך וועל דיך פֿרעגן. ווו איז אַצינד דײַן כאַווער, מיט וועלכן דו האָסט זיך פֿאַראיאָרן אַוועקגעלאָזט וואַנדערן אין די ווײַטע מדינות אַרײַן אַוועקגעלאָזט — וויאַזוי האָט ער געהייסן? איך האָב שוין קימאַט פֿאַרגעסן; דאַכט זיך בײַנעשעס אַ זון? האַ?

— יאָ, בײַנעשעס אַ זון... אַריה־לייב...

— יאָ, יאָ! אַריה־לייב, אַריה־לייב; עמעס, עמעס! זאָג זשע מיר, איך בעט דיך, וואָס וועל איך דיך אַשטייגער נאָך עפּעס פֿרעגן וועל איך דיך?.. האַ? יאָ! זאָג זשע מיר, מײַן פֿרײַנט, ווו זענט איר געווען? וואָס האָט איר געזען? וויאַזוי איז דאָרט אַשטייגער? ווי איז בײַ זיי דער מינהעג און און און?...

שוין אַ מאָל פּופּציק האָב איך אים דערציילט די דאָזיקע מײַסע און יעדעס מאָל, ווען איך קום אַרײַן צו אים אין „טאַלמוד־טוירע" אַרײַן, מוז ער מיך נאָכאַמאָל איבערפֿרעגן די אייגענע מײַסע, און איך מוז אים דערציילן. נאָר אויב איר מיינט, אַז רעב יעהודע־יודל באַגנוגט זיך מיט דעם, וואָס מע דערציילט אים, האָט איר, זײַט מיר מויכל, אַ גרויסן טאָעס: רעב יעהודע־יודל לאָזט ניט ענדיקן איינס און כאַפּט שוין אָן דאָס אַנדערע און באַשיט מיט פֿראַגן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס; מע זעט, אַז ער איז זיך מעכײַע, עס קומט אים צו אַ שטיק געזונט, ווען מע דערציילט אים נײַס פֿון „וועלט־זאַכן".

— גוט, גוט; נו, איך בעט דיך, האָב קיין פֿאַריבל ניט, וואָס איך שלאָג דיר איבער... הייסט דאָס, אַז וויבאַלד איר זענט אָנגעקומען אין דער גרויסער שטאָט אַרײַן אָנגעקומען...

— זענען מיר געגאַנגען פֿונעם וואָקזאַל צופֿוס גוטע 5 ווערסט, ביז...

— איך פֿאַרשטיי, איך פֿאַרשטיי! דו זאָגסט, איר זענט געגאַנגען פֿונעם וואָקזאַל צופֿוס; נו, וואָס זשע הייסט, איר זענט געגאַנגען פֿונעם וואָקזאַל? אַפּאָנעם, אַז דער וואָקזאַל גופֿע איז ניט אין שטאָט איז ער?

— האַ? פֿאַרשטייט זיך, ניט אין שטאָט; אונטערן שטאָט...

— דעהײַנע, לעמאַשל, וואָס הייסט ניט אין שטאָט? לערעך ווי

בא אונדז אין קאַמיסיי־לעוועקע די „אַלטע באָד"? האָ? ווי מיינסטו? צי עפּשער ווייטער א ביסעלע עפּשער?

— אָ! א סאַך ווייטער!

— אַזוי! נאָך ווייטער? טאַקע א פּאָר ווערסט? נו, זענט איר זיך געגאַנגען, הייסט דאָס, צופוס אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז איר זענט געקומען אַפּאַנעם, הייסט דאָס, אין שטאָט אַרײַן; נו, וואָס זשע האָט איר געטאָן, לעמאַשל, ווייטער, אַז איר זענט שוין געקומען אין דער רעכטער שטאָט אַרײַן? וויאַזוי האָט איר געוווּסט, אַז דאָס איז די שטאָט איז דאָס?

— וואָס הייסט? די גאַסן, די מויערן, די מענטשן, די איזוואָזשטשי־קעס!..

— האָ? די גאַסן? די מויערן? די מענטשן? שאַ נאָר שאַ, כאַפּ ניט, איך בעט דיך, איינס פאַרן אַנדערן; פריער דערצייל מיר די גאַסן, דערנאָכדעם די מויערן און דערנאָכדעם די מענטשן; דערצייל מיר יעדערס באַזונדער. וואָס האָסטו אַזוי קיין צײַט ניט וואָס האָסטו אַזוי?

אַזוי... אַזוי... קימאַט יעדן טאָג דאָס אייגענע! רעב יעהודע־יודל איז מיר אַרײַנגעקראָכן אין האַרצן אַרײַן מיט זײַן נײַגיריקײַט; אָפטמאָל פלעג איך אים אָוועקוואַרפן און אַנטלויפן אינמיטן די רייד; נאָר יעצטיקס מאָל האָב איך בא זיך געפּועלט ענטפערן אים אף אַלעס, וואָס ער וועט מיך פרעגן, ביז איך בין ווידער אַרופגעקומען אף מײַנס. איך האָב פאַר אים געוויינט מיט טרערן, ער זאָל מיר געבן אַן אייצע, וויאַזוי איך זאָל קענען אַרויסרײַסן זיך פון רעב הערשקעס מיט רעב הערשטשעכעס הענט. רעב יעהודע־יודל האָט זיך ווידער פאַרטראַכט, ווידער פאַרקאַטשעט די אַרבל ביז די עלנבויגנס און האָט זיך צו מיר געווענדט מיט א קלאַפּ אין פלייצע אַרײַן:

— זאָג מיר נאָר, כעוורעמאַן, דו דאַרפסט געווים קאָנען א ביסל רוסיש דאַרפסטו קאָנען: ביסט זיך אויסגעוואוען א וועלט ביסטו אויס־געוואוען...

— איך קען א ביסל.

— לייענען?

— לייענען...

— שרײַבן?

— שרײַבן...

— רעכט! גאַנץ רעכט! האָסט אַן אָרט האָסטו? ווי מיינסטו, אשטייגער, שקאָצ איינער, נישקאָשע צו זײַן א שרײַבער אין דער „טאַלמוד־טוירע"?

— א שרײַבער?.. אינ „טאלמוד-טוירע‘‘; רעב יעהודע-יודל?..
— אונ כ״ה[1] רובל געהאלט, וויסער-כעוורעניק?
— פינפ אונ צוואנציק קערבלעכ א זמאנ, רעב יעהודע-יודל?..
— אכוצ קעסט, שייגעצ איינער!
— רעב יעהודע-יודל!.. רעב יעהודע-יודל!.. — איכ קאָנ שוינ מער קיינ וואָרט נישט רעדנ; עס ווארגט מיכ אינ גאָרגל, אונ איכ שלינג די טרערנ... ער קלאפט מיר איבער די פלייצעס אונ זאָגט:
— גיי, גיי, שקאָצ איינער, גיי אהיימ; הײַנט נאָכ מיטאָג וועל איכ זיכ אליינ דורכגיינ צו רעב הערשקענ אונ איכ וועל מיט אימ איבערעדנ מיקוועכ אלעס; עס וועט מיסטאמע זײַנ רעכט וועט מיסטאמע זײַנ! איכ וועל איבערעדנ מיט די גאבאָימ וועל איכ... לייס-אטע גיי אהיימ לייס-אטע...

## II. די קאַמיסײַלעווקער טאלמוד-טוירע אונ מײַנ קאלע מאריאשקע

מײַנ לאגע איז שוינ פארבעסערט אפ אזויפיל, אז איכ רייכער שוינ מײַנעמ אנ אייגענעמ פאפיראָס אונ האָב זיכ געמאכט א פאָר שטשאָ-גאָלסקע שטיוול. מײַנ קוואטיר איז אינ דער „טאלמוד-טוירע“, אונ די „טאלמוד-טוירע‘‘ איז אינ א שטיבל אפ דעמ שול-הויפ; קעסט עס איכ וואָכנווײַז בא די באלעבאטימ פונעמ שטעטל; מיר בײַטנ זיכ; מיר זענענ דאָ 7 פארשוינ: רעב יעהודע-יודל „דער מאשגיעכ“, 2 געמאָרע-מעלאמדימ; 2 האסקאָלע-מעלאמדימ; 1 יידישער שרײַבער אונ איכ — א רוסישער שרײַבער, מיר לעבנ דאָ אלע בלאט; עס איז אונדז זייער גוט; מע פאָדערט פונ אונדז ניט קיינ סאכ: מיר דארפנ שלאָגנ די טאלמידימ, אונ די טאלמידימ דארפנ שרײַענ; אלע פרײַטיק קומענ צו אונדז ארײַנ בײדע גאבאָימ פונ דער „טאלמוד-טוירע“, רעב כאימ-ארנ אונ רעב ארנ-כאימ; זיי פאר-הערנ (עקזאמענירנ) די טאלמידימ, ניט איינציקווײַז, נאָר אלע מיט-אמאָל, אונ וואָס מער געפילדער אונ וואָס מער קלעפ, איז אלצ בעסער; נאָר מיכ מיט מײַנ רוסיש שרײַבנ פארהערט קיינער ניט. איינ-מאָל זענענ צו אונדז ארײַנגעקומענ בײדע גאבאָימ מיט עפעס א יונגנמאנ מיט בלויע ברילנ אונ מע האָט גענומענ מײַנע טאלמידימ צומ עק-זאמענ. דער יונגערמאנ איז געווענ א דורכפאָרער, אנ אווירעכ.

[1] כ אָ פ ה יי — פינפ אונ צוואנציק.

— זיצט, זיצט, זעצט זיכ צו! — האָט געזאָגט רעב כאימ־ארנ צו די בלויע ברילנ.

— אָט־אָ איז א בענקל, אָט־אָ, — האָט זיכ אָנגערופנ רעב ארנ־כאימ, פארלייגנדיק די הענט ארונטער מיט גאדלעס, באווײַזנדיק פאר די בלויע ברילנ, אז ער, רעב ארנ־כאימ, איז אויכ א גאבע.

— וואָס גייט איר דורכ אצינד מיט אײַערע וואָספּיטאניקעס? — האָבנ זיכ צו מיר געווענדט די בלויע ברילנ אפ האלב יִדיש אונ האלב רוסיש. איכ בינ א ביסל דערשראָקנ געוואָרנ אונ האָב געוואָרפנ אנ אויג אפ רעב יעהורע־יודלענ; רעב יעהודע־יודל האָט פארשטאנענ מײַנ קוק אונ האָט זיכ ארויסגעשטעלט:

— פארשטייט איר מיכ, לעמאָשל, דער דאָזיקער יונגערמאנ איז צו אונדז אָנגעקומענ ניט לאנג איז ער אָנגעקומענ, א האלב יאָר לע־ערעכ, אונ מאכמעס דער לימעד איז זייער א שווערער לימעד, בעכיינ איז כוצ דאָס שרײַבנ, וואָס זיי שרײַבנ, איכ מיינ, אפ רוסיש מיינ איכ, איז אָפּטמאָל מאכט זיכ, אז לייענע קומט אויס קימאט ווי איבעריק, מאכמעס די איבעריקע לימודיעסנ, דעהײַנע קעדוימע לעמאָשל טאר־גומ, די סעדרע מײַוויר זײַנ אלע פרײַטיק, עס זאָל דוגערנ אונ בליצנ, ווי אנ ערלעכער יִד דאווענע אלע טאָג, ביכדיי, ווי זאָגט מענ, אז מע נעמט אפ זיכ דעמ אָל, מוז מענ דאָכ זענ פונ אלע זײַטנ, מאכמעס אונדזער שטעטל, ניט אויסגערעדט זאָל זײַנ, איז אנ אָרעמ שטעטל, קאפּצאָנימ ניט צו פארזינדיקנ אונ טאלמידימ בא אונדז איז „טאלמוד־טוירע" קימאט העבער פופציק קימאט, אזוי אז כוצ די פושקעס, וואָס גיבנ אמאָל הונדערט אונ אמאָל אכציק קערבלעכ א יאָר, מוזנ מיר אלע פרײַטיק נאָכ דעמ מערכעצ ארויסשיקנ א 2 מעלאמדימ מיט א פאטשייִ־לע עפּעס מאכנ מוזנ מיר, אונ ערעוו יאָמקיפּער צו דער שיסל שטעלנ מיר אויכ א טעלערל שטעלנ מיר; הײַנט א כאסענע, א בריס, ערשט פאראכטאָגנ געוועזנ א בארמיצווע בא רעב כאימ־ארנ דעמ גאבע — וואָס, עמעס, רעב כאימ־ארנ?

— עמעס, עמעס, בא מײַנ געצל־גאָדל אפ דער בארמיצווע האָב איכ אײַכ געמאכט א רובל מיט זעכציק, וואָס, נייִנ עפּשער?

— ווי איינ גראָשנ, איכ זאָל אזוי זײַנ געזונט! — האָט זיכ אָנגע־רופנ רעב ארנ־כאימ, ארויסשטעלנדיק איינ פּוס אונ אײַנבייגנדיק דעמ קאָפּ אפ א זײַט. די בלויע ברילנ זענענ געבליבנ זיצנ עפּעס ווי פארדולט. איכ האָב ארויסגערופנ דעמ בעסטנ פונ מײַנע טאלמידימ אונ האָב געהייסנ באווײַזנ זײַנ „קסאוו"! דאָס דאָזיקע יִנגל האָט געהאט א גוטע

האנט צומ שרײַבנ, נאָר זעלטנ האָט זיכ בא אימ געפונענ א רײנ שטיקל פאפיר, אז עס זאָל ניט זײַנ פארשריבנ אונ פארפלעקט פונ אלע זײַטנ; ער האָט בא מיר דערפאר געכאפט גענוג װירעס איבער די דינע פינגערלעכ; יעצטיקס מאָל האָט ער אומגערנ אויסגעגאָסנ א גאנצנ טינטער אפנ פאפיר אונ אזוי האָט ער אונטערגעטראָגנ דעמ גרויסנ פלעק צו די בלויע ברילנ, אונ די הענטלעכ האָט ער באהאלטנ אונטער דעמ קאפאָטקעלע נעבעכ. די בלויע ברילנ האָבנ לאנג געקוקט אפנ פארפלעקטנ פאפיר, שאָקלענדיק מיטנ קאָפּ, אונ איכ האָב װײַטער א װונק געטאָנ אפ רעב יעהודע־יודלענ, װעלכער איז נאָכאמאָל ארויסגעטראָטנ מיט א לאנגע אונ א שיינע רעדע:

— איר מעגט מיר גלייבנ מעגט איר מיר, איכ בעט איבער אײַער קאָװעד, װי אנ אייגענעמ זונ, אז אפ טינט אלײנ גייט בא אונדז אװעק קימאט פיר גילדנ א װאָכ, פאָשעט מע טרינקט זי אויס, װי װאסער, טרינקט מענ אויס, װיפל איכ באהאלט זי ניט אויס, זײַט מיר מויכל, בא מיר אינ דער היימ אפנ אויװנ אָדער אונטערנ בעט בא מײַנ גנעסיעלייענ, אונ עס העלפט, װי דער פאראיאָריקער שניי, העלפט דאָס, אונ נאָכ אלע האיעמס לאָזט זיכ אויס מיסטאמע, אז אפ װעמענ איז דער געשריי? אפ רעב יעהודע־יודלענ! „רעב יעהודע־יודל! װו איז די טינט, רעב יעהודע־יודל?" „רעב יעהודע־יודל! װו זענענ די אָפּגעשריבענע פאפירנ אלע, רעב יעהודע־יודל?" „רעב יעהודע־יודל? רעב יעהודע־יודל!" טשעפעט זיכ אָפּ, איכ בעט אײַכ, פונ רעב יעהודע־יודלענ! רעב יעהודע־יודל װייסט ניט פונ קיינ פויסער אונ פונ קיינ כאָלעמ צו זאָגנ, בילטי װאָס ער נעמט די דרײַ קארבנ א װאָכ אונ מאָרדעװעט זיכ אָנ, װי א גוט פערד, מאָרדעװעט ער זיכ אָנ, אז אפילע דעמ הייליקנ טאָג שאבעס מוז מענ אויכ צונויפקלײַבנ די קינדער אונ אָפּזאָגנ מיט זיי דעמ „פיירעק" אָדער „באָרכי־נאפשי", װי עס דארפ צו זײַנ, אז מע װיל, אז די קינדער זאָלנ זײַנ ערלעכע יידנ, אוביפראט נאָכ הײַנטיקע צײַטנ, אז דער ייד איז געפאלנ ראכמאָנע־ליצלאָנ אונ דאָס קערבל קומט אָנ שװער, לעמאָשל, װי בא אונדז אינ שטעטל איז די פארנאָסע שטארק געשלאָגנ, קויגימ װערנ װייניקער, אונ קרעמער װערנ געמערט, ניט װי אמאָליקע יאָרנ, װענ בא אונדז אינ קאָמיסײַלעװקע, לעמאָשל, איז געװענ נישט מער װי 2 אכסאניעס, בא רעב כאימ־ארענעס אונ רעב ארנ־כאימענ...

— עמעס, װי איכ בינ א ייד! — האָט זיכ אָנגערופנ רעב כאימ־ארנ דער גאבע מיט א טיפנ זיפצ פונעמ הארצנ.

— איכ זאָל אזוי האָבנ אלדאָס־גוטס! — האָט נאָכגעזאָגט רעב

ארנ־כאזמ, דער צווייטער גאבע, צושאָקלענדיק מיטנ קאָפּ אונ קוקנדיק אפּ די בלויע ברילנ.

אז די בלויע ברילנ מיט די גאבאָזמ זענענ אוועקגעגאנגענ, האָבנ מיר צעלאָזט די קינדער, געשיקט נאָכ בראָנפנ מיט קיכלעכ אונ האָבנ געטרונקענ „לעכאָזמ".

דאָס האָבנ מיר געטאָנ גאנצ אָפּט, קימאט אלע וואָכ, ווענ רעב יעהודע־יודל איז געווענ אופגעלייגט אונ פרייליכ; פרייליכ איז רעב יעהודע־יודל געווענ קימאט שטענדיק; גאָט ווייסט, אויב צווישנ קאָפּ־צאָנימ איז געווענ אמאָל נאָכ אזא פרייליכער קאפּצנ, ווי רעב יעהודע־יודל, זינט די וועלט שטייט; צוויי גלעזלעכ מאשקע האָבנ אפּ אימ אזוי שטארק געווירקט, אז דאָס היטל איז אראָפּ אפּ א זייט, דער שטערנ שטארק פארשוויצט, אונ די ליפּנ ווי פארשמאכט, נאָר די צונג האָט געדייסטוועוועט.

איינמאָל אינ א שיינעמ זומערדיקנ פרימאָרגנ קומ איכ צו גייג אינ דער „טאלמוד־טוירע" אונ טרעפ דאָרט קיינעמ ניט, נאָר רעב יעהודע־יודל אליינ.

— וואָס איז עפּעס פאר א יאָמטעוו, רעב יעהודע־יודל?

— א יוימאָ־דעפּאגראָ! — ענטפערט ער מיר לעבעדיק, — דאָס איז דער דאָזיקער דאָנערשטיק, וואָס מע האָט דעמ רעבנ זייכער־ליווראָכאָ פונ דער געפענקעניש ארויסגעלאָזט האָט מענ אימ... זיצ נאָר זיצ א ביסעלע, וועלנ מיר נעמענ א קאפּעטשקעלע מאכטייסע — פאר־שטייסט?..

אונ רעב יעהודע־יודל האָט ארויסגעשלעפּט פונ דער קעשענע א באַקאנט רויט פלעשל מיט א גרינ גלעזעלע: מיר האָבנ גענומענ צו עט־לעכע קויסעס. רעב יעהודע־יודל איז געוואָרנ אזוי פרייליכ, אז ער האָט זיכ צעלאכט אונ צעזונגענ, האָט מיכ ארומגענומענ אונ דורכ־געגאנגענ מיט מיר א „כאָסידל" (אזא מינ טענצל, וואָס צוויי מענטשנ לייגנ זיכ איבער א האנט אונ מע טופּעט ווי די פערד אונ מע דרייט זיכ אפּ איינ אָרט, אופהייבנדיק אונ אראָפּלאָזנדיק דעמ קאָפּ מיט צוגעמאכטע אויגנ).

— נו, אצינד לאָמיר זיכ א קאפּעלע אָפּרוענ אונ א ביסעלע שמועסנ א ביסעלע. דו ווייסט, אז איכ האָב פונ־דיינעטוועגנ א קאלע האָב איכ, יונגאטש איינער?

— א קאלע? פונ־מיינעטוועגנ? רעב יעהודע־יודל!..

— קוק נאָר אָנ, ווי ער האָט זיכ דאָס א ביסל דערשראָקנ, ווייסער־

בעוורעניק איינער! שוין צייט, שקאָצ איינער: ביסט שוין אַלט פּאַוואָ־לינקע אַ יאָר... אַ יאָר...

— אכצן...

— בן שמונה עשרה לחופה[1], קונדאס איינער!.. מיין מאַריאַשקע איז געוואָרן פאַרצווייאָרן זעכצן יאָר — כע־כע־כע, שקאָצ איינער!..

וויאַזוי קאָן איך אָפּזאָגן רעב יעהודע־יודלען? וויאַזוי זאָל איך ניט מאסקים זיין אויף אַזאַ זאַך, וועלכעס מיין גוטער־פריינט רעב יעהודע־יודל לייגט מיר פאָר? און פאַרוואָס זאָל איך ניט ווערן קיין כאָסן פאַר זיין טאָכטער? וואָס איז מיר דער נאָפּקעמינע? אַז ניט מאַריאַשע, איז אַן אַנדערע; איידער אַן אַנדער מאַריאַשע, איז שוין גלייכער די דאָזי־קע מאַריאַשע, מיט וועלכער איך בין שוין לעכאָל־האָפּאָכעס אַ ביסל באַ־קאַנט. איך גיי אַריין צו רעב יעהודע־יודלען אַלע שאַבעס און אַלע יאָמטעוו און זע, ווי זיין מאַריאַשקע צעקעמט אירע לאַנגע גאָלדפאַר־ביקע האָר, וועלכע זי פאַרפלעכט מיט אַ רויטער סטענגע, און גייט אַרוים אויף דער בערדיטשעווער גאַס שפּאַצירן מיט אירע כאַ־ווערטעס. איך האָב נאָך נישט געפּראָבירט מיט איר צו רעדן, נאָר וואָס מאַכט עס מיר אויס? עס וועט קומען די צייט, וועלן מיר זיך נאָך אָנרעדן, ווי די פויגן... צום קנאַסמאָל האָב איך אַ זילבערנעם זייגער, אַ טייערן זייגער, און מיין קאַלע — מאַריאַשקע איז שטאַרק פאַר־פלאַמט, און אויף מיר וויל זי שוין ניט קוקן: זי שעמט זיך; זי איז דאָך שוין מיין קאַלע... אין דער דאָזיקער נאַכט האָב איך געזען פיל פאַר־שיידענע כאַלוימעס, און צומיינסטנס האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט „יעליזאַוועטאַ"; זי קוקט אויף מיר און אויף מיין קאַלע — מאַריאַשקע און צעגייט זיך פאַר געלעכטער... באַ דער זייט שטייט אַריע־לייב און ווינקט צו מיר און מאַכט צו מיר מיט די הענט...

# III. איך געזעגן זיך אָפּ מיט רעב יעהודע־יודלען און פאָר אויף אַ נייער שטעלע

לייענען ביכער פון אַ ביבליאָטעק איז גאַנץ גוט, נאָר לייענען ביכער פון עמ פוד איז נאָך בעסער. איך רעקאָמענדיר אייך אַ מערק־ווירדיקע ביבליאָטעק אין קאָמיסנילעווקע, „אויף דער אַלטער שטאָט, אונטער דער טאַלנער קלויז, באַ שאָלעמ־יאָסל־מייערס דעם אַפּטייקער אין קלייטל", וווּ עס געפינען זיך נאָך אדהאיאָמ זעקס פוד

---

[1] בען שמוינע עסרײ לעכופּע — צו אַכצן יאָר — צו דער כופּע.

ביכער, וועלכע שאָלעמ־יאָסל־מייערס דער אפטייקער האָט אײַנגע־קויפט ערגעץ צו פינפ גילדנ דעמ פוד. אָט דאָרט בא שאָלעמ־יאָסל־מייערס אינ קלייטל איז געווענ דער קוואַל, ווו איכ האָב געשעפט מײַנ בילדונג אָנ א שומ אָרדענונג אָדער סיסטעמ; איכ האָב גע־לייענט אלעס, וואָס איז מיר געקומענ אינ די הענט אַרײַנ. צומייגסטנ האָבנ זיכ דאָרטנ געפונענ די געווייסע פראנצויזישע ראָמאנענ פונ מאָנטעפענ, אישאר פאָל־דע־קאָק, פאָנסאָנ דיו טוררייל, פאָנ־באָרנ אדנ. אפ יעדנ ראָמאנ האָב איכ געגאָסנ טרערנ, אונ קימאט אינ יעדע העלדנ האָב איכ זיכ אײַנגעליבט, געפרייט אפ איר כאסענע אונ גע־וויינט אפ איר קייווער מיט הייסע טרערנ. אכוץ ראָמאנענ האָבנ זיכ דאָ געפונענ אויכ ערנסטע מעדיציניסע אונ הוויכלופטיקע פי־לאָסאָפישע ביכער אונ טראַקטאַטנ; איכ האָב נישט איבערגעקליבנ אונ האָב נישט געקוקט דערופ, צי פארשטיי איכ צי נײנ, — איכ האָב נאָר געוווסט איינ זאכ, אז מע דארפ זיכ אָנלעזנ אונ „זײַנ א באָקי אינ אלע כאָכמעס”... דאָס דאָזיקע האָט מיר געמאכט זייער א גוטנ שעמ אינ שטעטל, אז איכ בינ א מאסקל, א פילאָסאָפ, אזוי אז מײַנ מעכוטנ רעב יעהודע־יודל האָט מיכ איינמאָל א פרעג געטאָנ, צי רעכנ איכ טאקע זײַנ אנ אדוואָקאט צי גלאט אזוי „א קענער”...

— וויסנ אלצדינג מאכט נישט אויס קלאל־אוכלאל, — האָט מיר רעב יעהודע־יודל איינמאָל געזאָגט, — אבי זײַנ א ייִד, אונ אפילע דעמ רעבנס קינדער זענענ אויכ באָקי אינ אלע שעווא כאָכמעס מיט אלע שיווימ לעשויגעס זענענ זיי, האגאמ זיי לייענענ די דאָזיקע ספאָרימלעכ צווישנ טאָג אונ נאכט. דער איקער איז, פארשטייסטו מיכ, אז מע זאָל ניט אויסבײַטנ, כאָלילע, דאָס רענדל זאָל מענ ניט אויסבײַטנ, מאכמעס דער נאָמענ ייִד איז זייער א טײַערע אונ א כאָשעווע זאכ, פארשטייסטו מיכ, אונ עס איז אוואדע זייער שיינ, אז אנ ערלעכ קינד, ווי דו, קענ איבערלייענענ א פראָשעניע אונ אָנשרײַבנ, לעמאָשל, אנ אדרעס, ווענ זשע? אז מע איז נאָכ דערצו א ייִד אויכ, לעמאָשל; אָבער אז דאָס אויכ ניט אונ יענץ אויכ ניט אזוו... אזוו...

* * *

— זײַט געזונט, מעכוטנ! זײַט געזונט, מעכוטענעסטע! איכ פאָר אוועק אינ דאָרפ אַרײַנ צו רעב לעמל דאָרפמאנ אפ א שטעלע... 100 רובל אפ אלעמ גרייטנ... לערנענ די רוסישע שפּראכ... איינ אונ איינציקער זונ... שוינ א כאָסנ... טראָגט א גילדענעמ זייגער מיט א טײַערער קייט... שוינ באקאָנט... גוטע מענטשנ... לעבנ גרויס־

ארטיק... א באזונדער צימער... צענ ווערסט צום באנ... אייגענע פערד... א סאך ביכער... זײַט געזונט!

—שא גאָר שא, מײַנ קינד! — זאָגט צו מיר רעב יעהודע־יודל גאַנצ קאַלטבלוטיק. — פּאַוואָלינקע, כאָפּ נישט, איכ בעט דיכ, לאָמיר שמועסנ קעסידער לאָמיר: וואָס הייסט, לעמאָשל, דו פאָרסט הייסט דאָס אפּאָנעמ טאקע גאָר אינגיכנ אוועק פונ אונדז פאָרסטו?

— אינגיכנ? טאקע הײַנט! טאקע באלד! טאקע די רעגע!

— אזוי?.. נו, זעצ זיכ צו א קאפּעטשקעלע, וועלנ מיר א ביסל שמועסנ. לעמאָשל, מיקויעכ דײַנ נײַעמ באלעבאָס, איכ מיינ רעב לעמל דאָרפמאַנ מיינ איכ, האָב זשע צײַט, זיצ א קאפּעלע... איכ האָב נאָכ געקאָנט זײַנ טאטנ האָב איכ נאָכ געקאָנט, ווי דו קוקסט מיכ אָנ; ער האָט געהייסנ מוישע פּארעווער האָט ער געהייסנ, אונ שטאמט ארויס גאָר פונ א געהויבנ אָרט שטאמט ער ארויס, דעהײַנע אָט דער דאָזיקער מוישע פּארעווער איז אמאָל, שוינ גאנצ לאנג, שוינ נישט פאר מײַנע יאָרנ, געזעסנ אינ פּארעוו איז ער געזעסנ... וואָס כאפּסטו זיכ אזוי? זיצ א קאפּעלע, דו פאָרסט זיכ אוועק!.. אינ דעמ דאָזיקנ שטעטל פּארעוו האָט מײַנ טאטע אָלעוו־האשאָלעמ געהאלטנ די ארענדע האָט ער געהאלטנ, דאָס איז נאָכ געווענ, פארשטייסטו מיכ, בעשאס אָטקופּ, אונ בא אונדז האָט געהאלטנ דעמ אָטקופּ דער גרויסער גינזבארג אליינ, נאָר זיצנ איז געזעסנ פונ אימ זײַנער אַנ אָפּראוויאיעשטשע, ער האָט געהייסנ וואָלשטיינער האָט ער געהייסנ. אָט דער דאָזיקער וואָלשטיינער איז געווענ אליינ א קרעמענעצער, פארשטייסטו מיכ, אונ איז געווענ א גאָלועכ איז ער געווענ... וואָס קוקסטו זיכ אזוי ארומ? עס איז נאָכ גאנצ פרי... וויִהי האיוימ, אז מײַנ טאטע אָלעוו־האשאָלעמ האָט נאָכ געלעבט, אונ איז דאָכ געווענ א בענ־טוירע, האָט זיכ געטראָפנ א מײַסע, אז ער האָט געמוזט האָבנ א וויקועכ מיט דעמ דאָזיקנ וואָלשטיינ דעמ גאָלועכ פונ קרעמענעצ; נאָר ווי קומט דאָס, אז מײַנ טאטע זייכער־ליוראָכאָ, וואָס איז געווענ א ספּאָקאָינער ייִד, אנ ערלעכער אונ א שטילער, אזוי אז ער האָט אפּ זײַנ לעבנ קיינ בענ־אָדאָמ ניט אָנגעריורט אפילע כחוט השערה [1] אונ איז קאָל־יאָמאָוו געווענ מער אָפּגעגעבנ צו גאָט, ווי צו דער פּארנאָסע, מאכמעס א באלהויצאָע איז ער געווענ, פארשטייסטו מיכ, נישט ווי איכ לעמאָשל אינ הײַנטיקע צײַטנ, וואָס אזא קינד, ווי מײַנ מאריאשקע, האָט שוינ אויכ א

[1] קעכוט־האסאָראָ — ווי א האָר־פאָדעמ; געמיינט: אפּ א האָר.

האסאָגע אָנ א פּאָר שיכ פונ 15 גילדנ, — כע־כע־כע, דו שקאָצ אײנער, דו קוקסט שוינ אפּ זײגער? נו, פּאָר געזונטערהײט אונ זײ מאצליעכ אונ פארגעם ניט, אז דו ביסט א ייִד, מאכמעס א ייִד איז גאָר מיט אנדערע קײלימ, פארשטײסטו מיכ, אונ עס איז, כ׳לעבנ, זײער שײנ, אז מע איז א ייִד, גאָט האָט ליב א ייִדנ, פארשטײסטו מיכ, דער ייִד איז בא אימ אײנגעבאקנ אינ הארצנ, װי עפּעס א טײַער קינד, א ליב קינד!.. נו, פּאָר זשע געזונטערהײט אונ שרײַב אמאָל ארײַנ א בריװל פונ דײַנ געזונט, אונ דער איקער פארגעס ניט אינ גאָט, פארגעס ניט!..

נאָר רעב יעהודע־יודל לאָזט מיכ פונ זיכ אזױ גיכ ניט אװעק! ער גײט מיט מיר ארױס א ביסל אפּ דער גאס אונ באגלײט מיכ ביז צו דער אכסאניע, בא װעלכער עס שטײט שױנ צוגעגרײט א פאיעטאָנ מיט פיר פערד פוליש געשפּאנט. רעב יעהודע־יודל שטײט אלצ אונ רעדט איבער מײַנ קאָפּ. רעב לעמל דאָרפמאנ, א נידעריקער, נאָר א גראָבער ייִד, גײט ארױס פונ דער אכסאניע, אונ דער מעשאָרעס זעצט אימ ארײַנ... נײנ, ער װארפט אימ ארײַנ אינ פאיעטאָנ ארײַנ; נאָכדעמ הײבט מענ אָנ צו װארפנ קלומעקלעכ, פעקלעכ מיט זעק־לעכ אינ פאיעטאָנ ארײַנ, אלצ מיט עסנװארג, אונ רעב לעמל דאָרפ־מאנ צעשרײַט זיכ אפּ א קאָל:

— די פיש! די פיש!

דער מעשאָרעס טראָגט ארױס א גאנצ גרױסנ זאק מיט פיש, אונ מע שטופּט אימ ארײַנ אונטערנ פארטעכ, אונ איכ זע, װי דער הער דאָרפמאנ באלעקט זיכ אױש: עס װײַזט אױס, אז ער איז א ליבהאָבער פונ פיש. ער כאפּט ארױס א גראָבנ ציגאר אונ שטופּט אימ ארײַנ אינ די צײנ ארײַנ; דער מעשאָרעס טראָגט אימ אונטער א שװעבעלע, אונ דער הער דאָרפמאנ צעלײגט זיכ אינ בױד, װי אפּ צו שלאָפנ.

— װוּ איז דער לערער? א! נו, זעצט זיכ! — זאָגט ער צו מיר אונ מאכט צו די אױגנ. איכ זעצ מיכ אקעגנ אימ, אונ דער מעשאָרעס װענדט זיכ צו מיר מיט א שמײכעלע פונ א מעשאָרעס:

— אײַערע װיעשטשעס, יונגערמאנ? װוּ זענענ דאָס אײַערע װיעשטשעס?..

— מײַנע װיעשטשעס?.. בא מיר אינ קעשענע! — אונ איכ טו זיכ א טאפּ בא דעמ טפילנ־זעקל (אָט דאָס זענענ אלע מײַנע װיע־שטשעס).

דער פרײלעכער מעשאָרעס שטױסט זיכ אָנ אונ װינקט זיכ איבער

מיט דעמ פורמאַנ אונ זאָגט צו אימ: „איי — פּאַשאָל!!" אונ נאָכדעמ ווינקט ער צו מיר מיט די אויגנ, אופהייבנדיק דעמ גלענציקנ דאַשעק פונעמ היטל: „פּאָוואָליע, יונגערמאַנ, די וויעשטשעס איבערע!..." נאָר עס אַרט מיכ זײַנ אָפּשפּעטנ גאָר ווינציק: אינ דער דאָזיקער מינוט קוק איכ אַפ מײַנ מעכוטנ, אַפ מײַנ גוטנ, ערלעכנ רעב יעהודע־יודלענ, אונ עס דאַכט זיכ מיר, אַז אַפ זײַנע אויגנ שטייענ טרערנ... זײַנ גאַנצע דינע, לאַנגע פיגורע מיט דער טרוקענער האַנט פאַרשטעלנדיק זיכ די אויגנ פונ דער זונ, זעט אויס פונדערווײַטנס אַי קאָמיש אַי טראַגיש; אינ דער דאָזיקער מינוט בינ איכ אימ דער בעסטער גוטער־פרײַנט!.. נאָר גיכ פאַרגעס איכ אָנ רעב יעהודע־יודלענ מיט דער גאַנצער שטאָט קאָמיסײַלעווקע: מײַנע אויגנ ווערנ איבערגעטראָגנ אַפ אַנדערע זאַכנ, אונ מײַנע געדאַנקענ — אַפ אַנדערע ערטער. אַקעגנ מיר ליגט דער הער דאָרפמאַנ מיט אַ גראָבנ ציגאַר אינ די ציינ אונ שלאָפט אונ כראָפּעט אַזוי געשמאַק, גלײַכ ווי עס אַרט אימ גאָר ניט, וואָס די זונ בראָט אונ סמאַליעט, אונ דער פּאַראָכ קריכט גלײַכ אינ האַרצנ אַרײַנ. די פערדלעכ טראָגנ אונדז געשווינד, דער פורמאַנ פײַפט זיי צו, אונ איכ טרייסל זיכ אַהינ אונ אַהער אינ דער קאַרעטע אונ פיל, אַז איכ זיצ עפּעס אַפ זייער אַ ווייכס; עס קאַטשעט זיכ אונ עס קוויטשעט אונטער מיר — דאָס איז דער זאַק מיט די פיש; איכ זיצ אַפ לעבעדיקע פיש... נאָר אָט זעענ מיר שוינ אונטער דער שטאָט, אָט איז דער וואַלד, דער גרינער געדיכטער וואַלד, אונ אָט איז די „געמויערטע קרעטשמע", ווו מיר זענענ אַמאָל מיט אַריע־לייבנ געווענ פאַר אונדזער אַנטלויפנ... אַכ, יאָרנ, יאָרנ! ווו ביסטו ערגעצ אַצינד, גוטער, ערלעכער כאַווער? ווו וואַלגערסטו זיכ אַצינד, מײַנ טײַערער אַריע־לייב?..

## IV. אַ נײַ אָרט, אַ נײַע ליבע אונ נײַע שמערצנ

מיר איז גאַנצ גוט, בעפּיירעש, מיר איז גוט; עס גייט מיר! מײַנ נײַער שילער וויל נישט לערנענ; ער הייבט נישט אָנ צו וועלנ לערנענ; אונ לעמײַ זאָל ער יאָ וועלנ לערנענ? צו וואָס איז דאָס אימ? עסנ אונ טרינקענ קעיאַד־האַמעלעכ; זייער אַ שיינ ווויינונג, אַ זעלטענער גאָרטנ; אַ טײַכל אַרומ גאָרטנ; אַפנ טײַכל אַ שיפל; אַפנ שיפל צוויי געזונטע גויִמ הרעבצעס, עסנוואַרג, זיסע זאַכנ, אַ ביקס אַפ צו שיסנ פייגעלעכ; אַ קאַליאַסקע מיט גוטע גרויע פערדלעכ אַפ אַרויסצופאָרנ אַלע טאָג אינ וואַלד אַרײַנ אָדער אינ דעמ צווייטנ דאָרפ צומ גײַסטלעכנ, צומ

אַטיעצ אַלעקסײ. דער אַטיעצ אַלעקסײ האָט גרױסע הינט, גוטע באַרג מיט שטאַרקנ װײַנ; אהער פֿאָרנ מיר (איכ מיט מײַנ שילער — זיסיע דאַרפּמאַנ) אַפּט, גאַנצ אָפּט. דער אַטיעצ אַלעקסײ איז זײער א גוטער מענטש, א צוגעלאָזטער מענטש; ער איז פֿאַשעט גליקלעכ, װענ מיר קומענ צו אים; ער הײסט אױסשפּאַנענ די פֿערד אונ געבנ זײ האָבער, אונ אונדז איז ער מעכאַבעד מיט טײ, מיט ראָמ אונ מיט גוטנ, שטאַרקנ װײַנ. אַז מיר קומענ אַהײמ, זעענ מיר װי פֿאַרשמאַכט אונ פֿאַלנ, װי די טױטע, אינ בעט אַרײַנ, אונ אַזױ שלאָפֿנ מיר איבער די נאַכט ביז אױפֿנ אַנדערנ טאָג אַזױ. אַזױ... מיר זענענ פֿראַנק־אונ־פֿרײַ; צו אונדז מישט זיכ קײנער ניט. דער הער דאַרפּמאַנ האָט קײנ צײַט ניט: ער עסט אָדער ער שלאָפֿט; די מאַדאַמ דאַרפּמאַנ איז א פֿאַשעטע ייִדענע אונ זאָגט נישט קײנ דײעס דעמ זונ; זי האָט אים זײער ליב אונ גיט אים נאָכ, װי מע זאָגט, די שמאַד; זי גיט נאָר אַכטונג, אַז דער אָנבײַסנ זאָל אונדז זײַנ צו דער צײַט, אונ אַלעמאָל שיקט זי אונדז אונטער גײַע מײַכאָלימ, פֿרישע פּרוכטנ, אַזױ אַז פֿונ גאַנצפֿרי ביז שפּעט אינ דער נאַכט איז אָדער מע עסט, אָדער מע טרינקט. אַז איכ האָב אָפּ זיכ א קוק געטאָנ אינ שפּיגל, האָב איכ זיכ שױנ מער ניט געװוּנדערט, װאָס דער הער דאַרפּמאַנ אונ די מאַדאַמ דאַרפּמאַנ זענענ אַזױ גראָב, אַזױ פֿעט... עסנדיק אונ שלאָפֿנדיק אונ פֿונ גאַרנישט טאָנ בינ איכ געװאָרנ אַזױ פֿױל, אַז עס גלוסט זיכ מיר אַפֿילע קײנ ביכל נישט נעמענ אינ די הענט אַרײַנ; נאָר צװײ מאָל אינ דער װאָכ האָב איכ אַנ אַרבעט: צװײ מאָל אינ דער װאָכ ברענגט מענ אונדז פֿונ דער פּאָסט די קאָרעספּאָנדענציע, צװײ מאָל אינ דער װאָכ קומט אָנ צו מײַנ שילער בריװ פֿונ זײַנ קאַלע, אונ צװײ מאָל אינ דער װאָכ דאַרפֿ איכ פֿאַר אים אָפּענטפֿערנ — אונ דאָס איז אינגאַנצנ מײַנ אָביאַזאַנאָסט; אָט דערפֿאַר נעמ איכ געלט, אונ דאָס איז מײַנ שטעלע — בריװ שרײַבנ, שרײַבנ הײסע בריװ, ליבע־בריװ, מיט א סאַכ הױכע קלינגענדיקע װערטער, מיט א סאַכ געפֿיל, מיט א סאַכ פֿײַער!..

„אַכ, מײַנ טײַערער ליבער כאָסנ! — שרײַבט עמעצער פֿאַר מײַנ שילערס קאַלע, — אַכ! די ליכטיקע זונ איז נאָכ אײנ מאָל אופּגעגאַנגענ אױפֿנ האָריזאָנט, אונ דײַנ שײנ ליכטיק געשטאַלט איז אַלצ װײַט פֿונ מײַנע אױגנ, אונ איכ קאָנ מײַנ געלוסט גיט אָנזעטנ, אונ מײַנע געפֿילע צו דיר ברענענ נאָכ מיט מער דאָרשט, זינט מיר האָבנ זיכ צעשײדט, מײַנ טײַערער אונ מײַנ ליכטיקער ענגעל! אַלע נאַכט, װענ מײַנע אױגנ זענענ צוגעמאַכט אונ מײַנע ברעמענ פֿאַרשלאָסנ,

זע איך דיך פאר זיך און קאן זיך גאר זאט אין דיר ניט אָנקוקן"
אזוי. אזוי...

„אך, מיין טייערע ליבע קאלע! — שרייב איך פאר מיין שילער. —
אך! דיינע טייערע ליבע בריוו ברענען מיך, ווי א פייער, און דאָס
הארץ ווערט מיר צעפאלן אף שטיקלעך! איך לעב ניט, איך עס ניט,
איך טרינק ניט, איך ווייס ניט קיין שלאָף, איך ווייס ניט קיין רו!
וואָס טוט מען? וואָס טוט [מען]? איך ווייס ניט, צי וועל איך קאָנען
דערלעבן די גליקלעכע מינוט, ווען איך וועל דיך קאָנען זען אף דער
וואָר און ניט אין כאָלעמ" אזוי. אזוי....

די דאָזיקע הייסע פייערדיקע בריוו הייבן אָן בּיסלעכווייז אף
מיר ווירקן; די הויכע ווערטער מיט די פאָרגעשטעלטע געפילן רירן
מיין הארץ, פונקט ווי אין טעאטער, ווען אונדזער הארץ באוועגט זיך
פון גרויס פרייד אָדער פון פיל טרערן. האגאַם מיר ווייסן דאָך גאנץ
גוט, אז עס איז נישט מער ווי א פאָרשטעלונג, און דער דאָזיקער
אקטיאָר, וועלכער איז אָט ערשט פאר אונדזערע אויגן געפאלן און
איז אזוי טרויעריק געשטאָרבן, דער דאָזיקער אקטיאָר שטייט שוין
און טרינקט א פלאש ביר און פארבייסט, לעמאָשל, מיט א שטיק
קאָלבאס... מיינע געפילן, מיינע געדאנקען, מיין גאנצער „איך" איז
פון אזעלכע בריוולעך - איינגעוואקסן געוואָרן מיט דער מיינונג, אז
די אלע בריוו גייען ארויס פון מיין טיפן הארצן, און די זעלטענע
פרייַלן, צו וועלכע עס גייען מיינע בריוו, איז בעעמעס מיין ליבסטע
און מיין טייערסטע, וועלכע גייט אזוי אויס נאָך מיר, נאָך מיין גע-
שטאלט, נאָך מיין שאָטן, ווי זי שרייבט מיר צוויי מאָל אין דער-
וואָך אין א פארלויף פון א יאָר צייט... הייבט מיך אָן צו ציִען, שלעפן,
רייסן צו דער דאָזיקער פריילן, און איך גיי אויס זי צו זען, זען איר
געזיכט, וועלכעס שטעלט זיך מיר פאָר אזוי שיין, אזוי אידעאליש,
הערן איר שטימע, וועלכע עס שטעלט זיך מיר פאָר אזוי זיס, אזוי
מוזיקאליש! — האקלאל, מיינע אלע בריוו צו איר (דאָס הייסט די
בריוו פון מיין שילער) זענען עמעס, זיי גייען ארויס פון מיין טיפן
הארצן, פון מיין גייסט, און איך בין פארליבט, פארליבט מיט דעם
גאנצן קויעך פון דער יונגער, אידעאלנער, ריינער ליבע, מיט דער
דאָזיקער ליבע, וואָס האָט נישט קיין איברים, קיין געשטאלט, קיין
אויסזיכטעניש און קיין ציל!

„אָט-אָט, — שרייבט זי מיר, — קומט אָן די גליקלעכע מינוט,
וואָס איך וועל דיך שוין זען שטענדיק, אייביק, אייביק! אָט-אָט וועל
איך דריקן דיין טייערע האנט, איך וועל דיך שטארק-שטארק צו-

קוועטשן צו מײַן הארצן און וועל באַדעקן דײַן געזיכט און דײַן לײַב מיט הונדערט טויזנט מאָל הונדערט טויזנט הייסע, פלאַמפּײַערדיקע קושן!" אזוי...

„אָ! — ענטפער איך איר דערויף, — איך קאָן זיך ניט דערוואַרטן ביז יענער גליקלעכער מינוט און איך קוש דאָס פּאַפּיר, וואָס דײַנע הענט האָבן געהאַלטן, און די ווערטער, וואָס דײַן קאָפּ האָט געקלערט" אזוי...

דאַנקען גאָט, די גליקלעכע מינוט האָב איך שוין דערלעבט; מײַן געבענטשטער שילער זיסיע דאָרפמאַן האָט צו מזל כאַסענע געהאַט מיט דער מאַמזעל ראָזע שאַרפשטיין, און מע פאָרט שוין אהיים, דאָס הייסט צו אונדז אין דאָרף ארײַן צוזאַמען מיט דער נײַער מאַדאַם ראָזע דאָרפמאַן. איך ווער שיער ניט משוגע פאַר הארצווייטיק, פאַר קינע: מײַן שילער, וועלכער האָט קיינעם אויף דער גאַנצער וועלט ניט אזויפיל ליב, ווי זיך זעלבסט, אַט דער דאָזיקער מוזשיק, וואָס פאַרשטייט אפילע ניט רעכט דאָס וואָרט „ליבע", זיצט אַצינד מיט „איר" באַזונדער אין א צימער, און איך? איך, וועלכער שטאַרבט אַלע מינוט, אַלע רעגע פאַר גרויס ליבשאַפט, איך דריי זיך אַרום איינער אַליין אין גאָרטן און קאָן „זי" אפילע רעכט ניט באַטראַכטן! אָ, מענטשן, מענטשן!.. נאָר שאַ, אָט גייט „זי" מיט „אים" אַרום צווישן אָן יענע ביימער; „זי" טראָגט א ווײַס קלייד, און „ער" פירט „זי" בײַ דער האַנט; עס איז שוין זייגער צוועלף בײַנאַכט, א צוויבערלעכע זומער־נאַכט; איך בלײַב שטיין, ווי א באַגראָבענער, אויף איין אָרט און איך זע נישט מער ווי לאַנגע שוואַרצע האָר ליגן צעוואָרפן אויף איר הויכן ווייכן געשטאַלט — און מער קאָן איך פון ווײַטן נישט זען; צוגיין צו זיי — קאָן איך אויך ניט... די שלייפן קלאַפּן מיר שטאַרק אין קאָפּ, ווי מיט האַמערס; עס שלאָגט מיר דאָס בלוט אין מוח ארײַן, און איך בין פאַרטיק אויף טויט דערהאַרגענען מײַן שילער, וועלכער לייגט אַנידער זײַן גראָבע לאַפּע אויף „איר", אויף דער דאָזיקער, וועלכע לעבט שוין א גאַנץ יאָר אין מײַנע געדאַנקען, אויף דער דאָזיקער, וועלכע איז שוין אזוי אײַנגעבאַקן אין מײַן הארצן!.. ניין! איך האָב זיך געוועשעט דאָס אַלעם איבערגעבן „איר" אַליין און טאַקע די רעגע... נאָר וויאַזוי? וואָרום? מיט וואָס פאַר אַן אויפן? ער טרעט דאָך נישט אָפּ פון „איר" אויף קיין רעגע. עס איז שוין שפּעט בײַנאַכט; צוגיין צו זיי — וועל איך זיי איבערשרעקן, ווײַל אַלע שלאָפן שוין לאַנג, און זיי רעכענען, אַז איך שלאָף שוין אויך, מאָרגן דאַרף איך אויפשטיין פרי אוועקצופאָרן פונדאַנען,

אוועקפֿאָרנ אפֿ שטענדיק, אפֿ אייביק! אָ, וואָס טוט מענ? וואָס טוט מענ?.. מע דארפֿ ארויסזאָגנ אפֿ פּאַפּיר, אָנשרייַבנ טאקע באלד, טאקע די רעגע און איבערגעבנ „איר" דורכ דער דינסט — ניט אנ־דערש!

קיינ איינציק וואָרט קאָנ איכ נישט געדענקענ אצינד, וואָס איז געשטאַנענ אינ מייַנ לאַנגער ווידוי; נאָר דאָס קאָנ איכ נישט פֿארגעסנ, אז עס האָט פֿארנומענ זעקס מיט א האלבנ בויגנ פּאַפּיר, און יעדער בלעטל איז געווענ באַגאָסנ מיט טרערנ, וועלכע האָבנ ווי א רעגנ געטריפֿט פֿונ מייַנע אויגנ... ווענ איכ האָב פֿארשלאָסנ מייַנ בריוו, איז שוינ געווענ טאָג; איכ האָב צוגערופֿנ די דינסט און האָב מיט איר איבערגעשיקט, ווי אזוי זי זאָל איבערגעבנ מייַנ פּאַקעט, און אליינ האָב איכ זיכ צוגעלייגט אפֿ א מינוט און בינ אנשלאָפֿנ געוואָרנ. , .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

א שרעקלעכער ראַש מיט א געדרודערײַ האָט מיר אופֿגעריסנ מייַנע אויגנ, און איכ האָב דערזענ ארום זיכ עטלעכע מענטשנ, גויִימ פֿונעמ דאָרפֿ.

— וואָזמיטיע יעוואָ, כלאָפּצי! — שרייַט א באַקאַנט קאָל, ווי פֿונ רעב לעמל דאָרפֿמאַנ...

מע נעמט מיכ אונטער די הענט; מע פֿירט מיכ ארויס אינ הויפֿ אריינ; מע זעצט מיכ ארופֿ אינ א וואָגנ אריינ — און איכ פֿאָר!.. וואָס באַטייַט עס?..

— א קודא מי יעדיעמ, גאָספּאָדאָ? — פֿרעג איכ בא די גויִימ.

— א דאָ מאַשינא, — ענטפֿערנ זיי מיר גלייַכגילטיק.

— א זאַטשעמ? — פֿרעג איכ בא זיי מיט א וויינענדיק קאָל.

— א כטאָ יאָהאָ זנאַ! — ענטפֿערנ זיי מיר ווידער קאַלטבלוטיק...

נאָכ דעמ וואָגנ פֿאָרט אונדז נאָכ א מענטש, מייַנער א גוטער־ברודער, א ייִד, דער שענקער פֿונעמ דאָרפֿ.

— א־א־א! רעב גדאליע־בער! עס זענט איר?

— סע איכ, סע איכ, — ענטפֿערט ער מיר, פֿאָרנדיק גלייַכ מיט דעמ וואָגנ, אפֿ וועלכנ איכ זיצ ארומגערינגלט פֿונ ביידע זייַטנ מיט גויִימ.

— וווהינ פֿאָר איכ דאָס, רעב גדאליע־בער? וווהינ פֿירט מענ מיכ?

— צומ באַנ, צומ וואָקזאַל.

— וואָס איז? צו וואָס? וואָס עפּעס מיט גויִימ? רעב גדאליע־

בער, איך בעט אײַך, וואָס איז דאָס פאַר אַ היסטאָריע, רעב גדאַליע־בער?..

— אַ היסטאָריע? — ענטפערט ער מיר, קראַצנדיק זיך אין קאָפּ. — אַ היסטאָריע? הם... אַ היסטאָריע! איך ווייס? פרעגט מיך עפּעס גרינגערס; מע הייסט מיר פאָרן — פאָר איך; מײַן באָבעס דײַגע, אַ שיינע ריינע קאַפּאָרע!

— יאָ! רעכט! — שרײַ איך צו אים קימאַט מיט טרערן אין די אויגן. — יאָ, עמעס, עס איז ניט אײַער באָבעס דײַגע; אָבער וווּהין פירט מען מיך? וואָס איז דאָס פאַר אַ יאַריד? רעב גדאַליע־בער! האָט ראַכמאָנעס אויף מיר און דערציילט מיר, וואָס הייסט דאָס, וואָס באַטײַט עס און ווי אַזוי רופט מען דאָס?

רעב גדאַליע־בער שלאָגט זיך מיט דער דייַע; ענדלעך קוועטשט ער זיך קוים אויס און זאָגט מיר, קוקנדיק אויף די אויערן פונעם פערד, אויף וועלכן ער רײַט, און האָט אַ פּאָנעם ווי „מאָרדכע האַיעהודי“, וועלכער שטייט אויסגעמאָלט אויף דער „מעגילע“.

— ווי אַזוי רופט מען דאָס? הם... איך וועל אײַך דערציילן אַקוראַט, ווי די מײַסע איז; הם... רעב לעמל, אונדזער רעב לעמל... עפּעס אַ בריוו... סאָרע־פייגל דאָס דינסט־מיידל... פּאַרטאַג... אונדזער יונגע שנור... דער לערער... אַראָפּ פונעם זינען... געווירט... גוייִם... צום באַן... אין דער גרויסער שטאָט... אַ דאָקטער... מעשוגע... הם. .

— וועלכער דאָקטער? ווער איז מעשוגע? וואָס רעדט איר דאָס, רעב גדאַליע־בער?

— עס איז ניט מײַן אייסעק; רעב לעמל הייסט מיר, איך זאָל אײַך אָפּפירן צום באַן, קויפן אַ בילעט פאַר צוויי קערבלעך ביז דער גרויסער שטאָט, געבן אײַך נאָך אַכוץ צען קערבלעך און הייסן אײַך זײַן דאָרטן באַם דאָקטער...

— איך? באַם דאָקטער? צו וואָס? לעמײַ? רעב גדאַליע־בער!..

— לעמײַ?.. ווײַל איר זענט געווירט, אַראָפּ פונעם זינען... עפּעס אַ בריוול... פּאַרטאַג... אונדזער שנור... רעב לעמל... סאָרע־פייגל...

* * *

„דריך־טאַך־טאַך! דריך־טאַך־טאַך!“ אַזוי קלאַפּט דער באַן, טראָגנדיק מיך אין דער גרויסער שטאָט אַרײַן. איך האָב מיר אָפּגעזוכט אַ ווייל ווינקעלע אין וואַגאָן, זייער אַ טײַער ווינקעלע, באַם פענצטער, פון וועלכן איך קאָן מיר קוקן אויף דעם גרינעם פעלד, וואָס הייבט שוין אָן ווערן געל פון דער פּאַרטיקער ווייץ און קאָרן; ערטער־

ווײַז איז דאָס ברויט שוין אָפּגעשניטן און עס ליגט שוין אין די שאָקן, וועלכע ווײַזן אויס פּונקטלעך ווי קליינע טונקעלע פּלעקן אַף דעם שיינעם ברייטן פעלד. די זון הייבט ערשט אָן ארויסצושווימען ווי פון אונטער דער ערד, און אַ קליין רויט פּײַערל פון גינגאָלד צינדט זיך אָן אַפן בלאַסן האָריזאָנט; עס ווײַזט אויס אַף אַ שיינעם, אַ הייסן טאָג. עטלעכע ווילדע קאַטשקעס פליִען דורך מיט אַ ראַש, און דער לאַנגער אײַזיסט שטייט אַף זײַן רוישן פּוס און קוקט באַרטראַכט, ווי דער צוג גייט פאַרבײַ אים, און ער רירט זיך נישט פון אָרט: ער איז שוין געוווינט געוואָרן מיט אים. „דריך־טאַך־טאַך! דריך־טאַך־טאַך!” מײַנע אויגן זענען באַנעצט מיט טרערן, מיט גרינגע טרערן, און איך פיל קימאַט גאָר ניט, ווי איך וויין; עס וויינט זיך אַליין, עס וויינט זיך אָן מיר, אָן אַ שום באַוווּסטע אורזאַכע... נאָר פאַרוואָס זאָל איך ניט וויינען? איך האָב אַף וואָס צו וויינען... נאָך מער פון אַלעס פאַרדריסט מיך, וואָס איך האָב בעשום־אופן נישט געקאָנט אײַנרעדן רעב גדליה־בער דעם שענקער, אַז איך בין ניט מעשוגע, אַז איך בין קלאָר גלײַך מיט אים, גלײַך מיט אַלע מענטשן! איך זע אָבער, אַז ער גלייבט מיר נישט; ער וויל מיר נישט קוקן גלײַך אין די אויגן אַרײַן און שמייכלט און זיפצט...

— רעב גדליה־בער! רעב גדליה־בער! טוט אַף מיר אַ קוק! זעט, ווי איך זיץ, הערט, ווי איך רעד! דאַכט זיך, ניט ערגער, ווי אָט די אַלע מענטשן, וואָס זיצן דאָ? רעב גדליה־בער! גאָט איז מיט אײַך, רעב גדליה־בער!..

## V. רעב יהודה־יודל — מײַן אויסלייזער

וואָס טו איך דאָ? איך זוך אַ שטעלע; וואָס פאַר אַ שטעלע? איך דריי זיך דאָ אַרום שוין אַ פּאָר וואָכן, און וואָס האָב איך אויספּייעט? די צען קערבלעך, וואָס איך האָב אַוועקגעפירט פון רעב לעמל דאָרפמאַן פאַר אַ גאַנץ יאָר, האָב איך שוין לאַנג אופגעגעסן אַף דער „גראָבער אַכסאַניע”. אַזוי רופט מען די סטאַנציע, וווּ איך האָב קוואַטיר, ניט דערפאַר, ווײַל די אַכסאַניע אַליין איז זייער גראָב, נאָר דערפאַר, ווײַל די באַלעבאָסטע איז שרעקלעך אַ גראָבע ייִדענע, אַ וויסטע אַלמאָנע, וואָס ווייסט פון קיין וועלט ניט צו זאָגן שוין אַכצן יאָר און פּאַטשט זיך אַליין מיט אירע אייגענע הענט מיט די באַלעגאָלעס אַלע טאָג, און מיט די אָרכים רעכנט זי זיך אויך ניט ערגער. אָפּעסן אָן אָנבײַסן אָדער איבערנעכטיקן אַ נאַכט אַף קרעדיט איז בײַ איר ניט אײַנגעפירט; זי האָט ליב מעזומען: „איך בין

דאָכ נישט מער ווי א זינדיקע אַלמאָנע, — זאָגט זי, — ווער וועט זיכ אײַנשטעלנ פֿאַר מיר?"... איכ האָב זיכ באַטראַכט, אַז איכ מוז עפּעס פֿאַרזעצנ אָדער פֿאַרקויפֿנ פֿונ מײַנע כּפּייצים, אונ מײַנע אויגנ זענען געפֿאַלנ אויפֿ דעמ זילבערנעמ זייגער, וואָס איכ האָב געהאַט בעמאַטאָנע פֿונ מײַנ מעכוטנ רעב יעהודע־יודל פֿונ קאַמיסײַלעווקע... אַכ! ביז דער דאָזיקער מינוט האָב איכ גאָר פֿאַרגעסנ, אַז איכ האָב א מעכוטנ רעב יעהודע־יודל, אונ אַז רעב יעהודע־יודל האָט א טאָכטער, וואָס זי הייסט מאַריאַשקע, אונ אַז די דאָזיקע מאַריאַשקע איז מײַנ קאַלע! וויאַזוי האָב איכ דאָס געקאָנט פֿאַרגעסנ? וויאַזוי האָב איכ געקאָנט א גאַנצ יאָר קעסיידער אַפּילע קיינ וואָרט ניט שרײַבנ צו מײַנ גוטנ רעב יעהודע־יודל, צו מײַנ אויסלייזער? איכ קאָנ דאָס ניט פֿאַרשטיינ!..

,,זײַט מיר טויזנט מאָל מויכל! — שרײַב איכ צו אימ א גאַנצ היפּשנ אונ א וואַרעמענ לאָשנ־קוידעש־בריוו. — זײַט מיר מויכל, מײַנ ליבסטער טײַערסטער מעכוטנ רעב יעהודע־יודל, וואָס איכ האָב אַזוי פֿיל געזינדיקט אַנקעגנ אײַכ אונ אַנקעגנ דאָס גוטסקײַט פֿונ אײַער האַרצנ! איכ בינ זיכ מוידע־אומיסוואָדע אויפֿ מײַנע זינד אונ אויפֿ מײַנע שולד, אונ איכ וויים, אַז איכ האָב נישט קיינ פֿאַרגעבונג מיט קיינ אויסלייזונג אויפֿ מײַנע גרויסע זינד, אונ נאָר אײַער גוט האַרצ קאָנ דערוועקנ ראַכמאָנעס אויפֿ מײַנע גרויסע שמערצנ, וואָס זענענ טיפֿער פֿונעמ יאַמ אונ העכער פֿונעמ הימל! איר, אונ ווײַטער קיינער ניט, קאָנט אָפּמעקנ די טרערנ פֿונ מײַנע אויגנ, ווי דער נאָווי זאָגט (ישעיה' א, י"ח): ,,ווענ אײַערע זינד זאָל זײַנ ווי רויטע פּאַדעמ־זײַד, דאַרפֿנ זיי אויכ ווערנ ווײַס, ווי שניי; ווענ זיי זאָלנ רויט ווערנ ווי א וואָרעמ, דאַרפֿנ זיי אויכ ווערנ, ווי ווײַסע וואָל"... אונ איכ פֿאַרהאָפֿ, אַז איר וועט מיר געוויס מויכל זײַנ, אוביפֿראַט ווענ איר זאָלט נאָכ וויסנ, אינ וואָסער א טרויעריקער לאַגע איכ געפֿינ זיכ אַצינד: עלנט, ווי אַנ אייל־בערט־בוימ אינ דער וויסטעניש, אינ א פֿרעמדער שטאָט, אָנ א גראָשנ געלט, לײַדנדיק הונגער אונ דאָרשט, אַז איכ האָב הײַנט געמוזט פֿאַרזעצנ אײַער טײַערע מאַטאָנע, דעמ זילבערנעמ זייגער פֿאַר 6 קערבלעכ. מע האָט מיר מער ניט געוואָלט געבנ, מאַכמעס די געדערימ זײַנע (דער מעכאַניזמ) זענענ אַזוי פֿאַרדאָרבנ, אַז די גרויסע ווײַזערס ווילנ זיכ ניט רירנ פֿונעמ אָרט בעשומ־אויפֿנ, אונ דאָס קליינע ווײַזערל (סעקונדיק) שפּרינגט צוריק, בילטי, וואָס די קאָפּערטע איז א זילבערנע — דאַנקענ גאָט דערפֿאַר!.. נאָר וואָס וועט זײַנ, אַז די 6 קערבלעכ וועלנ אויכ אַוועקגיינ? אַכ, פֿאַרוואָס

און וואָרום האָב איך אײַך ביז אַהער ניט געשריבן קיין שום בריוו?
דעם ענמעס אײַך זאָגן — האָב איך גאָר פאַרגעסן אָן אײַך, און איך
פאַרשטיי גאַנץ גוט, אַז דאָס איז די גרעסטע אַוויירע פון מײַנע אַלע
אַוויירעס, וואָס איך האָב געטאָן ביז אַהער, זינט איך בין אַרויסגע־
צויגן געוואָרן פון מײַן מוטערס בויך און וואָס איך וועל טאָן ביז מײַן
לעצטן טאָג, אין דער צײַט, ווען איך וועל אַנשלאָפן ווערן מיט דעם
אייביקן שלאָף אַזוו. אַזוו... דערום, מײַן ליבסטער טײַערסטער מע־
כוטן רעב יעהודע־יודל, אײַלט זיך און פעדערט זיך און שיקט מיר
צו אײַער הילף פון אײַער גוטער האַנט" אַזוו. אַזוו...

אַז איך האָב פאַרשלאָסן דעם דאָזיקן בריוו, אָנגעשריבן דעם
אַדרעס:

Г-ну Юдке Иделю. Въ М. Комисайловку און אַרײַנגע־
וואָרפן אין פּאָסט־קאַסטן אַרײַן, האָב איך זיך ערשט דענסטמאָל דער־
מאָנט, אַז איך האָב פאַרגעסן צו שרײַבן אַ גרוס צו זײַן טאָכטער,
מײַן קאַלע מאַריאַשקע... אָרעמער יעהודע־יודל!..

„פיל פרייד און בענטשונג לאָזן טראָגן די בערג אַפּן קאָפּ פון
מײַן געליבטן און אויסדערווײַלטן כאָסן, — ענטפערט מיר רעב יעהו־
דע־יודל אַפ מײַן בריוו אין צוויי וואָכן אַרום, — און פיל פרייד
און אַלדאָס־גוטס אַפ אַלע ייִדן פון הײַנט אָן און ווײַטער מיט ישועס
נעכאָמעס — אָמיין וועאָמיין! מיט פיל פרייד און מיט גרויס טײַנעג
האָבן מיר מעקאַבל געווען דײַן ליבן בריוו פון דער גרויסער שטאָט,
און אַ סאַך טרערן האָבן מיר פאַרגאָסן אַפ דײַנע גרויסע שמערצן,
וואָס דו טראָגסט איבער אין דעם פרעמדן לאַנד, און פון דער טיפע־
ניש פון מײַן האַרצן האָב איך געטאָן רופן: אַהה ד' אלקים[1]! ביזוואָ־
נען וועסטו האַלטן דײַנע ייִדעלעך אין גאָלעס? ביזוואַנען וועלן די
קינדער פון יאַאַקויוון אַרומבלאָנדזשען ווי די שאָף אָן אַ פּאַסטעך, אין
דעם גרויסן מידבער אַזוו..? אַ פאַרלענדונג ווילסטו טאָן מיט
ייִסראָעלן? אַזוו... ניין! העך איך אַ באַסקאָל פונעם הימל — ניין!
האָב קיין מוירע ניט, מײַן קנעכט יאַאַקויוו! אַזוו... אַזוי ווי מיר זאָגן
אַצינד אין די הייליקע סליכעס: „יזכור אהבתם ויחיה זרעם, שלא תאבד
שארית יעקב[2]!" דהי. ער וועט זײַן ליבע צו זיי דערמאָנען און דער־
נערן זייערע קינדער, אַז עס זאָל ניט פאַרלאָרן גיין יאַאַקויווס נאָכ־
פאָלגן. דו דאַרפסט נאָך געדענקען, ווי איך פלעג דיר אָפּט דערציילן
פונעם ליבאַוויצער זיכרוינוי ליווראָכאָ, וויפל טרערן ער פלעגט אַפ די

1 אהאָ אדוינאָי עלויקימ! — געמיינט: גוואַלד, גאָט מײַנער!
2 ייִזקויר אהאַוואָסאָם וויִיעכאיע זאַראָם, שעלוי סויוואַד שעייריס יאַאַקויוו!

עטלעכע ווערטער אויסגיסן, זינגענדיק זיי שמונה־עשׂרה אפדערנאכט, דער ליבאוויצער זיכרונו לברכה, אַז ער פלעגט אַזוי... ניין, מיין זון, מע טאָר נישט קלאָגן אפ אזעלכע קלייניקייטן, מאכמעס געלט און קאָוועד איז געגליכן צו ערד און צו אש, אזוי. גאָט האָט ליב דעם אָרעמאַן, און זיין רעכטע האַנט ציט ער אויס צום עוויגן מיט גרויס גענאָד, ווי דער מעדרעש זאָגט אַזוי... מיר שיקן דיר מיט דעם נאָכ 6 קערבלעך און בעטן דיך, זאָלסט גאָר קיין יעסורים נישט האָבן פון־נעם זילבערנעם זייגער, ווייל עס איז אינגאַנצן נארישקייטן, ווי שלוימע־האַמעלעך האָט געזאָגט: „הבל הבלים הכל הבל"[1] — ווי מיטן זילבער־נעם זייגער, אזוי איז אָן דעם זילבערנעם זייגער. „לי הכסף ולי הזהב!"[2] אַז סע איז מיין זילבער און מיין גאָלד! — זאָגט דער גאָט פון אַלע הערשאַפטן" אזוי... און האַלעווייַ דו זאָלסט מיך וועלן פאָלגן, וואָלסטו די רעגע געפאָרן צוריק אהיים און אים־יִרצע־האַשעם שאַבעס־כאַנעקע געמאַכט די כאַסענע, מאַכמעס מיר זענען שוין קימאַט גרייט מיט אַלע־מען, אפילע א טאַלעס פון־דיינעטוועגן אויך צוגעגרייט, אין א גוטער מאַזלדיקער שאָ, האַגאַם עס סטייעט מיר ניט א ביסל געלט צו דער כופּע־וועטשערע. און די האַכנאָסעס פון דער „טאַלמוד־טוירע" ווערן אַלע טאָג קלענער און ווינציקער, אזוי אַז קימאַט אַלע קוואַלן פון דער פּאַרנאָסע זענען בא אונדז אין קאָמיסייַלעווקע פאַרשטאָפּט געוואָרן, און קאַפּצאָנים ווערן אין אונדזער שטעטל אַלעמאָל געמערט, און דער יאַקרעס איז זייער גרויס אזוי... נאָר גאָט איז דאָך א פאָטער; מינאַסטאַמ וועט ער דאָך מוזן העלפן מיר אויך, און ער וועט מיך ניט פאַרלאָזן גלייך מיט אַלע קינדער פון יִסראָעל אזוי... און בעעמעס, צו וואָס טויג דיר זיין גאַוועָנאַד אין פרעמדע מעדינעס? קום צו פאָרן, טו אזוי ווי דיינע עלטערן האָבן געטאָן, — האָב כאַסענע און וואַרף אַרופּ אפ גאָט דיין האָפענונג, און ער וועט דיך שפּייזן, מאַכמעס אַנקעגן גאָט קאָן מען ניט גיין, און זיינע ווערטער בלייבן שטיין אפ אייביק, ווי דער פּאָסעק זאָגט... אזוי. מיין זוגתי מרת גנעסיע־לייע, זאָל לעבן, און מיין טאָכטער, דיין קאַלע, מאַריאַשקע, זאָל געזונט זיין, גריסן דיר גאָר פריינטלעך...

די רייד פון דיין מעכוטן יעהודע־יודל ב"ר מאָרדכע־מייער האַקויהען ז"ל דער „מאַשגיעך" פון דער „טאַלמוד־טוירע"
אין דער שטאָט קאָמיסייַלעווקע..."

---

1 האווייל האוואָלים האקוויל העוועל — נישטיקייט פון נישטי־קייט, אַלץ איז נישטיקייט.

2 לי האַקעסעף וועלי האַזאָהאָוו!

רעב יעהודע־יודלס בריוו האָט מיך אַזוי צעגומען, אַז איך האָב זיך פּאַשעט געשעמט פאַר זיך אַליין... איך האָב זיך געגעבן דאָס האַרטע וואָרט, אַז וואָס עס זאָל זיך מיר ניט פּאַסירן, זאָל איך אָן אים נישט פאַרגעסן און זאָל אים פאַר זײַן ערלעכקייט און פאַר זײַן גוטסקייט אָפּצאָלן צען מאָל אַזויפיל! מיט וואָס קאָן איך אים אָפּדאַנקען? אַז גאָט וועט מיר העלפן, און איך וועל זיך צושלאָגן צו אַ ברעג און וועל קאָנען עטוואָס צונויפזאַמלען, וועל איך באַלד קומען קיין קאָמיסעילעוויקע און וועל נעמען זײַן טאָכטער מאַריאַשקע און וועל זי גליקלעך מאַכן! — אַך, וואָס פאַר אַ נאַכעס וועט דאָס האָבן רעב יעהודע־יודל, ווען ער וועט קומען אַמאָל צו אונדז צוגאַסט און וועט אונדז טרעפן אין אַן אייגן שטיבל, אַ קליין שטיבל; ניין, טאַקע אַ היפּשע שטוב, אַ גרויסע שטוב, — פאַרוואָס ניט קיין מויער? ער וועט מוירע האָבן אַרופצוגיין אַף די טרעפּ און וועט פאַרבײַסן דעם קאָפּ הויך־הויך...

— קומט אַרויף! קומט אַרויף! רעב יעהודע־יודל... שווער! שווער!

— ע־כע־כע, — שקאַץ איינער! האָסט זיך פאַרקליבן גאַנץ הויך! קיין מײַסע ניט! וואָס צאָלסטו, לעמאָשל, פאַר דער דאָזיקער דירע אַ יאָר דירע־געלט אַ יאָר?

— דירע־געלט? וואָס רעדט איר דאָס, שווער? דאָס איז דאָך מײַן אייגן הויז... נישט לאַנג אָוועקגעקויפט בא אַ געשטאָרבענעם פּאָלקאָווניק... מאַריאַשקע! מאַריאַשקע! קום נאָר אַהער! מיר האָבן אַ גאַסט.

— ע, טאָכטער! ביסט דאָך עפּעס גאָר אַ גאַנצע פּריצטע ביסטו! וואָס איז דאָס עפּעס פאַר פּאַניטשקעלעך דרייען זיך דאָ אַרום עפּעס?

— דאָס איז דאָך אונדזערע קינדער, שווער, אײַערע אייניקלעך...

— מײַנע אייניקלעך? המ... וואָס זשע איז עפּעס מיט נאַקעטע קעפּלעך? אָן היטעלעך, מעכילע, וואָס איז עפּעס?

— הײַנטיקע מאָדע, פאַרשטייט איר, אַ גרויסער מויער פון אַ געשטאָרבענעם פּאָלקאָווניק... אַ גרויסע שטאָט... אַ גוזמע פּריצים... מע קאָן ניט אַנדערש... מע מוז...

— מע מוז? שייגאַץ איינער — כע־כע־כע, קונדייסים!..

אַזוי. אַזוי... מײַנע געדאַנקען מיט די שיינע לופטשלעסער פאַרטראָגן מיך אַזוי ווײַט, אַז איך פאַרגעס קימאַט, אַז פון די לעצטע 6 קערבלעך איז מיר געבליבן בעסאַכאַקל איינס... דאָס איינציקע קערבל! ווי טיף, ווי שטאַרק איך האַלט דיך ווײַט־ווײַט אין קעשענע און איך זע, אַז איך וועל דיך נישט קאָנען אײַנהאַלטן! איך זע, ווי דו רײַסט זיך אַרויס מיט גוואַלד פון מײַנע הענט, פון צווישן די פינגער,

דו רײַסט זיכ אויס אונ פּליסט אוועק מיט א געלעכטער, אונ עס איז מיר געבליבנ פונ דיר 2 גילדנ, 2 זילבערנע גילדנ, פּונקט ווי 2 פעדערלעכ, וואָס בלײַבנ בא אונדז אינ האַנט, ווענ דאָס פייגעלע גליטשט זיכ אויס פונ דער האַנט אונ פליט אוועק... 2 גילדנ אפ 2 טאָג צו לעבנ — אונ אפנ דריטנ טאָג? וואָס טוט מענ? — עס ווילט זיכ עסנ! קיינמאָל האָב איכ נאָכ אזא טײַערנ אפּעטיט נישט געהאט, ווי אינ דער דאָזיקער מינוט, ווענ איכ האָב נישט געהאט קיינ 2 גראָשנ צו באצאָלנ פאר א בייגל!..

— מאָזשעט סטארע וועשטשי פּראָדאיאָטיע, פּאניטשא?

איכ קוק זיכ ארום; נעבנ מיר שטייט א שווארצ ייִדל, אָנגעלאָדנ פונ אויבנ ביז אראָפּ מיט אלטע קאָסטיומענ, העמדער, קאלאָשנ, שטעקנלעכ אד"ג.

— יונגערמאנ! — ווענדט ער זיכ צו מיר שוינ אפ ייִדיש. — יונגערמאנ! עפּשער געפינט זיכ בא אײַכ אלטע כפייצימ אפ צו פארקויפנ?

אלטע כפייצימ? א ווילער געדאנק, כ'לעבנ! איכ הייב אָנ צו באטראכטנ מײַנ קאָסטיומ, אונ דאָס שווארצע ייִדל באטראכט אויכ מײַנ קאָסטיומ אונ שטויסט זיכ, וואָס איכ מיינ.

— אויב איר ווילט, — זאָגט ער צו מיר, אראָפּוווארפנדיק פונ זיכ די אלע שמאטעס, — אויב איר ווילט, קאָנענ מיר מאכנ א בײַט... איכ וועל אײַכ עפּעס צוצאָלנ...

די דאָזיקע אָפּעראציע מאכ איכ קימאט א טאָג איבער א טאָג, אזוי אז מײַנ קאָסטיומ איז איבערגעביטנ געוואָרנ עטלעכע מאָל, אונ פונ מײַנע שטיוול איז געוואָרנ א פּאָר צעריסענע רעזינענע קאלאָשנ אפ די באָרוועסע פיס... עס מאָלט זיכ מיר אויס, אז יעדער קוקט אפ מײַנע קאלאָשנ... איכ באהאַלט זיכ, ווי ווײַט איכ קאָנ... וואָס וועט זײַנ דערפונ? וואָס וועט זײַנ דער טאכלעס? וואָס טוט מענ? וואָס טוט מענ?!..

## VI. מײַנ באגעגעניש מיט מײַנ כאווער אריע־לייב

די גרויסע שטאָט — דאָס איז א טהאָמ, וווּהינ דער ווינט האָט צונויפגעטריבנ מאסנ מענטשנ, וועלכע וויגנ זיכ אונ וואַרפנ זיכ פונ איינ עק צו דעמ אנדערנ עק טהאָמ; דער שטרײַט פאר דעמ לעבנ זעט זיכ דאָ גיכער אָנ, ווי אינ דעמ קליינעמ אָרט. אויב איר ווילט באטראכטנ די נאטור פונעמ מענטשנ, קומט אהער אינ דער גרויסער

שטאָט ארײַנ, קוקט, ווי מענטשנ לויפֿנ דער אהינ, דער אהער, ווי די פֿיש אינ טײַכ. איר קאָנט אײַכ דאָ ארומגיינ אינ גאס יאָרנווײַז — קיינער וועט אײַכ ניט שטערנ. וועמענ גייט דאָס אָנ, צי איר זענט זאט, צי איר זענט הונגעריק? קאָלזמאַנ אײַערע פֿיס טראָגנ אײַכ נאָכ ארום אונ איר וואַלגערט זיכ נאָכ ניט אפֿ דער גאס אונ פּלאָנטעט זיכ ניט ארום, קאָנט איר אײַכ ארומגיינ, ווו איר ווילט זיכ. מיינסטנטייל קאָנט איר שפּאַצירנ אפֿנ בולוואַר אָדער אנידערזעצנ זיכ, ווי א סראָרע, אפֿנ גרינעמ בענקל אונ באַטראַכטנ אלצ פּאָרלעכ, וואָס שפּאַצירנ דאָ גע־ערעמט, אָדער די גרופּעס, וואָס זיצנ אקעגנ אײַכ אפֿ די גרינע בענק. איכ ווייס ניט, ווי:אזוי איז אײַכ, נאָר מיר איז שטאַרק אינטערעסנע זיכ צוצוקוקנ צו יעדנ באַזונדער, וואָס איכ זע דאָ אפֿנ בולוואַר. איכ דריי זיכ שוינ דאָ ארומ א פּאָר וואָכנ אונ באַמערק שוינ א סאַכ באַקאַנטע פּיז:אָנאָמיעס, וואָס איכ זע זיי יעדנ טאָג אינ דער זעלבער שאָ אפֿ דעמ זעלבנ אָרט. איכ זע אלע טאָג אנ אלטנ מאַנ, אנ אײַנגעהויקערטנ, מיט א געלעכערטנ ציליִנדער אונ מיט א גראָבנ שטעקנ, אפֿ וועלכנ ער שפּאַרט זיכ אָנ מיטנ שטערנ אונ שלאָפֿט אָפּ אקעגנ א שאָ; נאָכדעמ שטייט ער אופֿ, ער קוקט זיכ ארומ אפֿ אלע פֿיר זײַטנ, ער טוט א הוסט אונ גייט אוועק. אזוי איז אלע טאָג, יעדנ טאָג! פֿונ וועמענ אנטלויפֿט ער, דער דאָזיקער אלטער? וואָס געפֿעלט אימ דאָ אזוי צו שלאָפֿנ, אָנגעשפּאַרט מיטנ שטערנ אפֿנ גראָבנ שטעקנ? צי עפּשער איז אימ דאָס אָרט אזוי טײַער? אָדער?.. אונ דאָס דאָזיקע מעדכענ מיט דער געלער שליאַפּע, וואָס טוט זי דאָ יעדנ טאָג אפֿ דער גרינער באַנק, נעבנ בוימ? זי פֿאַרשטעלט זיכ די אויגנ מיט א ווײַס טיכעלע, אונ איר אײַנגעפֿאַלענע ברוסט שפּרינגט אונטער פֿאַר געוויינ? נאָכ וועמענ וויינט זי? וואָס פֿאַר א מערדער האָט צוגענומענ בײַ איר איר רו, איר גליק אונ איר האַרצ? ניינ, פֿיל גליקלעכער ווײַזט אויס דאָס דאָזיקע פֿרײַלנ, וואָס קומט אהער לייענענ לאַנגע בריוו אפֿ בלוי פּאַפּיר פֿונ אלע זײַטנ באַזעצט מיט קליינע פּיצעלעכ אויסיעס; די הענט ציטערנ איר, אונ די אויגנ ברענענ; זי לייענט איבער דאָס בלויע בייגעלע פּאַפּיר א מאָל צוואַנציק אונ קוועטשט דאָס צו צומ האַרצנ אונ קוקט זיכ ארומ, צי קיינער זעט ניט. נאָר איכ זע אָבער גאַנצ גוט: פֿריי זיכ, שוועסטערל לעבנ, פֿריי זיכ! גאָט האָט דיר געשענקט דאָס גליק, טרינק זשע, טרינק מיטנ פֿולנ מויל, קאָלזמאַנ דו קאָנסט נאָכ, קאָלזמאַנ קיינער האָט דיר נאָכ ניט ארײַנגעגאָסנ קיינ ביטערנ טראָפּנ אינ דעמ בעכער, פֿונ וועלכנ דו טרינקסט דעמ זיסנ געטלעכנ ווײַנ, וואָס הייסט — ליבע... ניט ווײַט פֿונ מיר זיצט א יונגער מענטש אונ לייענט פֿונ א לאַנגנ פּאַפּיר אייגענע

שירים (פערזונ), צוקלאפנדיק מיטנ פוס נאכנ טאקט פונ דער מאס פונ די שירים; די מוזע* פונעמ דאזיקנ יונגנ פאעט (מעשוירער) האט אויכ ליב דעמ בולוואר, גלייכ מיט מיר, גלייכ מיט אלע מײַנע בולוואר־נע באקאנטע, גלייכ מיט דעמ דאזיקנ יונגנ פארל, וואס זיצנ דא אקעגנ מיר, אונ זוסע רייד פונ ליבע גיסנ זיכ פונ זייערע מײַלער. דאס דאזי־קע פארל אינטערעסירט מיכ אזוי פיל, אז איכ הער זיכ טאמיד צו צו זייערע שמועסנ, טאמער וועל איכ קאנענ כאפנ פונ זיי כאטש א ווארט. נאר זיי רעדנ אבער אזוי שטיל, אז מע הערט נישט; מע זעט נאר, ווי זייערע אויגנ רעדנ צווישנ זיכ שענער, ווי אלע שפראכ אפ דער וועלט! לאנג זיצנ זיי דא קיינמאל ניט; 10 אדער צומ העכסטנ 15 מינוט; ער קוקט אפנ זייגער אונ ווײַזט איר, ווו ער האלט; זי שטייט אופ אונ קוקט אימ א ביסל אינ די אויגנ ארײַנ; ער קוועטשט זי בא דער האנט, אונ זיי הייבנ זיכ אנ געזעגענענ. נאכ דעמ געזעגענענ זעצנ זיי זיכ ווידער צו אפ איינ רעגע, אונ ביידע לאזנ ארויס א טיפנ זיפצ פונעמ הארצנ. ווידער א קוק אפנ זייגער, ווידער געזעגנט, ווידער צוגע־זעצט, ווידער א זיפצ, ווידער דער זייגער, ווידער האנט אזוי. ביז ער כאפט זיכ שוינ אופ טאקע אפ אנ עמעס, אונ זיי צעשיידנ זיכ אונ הייבנ אנ אוועקגיינ, ער אינ איינ זײַט, אונ זי אינ דער אנדערער זײַט, אפשטעלנדיק זיכ יעדע מינוט אונ קוקנדיק איינס אפ דעמ אנ־דערנ.... נאר גאט מײַנ גאט! וואס איז ער מיר אזוי קענטלעכ, דער דא־זיקער יונגערמאנטשיק מיט די לאנגע זײַדענע האר, מיט די רויטע בעק־לעכ אונ מיט די שווארצע אויגנ?.. איכ הייב זיכ אופ פונ מײַנ בענקל אונ — יאג אימ איבער אונ קוק אימ אינ פאנעמ ארײַנ... ער בא־טראכט מײַנ קאסטיומ מיט מײַנע צעריסענע קאלאשנ... איכ לאז אראפ די אויגנ... ער זוכט בא זיכ אינ קעשענע אונ טראגט מיר צו א זילבערנע מאטבייע... איכ קאנ נישט רירנ מיט קיינ אייווער... אונדזערע אויגנ באגעגענענ זיכ... עס רײַסט זיכ ארויס בא אונדז ביידע א געשריי:

— אריע־לייב!!??..

— א־א־א???!!!..

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ענדע פונעמ צווייטנ טייל

---

* די געטנ פונ געזאנג (באמ. פונ אווט).

# די בעסטע יאָרנ

(פאָרזעצונג [פונ] דער „וועלט־ריַיזע״)

ד ר י ט ע ר  ט ײ ל

## 1. די ערשטע נאכט באַ מיַינ כאַווער אריע־לייב

עס האָט זיכ אייַכ ווענ געטראָפנ פאָרנ אינ א פינצטערער נאכט (אינ הלופּעטיש, ווי מע זאָגט), ווענ דער הימל גיסט אַפּ אייַכ א שלאקסרעגנ, עס דונערט אונ עס בליצט, אונ איר זענט דורכגענעצט דורכ־אונ־דורכ, אונ עסנ ווילט זיכ אייַכ, אונ איר בלאָנדזעט פונעמ וועג, אזוי אז איר גלייבט זיכ שוינ גאָר ניט, צי איר וועט אמאָל קומענ אהיימ, מאכמעס די פערד שטייענ צו אונ ווילנ שוינ וויַיטער נישט גיינ, אונ די כמארעס ווערנ אלעמאָל געדיכטער אונ שוואר־צער, אונ איר זעט פאַר זיכ ניט קיינ וועלט?.. פּלוצעמ! — א קליינ פיַיערל בלישטשעט אייַכ פונדערוויַיטנס; דאָס פיַיערל ווערט אלע־מאָל גרעסער אונ נעענטער, אזוי אז אפילע די פערד הייבנ אויכ אָנ צו גיינ מיט מער כיישעק, אונ פאַר איַיערע אויגנ שטעלט זיכ פאָר איַיער הויפּ, איַיער שטוב. אָט זענט איר שוינ באַ דעמ טויער; אָט זענט איר באַ דער טיר; נאָכ איינ מינוט — אונ א פריילעכער געשריי פונ עטלעכע הערצער באגעגנט אייַכ — מיט איינעמ וואָרט איר זענט באַ זיכ אינ איַיער היימ, צווישנ איַיער[ע] ליבע, וועלכע האָבנ אַפּ אייַכ לאנג־לאנג ארויסגעקוקט, צוגייענדיק אלע מינוט צומ פענצטער אונ ארויסשיקנדיק אלעמאָל א מענטשנ אינ הויפּ ארויס א קוק צו טאָנ אונ צוהערנ זיכ, טאָמער פאָרט מענ... איר זענט באַ זיכ אינ דער היימ, אונ אז וויל איז אייַכ, אויב גאָט האָט אייַכ געבענטשט מיט דעמ דאָזיקנ גליק, וועלכעס איז אינ מיַינע אויגנ העכער פונ אלע אנדערע גליקנ אַפּ דער ערד!.. עטלעכע פאָר הענט ציִענ פונ אייַכ אראָפּ די נאסע מאלבושימ, אונ איַיער נאס, קאלט לייַב פילט

אפֿ זיכ ווארעמע, טרוקענע קליידער, אונ נאָכ מער ווארעמע בליקנ (взгляды) פֿונ עטלעכע פּאָר אויגנ, וועלכע יאָגנ איבער איינס דאָס אנדערע, אונ אַנ אומערמעסלעכע ליבע אונ איבערגעגעבנהײַט גייט ארויס פֿונ זיי אפֿ אײַכ, אפֿ אײַכ, גליקלעכער באַל־מישפּאָכע(семьянин) מע רינגלט אײַכ ארום פֿונ אלע זײַטנ; דער גיסט אײַכ אָנ א גלאָז טיי, דער טראָגט אײַכ צו עסנ, דער דערלאנגט אײַכ א מעסער מיט א גאָפּל. אונ די קליינע בעוורע? — זיי קריכנ אײַכ ארופֿ אפֿ די הענט, אפֿנ הארצנ, אפֿנ קאָפּ אונ באדעקנ אײַכ פֿונ אויבנ ביז אראָפּ מיט הייסע, פּלאָם־פֿײַערדיקע קושנ; אפֿילע דאָס קליינע צוויי־יאָריקע „קאראפּוזיקל“ האָט דערהערט אינ וויגעלע דעם געפּילדער, שרײַט דאָס אויכ, מע זאָל דאָס צוטראָגנ צום „פּאפּא“, אונ איר מעגט זיכ יאָ וועלנ אונ ניט וועלנ, מוזט איר דעם א קוש טאָנ אינ ביידע רויטע בעקלעכ, וואָס זעענ אויס ווי די פּאמפּעשקעס; אונ נאָכדעם לאנגע מײַסעס, ניסים־וועניפֿלאָעס, הילכיקע געלעכטערנ, א וויכ א ווארעמ בעט, א זיסער שלאָפּ אזוו., אזוו...

דער דאָזיקער, וואָס האָט איבערגעלעבט כאָטש איינ מינוט פֿונ דער גליקלעכער, ליכטיקער אידיליע, דער וועט מיכ אויכ פֿארשטיינ; דער וועט פֿארשטיינ מײַנ לאגע אונ מײַנע געפֿילנ: פֿונעם בולוואר — בא מײַנ טײַערסטנ כאווער אריע־לייבנ אפֿ דער קוואטיר... עס פֿאר־שטייט זיכ, אז מײַנ כאווערס קוואטיר מיט זײַנ אופֿנעמענ מיכ איז ניט געווענ אזוי פּינקטלעכ, ווי איכ האָב אײַכ נאָרוואָס באשריבנ: אָבער גאָרניט! דאָס האָב איכ אײַכ נאָר געגעבנ א בײַשפּיל, ביכדיי איר זאָלט זיכ קענענ פֿאָרשטעלנ מײַנע געפֿילנ אינ דער מינוט, ווענ א מענטשלעכע האנט האָט מיכ אופֿגעהויבנ פֿונ דער גאס, האָט מיר באוויזנ מענטשלעכקײַט, פֿרײַנטשאפֿט אונ ליבשאפֿט; קיינ בעסערנ בײַשפּיל האָב איכ נישט געקאָנט געפֿינענ אינ דעם אומערגרינט־לעכנ קוואל פֿונעם מענטשנס גוטסקײַט, פֿונ דער דאָזיקער געטלעכער מאטאָנע, מיט וועלכער מיר, מענטשנ, רימענ זיכ...

— וואָס וויינסטו, מעשוגענער? — שרײַט אפֿ מיר אריע־לייב, אָנגיסנדיק מיר דאָס דריטע גלאָז טיי אונ צעשנײַדנדיק דאָס ברויט, וועלכעס ער האָט אליינ נאָרוואָס געבראכט פֿונעם בעקער.

— ניינ, איכ וויינ גאָר ניט! — ענטפֿער איכ אים, אונ די טרערנ גיסנ זיכ מיר פֿונ די אויגנ גלײַכ אינ גלאָז ארײַנ; איכ וויל רעדנ אונ קאָנ נישט: עס ווארגט מיכ אינ האלדז, עס קלעמט מיר דאָס הארצ; איכ קוק אפֿ מײַנ טײַערנ אריע־לייבנ אונ קאָנ זיכ אינ אים זאט ניט אָנקוקנ.

אינ דער צײַט, וואָס מיר האָבנ זיכ צעשיידט, איז ער ווינציק־וואָס פאַרענדערט געוואָרנ, נישט פיל עלטער געוואָרנ; די זעלבע רויטע בעקלעכ מיט די לאַנגע זײַדענע האָר, וואָס פריִער; די זעלבע שוואַרצע פריילעכע אויגנ מיט דעמ גלײַכנ לעבעדיקנ געשטאַלט, גיכ געגאַנגענ, גיכ גערעדט, אונ פונ יעדער זאַכ ווערט ער ניספּאָעל — מיט איינעמ וואָרט דער אייגענער „אַריע־לייב", וואָס פריִער; נאָר אינ זײַנ רעדנ, אינ זײַנע ווערטער זעט מענ אַרויס, אַז ער איז עט־וואָס פּראַקטישער, אָפּיטנער אַלס פריִער, אונ אפ זײַנ שיינעמ ליכ־טיקנ שטערנ זעט מענ אָנ קוימ־קוימ אַ קנייטשל, — אַ באַווײַז, אַז קיינ צאָרעס איז ער נישט זשעדנע געוועג אונ ווייסט שוינ, וואָס שמערצנ באַדײַטנ... אָ, אַריע־לייב! ער דרייט זיכ אונ טאַנצט אַרומ מיר אונ ווייסט נישט פונ וואָס פריִער צו רעדנ אונ וואָס מיט מיר צו טאָנ. ער באַטראַכט מיכ אונטערוויילס פונ אַלע זײַטנ אונ ווערט רויט פונ מײַנ שיינעמ קאָסטיומ מיט די צעריסענע קאָ־לאָשנ אפ די באָרוועסע פיס, וועלכע איכ פּלײַס זיכ באַהאַלטנ ווײַט־ווײַט אונטערנ טיש... איכ דערצייל אימ מײַנ ביאָגראַפיע פונ דער לעצטער צײַט, ווי ווײַט איכ קאָנ; ער הערט מיכ אויס מיט טרערנ אפ די אויגנ... „נו. נו. ווײַטער, ווײַטער"!..

ער קוקט אפ מיר אונ פאַרצייכנט עפּעס באַ זיכ אינ אַ קליינ רויט ביכעלע.

— וואָס פאַרשרײַבסטו דאָרטנ אַלע מינוט, אַריע־לייב?

— האַ? גאָרניט, גאָרניט... שטיוועלעכ... יאָ... פאַרוואָס עסטו נישט? וואָס טרינקסטו נישט? וואַרעמ זיכ אָנ; עס איז דיר קאַלט? יאָ?

— ניינ, פאַרקערט, מיר איז אַצינד הייס, שרעקלעכ הייס!..

— גערעכט, גערעכט! — זאָגט ער אונ צעגיסט זיכ מיט זײַנ היליכיק געלעכטער. — נו, ברודער, גענוג שוינ דערציילנ; אַצינד וועלנ מיר נעמענ עפּעס אינ מויל אַרײַנ; עס וואָלט אַוואַדע געוועג גוט, אונ מע זאָל קאָנענ קריגנ עפּעס פליישיקס; עס איז שוינ אָבער שפּעטלעכ; הײַנטיקס מאָל וועלנ מיר זיכ באַגנוגענענ מיט פיש, פּוטער. קעז... עס, עס, געדענקסט ווײַנשל (קאַרשנ) אינמיטנ גאַס—כאַ־כאַ־כאַ? אנ „אַסיפע" אינ שטאָט? כאַ־כאַ־כאַ!.. אונ דער „המגיד" מיט די שיריִמ אפ דער גאַס? כאַ־כאַ־כאַ!..

— אונ דער סטאַראָזש מיטנ בעזעמ, אַריע־לייב?

— כאַ־כאַ־כאַ! גערעכט, גערעכט! שאַ נאָר, שאַ, איכ געדענק נאָכ די שיריִמ:

קרני השמש
ממרום יביטו
יביטו על ארץ
עלי אדמות[1]...
(די שטראלנ פונ דער זונ,
פונ זייער געצעלט,
ווענ זיי קוקנ אראפ
צו אונדז אפ דער וועלט...) כא־כא־כא!

איי, יארנ! איי, יארנ! און דער בערדיטשעווער מויכער־ספארים מיטנ צענ־קערבל־שטיק? כא־כא־כא!

— אונ די קלעפ בא דעמ שוסטער, אריע־לייב? כא־כא־כא...

— כא־כא־כא! אונ די „פוילישע אכסאניע”? געדענקסט כאטש?

— א נייִם א ביסל? נו, אונ די פעטש פונעמ כאסידל, אריע־לייב, האסטו פארגעסנ?

— א, איכ געדענק זיי גוט, האב קיינ מוירע ניט! כא־כא־כא!

הוי מורדי אור
שמש בל יראו[2]!..
(איר פינצטערע מענטשנ,
איר זעט נישט די שייִנ!..) כא־כא־כא!

אונ די באלעבאסטע מיטנ קינד געדענקסטו נאכ?

— נו, אונ מאלבושימלעכ, אריע־לייב, מיטנ צילינדער, כא־כא־כא?..

— אנ אנ ארבל? כא־כא־כא! איכ וועל דאס גאר נישט אויסהאלטנ, כא־כא־כא! כא־כא־כא! איכ בעט דיכ, ברודער, לאז שוינ זייִנ גענוג! לאמיר בעסער זיכ אנהייבנ לייגנ שלאפנ: איכ דארפ אופשטיינ גאנצ פרי... איכ וועל, פארשטייסטו מיכ, צושטעלנ עטלעכע בענקלעכ צו מייִנ בעטל, וועלנ מיר קענענ שלאפנ צוזאמענ, אזוי ווי אמאל אינ די יונגע יארנ, געדענקסט, בא די ווייִבער אינ צימער, די מאקארעווער יידענע, געדענקסט? כא־כא־כא? כא־כא־כא!..

— אונ „שימשנ־האגיבער”, אריע־לייב? כא־כא־כא?

— כא־כא־כא! אבער לאז שוינ זייִנ גענוג! שוינ צייִט שלאפנ, כ׳לעבנ, שוינ צייִט שלאפנ! אט ווער אנשלאפנ, איכ בעט דיכ; מיר וועלנ נאכ האבנ גענוג צייִט אפ אנצורייִדנ זיכ אונ אנצולאכנ זיכ! — נו, א גוטע נאכט!

---

1 קארניי האשעמעש מימארוימ יאביטו,
יאביטו אל ערעצ אליי אדאמויס.
2 הוי מוירדיי אויר שעמעש באל ייִרו!.

— א גוטע נאכט!..

— שלאָף געזונט!

— שלאָף געזונט!

עס גייט אוועק א מינוט צען; אריע־לייב קערט זיך איבער אפ דער אנדערער זייט.

— דו שלאָפסט שוין? — פרעגט ער מיך שטילערהייט.

— ניין; וואָס איז, אריע־לייב?

— גאָרניט... ווי האָסטו פארזעצט דעם זייגער? אויב איך וועל מאָרגן האָבן צייט, וועלן מיר אים אויסלייזן, לעמיי זאָל וואַקסן אפ אים פּראָצענט אומזיסט? יאָ, וואָס מאַכן עפּעס אונדזערע קאָמי־סיילעווקער פּראָצענטניקעס?

— וועמ? די שינדערס? וואָס זאָלן זיי מאַכן? מע שינדט די הויט פון די אָרעמעלייט אפ וואָס די וועלט שטייט...

— אָ, ראָסטאָווישטשיקעס! איך האָב ניט לאַנג אָנגעשריבן וועגן אונדזערע פּראָצענטניקעס א גאַנצן אַרטיקל אין „המליץ".

— דו שרייבסט נאָך הײַנט אויך שירים, אריע־לייב?

— כאַ־כאַ־כאַ, ניין, קיין שירים ניט... געדענקסט מײַן פּאָעמע „ויהי בחצות הלילה"; כאַ־כאַ־כאַ? ווי די זון האָט כאַסענע פאַר דער לעוואָנע, כאַ־כאַ־כאַ?

— בא דעם געלן ראַבינער, כאַ־כאַ־כאַ? און יעליזאַבעטען גע־דענקסטו נאָך, אריע־לייב?

—אָ! צי איך געדענק? איך געדענק זי זייער גוט! זייער גוט! איך וועל דיר דערציילן וועגן איר א פּיינע מעשׂה; יעצט דאַרף מען שלאָפן; שוין שפּעט!..

— וואָס איז דאָס מיט אונדז געוועזן אזעלכעס, אריע־לייב? און ווהין ביסטו נאָכדעם אהינגעקומען, אריע־לייב? מע האָט מיר גע־זאָגט, אז איר זענט ערגעץ ארויסגעפאָרן... אָנגעזעצט...

— ע, ברודער, דאָס איז דאָך שוין ווידער אפ א גאַנצער נאַכט א מעשׂה; מע דאַרף שלאָפן אויך! הײַנט האָסטו מיר דערציילט ד ײַ ן ביאָגראַפיע, און מאָרגן וועל איך דיר דערציילן מײַנע... אציַנד לאָמיר זיך צודעקן און לאָמיר שלאָפן! א גוטע נאכט...

— א גוטע נאכט.

— שלאָף געזונט!

— שלאָף געזונט!

נאָך 20 מינוט אָדער א האַלבע שאָ; אריע־לייב קאַטשעט זיך ווידער פון איין זייט אפ דער אנדערער; ער פרעגט מיך:

— דו שלאָפסט?

— ניינ, וואָס איז? האָסט מיר עפּעס געוואָלט זאָגנ, אריע־לייב?

— ניינ, גאָרניט, גלאַט אזוי... יאָ, דאכט זיכ, אז די דאָזיקע יונגע שנור, וואָס דו האָסט מיר דערציילט, וואָס דו האָסט זיכ אינ איר פארליבט, איכ מיינ, וואָס דו האָסט זיכ פארליבט אינ אירע שיינע בריוולעכ מיט איר שאָטנ, איאָ, האָסט מיר געזאָגט, אז זי הייסט ראָזע?

— יאָ, וואָס איז?

— גאָרנישט; איכ בינ פריִער געווענ אפ א שטעלע בא א רייכנ ייִדנ, וועלכער האָט געהאט א טאָכטער, זי האָט אויכ געהייסנ ראָזע; זי האָט געשריבנ צום כאָסנ צוויי מאָל אינ דער וואָכ ליבע־בריוולעכ; נאָר אזוי ווי זי קענ קוים־קווים גרעט פארשרייבנ, פלעג איכ איר שרייבנ אלע בריוו, אונ דערפאר האָב איכ זיכ אזוי לאנג געהאלטנ בא איר פאָטער, וועלכער איז א זעלטענער שוויטע, נאָר צוליב דער טאָכטערס קאָרעספּאָנדענציע איז ער צו מיר געווענ זייער גוט... „גייט שוינ, איכ בעט אייַכ, צו מיינ ראָזעטשקענ: זי האָט שוינ מעקאבל געווענ א בריוו פונ איר זיסנ — זי וואַרט אפ אייַכ...“

— אריע־לייב!!! — האָב איכ אויסגעשריגנ ניט מיט מיינ קאָל.

— שא, וואָס איז? גאָט איז מיט דיר!

— אריע־לייב! איר פאמיליע איז ניט געווענ שאַרפשטיינ?..

— עס פארשטייט זיכ שאַרפשטיינ! — נו, וואָס זשע איז? פונוואַנענ קאָנסטו זי?

— סטייַטש, אריע־לייב, אָט דאָס איז דאָכ טאַקע די דאָזיקע ראָזע, וואָס האָט כאַסענע געהאַט פאַר מיינ שילער זיסיע דאָרפמאַנ, פאר וועלכנ איכ האָב געפירט א גאַנצ יאָר די קאָרעספּאָנדענציע...

אז איכ האָב אויסגערעדט די דאָזיקע ווערטער, האָט זיכ מיינ כאַווער אופגעכאַפּט פונעם געלעגער, האָט זיכ אָנגענומענ מיט בײדע הענט בא די זייטנ אונ האָט זיכ צעגאָסנ מיט אזא שרעקלעכ געלעכטער, אז איכ האָב געמיינט, אז ער וועט דעם שלאַק באַקומענ.

— אריע־לייב! אריע־לייב! נו, וואָס זשע איז דער געלעכטער אזוי? קוק אימ אָנ, ווי ער האָט זיכ א ביסל צעלאַכט!

— כאַ! כאַ!... ראָזע... כאַ־כאַ־כאַ! שאַרפ... כאַ־כאַ־כאַ!... שאַרפשטיינ!... כאַ־כאַ־כאַ! מיינע בריוו... כאַ־כאַ־כאַ! ראָזע... כאַ־כאַ־כאַ!.. העסלעכ... כאַ־כאַ־כאַ! א קורצע נאָז... כאַ־כאַ־כאַ... גראָבע ליפּנ... כאַ־כאַ כאַ!.. א מאָרדע... כאַ־כאַ־כאַ!.. אוי, ווי דער טויט!... כאַ־כאַ־כאַ! אוי, א מאַרשאַס!.. אוי, איכ וועל דאָס ניט אויס־

האַלטן!... כאַ־כאַ־כאַ! ראָזע פּלע... פּלע... כאַ־כאַ־כאַ! ראָזע פּלע... זי הייסט באַ אונדז... כאַ־כאַ־כאַ! ראָזע פּלעצל... כאַ־כאַ־כאַ! אַן אָפּגעריסענער נאַר — כאַ־כאַ־כאַ! ראָזע פּלעצל! כאַ־כאַ־כאַ!

— אָבער לאָז שוין זײַן גענוג, איך בעט דיך, אַריע־לייב, לאָז שוין זײַן גענוג צו לאַכן!..

— אוי, איך קען ניט. כאַ־כאַ־כאַ! איך קען ניט!.. לאָז מיך זיך אויסלאַכן... כאַ־כאַ־כאַ! האָב קיין פאַריבל... כאַ־כאַ־כאַ! איך קען ניט! כאַ־כאַ־כאַ! ראָזע פּלע... ראָזע פּלעצל!.. כאַ־כאַ־כאַ! כאַ־כאַ־כאַ! אוי! אוי! אוי! גענוג, גענוג, גענוג! צײַט שלאָפן. כאַ־כאַ־כאַ! אַזוי.

— נו, אַ גוטע נאַכט, כאַ־כאַ־כאַ! אַ גוטע נאַכט! שוין באַלד טאָג — כאַ־כאַ־כאַ! אַ גוטע נאַכט!

— אַ גוטע נאַכט.

— שלאָף געזונט.

— שלאָף געזונט.

מײַן אַריע־לייב דעקט זיך איבער מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ; ער מאַכט זיך, אַז ער שלאָפט; נאָר איך הער גאַנץ גוט, אַז ער שטיקט זיך פאַר געלעכטער... איך הייב שוין אָן ווערן ברוגעז דערפאַר: עס שטייט מיר ניט אָן, וואָס מע לאַכט פון מיר, האָגאָט איך פאַרשטיי אַליין אויך גאַנץ גוט, אַז עס איז דאָ וואָס צו לאַכן... נאָר ווער וויל דאָס, אַז מע זאָל לאַכן פון אים? מיר זענען טאָמיד גערן צו לאַכן, נאָר פון יענעם, — ניט פון זיך...

## II. מײַן שוועסטער — אַריע־לייב

וויאָ־וויאָ־וויאָ! וויאָ־וויאָ־וויאָ!.. איך כאַפּ זיך אויף; איך עפן אויף די אויגן — וווּ בין איך? מײַנע אויגן פאַלן אָפּן פענצטער, און איך זע פאַר זיך אַ גאַנצן גרויסן הויף, פול מיט וועגן, פעסער, פערד, מענטשן; דער אויסעם אַרבעט, האַרעוועט; מע קאַטשעט פעסער אויף די וועגן און מע טרײַבט די פערד „וויאָ־וויאָ־וויאָ!"... עס ווײַזט אויס, אַז עס איז שוין ניט פרי — און איך ליג נאָך אין בעט, אין די בענקלעך — וווּ בין איך? אַ קליין צימערל, אַ פּאָשעט ביידערל, נאָר ריין, ציכטיק, גינגאָלד, אַ טישל, צוויי בענקלעך, אַ שפּיגעלע, אַ גרין קעסטל, אַ האַנטעכל, אַ בערשטל — און אַן עק. איך באַטראַכט זיך, איך וויל זיך דערמאָנען, וווּ בין איך, ווי קום איך אַהער, פונוואַנען, וווּ אַרום און ווען? — קאָן זיך בעשום־אויפן נישט דערמאָנען. באַ מיר צופוסנס, אָפּן עק בעטל ליגט אַ גאַנצער נאַר־דעראָב: אַ קאָסטיום, אַ קאַפּעליושל און אַ פּאָר שטיוועלעך, שפּאָגל־

נײַע שטיװעלעכ... איכ כאפ זיכ אופ געשװינד, איכ װאש זיכ ארומ און טו זיכ אָנ, איכ ציִ ארופ די נײַע שטיװעלעכ; איכ הײב אָנ צו גײנ — ניט גײנ — שפּרינגענ, טאנצנ, עס הײבט מיכ אינדערלופטנ; איכ קאָנ ניט זיצנ אָדער שטײנ אפ אײנ אָרט; איכ מוז ארומלויפנ, ארומטאנצנ איבער דעמ צימער; עס גלוסט זיכ מיר זינגענ, פײַפנ, טאנצנ. איכ װיל שוינ מער ניט קלערנ, װוּ איכ בינ; איכ לויפ צו צומ שפּיגל — איכ קאָנ זיכ נישט דערקענענ אינ מײַנ נײַעמ אָנצוג און איבערהויפּט דער שניפּס, א בלויער שניפּס מיט רויטע פּינטעלעכ, מיט גרינע עקנ און מיט געלע קעסטעלעכ — א זעלטענער שניפּס! נאָר די שטיװעלעכ, די שטיװעלעכ לאָזנ מיכ נישט רוענ; זײ טראָגנ מיכ װײַטער, און איכ לויפ צומ טיש; אפנ טיש ליגט א באַשריבענער בויגנ פּאפּיר און נעבנ פּאפּיר — א זײגער; אינ גאָטעס װילנ! דאָס איז דאָכ מײַנ זײגער, מײַנ מעכוטנ רעב יעהודע־יודלס מאטאָנע!..

מײַנע אויגנ פאלנ אפנ פּאפּיר, און איכ לײענ איבער פאָלגנדעס:

„6 אזײגער פרימאָרגנ. דו שלאָפסט געשמאק. איכ גײ אַװעק אפ א פּאָר שאָ. שלאָפ געזונט. — א ר י ע ־ ל ײ ב“.

„זײגער 7. דו שלאָפסט נאָכ אלץ? איכ האָב, דאנקענ גאָט, גע־קריגנ אלעס, װאָס דו דארפסט. דאכט זיכ, אז די שטיװעלעכ דארפנ זײַנ גוט אפ דײַנ פוס. געדענקסט מײַנע ענגע שטיװעלעכ אינ טע־אטער?.. שפּעטער מיט א שאָ װעל איכ קומענ, װעט זײַנ פּארטיק טײ, שלאָפ מיר געזונט. — א ר י ע ־ ל ײ ב“.

„9 אזײגער. אָהאָ, דו שלאָפסט נאָכ? זײער רעכט: איכ װעל נאָכ א לויפ טאָנ אינ מארק ארײַנ — איכ דארפ נײטיק־נײטיק! אז דו װעסט זיכ אופכאפּנ, װארט צו א ביסל אפ מיר, טו זיכ אָנ; אָט דאָ שטײט װאסער און אלעס, װאָס דו דארפסט; טײ װעלנ מיר צוזאמענ טרינקענ. שלאָפ געזונט און זײַ געזונט, מײַנ טײַערער כאװער! אכ, װוּ ביסטו געװענ ביז אהער? זאָלסט װיסנ, װאָס איכ האָב אפ זיכ געהאט, װאָס איכ האָב איבערגעטראָגנ... נאָר מיר װעלנ זיכ נאָכ אָנרעדנ, אָ! מיר װעלנ זיכ נאָכ אָנרעדנ!.. א ר י ע ־ ל ײ ב“.

„10 אזײגער! ע, ברודער! דו מעגסט זיכ טאקע אָפּגעבנ קאָנ־צערט אפ שלאָפנ! קומ־קומ מיט צאָרעס אויסגעקויפט דײַנ זײגער! אָ! פּראָצענטניקעס! אָ, ראָסטאָװשטשיקעס! פּיאַװקעס! װאמפּירנ!.. דאָס הארצ רײַסט מיר! שטעל דיר פאָר, פאר די זעקס קערבלעכ, װאָס דו האָסט אפ אימ געליִענ, האָב איכ אנידערגעלײגט — טרעפ װיפל?.. אָ, ראָצכימ, גאזלאָנימ! זאָלסט אָבער זענ, װאָס פאר א קרומ פּאָנעמ ער האָט מיר געמאכט, אָט דער צװויאַק, דער כאָסיד,

א מיסע־מעשונע זאָל קומען אף זיי אלע! צום ערשטן, האָט ער זיך פאַרקרימט און זאָגט, אז ער ווייסט ניט, ער געדענקט ניט, וואָס פאַר א זייגער, ווער זייגער, וואָס זייגער? און אז איך האָב אים באַוויזן דאָס קוויטעלע, האָט ער ארויסגעשלעפּט א גראָבן, א פעטן בוך און מיט א טיפן זיפץ האָט ער מיר אָביאַווועט, אז דער זייגער איז ווירקלעך דאָ, און עס קומט אף אים „שוין מיט איסקע און מיט הויצאָעס און מיט מיט מיט אלעס" עלף מיט א האַלב קערבל... קאָנסט זיך פאָרשטעלן, ווי עס האָט מיך אופּגעטראָגן, איך האָב זיך צעשריגן אף קוילעס, אז עס איז נאָך אזא ראַזבאָי ניט געהערט געוואָרן אדיג. און האָב מיט אים געמאַכט א גאַנצן וויקועך וועגן פּראָצענט, אזוי. דערויף האָט ער מיר געענטפערט, אז, ערשטנס, איז היינט ביטערע יאָרן און די פּאַרנאָסע איז זייער געשלאָגן און דער ייִד ליגט אין דער ערד, און, צווייטנס, איז ניט אזא אומגליק כאָס־וועשאָלעם, אז א שייגעץ, וואָס דאַוונט ניט און וואַשט זיך ניט, איז ניט קראַנק אָפּצוצאָלן אַן איבעריק קערבל פאַר די דאָזיקע יונגעלייט, וואָס זיצן און לערנען און דינען גאָט... דאָ האָב איך זיך שוין ניט געקאָנט איינהאַלטן און האָב אים אויסגעלייענט א גאַנצע לאַנגע דראָשע וועגן דעם פאַנאַטיזמוס און וועגן אַלעס; איך האָב זיך אזוי שטאַרק צעפלאַמט, אז איך האָב גאָר ניט באַמערקט, ווי ער איז אונטערגעשפּרונגען צו מיר און האָט מיר אָפּגעשמעקט צוויי קלינגענדיקע פּלאַם־פייערדיקע פּעטש... דאָס איבעריקע וויל איך דיר שוין גאָר ניט באַשרייבן; דער זייגער איז דאָ — און מער וויל איך נישט! ווי געפעלט דיר עפּעס דער שניפּס? אין א האַלבער שאָ קום איך צוריק. — אריע־לייב".

„11 אזייגער!! עס ווייזט אויס, אז דו ביסט שוין פון א יאָר צייט נישט געשלאָפן; איך וויל דיך ניט וועקן; איך זע אף דיין פּנעם, אז דו ביסט פאַרטיפט אין זיסע גילדענע כאַלוימעס; מע מעג דיך מעקאַנע זיין; טיי, אָנבייסן איז שוין לאַנג פאַרטיק; אז דו וועסט אופשטיין און וועסט זיך אָנטאָן, זאָלסטו אריינגיין אין דעם צווייטן צימער אין דער לינקער האַנט; דאָרט איז די סטאָלאָווע, וועסטו זיך פאָרשטעלן דער באַלעבאָסטע, די מאַדאַם פיינפליגלגאָלד; זי וועט דיר שאַפן טיי און אָנבייסן; די מאַדאַם פיינפליגלגאָלד איז א זעלטענע זעלע, דער הער פיינפליגלגאָלד איז אויך א זעלטענער מאַן, און זייער טאָכטער, די מאַמזעל פיינפליגלגאָלד, איז א זעלטן, א זעלטן קינד! אף אירע הענט איז די גאַנצע ווירטשאַפט. אַלע קינדער, און זי, די מאַמזעל פיינפליגלגאָלד, איז דער פאָטער און די מוטער פון

דער גאנצער סעמיסטווע... זאָלסט זיך ניט שעמענ מיט זיי; זיי זשטעוב נאָר מיט די מאניערנ אריסטאָקראטנ; אייגנטלעך זענענ זיי פּאָשעטע מענטשנ, גוטע, פרײַנטלעכע לײַט אונ האָבנ ליב געסט. יאָ, שיר־שיר ניט פארגעסנ דיר אָנצוזאָגנ, אז די מאדאם פּײַנפליגל־גאָלד האָט ליב צו שפּרעכנ דײַטש אונ באנוצנ די צוויי ווערטער „אלזאָ" אונ „רעשפּעקט" אפ יעדנ טריט, ווי מע דארפ ניט — זאָלסטו זיך אײַנהאלטנ אונ נישט לאכנ... איך וועל קומענ זייגער 2 באטאָג. — אריע-לייב".

## III. נײַע באקאנטשאפט, נײַע פּערזאָנענ, נײַע בילדער

— אלזאָ, מײַנ ליבער הער, ביטע צומ טיש, רעשפּעקט, טיי טרינקענ, אָדער קאפע... ווי האָבנ זיי, רעשפּעקט, די נאכט פאר־בראכט? צומ בעסטנ? עס פרייט מיך, עס פרייט מיך! אניוטא! לאָז מענ געבנ אָנבײַסנ. אלזאָ, נעמענ זיי פּלאץ, מײַנ ליבער הער!

די מאדאם פּײַנפליגלגאָלד איז בעעמעס א זעלטענע זעל; זי נעמט מיך אופ מיט דעמ שענסטנ קאָווער, גלײַך ווי א גרויסארטיקנ גאסט, אָדער ווי אנ אלטנ גוטנ־פרײַנט; זי קוקט מיר גלײַך אינ די אויגנ ארײַנ; זי קלײַבט פונ מיר נאכעס; זי האָט ווירקלעך פארגע־ניגנ, אז איך נעמ נאָך אונ נאָך אינ מויל ארײַנ, זי איז מיט מיר זייער פרײַנטלעך, עפּנטלעך אונ באשיט מיך מיט טויזנטער פראגנ אונווארט ניט, ביז איך וועל איר ענטפער געבנ, אונ רעדט ווײַטער; לאכנ אונ וויינענ, זיפצנ אונ פריילעכ זײַנ, שמייכלענ אונ גלאָצנ די אויגנ צו דער סטעליע, — דאָס אלעס קומט פאָר בא איר צו־זאמענ; אינ א פארלויפ פונ 2 שאָ האָט זי מיר אויסדערציילט קי־מאט אלעס, וואָס מיט איר האָט זיך פאסירט, זינט זי איז צו איר סייכל געקומענ ביז הײַנטיקנ פרימאָרגנ; א מאָל צענ האָט זי מיך אופמערקזאמ געמאכט, אז איך זאָל נישט קוקנ דערופ, וואָס זי איז איצט אינ אזא טרויעריקער לאגע; דערינענ זענענ שולדיק אייניקע שלעכטע מענטשנ, פארדאָרבענע מערדער, וועלכע האָבנ אזוי אומענטשלעכ באטריבט איר ליבסטנ אונ בעסטנ פרײַנט, איר אָרנטלעכסטנ מאנ, דעמ הער יאקובי פּײַנפליגלגאָלד, וועלכער האָט זיך אינגאנצנ איבערגעגעבנ אינ די הענט פונ אייניקע שלעכטע מענטשנ, פארדאָרבענע מערדער, אונ איבערהויפּט דער פארפלוכטער איינדעלמאנ; נאָר צו גאָט א האָפענונג, ער, יאקובי פּײַנפליגלגאָלד, וועט זיך נאָך מיט זיי אָפּרעכענענ אונ וועט נאָך

אומקערנ צוריק מיט פראַצענט דעמ קאַפּיטאַל, וואָס ער האָט דורכ זיי פאַרלאָרנ, אונ דענסטמאָל וועט זי, די מאַדאַמ פײַנפּליגלגאָלד, זײַנ די זעלבע, וואָס איז געווענ אַמאָל, צוריק מיט צוואַנציק יאָר, ווענ די פײַנסטע, גרעסטע, אָרדנטלעכסטע לײַט, פּאָמעשטשיקעס אונ גענעראַלנ האָבנ געהאַט אַנ ערע מיט איר צו רעדנ, אַזוי אַז בײַ דעמ גרויסנ פּאָדריאַטשיק פײַלנבויגנ אויפ דער כאַסענע איז זי געווענ קימאַט די ערשטע, מיט וועלכער דער הער פײַלנבויגנ האָט געטאַנצט, אונ די מאַדאַמ פײַלנבויגנ, רעשפּעקט, איז געגאַנגענ געאַרעמט, ווי מיט אַ שוועסטער. ניט ווי אַצינד, אַז איר בעסטער פרײַנט, איר אָרדנטלעכסטער מאַנ יאַקובי איז געקומענ צומ הער פײַלנבויגנ, רעשפּעקט, אַז ער זאָל אימ שטיצנ, מיט וואָס ער קענ, האָט ער אימ, רעשפּעקט, גאָר ניט דערקאָנט אונ האָט שוינ פאַרגעסנ, אַז עס איז דאָ אויפ דער וועלט אַ הער יאַקובי פײַנפּליגלגאָלד, וועלכער אַזוי... בײַ די דאָזיקע ווערטער טראָגט זי צו אַ קלאָר טיכעלע צו די באַנעצטע אויגנ, אונ די רעגע ווערט זי ווידער פריילעכ, אַזוי אַז אויפ איר קלאָרווײַס געזיכט איז שוינ שווער צו דערקענענ, אַז אינ שטוב פײַפט דער דאַלעס, ניט אויסגערעדט זאָל זײַנ, אונ אַ האַלב טוץ קינדערלעכ, איינס קלענער פונ דעמ אַנדערנ, דרייענ זיכ אַרומ מיט שטיקלעכ ברויט אינ די הענט, זייער געמיינ, אַפילע גאַנצ ריינ געקליידעט, אונ אינ שטוב, קימאַט אינ יעדנ ווינקעלע שווישטשעט דער קאַפּצנ אַזוי שטאַרק, אַז די אַלטע שפּיגלענ, די אָפּגעקראָכענע סאַמעטענע דיוואַנעס אונ פאָטעלנ, די הויכע קרישטאָלענע לײַכטער אונ לאָמפּנ אָנ העלדזלעכ אונ אָנ פיסלעכ, די עטלעכע אָפּגעריבענע אָלעאָגראַפישע קאַרטינעס אונ לאַנדשאַפטנ שרײַענ אויפ שרעקלעכע קולעס: דאַלעס! אונ אויפנ טיש שטייט אַ גאַנצ גרויסע טאַצ מיט אַ קלאָרווײַס טישטעכל אונ צוזאַמענ מיט דער קאַווע אונ מיט די זיסע קיכלעכ שרײַענ זיי: דאַלעס! דאַלעס!! אַפילע דאָס דינסטמיידל, מיט אַ ראָזע־קוסייענ קלייד אונ מיט אַ שיינ ליכטיק געזיכט פונ אַ גוויריש מיידל, וועלכע געדענקט נאָכ געווינ דעמ רײַכטומ פונ דעמ הער פײַנפּליגלגאָלד, זאָגט אויכ אייִדעס, אַז דער דאַלעס איז דאָ; אונ אירע טונקעלע אויגנ, איר בלאַס געזיכט, אירע צעריסענע אונ פאַרלאַטעטע אַרבל אונ די קינדערלעכ מיט די אויסגעדרייטע שטיוועלעכ אונ מיט די איבערהגענייטע קליידעלעכ אונ מיט די בלאַסע, אויסגעדאַרטע פּענעמלעכ שרײַענ אַלע מיט איינ קאָל: דאַלעס! דאַלעס! דאַלעס!!!.. נאָר ניט אויפ דער מאַדאַמ פײַנפּליגלגאָלד זעט מענ דאָס אָנ; זי ווישט אָפּ די טרערנ פונ די אויגנ, אונ דאָס געזיכט

אירם איז ווידער פריילעכ, ווידער ליכטיק, ווײַס, וויזכ; גרויסע גרויע אויגנ, רויטע ברעמענ, רויטע האָר, א דרײַגאָרנדיקער האלדז, אנ אופגעבלאָזענע האנט, ווי די קישעלעכ, אונ א געשטאלט מיט פול גאדלעס, א גרעפנ, א קייסערנ! זיצנדיק אָדער האלב־ליגנדיק אינ א ווייכנ פאָטעל, גיט זי ארויס „פריקאזאניעס”, אונ די גאנצע ווירטשאפט ליגט אפ אניוטאס האלדז... אניוטא!.. וואָס איז דאָס פאר א מעדכענ? מע הערט פונ איר קיינ וואָרט; זי רוט ניט, זי טוט, זי דרייט זיכ ארום; אָט זיצט זי אונ נייט; אָט פרעסט זי גרעט; אָט טיילט זי ארויס עסנווארג; אָט לויפט זי אוועק אינ קיכ ארײַנ; אָט איז זי דאָ; אָט איז זי דאָרט! אונ דאָס אלעס שטיל, פײַנ, אָנ א ליארעם, אָנ ווערטער; די ליפנ צונויפגעשלאָסנ, די אויגנ — טיפע, שווארצע, שיינע אויגנ — זענענ איבערגעדעקט מיט לאנגע שווארצע ברעמענ, אונ די קליינע ווײַסע הענטלעכ טאָמיד פארנומענ; די גאנצע בעווורע קליינע קינדער דרייענ זיכ ארום איר מער, א סאכ מער ווי ארום דער מוטער, אונ יעדער קוקט אפ איר מיט גרויס אכטונג. אפילע די מאדאם פײַנפליגלגאָלד, וועלכע שאפט זיכ מיט איר יעדע רעגע, ווי מיט א דינסטמיידל, קוקט אויכ אפ איר מיט אכטונג, ווי אפ עלטערס אונ העכערס פונ זיכ... נאָר מיט אניוטענ וועלנ מיר האָבנ די געלעגנהײַט שפּעטער זיכ צו באַקענענ, אונ עפשער נאָכ גאנצ נאָענט... אונ דער לעזער, וועלכער איז שוינ א ביסל באקאַנט מיט מײַנ כאראקטער, וועט געוויס קיינ טאָעס נישט האָבנ, אויב עס וועט אימ דורכלויפנ א הירהור, א מאכשאָוועלע, אז דער ערשטער ליכטיקער קוק פונ אניוטעס זעלטענע אויגנ האָט אינ איינ אויגנבליק אָנגעצונדנ א העליש פײַער אינ מײַנ הארצנ, — אינ מײַנעמ הארצנ, וועלכעס איז גרייט ליב צו קריגנ אלעס, וואָס איז שיינ אונ גוט אונ ליכטיק אפ דער וועלט...

— אליזאָ, מײַנ ליבער הער, אָט גייט מײַנ בעסטער פרײַנט, מײַנ אָרדנטלעכסטער מאנ, מײַנ טײַערער יאקובי, מיט וועלכנ איכ וועל אײַכ, רעשפּעקט, באקאַנט מאכנ, אליזאָ...

די מאדאמ פײַנפליגלגאָלד האָט ניט אוספייעט ענדיקנ איר רעקאָמענדאַציע, אונ אפ דער שוועל האָט זיכ באוויזנ א דינע, א לאנגע פיגורע, מיט אנ אלטנ צילינדער־הוט, מיט בלויע ברילנ, מיט א לאנג שווארצ בערדעלע, מיט א שטעקעלע אינ איינ האנט אונ מיט א גרויסנ פאָרטפעל פונ פאפירנ אינ דער אנדערער האנט, אײַנגעצויגנ אינ א לאנגנ שמאָלנ ראָק, פארשפּיליעט פונ אויבנ ביז אראָפּ, מיט א קלאָר ווײַסעס העמד, מיט גלאנצנדיקע אויסגעריבענע ארבל אונ מיט לאנגע

שפּיציקע שטיוול, אַף וועלכע דער קאַפּצן האָט זיך צעליגט ווי באַם טאַטן אין ווײַנגאָרטן... נאָר דער הער פֿײַנפֿליגלגאָלד פֿאַרדינט אַ באַזונדער קאַפּיטל.

## IV. דער הער פֿײַנפֿליגלגאָלד און זײַנע פּאַפּירן

די ערשטע עטלעכע מינוט פֿון אונדזער באַקאַנען זיך איז אַוועקגעגאַנגען אַף דער זעלטענער צערעמאָניע, וואָס דער הער פֿײַנפֿליגלגאָלד איז געשטאַנען אַקעגן מיר און האָט זיך געבויגן, קוקנדיק מיט די בלויע ברילן צו זיך אַף די שפּיץ שטיוול, און איך האָב אים געענטפֿערט דאָס זעלבע, דהי. אַ קליינע ווײַלע זענען מיר געשטאַנען איינס אַקעגן דעם אַנדערן און האָבן זיך געשאָקלט, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז די מאַדאַם פֿײַנפֿליגלגאָלד האָט „געשאַפֿט“, אַז דער הער יאַקובי זאָל מיך אײַנלאַדן צו זיך אין „קאַבינעט“ אַרײַן. דענסטמאָל האָט ערשט דער הער יאַקובי אַוועקגעשטעלט דאָס שטעקעלע אין אַ זײַט, אַראָפּגענומען דעם צילינדער־הוט, אונטער וועלכן עס האָט זיך באַוויזן אַ גאַנץ גרויסע און אַ גלאַטע ליסענע איבער דעם גאַנצן קאָפּ, און אַזוי זענען מיר ביידע אַרײַנגעקומען צום הער יאַקובי אין „קאַבינעט“ אַרײַן, וועלכער איז באַשטאַנען פֿון אַ קליין צימערל מיט פֿיר הוילע נאַקעטע ווענט, מיט אַ טישל און מיט דרײַ צעבראָכענע בענקלעך... דער הער יאַקובי האָט מיך געבעטן זיצן און האָט זיך אַליין אויך געזעצט, נאָר מיט אַ סאַך מער גאַדלעס ווי אַ מיניסטער זעצט זיך בײַ זיך אין „קאַבינעט“... שטיל, אָן ווערטער, האָט ער מיך מעכאַבעד געווען מיט אַ פּאַפּיראָס; שטיל, אָן ווערטער, האָט ער מיר אונטערגעטראָגן אַ שוועבעלע; שטיל, אָן ווערטער, האָט ער מיך באַטראַכט דורך די בלויע ברילן אַ לאַנגע צײַט; — איך האָב גערעכנט, אַז ער איז אַ שטומער... יעדע רגע פּאַפּראַוועט ער דעם קאָלנער, די ברילן, שפּיליעט אַף און פֿאַרשפּיליעט דעם אײַנגעצויגענעם ראָק און ציט אויס דעם האַלדז, דעם דינעם לאַנגן האַלדז, און ווידער דעם קאָלנער, ווידער די ברילן, ווידער דעם ראָק אַזוי. אַזוי. — ניטאָ קיין ווערטער, ניטאָ קיין לאָשן!

— דאָס וועטער איז אַצינד זייער אָנגענעם, — האָב איך מיך געווענדט צו אים, ביכדיי צו מאַכן עפּעס אַ שמועס.

דערויף האָט ער מיר אָבער נאָך אַ מאָל געטאָן מיט דעם קאָפּ, צעשפּיליעט און פֿאַרשפּיליעט דעם ראָק, צורעכט געמאַכט די ברילן אַף דער נאָז, און מער נישט. איך האָב אים פֿאַרגעלייגט נאָך אייניקע

פראגנ, אפ וועלכע איכ האָב פונ אימ באקומענ קורצע ענטפערנ דורכ א שאָקל מיטנ קאָפּ: „יאָ" אָדער „נייג".

— אײַער פרוי, די מאדאמ פײַנפליגלגאָלד, האָט מיר דערציילט, אז איר פירט א פראָצעס מיט דעמ הער... הער?.. איכ האָב שוינ פארגעסנ זײַנ נאָמענ... יאָ, שווינדלמאנ! ווער איז ער, דער הער שווינדלמאנ?..

בא די דאָזיקע ווערטער האָט זיכ דער הער יאקובי אופגעכאפט פונעמ בענקל אונ איז א פּאָר מאָל איבערגעלאָפנ איבערנ צימער אָנ ווערטער, אינ גרויס באוועגונג; נאָכ דעמ האָט ער זיכ אנידערגעשטעלט אקעגנ מיר שטרענג, צורעכט געמאכט די ברילנ אפ דער נאָז, גוט אײַנגעשפיליעט דעמ ראָק אונ האָט זיכ געווענדט צו מיר בייז, מיט קאָס:

— הא?? וואָס?! איר פרעגט, ווער איז דער „הער" (מיט א קוועטש אפ דעמ וואָרט „הער") שווינדלמאנ? איכ פרעג אײַכ, ווער ווייסט ניט, ווער קאָנ ניט, ווער האָט ניט געהערט דעמ דאָזיקנ פארפלוכטנ, נידעריקנ, דעמ דאָזיקנ... נאָמענ? פאָרט אויס די גאנצע וועלט פונ איינ עק ביז דעמ אנדערנ עק אונ פרעגט א מינדסט קינד, ווער איז דער דאָזיקער פארדאָרבענער מאנ, דער דאָזיקער בלוטזויגער, מענטשנפרעסער, וועלכער האָט אזוי אומענטשלעכ באטריבט דעמ אָרדנטלעכנ אונ ערלעכנ יאקובי פײַנפליגלגאָלד? — ווערט דאָס אײַכ מיט די פינגער אָנווײַזנ אפ דעמ דאָזיקנ דרײַגאָרנדיקנ מויער — איר זעט צי נייג? — אנ־אנ־אָנ א גרויסער מויער מיט ביימער בא דער זײַט (ער האָט מיכ אָנגעכאפּט בא דער האנט אונ צוגעשלעפט צומ פענצטער), איר זעט צי נייג? פונ וואָס, רעכנט איר, איז ער געמאכט, דער דאָזיקער גרויסער מויער? פונ ציגל? פונ שטיינער? איר האָט א גאנצ גרויסנ טאָעס, ליבער פרײַנט! פונ פלייש, פונ בלוט, פונ ביינער! פונ מײַנ פלייש, מײַנ בלוט, מײַנע ביינער — דאָס זעט איר מײַנס, דאָס זעט איר מיכ, מיכ, ניט קיינ מויער! דאָס איז איכ מיט מײַנ בלוט אונ פלייש! דאָס האָט ער מיכ צעשניטנ אפ שטיקלעכ אונ האָט געשטעלט א גרויסנ, א רײַכנ דרײַגאָרנדיקנ מויער! איז דענ א מעגלעכע זאכ, קענ עס דענ געמאָלט זײַנ, אז איר האָט נאָכ ביז יעצטיקנ מאָמענט ניט געהערט פונעמ גרויסנ מאנופאקטור־געשעפט, פונ דעמ געוויסנ שוטפעמ פײַנפליגלגאָלד עט שווינדלמאנ? איר קענט נאָכ אצינד אויכ זענ די גרויסע טאבליצע מיט די גילדענע אויסיעס: „מאנופאקטור דעפּאָ שווינדלמאנ"... וועלכעס עס ווערט, מיט גאָטס הילפ, אינגיכנ פארביטנ ווערנ אפ דעמ פריערדיקנ פײַנעמ נאָמענ „פײַנפליגלגאָלד". עס מוז האָבנ א ביסעלע געדולד, א קליינע ווײַלע, ביז איכ וועל אויסכלאָפּאָטשענ נאָכ

איינ פּאפּירעלע פונ „פּראַוויטעלסטווּיעשטשי סענאַט”, איינ־אונ־איינ־ציק פּאפּירעלע, וועלכעס גייט מיר נאָכ אָפּ אונ וועלכעס איכ וועל, מיט גאָטס הילפ, אינגיכנ באַקומענ, אַזוי ווי איכ האָב באַקומענ אָט די דאָזיקע אַלע פּאַפּירנ, וואָס איר זעט אָט דאָ בא מיר אינ פּאָרט־פעל — זעט איר?..

אונ דער הער יאַקובי האָט אופגעשלאָסנ א גרויסנ פּאָרטפעל אונ האָט גענומענ שלעפּנ פונ דאָרטנ איינ פּאַפּיר נאָכ דעמ אַנדערנ, וועלכע ער האָט צענומענ אונ אויסגעגלעט מיט ציטערנדיקע הענט, אונ האָט גענומענ צו לייענענ זיי פונ טאָוול ביז טאָוול, וואָרט בא וואָרט:

„טיסיאַטשא וואָסיעמסאָט סעמדיעסיאַט סיעדמאָהאָ גאָדא פעוור־ראַליאַ דוואַרצאַט פּיאַטאָוואָ דניאַ דאַנאָ סיע זאַ נאַדליעזשאַשטשימ פּאָדפּיסיאָמ אי פּרילאָזשעניעמ קאַזיאָנאָי פּעטשאַטי אַזוו. אַזוו.”...

איבערלייענענדיק די ערשטע 5 בויגנ, האָט ער זיכ געווענדט צו מיר שוינ מיט א פרייליכער מינע, מיט פאַרפלאַמטע באַקנ (אונ די ברילנ האָבנ זיכ אימ אַרופגערוקט אָפּ דעמ שטערנ):

— נו, וואָס וועט איר עפּעס זאָגנ אַצינד? ווער ווייס, נאָכ אײַער מיינונג, זײַנ באַלעבאָס אָפּ דעמ דאָזיקנ גרויסנ מויער מיט דעמ מאַנו־פאַקטור־געשעפט? שווינדלמאַנ צי פײַנפּליגלגאָלד?.. איר שווײַגט? איר צווייפלט זיכ? זעט זשע ווײַטער אינ אָט די עטלעכע פּאַפּירנ, וועט אײַכ שוינ אַלעס פאַרענטפערט ווערנ, אונ עס וועט אײַכ שוינ זײַנ קלאָר, ווי דער טאָג, איבער וואָס עס האָט זיכ ביז אַהער א ביסל זאַמעדליוועט. — אונ ער האָט ווידער גענומענ לייענענ:—„טיסיאַטשא וואָסיעמסאָט סיעמדיעסיאַט דיעוויאַטאָהאָ גאָדא דעקאַבריא דוואַדצאַט וואָסמאָוואָ דניאַ דאַנאָ סיע זאַ נאַדלעזשאַשטשימ פּאָדפּיסיאָמ אי פּרילאָזשעניעמ קאַזיאָנאָי פּעטשאַטי אַזוו...”

א קאַלטער שווייס האָט מיכ באַשלאָגנ, אונ איכ ווייס ניט וואָס צו טאָנ; אַוועקגיינ איז אומעגלעכ, מאַכמעס ער האַלט מיכ צו בא דער האַנט, אונ קימאַט נאָכ יעדער פראַזע קוקט ער מיר אינ די אויגנ אַרײַנ, וואָס פאַר אַנ אײַנדרוק עס מאַכנ אָפּ מיר די פּאַפּירנ. איכ וויל אימ איבערשלאָגנ אונ פאַרעדנ מיט עפּעס אַנדערש, לאָזט ער מיכ קיינ וואָרט נישט אויסרעדנ אונ זאָגט צו מיר:

— איכ ווייס, איכ ווייס; איר ווילט מיר ווײַזנ, אַז עס איז דאָ א „יעזשלי” אינ דעמ? איכ ווייס, איכ ווייס! הערט ווײַטער, וועט אײַכ שוינ אַלעס זײַנ פאַרענטפערט. — אונ ער לייענט ווײַטער! איכ וויש מיט דער פּאָלע דעמ שטערנ; עס איז מיר שרעקלעכ הייס; איכ בינ טויט־הונגעריק; עס קלעמט מיר דאָס האַרצ; עס ציטערנ מיר די הענט;

איכ הויב זיכ ביסלעכווײַז פונעמ אָרט, נאָר דער הער יאקובי האלט מיכ צו בא דער האנט אונ לײענט מיר אײנ פאפיר נאָכ דעמ אנדערנ אונ פארטײַטשט מיר יעדעס אָרט, וואָס עס ווײַזט זיכ אימ אויס, אז עס איז מיר ניט פארשטענדלעכ, אונ לײגט מיר פאָר פארשײדענע פראָיעקטנ, ער מאכט מיר אלערלײ כעשבוינעס, אונ גיט מיר צו פארשטײנ, וואָס באטײַט דאָס מאנופאקטור־געשעפט, אפ וואָס פאר א שטאנד עס איז געווענ אמאָל אונ אינ וואָסער לאגע עס געפינט זיכ אצינד אונ וואָס קאָנ מענ פונ דעמ האָפנ אינ דער צוקונפט אזוי. אזוי... איכ פיל, אז עס ווערט מיר עפעס שלעכט, ווי אפ צו כאלעשנ, אונ דאָס טישל מיט די בענקלעכ מיט דעמ הער יאקובי צוזאמענ הײבנ זיכ אָנ צו דרײענ אונ טאנצנ אונ... עפנט זיכ די טיר אונ עס גײט ארײַנ אריע־לײב...

— א? איר רעדט נאָכ? שוינ צײַט עסנ — קומ!

קוימ־קוימ וואָס איכ פלאָנטע מיט די פיס; איכ קענ קײנ וואָרט ניט אויסרעדנ; איכ מוז זיכ א ביסל צולײגנ.

— וואָס הײסט דאָס? אריע־לײב! וואָס איז דאָס פאר א מינ יאקובי פײַנפליגלגאָלד? ער איז דאָכ א מעשוגענער!!

— כא־כא־כא! א מעשוגענער? ער איז דאָכ א זעלטענער מענטש, נאָר אײנער! דו קאָנסט אימ ניט; וועסט זיכ מיט אימ באקענענ אונ אײַנגעוווינט ווערנ, וועסטו אימ ליב קריגנ, אזוי ווי איכ. ער איז א ביסל א „טשודאק”, נישט מער; ער איז אנ אומגליקלעכער, א באטריבטער מענטש, נאָר אנ אָרנטלעכער, אנ ערלעכער אונ א גוטער, וואָס מע קריגט דאָס נישט — א זעלטענער מענטש, נאָר אײנער! ווענ ניט ער, וואָלט איכ אצינד אָנגעשפארט דער רועכ ווײסט ווו... איכ האָב נאָר פארגעסנ דיר אָנזאָגנ, אז דו זאָלסט פאר אימ נישט דערמאָנענ דעמ נאָמענ „מאנופאקטור” אונ „שווינדלמאנ” — כא־כא־כא! קומ שוינ עסנ, קומ!...

## V. אריע־לײבס טאָגביכל

— נו, ברודער, איכ האָב קײנ צײַט נישט, איכ דארפ גײנ אפ דער ארבעט; ווילסטו — לײג זיכ צו שלאָפנ; ווילסטו — נא דיר די שליסל פונ מײַנ קעסטל, נעמ דיר ארויס ביכער אונ לײענ דיר. א גוטנ טאָג; זײַ געזונט, אָוונט־צײַט וועל איכ קומענ, וועלנ מיר שוינ רעדנ — אדיע!

איבערוואָרפנדיק די ביכער בא מײַנ כאווער אינ קעסטל, האָב איכ

געפונען א קליין גראָב ביכעלע מיט רויטע טאָוולען, אַף וועלכע עס שטייט אויפגעשריבן מיט אריע-לייבס האַנט „Дневник...״ — וואָס איז דאָס פאַר א מין „דניעווניק״? מע דאַרף דאָס באַטראַכטן... איך עפן אויף און זע פיל בלעטער באַשריבן מיט מיין כאַוועריס האַנט־שריפט, וועלכעס איך גיב איבער דעם לעזער וואָרט פאַר וואָרט, באַ־קאַנט צו מאַכן אים מיט דער זעלטענער ביאָגראַפיע פון מיין גע־ליבטן כאַווער אריע-לייב.

5 אַווגוסט ...187 יאָר...

„דאָס וועט זיין מיין „טאָגביכל״, מיין „דניעווניק״ אַף טאָמיד. איך וועל דאָ פאַרשרייבן אַלע ציַיט אַלעס, וואָס מיר וועט פאָרקומען אין מיין לעבן, — איך וועל מיר פירן דעם „דניעווניק״ באַשטענדיק, ביכדיי אַז איך זאָל קענען אַכטונג געבן אַף זיך, איך וועל מיר אַליין פאַר זיך אָפּגעבן דין-וועכעשבן אין יעדן טריט, און דעסגלייכן וועל איך פאַרשרייבן די שלעכטע און די גוטע זייטן פון די אַלע מענטשן, מיט וועלכע עס קומט מיר פאָר צו באַגעגענען זיך אַף דער וועלט. איך וויל זיין ערלעך און נישט גענאַרט, אַזוי ווי מיין לערער, מיין טייערער לע־רער הימלפאַרב לערנט מיך... אַך, וואָס פאַר א זעלטענער מענטש דאָס איז! פיל מענטשן איז דאָ אַזעלכע אַף דער וועלט צי ניין? „קוק אַף זיך מער אַלס אַף יענעם — זאָגט ער מיר — און היט זיך פון א ליגן צו זאָגן״...

6 אַווגוסט...

„אַך, ווי אומגליקלעך זענען מיינע עלטערן! עס גייט זיי ניט... מע האָט אונדז היינט ווידער איבערגעשריבן די בעבעכעס פאַר די אַלטע כויוועס... איך קען נישט איבערטראָגן מיין מוטערס טרערן; נאָר מיין פאָטערס זיפצן איז פאַר מיר פיל ערגער!.. גאָט! ביזוואַנען וועט מען אונדז רוידעפן?״...

8 אַווגוסט...

„מיין מוטער האָט פאַרזעצט אירע פערל אַף צו צאָלן די אַלטע כויוועס... וויפל טרערן! וויפל קלאָלעס! וויפל סצענעס!.. איך האָב איר געזאָגט, אַז איך וועל פאַרקויפן אַלע מיינע ביכער, האָט זי מיך גוט אויסגעשאָלטן מיטן לערער צוזאַמען און האָט מיך אָנגערופן מיט דעם נאָמען „דאַרמאָיעד״... א שיינער נאָמען! נאָר זי איז דען ניט גע־רעכט? איך בין דען ניט קיין „דאַרמאָיעד״... וואָס טו איך? וואָס וועל איך דאָ זיצן? וואָס וועל איך זיך דערלעבן? וואָס וועט זיין פון מיר? מע מוז רעדן מיט הימלפאַרבן!.. איך וועל אים גיכער ענדיקן מיין גרויסן ראָמאַן. אַך, ער זאָל זיך אָפּדרוקן״.

10 אווגוסט.

„הימלפארב זאָגט אויכ, איכ זאָל זיכ אוועקלאָזנ אפּ דער וועלט... איכ וועל איבערעדנ מיט מײַנע עלטערנ...“

11 אווגוסט ..

„איכ האָב נאָר אויסגערעדט דאָס וואָרט „פאָרנ“, האָט מיכ די מאַמע גענומענ פאַטשנ, אזוי לאַנג, ביז דער טאַטע האָט זיכ אײַנגעשטעלט פאַר מיר... מײַנע קלענערע ברידער אונ שוועסטער האָבנ אויפגעהויבנ א יאָמערלעכ געוויינ... עס איז געוואָרנ סדום בא אונדז אינ שטוב... דעמ טאַטנס זיפצנ אונ קרעכצנ טרײַבט מיכ אינ דער ערד ארײַנ... צי האָב איכ דענ דאָס רעכט אוועקצופאָרנ, אוועקוואַרפנ זיי אינ אזא שלעכטער צײַט? וואָס טוט מענ?.. נעכטנ האָב איכ געזאָגט א ליגנ דער מאַמענ, אז איכ דאַוונ מינכע אונ מײַרעוו אלע טאָג... איכ דאַוונ שוינ ניט פונ א צײַט!.. איכ, ליגנער, נאָר אָפּ מײַנע עלטערנ — איז דאָס רעכט אזוי? איכ ווייס ניט, וואָס צו טאָנ?.. מײַנ ראָמאַנ איז שוינ פאַרטיק — וואָס טוט מענ מיט אימ? איכ האָב נאָכ פיל מאַטעריאַל אינ קאָפּ, נאָר איכ קענ ניט שרײַבנ — מע לאָזט מיכ ניט!“

15 אווגוסט ..

„מערדער! מערדער! מערדער!.. מע האָט אײַנגעזעצט מײַנ טײַערנ ליבנ פאָטער אינ אָסטראָג פאַר די כויוועס!.. די מאַמע ליגט צו בעט פאַר צאָרעס: די קינדער גייענ אויס פאַר עסנ... איכ האָב א קוק געטאָנ דעמ טאַטנ אינ פּאָנעמ דאָס לעצטע מאָל, האָט זיכ מיר אָפּגעריסנ אינ הארצנ, אונ עס דאַכט זיכ מיר, אז איכ וועל אימ שוינ מער נישט זענ, קיינמאָל נישט! קיינמאָל נישט!.. איכ האָב אָנגעשריבנ א לאַנגנ שיר דערויפ! די ווערזנ[1] האָבנ זיכ אויסגעגאָסנ פונ מײַנ הארצנ!.. וויאזוי קענ איכ דאָס איבערטראָגנ? נאָר וואָס קענ איכ העלפנ?.. העלפנ?.. עס פאַרשטייט זיכ, אז איכ דאַרפ העלפנ, אונ נישט קיינ אנדערער: איכ בינ דאָכ דער עלטערער זונ! — א! איכ וועל געוויס העלפנ! איכ פיל בעקויעכ צו העלפנ — אז עס וואַקסנ בא מיר פליגל אוועקצופליענ ערגעצ ווײַט־ווײַט אונ פונ דאָרטנ צושיקנ מײַנ הילפ! איכ וועל נישט לאָזנ מײַנ טאַלענט פאַרפאַלנ ווערנ!.. עס שטעלנ זיכ מיר פאָר אזעלכע רײַכע געדאַנקענ, ליכטיקע, פריילעכע געדאַנקענ! עס כאָלעמט זיכ מיר, אז איכ וועל גיכ־גיכ ווערנ רײַכ אונ וועל גליקלעכ מאַכנ מײַנ פאָטער, מײַנ מוטער, מײַנ גאַנצע פאַמיליע!.. מיינ איכ דאָס דענ מיטנ גאַנצנ

---

1 פערזנ.

הארצן? נאר איך זיך נישט אפ?.. ניין! איך מיין דאס ערנסט! איך וויל אזוי!..״

21 אווגוסט ..

,,איך האב נישט געקאנט ביז אהער קיין צוויי ווערטער פאר־שרייבן... דער טאטע זיצט אין טורמע... די מאמע ליגט צו בעט... די קינדער בעטן עסן... און איך זיץ צונויפגעלייגט די הענט און טו גאר־נישט! פארוואס זאל איך ניט ארויסגיין אפן מארק, פארדינגען זיך אפן טאג און ארבעטן און פארדינען אף ברויט די קינדער?.. איך האב דאס געפרווט זאגן דער מאמען, האט זי מיך פארשאלטן און זאגט, אז איך וויל איר דערגיין דעם עק מיט מיינע כעפצ׳עס!.. וואס טוט מען? הימלפארב איז אוועקגעפארן אין אוניווערסיטעט, און איך האב ניט אפילו מיט וועמען אן אייצע צו האלטן... נאר ווען איך זאל טא־קע וועלן מיטן גאנצן הארצן העלפן מיינע עלטערן, וואלט איך זיך שוין לאנג דערשלאגן צו עפעס א ברעג... איך קען נאר א סאך צוזאגן, נאר טאן זייער ווינציק... איך בין א ניקס, א טויגעניכץ, א דארמאיעד, א פאראזיט!..״

18 סעפטעמבער... אין וועג.

,,...ענדלעך האב איך זיך ארויסגעריסן פון דער היים און פאר. — וווהין? וווהין די אויגן טראגן! איך בין עפעס ווי אין א טשאד, און איך ווייס ניט, ווו איך בין אצינד. דאס געזעגענען מיט דער היים האט מיך ביז לעצט צעווייקט און צעבראקלט; איבערהויפט די מאמע מיט אירע טרערן... אך! ווער וואלט זיך דאס געריכט, אז מיין מוטער, וועל־כע האט מיר אין מיין לעבן נאך קיין גוט וואָרט ניט געזאגט, אכוץ פעטש מיט קלאפעס, זאל אזוי יאמערן בא מיין אפפארן פון דער־היים?!.. איך פארצייַ דיר, טייַערע, טייַערע, טייַערע מוטער! זייַ מיר מויכל, אלע מייַנע ליבע, וואס איך ווארף אייַך אוועק אין א ז א בי־טערער לאגע! צוליב אייַך, צוליב אייַך, מייַנע ליבע, מייַנע טייַערע, מייַנע געטרייַע, לאז איך זיך אוועק אף דער וועלט — אדיע! אדיע! אדיע!..״

24 אפרעל ...188 יאר ..

,,מער אלס א האלב יאר האב איך מייַן ,,דניעווניק״ נישט גע־האלטן אין די הענט: איך האב נישט געקאנט. איך האב איבערגע־לעבט זייער פיל צארעס. מייַן פאטער איז געשטארבן... אין טורמע!.. מייַן מוטער איז שלאפ געלעגן 2 כאדאשים... מייַנע 2 קלענערע ברי־דערלעך זענען געשטארבן — פון הונגער, פאשעט פון הונגער און קעלט... א צארן פון גאט האט זיך אויסגעגאסן אף אונדזער גאנצער

סעמיסטווע! אונ איכ? וואָס האָב איכ ביז אהער אוספּייעט? קימאט
גאָרניט! איכ האָב געארבעט אפ א פאבריק־געשעפט, געארבעט מיטנ
בלוטיקנ שווייס, אונ האָב קוימ־קוימ געקאָנט שיקנ מײַנ געטרײַער אונ
טײַערער מוטער 10 רובל א כוידעש... אכ, ווי זיס אונ ווי ליב איז מיר
אָבער געווענ דאָס דאָזיקע פארהאָרעוועטע קערבל, וועלכעס איכ פלעג
יעדנ זונטיק, גלײַכ מיט אלע טשאָרנאָראבאָטשעס, אָפּנעמענ פונ דער
קאָנטאָר! נאָר געהאָרעוועט האָב איכ געטרײַ... אונ יעצט האָט זיכ די
פאבריק פארמאכט, אונ איכ גיי שוינ ווידער ארומ ווי אנ איבעריקער
מענטש אפ דער ערד. וואָס בינ איכ? וואָס פאר א ווערט האָב איכ?
וואָס וועל איכ שרײַבנ מײַנ טײַערער מוטער? איכ האָב זי ביז אהער גע־
נארט: איכ האָב איר געשריבנ, אז איכ דינ אינ א קאָנטאָר; זי ווייסט
ניט, אז איכ האָב געטראָגנ זעק אפ די פּלייצעס אונ... נאָר וואָס מאכט
דאָס מיר אויס, צי זי ווייסט יאָ צי ניינ? אצינד ווייס איכ, אז איכ
האָב בא זיכ אינ בײַטעלע צוויי רובל, אונ וואָס וועל איכ טאָנ, אז איכ
וועל זיי אויפעסנ? איכ האָב נאָכ א שטיקל האָפענונג אפ דער רעדאק־
ציע ,,השחר" 1. איכ האָב בא זיכ אייניקע מײַמאָרימ, שירימ אונ
סיפּורימ (דערציילונגענ). איכ האָב בא זיכ דאָס באשרײַבונג פונ מײַנ
נעסיע מיט מײַנ כאווער דאָס ערשטע מאָל אינ דער גרויסער שטאָט
אונ מײַנ ראָמאנ מיט יעליזאבעטענ... אכ! ווו ביסטו ערגעצ אצינד,
מײַנ טײַערער כאווער? וואָס וואָלסטו געזאָגט, ווענ דו זאָלסט זעג
מײַנ ראָמאנ? וויאזוי וואָלסטו געפאלנ אפ מײַנ האלדז מיט טרערנ
פונ פרייד! דו וואָלסט געוויס מוידע געווענ, אז איכ בינ א זעלטענער
מעכאבער, א געריממטער שרײַבער!.. נאָר וואָס טוט מענ? שיקנ דעמ ראָ־
מאנ אינ ,,המגיד" האָב איכ מוירע: א קאשע — טאָמער ווערט ער
דאָרט פארפאלנ? ניינ! איכ וועל אימ בעסער אָפּשיקנ צו סמאָלענסקינ
קיינ ווינ; ער וועט אימ געוויס אָפּדרוקנ די רעגע אינ ,,השחר" אונ
וועט מיר צושיקנ פאר אימ געלט... וויפל? איכ רעכנ, אז אלע 4 טיילנ
דארפנ פארנעמענ א בויגנ 40; 50 קערבלעכ פאר יעדנ בויגנ איז...
50 מאָל פערציק — איז צוויי טויזנט קערבלעכ!.. אכ! איכ וועל דאָכ
ווערנ א גוויר, אנ אדיר!! וואָס וועט זאָגנ די מאמע? עס גיסנ זיכ מיר
טרערנ פונ דעמ דאָזיקנ געדאנק אליינ!.. מײַנע אלע שירימ וועל איכ
אָפּשיקנ אינ ,,המגיד" ארײַנ אונ וועל אויסבעטנ פאר זיי צו 10 קאָפּי־
קעס פאר א שורע — וועל איכ האָבנ פונ זיי לעערעכ 600 שורעס
צו 10 קאָפּיקעס, איז אפּאָנעמ אזוי גרויס, ווי 60 רובל; גענוג מיר אפ

1 "האשאכאר".

א האלב יאָר צו לעבן: איך דארף נישט קיין סאך; איך דארף נאָר א שטיקל ברויט, א טינט־און־פען און גענוג! מײַנע מײמאָרים... איך האָב 16 גרויסע מײמאָרים און עטלעכע און צוואנציק קלײנע מײמאָרימלעך, רעכן איך זיי צו שיקן אין „המליץ" צו צעדערבוימען, מאכמעם צעדערבוים האלט פון „מײמאָרים"; געוויינלעך, וועט ער באַצאָלן נאָך דער ווערט... דאָס געלט וועל איך אויסגעבן אף ביכער און וועל קענען נאָך עפּעס אָנשרײַבן אין „השחר" ארײַן. איך וויל אצינד אָנשרײַבן א נײַעם ראָמאַן, א טראַגעדיע אונטער דעם נאָמען: „ד ע ר ש ר ע ק ל ע כ ע ר ט ו י ט א י ן ד ע ר ו ו י ס ט ע ר ט ו ר מ ע אָ ד ע ר א ש ר ע ק ל ע כ ע נ ע ק אָ מ ע פ ו ן פ א ר ד אָ ר ב ע נ ע ק ר ע ד י ט אָ ר ן (א ראָמאַן אין 4 טיילן מיט אַן עפּילאָג פארפאסט פון אריע־לייב...)". אַך, מײַן טײַערע ליבע מוטער! דו וועסט פארברענגען דײַנע עלטערע יאָרן אין גליק און אין פריידן! דו וועסט זײַן גליקלעך מיט דײַנע אָרעמע קינדער אף דער עלטער! קוים באקום איך די ערשטע גוטע בריוו פון דער רעדאקציע — אזוי שרײַב איך דיר ארײַן דעם ערשטן פריילעכן בריוו; עס מוז נאָר האָבן א ביסל געדולד, ביז די רעדאקציע זאָל נאָר איבערלייענען מײַנע ערשטע כיבורים און אָפּשאצן מײַן טאַלענט, אזוי ווי הימלפארב האָט אים אָפּגעשאצט... ווו ביסטו ערגעץ אצינד, מײַן טײַערער לערער, הימלפארב? איך האָב פון אים קיין ענטפער אף אלע מײַנע בריוו. — איך קען דאָס נאָר ניט פארשטיין! איך האָב בא זיך א שיר אף אים אונטער דעם נאָמען „צבע־השמים" (הימלפארב).

— הוי, צבע־השמים!
אליך אשפוך לבי כמים!
בך אמצא מקור חיים
— בארץ, ובשמים!..[1]

(אוי, דו הימלפארב, אוי, דו הימלפארב,
איך גיס מײַן הארץ פאר דיר!
איך שטארב, איך שטארב, איך שטארב!
דו ביסט א קוואל פאר מיר!..*

1 הוי, צעווא האשאָמאַיִם! איילאַיך עשפויך ליבי קאמאַיִם!
באָך עמצאָ מעקויר כאַיִם — באָארעץ אוּוואשאָמאַיִם!..

* דער פארפאסער בעט פארצײַונג פון די געערטסטע לעזער, אויב זיי וועלן געפינען, אז דער איבערזעץ הארמאָנירט ניט מיט דעם העברעישן שיר: וואָס קאָן טאָן דער אומגליקלעכער פּאָעט, אז זײַנע ווערטער ווילן ניט קלינגען, כאָטש עס ווילט זיך זינגען?.. (באַם פון־אויט).

1 נײַ ז. 183.

,,דער ערשטער פרילינגס־טאָג! אַכ, ווי גליקלעכ, ווי פריש, ווי פריי־לעכ איכ פיל זיכ אצינד! איכ בינ דאָס ערשטע מאָל ארויסגעגאַנגענ אונטער דער שטאָט... דאָס גרינע גראָז, די בליִענדע ביימער, די וואַרעמע אונ די ליכטיקע זונ, די שמעקנדע אונ די פרישע לופט — מאַכנ אַפ מיר אַזאַ אײַנדרוק, אַז איכ האָב שוינ קימאַט־קימאַט פאַרגעסנ אינ מײַנ ביטערער לאַגע, אינ וועלכער איכ געפינ זיכ אצינד... אונ ווירקלעכ, מײַנ לאַגע איז ניט זייער פריילעכ; טרויעריק, שטאַרק טרויעריק!.. די לעצטע צוויי קערבלעכ זענענ אַוועקגעגאַנגענ בא מיר אַפ פּאָסט־מאַרקנ אַפ דעמ ראָמאַנ מיט די שירימ אונ מיט די מעמואַרימ, וואָס איכ האָב אַוועקגעשיקט אינ דער רעדאַקציע... ביז איכ וועל באַקומענ אַנ ענטפער מיט האָנאָראַר (געצאָלט), וועט געוויס אַוועקגיינ אַ וואָכ צוויי אָדער דרײַ, אונ עפּשער נאָכ מער — ווער ווייסט? — אונ דערווײַל וואָס וועל איכ טאָנ? איכ האָב געוואָלט באַטרעטנ עפּעס אַ שטעלע — מאַכט זיכ נישט; קיינער קענ מיכ ניט; מע ווייסט נישט מײַנ טאַלענט; שפּעטער, מײַנע ווערק וועלנ זיכ אָנהייבנ צו דרוקנ, וועט מענ שוינ וויסנ, ווער איכ בינ, ווער איז דער דאָזיקער אָרעמער באָכער, וואָס דרייט זיכ דאָ ארומ... אָבער יעצט? — גיינ בעטנ קענ איכ ניט; דערציילנ יענעמ, וואָס איכ בינ, דערלויבט מיר ניט מײַנ כאַראַקטער... נאָר איכ פאַל בא זיכ ניט אַראָפּ: איכ ווייס מײַנ ווערט, אונ איכ לאַכ אויס דער גאַנצער וועלט; וועמענ הער איכ? איכ בינ אַ פרײַ פייגעלע; איכ האָב בא קיינעמ נישט צוגענומענ; איכ בינ צו קיינעמ נישט געבונדנ; מײַנ זײַנ אונ מײַנ ניט זײַנ אַפ דער וועלט קאָנ קיינעמ ניט אָנרירנ; דערומ בינ איכ פרײַ, ווי די דאָזיקע פרײַע פייגעלעכ, וואָס פליִענ דאָ ארומ אַפּנ פעלד. אַכ, ווי גוט מיר איז אצינד מיט מײַנ בעסטנ כאַווער — מיט מײַנ טינט־אונ־פּען, — וועמ קיינער קאָנ מיר דאָ, אינ פעלד, ווײַט פונ דער שטאָט, ניט שטערנ... מיר איז פיל בעסער פונ דעמ יונגנ פרינצ זשאַק שאַרפשטיינ, בא וועלכנ איכ בינ נעכטנ געווענ בעטנ אַ שטעלע. דער דאָזיקער זשאַק שאַרפּ־שטיינ, וועלכער פאָרט ארויס אַפ אַ פערדל, וועלכעס קאָסט עפּשער צוויי טויזנט רובל, מיינט, אַז איכ בינ ווייניקער גליקלעכ פונ אימ, אונ דעריבער קוקט ער אַפ מיר מיט ראַכמאָנעס.

— אַכ, פרינצ! פרינצ! איכ לאַכ מיכ אויס פונ דיר; איכ בינ גליקלעכער פונ דיר! איכ בינ רײַכער אונ גליקלעכער פונ דיר!.. דיר איז שווער צו פאַרשטיינ די פרייד, דאָס גליק, וועלכעס מײַנ אָרעמע מוטער וועט געניסנ, ווענ מײַנ נאָמענ וועט ארויס אַפ דער וועלט, אונ

די אלע, ווער עס וועט לעזנ מײַנ זעלטענע ווערק, וועלנ אָנווײַזנ אפ מיר מיט די פינגער אונ וועלנ זאָגנ: „אָט דאָס איז דער אריע־לייב, דער פּארפּאסער פונעם געוויסנ ראָמאנ אָדער פונעם געוויסנ דיכטונג"... אונ וויפל נוצנ, וויפל פארגעניגנ וועלנ מײַנע ווערק מיטברענגענ די אָרעמע לעזער, וואָס גייענ אויס נאָכ העברעיִשע ראָמאנענ אונ דיכ־טונגענ! אונ דאָס געלט, וועלכעס מײַנע פּארפּאסונגענ וועלנ מיר אײַנ־ברענגענ, וועט בא מיר נישט אוועקגיינ אפ פערדלעכ אָדער אפ אנדערע נארישקײַטנ; ניינ! פיל אָרעמעלײַט וועלנ געניסנ פונ דעמ, אונ ערשט דענסטמאָל וועל איכ וויסנ, אז איכ לעב אפ דער וועלט, אז איכ בינ ניט קיינ פּאראזיט אונ אז מײַנ לעבנ איז אויכ נוצלעכ אפ דער וועלט!.. נאָר אָנ גייענ יונגע פרויענ שפּאצירנ, מע מוז באהאלטנ דאָס ביכל ווײַטער..."

דעמ זעלבנ טאָג.

„אכ! ווּעמענ האָב איכ געזענ אָט ערשט! ווי א כאָלעמ, ווי א זיסער כאָלעמ איז זי דורכגעלאָפנ פארבײַ מיר אונ איז אנטרונענ געוואָרנ... דאָס איז „זי", געוויס „זי"! איכ האָב געוואָלט א געשריי טאָנ מיטנ גאנצנ קויעכ: „י ע ל י ז א ב ע ט א!" נאָר די צונג איז מיר צוגעוואקסנ געוואָרנ צומ גומענ, אונ איכ בינ פּארשטיינערט געוואָרנ אפ מײַנ אָרט... זי האָט מיכ נישט דערקאָנט; עס ווײַזט אויס, אז זי האָט מיכ נישט דערקאָנט... אכ! ווי פּארענדערט זי איז געוואָרנ. דאָס איז שוינ ניט די „יעליזאבעטא", וועלכע האָט מיכ מיט מײַנ כאווער אזוי... זי איז געוואָרנ דיק, נאָר פריילעכ, ווי פריִער... אכ, איר געלעכטער, איר קאָל!.. ווו איז זי אצינד? ווער זענענ די יונגעלײַט, וועלכע גייענ מיט איר צוזאמענ? פּארוואָס האָב איכ זי ניט אָפּגעשטעלט אונ ניט געפרעגט? נאָר ניינ! לאָז זײַנ, לאָז זײַנ, אז מײַנע ערשטע ווערק וועלנ ארויס אפ דער וועלט — דעמלט, אָ! דעמלט וועל איכ זיכ איר פאָר־שטעלנ אפ אנ אנדער אויפנ: „אריע־לייב, דער פּארפּאסער פונ דעמ ראָמאנ אזוו..."

3 מײַ...

„דאנקענ גאָט, איכ האָב שוינ א שטעלע! דער יונגער הער שארפּ־שטיינ האָט מיכ פאָרגעשטעלט פאר זײַנ פאָטער, וועלכער האָט מיכ צוגענומענ פאר... פאר... איכ ווייס נאָכ אליינ ניט פאר וואָס!.. פונ געהאלט האָב איכ מיט אימ ניט גערעדט: ער וועט מיר צאָלנ נאָכ מײַנ ווערט נאָכ. ער ווײַזט אויס ניט קיינ שלעכטער מענטש. ער איז גאנצ רײַכ, נאָר א פּאָשעטער מענטש, נישט קיינ געבילדעטער. מײַנ

ארבעט וועט זײַן — שרײַבן. וואָס שרײַבן? דאָס וועלן מיר זען שפּע־טער..."

15 מײַ..

„איך געפֿין זיך בײַ הער שאַרפֿשטײן אין הויז שוין צוויי וואָכן. קיין אַסאָבענע ארבעט האָב איך ניט; זעלטן־זעלטן טרעפֿט זיך, אַז דער הער שאַרפֿשטײן, אַ געלער ייִד, אַן „אַריסטאָקראַט", רופֿט מיך אַרײַן צו זיך אין קאַבינעט אַרײַן, הייסט מיר איבערלייענען עטלעכע בריוו און זאָגט מיר וואָס צו ענטפֿערן, און איך שרײַב אָן אויף העברעיִש; איך זוך אויס די שענסטע מליצות און פּסוקים זיך, עס זאָל זײַן וואָס צום בעסטן; נאָך דעם לייען איך אים איבער; ער קוקט מיר גלײַך אין מויל אַרײַן און שאָקלט צו מיטן קאָפּ. איך האָב ביז הײַנטיקן טאָג געמיינט, אַז ער פֿאַרשטייט העברעיִש, צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז ער קען קיין זשאַרגאָן אויך ניט שרײַבן און ניט לייענען, אַחוץ די חתימה לייגן מיט דרײַעקעכיקע אותיות אויף ייִדיש: „לעך אריען שריפישעטין" (מאַכט דאָס „לייב־אַרן שאַרפֿשטײן"...). דער הער שאַרפֿשטײן איז אַ גאַנץ ווויִלער מענטש, נאָר בײַ זיך אין שטוב האָט ער קיין שום דייע נישט, און טוט ניט פֿונדאַנען אַהין אָן דער מאַדאַם שאַרפֿשטײן, זייער אַ בייזע און אַ קאַרגע ייִדענע, וועלכע האַרגעט זיך און שלאָגט זיך מיט די דינסטן פֿאַר אַ שטיקל צוקער, אָדער אַ ביסל שמאַלץ... איך פֿאַרשטיי דאָס ניט, וואָס דאָס באַטײַט, וואָס דער הער שאַרפֿ־שטײן האָט אַזוי מוירע פֿאַר דער דאָזיקער פּוראָניִעס? ער קוקט איר אין די ציין אַרײַן, און אַז ער דאַרף האָבן פּאַפּיראָסן, זאָגט ער איר 10 מאָל, ביז זי נעמט אַרויס אַ קערבל און גיט אים... ער, דער הער שאַרפֿשטײן, איז אַן אַריסטאָקראַט, דאָס הייסט ער גייט אייראָפּעיִש געקליידט, פֿײַן, שיין, און זי, די מאַדאַם, טראָגט אַן אַלט צעריסן קליידל מיט צעריסענע שיך און גייט אַרום קעסיידער ברוגז אויף דער וועלט; זי איז שטענדיק גרין, פֿאַרצאָרנט, אין כּעס, און רעכנט יעדן גראָשן 100 מאָל. זיי האָבן צוויי קינדער: אַ זון מיט אַ טאָכטער; דער זון הייסט זשאַק און איז אַ זעלטענער פֿאַרשוין, אַן עלעגאַנטנער יונגער־מאַן, שרעקלעך געבאַלעוועט, געפּעסטשעט און אַזוי גרויס בײַ זיך אין די אויגן, אַז אַפֿילו דער פֿאָטער האָט אויך אַ גרויסע ערע צו רעדן מיט אים אויג אויף אויג... צו אים גייען אַרײַן פֿיר לערערס: איינער לערנט מיט אים רוסיש, חשבון, ליטעראַטור; דער צווייטער — דײַטש, פֿראַנצויזיש און ענגליש; דער דריטער — שפּילן פּיאַנאָ; דער פֿערטער — טאַנצן און רײַטן אויפֿן פֿערד... אַז די לערערס קומען, און מע גיט זיי אַ גלאָז טיי (אויף אַ גרויסער זילבערנער טאַץ), עקט זיך די

מאדאם שארפשטיין און פארשילט אים דאָס געביין... איך קען דאָס גאָר ניט פארשטיין, וואָס דאָס איז פאר א מין ייִדענע?.. די טאָכטער הייסט ראָזע און איז שוין, ווי עס ווײַזט אויס, ניט אזוי געפּעסטשעט, ווי זשאַק; צו איר גייען קיין לערערס ניט ארײַן, און זי איז ניט שיין און ניט יונג אויך; זי האָט א צעפּלאטשטע נאָז; דערפאר רופט זי זשאַק ניט מיט קיין אנדער נאָמען, נאָר „ראָזע פּלעצל". איך קען דאָס ניט סויוול זײַן: אזא העכסט געבילדעטער מאַן, ווי זשאַק, וועלכער לערנט פיר שפּראַכן, שפּילן, טאנצן און רײַטן אפן פערד און איז אזא פראַנט, אזא אריסטאָקראַט מיט הענטשקעלעך און מיט ברילן־פּענסנע, זאָל האָבן אין זיך אזא גראָבקײַט און רופן די אייגענע שוועסטער מיט אזא שמוציקן נאָמען — „ראָזע פּלעצל"!.. צום ערשטן מאָל איז מיר א ביזאָיעג געוועזן, אז איך האָב זיי ביידע ניט געקאָנט קוקן אין די אויגן ארײַן; נאָר אצינד בין איך שוין געוווינט געוואָרן, אז עס רירט מיך ניט אָן קיין קאָפּ אפילע; לאָז זײַן „ראָזע פּלעצל" — א דײַגע!.. זי האָט פאר אים דערעכ־ערעצ, און אפילע די מאדאם שארפשטיין, פאר וועלכער די גאנצע שטוב ציטערט, ווי פאר א מאלעכ־האמאָוועס, קוקט אים אויך אין די ציין ארײַן און רופט אים פארצויגן: „זשאַקוניו"... עס וואָלט מיר געוועזן דאָ ניט שלעכט, ווען ניט די דאָזיקע „מאר־שאַס", די מאדאם שארפשטיין, וועלכע רוידעפט מיך ביז אין דער ערד ארײַן; ביז זייגער צוויי אָדער דרײַ בין איך הונגעריק, ווי א הונט; און אז איך זיץ שוין באַם טיש, גייט מיר ניט אײַן דאָס עסן (עסן עסט מען דאָרטן דאָ שיין, אריסטאָקראַטיש, מיט א לאקיי מיט ווײַסע הענטשקעס און מיט א ווײַסן שניפּס), מאכמעס די גאנצע צײַט זיצט זי אקעגן מיר און ציילט מיר יעדן ביסן, וואָס קומט מיר אין מויל ארײַן, און איך וואַרג זיך; איך פיל, אז זי פארגינט מיר ניט און שילט מיך מיט טויטע קלאָלעס; זי לאָזט פון מיר קיין אויג ניט אראָפּ און גיט אכטונג צו מיר אין טעלער — אזוי אז איך גיי אוועק פונעם טיש טויט־הונגעריק!.. טיי דערלאַנגט מען אונדז ביידע אין קאבינעט ארײַן, דאָס הייסט מיר מיט מײַן פּרינציפּאַל, און זי, די מארשאַס, קומט אויך ארײַן צו אונדז און זיצט אויס די גאנצע צײַט, ביז מע נעמט צו די טאַץ, און ציילט, וויפל שטיקלעך צוקער איך וואַרף ארײַן אין גלאָז ארײַן... א מערקווירדיקע פרוי! בא אזא רײַכטום — אזוי קאַרג... מערקווירדיק!"

27 מײַ..

„איך האָב נאָך קיין ענטפער פון דער רעדאקציע, און מײַן נײַער ראָמאַן „דער שרעקלעכער טויט אין דער וויסטער טורמע אָדער די

שרעקלעכע נעקאָמע פון פאַרדאַרבענע קרעדיטאָרן" איז שוין אויך באַלד פאַרטיק... פון מיין מוטער האָב איך אויך שוין לאַנג קיין בריוו ניט און ווייס ניט וואָס צו טראַכטן... איך וועל היינט אָוונט־ציַיט איבערעדן מיט מיין פרינציפּאַל וועגן געהאַלט און וועל נעמען עטלעכע קערבלעך אוועקצושיקן אהיים... אַך! ווען איך זאָל זיין בא געלט, וואָלט איך זיך אַליין דורכגעפאָרן קיין ווין צו סמאָלענסקינען מיקויעך מיין ראָמאַן און קיין פּעטערבורג צו צעדערבוימען מיקויעך מיינע „מײמאָרים''...''

דעם זעלבן טאָג, זייגער 12 באַנאַכט.

„מיין פּרינציפּאַל האָט מיר אָביאַוועט, אַז פון היינט און וויַיטער האָב איך אַפּ זיך, כּוץ זיין קאָרעספּאָנדענציע פירן, אויך בריוו שרייבן מיט זיין טאָכטער ראָזעטשקע, און מיקויעך געהאַלט וועט ער פריער איבערעדן מיט דער פרוי... מיט די דאָזיקע ווערטער האָט ער מיך אַריַינגעפירט צו דער טאָכטער אין צימער אַריין און האָט זי אַרומגענומען, קושנדיק און זאָגנדיק צו איר:

— נו, ראָזעטשקע, אָט ער וועט דיר העלפן שריַיבן; ער שריַיבט אויסגעצייכנט סיי יידיש, סיי רוסיש... א גוטע נאַכט, טאָכטער מיינע ביַיערע, א גוטע נאַכט, ראָזעטשקע!..

איך בין איבערגעבליבן אויג אַפּ אויג מיט דער מאַמזעל ראָזע און האָב ניט געוווּסט, וואָס איר צו זאָגן; זי איז געשטאַנען אקעגן מיר מיט א שמייכל אין די ציין און האָט מיך מיט אירע גרינע אויגן באַטראַכט פון קאָפּ ביז פוס; איך האָב געפילט, אַז איך דאַרף זיין רויט ווי פייער, מאַכמעס די אויערן מיט די באַקן האָבן מיר געברענט...

„זיצט!" — האָט זי מיר געזאָגט, און מער האָבן מיר היינט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט; אין א שאָ אַרום איז אַריַינגעגאַנגען די „מאַרשאַס" און האָט מיר געגעבן אָנצוהערן, אַז עס איז שוין ציַיט גיין שלאָפן, דה. איך זאָל אַוועקגיין... וועגן מיין געהאַלט האָב איך טאַקע ניט גערעדט מיט מיין פּרינציפּאַל. וואָס האָב איך צו שריַיבן מיט מיין נייַער שילערין — ראָזע — פאַרשטיי איך ניט... מיר געפעלט ניט איר קוק מיט אירע גרינע אויגן, מיט די געלע האָר און מיט די גראָבע באַקן...''

29 מיי...

„ניטאָ קיין ענטפער פון דער רעדאַקציע! וואָס הייסט דאָס? שוין פיר וואָכן! איך האָב שוין אַוועקגעשיקט דריַי בריוו — און מע ענטפערט מיר ניט!.. היינט האָט מיר מיין פּרינציפּאַל אָביאַוועט, אַז איך וועל באַקומען געהאַלט... בא די ווערטער איז אַריַינגעגאַנגען די מאַרשאַס, די מאַדאַם שאַרפשטיין, און האָט אַנידערגעשטעלט אַפּ מיר

אירע גרינע בייזע אויגנ, אונ מײַנ גוטער פרינציפאל איז אנשווײַגנ געוואָרנ אפ עטלעכע מינוט, אונ נאָכ דעמ האָט ער זיכ געווענדט שוינ צו איר, ניט צו מיר:

— זיצ, שיינדעלע, מיר האָבנ דאָ געשמועסט... איכ האָב גערעדט... מיט זיי... מיט אימ... וועגנ... וועגנ געהאלט... ווי מיינסטו, שיינדעלע?..

— שוינ? אזוי גיכ? האָסט קיינ צײַט ניט? — האָט זי אימ געענטפערט אונ איז מיט א גרימאסע אפנ גרינעמ פיסקל ארויסגעגאנגענ פונעמ קאבינעט.

מײַנ פרינציפאל איז געבליבנ זיצנ ווי א האָלצ; ער איז געוואָרנ אלע פארבנ אונ האָט זיכ פארענטפערט פאר מיר:

— עס מאכט ניט אויס! עס איז בלאָטע! איכ וועל שוינ אליינ איבערעדנ מיט איר; זי סטיעסניאיעט זיכ פאר אײַכ; עס איז בלאָטע; עס איז גאָרניט! איר האָט בא מיר... צענ... פופצנ רובל א כוידעש... 15 רובל... אפ פאפיראָסנ וועל איכ אײַכ אכוצ געבנ אלעמאָל... נו, גיזווינלעכ, א מאטאָנע, א נאגראדע, אונ טאקע זי אליינ, מײַנ פרוי, מײַנ שיינדעלע, וועט אײַכ אויכ שוינ באהאנדלענ; זי איז א זעלטענע פרוי, כ'לעבנ, א באלעבאָסטע, וואָס מע קריגט נישט די צווייטע, א גוטע זעל, כ'לעבנ... גייט אצינד ארײַנ צו מײַנ טאָכטער, צו ראָזעטשקענ; זי דארפ אײַכ האָבנ, זי שרײַבט א בריוו...

די מאמזעל ראָזע איז געזעסנ איבער א בריוו אונ האָט געביסנ דאָס שטיפטל; זי האָט מיכ געבעטנ זיצנ אונ האָט מיר דערלאנגט א לאנגע מעליצע־בריוו, אפ רוסיש אונטערגעשריבנ מיט גאנצ גרויסע אויסיעס:

„Твой уважающий и тебя страстно обожающий, искренно любящий и благославляющий, всякого добра и счастия желающий, скорого ответа ожидающий, по тебе смертельно скучающий, душевного покоя не знающий, до гробовой доски преданный и обоготворяющий, Жених и единственный вечный друг, Александр Леопольдович Дорфман“.

— אשטייגער, וויאזוי וואָלט איר געענטפערט אפ א ז א מײַנ בריוו?.. — האָט זיכ צו מיר אזוי געווענדט די מאמזעל ראָזע שארפשטיינ אונ האָט מיר געגעבנ פאפיר מיט טינט אונ פעדער, אונ אליינ האָט זי זיכ אָנגעשפארט אפ א האנט אונ האָט די גאנצע צײַט נישט ארארפגעלאָזט פונ מיר קיינ אויג, ביז איכ האָב רעכט עטלעכע מאָל אי־

בערגעלייענט די בריוו פונ איר ליבנ כאָסנ אונ איך האָב איר אָנגע־ שריבנ א גאנצ לאנגע אנטוואָרט, זייער א ליבלעכע, הערצלעכע, הייסע בריוו מיט פייער אונ דערצו נאָכ מיט א גאנצ שיינעמ שיר צומ סאָפ בריוו, וועלכער האָט זיכ אויסגעלאָזט מיט די דאָזיקע פערזנ:

„....Любви огонь и сердца пламень,
Что может разгореть и камень,—
Той любви, того огня,
Узнала я,—страдаю я! —

Твоя несчастная невеста,
В твоей груди, что ищет места
И шлет тебе души привет
И этот пламенный ответ,

Лишь о тебе мечтающая и день и ночь,
Разалья, купца, Шарфштейна дочь!..“

מיינ פּאָעזיע איז דער מאַמזעל שארפשטיינ אזויפיל געפעלנ, אז זי האָט מיכ אָפּגעהאלטנ בא זיכ אינ צימער ביז 12 אזייגער באנאכט. מיר האָבנ לאנג־לאנג גערעדט, אונ וועגנ אלעס, — נאָר וועגנ מיינ שרייבנ, וועגנ מיינע ווערק, וועלכע דרוקנ זיכ עפּשער אצינד אינ ווארשע אונ אינ פּעטערבורג, האָב איכ איר ניט געזאָגט קיינ וואָרט. מיר האָבנ אויכ פיל גערעדט וועגנ ליבע אונ פיל וועגנ ראָמאנענ; נאָר נאָכ אלעמענ האָב איכ צו איר קיינ סימפּאטיע ניט, איכ ווייס ניט פארוואָס; זי איז גיט גלייכ צו יעליזאבעטענ... אכ, יעליזאבעטא! אכ, מיינ כאווער, מיינ ניט פארגעסנדער כאווער! ווו ביסטו ערגעצ אצינד?.. שוינ צייט שלאָפנ...״

3 יוני...

„איכ האָב היינט באקומענ א טרויעריקנ בריוו פונ מיינ אומגליק־ לעכער מוטער: זי דערמאָנט מיכ, אז איכ האָב איר שוינ לאנג קיינ געלט ניט געשיקט, אונ מע ווארפט זי פונ דער דירע... פאר די קינדער־ סכאר־לימעד דארפ מענ צאָלנ... אונ די קלענערע גייענ נאקעט אונ באָרוועס... אונ איכ, — שרייבט זי, — האָב שוינ לאנג פארגעסנ אָנ איר געבויינ אפ דער וועלט אזוו... אכ, ליבסטע מוטער! דיכ האָב איכ פארגעסנ??? דיכ??? וואָס ווערסטו אָבער זאָגנ, אז דו וועסט באקומענ פּלוצעמ א פּאָוועסטקע אפ צוויי טויזנט רובל, וועלכע די רעדאקציע וועט מיר צושיקנ (אָ! זי וועט מיר געוויס די טעג צושיקנ!.. ). וואָס וועסטו דעמלט זאָגנ?.. דו וועסט דערציילנ די שכיינימ, אלע אונדזערע גוטע־פריינט: „האָט איר געהערט אזעלכס? מיינ אריע־לייב, זאָל לעבנ, האָט מיר צוגעשיקט 2000 רובל! 2000?.. פונוואנענ? פונ וואָס? וויאַרומ? ער האָט דענ כאסענע געהאט? אָדער איז א כאָסנ געוואָרנ?

אָבער גאָר לוי! נאָר מיט זײַנע פֿינף פֿינגער און מיט זײַן קאָפּ... נאַט
אײַך מײַן אַריע־לייבס ראָמאַן; לייענט — וועט איר זען, ווי אַ מענטש
פֿאַרדינט ערלעך אַ קערבל!..״

10 יוני...

„איך האָב נאָך אַלץ קיין שום ידיעה ניט פֿון דער רעדאַקציע!..
מיט מײַן פּרינציפּאַל האָב איך שוין עטלעכע מאָל גערעדט מיקוויעך
זשאַלאָוואַניע, לייגט ער מיר אַלץ אָפּ אויף מאָרגן, ווען ער וועט רעדן
מיט „שיינדעלען“... און זי, שיינדעלע, קוקט אויף מיר מיט אַזעלכע
אויגן, אַז עס גלוסט זיך מיר אין דער ערד אַרײַנקריכן... מיט דעם
מאַמזעל ראָזע שרײַב איך קימאַט יעדן טאָג בריוו צו איר כאָטש, און
מיר זענען געוואָרן גוטע־ברידער צווישן זיך... דער פּרינץ „זשאַק“ איז
זייער אַ נידעריקער מענטש: ער פּאַטשט דעם מעשאָרעס פֿינף מאָל
אַ טאָג, און מיט מיר שאַפּט ער זיך, ווי מיט אַ לאַקיי! איך האָב אים
אָבער הײַנט אָפּגעשניטן אַזוי, אַז ער האָט באַלד אָפּגעטראָגן דער מור־
מער, און זי, די מאַרשאַס, האָט געגעבן מײַן פּרינציפּאַל אַ ווויסטן, אַ
פֿינצטערן סאָפּ... אַך, אָרעמער פּרינציפּאַל! איך האָב אויף אים בעעמעס
אַ ראַכמאָנעס!״

21 יוני...

„קוים מיט צאָרעס האָב איך באַקומען נעכטן 25 רובל און האָב
20 אַוועקגעשיקט מײַן מוטער, מײַן טײַערער מוטער (אַך, ווי וועט
זי זיך דאָס דערפֿרייען!); פֿאַר 3 רובל האָב איך זיך געקויפֿט שטיוול
און פֿאַר 2 רובל פּאָסט־מאַרקן: איך שיק קימאַט אַ טאָג איבער אַ טאָג
„זאַקאַזנאָיע“ בריוו אין דער רעדאַקציע — און מע ענטפֿערט מיר ניט!
וואָס זאָל דאָס באַדײַטן?...״

דעם זעלבן טאָג, פֿאַרנאַכט...

„אַ פֿײַנע סצענע האָב איך געטראָפֿן בײַ מײַן שילערין ראָזע אין צי־
מער, כ׳לעבן... „זשאַק“ האָט זיך אײַנגעפֿלאָנטעט מיט ביידע הענט צו
ראָזען אין די געלע צעפּ אַרײַן, און זי, ראָזע, האָט געהאַלטן מיט איין
האַנט זשאַקן בײַ אַן אָפּגעריסענער לאַץ און אין דער אַנדערער האַנט
אַ רעזינענעם קאַלאָש; זיי זענען געווען אַזוי אין קאַס, אַז זיי האָבן מיך
גאָר ניט באַמערקט, און האָבן געשריגן איינס צום אַנדערן, קריצנדיק
מיט די ציין:

— פּלעצל!...

— אַפּיקוירעס!...

— פּלעצל!...

— נאַר!...

— אפּיקוירעס!...

— פּלעצל!.. אזוי. אזוי...

אָט האָסטו דיר א געבילדעטנ, א ציוויליזירטנ פּרינצ, וועלכער שטו־דירט פיר שפּראכ, מוזיק, טאנצנ אונ רײַטנ אפנ פערד!.. אָ, פּראָגרעס! ציוויליזאציע! נײַנצנטער יאָרהונדערט!..״

25 יוני...

„איכ האָב הײַנט באקומענ זייער ניט קיינ פרייל עכנ בריוו פונ מײַנ לערער היממעלפּארב: ער האָט דעמ עקזאמענ ניט אויסגעהאלטנ איבער אייניקע שלעכטע מענטשנ, וועלכעס ער וועט מיר דערציילנ פּערזענ־לעכ; ער בעט, איכ זאָל אימ לעמאנ־האשעמ צושיקנ וואָס צומ גיכסטנ עטלעכע קערבלעכ, וועט ער קענענ קומענ צו פאָרנ. מע דארפ געמענ א ביסל געלט אונ אוועקשיקנ אימ; א ראכמאָנעס, כ'לעבנ; דאָס איז אויכ איינער פונ די, וואָס קומענ נעבעכ אָפּ אפ דער וועלט פאר פרעמ־דע זינד!.. לייס־אטע, ביז איכ וועל נעמענ די עטלעכע קערבלעכ, וועל־כעס עס וועט מיר אָנקומענ שווערלעכ, וועל איכ אימ אוועקשיקנ מײַ־נעמ א נײַעמ שיר, פונ וועלכנ ער וועט געוויס קלײַבנ פארגעניגנ, מאכ־מעס איכ וויים זײַנ געשמאק, אונ נאָכ דעמ וועל איכ אימ צושיקנ א ביסל געלט אויכ...״

29 יוני...

„דער הער זשאק האָט מיט מיר הײַנט אויסגערעדט עטלעכע ווערטער גלײַכ ווי א מענטש דארפ רעדנ, ניט געשאפּט זיכ, ווי א פּרינצ; ער האָט מיכ צוויי מאָל איבערגעפרעגט וועגנ מײַנ לאגע אונ האָט זיכ אינטערעסירט צו וויסנ, וואָס איכ לייענ אצינד; אויכ האָט ער מיר צוגעזאָגט געבנ ביכער אפ צו לעזנ, וויפל אונ וועג איכ וועל דארפנ... איכ קענ דאָס גאָר ניט פארשטיינ, פונוואנענ נעמט זיכ פּלו־צעמ אזא גוטסקײַט בא דעמ דאָזיקנ „פּרינצ״, וועלכער האָט נאָר זיכ ליב אונ קלערט נאָר וועגנ זיכ זעלבסט אונ שפּעט אונ לאכט אויס דער גאנצער וועלט, אפילע אויס דעמ פאָטער אונ דער מוטער, וועלכע האָבנ מוירע פאר אימ אונ גיבנ אימ אָפּ קאָוועד שרעקלעכ!..״

30 יוני...

„נישטאָ קיינ ענטפער פונ די רעדאקציעס! אונ מײַנ מוטער שרײַבט מיר, ווענ איכ וועל איר ניט צושיקנ טייקעפּ־אומיאד כאָטש 20 קערבלעכ, וועט מענ זי, א וויסטע אלמאָנע מיט יעסוימימ, ארויס־ווארפנ אפ דער גאס אפ דרײַ שפּענדלעכ... זי שרײַבט מיר, אז מיר איז געוויס גאנצ גוט אינ דער פרעמד אפ אלעמ גרייטנ אונ איכ האָב ניט אינ זינענ די „היים״ אונ עס גייט מיר ניט אָנ, וואָס מײַנ

מוטער מיט די ברידערלעך און שוועסטערלעך שטאַרבנ פונ הונגער... וואָס זאָל איך איר ענטפערנ דערופ? וואָס קאָנ איך איר ענטפערנ? זי איז ניט אײַנגאַנצנ אומגערעכט: איך וואָלט ניט אַזוי באַדאַרפט זיך באַגיינ מיט מײַנע ווערק, וועלכע איך האָב צעשיקט אינ די רעדאַקציעס אפ אַלע זײַטנ און קוק אַרויס אפ זיי, — און זיי זאָרגנ זיך אָפּאָנעמ גאַנצ ווייניק וועגנ מײַנ ביטערע לאַגע!.. איך וועל אָבער הײַנט אָוועקשיקנ אינ אַלע רעדאַקציעס מײַנע לעצטע בריוו —דאָס לעצטע מאָל! איך גועל זיי אַרויסשרײַבנ אַלעס, אַלעס, וואָס בא מיר אפנ האַרצנ האָט זיך צונויפגעקליבנ ביז הײַנטיקנ טאָג! עס איז בעעמעס א רעציכע, אַז אַזעלכע געבילדעטע לײַט, ווי סמאָלענסקינ, צעדערבוים, סלאָנימסקי אַד"ג., וועלכע ווייסנ יאָ, וואָס „האַסקאָלע" באַטײַט, זאָלנ לאָזנ פאַלנ א טאַלענט און נישט זענ אים אַרויסצוציִענ פונ דער בלאָטע, אינ וועלכער ער וואַלגערט זיך, און געבנ אים צו זענ די ליכטיקע שײַנ פונ דער זונ!.. קאָנ דאָס דענ זײַנ, אַז אַזעלכע געהויבענע לײַט זאָלנ אינ זינענ האָבנ דעמ מאַטעריאַליזמוס, דאָס שמוציקע לעבנ, געלט און נאָך אַזעלכע נידעריקײַטנ? עס קענ ניט זײַנ! עס קענ ניט זײַנ! מענטשנ, וואָס זייער לעבנ איז נאָר „טויוואָס-האָקלאָל", קענענ גאָר ניט לעבנ גלײַך מיט אַלע אַנדערע מענטשנ, גלײַך מיט אָט די אַלע קליינע מענטשעלעך, וואָס איך זע דאָ אינ דער גרויסער שטאָט אַרומלויפנ, יאָגנדיק זיך נאָך פּאַרנאָסע אַד"ג.! מענטשנ קולטור-טרעגער, וועלכע האַלטנ בא זיך די פאָנ פונ דער ציוויליזאַציע, וועלכע שלאָגנ זיך זייער גאַנצ לעבנ פאַר דער הייליקער אידייע, פאַר דעמ הייליקנ פאָלק און פאַר זײַנ הייליקער שפּראַכע, קענענ ניט זײַנ גלײַך מיט אַלע אַנדערע מענטשנ אפ דער ערד, אַזוי ווי איך האָב ניט לאַנג געשריבנ באַאַריכעס אינ א גרויסנ מײַמער, וועלכנ איך האָב אָפּגעשיקט צו סלאָנימסקינ אינ „הצפירה"[1] אַרײַנ, אָדער אַזוי ווי איך האָב פאָרגעשטעלט אינ מײַנער א „דראַמע", ווי אַזוי צוויי יונגעלײַט, איינער א כאָסיד, אַנ אָרטאָדאָקס, און דער אַנדערער א מאַסקל, שמועסנ זיך אויס צווישנ זיך אַזוי לאַנג, ביז דער כאָסיד פאַלט דעמ מאַסקל אפ דעמ האַלדז און זאָגט צו אים מיט טרערנ אפ די אויגנ: „הלא אָחי אתה — סלח נא לי[2]! דענ דו ביסט מיר א ברודער — פאַרגיב מיר, זײַ מיר מויכל!..."

---

1 „האַצפיראָ".
2 „האַלוי אָכי אַטאָ — סלאַך נאָ לי".

6 יולי...

„איך קען נאָך צו מײַנע געדאַנקען נישט קומען; איך בין אַזוי איבעראַשט, אַז עס ווײַזט זיך מיר אויס, אַז עס איז אַ חלום. עס קען ניט זײַן! וואָס באַטײַט דאָס?! וואָס זענען מײַנע אויגן? דער הער זשאַק האָט מיר הײַנט אָפּגעגעבן אַ בריוו צו מיר, וועלכן דער פּאָסט־טרעגער האָט אים אָפּגעגעבן פֿון־מײַנעטוועגן... דער בריוו איז פֿון „ווינ"! אָפּגעדרוקט די ווערטער: „רעדאַקציאָן העום השחר" — „ווינ"... און געכאַסמעט מיט קלײנע אויסיעס: „פּרץ סמאָלענסקי"..: אָט דאָס איז ער, דער סמאָלענסקי, וועלכער איז בײַ מיר אײַנגעבאַקן אין מײַנעם האַרצן טיף־טיף!?.. איך לייען און פֿאַרשטיי ניט, וואָס איך לייען; עס שטייט אין דער בריוו:

„געערטער הער אריע־לייב..! איר פֿאָדערט פֿון מיר איבערן קוויטל; איר שיקט מיר אַלע וואָך אַ נײַעם כיבער, און איך בין גאָר ניט אימשטאַנד אַלעס דורכצוקוקן; דאָך האָב איך אײַער ראָמאַן איבערגעזען און בין אײַך מודיע, אַז צום דרוקן איז ער ניט געלונגען, ווײַל ער איז געבויט ניט ווי מע דאַרף און איז נאָר אַ פֿאַנטאַזיע פֿון אַ יונגנמאַן, וועלכער איז נאָך אַליין ניט פֿאַרטיק צום שרײַבן, אָביפּראַט נאָך אַ ראָמאַן צו שרײַבן, וואָס דאַצו איז ניט יעדער גוטער שרײַבער בעקוועם; אַלזאָ, אויב איר באַגערט אים צוריק צו האָבן, שיקט צו 20 פּאָסטמאַרקן, וועט מען אײַך אים אָפּשיקן... און וועגן אײַערע איבעריקע ווערק און מײַמאָרים האָב איך אײַך שוין גאָר ניט וואָס צו זאָגן; עס וווּנדערט מיך נאָר, וואָס אַ יינגל, ערשט פֿון כיידער אָדער פֿון דער יעשיווע, זאָל האָבן אַן אַזעלע פּראָיעקטן מיט אייצעס פֿאַרצולייגן פֿאַר אַ גאַנצן פֿאָלק, וועלכעס פֿאָדערט דאָס ניט פֿון יעדן באָבערל, וואָס האַלט אַ פּען אין דער האַנט און מיינט, אַז ער מוז אייצעס געבן און זאָגן מוסער דעם אוילעם...

פּרץ סמאָלענסקי."

וואָס הייסט דאָס? וויאַזוי זאָל איך דאָס פֿאַרשטיין? עס מוז דאָך האָבן עפּעס אַ פּיירעש? סמאָלענסקי וועט ניט שרײַבן פּאַשעט, אַזוי ווי מיר שרײַבן; מיסטאָמע איז דאָ עפּעס; מיסטאָמע ליגט דאָ עפּעס אַ פֿאַרשטעלטער געדאַנק! איך בין אַצינד אַזוי איבעראַשט, אַז איך קען דאָס בעשום־אויפֿן ניט פֿאַרשטיין!.. „פּראָיעקטן מיט אייצעס"... „אַ פֿאַנטאַזיע"... וואָס מיינט ער דערמיט??.."

7 יולי...

„אַ בריוו פֿון דער רעדאַקציע „המגיד". מע שרײַבט מיר:

„משכיל נכבד ואברך יקר[1]! דו באזיצסט אונדזער הייליקע שפּראַכע זייער גוט, און מיר ווינטשן דיר אַף ווײַטער דײַנע שיינע פּעדער נישט אַוועקלייגן, מאַכמעס אַ רועכ־כיינ איז אויסגעגאָסן אַף דײַנע לעפּצן, און דײַנ רעדנ איז שיינ און ריינ, ווי אַ „יונג ציי־געלע, וואָס איז פאַרטריבנ פונ גילאָד”... (כצפיר העזים שגלתה מן הגלעד[2]...) לאָז גאָט בענטשנ דײַנ רעכטע האַנט, זי זאָל טאָמיד טאָנ בעריעשאַפּט און דערמיט וועלנ מיר אופהייבנ דעם האָרנ פונ אונדזער הייליקער ייִדישער שפּראַכ (ובזה נרים קרן שפת עבר, שפת קדשנו[3]!). און האָגאָמ די ערשטע פּיירעס פונ דײַנ שיינער פּעדער זענענ נאָכ [ניט] רעכטצײַטיק, נאָר דו קענסט האָפנ, אַז די שפּע־טעריקע פּריכטע, ווענ זיי וועלנ פאַרטיק ווערנ, וועלנ זיי זײַנ זיס צו אונדזער גומענ ווי האָניק, און הײַנע לעפּצנ וועלנ טונ טריפנ נעגעלעכ מיט בסאָמימ צו דערקוויקנ די דאָזיקע הערצער, וואָס ליבנ אונדזער אַלטע הייליקע, זיסע שפּראַכע... שטאַרק זיכ און פעס־טיק זיכ, געליבטער באָכער, און גאָט לאָז זײַנ דײַנ שייצער!

„המגיד”.

• אַכ, ווי זיס די דאָזיקע עטלעכע שורעס זענענ! ווי שיינ, ווי אָנ־גענעמ!.. פאַרוואָס זשע שרײַבט ער מיר ניט וועגנ מײַנע ווערק, צי מע וועט זיי דרוקנ אינגיכנ צי ניינ, און ווענ וועל איכ שוינ מײַנ האָנאָראַר באַקומענ? איכ האָב דאָכ אַהינ אַוועקגעשיקט אַ גוזמע קאָרעספּאָנדענציעס, מײַמאָרימ מיט שירימ! וואָס מיינט ער דאָמיט, וואָס ער זאָגט: „און האָגאָמ די ערשטע פּריכטע פונ דײַנ שיינער פּעדער זענענ נאָכ ניט רעכט פאַרטיק...” ער שרײַבט גוט, דער „המגיד”, אויסגעצייכנט גוט, נאָר אַ ביסל פאַרשטעלט!.. מײַמער מיט אַ שיר!..” [?]

8 יולי...

„נאָכ אַ בריוו! פונ סלאָנימסקינ! ער שרײַבט מיר נאָר צוויי שו־רעס, און איכ בינ שוינ גאָר צעדולט! „אברך משכיל[4]! דײַנע מײַמאָרימ זענענ ניט אַפּ די שוועלנ פונעמ לעבנ געזעצט, האָגאָמ דו שרײַבסט מיט אַ צונג, וואָס איז געלערנט מ י ל כ אָ מ ע און ז י נ ג ס ט צום גראַמ; פּרוּוו דײַנ פּעדער און שרײַב אַ סאַכ...

כאַיִמ־זעליק־סלאָנימסקי.”

---

[1] מ א ס ק י ל נ י כ ב אָ ד ו ו ע א ו ו ר ײ כ י אָ ק אָ ר — געערטער מאַסקל און טײַערער יונגערמאַנ.

[2] קיצפּיר האָיִזימ שעגאָלסאָ מינ האַגילאָד.

[3] אוּוואָזע נאָרימ קערענ ספאַס אייווער, ספאַס קאָדשיינו.

[4] א ו ו ר ײ כ מ א ס ק י ל ! — געבילדעטער יונגערמאַנ!

וואָס הייסט דאָס?.. „דו שרײַבסט מיט א צונג, וואָס איז געלערנט מילכאָמע"? מיסטאמע איז דאָ פאראנ עפּעס א געדאנק, א סאָד: סלאָנימסקי וועט דאָכ געוויס ניט ארויסלאָזנ גלאט אזוי קיינ וואָרט אַפּנ ווינט! אוביפראט, אז צומ סאָפ זאָגט ער: „פּרווו דײַנ פּעדער אונ שרײַב א סאַכ"... וואָס הייסט „פּרווונ די פּעדער אונ שרײַבנ א סאַכ?" איכ האָב שוינ, דאַכט זיכ, גענוג געשריבנ? וואָס האָב איכ נאָכ צו „פּרווונ" מײַנ פּעדער?.. איכ האָב הײַנט צו סלאָנימסקינ אוועקגעשיקט א גאנצ גרויסנ בריוו, ער זאָל מיר מעפּוירעש זײַנ אלע מײַנע מאכשאָוועס וועגנ זײַנ פארבאָרגענעמ בריוו, וועלכער איז פונדעסטוועגנ בא מיר טײַערער פונ פיל גאָלד מיט דימענטנ מיט בריליאנטנ, וואָרעמ סלאָנימסקיס א בריוו איז א ביסל טײַערער פונ געלט!.. זשאק! הער זשאק! איר האָט אפּאָנעמ נישט קיינ בריוו פונ סלאָנימסקינ? הא? ניינ?.."

10 יולי..

„אַכ, מײַנ ליבע מוטער! אומזיסט פאלסטו אָנ אפּ מיר; גלייב מיר, אז איכ וויל דיר העלפנ פיל מער, ווי דו ווילסט מײַנ הילפ... דו שרײַבסט מיר, אז אויב איכ וועל דיר ניט צושיקנ באלד קיינ געלט, וועסטו מיר אָפּשיקנ אלע קינדערלעכ אפּ מײַנ האלדז!.. דו מיינסט, אז מיר איז דאָ זייער גוט?.. דו זאָלסט וויסנ, וויפל צאָרעס, וויפל שמערצנ, וויפל יעסורימ אונ ווייטעק איכ טראָג איבער פונ אלע זײַטנ!.. מײַנ פרינציפּאל איז אפילע ניט קיינ שלעכטער מענטש אונ האָט אפּ מיר ראכמאָנעס, נאָר וואָס קענ ער מיר העלפנ, אז זי די צאָרע זײַנע, די מאדאמ שיינדעלע, יאָגט מיכ אונ רוידעפט מיכ ביז אינ טויט ארײַנ, אונ אָנ ווערטער, נאָר מיטנ קוק, שטיל, פײַנ... אַכ! ניטאָ וואָס צו רעדנ... אונ דער הער זשאק דערלויבט זיכ גאנצ אָפּט אָפּצושפּעטנ פונ מיר, אונ אז איכ ענטפער אימ דאָס צווייטע וואָרט, מאכט ער מיכ מיט דער בלאָטע גלײַכ, אונ איכ מוז שטומענ, ווײַל דאָס גאנצע הויז איז בא אימ אינ די הענט... אונ מײַנ שי־ לערנ, די מאמזעל ראָזע (אָדער ווי זשאק רופט זי זייער גלײַכ: „ראָזע פלעצל"), האָט זיכ מיר אזוי צוגעגעסנ מיט אירע סאנטימענטאלנע בריוו צו איר כאָסנ, אז איכ וואָלט זי שוינ לאנג אוועקגעוואָרפנ, וועג ניט דו, מײַנ טײַערע מוטער!.. אונ צומ סאָפ זאָגסטו מיר, אז איכ האָב אָנ דיר שוינ פארגעסנ!!.. נאָר מײַנ טרייסט איז מיר דאָס בוכ, די פּענ. איכ וויס, איכ פיל, אז אינגיכנ וועל איכ פאָרט מײַנ ציל דערגרייכנ אונ וועל דיכ מיט מײַנ פּעדער גליקלעכ מאכנ!..."

12 יולי...

,,מײַן ליבסטער לערער הימלפארב שרײַבט מיר, אז ער וואָלט שוין לאַנג געקומען, האָט ער ניט מיט וואָס, מאַכמעס דאָס ביסל געלט, וואָס איך האָב אים צוגעשיקט, איז בא אים אװעקגעגאַנגען אַף זײַנע צוויי נײַע באַוויירים, מיט וועלכע ער האָט זיך ניט לאַנג דערקאָנט בא דעם עקזאַמען... ער שרײַבט מיר, אז דאָס זענען צוויי זעלטענע יונגעלײַט, נאָר, נעבעך, זייער אָרעמע און אומגליקלעכע; מע רופט זיי: ,,מיצלזאָן און קיצלשטיין". מיצלזאָן וויל זײַן א פּראָוויזאָר, און קיצלשטיין — אַן אַדוואָקאַט. ער וועט קומען מיט זיי צוזאַמען אַהער, טאָמער וועלן זיי זיך אַלע דרײַ צו עפּעס צושלאָגן, ביז זיי וועלן זייער ציל דערגרייכן. ער בעט מיך פון־זייערטוועגן קריגן שטונדן, אָדער עפּעס אַן אַנדער אַרבעט, ווײַל זיי זענען נעבעך זייער אָרעם און הונגעריק... וואָס טוט מען מיט זיי? מע דאַרף עפּעס זען!.."

15 יולי...

,,איך האָב הײַנט געזען — צוויי ברידערלעך מיט א שוועסטערל! אַך, ווי שיין, ווי גרויס זיי זענען אויסגעוואַקסן! אָבער וואָס טוט מען מיט זיי?.. זיי זענען, נעבעך, נאַקעט און באָרוועס; א גליק, וואָס עס איז באָטש זומערצײַט! איך האָב זיי באַשטעלט א קוואַטיר מיט קעסט בא א באַקאַנטער אָרעמער אַלמנה, און וועל עפּעס זען פון־זייערטוועגן אַן אייצע... וואָס טו איך מיט זיי? אַך, טײַערע, ליבע ברידערלעך! מײַן שיינע, טײַערע שוועסטער לעבן! ווי די זון זענט איר שיין! ווי דער פרימאָרגן זענט איר לויטער! איר ווייסט נאָך פון קיין וועלט, פון קיין שלעכטס צו זאָגן! איר זענט נאָך גוט און ערלעך; ניט אַזוי ווי איך, וואָס מוז אַמאָל אַ ליגן זאָגן; וואָס מוז אַמאָל זיך מאַסקירן; וואָס מוז אַמאָל זײַן פאַלש און ניט אויסזאָגן דעם עמעס; וואָס מוז... נאָר, מײַנע ליבע, מײַנע טײַערע! וואַרט נאָר צו א ביסעלע: איך וועל זיך א ביסל אַרומקוקן, וועט אונדז אַלע זײַן גוט. מיר וועלן זיך באַזעצן אַלע צוזאַמען און וועלן אַלע אַרבעטן פלײַסיק, אָרנטלעך און וועלן ערלעך פאַרדינען אונדזער שטיקל ברויט, יעדער נאָך זײַן טאַלענט נאָך, און אונדזער אָרעמע מוטער מיט די קלענערע קינדערלעך וועלן מיר אויך אַהער אַרויסנעמען צו זיך, און מיר וועלן דאָס לעבן, אַך, וועלן מיר דאָס לעבן!.."

דעם זעלבן טאָג; פאַרנאַכט...

,,נאָרוואָס איך האָב אָפּגענומען א זאַקאַזנאָיע בריוו פון דער פּאָסט... אַפן קאָנווערט שטייט:

„רעדאַקציאָנ דעם „המליץ‟ אינ פּעטערסבורג‟... עס איז מיר פינצטער אינ מײַנע אויגנ; איכ זע ניט, וואָס איכ שרײַב; עס דרייט זיכ מיר מײַנ קאָפּ; עס קלאַפּט אינ מיר דאָס הארצ — אונ איכ ווייס ניט, וואָס מיט מיר טוט זיכ — הוה על הוה [1], א בראָכ אַפּ א בראָכ! איכ פאַרשרײַב אָט דאָ דעמ דאָזיקנ בריוו פונ דער רעדאַקציע „המליץ‟ לעזיקאָרנ אַפּ אייביק, אַפּ אייביק!

„אברך משכיל! סופר מהיר! משורר נשגב! מוה״ר [2] אריע-לײב!..

שוינ באַלד א יאָר צײַט, אז איר האָט זיכ אונטערגענומענ מוטשענ מענטשנ אומזיסט אונ אומנישט. איר האָט א ווילדע פאַנטאַזיע, אונ איר באַקט איינ ראָמאַנ נאָכ דעמ אַנדערנ אונ פאָדערט, אז מיר זאָלנ זיי דרוקנ. ווי ווײַט איר זענט ניט קיינ ראָמאַנ-שרײַבער, דאַרפנ מיר אײַכ ניט דערציילנ: איר וועט עלטער ווערנ, וועט איר אַלײנ לאַכנ פונ אײַערע פּוסטע פאַנטאַזיעס... נאָר ווייניק, וואָס איר מיינט, אז איר זענט א געבוירענער בעלעטריסט, ווײַזט זיכ אײַכ נאָכ אויס, אז איר זענט א פאָלקספירער אונ איר זאָגט דייעס אונ גיט אייצעס, ווי אַזוי דאָס ייִדנטומ גליקלעכ מאַכנ אַזוי. אַזוי... מיר ווייסנ ניט אײַער ייִכעס, ווער איר זענט; נאָר מיר פאַרשטייענ, אז איר זענט נאָכ גאַנצ יונג אונ ערשט ניט לאַנג פונ דער ברוסט אָפּגעריסנ געוואָרנ — אונ איר מישט זיכ אַרײַנ אינ אַזעלכע זאַכנ, ווי פאָלקס-אויסבילדונג, עקאָנאָמישע פאַרבעסערונג דער ייִדנ אינ רוסלאַנד אאַג. ! — נאָר דאָס איז נאָכ אַלצ ווייניק: איר באַשיט אונדז נאָכ מיט אײַערע גראַמענ, וועלכע איר רופט מיט דעמ נאָמענ „פּאָעזיע‟, אונ אײַכ דאַכט זיכ, אז מיר האָבנ מער ניט וואָס צו טאָנ, נאָר זיצנ איבער אײַערע נאַרישע פאַנטאַזיעס! נאָר דאָס איז נאָכ קאַרג; איר באַוואַרפט אונדז מיט אײַערע בריוו טאָג-טעגלעכ, אונ איר גיט אונדז גאָר קיינ כײַע-שאָ ניט! אַלקיינ, זאָלט איר ווייסנ זײַנ, יונגער מאַסקל, אז פונ הײַנט אָנ אונ ווײַטער וועלנ אײַערע בריוו נישט געעפנט ווערנ; אַלע אײַערע ווערק וועלנ אומגעזענ פּליענ אונטערנ טיש, אָדער גאָר אינ אויוונ אַרײַנ, מאַכמעס איר האָט זיכ שוינ דאָ בא אונדז אינ דער רעדאַקציע פאַרדינט אַזעלכע סאָנימ, וועלכע וואָלטנ אײַכ געבראָכנ די ביינער, ווענ מע זאָל אײַכ דאָ האָבנ — אַזוי שטאַרק האָט איר זיכ אונדז אײַנגעגעסנ, אַזוי טיפ

---

1 האוואָ אל האוואָ.

2 אוורייכ מאַסקיל! סויפּייר מאָהיר! מעשויריייר ניסגאָוו! מעהורער...— מאַסקילישער יונגערמאַנ! דערפאַרענער שרײַבער! דערהויבענער זינגער! אונדזער לערער רעב...

ליגט איר בא אונדז מיט די פיס אין הארצן!.. נאָר ביכדיי מיר זאָלן אײַך קאָנען פּאַטערן אַפּ טאָמיד, מוזן מיר אײַך דאָ געבן א פּאָר־מאָלנע מוידאָע אַפּ אַזאַ אויפן:

„מיר, אונטערגעשריבענע מיטאַרבעטער אין דער רעדאַקציע, שווערן אײַך בא אַלעם הייליקן, אַז איר קענט ניט שרײַבן, אַז איר וועט קיינמאָל ניט זײַן קיין ליטעראַטאָר, אַז ווײַל איר וועט לעבן, וועט אײַערס א וואָרט ניט זײַן געדרוקט אין ערגעץ; און אויב איר מיינט נאָך, אַז איר האָט כאָטש א שטיקל טאַלענט, זאָגן מיר אײַך נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, אַז איר האָט א גאַנצ גרויסן טאָעס!!!..”

נעוום...

אונעוום...

אונעוום...

אונעוום...

מיטאַרבעטער אין דער רעדאַקציאָן „המליץ”.

16 יולי...

„אַך עק! איך האָב אָנגעוואָרן מײַן פּעדער — איך קען שוין קיין וואָרט ניט שרײַבן... איך האָב א סאַך צו רעדן, זייער פיל צו שרײַבן. נאָר איך קען נישט, איך קען נישט!..”

18 יולי...

„דרײַ טאָג בין איך אַרומגעגאַנגען א דולער; דרײַ טאָג בין איך געווען א דערהאַרגעטער, א דערשלאָגענער, א מעשוגענער. — און יעצט? יעצט ווייס איך שוין גאָר ניט, ווו איך בין אין דער וועלט!.. עס איז מיר נאָך דאַמיט פיל ערגער, וואָס איך האָב אפילע ניט פאַר וועמען מײַן האַרצ אויסצוגיסן! אַך, ווו ביסטו אצינד, מײַן כאַווער, מײַן טײַערער כאַווער?.. אפילע די מאַדאַם שיינדעלע האָט מיך שוין אויך געפרעגט, וואָס איז מיר אַזעלכעס געשען, וואָס איך עס ניט און טרינק ניט און שלאָף ניט... און די מאַמזעל ראָזע האָט מיך שוין עטלעכע מאָל געפרעגט, וואָס איז מיט מיר?..”

דעם זעלבן טאָג; פאַרנאַכט..

„איך האָב געטראָפן מײַנע אָרעמע צוויי ברידערלעך מיט מײַן שוועסטערל אין טרערן: זיי האָבן מיך ניט געזען פון נעכטן אָן און האָבן שוין גערעכנט, אַז איך האָב זיי אַוועקגעוואָרפן... אַוועקגע־וואָרפן?.. אַך, קינדער! קינדער!.. וואָס זאָל איך טאָן פון־אײַערטוועגן? מיט וואָס זאָל איך אײַך העלפן? און די מאַמע? וואָס וועט די מאַמע זאָגן? אַך, מײַן קאָפּ! מײַן קאָפּ!..”

„וואָס איז דאָס מיט מיר געשענ? עס איז א כאָלעמ צי ניינ? ווו בינ איכ?.. איכ געדענק, אז איכ בינ אָט ערשט ארויסגעגאנגענ פונ ראָזעס צימער א צעמישטער, ווי דורכ א דונער א דערשלאָגענער, — אונ איכ ווייס ניט, פונוואנענ דאָס האָט זיכ צו מיר גענומענ!.. אומגליק יאָגט מיכ נאָכ פונ אלע זייטנ, אונ איכ ווייס ניט וואָס צו טאָנ אצינד, וווהינ צו אנטלויפנ פונ דעמ אומגליק, וואָס האָט זיכ צו מיר גענומענ?.. ערשט זייגער 10 פארנאכט בינ איכ ארייננגעגאנגענ צו ראָזענ אינ צימער ארייננ א בריוו צו שרייבנ... איכ האָב זיכ געהאלטנ באמ קאָפ; עס האָט מיר שטארק געבראָכנ מיינ קאָפ... זי האָט מיכ איניקע מאָל געפרעגט, וואָס האלט איכ זיכ באמ קאָפ, האָב איכ איר געענטפערט, אז עס איז גאָרניט... זי האָט די גאנצע צייט געקוקט אָפ מיר מיט אזעלכע גוטע אויגנ, אז איכ האָב דערפילט, אז זי איז דאָ די איינציקע, וועלכע האָט מיטלייד מיט מיר... ענדלעכ האָט זי זיכ צו מיר געווענדעט מיט די דאָזיקע ווערטער:

— איכ זע, איכ פיל, אז איר טראָגט עפעס בא זיכ אינ הארצנ אונ איר ליידט... איר דארפט, איר מוזט עמעצנ דאָס איבערגעבנ, וועט אייכ ווערנ די מינוט גרינגער... גלייבט מיר, אז איכ בינ אייכ... ניט קיינ סוינע... איר מעגט מיר זאָגנ... איר דארפט מיר זאָגנ... אוביפראָט... אז איכ בעט אייכ!

אירע ווערטער האָבנ זיכ מיר אויסגעוויזנ אזוי ערנסט, אזוי געטריי, אז איכ האָב זיכ ניט געקאָנט איינהאלטנ אונ האָב אָנגעהויבנ צו רעדנ, צו רעדנ מיט הארצ, מיט פייער... עס האָט זיכ בא מיר פלוצעמ געעפנט א קוואל, אונ איכ געדענק שוינ אליינ ניט אקוראט, וואָס איכ האָב איר דערציילט; איכ געדענק נאָר, אז איכ האָב איר איבערגעגעבנ, וועלכע ווערק איכ האָב געשיקט אינ די רעדאקציעס, אונ וויאזוי אומאָרדנטלעכ מע האָט מיכ דאָרטנ באהאנדלט — אונ אלעס נאָר פאר קינע, פאר קינע — ניט אנדערש!.. בא די דאָזיקע ווערטער האָט זיכ די מאמזעל ראָזע געאינטערעסירט צו וויסנ דעמ אינהאלט פונ מיינע ווערק, אונ איבערהויפט פונ מיינ גרויסנ ראָמאנ. זי האָט מיכ זייער געבעטנ, אונ איכ האָב איר אינקורצנ איבערגעגעבנ דעמ אינהאלט פונ דעמ ראָמאנ, פונ מיינ זעלטענעמ ראָמאנ: „וויאזוי דער העלד, אנ אָרעמער, נאָר א שיינער אונ א העכסט געבילדעטער באָכער, האָט זיכ אוועקגעלאָזט אָפ דער וועלט רייזנ מיט זיינעמ א כאווער, אויכ זייער אנ ערלעכ קינד... וויאזוי זיי זענענ אויסגעפאָרנ די גאנצע וועלט אינ דער לענג אונ

אינ דער בריט... ווי־אזוי זיי האָבנ אינ יעדנ אָרט, ווו זיי האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט רוענ, זיכ צוגעקוקט צו די שלעכטע אונ צו די גוטע מידעס פונעמ אוילעמ... ווי־אזוי זיי האָבנ אומעטומ געזאָגט א מוסער־האסקל, אונ ווי־אזוי מע האָט זיי געענטפערט מיט שטײנער אונ געיאָגט אונ גערוידעפט... ווי־אזוי דער העלד האָט דערזענ זײער א שײנע פרײַלנ מיט בלויע אויגנ אונ מיט בלאָנדע האָר אונ האָט זיכ אינ איר אײַנגעליבט שרעקלעכ... ווי־אזוי דאָס פרײַלנ מיט די בלויע אויגנ אונ מיט די בלאָנדע האָר האָט זיכ פונ איר זײַט אויכ אײַנגעליבט אינ דעמ יונגנ שײנעמ העלד שרעקלעכ, מוירעדיק... ווי־אזוי זיי האָבנ זיכ איבערגערעדט מיט ווונק דורכ די פענצטער... ווי־אזוי דאָס רײַכע פרײַלנ איז געווענ אפ א כאסענע בא אירע א קוזינע, אונ דער העלד איז אויכ געווענ דאָרטנ... ווי־אזוי זיי האָבנ זיכ דערזענ אונ דורכגעוואָרפנ מיט רייד... ווי־אזוי „זי" האָט געטאנצט אונ געוואָרפנ מיט אירע בלויע אויגנ אפ „אימ", אונ ווי־אזוי „ער" איז זיכ געזעסנ אינ א ווינקעלע פארזאָרגט מיט פײַערדיקע אויגנ, אונ אינ זײַנ הארצנ האָט זיכ אָנגעצונדנ א העליש פײַער פונ זעלטענער־זעלטענער ליבע... ווי־אזוי „אירע" עלטערנ האָבנ „זי" געהיט, אז „זי" זאָל כאס־וועשאָלעמ ניט אויסריידנ קײנ וואָרט מיט א באָכער, אונ ווי־אזוי „ער" איז געווענ גרייט יעדע מינוט, יעדע רעגע אופכאפּנ זיכ פונעמ אָרט אונ צעטראָגנ „אירע" עלטערנ אפ שטיק־שטיקלעכ אונ כאפּנ „זי" בא דער האנט אונ אויסשרײַענ מיט א קאָל פאר דעמ גאנצנ אוילעמ: „אתם עדים רבותי 1, אז דאָס האָזיקע מיידל איז מײַנ קאלע! איכ באגער אינ איר, אונ זי באגערט אינ מיר, אונ מיר זענענ כאָסנ־קאלע!.." אונ נאָכדעמ ווערט באשריבנ די נאכט, א שײנע, א צויבערלעכע זומערנאכט... די לעוואָנע מיט די שטערנ טוענ זיכ איבערווינקענ צווישנ זיכ אפ זײער אײגענע שפּראכע... די ביימער בליִענ... די פרוכטע שמעקנ זײער צערטלעכ... דער סאָלאָוויי זינגט זײַנ זומער־ליד... צוויי „ליבנדע" גייענ דאָ געארעמט... קוימ־קוימ, וואָס מע זעט זיי אָנ... „ער" האלט „זי" אינ „זײַנע" אָרעמ, אונ „זי" לייגט איר שײנעמ קאָפּ מיט די בלאָנדע האָר צו „אימ" אפ די הויכע אקסלענ... א שרעקלעכ שטילשווײַגעניש טוט רוענ אינ דער דאָזיקער נאכט, אינ דער דאָזיקער געטלעכער נאכט!.. עס הערט זיכ נאָר א טיפער זיפצ פונעמ הארצנ... [דאָס] האָט „זי" א זיפצ געטאָנ... נאָכ דעמ

1 אטעמ איידימ, ראבויסײַ — איר זײַט איידעס. מײַנע הארנ.

הערט זיך א קרעכץ... דאָס האָט „ער" א קרעכץ געטאָן און „זי" צוגעקוועטשט נאָך שטאַרקער צום האַרצן... „זי" האַלט צוגעמאַכט די אויגן, אירע שיינע בלויע אויגן, און האָט זיך צוגעקוועטשט צו „אים" נאָך שטאַרקער און שטאַרקער... „אַך, יעליזאַבעטאַ!.." „אַך, מאַרקוס!..." פּלוצלים . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . „פּלוצלים!.. איך ווייס ניט פונוואַנען און וויאַזוי, נאָר מײַן קאָפּ איז שטאַרק־שטאַרק אַרומגענומען בײַ דער מאַמזעל ראָזע שאַרפשטיין אין די אָרעם, און הייס, פּלאַמ־פּײַערדיקע קיש באַדעקן מײַן האַלדז, מײַנע אויגן, מײַנע ליפּן, און זי קוועטשט מיך און זי דריקט מיך שטאַרק־שטאַרק צו איר האַרץ!..

וואָס באַטײַט דאָס? וואָס הייסט דאָס?

איר געזיכט איז שרעקלעך; אירע אויגן ברענען; דאָס האַרץ וואַרפט זיך איר; זי קוקט אַף מיר אַזוי בייז, אַז עס ווערט מיר קאַלט אין אַלע מײַנע אייוורים... איך רײַס זיך אויס פון אירע הענט און בלײַב שטיין אינמיטן צימער א פאַרשטיינערטער, א הילצערנער... איך וויל עפּעס אויסרעדן, ריִרט זיך מיר ניט די צונג... מיר שטייען איינס אַקעגן אַנדערן א צײַט און קוקן זיך אין די אויגן אַרײַן, ביז די מאַמזעל ראָזע שאַרפשטיין גייט צו צו מיר נאָענט, גאַנץ נאָענט מיט קאָפּ, און שרײַט מיר אויס גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן: „דור־ראַק!!!" — און לויפט אַרויס פון איר צימער, א קלאַפּ טוענדיק מיט דער טיר... וואָס הייסט דאָס?.. אַ! איך פאַרשטיי שוין! איך פאַר־שטיי! — מײַן ראָמאַן . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

ענדע פונעם דריטן טייל

## 1. די גאס

די באַרדיטשעווער גאס — איז די גרעסטע גאס אינ אונדזער שטאָט. זי הייבט זיכ אָנ פונ דעמ קרעפּאָסט אונ לאָזט זיכ אויס אַזש באַמ געלנ קלײַזל, אָט דאָרט, וווּ דער מאַרק שטעלט זיכ אויס. אַקעגנ ליבּצע רעב אַרנס, וואָס האָט אַוועקגעקויפט בא פייגע בערישעס די שטוב פאַר פינפ אונ פערציק קערבלעכ; זי איז אַ מעציע זעכציק, מאַכמעס ערשט פאַר אַכט יאָרנ צוריק האָט זי בעריש אָלעווו־האַשאָלעמ איבערגעדעקט מיט שינדלענ אונ האָט זי אונטערגעשפּאַרט מיט 2 נײַע דרוקעס... האַקלאַל, די באַרדיטשעווער גאס איז אומגעהייער גרויס, אונ ווענ מע זאָל זי קענענ אויסמעסטנ, וואָלט מענ ערשט אַרויסגעזענ איר לענג. נאָר מעסטנ קאָנ מענ זי ניט, ווײַל זי איז פול מיט בערג אונ מיט טאָלנ, מיט גריבער אונ מיט קליינע גריבלעכ, אונ די הײַזער אַליינ קומענ אויכ אויס מעשונע געדרייט, איינס איבערנ אַנדערנ, קימאַט אַלע אונטער איינ דאַכ, אָנ הייפ, אָנ גערטנער, אַזוי אַז די גאַנצע גאס אונדזערע האָט אַ פּאָנעמ ווי אַ גרויסער, אַ גאַנצ גרויסער הויפ, ווי אַ דוואָרעצ לעהאַוודל!.. אונ דערפאַר טאַקע זענענ מיר דאָ אַזוי היימיש, נישט פאַרפרעמדט כאַס־וועשאָלעמ, אונ ווייסנ איינער, וואָס עס קאָכט זיכ בא דעמ אַנדערנ, אַזוי אַז איר וועט אָנכאַפּנ אַפ אונדזער גאס אַ מינדסט קינד, וועט עס אײַכ דערציילנ, וווּ איכ זיצ, וויפל צאָל איכ דירע־געלט, וויפל פאַרדינ איכ אַ וואָכ, ווי:אַזוי בינ איכ הײַנט מיטנ ווײַב אונ וואָס רעכנ איכ געבנ מײַנ טאָכטער נאַדנ! בא אונדז אַפ דער באַרדיטשעווער גאס איז אײַנגעפירט, אַז גאָט גיט אַ סימכע, פרייענ זיכ אַלע, אונ ווענ כאָלילע־כאָלילע עפּעס אַנ אומגליק, זענענ מיר אַלע דאָ פונ קליינ ביז גרויס! ניט הײַנט געדאַכט, ניט פאַר קיינ ייִדי־שער שטאָט געדאַכט, אַז פ ע ר ע ל ע  ד י  ש י י נ ע איז אַנטלאָפנ מיטנ שרײַבער, זענענ מיר אַלע ניט געשלאָפנ גאַנצע דרײַ נעכט אונ קיינ עסנ איז אינ אונדזער מויל נישט אַרײַנגעקומענ! אַ קינד איינ ווי־געלע האָט נישט גערוט, אונ עס איז בא אונדז געווענ כוישעכ־כוישעכ!

(אזוי ווי עס ווערט דאָ באשריבנ וויטער מיט א צוויי קאפּיטלעכ). אינ אונדזער שטאָט זענענ דאָ נאָכ גאסנ, ווו יידנ זיצנ, נאָר מיר געהערנ זיכ מיט זיי קאָרג־וואָס אָנ; מיר האָבנ זיכ אונדזער קלויז, אונדזער בעסמעדרעש, אונדזער מערכעצ לעהאוודל, אונדזער העקדעש, אונדזערע שאָכטימ מיט אונדזערע ראבאָנימ; אונ איר מעגט שוינ זיינ זיכער, אז פונ דעמ פרעמדנ שויכעט וועלנ מיר קיינ פלייש ניט עסנ אונ בא א פרעמדנ ראָוו קיינ שיילע ניט פרעגנ... רעדנדיק פונ א ראָוו, קענ איכ זיכ ניט איינהאלטנ צו דערציילנ, וואָס בא אונדז, אפ דער באָרדיטשעווער גאס, האָבנ [האָט מענ?] געטאָנ פאר א ראָוו. טייכנ בלוט האָבנ זיכ געגאָסנ אינ די גאסנ, הימל אונ ערד האָט זיכ געוויגט, קינד־אונ־קייט זענענ וואכ געווענ. אונ דעמ געשריי מיט דעמ ליארעמ האָט מענ באדארפט הערנ פונ איינ עק וועלט ביז דעמ אנדערנ! די מייסע איז אזוי געווענ:

איש היה בבית המדרש הישנ 1 — א מענטש איז געוועזנ אינ אונדזער אלטנ בעסמעדרעש, ושמו מ יי ע ר ל — אונ ער האָט געהייסנ מייערל. זיינ פאָטער איז געווענ א שאמעס בא אונדז אינ אלטנ בעסמעדרעש אונ איז געווענ זייער א גרויסער עוויענ, האָט ער נישט געקאָנט צאָלנ קיינ סכאר־לימעד פאר זיינ בענ־יאָכיד מייערלענ, וועלכער האָט זיכ געוואלגערט אינ בעסמעדרעש צווישנ אונדז יונגעלייט, אונ איז געווענ בא אונדז קימאט א מעשאָרעס, אונ דערפאר פלעגנ מיר מיט אימ אמאָל אָפּלערנענ א פארשע כומעש מיט ראשי, א קאפּיטל פּאָסעק, אונ אז ער איז עלטער געוואָרנ — א בלעטל געמאָרע אויכ, אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז מייערל האָט אָנגעהויבנ צו לערנענ גאָר אפ אנ אנדערנ אויפנ אונ איז געוואָרנ פּאָשעט א כאריפ! א קאָפּ האָט ער געהאט זייער א געזונטנ, אונ דערצו איז ער נאָכ געווענ א ווילדער מאסמיד אויכ, האָט ער באקומענ א שעמ, אונ מע האָט אימ באלד געגעבנ א קאלע מיט דריי הונדערט קערבלעכ נאדנ אונ מע האָט אימ צו מאזל באסענע געמאכט. ווי דער שטייגער איז, האָט מענ דאָכ אימ געהאלטנ עטלעכע יאָר אפ קעסט, אונ ער איז אלצ געזעסנ אינ בעסמעדרעש אונ האָט יוימאָמ־וואָליילאָ געלערנט, — ביז רעב כאַימל ז״ל איז געשטאָרבנ. האָבנ מיר געמאכט אנ אסיפע אונ האָבנ געקרוינט אונדזער מייערל פאר ראָוו אינ דער באָרדיטשעווער גאס, — אונ פונ יענער צייט אָנ האָט ער געהייסנ מיט דעמ נאָמענ ר ע ב מ יי ע ר ל ד ע ר ב א ר ד י ט ש ע וו ע ר. —

---

1 איש האָיאָ בעוויס האמעדראָש האיאָשאָנ.... אושמוי.

א יאָר דרײַ האָט ער בא אונדז געוועלטיקט; דרײַ יאָר האָבנ מיר געגעסנ פונ זײַנע שיסלעס; דרײַ יאָר האָט ער אונדז געמישפּעט; דרײַ יאָר האָבנ מיר געהערט זײַנע אייצעס; ער איז געוועזנ זייער א קלוגער, אנ ערלעכער אונ זייער א ווילער ראָוו!

וויהי האיוים — פּאַרלויפט זיכ א מײַסע בא אונדז, אפ דער באַר־דיטשעווער גאַס, איז אָנגעקומענ א מויכער־ספאָרימ אונ האָט זיכ אופּ־געהאַלטנ באַמ ראָוו עפּעס א קליינע צײַט אונ האָט זיכ פאַרקויפט פּאַ־וואָלינקע זײַנ ביסל סכוירע: סידורימ, כומאָשימ, מישנײַעסנ, שולכנ־אָרעכס, ציצעס, מעזוזעס, רעצועס אונ אזוי ביכלעכ, סיפּורײ־מײַ־סעס, חדושי בעש״ט[1] אאַז״וו. אונ קיינעמ איז אפילע אפ די געדאַנקענ נישט געקומענ, אז בא דעמ מויכער־ספאָרימ, וואָס יעדער האָט אימ געקענט פאַר א קאָשערנ ײַדנ, זאָלנ זיכ געפינענ לעווינזאָנס ביכלעכ! נאָר גאָט באָרוכ־הו פירט זיכ דאָס וועלטל מיט זײַנ האַשגאָכע, דאַרפ ער מיסטאָמע מאַכנ אזוי בעריז׳ש, אז מע טרייסלט אויס אומגערנ בא דעמ דאָזיקנ מויכער־ספאָרימ צוויי שיינע ביכלעכ: ל ע ו ו י נ ז א נ ס מיט ל י ל י ע נ ב ל ו מ ס! א געשריי, א געפּילדער, אהינ, אהער, — דער באָכער האָט זיכ מוידע געוועזנ, אז ער האָט בא זיכ אינ זעקל א גאַנצנ פּאַק מיט אַזעלכע ביכלעכ, אונ אויב מע וויל וויסנ, וואָס דאָס איז, זאָל מענ פרעגנ בא רעב מייערל באַרדיטשעווער, וועט ער שוינ דערציילנ, וואָס דאָרטנ שטייט!!..

מײַנ פּענ איז זייער שוואַכ, מײַנ צונג טוט שטומענ, אונ מײַנע לעפּצנ זענענ פאַרשטאָפּט, אונ איכ בינ גאָר ניט אימשטאַנד צו באַ־שרײַבנ אײַכ א טויזנט־כיילעק פונ דעמ, וואָס עס האָט זיכ בא אונדז געטאָנ!!! מייערלענ האָבנ מיר באַלד אראָפּגעוואָרפנ פונ דער שטול, אונ דערפונ איז ארויס א מאַכלויקעס, א מילכאָמע אפ א סאַכ יאָרנ, מאַכמעס די יונגעלײַט פונ דער זשיטאָמירער גאַס האָבנ זיכ אָנגענו־מענ פאַר רעב מייערלענ אונ האָבנ אימ געקרוינט פאַר ראָוו מיט דאַיענ אינײנעמ, — אונ אזוי זענענ געוואָרנ בא אונדז צוויי פּאַרטיעס: די ב א ר ד י ט ש ע ו ו ע ר מיט די ז ש י ט א מ י ר ע ר!

וויפל מעסירעס זענענ דענסטמאָל געוועזנ, וויפל נעגידימ זענענ אָרעמ געוואָרנ, וויפל מענטשנ זענענ פונ דער וועלט געגאַנגענ פונ דעמ מאַכלויקעס, וואָס איז פאָרגעקומענ צווישנ די ב א ר ד י ט ש ע־וו ע ר מיט די ז ש י ט א מ י ר ע ר!.. אדרהאַיאָמ קענ מענ נאָכ אי־בערלייענ בא אונדז אינ דער אלטער קלויז אפ פּאַרמעט מיט גרויסע אויסיעס, צוגעשלאָגנ פונ אויבנ אפ דער טיר בעזע האַלאָשנ:

---

1 כידושיי־בעשט (באַלשעמטויוו).

„המדבר עם זשיטאָמירער כאילו אוכל חזיר בפורהסיה“[1].
(ווער עס רעדט מיט א זשיטאָמירער, איז גלייכ ווי ער פרעסט כאזער אינמיטנ העלנ טאָג!).

דאָס אייגענע אָבער קענט איר געפינענ בא אונדז אינ דער זשיטאָמירער קלויז, נאָר אפ אנ אנדער אויפנ:

„המסתכל בפני באַרדיטשעווער צריך טבילה ממש כאשה טמאה“[2].
(ווער עס קוקט אפ א באַרדיטשעווער, דארפ זיכ טוווּל זיינ ווי אנ אשה טמאה[3]...)

יעצט, ליבער לעזער, קענט איר שוינ האָבנ א שטיקל באגריפ פונ אונדזער גאס, פונ דער באַרדיטשעווער גאס, פונ וועלכער איכ האָב דאָ אויסגעקליבנ איניקע טיפנ צו באקענענ אייכ מיט זיי. צי זענענ מיינע טיפנ ריכטיק אָדער פאלש, צי האָב איכ געטראָפנ אָדער ניט, צי האָב איכ דאָס אלעס גוט איבערגעגעבנ אָדער שלעכט, צי זענענ זיי פאר דעמ לעזער אינטערעסאנט אָדער ניט — דאָס וועלנ מיר זענ ווייטער; נאָר דאָס ערשטע קאפיטל איז קלאָר געענדיקט, אונ מיינ פעליעטאָנ איז פארטיק...

## II. דער אָנזעצער (באנקראָט)

פונקט אומ ערעוו טישעבאָוו, ווענ די קלייטנ זענענ נאָרוואָס צוגעמאכט געוואָרנ, אונ אלע ייִדנ האָבנ זיכ געקליבנ צו פארפאסטנ אונ גיינ צו קינעס, איז אפ דער באַרדיטשעווער גאס ארויס א קלאנג, אז יאָסל צעלניקער, יאָסל צירעלעס האָט אָנגעזעצט!.. איר פארשטייט, וואָס דאָס הייסט: יאָסל צעלניקער האָט אָנגעזעצט? גייִנ, איר פארשטייט ניט, וואָס הייסט יאָסל צעלניקער האָט אָנגעזעצט... ריישים־כאָכמע, דארפנ מיר וויסנ, ווער איז יאָסל אונ וואָס איז יאָסל, פונוואַנענ וואַקסט ער אונ וואָס איז מיט אימ דער מער! שעמט זיכ ניט, ליבער לעזער, יאָסל איז פריִער געווענ קאָל־יאָמאָוו א קלייטמעשאָרעס בא רעב ליפע דעמ טויבנ, וועלכער איז געשטאָרבנ, אויב איר געדענקט, אינ דער ערשטער כאָליערע, ניט היינט געדאכט, מיט א סימענ, אז מע האָט אימ אומ שאבעס באהאלטנ. בא דעמ דאָזיקנ ליפע דעמ טויבנ איז יאָסל אופגעצויגנ געוואָרנ, אויסגעוואקסנ, געוואָרנ א

1 האמעדאבייר אימ זשיטאָמירער קעילו אויכייל כאזיר בעפארהעסיאָ.
2 האמיסטאקייל ביפניי באַרדיטשעווער צאָריכ טווילאָ מאמעש קעישאָ טמייאָ.
3 אישאָ טמייאָ — אנ אומריינע פרוי.

מענטש, ארויס צווישנ לײַט, צונויפגעשלאָגנ א קערבל, א היפּש קערבל, אָבער גאָר א היפּש קערבל! — אונ איז אליינ געוואָרנ בא אונדז א צעלניקער... ביסלעכווײַז אונ פּאַוואָלינקע האָט ער זיכ אײַנגעפירט דאָס געשעפט, געפאָרנ אפ די יארידימ, באקומענ א קאפּעטשקעלע קרעדיט, געוואָרנ א שטיקעלע באָטועכ בא אונדז אפ דער באַרדיטשעווער גאָס ביז דרײַ הונדערט קערבלעכ — אפ מיר געזאָגט געוואָרנ, ריבוינע־שעל־אוילעמ, מיט אײַכ, ליבער לעזער!... בעטעווע איז יאָסל געווענ א שטילער, אז מע האָט פונ אימ קיינ פּארע ניט געהערט, אונ א גאנצ ערלעכער, אָנ כאָכמעס, ווי מע זאָגט... שטיל אונ פּײַנ וואָלט ער זיכ זײַנ וועלטל אָפּגעשטערכעט, בעקאָוועד אונ בארוט, וואָרעמ וואָס? — איכ בעט אײַכ — א באלשעפּע איז ער געווענ, אפ אלע יידנ געזאָגט געוואָרנ! קרעדיט האָט ער געהאט, פּארנאָסע האָט ער געהאט ברייוח ולא בצמצום 1, אונ געלט אויכ א ביסעלע — ניט קיינ סאכ, א קערבל אכציק, נײַנציק אָדער עפּשער טאקע אינגאנצנ הונדערט — נו, וואָס זשע נאָכ? זאָגט זיכ אָבער שלוימע־האמעלעכ... איכ געדענק נישט אקוראט, וואָס ער זאָגט, נאָר מיר דאכט זיכ, זייער א גלײַכ וואָרט... בעקיצער, זײַנ ווײַב האָט געהייסנ צירעלע!... דאָס זאָלט איר האָבנ א קלאל פונ א באָוואלעצ (געניטער מענטש), אז וויבאלד נאָר פּארצויגנ: צירעלע, מירעלע, פּערעלע, שערעלע — איז א שלאק, א צאָרע שעלוי טאָווי, א שלאנג, א מאנפרעסערנ, מיט א פארשנורעוועט פיסקעלע, ווי אונדזער געוויסער זשארגאָניסט מ. ספּעקטאָר מאָלט אויס זײַנ יידענע אינ דעמ דערציילונג „רעב טרײַטל”. לאנג דארפ איכ אײַכ ניט דערציילנ, וויאזוי צירעלע, וועלכע איז פריער געווענ א דינסט־מיידל אונ איז דאָ אזוי באגליקט געוואָרנ, אז זי איז גאָר געוואָרנ א צעלניקערנ, קימאט די ערשטע צעלניקערנ אפ דער באַרדיטשעווער גאס, האָט זי מיסטאמע געטריבנ יאָסלענ אינ דער ערד ארײַנ דערפאר, וואָס איר האָט זיכ געגלוסט פּונקט אזא מענטעלע ווי בא מירעלע דער גראָבער, אונ דערפאר, וואָס צירעלע האָט ניט געוואָלט זיצנ מיט דרײַ ערטער נידעריקער פונ מירעלענ אינ קלויז אפ דער שפּיגלבאנק, אונ נאָכ אזעלכע פּארשיידענע קאפּריזנ! אזוי לאנג האָט זי געהערשט איבער אימ, אזוי לאנג האָט זי מיט אימ געקנעלט, ביז זי האָט אימ באוויזנ, ווי מ. ספּעקטאָר זאָגט, אז זי איז ווײַב, אונ ער—מאנ!.. עס פּארשטייט זיכ, אז אינ א קורצער צײַט איז יאָסל געוואָרנ אויס יאָסל, נאָר יאָסל צירע־

1 בערעוואכ ועלוי בעצימצום — גאנצ ברייט — אונ ניט קארג.

לעם!.. יאָסל האָט נאָר געוווּסט איין זאַך: פאַרן אײַנקויפן און ברענגען סכוירע און שטיין און קוקן, ווי צירעלע פאַרקויפט, און בא יעדער מין סכוירע זאָגן איר דעם פּרײַז.

— יאָסל, א מאַקע דיר אין פּאָנעם, יאָסל! ווי טײַער זאָל איך לייזן אָט דאָס קנעפּל?

— יאָסל, א מאַקע דיר אין בויך, יאָסל! וואָס קאָסט מיך אָט דאָס בײַוועלע?

— יאָסל, א שטעכעניש דיר אין האַרצן, יאָסל! וואָס זאָל איך נעמען פאַר א טוץ נאָדלען? אזוי...

קיין כעשבנ האָט יאָסל ניט געקענט פירן, און צירעלע האָט ניט באַדאַרפט פירן, מאַכמעס דאָס איז אַנ איבעריקע זאַך: קוינים, דאַנקען גאָט, איז דאָ א סאַך, דאָס קערבל שלעפּט זיך, א רענדל אראָפּ, א רענדל אַרויף — צו גאָט דערלייגט מען ניט!.. נאָר וואָס מער מע האָט געלייזט, איז אַלץ ווינציקער געוואָרן סײַ אין די שאַפּקעלעך סײַ אין די קעשענעס — האַקלאַל, מע האָט זיי צעטראָגן די ביינער און מע האָט געגאַנוועט אומבעראַכמאָנעס! יאָסל האָט דערפון ניט געוווּסט, און ווײַל ער איז געווען זייער אַנ ערלעכער, האָט ער ליב געהאַט יעדן צו גלייבן אַפּ נעמאָנעס, און צירעלע האָט יאָ עטלעכע מאָל באַמערקט, ווי עסטער־מאַלקע די נעגידעסטע שלעפּט סטעננגעס אין די אַרבל, נאָר זי האָט אָבער קיין צײַט ניט געהאַט אָפּצוגעבן זיך מיט אַזעלכע זאַכן: זי איז געווען פאַרנומען מיט אירע גאַבעטעס מיקויעכ מירעלע דער גראָבער און מיקויעכ דער שטאָט אין דער שפּיגלבאַנק אדג., אזוי האָט זיך דאָס געשעפט געפירט שיין, פײַן, שיין ביז ערעוו טישעבאָוו, דעם טאָג, פון וועלכן איך הייב אָנ דערציילן די דאָזיקע מײַסע...

דער טישעבאָוו איז אַוועק, ווי אַלע טישעבאָוו: די יידן האָבן געקלאָגט אַפּ כורבנ־בייס־האַמיקדעש, די ווײַבער — אַפּ טיטוסן מיטן אײַזערנעם פויגל, וואָס האָט אים געבעכ געפּיקט אין קאָפּ אַרײַן טאָג ווי נאַכט, און די קונדייסים, די ווײַסעכעוורעניקעס, האָבן פאַרוואָרפן אַלטע יידן מיט בודיקעס, ווי דער מינהעג איז, און אָפּדערנאַכט, צום אָפּפאַסטן, האָט מען גענומען צו קאַפּעלעך בראָנפן און מע האָט געמאַכט א שמועס מיקויעכ יאַסעלעס אָנזעצ... קיין שלאָף איז ניט געקומען אַפּ אונדזערע אויגן! די גאַנצע באַרדיטשעווער גאס איז אויפגעווען די דאָזיקע נאַכט, און מע האָט אַלץ געשמועסט מיקויעכ יאַסעלעס אָנזעצ, מיקויעכ צירעלע דער צעלניקערן און מיקויעכ דעם, וואָס וועט היינט זײַן מיט יאַסעלען, און ווזאזוי און וואָס און ווען וועט היינט זײַן מיט צירעלע יאַסעלעס? אזוי...

די נאַכט איז איבערגעלאָפן, ווי אַ כאַלעמ, דער מאָרגנשטערנ האָט אויפגעבראָכנ זײַנ ליכטיקײַט אינ דעמ לויטערנ הימל, די זונ איז אַרויס פונ איר פוטערפּאַס אונ האָט באַגאָסנ מיט אירע גילדענע שטראַלנ די באַרדיטשעווער גאַס, וועלכע האָט שוינ געקאָכט, ווי אַ קעסל, פונ גאַנצפרי, — אונ צירעלע דער צעלניקערנס שטוב איז געווענ באַדעקט מיט אַנ איידע פונ ייִדנ, ווײַבער אונ קינדער!... עס איז שווער איבערצוגעבנ, וואָס עס האָט זיכ דאָרט געטאָנ! אַלערליי קוילעס, געשרייענ מיט געוויינ האָט זיכ געהערט פונ דער מאַסע מענטשנ; דאָ זענענ נעווענ אַלע קרעדיטאָרנ, אַלע פּראָצענטניקעס מיט די טויטע פּענעמער אונ אַלע וויסטע אַלמאָנעס מיט יעסוימעס, וואָס האָבנ געשאָלטנ צירעלענ מיט יאָסל צירעלעס פאַר די איינציקע עטלעכע גילדנ, אַזוי אַז זייער געוויינ איז געגאַנגענ גלײַכ אינ הימל אַרײַנ!.. צווישנ אָט די אַלע קוילעס האָט זיכ געלאָזט הערנ צירעלעס קאָל אויכ מיט אַ קוויטש, מיט אַ געוויינ אונ מיט פאַרשיידענע קלאָלעס אונ יעלאָלעס... אונ יאָסל צירעלעס? יאָסל צירעלעס איז געשטאַנענ טויט ווי די וואַנט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגנ, פונ וועלכע עס האָבנ זיכ געקויקלט ביטערע טרערנ... איינער פונ די קרעדיטאָרנ, אַ דאַמסקע שנײַדערל, האָט אימ אָפּגעשטעקט היפּשע עטלעכע פּעטש אונ האָט פאַרטײַטשט אַפ שנײַדערש דעמ פּאָסעק: „את הקולות ואת הלפּידים“ 1 — „אַ מיסע משונע אַפ אַלע צעלניקער!“...

וואָס ווערט אָבער פונ דעמ געפילדער? שרײַ הײַנט, שרײַ מאָרגנ — קיינ געלט איז ניטאָ!.. מע דאַרפ זיכ נעמענ מיט טאַקיפעס, מע דאַרפ זיכ מיט אימ לאָדנ אונ אויסלאָדנ דאָס געלט, וואָס ער (יאָסל צירעלעס) האָט אָפּגעראַבעוועט אַ גאַנצע גאַס, קימאַט אַ גאַנצע שטאָט מיט ייִדנ!

מיר האָבנ זיכ אַפ דער באַרדיטשעווער גאַס אונדזער אייגענעמ אַדוואָקאַט, וועלכער שרײַבט אונדז פּראָשעניעס אַפילע צומ קייסער אַליינ; ער הייסט „מוישע־מענדל קאָפּמענטש“; ער איז שוינ נישט קיינ יונגערמאַנ, אונ מע דערציילט אַפ אימ, אַז פריִער מיט אַ יאָר 30, ווענ דער גראַפ האָט נאָכ געלעבט, האָט ער געוואָלט אויסלאָדנ באַמ גראַפ די קלייטנ אַפ ייִדישע אוילעמעס אונ איז אָפּגעזעסנ אַ יאָר זעקס אינ פּעטערבורג, ביז דער אַלטער גראַפ אָלעוו־האַשאָלעמ האָט אימ געשיקט רופנ צו זיכ דורכ זײַנ אַדיוטאַנט, עפּעס אַ גרויסנ גענעראַל מיט אַ זילבערנער קאַרעטע, אונ האָט געהאַט מיט אימ זייער אַ לאַנגנ וויקועכ אונ האָט פּריזנאַיעט פאַר אַלע גענעראַלנ, אַז מוישע־

1 עס האַקוילויס וועס האַלאַפּידים — די דונערן און די בליצנ

מענדל איז א ,,קאָפּמענטש", אונ האָט אים א קוש געטאָנ אונ שטערנ...
פונ דעמלט אָנ זענענ זיי שאָלעמ געוואָרנ, אונ די קלייטנ זענענ ווײַ־טער דעמ גרויסנ קלייטנ אדרהאיאָמ־האזוע... אונ מוישע־מענדל האָט געיארשנט דעמ נאָמענ: ,,קאָפּמענטש"...

שוינ לאַנג האָט מוישע־מענדל קאָפּמענטש אזא צײַט ניט געהאַט, אזא צײַט פונ פּראָשעניעס שרײַבנ אונ אײַנגעבנ וועקסלענ, ווי אצינד, ווענ יאָסל צירעלעס האָט אָנגעזעצט אפ דער באַרדיטשעווער גאַס! אינ א פאַרלויפ פונ איינ וואָכ האָט ער אָנגעשריבנ עטלעכע אונ זיבע־ציק פּראָשעניעס!.. אלע טאָג האָט מענ געשלעפּט יאָסלענ מיט צירע־לענ אינ ,,גלאַסני סוד" ארײַנ אונ מע האָט געמאָנט בא זיי אלעמאָל א נײַעמ כויוו... דער פּריסטאַוו האָט א מאָל אכט איבערגעשריבנ די בעבעכעס, צוגענומענ דאָס גאַנצע מעש מיט די שאַבעסדיקע מאַלבו־שימ, פאַרקויפט די קו מיט דעמ קאַלב פאַר א דוואַר־כינאָמ. אונ ענד־לעכ האָט מענ צוגעזעצט א ,,זאַקוציע" (עקזעקוציע) — א גוי מיט א לאַנגנ שטעקנ, וואָס פלעגט קומענ אלע פרײַטיק־צונאַכטס, אויסטריג־קענ דעמ קידעש, איבערקערנ האָראָקאָרע, אויסגיסנ די פּאָמאָניצע אינ־מיטנ שטוב, עפענענ דעמ טשאָלנט אונ איבערשרעקנ אפ טויט די קינ־דער אינ די וויגעלעכ... עס האָט אָבער אויכ נישט געהאָלפנ: זיי האָבנ זיכ אײַנגעשפּאַרט אונ האָבנ געשריגנ מיט טרערנ אינ די אויגנ: ,,ניינ, מיר האָבנ ניט א גראָשנ!"...

קיינ שומ ביזיונעס אפ דער וועלט האָט נישט געהאָלפנ! וויפל מאָל האָבנ בעוורע שקאָצימ פאַרטריבנ יאָסלענ פונעמ בעסמעדרעש מיט א גאַנצ גרויסנ פּאַראַד אונ מיט א ,,הורא, אָנזעצער!"..... וויפל קלאָלעס מיט פּעטש האָט נעבעכ צירעלע געכאַפּט בא די יאַטקעס אונ בא די פיש פונ אירע אמאָליקע גוטע שוועסטערנ, וואָס פלעגנ גיינ צו איר אפ סימכעס אונ פּרעסנ אונ זויפנ אונ לײַענ נמילעס־כאַסאָדימ אונ ניט אָפּגעבנ!..

— קוק זי נאָר אָנ, די אָנזעצערקע! — האָבנ זיי איר אצינד גע־שריגנ, טײַטנדיק מיט די פינגער... — זע נאָר זע א ביסל, מיט וואָסע־רע געשטאָכענע אויגנ זי גייט ארומ מיטנ קאָשעק אינ מאַרק ארײַנ אונ קויפט פונ אלעמ גוטנ פאַר אונדזער בלוט!..

דער קאַס, דער פאַרדראָס איז אזוי גרויס געווענ אפ דער באַר־דיטשעווער גאַס, אַז מע האָט געמאַכט בא מוישע־מענדל קאָפּמענטש אנ אסיפע צו באַקלערנ, ווי:אזוי זאָל מענ זיכ נויקעמ זײַנ אינ דעמ דאָ־זיקנ הולטײַ ,,יאָסל צירעלעס"... מוישע־מענדל האָט געבעטנ, מע זאָל אים געבנ איבער נאַכט ,,זמאַנ" אפ צו באַטראַכטנ זיכ.

— איך דארף אַ קוק טאָן אַט דאָ אין דעם נײַעם „סוואָד זאקאָנ״ (свод законов), — האָט מוישע־מענדל קאָממענטיש געזאָגט, קנײטשנדיק אונ רײַבנדיק זיך דעם שטערנ.

אפ מאָרגנ האָט מוישע־מענדל ארויסגעשיקט מיט א שאמעס אַנ אָנגעשריבנ פאפיר אפנ גובערנאטאָרס נאָמענ, אז אלע קרעמער מיט אלע באלעהאלוואָעס זאָלנ עס אָפּבאסמענענ. וואָס איז געשטאנענ אינ פּאַפיר, האָט קײנער ניט געוווּסט, אונ יעדער האָט אנידערגעלײגט זײַנ בסימע, ווי ער קאָנ. וואָס דארפ מענ לײענענ? מיסטאמע ווײסט שוינ מוישע־מענדל, וואָס ער האָט דאָרט אָנגעשריבנ... מוישע־מענדל ווײסט, וואָס מע דארפ שרײַבנ!..

דאָס אָפּגעכאסמעטע פאפיר האָט מוישע־מענדל איבערגעגעבנ, וועמענ מע דארפ, אונ ארום זײגער דרײַ דעם זעלבנ טאָג האָט די פּאָליציע באלעגערט יאָסלס שטוב; מע האָט אים גענומענ אינ קײטנ, אינ אײַזערנע קײטנ, אונ מע האָט אים מיט קאָוועד ארויסגעפירט אינ מארק ארײַנ, ביכדיי דער ביזאָיענ זאָל זײַנ נאָך גרעסער...

איך געדענק נישט אזא טומל מיט אזא ראַש אפ דער בארדי־טשעווער גאס, ווי אינ דעם דאָזיקנ טאָג! די מעלאמדים האָבנ צעלאָזט די כאדאָרימ, די קרעמער האָבנ פארשלאָסנ די קלײטנ — קינד־אונ־קײט זענענ זיך צונויפגעלאָפנ אינ מארק, זענ, ווי מע פירט „אים״ געפּענטעט אינ קײטנ!..

— דו זעסט אים, מענאשע, וואָס זאָגסטו עפּעס אפ אונדזער יאָס־לענ, האַ? א גוטע מאפּאָלע?..

— א מיצווע, זײער רעכט! לאָז ער ניט עסנ קײנ פרעמד געלט!..

— אונ ניט טרינקענ קײנ ייִדיש בלוט!..

— ער פלעגט זיך מאכנ זײַדענע קאפּאָטעס!...

— אונ צירעלע מיט די פערל פאר 40 קערבלעך?..

— אונ „מאפטיר״ קומאט אלע שאבעס!..

— אונ צירעלע אויבנאָנ אינ מיזרעכ!..

— בלוטזויגערס!..

— פּיאווקעס!..

— אָנזעצערס!..

— אָנזעצער!..

— הורא! יאָסל דער אָנזעצער! הורא!!!..

— שאַ! שטילער! ווער לויפט דאָס דאָרט?..

— עס איז זי! עס איז זי — צירעלע לויפט! צירעלע לויפט!..

ווי פון א סריישע אז מע כאפט זיך ארויס, אזוי איז צירעלע צוגע־לאָפן און האָט זיך א וואַלגער געטאָן אויף דער ערד בײַ די פיס פון דעם טשינאָווניק, וועלכער האָט געפירט איר מאַן אין אָסטראָג אַרײַן, און מיט א שרעקלעך יאָמערלעכן קול האָט זי זיך געווענדעט צו אים אויף האַלב־ייִדיש און האַלב־פּויליש:

— אוי, פּאַני! אַדוני קיניג! לאָז מיך, דײַן דינסט, עטלעכע ווער־טער זאָגן! איך האָב קליינע קינדערלעך; פּאַני! איך בין פֿאַראָרעמט געוואָרן; פּאַני, עד ככר לחם! 1 האָב ראַכמאָנעס, אַדוני קיניג, אויף דײַן דינסט, וואָס בוקט זיך צו דיר און קושט דיר דײַנע טריט; פּאַני, אָדער נעם הענג מיך, טרינק מיך, ברען מיך און שנײַד מײַן פֿלייש!.. ברי־דערלעך, ברידערלעך, בני־ישׂראלל! — האָט זי זיך געווענדט צום גאַנצן עולם, אופשטייענדיק פון דער ערד און וואַרפנדיק מיט די הענט אויף אַלע זײַטן: ברידערלעך, ברידערלעך, וואָס האָט איר צום נעפעש? וואָס ברענגט איר אום פון דער וועלט א נעפעש? וואָס האָט ער גע־זינדיקט? וואָס איז מײַן יאָסל שולדיק? איך בין אינגאַנצן דער כּײַעוו, ניט ער! נעמט מיך, בינדט מיך און פירט מיך אין פײַער אַרײַן — אַבי לאָזט אים אָפּ, דעם אומשולדיקן! נאָט אײַך, נאָט אײַך, נאָט אײַך! נאָט אײַך אָפּ מײַנע פּערל, מײַנע קליידער, מײַן לעצט העמד! נאָט אײַך, נאָט אײַך, נאָט אײַך!..

זי האָט אַראָפּגעריסן פון איר האַלדז א שניר פּערל און האָט זיי א וואַרף געטאָן אין דער טאַלפּאַ... קיינער האָט זיך צו זיי ניט צו־גערירט... עס איז געוואָרן א שושקערײַ מיט א באַוועגונג אין דער טאַלפּאַ... ווײַבער האָבן אָנגעהויבן שנײַצן די נעזער און מאַנצבלען — הוסטן...

— טאַקע בעעמעס, לאָז מען זען, וואָס איז דאָס עפּעס פאַר א העפקיירעס? — האָט זיך איינער אָנגערופן.

— ווו זענען מיר? אין סדאָם צי וואָס? — האָט זיך דער אַנ־דערער אָנגערופן.

— אײַזערנע הערצער!

— ראַזבאָיניקעס!

— גאַזלאָנים!

— סדאָם! סדאָם! סדאָם!..

א צוויי פּײַנע, לײַטישע באַלעבאַטים האָבן זיך געפּרוווט צוגיין צום טשינאָווניק און האָבן עפּעס מיט אים געטײַנעט און געמאַכט

1 אַד קיקאַר לעכעם — ביז א לעבל ברויט.

מיט די פּלייצעס אונ מיט די פינגער; ער האָט געענטפערט, דרייענדיק מיטנ קאָפּ:

— נײנ, נײנ; איכ קאָנ ניט, איכ קאָנ ניט!

— מע דארפ אימ „אונטערשמירנ“! — האָט זיכ ארויסגעכאַפּט עפּעס א סמיעליאַק...

דער טשינאָווניק האָט גוט פארשטאנענ ייִדיש; פונדעסטוועגנ האָט ער אלצ געזאָגט:

— איכ קענ ניט! איכ קענ ניט! וואָס בינ איכ שולדיק? איכ בינ ניט געגאנגענ אליינ; מע האָט מיכ געשיקט; „נאטשאלסטוואָ“ האָט מיכ געשיקט!.. איכ קענ ניט! איכ קענ ניט!..

— נאטשאלסטוואָ? וואָס איז דאָס פאר א מײַסע? נאטשאלסטוואָ האָט אימ געשיקט? וואָס הייסט דאָס?

— אפּ אײַער פּאַפּיר! — האָט דער טשינאָווניק געענטפערט... — אפּ אײַער פּאַפּיר, וואָס איר האָט דערלאנגט אפּ אימ מיט דרײַ הונ־דערט כסימעס!..

— וואָס שטייט אינ פּאַפּיר? וואָס שטייט דאָרטנ? וואָס פאַר א פּאַפּיר!..

— אײַער פּאַפּיר!.. איר שרײַבט אפּ אימ, אז ער איז אנ אָנזעצער, אז ער איז א גאנעוו, אז ער האנדלט מיט פאלשע אסיגנאציעס, אז ער האָט זיכ באשעפטיקט מיט קאָנטראבאנד, אז ער האָט פארקויפט סכוירע אָנ א בילעטל, אז ער האָט געשוואָרנ פאלש, אז ער האָט גע־שאָלטנ דעמ קייסער אונ נאָכ אונ נאָכ אונ נאָכ!..

— ווער? וואָס? ווו? ווענ?..

— שקאָרימ! נישט עמעס! אויסגעטראכט!..

— א בילבל! א בילבל!..

— א מעסירע! א דאָנאָס!..

— ווער האָט דאָס געגעבנ דעמ דאָנאָס?

— דאָנאָסטשיקעס! מאָסרימ! דאָנאָסטשיקעס!

מוישע־מענדל קאָפּמענטש איז אָפּגעטראָטנ א ביסל אפּ א זײַט אונ האָט געוואָלט מאכנ פּליטע; מע האָט אימ אָבער באמערקט אונ געהייסנ ווארטנ א ביסל.

— איר האָט זיכ דעמ דאָנאָס אליינ געכאסמעט, אליינ אונטער־געשריבנ מיט אײַערע הענט! — האָט מוישע־מענדל געשריגנ אונ האָט זיכ ארויסגעדרייט פונעמ קאָנ.

— ווער געכאסמעט? מיר ווייסנ ניט! מיר ווייסנ ניט! שקאָרימ! דער טשינאָווניק האָט א געשריי געטאָנ „הײַדא!“ אונ מע האָט

נעבעכ יאָסלען אוועקגעפירט ווײַטער... עס איז געוואָרנ נאָכ א גרעסער געפילדער; מע האָט גענומענ באטראכטנ, וויאזוי זאָל מענ אויסלייזנ דעמ אומשולדיקנ יאָסלענ „פונעמ געפענגעניש”. אונ אזוי נאָכלויפנדיק נאָכ דעמ עטאפ, האָט מענ באשטימט, אז רווונ־הערש דער באל־טאקסע זאָל אײַנרוימענ דעמ טשינאָווניק א סאָד אפנ אויער... רווונ־הערש דער באל־טאקסע איז געווענ א גרויסער כאָשעוו בא נאטשאלסטווע אונ, ווי עס ווערט אָנגערופנ, אנ „אָסאָבע”, א פּאָטשאָטנימענטש מיט א שיינער גרויער באָרד אונ א גרויסער באל־דאברענ. אז דער גובערנאטאָר פלעגט דורכפאָרנ דורכ אונדזער גאס, פלעגט ער אימ אונטערטראָגנ „ברויט מיט זאלצ” אפ זײַנ אייגענער זילבערנער טאצ, אונ נאָכדעמ, ווענ דער גובערנאטאָר איז אוועקגעפאָרנ, פלעגט ער שיקערנ דרײַ טעג מיט נעכט מיט גאנצ נאטשאלסטוואָ... מ׳כ אייננ וואָרט, ער איז בא אונדז געווענ דער רעדלפירער, דער באל־אייצע, דער ארויסשטעלער... ער איז צוגעלאָפנ צומ טשינאָווניק, אונ אראָפּגענעמענדיק דאָס היטל, האָט ער זיכ אײַנגעבויגנ צו אימ קימאט ביז דער ערד אונ האָט צו אימ אזוי געזאָגט:

— מאָיע שאנאָוואניע, וואשע בלאהאָראָדיע! יא יעסטעמ סאמ פאנ רווונ־הערש באל־טאקסע גא באָרדיטשעווסקי אוליצע אי באלשאָי כאָשעוו או טוטעשני נאטשאלסטווע... אי אימעיעמ באָלשאָי טשעסט ניזאָפּאָקאָרנישע פּראָסיט וואשע פרעוואָסכאָדיטעלסטווע אָדפוסקאט נאשעהאָ יאָסקי צירעלעס נא סלאבאָדו...

— ניעט, ניעט! — האָט אימ דער טשינאָווניק געענטפערט אונ האָט זיכ פונדעסטוועגנ אָפגעשטעלט...

רווונ־הערש האָט זיכ געשטעלט אקעגנ אימ אונ האָט אימ עפּעס געמאכט מיט די הענט אונ מיט די פּלייצעס אונ געווונקענ מיט די אויגנ. דער טשינאָווניק האָט אפ אימ געקוקט פארווונדערט אונ האָט אפּאָנעמ ניט פארשטאנענ, וואָס ער מיינט; דער אוילעמ האָט אָנגעהויבנ צו שרײַענ אפ א קאָל:

— רעב רווונ־הערש! רעב רווונ־הערש! נאסנט דעמ אָדנ א כ״ה׳ער[1]! רוקט אימ ארײַנ אינ יאד ארײַנ! עס איז א ווילער אָדנ: ער לויקייעכט א היפּשע נעסינע, נישקאָשע! נישקאָשע!

— יאָ, יאָ! מע דארפ אימ נאסענענ, רעב רווונ־הערש! דאבערט צומ אָדנ!!..

רעב רווונ־הערש דער באל־טאקסע האָט עפּעס ארויסגעשלעפּט פונ

---

1 א כאָפּהייער.

בוזעם־קעשענע און האָט א ווונק געטאָן צום טשינאָווניק און האָט אים געזאָגט:

— וואשע בלאהאָראָדיע! א געב אים א פינף־און־צוואנציקער, וואשע בלאהאָראָדיע!..

דער טשינאָווניק האָט א ביסל געקלערט און נאָכדעם האָט ער געענטפערט:

— ניעט! ניעט! ניעלזאַ!..

— נאָ־נאָ! עס איז א גוטער סימען! נישקאָשע, נישקאָשע! ער וועט נעמען אין דער היים! — האָט זיך אָנגערופן איינער פון דעם אוילעם.

— פארשטייט זיך, פארשטייט זיך! — האָט דער אנדערער גע־ענטפערט, — איר זעט דען ניט, ווי ער קוקט מיט די אייגאָזים אין יאַד אַריַין! ער קער אוואַדע וועלן צווייַ כ"ה'ערס?..

— מע דארף אים געבן! מע דארף אים געבן!

— מע דארף מאכן א קערבל! מע דארף גיין צונויפקלייַבן א קערבל!..

* * *

צוויי לייַטישע יונגעלייַט, רייַכע איידעמס, קעסט־קינדער, זענען ארומגעגאנגען מיט א גרויסער קעסטלדיקער פאטשיילע קלייַבן נעדאָ־וועס אפ „פידיען־שוווּיִם", און ביז נאכט האָט מען געמאכט א שיין קערבל, און מע האָט מיט גאָטס הילף אויסגעלייזט „יאָסל צירעלעס" פונעם געפענגעניש, און עס איז גאָר ניט צום באשרייַבן די סימכע מיט דעם פארגעניגן פון דער בארדיטשעווער גאס, ווען מע האָט דערזען יאָסלען אין בעסמעדרעש!.. נאָך מינכע האָט מען אים ארום־גערינגלט, און יעדער האָט דערציילט ניסים־וועניפלאָעס פון היַינ־טיקע און פון אמאָלדיקע צייַטן, וווּאזוי מע האָט אמאָל דעם מאגיד זצ"ל ארויסגעלייזט פון דער טפיסע, און דאָס הוליען, וואָס מע האָט דעמאָלט געהוליעט, און דאָס טרינקען, וואָס מע האָט דעמאָלט געטרונ־קען אזוי.

דער גרעסטער העלד אין דער דאָזיקער געשיכטע איז געוועזן, נאטירלעך, רעב רוּוון־הערש דער באל־טאקסע; ער האָט ארייַנגע־שטעקט ביידע גראָבע פינגער אין גארטל אריַין און האָט א מאָל צען איבערדערציילט, ווזאזוי ער האָט זיך אויסגעטייַנעט מיטן טשינאָוו־ניק און ווזאזוי ער (רוּוון־הערש) האָט אים (דעם טשינאָווניק) גע־זידלט, ווי מע זידלט א יאטקע־הונט אזוי. און מיר, וויַסעכעוו־רעניקעס, ביידער־יונגלעך, פון אלע כאדאָרים זענען געשטאנען בא

דער זײַט און האָבן מיט גרויס וווּנדער געקוקט אַף רגוון־הערש דעם באַל־טאַקסע מיט דער לאַנגער גרויער באָרד און אַף יאָסל צירעלעס, וועלכער איז געווען אַזוי דאַנקבאַר און פֿרײלעך פֿאַר זײַן פֿרײַהײַט, אַז בײַ אונדז האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן פֿאַר פֿרייד, און מיר זענען אין דער דאָזיקער נאַכט געווען גליקלעך, איבער־גליקלעך!..

אָט אַזוי, ליבע לעזער, אָט אַזוי האָבן מיר זיך אָפּגערעכנט בײַ אונדז אַף דער באַרדיטשעווער גאַס אין יענע יאָרן מיט יאָסל צעלני־קער, מיט יאָסל אַנזעצער, וועלכער איז שוין געבליבן מיט דעם דאָ־זיקן נאָמען ביז דעם לעצטן טאָג פֿון זײַן לעבן!.. נאָך מער — זײַנע קינדער האָט מען אַ לאַנגע צײַט גערופֿן: מײער, ליפֿע, כאַים אָדער לײבקע „יאָסל דעם אַנזעצערס"; אַפֿילע די שטוב, וועלכע איז שוין צוויי מאָל געווען איבערגעבויט, האָט אויך אַף זיך געטראָגן דעם ביזאָיען פֿון יאָסל צירעלעס אַנזעץ!..

## III. פֿערעלע די שיינע

אַ שאָ פֿאַר מײַן טויט, ווען איך וועל זיך דאַרפֿן אָפּגעזעגענען מיטן לעבן, וועל איך אויך ניט פֿאַרגעסן דעם גוואַלד, דעם ראַש, דעם געפֿילדער, וואָס עס האָט זיך געטאָן בײַ אונדז אַף דער באַרדי־טשעווער גאַס, ווען פֿערעלע די שיינע איז אַנטלאָפֿן... מיט וועמען? מיטן לערער!.. ווען? — פֿרײַטיק־צונאַכטס!.. פֿרײַטיק־צונאַכטס, און מיטן טאָג גלײַך, ווען אַרצע דער שויכעט איז שוין געגאַנגען אין וואַ־סער אַרײַן מיט אַ ציצן כאַלאַטל (עס איז געווען זומער־צײַט), מיט ווײַסע טאַכטוויניִם, מעכילע, און מיט אַ פּאָר אָפּגעטראָטענע מעשטעס... וואָס האָט דעמלט געטראַכט אַרצע דער שויכעט, ווען ער פֿלעגט זיך אַזוי אַלע שאַבעס גיין מיט גרויס גאַדלעס אין וואַסער אַרײַן? ווער קאָן דאָס וויסן? ווער קאָן וויסן, וואָס טראַכט אַשטײגער אַ פּאָמעשטשיק, ווען ער גייט זיך אַרום גאַנצפֿרי איבער זײַנע פֿעלדער און וועלדער און פֿילט, אַז אָט דאָס אַלעס איז זײַנס, אַז אָט דאָס אַלעס איז צוליב אים; וויל ער — איז דאָס יאָ; וויל ער — איז דאָס ניט!... ווער קאָן זיך גלײַכן צו אַרצע דעם שויכעט שאַבעס גאַנצפֿרי, נאָך דעם זיסן שאַבעסדיקן שלאָף, נאָך נעכטיקע וואַרעמע שמעקנדיקע פֿיש, מיט אַ קלאָר ווײַס העמד אָפֿן לײַב, מיט אַ לויטערן מויעך און מיט אַ צו־פֿרידן געמיט?.. „געלויבט און געבענטשט ביסטו, ליבער גאָט, וואָס דו האָסט באַשאַפֿן דײַן פֿאָלק ייִסראָעל און האָסט אים געשענקט

דעם הייליקן שאבעס, ביכדיי איך, ארצע דער שויכעט, זאָל מיר קענען אופשטיין גאנצפרי זיך טויוול זיין אין דער מיקווע און נאָכדעם דינען דיר מיט א ריין קלאָר הארץ, ווי דו ביסט ווערט, ווי עס קומט דיר, ליבער גאָט!.. נאָר שא! ווער גייט עס דאָרטן פון יענער זייט מערבעץ?.. דאכט זיך, עפּעס א נעקייווע?.. עס קער אוואדע זיין פאראסקע די קורנאָסע פון דער באַרדיטשעווער גאס, וואָס לעשט בא אלע ייִדן די ליכט פרייטיק־צונאכטס פאַר א גלעזעלע יאש מיט א שטיקל קוילעטש, און ווינטער הייצט זי אלע ייִדן די הרובעס!.. אך, געבענטשטער און געלויבט ביסטו, ליבער גאָט, וואָס דו פארלאָזט נישט דיין פאָלק ייִסראָעל אין דעם וויסטן גאָלעס און באשאפסט אזא מין פאראסקע די קורנאָסע, וואָס באדינט אלע שאבעס דיינע ייִדעלעך, ביכדיי זיי זאָלן כאָלילע נישט מעכאלעל־שאבעס זיין!.. נאָר ניין; עס איז ניט פּאַראסקע!.. עס איז גאָר א ייִדיש מיידל דאכט זיך? אוי! עס איז דאָך טאקע בערל באס' טאָכטער, בערל דעם כאזנס מיידל! זי פלעגט אמאָל גיין צו מיר קוילען אויפעס — איך קאָן זי!.. און ווער איז יענץ?.. שא! עפּעס א פאָרעץ!.. איז עס ניט אונדזער אפּטייקער? — ניין! דאָס איז דאָך אונדזער „נייער לערער" פון דער באַרדיטשעווער גאס!.. וואָס הייסט דאָס? בערל באס' טאָכטער מיטן לערער? און אזוי פריִ? און שאבעס?.. און פון יענער זייט מערבעץ?.. וואָס קאָן דאָס באַדייטן?!!!.."

נאָר לאָמיר איבערלאָזן ארצע דעם שויכעט שטיין אָט דאָ פון דער זייט מערבעץ פארווונדערט און איבערראשט, איבערבינדנדיק מיט ביידע הענט די לאנגע בענדלעך פונעם קאָלנער פון דעם העמד און קנייטשנדיק מיטן שטערן און מיט די פּלייצעס, און לאָמיר בעסער דערציילן אונדזערע לעזער די גאנצע מייסע פון אלעפ ביז טאָף, וויאזוי פּערעלע די שיינע, בערל באס' טאָכטער, איז אנטלאָפן שאבעס פארטאָג מיטן נייעם לערער פון דער באַרדיטשעווער גאס...

אכוץ וואָס בערל באס איז געווען א געוויסער דאוונער, א וועלטכאזן, איז ער דערצו נאָך געווען א בלינדער אף ביידע אויגן אויך און האָט געהאט א שעם ניט נאָר בא אונדז אף דער באַרדיטשעווער גאס, נאָר אפילע אף דער גאנצער וועלט האָט זיך בערל באס געלאָזט הערן, אזוי אז פון דער גאנצער וועלט קימאט פלעגט מען קומען צו אונדז הערן בערל באס' א „מוסעף" אָדער א „רוישכוידעש־בענטשן". אלע יאָר קעסיידער פלעגט בערל באס ארויסלאָזן א נייעם „מכלכל" אָדער א „ויאתיו" 1 אָדער א „קעסערל", וואָס פלעגט פריִער ארויסגיין פון

1 „מעכאלקייל", „וועיעעסאָיו".

דער בארדיטשעווער גאס אפ דער זשיטאָמירער, פונ דער זשיטאָמירער גאס — אפ דער לײמענער, פונ דער לײמענער — אפ דער הילצערנער אזוו., ביז עס פלעגט אויסקויקלענ די גאנצע שטאָט אונ ערשט נאָכדעמ אינ דער צווייטער שטאָט; פונ דער צווייטער אינ דער דריטער, אינ דער פערטער, פינפטער, זעקסטער אזוו. אזוו. אפ אלע עקנ פונ דער וועלט! נאָר ווי גרויס זײַנ נאָמענ איז געווענ — אזא קאפצנ איז ער געווענ קאָל־יאָמאָו, מאכמעס ער האָט ליב געהאט דאָס כאזאָנעס, ווי אנ עמעסער ארטיסט, דערומ פלעגנ זײַנע גאנצע סכירעס מיט דער גאנצער האכנאָסע ארײַנגיינ אינ די מעשווירערימ ארײַנ, וועלכע ער האָט געהאט א מאָל 13 אונ א מאָל 17 יונגאטשעס, פיקערס, כעווראַ מיט שארפע ציינ, מיט גוטע אפעטיטנ אונ מיט געזונטע מאָגנס... טויבע־ביילע די כאזנטע איז נעבעכ קראנק געוואָרנ פונ די דאָזיקע מעשווירערימ: זיי האָבנ זי אינ דער ערד יונגערהייט ארײַנגעטריבנ — אונ מע קאָנ זיכ פאָרשטעלנ: איינ מענטש אליינ האָרעוועט טאָג ווי נאכט אפ א גאנצנ עסקאדראָנ מיט קלאפערס, וואָס זענענ שטענדיק הונגעריק, אונ רוימענ אויס פונ שטוב, וווּ עס איז דאָ אנ אָפ, א ברויט, א ציבעלע, א ביסל שמאלצ, אונ מע קאָנ ניט אוועקלייגנ פונדאנענ אהינ: עס ווערט פארשווונדנ אונטער די הענט!.. מער פונ אלע האָט נעבעכ טויבע־ביילע געהאט פונ „מייער ליפ"; אזוי האָט מענ גערופנ דעמ עלטערנ פונ אלע מעשווירערימ דערפאר, וואָס ער האָט געהאט א ליפ פונ א פונט דרײַ, וועלכע האָט פארשטעלט די גאנצע נאָז פונ אונטנ... איכ קאָנ נישט געדענקענ אצינד, וואָס פאר א שטימע האָט מייער ליפ געהאט אונ וואָס פאר א ראָליע ער האָט געשפילט אינ בערל באס' אָרקעסטער (קאפעלע); איכ געדענק נאָר איינ זאכ: אז מייער ליפ פלעגט עפענענ א געמבע אונ א דונער טאָנ „אָ־מיי־נ!!!!!", פלעגנ די פענצטער פונ דער קלויז אָנהייבנ צו ציטערנ, אונ בא אונדז אינ די אויערנ פלעגט איבערבלײַבנ אפ א גאנצ פערטל שאָ עפעס א מינ גרילצעניש, ווי פונ א „רובעל", וואָס מע קאמשעט גרעט... אונ ווער שמועסט שאבעס צו מוסעפ בא דער קדושע, ווענ בערל באס מיט צוגעמאכטע אויגנ פלעגט געבנ א מאכ מיט דער האנט: „יחד!" אונ דער אָרקעסטער פלעגט א קלאפ טאָנ, יעדער אפ זײַנ שטימע: כּלם קדושה! כלם קדושה לך! קדושה, קדושה! קדושה לך! קדושה לך, קדושה לך!... אָט דעמלט פלעגט מייער ליפ אופהייבנ די גראָבע ליפ אונ אויסשיסנ ווי מיט 10 הארמאטנ: יחד כלם קדושה לך י־ש־ל־ישו[1]!!! פלעגנ זיכ בא יעדנ באזונדער די האָר שטעלנ קאפויער

1 יאכאד קולאָמ קדושאָ לעכאָ יעשאליישו.

אונ די גאנצע קלויז איז פול געוואָרנ מיט דעמ קאָל י־ש־ל־שו! אזוי אז אפילע דעמ גאנצנ טאָג זונטיק האָט אונדז אינ די אויערנ געקלונגענ קעסיידער דער דאָזיקער י־ש־ל־שו!... אזוי ווי הײַנט געדענק איכ, וואָס עס האָט זיכ געטראָפנ איינמאָל יאָמקיפער „צו נילע", ווענ דער גאנצער עולעמ איז שוינ געווענ פונעמ פאסטנ אזוי אָפּגעשלאָפט, אז מע האָט קוימ־קוימ גערירט מיט די ליפנ, אונ אז עס איז געקומענ צומ „שמא־יִסראָעל", וועלכנ בערל באס האָט מיט א פארקרימט גרינ פאָנעמ, וואָס האָט פאָשעט דאָס הארצ אויסגעריסנ, קוקנדיק אפ אימ, קוימ אויסגעשריגנ דעמ דאָזיקנ פאָסעק, האָט אימ פלוצלימ מייער ליפ, וועלכער איז שוינ אויכ געווענ רעכט הונגעריק, אונטערגעכאפט דרײַ מאָל קעסיידער „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ו־עד[1]! ! !" מיט אזעלכע שרעקלעכע קוילעס אונ אלעמאָל אלצ שטארקער אונ העכער, אז בערל באס איז נעבעכ אומגעפאלנ באמ אָמעד אונ האָט געכאלעשט, אונ דאָרט אינ דער ווײַבערשער שול האָבנ צוויי ווײַבער מאפל געווענ פאר שרעק אונ פאר גרויס סומאטאָכע... אָט פונ דעמ דאָזיקנ מייער ליפ האָט טויבע־ביילע די כאזנטע באקומענ די טשאָכאָטקע אונ דורכ דעמ דאָזיקנ מייער ליפ מיט זײַנ שרעקלעכער שטימע אונ מיט זײַנ שרעקלעכנ מאָגנ איז נעבעכ טויבע־ביילע צו 40 יאָר פונ דער וועלט געגאנגענ!..

עס פארשטייט זיכ, אז בערל באס איז געבליבנ אפ שטענדיק אנ אלמענ, וואָרעמ ווער וועט נעמענ א בלינדנ יִדנ אפ בײדע אויגנ אונ נאָכ אזא אָני־וועעווענ, וואָס כוצ דער זיסער שטימע, וואָס ער האָט געהאט, מיטנ „האלדז", וואָס האָט געהאט אזא שעמ אפ דער וועלט (אפ זײַנ „האלדז" פלעגט מענ זאָגנ, אז עס ליגט דאָרטנ א הארמאָנקעלע אָדער א פײַפעלע, ניט אנדערש!?.), האָט ער ניט געהאט קיינ העמד אפנ לײַב, אונ קימאט אלע ערעוו־יאָמטעוו פלעגנ צוויי יונגעלײַט, שיינע איידעמס, ארומגיינ מיט א קעסטלדיקער פאטשיילע מאכנ א נעדאָווע פונ־זײַנעטוועגנ... אוועקגייענדיק אפ דער עמעסער וועלט, האָט אימ טויבע־ביילע איבערגעלאָזט א טעכטערל פונ א יאָר 16—17, בלוט אונ מילכ, א פארשוינ, קיינ אײַנהאָרע ניט, וואָס מע קריגט דאָס ניט; אירע שווארצע אויגנ זענענ געווענ געגליכנ צו צוויי טײַערע בריליאנטנ, אונ אירע שווארצע זײַדענע האָר זענענ טאָמיד געווענ פארדרייט אינ צוויי לאנגע שיינע צעפ ביז די קני, אונ איר שיינע הויכע געשטאלט איז טאָמיד געווענ גלײַכ מיט אזא גאדלעס,

---

1 באָרוכ שיימ קוויד מאלכוסוי לעוילאָמ וואָעד.

אז זי האָט געהאט א פּאָנעמ ניט פונ קײנ כאזנס א טאָכטער, נאָר ווי א פּרינצעסנ, אונ יעדער האָט זיכ נישט געקאָנט פאָרשטעלנ, ווי קומט דאָס צו בערל באס אזא פארשוינ א טאָכטער, צו בערל באס, וואָס האָט געהאט א פּאָנעמ, מיט די בלינדע אויגנ אונ מיט די געלע האָר, פונ א בעטלער?.. די אָבער, וואָס האָבנ געקאָנט טויבע־בײלעס אינ דער יוגנט, דערצײלנ, אז זי איז אויכ געוועזנ א זעלטענע שײנהײַט, אונ ווײַל זי קומט ארויס פונ די וועגעלעכ*, דערפאר איז זי נעבעכ ארײַנגעפאלנ צו בערל באס דעמ בלינדנ, וועלכער האָט אפילע נישט געקאָנט אָפּשאצנ איר שײנקײַט... אָ! וויפל שײנע יידישע פרויענ האָבנ די זעלבע דאָליע, וואָס זײער שײנקײַט אונ זײער רײנקײַט איז געגליכנ צו דעמ שײנקײַט אונ פרישקײַט פונ דער דאָזיקער בלומ, וואָס ווערט אומגערנ פאַרטראָגנ ערגעצ ווײַט אינ א וויסט פינצטער אָרט, אזוי אז קײנ דורכגײער וועט זי ניט זענ אונ קײנ מענטש וועט זיכ ניט מעכײַע זײַנ מיט איר גערוכ, ביז זי ווערט אלײנ־פונ זיכ פאַרוויאלעט, פאַרפוילט, אונ עס טוט קײנעמ נישט באנק אונ לאָזט נישט איבער פונ זיכ קײנ סאָריד־אופאָליט... אָ! נאָר וואָס וועט העלפנ אונדזער „אָ"!? טויזנט מאָל „אָ"???..

„פּערעלע די שײנע" (אזוי האָט מענ גערופנ בערל באס' טאָכטער בא אונדז אפ דער באַרדיטשעווער גאס) איז געוועזנ בא דעמ אָרעמענ בלינדנ כאזנ דער אײנציקער טרײסט אפ דער וועלט, אונ אָנ איר איז באַלאנגענ געוועזנ זײַנ גאנצ לעבנ! עמעס, ער איז פונ געבוירנ געוועזנ א בלינדער אפ בײדע אויגנ אונ האָט פונ שײנקײַט אונ פונ גראציע קײנ שומ באגריפ ניט געהאט; נאָר די אנדערע, גײַסטיקע מײַלעס האָט ער געפילט, ווי יעדער מענטש, אונ זײַנ טאָכטער פערעלע איז געוועזנ ניט פיל ערגער פונ א מאַלעכ פונ גאָט, מאכמעס גראָד איר האָט די מילדע נאטור געשענקט אלע מײַלעס מיטאמאָל: אי דאָס געטלעכע שײנקײַט, אי דאָס הימלדיקע רײנקײַט, אי דאָס ענגלשע גוטסקײַט, אי דאָס קינדערישע אומשולדיקײַט אונ נאָכ אונ נאָכ מײַלעס אָנ א שיר!.. ווי גליקלעכ האָט זיכ בערל באס געפילט, ווענ פערעלע איז געזעסנ נעבנ אימ אונ האָט איבערגענומענ אלע זײַנע כאזאָנישע שטיקלעכ (ווי עס פירט זיכ, האָט פערעלע באדארפט האָבנ אכוצ אלע מײַלעס א צוקער־זיסע שטימע אויכ!), אונ ווי עלנט האָט ער זיכ געפילט,

---

* דאָס איז א באזונדער סעקטע אָרעמעלײַט, וועלכע ווערנ אזוי מײַסטעריש באשריבנ אינ דעמ לעצטנ ראָמאנ פונעמ געוויסנ אונ טאלאנטפולנ ראָמאניסט מ. ספּעקטאָר: „עניים ואביונים".

(באמ. פונ אווט.).

ווען פּערעלע איז נישט געווען נעבן אים!.. דער ערשטער, וועלכער האָט געהערט זײַן נײַעם „מכלכל", אָדער זײַן נײַעם „כבקרת" [1], פּלעגט זײַן פּערעלע; מיט איר צוזאַמען פּלעגט ער פּרוּוער פֿאַר אַלעמ דורכזינגען דאָס נײַע „שטיקל", צוזאַמען מיט איר צורעכט מאַכן, ווי מע באַדאַרף, און ערשט נאָכדעם אַרויסלאָזן דאָס אָף דער וועלט...

קיינער האָט אַזוי ניט געקענט פֿאַרשטעלן, פֿאַרשמירן און באַפּוצן דאָס אָרעמקײַט, ווי פּערעלע; קיינער האָט אַזוי ניט געקענט דאַגאָדזשען (צופרידנשטעלן) דעם בלינדן כאַזנס קאַפּריזן, ווי פּערעלע; קיינער האָט ניט געקאָנט אַזוי בערײַש אויסקומען מיט דער הוצאָע, ווי פּערעלע — מיט איין וואָרט, יעדער פֿון אונדז, ליבער לעזער, מעג זיך ווינטשן אָף דער עלטער, ווען אונדז איז נאָר אָנגעצייכנט פֿון אויבן צו בלײַבן אָרעם און עלנט, אַזאַ טאָכטער, אָדער כאָטש אַזאַ שוועסטער, ווי פּערעלע די שיינע...

אז בא אונדז אָף דער באַרדיטשעווער גאַס האָט א בלאָז געטאָן א פריש ווינטל, און מע האָט דערהערט, אז עס איז דאָ א וואָרט: „האַסקאָלע", האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווײַזן בא אונדז לערערס מיט נײַמאָדישע מעלאַמדים, וואָס לעזן א בלאַט יידישע צײַטונג און פֿאַרטײַטשן דעם כומעש אָף דײַטש און אָף רוסיש און גייען הינטן די קאַפּאָטע צעשפּאָלטן, אדג... די דאָזיקע „בעהאָלעס" זענען זייער באַקאַנט די לעזער, אז מיר זאָלן דאָס דאַרפֿן דאָ באַשרײַבן.... יעדער פֿאַרשטייט גאַנץ גוט, וואָס האָט געקענט „יענע" יאָרן הייסן א לערער, אוביפראַט נאָך אָף דער באַרדיטשעווער גאַס, פֿון וועלכער אונדזערע לעזער האָבן שוין א שטיקל באַגריף! שרעקלעכער פֿון אַלע איז געווען דער „נײַער לערער", וועלכער האָט געטראָגן אַן אונטערגעשניטענע קאַפּאָטע מיט פֿאַרשאַרטע פּייעס אונטער די אויערן און האָט גערעדט האַלב דײַטש (שלעכטע צונגען האָבן אָף אים אונטערגערעדט, אז עס איז א סוואָרע, אז ער דאַוונט קיין מינכע־אומײַרעוו ניט און טראָגט אומ שאַבעס...). דער „נײַער לערער" האָט געהאַט זייער ווייניק טאַלמידימ, סאַכאַקל א 2—3 יינגלעך, אי דאָס בא לייזער סאָלדאַט, וואָס גייט אָן א היטל אין שטוב, און בא לייבצי דעמ אַקציזניק, וואָס מע שטעלט אוף בא אים דעם סאַמאָוואַר אום שאַבעס...

א ווונדער איז געווען, ווי קומט דאָס, וואָס אַזאַ ערלעכער ייִד, ווי בערל באַס, זאָל גאָר אַרײַנלאָזן צו זיך אין שטוב אַרײַן דעם „נײַעם לערער"! נאָר בערל באַס איז אָבער מער נישט געווען, ווי אַן אַרטיסט

---

1 „קעוואַקאָראַס".

(קינצלער) גלײַכ מיט אַלע אַרטיסטנ, װעלכע זענענ אײַנגעליבט אינ זײער טאַלאַנט זײער אונ װײסנ זיכ צו שעצנ פיל העכער, װי יענער קאָנ זײ שעצנ; מע האָט מער נישט באַדאַרפט װי זאָגנ בערל באַס, אַז דאָס אָדער יענצ שטיקל האָט ער געמאַכט אויסגעצײכנט — האָט אימ שוינ מער בערל באַס פונ זיכ נישט אָפּגעלאָזט אונ האָט אימ געװיזנ נאָכ א סאַכ אונ א סאַכ שטיקלעכ!..

איז שוינ א כידעש, װאָס דער „נײַער לערער", װעלכער האָט אײנמאָל אָפּגעליבט בערל באַס זײַנ „אַב הרחמים"[1], איז גיכ געװאָרנ א שטענדיקער אײַנגײער צומ כאַזנ, װעלכער האָט אימ איבערגעזונגענ אַלע פּריִעריקע „אַב הרחמים'ס" פונ 30 יאָר קעסײדער מיט אַלע „קעסערס", מיט אַלע „ײַלעס" אחג.? — אוביפראַט אַז דער נײַער לערער האָט אַלײנ אויכ געהאַט א שטימע אונ האָט געקאָנט זינגענ! אוביפראַט נאָכ אַז דער נײַער לערער איז טאַקע בעעמעס געװענ א זעלטענער מיװנ „אָפּ נעגינע" (אַזױ האָט בערל באַס געזאָגט!), אוביפראַט... אוביפראַט אַז בערל באַס האָט געהאַט א טאָכטער, װאָס האָט געהײסנ „פּערעלע די שײנע", אונ „פּערעלע די שײנע" האָט געהאַט צװײ בריליאַנטענע אויגנ מיט א געטלעכ ליכטיק געזיכט, אונ די דאָזיקע בריליאַנטענע אויגנ מיט דעמ געטלעכנ ליכטיקנ געזיכט האָבנ שטענדיק מיט פיל פאַרגעניגנ געקוקט אונ געקראָכנ טיפּ־טיפּ צומ „נײַעמ לערער" אינ האַרצנ אַרײַנ, אינ װעלכנ עס האָט זיכ אינגיכנ, גאָר אינגיכנ אָנגעצונדנ א העליש פײַער... אָ! ליבער לעזער! לעמײַ זאָלט איר דאָ כױשעד זײַנ דעמ דאָזיקנ אָרנטלעכנ יונגנמאַנטשיק, דעמ דאָזיקנ „נײַעמ לערער", װעלכער איז נעבעכ גאָט די נעשאָמע שולדיק געװענ? שטעלט אײַכ בעסער זעלבסט אָפּ זײַנ אָרט; שטעלט אײַכ פאָר, אַז אָט זענט איר אַלײנ בא בערל באַס אינ שטוב (ניט אַצינד! איכ מײנ אינ די יונגע אומשולדיקע יאָרנ, װענ איר האָט נאָכ גאָר נישט פאַרשטאַנענ, װאָס באַדײַט דאָס װאָרט „ליבע"...), אָט זענט איר אַלײנ בא בערל באַס אינ שטוב... אָט זינגט ער אײַכ א נײַעמ „כבקרת"... אָט העלפט אימ זינגענ די דאָזיקע „פּערעלע די־שײנע", װעלכע מיר האָבנ אײַכ דאָ א ביסל פאָרגעשטעלט; איר קאָל צעגײט זיכ אינ יעדנ אײװער... אירע שװאַרצע גלענצנדיקע אויגנ קוקנ אָפּ אײַכ ניט אַזױ, װי אַנדערע שװאַרצע אויגנ... זײ רעדנ צו אײַכ, אונ איר פאַרשטײט, װאָס זײ זאָגנ אײַכ... איר ענטפערט אָפּ צוריק אויכ מיט די אויגנ, אונ אירע אויגנ פאַרשטײענ, װאָס אײַערע אויגנ

---

1 א ד״האָו אבאַמימ.

ווילנ, אונ אַנדערע אויגנ טרעפנ, וואָס אירע אויגנ ענטפערנ... אָט אַזוי
לויפט דורכ אַקעגנ א האַלב יאָר צײַט, אונ אַנדערע ביידנס אויגנ
שמועסנ אונ שמועסנ צווישנ זיכ, ביז... ביז איר נעמט זי אָנ אומגערנ
בא איר שײַנ ווײַס הענטל... לעכאַטשקילע דערשרעקט זי זיכ א ביסל:
עס ווײַזט זיכ איר אויס, אז דער בלינדער פאָטער קוקט אונ זעט, ווי זײַנ
אומשולדיקע געטרײַע ערלעכע טאָכטער לאָזט זיכ קוועטשנ פונ א
פרעמדנ יונגנמאַנ איר האַנט... נאָר בערל באָס האָט נישט קיינ אויגנ,
אונ איר מעגט זי האַלטנ בא דער האַנט, וויפל איר ווילט אַליינ... זי
דריקט אײַכ שוינ אויכ בא דער האַנט, אונ פונ הײַנט אָנ הייבט איר
שוינ אָנ אויסשמועסנ זיכ צווישנ זיכ גאָר אַפ א נײַער מינ שפּראַכ —
מיט די הענט!... די אויגנ אונ די הענט!.. איר פילט, אז אָט די אויגנ
אונ אָט די הענט זענענ נישט קיינעמס, נאָר אײַערע; זיי גייענ שוינ צו
אײַכ; זיי בענקענ נאָכ אײַכ; זיי קאָנענ שוינ אָנ אײַכ נישט זײַנ, אונ
איר ווייסט שוינ, אז איר האָט ליב, אונ מע האָט אײַכ ליב!.. נו, ווו
איז דאָ די אַווײַרע, ווו איז דאָ דער איבערטריט, פאַרוואָס קומט אײַכ
צו באַשטראָפנ?.. גאָט, וואָס האָט ליב דעם מענטשנ, האָט באַשאַפנ
פונ־זײַנעטוועגנ א מינ טײַערנ ווײַנ, וואָס מע ווערט פונ אים שיכּער...
דער דאָזיקער ווײַנ איז פאַר יעדנ אָפנ, אונ ווער עס וויל, אונ ווער עס
קאָנ, מעג פונ אים טרינקענ: סײַ דער גראַפ, סײַ דער בעטלער, סײַ
די פּרינצעסנ, סײַ בערל באָס' טאָכטער... פרעגט זיכ א קאַשע: וואָס
קומט דאָ בערל באָס' טאָכטער מיט דעם „נײַעם לערער" דערפאַר,
וואָס זיי זענענ אַזוי צוגעבונדנ געוואָרנ איינער צומ אַנדערנ, אז אינ
א יאָר אַרומ, נאָכ דעמ, ווענ זיי האָבנ זיכ דערזענ, האָבנ זיי אָפּגע־
רעדט, אז מע זאָל אַנטלויפנ אינ א גרויסער שטאָט אַרײַנ אונ דאָרטנ
מיט כופּע־אוקדושנ צונויפבינדנ זיכ אַפ טאָמיד, אַפ אייביק־אייביק?..

אַנטלויפנ מוז מענ, וואָרעמ בערל באָס וועט גיכער מערוצע זײַנ,
אז זײַנ טאָכטער זאָל גיינ אינ די הײַזער, איידער כאַסענע האָבנ פאַר
א „לערער"; אײַ דער לערער קאָנ זינגענ אונ „פאַרשטייט נעגינע" —
וואָס קער זיכ דאָס אָנ דערמיט? — אונ פרײַטיק־צונאַכטס אַנטלויפנ
מוז מענ דערפאַר, ווײַל, ערשטנס, שלאָפט דעמלט די באַרדיטשעווער
גאַס, כאָטש נעמ טראָג זי איבער פונ איינ אָרט אַפנ אַנדערנ; אונ,
צווייטנס, וועט מענ זיי שאַבעס נישט קאָנענ נאָכלויפנ זוכנ... דער
דאָזיקער פּלאַנ איז אַוואַדע זייער א טײַערער פּלאַנ, וואָס נאָר די
עמעסע ליבנדע קאָנענ פאַלנ דערויפ; נאָר גיי טרעפ, אז אַזוי פרי וועט
שוינ אַרצע דער שויכעט גיינ מיטנ ציצענעמ כאַלאַטל, מיט די טאַכטוי־
נימ אונ מיט די אויסגעטופּעטע מעשטעס אינ וואַסער אַרײַנ!.. אַכ,

ווי נאריש, ווי קינדעריש האָבנ אונדזערע העלדנ געטאָנ, וואָס זיי האָבנ זיכ געוואָלט באהאלטנ פאר ארצע דעמ שויכעט פונ יענער זייַט מערכעצ! ארצע, וואָס איז בעטעווע געוועג א ווילדער פאכדנ אונ וועלכער פלעגט אנטלויפנ פאר פאראסקע דער קורנאָסע, ווענ זי איז געווענ א ביסל שיקערלעכ אונ האָט געמאכט מיט די קולעקעס פונ־דערווייַטנ; — אָט דער דאָזיקער ארצע וואָלט אפילע מוירע געהאט שטארק זיכ צוקוקנ צו די דאָזיקע צוויי לייַט, ווענ זיי זאָלנ זיכ ניט גע־ווענ פארשטעלנ מיט די הענט זייערע פענעמער אונ אָנשפארנ זיכ אָנ דעמ פלויט פונעמ מערכעצ... דאָס האָט צוגעגעבנ ארצענ אזויפיל שטארקייַט, אזויפיל קוראזש, אז עס האָט זיכ אימ אויסגעוויזנ, אז די גאנצע וועלט האָבנ פאר אימ דערעכ־ערעצ (פאָרט ארצע דער שויכעט פונ דער באַרדיטשעווער גאס!), אונ ער, ארצע, קאָנ זיכ אָפּרעכענענ, אז ער וויל גאָר!.. האָט ער אָנגעהויבנ מאכנ בדייטערע שפאנ גלייַכ צומ פלויט, ווו אונדזערע העלדנ זענענ געשטאנענ נידעריק ביז דער ערד איינ־געבויגנ, אונ האָט זיכ צו זיי געווענדט שוינ אפ גויִיש, נישט אפ ייִדיש, מאכמעס אפ גויִיש קומט דאָס נאָכ אויס שטארקער, מיט מער עפּעקט:

— כטאָ טאמ?!.. גאוואָרי, כטאָ טאמ?!!..

ארצע האָט זיכ אלייג דערשראָקנ פאר זייַנ הילכיק קאָל, וואָס האָט זיכ צעגאָסנ אינ דער פינצטערניש; כוצ־לאָזע איז אימ דורכגעפלויגנ א הירהור אינ קאָפּ: טאָמער, כאָלילע, א קאשע וואָס עס מאכט זיכ, שטעקט אימ אָפּ דער „נייַער לערער" עטלעכע פעטש — האָט ער זיכ באלד פארקערעוועט צוריק; ער האָט „אָנגעגורט זייַנע לענדנ" אונ האָט געמאכט א „וואַיִיווראכ" צוריק אהיימ — אונ איז אריינגעפאלנ אינ שטוב ארייַנ קימאט א טויטער, מאכמעס עס האָט זיכ אימ אלצ גע־דאכט, אז עמעצער יאָגט אימ נאָכ פונ הינטנ אונ אָט־אָט מאכט מענ פונ אימ „א טעל־אוילעמ"! צומ סאָפּ זענענ דאָס גאָר געווענ זייַנע אייגענע מעשטעס, וואָס האָבנ אימ געפּאטשט פונ הינטנ אינ די פּיאַ־טעס גלייַכ ביז אינ זייַנ שטוב ארייַנ...

א גוטע שאָ איז אוועקגעגאנגענ, ביז ארצע איז געקומענ צו זיכ! שפּרינצע די שויכעטקע האָט גערעכנט, אז עפּשער האָט זיכ איר ארצע איבערגעשראָקנ, דורכגייענדיק פארבייַ דער קאלטער שול, אינ וועלכער עס טאנצנ מייסימ קימאט אלע נאכט... נאָר ווי איבערראשט איז זי געוואָרנ, ווענ זי האָט דערהערט דאָס, וואָס ארצע האָט געזענ פונ יענער זייַט מערכעצ; זי האָט א פּליעסקע געטאָנ מיט די הענט אונ האָט געזאָגט:

— איכ וועל זיכ א מייַסע אָנטאָנ! פארוואָס האָסטו מיר פריִער ניט געזאָגט?.. סטייַטש! איכ וואָלט זיכ שוינ לאנג געווענ אינ צענ

הײַזער!.. אכ, א הולטײַקע!.. איכ האָב דענ ניט געוווּסט פריער, אז פונ דער דאָזיקער מויד וועט קײנ גוטס ניט ארויס?.. מ'שטיינס־געזאָגט — אָנ א מאמע!.. איכ ווייס? איכ בינ, דאכט זיכ, אויכ געווענ אמאָל א מיידל, אונ א שײנ מיידל, א פארשוינ; פונדעסטוועגנ זעסטו דאָכ!.. אוי, א וועלט!.. עס נעמט מיכ דורכ אונ דורכ, אונ עס ברעכנ מיר אלע בײנער... עווע־ווע־ווע־ווע! עוועוועוועווע!! איכ שטעל מיר פאָר, וואָס וועט זאָגנ אשטײגער סאָרע־מינצי, עסטער־ראָכצי, זלאטע־לײצי, צירל־דוווירצי אונ נאָכ אונ נאָכ!.. ארצע! דו וועסט זיכ דאָ אלײנ אראָפנעמענ דעמ אָקראָפ פונעמ אפנ־אויווּנ — איכ וועל הײַנט נישט טרינקענ — איכ דארפ אוועקגײנ — אײַ א וועלט! א פײַנ וועלטעלע בא דיר, גאָט! א שײנ וועלטעלע! אָבער גאָר א שײנ וועלטעלע האָסטו! אזא יאָר אפ אלע מײַנע סאָנימ, ריבוינע־שעל־אוילעמ!..

איכ בינ שטארק מעסופעק, אויב עס געפינט זיכ אפ דער וועלט אזא שרײַבער, אזא ראָמאניסט, וועלכער זאָל האָבנ אזא רײַכנ טאלאנט אפ צו באשאפנ הויכע אונ גײַסטפולע פאנטאזיעס מיט אזעלכע שרעק־לעכע הארצרײַסנדע סצענעס, ווי בא שפרינצע די שויכעט־קע, וועלכע האָט אויסגעמאָלט פערעלעס אנטלויפנ מיט אזעלכע פארשײ־דענע פארבנ אונ אזוי מײַסטערהאפט, מיט אזא געפיל אונ מיט אזא הארצ, אז אײניקע ווײַבער האָבנ זיכ פאָשעט באוואשנ מיט טרערנ פאר ראכמאָנעס אפנ בלינדנ כאזנ, אונ אײניקע האָבנ געקריצט מיט די צײנ, געפײַערט מיט די אויגנ אונ געבראָכנ די הענט פאר קאס, פאר הארצווייטעק אונ פאר שרעק!..

דער דאָזיקער שאבעס איז געווענ א שאבעס פונ רייד, פונ שרעק, פונ קלאָלעס, פונ געלעכטער, פונ ציטערניש אונ פונ שמועסנ!.. אינ קלויז האָט מענ ניט געדאווּנט, ווי מע דאווּנט אלע שאבעס, מע האָט געדאווּנט מיניאָנימוײַז, אונ מע איז זיכ צעגאנגענ ווער פאר מוסעפ אונ ווער צו אויסנעמענס אונ מע האָט אלע מאָל געהערט אנ אנדער נײַעס: אָט האָט מענ „זיי" געכאפט אפנ בעסוילעמ, מע האָט „זיי" געזענ ערגעצ וויײַט־וויײַט אונטער דער שטאָט... אָט האָט מענ „זיי" געפונענ ערגעצ אינ א ווינטמיל, אונ אָט האָט מענ „זיי" באגעגנט דורכלויפנ אפ פאָסט מיט א גלאָק... אָט האָט מענ „זיי" געזענ אפ א בוידעמ, אונ אָט האָט מענ „זיי" געפונענ אינ א קרענעצע...

א ראכמאָנעס, א ביטערער ראכמאָנעס איז נעבעכ געווענ אפ ארצע דעמ שויכעט: אימ האָט מענ נישט געלאָזט צורו א גאנצנ שאבעס, אונ יעדער האָט זיכ צו אימ געטשעפעט, ער זאָל דערציילנ

אקוראט, „וויאזוי און ווו און ווען און אף וואס פאר אן אויפן און טאקע בעעמעס. וויאזוי איז געווען די מייסע?..״ ארצע איז געבליבן אן א מויל, דערציילנדיק יעדן באזונדער, ער האט אראפגעכאפט א קאבאלע־סייפערל פון דער פאליצע און מיט א צוגעמאכט אייגל און קניענדיק דאס שיטערע בערדעלע מיט די ציין, האט ער זיך שטארק פארטיפט אין דעם דאזיקן סייפער, און אף אלע פראגן האט ער געענטפערט:

— גייט; „זי״ וועט אייך דערציילן...

און „זי״ (דאס הייסט שפרינצע די שוויכעטקע) האט יעדן באזונדער דערציילט אן אנדערע מייסע און איז שוין אזוי ווייט פארקראכן, אז עס איז אויסגעקומען א מעשונע־ווילדע געשיכטע, „וויאזוי מיין ארצע האט „זיי״ געכאפט... וויאזוי מיין ארצע האט זיך געלאזט אף קידעש־האשעם און האט זיי געבראכן די ביינער... וויאזוי ער האט אויסגעריסן פון זייערע הענט איינגאנצן דאס זילבער, וואס איז פאר־צוויי־וואכן פארפאלן געווארן בא הערשקע רעב פייווישעס דעם נאגיד... וויאזוי מיין ארצע האט אויסגעטרייסלט בא דעם „נייעם לערער״ א טייערן האדעס פון דער קעשעניע, וואס מע האט פאראיארן אוועקגעגאנוועט אין דער אלטער קלויז... וויאזוי מיין ארצע האט מאציל געווען בערל באס פונעם טויט... וויאזוי מיין ארצע איז „זיי״ נאכגעלאפן 3 ווערסט צופוס און האט זיך קוים ארומגעקוקט, אז עס איז שוין מער פון א טכום־שאבעס... וויאזוי מיין ארצע האט מילכאמע געהאלטן און האט איינגענומען דריי גוילים, וואס זענען אף אים אנגעפאלן מיט העק און מיט האר־מאטעס... וויאזוי מיין ארצע האט זיך געבארעט מיט די מייסים פון דער קאלטער שול... וויאזוי מיין ארצע...״

ארצע, וואס האט איינגעטלעך געהערט יעדעס ווארט, וואס שפרינצע האט מיט איר רייכער פאנטאזיע באשאפן, האט דאס שוין מער ניט געקאנט איבערטראגן, האט ער פריער גוט אנגערוקט דאס לאפן־מיצל; נאכדעם האט ער זיך פארשטעקט מיט די פינגער ביידע אויערן; נאכדעם האט ער זיך אויסגעדרייט מיטן פאנעם צו דער וואנט; נאכדעם האט ער זיך אנגעהויבן אונטערזינגען א ניגנדל אלץ העכער און העכער; נאכדעם האט ער גענומען פאטשן איין האנט אין דער אנדערער — ענדלעך האט ער זיך אופגעכאפט פונעם בענקל מיט א גוואלד:

— אוי, שפרינצע! אוי, שפרינצע!.. — ער האט געכאפט אן זיך דעם לעטניק און איז אוועק אין קלויז אריין.

אינ קלויז האָט אָבער ארצע נישט בעסער געמאכט: דאָ האָט מענ אים ארײַנגענומענ אינ אַ ראָד אונ מע האָט אים באוואָרפנ מיט אלערליי פראגנ פונ אלע זײַטנ, אונ אז ארצע האָט זיכ געוואָלט ארויסדרייענ, האָט מענ אים ניט געלאָזט בעשום־אויפנ אונ מע האָט אים געזאָגט:

— אומזיסט, רעב ארצע, ווילט איר זיכ אויסדרייענ: עס וועט אײַכ קארג־וואָס העלפנ! מע וועט אײַכ שוינ שלעפנ צום פריסטאוו, נישקאָשע, נישקאָשע, רעב ארצע!..

— מע וועט אײַכ רופנ צום סטריאפטשע, רעב ארצע!..

— איר וועט שוינ וויסנ פּאָטשאָמע ליכאָ, רעב ארצע!..

— איר האָט זיכ געקויפט ליכאָ־נע־מאפטיר, רעב ארצע!..

— מע האָט „זיי" שוינ געכאפט, רעב ארצע!..

— מע האָט „זיי" שוינ געבראכט, רעב ארצע!..

— „זיי" זיצנ שוינ, רעב ארצע!..

— שאט, שאט! — האָט זיכ איינער אָנגערופנ. — וואָס איז דאָרט פאר א געשריי?..

— וואָס איז דאָס פאר א געלויפ?..

— מע פירט „זיי"! מע פירט „זיי"!..

— אָט זענענ „זיי"! אָט זענענ „זיי"!..

מיר זענענ אלע ארויסגעלאָפנ פונ דער קלויז, אונ פאר אונ־דזערע אויגנ האָט זיכ פאָרגעשטעלט אזא מינ בילד:

די גאנצע באַרדיטשעווער גאַס איז בוכשטעבלעכ געווענ פאַר־פלייצט מיט יידנ, ווײַבער אונ קינדער... אינמיטנ מארק, אקוראט אקעגנ הערשקע־פּײַווישעס מויער זענענ געשטאנענ עטלעכע גוייִמ מיט גאנצ גרויסע שטעקנס... נעבנ די דאָזיקע גוייִמ, וואָס האָבנ א פּאָנעם געהאט ווי די מאלאכיי־כאבאלע, זענענ געשטאנענ צוויי יונגע מענטשנ, שטארק אײַנגעבונדנ איינער צום אנדערנ מיט גאנצ גראָבע שטריק, אָפּגעריסענע, האלב נאקעטע, באָרוועסע, צעפלאָכ־טענע, צעהארגעטע, צעבלוטיקטע...

דאָס איז געווענ דער „נײַער לערער" מיט בערל באס' טאָכטער — „פערעלע די שיינע".

* * *

— אָבער מע האָט „זיי" געכאפט?..

— מע האָט „זיי" קוימ אָפּגעזוכט!..

— „זיי" האָבנ זיכ באהאלטנ בא א גוי אינ א קעלער!..

— מע האָט „זיי" געפירט אינ א זאַק אַפּ אָקסנ!..
— דער פּריסטאַוו האָט צעשיקט וויסטאַוועס אַפּ אַלע גאַסנ!..
— וואָס קער זיך דאָס אָנ מיטנ פּריסטאַוו?..
— וואָס זשע? מיטנ ראַוו?
— כאַ — כאַ — כאַ!..
— זע נאָר, ווי „ער" ציטערט!..
— עס קלאַפּנ אים די ציינ!..
— „ער" האָט פּינערדיקע אויגנ ווי בא א גאַנעוו!..
— מע זאָגט, אַז זיינ טאַטע איז אויכ געווענ א גאַנעוו!..
— ווו זענענ מיינע קאָרע פּערדלעכ? זאָג, זײ זיך מוידע, גאַנעוו אײנער!..
— גאַנעוו!!!..
— גאַנעוו! גאַנעוו! גאַנעוו!!!..
— געפעלט דיר א ביסל, ווי „זי" וויינט?..
— עס רייסט מיכ בא דער זיבעטער פּיאַטע!..
— „זי" האַלט שוינ אַפּ אַנ אויפנ!..
— „זי" איז שוינ מעובערעס!..
— אינ ניינטנ כוידעש!..
— אָנ כופּע־אוקדושנ!..
— מאַזלטאָוו!..
— מאַזלטאָוו! מאַזלטאָוו!..
— כאַ! — כאַ — כאַ —!..

* * *

א גערודערײ... דער פּריסטאַוו גייט... אָט איז ער... ער רעדט עפּעס מיטנ גוויר, מיט הערשקע רעב פּינוווישעס... דער פּריסטאַוו גייט צו צו „זיי" אונ קוקט אַפּ „זיי" אונ באַטראַכט „זיי" פונ קאָפּ ביז די פיס... עס ווייזט אויס, אַז פּערעלע איז אים געפעלנ... ער הייסט זי אָפּבינדנ... זי פאַלט אים צו די פיס אונ בעט אים מיט טרערנ אַפּ די אויגנ פאַר דעם לערער, מע זאָל אים אויכ באַפרײַענ, כאָטש אָפּבינדנ די הענט... דער פּריסטאַוו לאַכט: כע־כע־כע! אונ ווינקט צום גוויר מיט די אויגנ; דער גוויר (הערשקע רעב פּינוווישעס) לאַכט אויכ, קוקנדיק אַפּנ אָדנ: כי־כי־כי!.. דער פּריסטאַוו פרעגט דעם לע־רער, ער זאָל אים באַלד זאָגנ, ווו האָט ער אהינגעטאָנ די כפּייצים, וואָס ער האָט אַרויסגעגאַנוועט באַם גוויר (ער ווײזט אַפּ הערשקע רעב פּינוווישעס מיט די אויגנ, אונ הערשקע רעב פּינוווישעס שטייט

און גלעט זיך בא דער באָרד. און דער גאַנצער אווילעם קוקט אים אין די אויגן אַריַין...). דער לערער פאַרשטייט ניט, וואָס דער פּריס־טאַוו רעדט צו אים... ער פרעגט אים נאָכאַמאָל שוין העכער:

— ווו זענען די כּפּייצימ?!...

ער שוויַיגט און ציטערט, און עס קלאַפּט אים איין צאָן אָן דעם אַנדערן.

— ווו זענען די כּ־פּ־יי־צ־י־ם!? פרעגן איך בא דיר, דו הערסט, צי ניין?? — זאָגט שוין צו אים דער פּריסטאַוו מיט קאַס.

נישטאָ קיין ענטפער... מע בינדט אים נאָך שטאַרקער און מע פירט זיי אַהין, אין „כיידער״ אַריַין... פּערעלע וויינט און שריַיט אַף א קאָל:

— גוואַלד, ייִדן, ראַטעוועט!! מיר זענען נישט קיין גאַנאָווים! מיר האָבן קיינעם נישט באַגאַנוועט! וואָס שוויַיגט איר? האָט ראַכ־מאָנעס אַף מיַינע בלינדע טאַטן! גוואַלד, ייִדן, ראַטעוועט!!!..

דער אווילעם איז געבליבן עפּעס ווי פאַרטשמעליעט: קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען, צו וואָס פירט מען „זיי״ „אַהין״? וואָס קער זיך דאָס אָן מיט א פּריסטאַוו, וואָס בערל באַס׳ טאָכטער האָט גע־וואָלט אַנטלויפן מיטן „ניַיעם לערער״ פון דער באַרדיטשעווער גאַס?..

— מע וועט „זיי״ געוויס מישפּעטן?...

— פאַרשיקן סיביר!...

— גנאָטעווען!...

— טריַיבן קאָליסטרוי (סקוואָז סטרוי)!..

— פאַרשמיַיסן אַף אייביק!...

— פאַר וואָס און פאַר ווען?...

— פאַר גויִישע קעפּ!...

— א ייִדישע טאָכטער!...

— צוויי זינדיקע נעפאַשעס!...

— א ריינער ראַזבאָי!...

— ערגער ווי אין סדאָם!..

— הולטיַיעס! ראָצכים! גאַזלאָנים! קוילערס! רעשאָים! אַזוי. אַזוי....

* * *

אַלץ די זעלבע פּיַינע צוויי יונגעליַיט, די ליַיטישע צוויי איידעמ־לעך, מיט אַלץ דער זעלבער באַקאַנטער קעסטלדיקער פאַטשיילע זענען נאָכדעם א גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען אויבער דער באַרדי־טשעווער גאַס צונויפקליַיבן א נעדאָווע אַרויסצוראַטעווען די אומ־

גליקלעכע „פונ דעמ געפענקעניש"... עס איז שוינ אָבער געווענ שפּעט: דעמ לערער האָט מענ באַלד אָפּגעשיקט מיטנ עטאַפּ אינ זײַנ שטאָט אַרײַנ (ער האָט נישט געהאַט קיינ פּאַספּאָרט) אונ מע האָט אימ פאַרטריבנ גאַנצ ווײַט, ערגעצ אינ דער ליטע... אונ דאָרט האָט מענ אימ אָפּגעגעבנ פאַר א סאָלדאַט... אונ פּערעלע די שיינע איז אַוועק נאָכ ווײַטער!... אַהינ, פונוואַנענ קיינ רײַזנדער איז נאָכ נישט צוריקגעקומענ... דאָס דאָזיקע יונגע גרעזעלע האָט געקאָנט וואַקסנ אונ בליִענ נאָר באַ דער שײַנ פונ דער ליכטיקער וואַרעמער זונ אונ באַ דער פרישקײַט פונ דער גאַנצפרִיעדיקער ראָסע (טוי), ווענ די לעבעדיקע פייגעלעכ באַגעגענענ דעמ שיינעמ פרימאָרגנ מיט פרייד אונ מיט געזאַנג... ווער האָט באַגלייט „פּערעלע די שיינע" אָפּנ „הייליקנ אָרט"? — ווער האָט זי באַווייַנט, ווי דער שטייגער איז באַ אונדז, יִדנ?... פרעגט נישט, לעזער! אַפילע איר אייגענער פאָ־טער, דער אייציקער פרײַנט פונ איר יוגנט, האָט אויכ קיינ טרער נישט אַרויסגעלאָזט; ער האָט נישט געהאַט מיט וואָס צו וויינענ... אונ טאַקע דאָס, וואָס ער איז געווענ א בלינדער, האָט אימ דערהאַלטנ באַ זײַנ לעבנ, אופגעהאַלטנ זײַנ עלטער: אַז בערל באַס האָט אינגיכנ אָנגעוואָרנ „די קיילע", דעמ „האַלדז", האָט ער צעלאָזט די מעשוו־רערימ אונ האָט אָנגעהויבנ גיינ איבער די הײַזער, נאָר ניט באַ אונדז — אינ אַנ אַנדער שטאָט!...

פונ בערל באַס מיט זײַנ טאָכטער מיט זײַנ גאַנצער פאַמיליע איז געבליבנ באַ אונדז אָפּ דער באַרדיטשעווער גאַס אַנ אָנדענקענ — א ליד, זייער א פײַנ ליד מיט זייער א טרויעריקער מעלאָדיע, וואָס אַלע מיידלעכ אונ אַלע ווײַבלעכ האָבנ נאָכ לאַנג־לאַנג געזונגענ!... אָט אַזוי האָט עס זיכ אָנגעהויבנ:

„צי האָט איר געהערט, וואָס עס האָט זיכ געטראָפנ?
אָפּ דער באַרדיטשעווער גאַס האָט זיכ פאַרלאָפּנ —
א כאַזנס א טאָכטער אונ א גאַנעווס א זונ . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .
אונ ווײַטער געדענק איכ נישט, כ'לעבנ.

## IV. די סימכע

משוט באַרץ ומתהלך בה[1] — פונ צו שוועבנדיק איבער דער וועלט אונ פונ צו טונ גיינ אָפּ איר בינ איכ ווידער אַראָפּ אָפּ דער באַרדיטשעווער גאַס. עס איז שוינ געווענ אָוונט־צײַט, ווינטער, קאַלט

1 מישוט באָארעצ אומיסהאַלייכ באָ.

און פינצטער און א מאָרע־שבווירע איז געלעגן אף אלע הײַזער... הײַ־
זער? — כליוון, זעמליאנקעס, דורכגענעצטע שווארצע, קאַלטע, מיט ערד
געדעקט, די פענצטער ארומגעשטעקט מיט געלע קישעלעך, רויטע קאָל־
דרעס און שווארצע שמאַטעס — מיט איינעם וואָרט, ליבער לעזער,
דו ווייסט זי, דו קענסט זי, די באַרדיטשעווער גאַס אין הײַנטיקע
צײַטן, אין הײַנטיקע ביטערע יאָרן... א שרעקלעך יאָמערלעך געוויין
מיט א גאַנצן גרויסן אויסקוויטש האָב איך דערהערט פון א קליין
„מויערל” אף דער באַרדיטשעווער גאַס; דאָס איז ניט קיין געוויין
פון קיין מענטשן; דאָס וויינט א פידל, א טראָמפּייטער, און א גאַנץ
גרויסער פּויק קלאַפּט אים צו „באָם! באָם! באָם!”... וואָס איז דאָרטן?
— א סימכע! — א כופּע! א כאַסענע! א סימכע אף דער באַר־
דיטשעווער גאַס!...
— לאָזט אים דורך! מאַכט אן אָרט, אוילעם! אַן אוירעך גייט!
א פרעמדער, לאָזט דורך, וואָס איז דאָס פאַר א רעציכע! אוילעם!
— וואָס שטופּט מען זיך? וואָס פאַר אַן ענגשאַפט?..
— לאָז זײַן שטיל! מע הערט נישט די קלעזמער!..
— אוילעם, וואַשט זיך!
— לאָז מען געבן דער קאַלע די „גילדענע יויך”!
— שאַמעס, ברענג אהער דעם מעכוטנס ברודער!
— א בולקע אף דרײַ זייערע!
— אַט גיסטו אוים די יויך!
— האַנטעך! האַנטעך!
— לאָז זײַן שטיל!
— שטילער! שטילער!
— זאַלץ! זאַלץ! זאַלץ!
— ווו איז דער כאָסן? וואָס איז דאָס פאַר א פּאַראַדקעס!
— מע הערט ניט די קלעזמער!
— כאָסנס צאַד, רוקט זיך ארופּ! קאַלעס צאַד, אונטערן טיש!
— נאָך א בולקע: מיר זענען פינף זייערע!
— האַנטעך! האַנטעך!
— מע טראָגט די פיש! ווער טראָגט די פיש? סאַרווער!..
— שטילער! מע הערט ניט א וואָרט פון די קלעזמער!
— גוואַלד, מײַן פּוס! גוואַלד, מײַן פּוס! ווער איז? ווער
שרײַט דאָס?
— שאַ! שאַ! שאַ! אוילעם! איך וויל עפּעס זאָגן!...

— ששא! שששששא! גערדאליע־בעריש ווײַל עפּעס זאָגן! לאָז זײַן שטיל! לאָזט אויסרעדן א וואָרט! — שששששא! ששא!...

— ייִדן! מעכוּטאָנים! איך האָב ניט קיין גאָפּל!..

— כא־כא־כא! איז דאָס א מאַמזער! כא־כא־כא! כא־כא־כא־כא־כא!!

* * *

איך האָב ניט אוספּייעט אַראָפּצושלינגען דעם ערשטן ביסן, איז שוין אַרוים אויף דער סצענע א טעלערל מיט א קוויטל „תלמוד תורה"[1]... דאָס טעלערל איז אוועק מיט 5 גראָשנס, און אויף דער סצענע איז אַרויף נאָך א טעלערל: „בקור חולים"[2]; און טאַקע די רעגע נאָך א טעלערל: „גמילות חסדים"[3]; און נאָך א טעלערל: „סומך נופלים"[4]; און נאָך א טעלערל: „רופאי חולים"[5]; און נאָך א טעלערל: „מלביש ערומים"[6]; און א גרויסער טעלער: „קמח עניים"[7]; און ווידער א קליין טעלערל: „מתיר אסורים"[8]; און נאָך א טעלערל: „זוקף כפופים"[9]; און ווידער א גרויסער טעלער: „לחם אביונים"[10]; און א קליין טעלערל: „חברה קדישא"[11]; און נאָך א טעלערל: „חברה משניות"[12]; און נאָך א טעלערל: „חברה תהלים"[13]; און א שאַל: „שאַמעס", א שאַל: „שאַמעסטע"; א שאַל: „שאַמאָסים"; א שאַל: „סאַרווער"; א שאַל: „סאַרווערקע"; א שאַל: „באַדכנ"! אַזוי, אַזוי.

די אַלע טעלער מיט די קליינע טעלערלעך זענען אוועקגעגאַנגען, דער מיט א גראָשן און דער מיט צוויי גראָשן, און די שאַלן, נעבעך, זענען נאָך אַראָפּגעפאַלן פונעם טיש פאַר גרויס ענגשאַפט און פאַר גרויס סימכע און זענען צעבראָכן געוואָרן... דער גוואַלד פון די שאַמאָסים מיט די סאַרווערס האָט געגרייכט ביז דעם זיבעטן הימל און צוזאַמען מיט דער זעלטענער מוזיק פון דער גרויסער מווירעדי־קער טרובע מיט דעם שרעקלעכן פּויק האָט זיך דאָס צונויפגעגאָסן אין איין זעלטענער האַרמאָניע, אין אַן אומבאַשרײַבלעכן כאַאָס, אין וועלכן דער מענטש טראָגט זיך איבער אין אַן אַנדער ספערע, און עס ווײַזט זיך אים אויס, אַז עס טראָגט אים אינדערלופטן, און, קוקנדיק פון אויבן אַראָפּ מיט פילאָזאָפישע אויגן, הייבט ער זיך אָן

1 טאַלמוד־טוירע. — 2. ביקור־כוילים. — 3 גמילאַס־כאַסאָדים. — 4. סוימעך נויפלים. — 5 רויפע־כוילים. — 6 מאַלביש־אַרומים. — 7 קעמאַך־אַנײַים. — 8 מאַטיר־אַסורים. — 9 זויקעף־קפופים. 10— לעכעם־עוויוינים. 11— כעוורע־קאַדישע. 12 כעוורע־מישנײַעס. 13— כעוורע־טילים.

אָפּצוגעבנ דינ־וועכעשבנ, וואָס איז דאָס? וואָס הייסט דאָס? ווּ
בינ איכ? אָט דאָס הייסט אַ כאַסענע, אַ לעבנס־פאַרבינדונג פונ צוויי
יונגע מענטשנ, וועלכע מע נעמט אונ מע לאָזט זיי אַרויס אַפ דער
גרויסער וועלט אונ מע זאָגט זיי „פרו ורבו ומלאו את הארץ” 1 —
פּרוכטעט אײַכ אונ מערט אײַכ אונ פילט אָנ דאָס לאַנד מיט קאַפּצאָ־
נימלעכ, מיט אומגליקלעכע באַשעפּענישלעכ, מיט איבעריקע מענטשלעכ,
וועלכע וועלנ פונ זייער זײַט אויכ צונעמענ אַלע מיטלענ צו פּרוכטנ
זיכ אונ צו מערנ זיכ אונ אָנצופילנ דאָס לאַנד... דעמ זעלבנ געדאַנק
האָב איכ איבערגעלייענט בײַ דעמ כאָסנ אַפ דעמ שטערנ, בײַ דער
קאַלע אַפנ ווײַסנ שלייער, בײַ די מעכוטאָנים אַפ די געלע געקנייטשטע
פּענעמער, אַפ די גרויע בערד, אַפ די אײַנגעהויקערטע פּלייצעס...

— צו וואָס טוט איר דאָס? ראַכמאָנים בנײ־ראַכמאָנים!

— וואָס זשע טוט מענ מיט קינדער? אַדעראַבע, נו?

— אָבער הײַנטיקע יאָרנ!

— נו, אַדעראַבע, נו?..

„נו, אַדעראַבע, נו?” — דאָס איז אַ טערעצ אַפ אַלע קאַשעס:
„נו, אַדעראַבע, נו?”...

— ששששאַ! שטילער! אוילעמ; לאָז זײַנ שטיל! רעב גדאַליע־
בעריש וויל זאָגנ נאָכ אַ קלוג וואָרט! לאָזט אויסהערנ. ששששאַ!
שטילער!...

— ברידערלעכ! האָט אַפ מיר קיינ פאַריבל ניט, וואָס איכ וועל
אײַכ זאָגנ אַנ עמעס וואָרט, אַנ ערנסט וואָרט, דעמ גאַנצנ עמעס!
איר ווייסט דאָכ, אַז גדאַליע־בעריש האָט ליב דעמ עמעס... בריד־
ערלעכ! איר האָט געזענ פאָר אײַערע אויגנ אָט די אַלע טעלער מיט
די קליינע טעלערלעכ פונ די מעקאַבלימ מיט אונדזערע אַלע כעוורעס
פונ דער באַרדיטשעווער גאַס; ווער עס האָט געקאָנט, האָט אַרײַנ־
געוואָרפנ אַ גראָשנ; ווער עס האָט ניט געקאָנט, האָט געקוקט, ווי
יענער וואַרפט. אַצינד, אַז די טעלער מיט די טעלערלעכ האָבנ זיכ
שוינ אויסגעלאָזט, אונ די שאַלנ האָבנ זיכ שוינ אויכ צעבראָכנ,
אַצינד, ברידערלעכ, איז שוינ געקומענ אונדזער טשערע; אַצינד
לאָמיר, ברידערלעכ, זיכ נעמענ יעדער אַ טעלערל אונ לאָז[נ] זיכ
אויכ עפּעס מאַכנ עטלעכע גראָשנס אָט דאָ, אַפ דער סימכע, מאַכ־
מעס מיר זענענ אַלע פּײַערדיקע, מוירעדיקע קאַפּצאָנימ!!!...

---

1 פּרו אורוו! אומילו עס האָאָרעצ.

— כאַ־כאַ־כאַ! כאַ־כאַ־כאַ! איז דאָס אַ מאַמזוער! אוי, זאָגט ער אַ וואָרט! כאַ־כאַ־כאַ!...

דאָס גרויסע געלעכטער, מיט דעם ליאַרעם, מיט דער מוזיק, מיט דער זעלטענער מוזיק פון דער טרובע מיט דעם פּויק האָט זיך ווידער צונויפגעגאָסן אין אַ שרעקלעכן כאַאָס, און עס האָט מיך אַרויסגע־טראָגן פון „דער סימכע" אַף דער באָרדיטשעווער גאַס! איך ווייס, אַז איך האָב איבערגעלאָזט זייער פיל פאַרגעניגן, וועלכעס איך האָב געהאַט בעיאַד צו געניסן אַף דער דאָזיקער „סימכע"; איך האָב איבערגעלאָזט דעם כאַזנס „מי־שעבייראַכ" מיטן געדרייטן „באַאַאַאַאַ־ווראַ!"; איך האָב איבערגעלאָזט דאָס „דראָשע־געשאַנק", באַ וועלכן יעדער הייבט אָן צו קראַצן אין בייטעלע און דער באַדכן רופט אויס מיט אַ טראַסק: „האַנאָגיד רעב יאָסל־מייער אוורעם־הערש דעם מעכ־כוטנס אַ ליבהאַרציקער פּריזענט און אַ שטיקל שייני־שעבעכאַמישי פון קאַלעס צאַד שענקט מיט זיין גוטן ווילן אַ כאַצי רענדל!.." און דער נאָגיד רעב יאָסל־מייער אוורעם־הערש דער ליבהאַרציקער פּריזענט, אַרויסשלעפנדיק דעם גילדן פונעם בייטעלע, קלערט זיך בעשאַס־מעסע: „נאַ, וואַרג זיך, אַ מיסע־מעשונע לאָז קומען אַף אייך אַלע, בעסער וואָלט איך דעם גילדן געהאַט מאָרגן אַף ברויט, איידער שענקען אָט די הינט פאַר דער שייגער „דראָשע", וואָס זיי האָבן מיר דאָ געזאָגט"... אויך האָב איך אָנגעוואָרן די „וויוואַטן", וועגן אַלע מוזן פאַרזוכן דעם טאַם פונעם מעכוטנס ליפּן פון כאָסנס צאַד און פון קאַלעס צאַד, און באַצאָלן פאַר אַ קוש נאָך אַ גילדן... איך האָב אָנגעוואָרן דאָס „פריילעכס", דאָס „פּוילישׂ", דעם „כייצאַד מרקדין לפני הכלה"[1], דעם „קאַראַהאָד" און נאָך און נאָך פיל פאַרגעניגן, פון וועלכע איך וואָלט געמוזט באַשרייבן נאָך אַזאַ פעליעטאָן...

קאַניעוו. פעברואַר 1887.

## V. רעב מיכל־מיכאָעל יעיצער־האָרע

— רעב יעיצער־האָרע!.. רעב מיכל־מיכאָעל!.. קומט נאָר אַהער!.. מיין זיידנ קלייד?..

— רעב מיכל־מיכאָעל! רעב יעיצער־האָרע!.. מיין באַלעבאָסטע וואַרט אַף אייך!.. מע האָט אונדז שוין געבראַכט שליאַמעס אַף אַ

1 „קייצאַד מעראַקדין ליפני האַקאַלאָ" — ווי־אַזוי מע טאַנצט פאַר אַ קאַלע (אַ טאַנץ).

מאנטל — טײַערע שליאמעס — אײנ אנטיק אינ דער װעלט! קומט צו גײנ! לעמאנ־האשעמ!..

— רעב יעיצער־האָרע! יעיצער־האָרע! װענ װעט איר ברענגענ מײַנ ארבעט... מײַנ טאָכטערס סאמעטנ קלײד?..

— יעיצער־האָרע! װו איז אײַער װאָרט? ע! דאָס טװיג דאָך ניט!.. איך האָב אָט ערשט אנידערגעלײגט אזא גרױדע גאָלד בא רעב יאָסלענ אינ דער שניט־קראָמ; די קינדער לאָזנ מיך ניט לעבנ; די פלאטיעס! די פלאטיעס!..

— יעיצער־האָרע! איר װײסט, אז מירטשעמ (אי״ה 1) נאָך שאַבעס מאכ איך כאסענע צי נײנ?...

— װאָס איז דאָס פאר א מינ רעציכע אפ דער װעלט! מײַנ טאָכטער האָט ניט אינ װאָס אפילע ארױסצוגײנ אפ דער גאס שאבעס באטאָג! רעב יעיצער־האָרע! רעב מיכל־מיכאָעל!?..

— רעב מיכל־מיכאָעל! ביז װי לאנג נאָך װעט איר מיך פירנ? שױנ באלד יאָמטעװ, אונ איך װעל ניט האָבנ מײַנ סאמעטנ מאנטל!..

---

אזעלכע קױלעס האָב איך געהערט ארױסגײנ קימאט פונ יעדער שטיבל, דורכ א פענצטער, אָדער פונ דער טיר, אָדער גאָר אינמיטנ מארק, דעמלט װענ איך בינ אפ דעמ צװײטנ טאָג נאָך דער „סימכע" געגאנגענ װידעראמאָל שפאצירנ אפ דער בארדיטשעװער גאס...

יעיצער־האָרע?!.. װאָס איז דאָס פאר א מינ באשעפעניש?.. איך האָב זיך ארומגעקוקט אפ אלע זײַטנ אונ האָב דערזענ א שװארצנ, א הױכנ יידנ מיט געגרײַזלטע האָר אונ מיט צװײ היפשע פעקלעך סכוירע אונטער בײדע געזונטע אָרעמ. איך האָב זיך אפגעשטעלט, ביכדײ איך זאָל קאָנענ רעכט באטראכטנ דעמ דאָזיקנ יידנ, צו װעלכנ די קױלעס „יעיצער־האָרע, יעיצער־האָרע!" זענענ געװענ אד־רעסירט אונ װעלכער האָט אפ זײ געענטפערט מיט א שאָקל מיטנ קאָפ אונ איז זיך געגאנגענ װײַטער...

דער שװארצער ייד מיט די צװײ פעקלעך איז צוגעגאנגענ נע־ענטער צו מיר, אונ איך האָב דערקאָנט נאָך די שטיקלעך װאט, װעלכע האָבנ געשטעקט אינ זײַנ שװארצער באָרד, אונ נאָך דער לאטצ, פול מיט נאָדלענ, אז דאָס מוז זײַנ א שנײַדער. איך האָב זיך אױסגעגלײַכט מיט אימ, אונ מיר זענענ געגאנגענ צוזאמענ.

---

1 אימ־ייִרצע־האשעמ.

— גאָט־העלף!

— גוט־יאָר!

— דאָס רופט מען אײַך „רעב" יעיצער־האָרע?

— יע.

— איר הייסט רעב מיכל־מיכאָעל יעיצער־האָרע?

— יע.

— איר זענט א שנײַדער?

— יע.

— איר טראָגט סכוירע, שניט־סכוירע?

— יע.

— דאָ אין פעקל איז בא אײַך סאמעט, ווי עס ווײַזט אויס?

— יע.

— און אין דעם צווייטן פעקל איז בא אײַך זײַדנס, אפאָנעמ?

— יע.

— וועמען? פון יידנס וועגן? יידישע ארבעט?

— יע.

— טאקע פאר די, וואָס וווינען אָט דאָ אפ דער „בארדיטשעווער גאס"?

— יע...

מיט דעם לעצטן „יע" האָט ער אָפגעקערעוועט אָן א זײַט און איז פארפאלן געוואָרן אין איינע פון די וויסטע־פינצטערע שטיבלעך, וועלכע עס געפינען זיך דאָ, אפ דער בארדיטשעווער גאס לעראָוו... אָט דאָס הייסט „א געבראָטענער ליטוואק": כאָטש בראָק אים, האק אים, שנײַד זײַן פלייש — וועסטו מער פון אים נישט ארויסציען, כוץ „יע"... איך האָב אים גאנץ גוט אויסגעשאָלטן און בין מיר אוועקגעגאנגען ווײַטער.

---

— זאָגט מיר, איך בעט אײַך, — האָב איך זיך געווענדט צו אן אלטן ייִדן, וועלכער איז געשטאנען בא א טויער פון אן אכסאניע אָן א קאפאָטע און מיט א ליולקע־ציבעק אין די ציין, — זאָגט מיר, איך בעט אײַך, וואָס איך וועל אײַך פרעגן: איר זענט, ווי עס ווײַזט אויס, דער באלעבאָס פון דעם דאָזיקן אײַנפאָר, — ווייסט איר דאָך געוויס אלעס, וואָס עס טוט זיך דאָ בא אײַך אפ דער בארדיטשעווער גאס?

— נו?

— ווער איז אָט דער שווארצער ייִד, מיט וועלכן איך בין ערשט צוזאַמען געגאַנגען? ער הייסט רעב מיכל־מיכאָעל יעיצער־האָרע?

— נו?

— ער איז א שנײַדער, איך ווייס, אז ער איז א שנײַדער; א דאַמסקי שנײַדער...

— נו?

— ער האָט געטראָגן מיט זיך זײַדנס און סאַמעט אָפּ קליידער...

— נו?

— נו, גאָרניט, ווייל איך וויסן, צי עס געפינען זיך נאָך דאָ בא אײַך אַזעלכע ווײַבער, וואָס טראָגן הײַנטיקע צײַטן סאַמעט מיט זײַדנס? וואָס טאַנצן אויך נאָך דער מאָדע, מ'שטיינס געזאָגט?..

— נו, וואָס זשע איז דאָ אײַך אַזאַ כידעש? — האָט מיר דער נאַקעטער באַל־אכסאַניע געענטפערט און האָט אויסגעשפּיגן.

— וואָס הייסט? אין אַזעלכע ביטערע יאָרן? הײַנטיקע צײַטן! און אַזעלכע קאַפּצאָנים?

— נו מיילע, הייבט זיך אָן א מײַסע „קאַפּצאָנים"! וואָס זאָל מען טאָן, אז מע מוז פּאָרט קינדער כאַסענע מאַכן, עס העלפט זיך עפּעס?

—יאָ, כאַסענע מאַכן! אָבער צו וואָס טויג נאָך סאַמעט מיט זײַדנס, אז עס איז ניטאָ באַלד נאָך דער כאַסענע א שטיקל ברויט...

—נו, הייבט זיך אָן א מײַסע, א שטיקל ברויט! עס איז זיך אָבער בא יידן א מינהעג...

— א שיינער מינהעג, כ'לעבן: אין א קעלער פול מיט מיסט און מיט בלאָטע, אָן א העמד אפן לײַב, צעריסענע שטיוול, הונגעריק און דאָרשטיק, רויכיק און פינצטער, שטינקענדיק און שמוציק — און באַדעקט מיט זײַד און מיט סאַמעט!..

— נו, הייבט זיך אָן, מע זאָל וועלן קוקן אף די זאכן!.. — האָט מיר דער באַל־אכסאַניע ווידער געענטפערט מיט א שפּײַ.

— וואָס רעדט איר דאָס? מע טרײַבט אונדז, מע יאָגט אונדז; מע האָט אײַך צונויפגעקוועטשט אלע אין לאָך, אז איר זאָלט פרעסן איינס דעם אנדערנ לעבעדיקערהייט; איר פאַלט מיטן פּאָנעם צו דער ערד; ניטאָ בא וואָס צו האַלטן זיך; ניטאָ קיין פּלאַץ, ניטאָ קיין האָפענונג— און אײַערע ווײַבער!..

— נו, הייבט זיך אָן א מײַסע! מע זאָל וועלן קוקן אזוי ווײַט...

— וואָס זאָגט איר דאָס „קוקן אזוי ווײַט"? אוואדע קוקן ווײַט! און עס איז גאָר ניט אזוי ווײַט, ווי איר מיינט! עס איז גאַנץ נאָענט!

מיר דאַרפֿן אוואדע זיך ארומקוקן, ביכדיי מיר זאָלן ניט פֿארקריכן נאָך ווײַטער, נאָך טיפֿער!..

— נו, אדעראבע, נו — גיי טײַנע מיט א יידן!.. — האָט מיר דער־רופֿ דער באַל־אכסאניע געענטפֿערט מיט א גראָבן שפּײַ.

— אוואדע טײַנען! רעדן, שרײַען, שרײַען אין אלע גאסן!

— נו, אדעראבע, נו — וואָס העלפֿט דאָס? עס איז פֿאָרט אזוי אײַנגעפֿירט בא יידן!

— וואָס הייסט אײַנגעפֿירט? וואָס איז דאָס פֿאר א טערעץ „אײַנגעפֿירט"?

— נו, אדעראבע, נו — גייט פֿרעגט א יידן?..

— וואָס הייסט „פֿרעגט א יידן"? אָט פֿרעג איך אײַך — איר זענט דאָך א ייד!

— נו, אדעראבע, נו — איר זענט דאָך אויך א ייד! — האָט ער מיך אָפּגעשניטן אויסשפּײַענדיק, און מיט דער ליולקע אין די ציין, אָן א זײַ־געזונט, איז ער אוועק אין הויף ארײַן...

---

וואָס האָב איך אים געקאָנט ענטפֿערן אפֿ זײַן לעצטן „נו, אדעראַ־בע, נו?"... דאָס איז בעטעמעס א טײַערער טערעץ אפֿ אלע קאַשעס: „נו, אדעראבע, נו?"... שרײַ גאָ־גוואלד, קריך פֿון די קיילים ארויס, שפּרינג פֿון דער הויט, — באקומסטו אן איינפֿאכן אנטוואָרט: „נו, אדעראבע, נו?"... איך האָב זיך נאָך ארומגעדרייט א קלײנע ווײַלע אפֿ דער באַרדיטשעווער גאס; איך האָב זיך באגעגנט מיט פֿיל פֿאר־שיידענע לײַט; נאָר איך האָב שוין אָבער מער ניט געוואָלט מאכן וועגן דעם קיין שמועסן: איך האָב געוווסט, אז איך וועל פֿון יעדן באקומען דעם זעלבן אנטוואָרט „נו, אדעראבע, נו?"...

## VI. מייער־בער פֿאָדראַטשיק — ערעוו־פּייסעך

איך וועל אײַך באקאָנען מיט א נײַעם פּאַרשוין פֿון דער באַר־דיטשעווער גאס, מיט אזא פּאַרשוין, וואָס יעדער קען אים, און וואָס ער קען יעדן, און יעדער מוז צו אים אָנקומען אלע יאָר פּונקט ערעוו פּייסעך. — זײַן נאָמען איז מ יי ע ר־ב ע ר... ניט דער געוויסער קאָמפּאָזי־טאָר מייערבער, וואָס מען שפּילט זײַנע אָפּערעס אין טעאַטער אפֿ דער גאָרער וועלט; ניין! דאָס איז אן אנדערער מייער־בער; אויך א געווי־סער מייער־בער, נאָר ניט אין דער מוזיקאַלישער וועלט, כאָלילע!

אונדזער מייער־בער איז באוווסט דאמיט, וואס אין דער יוגנט איז ער געווען שרעקלעך גרויס און האט באגראבן פיר ווייבער... וואס הייסט באגראבן פיר ווייבער? גאנץ איינפאך: עס זענען בא אים „אפגעשטארבן" (ווי דער ליטוואק זאגט) איינע נאך דער אנדערער פיר ווייבער, און יעדעס ווייב, גייענדיק פון דער וועלט, האט אים גע־לאזט אן אנדענק — אדער 6 אדער 7 קינדערלעך, אזוי אז אצינד, צו 60 יאר און מיטן פינפטן ווייב האט אונדזער מייער־בער אזוי גרויס, ווי זיבן און צוואנציק קינדערלעך, קיין איינהארע נישט! די קינדערלעך זענען באָרעך־האַשעם געזונט און שטארק, נאקעט און באָרוועס און גאנץ אָפט הונגעריק אויך. און ער, מייער־בער, איז פּאָדראַטשיק, דער ערשטער פּאָדראַטשיק אף דער באַרדיטשעווער גאס... נישט קיין פּאָדראַטשיק פונעם אײַזנבאַן, כאָלילע! א פּאָדראַטשיק פון „מאַצעס באַקן"; מייער־בער האט א פּאָדראַד אף דער באַרדיטשעווער גאס, און די פײַנסטע באַלעבאַטים באַקן בא אים די מאַצעס.

נאָר נישט ווי אַמאָליקע יאָרן איז מייער־בערס פּאָדראַד אצינד. די קאָנקורענציע, וועלכע האט זיך צעשפּרייט אף דער גאנצער וועלט, האט אָנגעהויבן צו געוועלטיקן דאָ אף דער באַרדיטשעווער גאס אויך, און אזוי שטארק, אז קימאַט אין יעדן הויז געפינט איר שוין ערעוו־פּייסעך א „פּאָדראַד", און קימאַט יעדער „באַרדיטשעווער" איז אצינד א פּאָדראַטשיק. וואס זאָל מען טאָן? — שלעכטע, ביטערע יאָרן!..

אָט דאָס זענט איר, רעב מייער־בער? אליין נעבעך מיט אײַער קאָ־וועד, שטייט איר אויס א גאנצן טאָג אין פּאָדראַד בא שרעקלעכער היץ, און ריקעס שוויס גיסן זיך פון אײַך? אליין נעבעך מיט אײַערע אײַנגעהויקערטע פּלייצעס טראָגט איר אריין עטלעכע פּאָר עמער וואסער, און אז „לייוועי־יאָנטל דער שיבער" איז נישטאָ באַם אויוון, זענט איר אליין אויך א גוטער שיבער*, און אײַערע טעכטער: באַסיע, כאַסיע, ראַסיע, מאַסיע אזוי. קאַטשען אצינד אליין די מאַצעס, און די הענט ווערן בא זיי געשוואָלן ביז נאָך שוועס? און אײַער פינפטע פרוי, רייזיע־לייע, וואס טוט זי אין פּאָדראַד? זי קנעט אליין אויס די „מיירעס", און נאָך דעם קרענקט זי אָפּ דעם גאנצן זומער ביז העט־העט נאָך... סוקעס... נו, און די קלענערע קינדער אײַערע? עס פאַרשטייט זיך, אז זיי זענען אויך נוצלעך אין פּאָדראַד: זיי שיטן מעל און גיסן וואסער; דערפאר

* זעצן און ארויסכאַפּן די מאַצעס פונעם אויוון הייסט אף פּאָדראַד־לאָשן „שיבן", און דער זעצער הייסט „שיבער". (באַמ. פון אווט.).

אָבער זענענ זיי שוינ זאַט פאַר אַ גאַנצ יאָר!.. וואָס זשע זענט איר אָבער געווענ פריִער מיט אַ יאָר צוואַנציק, רעב מייער־בער? ווי־אַזוי האָט איר אַמאָל געלעבט, בעשאַס איר האָט נאָכ געהייסנ רעב מייער־בער מיליאָנטשיק?.. אויב איר וועט מיר ערלויבנ, וועל איכ אויכ איינקירצנ דאָ איבערגעבנ מיינע לעזער איינער ביִאָגראַפיע, איינער טרויעריקע ביִאָגראַפיע.

ווענ מייער־בער איז געזעסנ אָפּ קעסט בײַ זײַנ ערשטנ שווער, רעב פײַוויש קאַמינקער, האָבנ שוינ אָפּ אימ געהאָרעוועט אַ סאַכ הענט מיט אַ סאַכ מויכעס: ער איז געווענ אַ יונגער פּראַצענטניק און איז געוואַקסנ אָנ רעגנ. אַז ער איז געבליבנ אַנ אַלמענ מיט 6 קינדער און מיט 20 טויזנט רובל, האָט אימ רעב לייביש פּעפּערל צוגעצאָלט נאָכאַמאָל אַזוי־פיל און האָט אימ צוגעגעבנ זײַנ טאָכטער. דאָס דריטע ווײַב, פּערעלע די בראָדערנ, האָט אימ ארײַנגעבראַכט זייער אַ גרויסע ירושע פונ איר פאָטער פונ בראָד. דאָס גליק האָט אימ שטאַרק געגילט, און אַזוי ווי אונדזער מייער־בער איז געוואָרנ פּאַוואָלינקע אַ גרויסער אוישער און האָט אופגעפירט אַ ראָליע פונ אַ גוויר, אַ מיליאָנער, אָפּ דעמ שטייגער פונ אַלע אונדזערע גווירימ אַמאָליקע יאָרנ אָפּ דער באַרדיטשעווער גאַס, דעהײַנע, אַז אינ שטוב בײַ אימ איז שוינ געווענ אַ מעשאָרעס, אַ קאַסיר, אַ שטיקל קאָנטאָר — און וואָס ווײַטער־ווײַטער, אַלצ גרעסער און גרעסער — אַ קאַרעטע מיט פיר ברענענדיקע פערד אדג.; און עס איז אַ סוואָרע, אַז דער גרויסער האַלפּערינ (וועלכער האָט אימ נאָכדעמ גוט אָנגעזעצט) איז געווענ בײַ אונדזער מייער־בערנ אינ שטוב, און רעב מ ו י ש ע־י אָ ס י ע אַליינ האָט שוינ געוואָלט מיט אימ אַ שידעכ טאָנ — אַזוי האָט מענ געזאָגט אָפּ דער באַרדיטשעווער גאַס. עס פאַרשטייט זיכ, אַז אַלמאָנעס מיט יעסוימימ מיט אַ סאַכ אַנדערע אָרעמעלײַט האָבנ בײַ אימ אָפּגעלייגט דאָס ביסל אָרעמקײַט, און רעב מייער־בער איז געוואָרנ שרעקלעכ גרויס, געהויבנ, ביכשיוועס־גאָדל בײַ נאַטשאַלסטווע און קימאַט אָפּ דער „גאַנצער וועלט". ער איז שוינ געווענ אַזוי גרויס, אַז ניט יעדער האָט אַ זכיִע געהאַט מיט אימ צו רעדנ. פונ זײַנע מײַלעס האָט קיינער ניט געוווסט, נאָר זאָגנ האָט מענ געזאָגט, אַז זײַנ „שטאַרקײַט" האָט גאָר נישט קיינ גרונט. וואָס „שטאַרקײַט", ווענ „שטאַרקײַט" האָט קיינער נישט געוואָלט און נישט געמייעט איבערפּרעגנ, און עס איז גאָר קיינ כידעש ניט: אַלע האָבנ אימ געזענ אַרײַנפאָרנ און אַרויספאָרנ פונעמ גראַפּס הויפּ; יעדער האָט געוווסט — און עס איז גאָר קיינ סאָד ניט געווענ פאַר קיינעמ— אַז דאָס בעטל, וואָס רעב מייער־בער האָט געלאָזט מאַכנ פאַרנ רעבנ,

האָט אָנגעטראָפן א שלאָל מיט געלט; און דאָס לעמפּל פון צען טויזנט רובל, דאָס געווינסע זילבערנע כאַנעקע־לעמפּל, וואָס ער האָט געשענקט דעם רעבן, איז עפּעס א קלייניקייט, צי וואָס? נו, און דאָס קלייזל, וואָס ער האָט זיך געשטעלט בויען און האָט דאָס ניט געענדיקט? און די קופּערנע מיקווע בא זיך אפן הויף? און די גרויסע זעקלעך זילבער־געלט, וואָס ער פלעגט צעטיילן ערעוו יאָמטעוו אפן שול־הויף? און די ערשטע כאַסענע, וועלכע ער האָט אופגעבראַכן אזוי גרויס, אז אד־היאָם געדענקט זי נאָך די באַרדיטשעווער גאַס און קאָן נישט פארגעסן די סאַמעטענע דיוואַנעס, וואָס מע האָט געשפּרייט פונעם הויף ביז דער שול, מיט די גאַנצ גרויסע פעסער ווײַן, וועלכע ער האָט ארויסגע־קאָטשעט אפ דער גאַס, אז דער אוילעם זאָל טרינקען? האַקלאַל, מייער־בער — דאָס איז געווען א נאַטור פון א גאַנצ רײַכן פּוילישן גראַף, אָדער פון א ברייטן רוסישן קניאַז, און מיט געלט האָט ער געשלײַ־דערט, געשמיצט אפ אַלע זײַטן, אָן א טאָלק, אָן א כעשבן, אזוי ווײַט אָן א רעכענונג, אז ביז דער לעצטער מינוט, ביז עס זענען צו אים ארײַנגעפאַלן אין שטוב ארײַן א מאַסע אַלמאָנעס מיט יעסוימים מיט א יאָמערלעכן געוויין: „גוואַלד, גאַזלען! ווו איז אונדזער בלוט! גיב אונדז אָפּ אונדזער געלט, אָנזעצער איינער!...” — ביז דער דאָזיקער טרויע־ריקער מינוט האָט ער נישט געוווסט זײַן באַלאַנס, וויפל ער האָט און וויפל ער האָט ניט... נאָר איר מיינט, אז מייער־בער האָט אָנגעזעצט און האָט געענדיקט, ווי אַן אָנזעצער? איר האָט א טאָעס: מייער־בער האָט צונויפגערופן אַלע קרעדיטאָרן צו זיך אין שטוב ארײַן, האָט זיי אָפּגעגעבן די שליסל פון אַלע קאַסטנס מיט די טישן, האָט זיי איבער־געגעבן די שטוב, דאָס מעבל, דעם ווײַבס מיט די טעכטערס צירונג, די פערד מיט די קאַליאַסקעס, די מאַלבושים — אַלעס, אַלעס — און איז ארויסגעגאַנגען פון זײַן הויף מיט דער גאַנצער מישפּאָכע אָן א קאָ־פּיקע געלט, ווי די מאַמע האָט אים געהאַט!... ער האָט זיך צום לעצטן מאָל אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צום הויף, ווו עס איז אַמאָל געווען זײַן אַשירעס; ער האָט אופגעהויבן די הענט צום הימל און האָט גע־זאָגט נאָר פיר ווערטער: „ה׳ נתן וה׳ לקח”[1]! (גאָט האָט געגעבן, גאָט האָט צוגענומען!) — און פון יענער צײַט אָן איז מייער־בער געוואָרן א „ווירעד”, אָן אַרעמאַן און ענדלעך א גאַנצ גרויסער קאַפּצן!.. די ערשטע עטלעכע יאָר האָט אים די באַרדיטשעווער גאַס אפילע גע־שטיצט, ווי ווײַט זי האָט געקענט, פאַר גרויס ראַכמאָנעס; נאָר נאָכ־

1 „אדויִנאָי נאָסאַנ וואַדויִנאָי לאָקאַכ”.

דעמ, ווענ יעדער איז שוינ געוווינט געוואָרנ צו זײַנ טרויעריקער לאגע, האָט ער זיכ שוינ אָנגעהויבנ א ביסעלע צועסנ אונ דעקוטשענ: „וואָס וויל האָבנ פונ אונדז אָט דער דאָזיקער טונעיאדעצ?...“ מייער־בער האָט זיכ אָנגעהויבנ ווארפנ אפ אלע זײַטנ; ער האָט געפרוווט זײַנ א קרעמער, א שענקער, א מעקלער, א קאָמיסיאָנער פונ עסרויגימ, א שאדכנ, א באל־טפילע, א מעלאמעד, א קאָלעקטאָר פונ צעטלענ, ארומגיינ מיט פלעטנ — דורכ־דורכ איז אימ געגאנגענ שלימ־שלימ־מאזל; דאָס גליק, וועלכעס האָט אימ אמאָל אזוי געשפילט, האָט אימ פלוצלימ אוועקגעוואָרפנ אונ אפ שטענדיק, אפ אייביק, אונ דער דאלעס איז אימ ארופ אפ די פלייצעס אונ האָט אימ געיאָגט אומבעראכמאָנעס!... „פארוואָס זאָלט איר ניט ווערנ קיינ פאָדראטשיק?“ — האָט אימ א גוטער־פרײַנט אמאָל א פרעג געטאָנ. אונ מייער־בער איז געוואָרנ א „פאָדראטשיק“. מיטנ שוויס, מיט זײַנע אייגענע הענט, מיט זײַנע אייגענע פלייצעס, ער מיטנ ווײַב אונ מיט די קינדער, האָט ער זיכ פארדינט דאָס שטיקל ברויט אפ א גאנצ יאָר. א גאנצ קײַלעכיק יאָר זיצט מייער־בער אינ קלויז בא דער הרובע אונ לערנט; ער איז ניט קיינ „מעקאבל“; ער טרעבעוועט שוינ מער קיינ נעדאָוועס, קיינ שטיצונג פונ קיינעמ, ווי א סאכ אנדערע געפאלענע מענטשנ, וועלכע לעבנ אל־כעשבנ־האקאָהאָל; ניינ! מייער־בער דארפ ניט קיינעמ. אז עס קומט ערעוו־פייסעכ, וועט איר אימ שוינ אינ קלויז נישט טרעפנ; ער גארטלט זיכ אונטער די צעבראָכענע ביינער אונ גייט ארויס אפ דער ארבעט מיט פארגעניגנ, מיט דעמ כיִעס, וואָס ער וועט א גאנצ יאָר ניט דארפנ די האנט אויסציִענ צו בעטנ א שטיקל ברויט זיכ מיט דער גאנצער כאָפטע קינדער, וואָס איז אימ פונ זײַנ אשירעס געבליבנ. אז עס קומט דער ערעוו־פייסעכ, איז אימ שווער צו דערקאָנענ: דער קראנקער, דער אײַנגעבויגענער מייער־בער ווערט אויסגעגלײַכט, געזונט, פריש אונ מונטער; אינ זײַנע אויגנ בלישטשעט א קליינ פײַערל, דאָס פײַערל פונ אמאָל־אמאָל... איכ וואָלט אימ נאָכ זייער געוואָלט אָנקוקנ פייסעכ צומ ערשטנ סיידער... אצינד רוקט ער די מאצעס אינ אויוונ ארײַנ אזוי פלײַסיק, אזוי געשווינד... קוקנדיק אפ אימ אצינד, האָב איכ מיר אימ פאָרגעשטעלט אמאָל, פריִער מיט א יאָר צוואנציק, ווענ ער האָט זיכ געמאכט א מיקווע פונ קופער אונ דעמ רעבנ א לעמפל פונ צענ טויזנט רובל!... פריִער א קופערנע מיקווע, — אונ אצינד פאָדראד אפ דער בארדיטשעווער גאס! נעכטנ דעמ רעבנ א לעמפל פאר צענ טויזנט רובל, — אונ הײַנט מאצעס באקנ פאר דרײַ גילדנ! אונ מייער־בער איז דאצו געוווינט, אונ יעדער איז דאצו געוווינט, אונ פיל האָבנ שוינ

גאָר פאַרגעסן, אַז דער דאָזיקער גרינז־גרויער פאָדראַטשיק מיט די גרויסע שוואַרצע אויגן האָט אַמאָל געהייסן רעב מייער־בער דער מיל־יאַנטשיק, און פיל־פיל האָבן שוין פאַרגעסן רעב מייער־בערס ווײַב, וועלכע שטייט אַצינד און קנעט די מאַצעס מיט די לעצטע קוילעס, אַז זי פלעגט אַמאָל אויסהאַלטן אַ גאַנצע טשערעדע מיט הייליקע פרומע ווײַבער, רעבעצנס און גאַבעטעס! נאָר עפּשער איינער רעב מיכל־מיכאָעל יעיצער־האָרע האָט געדענקט די רײַכע אויסגעצייכנטע סאַ־מעטענע און זײַדענע קליידער, וועלכע ער האָט צו איר איבערגעגייט אין די יונגע יאָרן!.. נאָר וואָס ווערט דערפֿון? מייער־בער איז היינט פאָדראַטשיק אויף דער באַרדיטשעווער גאַס, און אַצינד, ערעוו־פּייסעך, איז זיין שטיקל צייט אויף צו האָרעווען און ערליך פאַרדינען דאָס קערבל, דאָס ווייסטע ביטערע קערבל!..

ערעוו־פּייסעך, 1887.

## VIII. צוריק אַהיים![1]

„זײַ מיר מויכל, איך בעט איבער דײַן קאָוועד טויזנט מאָל ווי אַן איינציקע שוועסטער, האָב אויף מיר קיין פאַריבל, זײַ מיר מויכל, איך בין ווינאָוואַט! ווינאָוואַט...״

מיט דער דאָזיקער היינטמאָדישער פאַרעדע גיי איך אַרויס און ווענד זיך צו איר, צו מײַן טײַערסטער און מײַן ליבסטער, צו מײַן גוטער און מײַן געטרײַער, צו איר אַליין, צו דער גאַס, צו דער באַרדיטשעווער גאַס! די דאָזיקע ווייסטע, פינצטערע גאַס — ווערט איר מיר גלייבן? — איז מיר טײַער, ליב, אײַנגעבאַקן אין האַרצן. עפּעס ווי אַ נעבעכל, ווי אַ יעסוי־מעלע, ווי אַן אומגליקלעך קינד, עפּעס אַ שלים־שלימ־מאַזל, אַ קאַפּאָ־רעלע, גאָט זאָל ניט שטראָפן פאַר די רייד, אַ פאַרזעעניש, אַן איבער־ריקע זאַך, אַ ווייסטע נעשאָמעלע, אַ נעפּעשל, מ׳שטויינס־געזאָגט, וואָס סע דרייט זיך און שטופּט זיך אומעטום און איז גרויס בײַ יעדערן אין די אויגן, און דערפאַר טאַקע, סע הייסט מעהײַ־טײַמע ווײַל עס לעבט, ווײַל עס רודערט זיך, און ווײַל עס דרייט זיך פאַר די אויגן, האַרגעט מען דאָס, מע מיימעסט דאָס, מע שלײַדערט דאָס פון איינעם צום אַנ־דערן, מע שמיצט דאָס און מע קויקלט דאָס, ווי אַ קנויל בײַוועלעך, וועלכע עס פּלאָנטעט זיך בײַ די פיס, ווען מע האָט גוט קיין צײַט ניט, מע הייבט דאָס אויף פאַר די אויערלעך גאַנץ הויך און מע לאָזט דאָס אַראָפּ צוריק מיט אַ פּײַנעם „זעצ אַנידער״ און דערצו נאָך מיט אַ

1 זע ליטעראַרישן קאָמענטאַר ז. 529.

געלעכטער און מיט א ווערטל: „זע נאָר, זע, ווי קיין קויל נעמט דאָס ניט, קיין פייער און קיין רועב און קיין אויסבאַפּעניש אזוי...״ מיט איינעם וואָרט, לעזער, איך האָב זי ליב, די באַרדיטשעווער גאַס, איך האָב זי ליב מיט מיין גאַנצן כּיעס, אַן באַכמעס, אַן באַניפע, אַן קאָמ־פּלימענטן, כאָטש ניט איין מאָל קומט מיר אויס צו לאַכן אויס איר, אויס אירע ווילדע מעשונע אַנטיקלעך, וועלכע געפינען זיך נאָר בא איר. און טאַקע ווידער מעהיי־טייַמע האָב איך זי ליב אַדעראַבע מיט די אַנטיקלעך אירע, מיט אירע בעסרויינעס, מיט אירע דומהייטן, מיט אירע ספּליעטניעס, מיט אירע אָרגינאַלנע טיפּן, מיט אירע אייַנפאַלן, מיט אירע בעפּלעך, מיט אירע שטיקלעך, מיט אירע דריידלעך... צווישן אונדז, לעזער, איך מיין צווישן מיר און צווישן דער דאָזיקער גאַס, איז עפּעס א מין קאַפּריזנע ליבע, ווי צווישן א יונגע פּאָרפּאָלק, וועלכע, ווען זיי זענען צוזאַמען, פּערעבענדעווען זיי און רייסן זיך ווי די הענער, און קוים צעשיידן זיי זיך נאָר אָפּ א פּאָר טעג, אזוי הייבט אָן בא זיי די ליבע צו סמאַליען, און עס ציט זיי, עס שלעפּט זיי איינס צום אַנדערן מיט א זעלטענעם קויעך, ווי א מין מאַגניט... באַשיינפּערלעך זע איך דאָס אַרויס אָפּ זיך אַליין: ווי גרויס איז געווען מיין קימער, ווי איינגעגעסן איז מיר געוואָרן די גאַס פאַר דעם גאַנצן לאַנגן ווינטער, וואָס איך האָב איך פאַרבראַכט, די בלאָטע אירע אָפּ דער גאַס און די בלאָטע, וואָס אין שטוב, אירע אייביקע ספּליעטניעס מיט די רעכילעסן, דאָס רווירעפּן איינער דעם אַנדערן, די מילכאָמע איבער א שטיקל ברויט, די מאָסרים מיט די דאַנאָסן, דאָס בוקן זיך צום קערבל, די בניפע צום נאָגיד, דער דעספּאָטיזמוס פון די גווירים, דאָס рабство פונעם פאָלק, דאָס צוויזעם פון די פרומע לייט, דאָס פאַלשקייט פון דער אינטעליגענץ — האקלאַל, דו קאָנסט זיך פאָרשטעלן, לעזער, מיין סימכע, ווען איך בין געזעסן אין ביידל בא רעב גדאַליע־הערש פּאַנ־פּאַטש, וועלכער האָט זיך אונטערגענומען פאַר א כאַצי־פּויגל* ברענ־גען מיך מיט נאָך זיבן פאַרשווינדלעך, אכוץ דריי ווייבער מיט קאַטשקעס און אכוץ יודל־מענאַשע דעם מויכער־ספּאָרימניק, וועלכער איז פּראַוודע געזעסן מיט צאָרעס אָפּ דער קעלניע מיטן פּאָנעם קיין צאָפן־זייַט און מיט די פיס אַרויס, — האָט ער זיך אונטערגענומען, זאָג איך, אין א מינוט, אין א העגע־קעמעמרע ברענגען צום וואָקזאַל מיט אזא מעהירעס, אזוי שנעל, אז ער, איך מיין, רעב גדאַליע־הערש פּאָנפּאַטש, וועט נאָך אויספּייען „כאַפּן א דאַוונ״, „איבערקערן א

* א האלבן רובל — 50 קאָפּיקעס זילבער. (באַמ. פון אווט.).

קעלישאַק׳׳, „צורעכט מאַכן אַ בולקע מיט אַ ראָסל־פּלייש׳׳, אָנעמען פאַרשווינדלען אַ פּולע בויד און נאָך פאַרפרי קומען צוריק אַהיים אַף שאַבעס, און, אַז גאָט וועט וועלן (בא גאָט איז מעגלעך, נאָר מע דאַרף נאָך פרעגן בא די פערדלעך לעהאַוודל, וואָס וועלן זיי זאָגן?..), וועט ער נאָך „פאַרכאַפּן׳׳ דעם „מערכעץ׳׳ אויך...

— אַזוי, אַזוי, — זאָגט צו מיר רעב גדאַליע־הערש פּאָנפּאַטש,— אַזוי, אַזוי, רעב שאָלעם־אַלייכעם! וואַרפט איר שוין אונדז אַוועק הייסט דאָס, אָך און ווי איז צו מיר! אַף לאַנג?

— אַף דעם גאַנצן זומער.

— אַף דעם גאַנצן זומער? פאַרפינצטערט בין איך געוואָרן, שלימ־שלימ־מאַזל, טאָמער האָב איך יאָ אַמאָל געהאַט עפּעס אַ „פאָרעכץ׳׳ מיט אַייַך, פאָרט איר גאָר אַוועק, אַ מיסע־מעשונע זאָל אַף אַייַך קומען, סאַרפּענען זאָלט איר אַפּן פייַער, אַייַנגעזונקען, אויסגעכאַפּט זאָלט איר ווערן הייַנטיקן טאָג...

— רעב גדאַליע־הערש! גאָט איז מיט אַייַך! פאַרוואָס שילט איר מיך אַזוי?

— כי־כי־כי! ניט אַייַך מיינט מען, צו די פערדלעך רעד איך, מיר זאָלן כאָלילע ניט פאַרשפּעטיקן צום פּאָיעזד, אויסגעקאָראָנ:עט זאָלט איר ווערן אייַנציקווייַז, רוק־און־לענד זאָלט איר ברעכן, ווייַט פאָרט איר? ניאָ!

— אָ, ווייַט, זייער ווייַט! — קיין אויסלאַנד, זאַגראַניצע, קיין דייַטשלאַנד.

— געהאַרגעט זאָלט איר ווערן אַפּן גלייַכן וועג — ניאָ! אַזוי הייסט דאָס? ווערן מיר אַייַך אָן? נאָך צוויי פּאַניטשלעך, טייַערע, גילדענע צוויי פאַרשווינדלעך האָב איך אָנגעוואָרן הייַנטיקן זומער, אַוועקגע־פאָרן אין דער שקאָלע, אַף מייַן דאָברע־מאַזל, צעפּאַלן זאָלט איר ווערן אַף שטיקלעך — ניאָ! און ווער אויסגעריסן מיט ווייַב־און־קינדער, און קוק אַרויס אַפּן באַן, אַ האַלבן שמאַרדאָוועניץ פון אַ גאַנצן פאַרשוין בא אַזעלכע פינצטערע בלאָטעס, אויסגעריסן זאָלט איר ווערן — ניאָ! און האָבער איז מיט גאָלד גלייַך, ווערעם זאָלן אַייַך עסן — ניאָ! און דערצו נאָך מיט אַ קנאַק פאַלט אַ פערד, און נאָך וואָסער פערד! איך וואָלט אים ניט פאַרביטן אַף אַלע אונדזערע נעגידים, די זלידניעס, וואָס גייען צופּוס, ווי די כאַזיירים, אין דער בלאָטע, ברענען זאָלט איר — ניאָ! איר האָרפּט געדענקען מייַן בולאַנע שקאַפּע, רעב שאָלעם־אַלייכעם. אַפּן יאַריד אין טשיפּעליוווקע האָב איך זי געקויפט. דרייַ צענערלעך האָב איך אָנידערגעלייגט, ווי איין גראָשן, איך האָב זי

אײַנגעשפּאַנט און פֿונעם ערשטן פּײַפֿ איז אַוועקגעגאַנגען אַ גאַנג, איך זאָל קרענקען, אויב זי האָט בײַ מיר פֿאַרזוכט אַ בײַטש אָדער אַ שטעקן. גאָלד! זאָג איך אײַך, גאָלד און זילבער! אַ רױעך איז [אין] איר געלעגן, אַ קליפּע, אַ „ניטגוטער" און געגנוג! פּופּצן קאַרבאַטשן* האָט מען מיר געטיטשעט אין פּיסק אַרײַן, איך זאָל אַזוי לעבן. „נעם! — האָט מען מיר געשריגן. — נעם, דו מעשוגענער הונט, וועסט כאַראַטע האָבן!.." אַוואַדע האָב איך הײַנט כאַראַטע, אַ פּעגירע זאָל אַף אײַך קומען — ניאָ! און צו די זײַדענע קלײדער גײ צאָל מאָטיע מױשעכאַימס דעם כאַלבן פֿינף גילדן אַ וואָך פּראָצענט, לאָפֿנען זאָלט איר אינמיטן העלן טאָג — ניאָ! אַזוו...

נאָר ווי פֿרײלעך און אײַנגענומען מײַן אָפּפֿאָרן איז געווען, איז מײַן צוריקקומען געווען זיבן און פֿופֿציק מאָל פֿרײלעכער און אײַנגענומענער, דען צוויי נאַטירלעכע קױכעס האָבן מיך די גאַנצע צײַט פֿון מײַן נעסיִע צוריקגעצויגן, געשלעפּט, געציפּעט: „אַהיים! אַהיים!.." די צוויי קױכעס זענען: דאָס פֿינטעלע ייִד און דאָס פֿאָטערלאַנד, געבירטסלאַנד, — ווי איר ווילט, רופֿט דאָס אָן; טאַקע דאָס זעלבע פֿינטעלע ייִד, איבער וועלכן מיר איז באַשערט אַ ביסל אָפּקומען אַף דער וועלט פֿאַר די ביטערע זינד פֿון מײַנע „אָוועס־אַוויסײנו" און טאַקע דאָס זעלבע פֿאָטערלאַנד, וועלכעס האָט מיך אַ סאַך ווייניקער גערן, ווי איך זי... און איך שווער אײַך בענעמאָנעס, אַז עס איז מיר דעריבער נישט אײַנגעגאַנגען מײַן נעסיִע אין די ווײַטע מעדינעס**; עס האָט מיך געצויגן „אַהיים" (גלײַך ווי איך האָב אַ „היים"...), עס האָט מיר

---

* בײַ ייִדן, זאָלן לעבן, האָט דאָס קערבל אַ סאַך נעמען; צום בײַשפּיל: רובל, קערבל, קערל, רוך, ראַך, ריק, פֿויגל; אַז איך וויל דאָס אַוועקמאַכן מיט דער האַנט, זאָג איך — דרײַ שמאַרדאָווענצעס; און אַז איך וויל, לעמאָשל, מעגאַזעם זײַן דעם אײסעק, זאָג איך — דרײַ קאַרבן! דרײַ קאַרבאַטשן!.. (באַמ. פֿון אַווט.).

** אָט דאָ איז דאָס אָרט צו פֿאַרענטפֿערן זיך פֿאַר מײַנע לעזער, וואָס איך האָב נישט אויסגעהאַלטן מײַן וואָרט צו געבן די פֿאָרזעצונג פֿון מײַנע „בריוו פֿון די ווײַטע מעדינעס", וועלכע זענען איבערגעריסן געוואָרן גאָר אין אָנפֿאַנג: האַגאַם נישט איך, נישט די לעזער זענען כאָלילע דערפֿון נישט אומגליקלעך, דאָך איז דאָס נישט קײן יושער; נאָר „אַלפּי מיקרע" קאָן דאָס אַנדערש ניט זײַן. מיסטאָמע איז זיי אָנגעצײכנט געוואָרן פֿון אויבן, אַז זיי זאָלן נישט זען די ליכטיקע שײַן און זיי זאָלן אַף אײביק איבערבלײַבן בײַ מיר אין זעקל, ביז מאָשיִעך וועט קומען אים־ייִרצע־האַשעם אין גיכע צײַטן — אָמײן! נאָר דער דאָזיקער, וועלכער איז זײער נײַגעריק צו זען מײַנע איבעריקע בריוולעך, זאָל אַזוי גוט און מאַטריִעך זײַן דורך דער פּאָסט מיר געבן אַ ידיִע וועגן דעם אַף פֿאָלגנדן אַדרעס: „אַוור גאָראָד איקס־מיקס־דריקס, נאַ סאַמאָי בערדיטשעווסקאָי אוליציע, גאָספּאָדינו שאָלעמו־אַלײכעמו" — באַקומט ער טײקעף־אומיִאַד ענטפֿער אַף אַלעס, אַלעס: וואָס איך בין, ווער איך בין, ווער איז מײַן ייִכעס, צי האָב איך אַ ווײַב און קינדער, מיט וואָס פֿאַרנעם איך זיך, ווי גײט מיר אין פּאַרנאָסע, און וואָס הערט זיך בײַ אונדז מיקויעך מילכאָמע, ווי האַלט איצטער ווייץ, פּראָסע, און נאָך, און נאָך, און נאָך. (באַמ. פֿון אַווט.).

נישט געלאָזט אָטעמענ, אונ איכ האָב קוימ־קוימ דערלעבט די מינוט, די רעגע, ווענ איכ האָב זיכ ארײַנגעכאַפּט פונ ד ע ר זײַט וואָלאָטשיסק אינ אזא וואַגאָנ ארײַנ, אינ וועלכנ כוץ מיר זענענ געזעסנ נאָכ א סאכ גויִמ אונ צווישנ די גויִמ איז געווענ איינער א דיאק, אָדער א פּאָנאָ־מאר, וועלכער האָט גאַנצ אָפּט באַנוצט דאָס וואָרט „Жиды (זשידי). „אָ! אצינד בינ איכ טאַקע אינ דער היימ...“ — האָב איכ זיכ געקלערט אונ האָב געדאַנקט אונ געלויבט גאָט, וואָס ער האָט מיכ מעזאַקע גע־ווענ מיט זײַנ גרויס גענאָד, וואָס האָט נישט קיינ ערעב אונ קיינ גרונט, ווי דער יאמ, ווי די וועלט מיט אלע זיבנ הימלענ צוזאמענ...

— צו מיר! צו מיר! א גאַסט, כ׳לעבנ, א גאַסט! גיט אהער דעמ טשעמאָדאַנ, רעב שאָלעמ־אליכעמ.

— אַ? רעב געדאַליע־הערש? איר לעבט נאָכ.

— איכ לעב נאָכ אפּ צאָרעס, אפּ אלע מײַנע סאָנימ! קריכט אינ בויד ארײַנ, קריכט!

— וואָס רעדט איר, רעב געדאַליע־הערש? עס איז דאָכ שוינ פול, ווי אנ אויג!

— נישקאָשע, לאָז אײַכ ניט אַרנ, קריכט! היי! ווײַבער, רוקט זיכ, צערוקט זיכ, לאָזט ארײַנ נאָכ א פּאַרשוינדל!

— ווידער א פּאַרשוינדל? ביז ווי לאַנג נאָכ, פּאָנפּאַטש איינער?

— נו, ווער אנשטומט, דו סמאַרקאַטש, דער טאַטע דער אָנזעצער, אויכ מיר א לײַט, ניאָ, גיבער, צעזעצט זאָלט איר ווערנ! וויאָ, מײַנע פייגעלעכ, וויאָ! אזוי הייסט דאָס, רעב שאָלעמ־אליכעמ, זענט איר שוינ ווידער אנ אונדזעריקער, דאַנקענ גאָט, פּאַרסאַרפּעט זאָלט איר ווערנ — ניאָ! איכ האָב שוינ געבענקט נאָכ אײַכ, כ׳לעבנ, געבענקט, איכ זאָל אזוי קומענ צו מײַנ ווײַב־אונ־קינדער, נאָר מיט א היפּשנ גראָשנ — כע־כע־כע. אָ, לאַנג האָט איר זיכ געזאַמט, א היפּשע ווײַלע, פונ נאָכ פּייסעכ אָנ, שוינ דרײַ פּערד האָב איכ אויסגעביטנ פונ יענער צײַט אָנ אונ האָב אָנגעטראָפנ, אזא יאָר אפּ אלע ליוועראַנטנ, איר זעט אָט דעמ לאָשעק, ארויסקריכנ זאָל אײַכ די נעשאָמע, ווי איר קריכט הײַנטיקנ פּרימאָרגנ — ניאָ!

— נו, אונ אזוי וואָס הערט זיכ עפּעס בא אײַכ, רעב געדאַליע־הערש?

— וואָס זאָל זיכ הערנ? פרעגט גאָר ניט! איכ זאָל האָבנ נאָר איינ פינפ־אונ־צוואַנציקער, וואָלט איכ אָוועקגעקויפט בא שימענ שייגעצ זײַנ ריזשאַק, אָנ, זעט איר, פונ דער לינקער האַנט...

— ניין, רעב געדאַליע־הערש, ניט דאָס! איך מיין, וואָס הערט זיך עפּעס אזוי אין שטאָט, אף דער גאַס?

— אָ? אין שטאָט פרעגט איר? מיכל־קאַלמענ מייער־לייבס איז אָפּגעברענט געוואָרן, האָט איר דאָס מיסטאמע געהערט? ניינ? אליינ אונטערגעצונדנ... שימענ־וואָלף דער גראָבער האָט געמאכט אנ אָנ־זעצ, האָט איר דאָך אוואדע געהערט— אויך ניט? וואָס זשע דענ ווייסט איר יאָ? און פונ די פּעטש, וואָס זענענ געפלויגנ בא די האקאָ־פּעס הײַנטיקנ סימכאַס־טוירע האָט איר דאָך אוואדע באדארפט הערנ, מאכמעס די וועלט האָט זיך דאָך געוויגט מיט דער שול, וואָס מע האָט זי אום יאָמטעוו פארכאסמעט פאר די בעספּאָראדקעס; וואָס טויג מיר מײַסעס, מע האָט יאָסעלע לייבצי־פישלס שיינ צעפּליאסקעט דאָס פּאָ־נעמ; אונ רעב אווראָמ דריידל איז געבליבנ אָנ א באָרד אפ טאָמיד; רעפאָעל לעמעשקע האָט פארלאָרנ אנ אויג, אונ מיכל צעמפּלעב גייט ארומ מיט א צעפּאטשטנ פיסק, ווי א מאמזער; נאָר מער פונ אלע האָט פּאָלוטשעט זכאריע פלעצל; אונדזער כעוורע באלעגאָלעס האָבנ זיך ארײַנגעמישט מיט זייערע קולאקעס, אונ מיר האָבנ געפּאטשט אפ אלע זײַטנ — אײַנגעזונקענ זאָלט איר ווערנ — ניאָ!

— פאר וואָס זשע, רעב געדאַליע־הערש, פאר וואָס איז געווענ בא אײַך אזא פּאטשעניש?

— פאר וואָס פרעגט איר? — ניאָ אינ דער ערד ארײַנ! אזא רע־ציכע הערט זיך דענ אינ דער האלבער וועלט? איר פארשטייט —מיכצי פארכ גיט מענ די דריטע האקאָפע, אונ רעב אווראָמ דריידל, א ייִד א לאמדנ, א מעיוכעס, רופט מענ אוים מיט דער פינפטער האקאָפע! ניאָ! ווײבאלד אזוי, איז דאָך שוינ עק וועלט — א מיסע־מעשונע זאָל אפ אײַך קומענ, פּעגירעס, די נעשאָמע זאָל אײַך ארויסקריכנ, ווי איר קריכט — ניאָ!

— וואָס זשע איז, רעב געדאַליע־הערש, נו איז וואָס? די פינפטע האקאָפע איז דענ ניט די זעלבע, וואָס די דריטע? עס איז דאָך די זעל־בע טוירע פונ גאָט? עס איז דאָך...

— ע, רעב שאָלעמ־אלייכעמ, ווי קומט דאָס צו אײַך, אז איר זאָלט אזעלכעס זאָגנ? ווײבאלד אזוי, איז דאָך „רעווי!" גלײַך מיט „שישי" אונ „שלישי" — גלײַך מיט „מאפטיר" — ניאָ; די קישקעס זאָלנ אײַך ארויסקריכנ הײַנטיקנ טאָג!

— נו, וואָס זשע מיינט איר, רעב געדאַליע־הערש? עס איז טאקע אלציינס...

— הא? וואָס? — טפּררו! סטאָי! שטיינ זאָלט איר פראווצעמ!

— וואָס איז, רעב גדאַליע־הערש? אַנ אַקס האָט זיכ צעבראָכנ? א ראָד אראָפּגעפאַלנ?

— איַי־איַי־איַי־איַי! קומענ זאָל אַפּ איַיכ האָמאָנס מאַפּאָלע, ווי איר האָט מיר מיַינ קאָפּ פאַרשלאָגנ — טפּררו! איכ רעד אונ רעד אונ רעד אונ רעד אונ ווער צעזעצט רעדנדיק, מיַינע סאָנים, אונ כאָמע דעם איקער האָב איכ פאַרגעסנ דערציילנ!

— וואָס איז, רעב גדאַליע־הערש? וואָס איז אַזעלכעס געשענ?

— טפּו זאָלט איר ווערנ — סטאָי! וואָס טראָגט איַיכ דער רוּעכ? איר וועט נאָכ אויספּייענ צום האָבער — עסנ זאָלנ איַיכ ווערעמ! אונ האָבער איז מיט גאָלד גליַיכ — פיר גילדנ א מעסטעלע ווי אַפּ א געלעכ־טער, קרענקענ זאָלט איר — טפּררו!

— וואָס זשע האָט איר מיר געוואָלט אַזעלכעס דערציילנ, רעב גע־דאַליע־הערש?

— ע־עכ, רעב שאָלעמ־אַליכעמ. עס איז מיר איצט, ווי דער גוי זאָגט: „היִרקע זיִסטע זשאַלקע פּאָקינוט", פאַרשטייט איר מיכ; איכ וויל איַיכ יאָ זאָגנ אונ ניט זאָגנ; איכ דאַרפ דאָס איַיכ ניט זאָגנ אונ דאַרפ איַיכ יאָ זאָגנ — איר פאַרשטייט? פע, רעב שאָלעמ־אַליכעמ, פע! כ'לעבנ פע! טאַקע וואָס פע הייסט...

— וואָס זשע איז דאָרט, רעב גדאַליע־הערש, לאָמיכ שוינ הערנ וואָס?

— וואָס? איכ וועל איַיכ זאָגנ וואָס; מע זאָגט בא אונדז... מע זאָגט אַפּ איַיכ... מע האָט אַפּ איַיכ אויסגעטראַכט...

— אַפּ מיר? וואָס האָט מענ אויסגעטראַכט, וואָס?

— אַז איר... אַז איר... אַז איר זענט... אַז איר האָט... האָט זיכ...

— וואָס? רעב גדאַליע־הערש? וואָס? איכ בעט איַיכ, זאָגט שוינ, נו?

— אַז איר האָט זיכ... האָט זיכ איבערגעקערט!

— איבערגעקערט? איכ? ווו? וויאַזוי? וואָס הייסט איבערגעקערט?

— איבערגעקערט הייסט... איר זענט שוינ ניט אונדזערער. שוינ אוים ייִד..

— כאַ־כאַ־כאַ! אַזוי? נו, אונ איר האָט געגלייבט אַפּ מיר אַזעלכעס, רעב גדאַליע־הערש!

— כאַס־ווּעכאָלילע, איכ האָב באַלד געזאָגט, אַז עס איז א ליגנ, וואָס איז, איכ קאָנ איַיכ דענ ניט? איכ וויים, אַז עס קאָנ ניט זיַינ:

איר האָט א ייִדיש האַרץ: נאָר ווידער, אַז אַלע זאָגן, זאָג איך אויך...

— וווּ האָט איר דאָס געהערט, רעב גדאַליע־הערש?

— וווּ? די גאַנצע שטאָט מימלט; — אָט וועט איר הערן, פרעגט, וועמען איר ווילט, ניאָ! וווּ ווילט איר זיך אָפּשטעלן? — ניאָ! — בײַ רעב כאַיִמ גענזעלעס מיסטאָמע? — ניאָ, אין דער ערד אַרײַן! אָט זענען מיר שוין באַלד בײַ רעב כאַיִמ גענזעלעס אײַנפאָר, א ווײַלער ייִד רעב כאַיִמ, א שטילער מענטש, כ׳לעבן, א שטילער מענטש; און זײַן זוגאָסוי עטעלע, א קאָשערע נעשאָמע, כ׳לעבן, א בראַווע ייִדענע מיט א טרונק בראָנפן פאַר יעדער פאַרשוין, וואָס איך ברענג איר פונעמ באַן — טפּררו! שטיין זאָלט איר אין געהאַקטע ווונדן! אין שטאַל אַרײַן ווילט איר? היי גלוסט אײַך שוין? א ביסעלע האָבער? וואַרט צו א ווײַלעטשקע, דער רוּעך וועט אײַך ניט צונעמען! — סטאָי! נו, אַצינד קריכט, רעב שאָלעמ־אַלייכעמ, קריכט פון דער בויד אַרויס; אָט שטייט שוין עטעלע און קוקט אַף אײַך אַרויס; און לייציו? א פײַן טעכטערל בײַ איר, כ׳לעבן, א פײַן מיידל און האָט נאָך אַלץ קיין כאָסן ניט; — וואָס מאָרדעוועט אײַך דער רוּעך צו דער שטאַל? — א מיסע־מעשונע זאָל אַף אײַך קומען!..

## IX. אין דער טיפעניש פון די ספּליעטניעס

עטעלע די באַלאַכסאַניעטע! דער דאָזיקער שיינער נאָמען כאַראַקטעריזירט דיך גוט אָפּ; שוין גענוג! איך דאַרף דיך מער ניט באַשרײַבן; עס איז גאַנץ גענוג, אַז מע טוט אַף דיר א קוק פון־ווײַטן, ווי דו דרייסט זיך אַרומ אין דער אַכסאַניע מיט אַן אונטערגעשטעקט קליידל, מיט א צעפלאָכטענעמ שלייער, מיט א בלאַס געזיכט, נאָר מיט א פריילעכער מינע, מיט א שמייכעלע טאָמיד, ביכדיי די געסט צופרידן צו שטעלן, ווײַל אַכסאַניעס איז דאָ גענוג אַף דער גאַס, די קאָנקורענציע איז גרויס, די הויצאָעס זענען נאָך גרעסער, און קינדער א סאַך! — און דער מאַן? רעב כאַיִמ געַנזעלעס? אים האָט אָפּגעכאַראַקטעריזירט רעב גדאַליע־הערש פאָנפאַטש דאַמיט, וואָס רעב כאַיִמ איז א „שטילער מענטש”, אַף אונדזער לאָשן הייסט דאָס א ניעגאָדײַ, א טויגעניכץ, א פוילער יונגאַטש, א פּאַראַזיט, וואָס פאַרלאָזט זיך אינגאַנצן אַפן ווײַב, אַז זי זאָל האָרעווען אַף דער גאַנצער סעמייסטווע, און אַליין גייט ער אַרומ שלינג־און־שלאַנג, פון דער היימ אין בעסמעדרעש, פונעמ בעסמעדרעש אין מאַרק, פון מאַרק אין

בעסמעדרעש אזוי. און פארברענגט די צײַט אין פוסטע ראזגאָווארן פון „פעלעטיקע” און פון וועלט־נײַעסן — און עס איז אים גאָר ניט שלעכט, כ׳לעבן, גאַנץ גוט! — דער דאָזיקער טיפ, פראַוודע, הייבט אָן בײַ אונדז, יידן, ביסלעכווײַז אויסשטארבן; דאָך קאָנט איר נאָך אזעלכע רעב כאַימס אויסזוכן אין יעדער שטאָט קימאט. א סאַך מער סימפּאטיע האָב איך צו זײַן אומגליקלעכע פרוי, וועלכע איז באשאפן געוואָרן אָפּ צאָרעס, — צו זײַן עטעלען. די גאנצע צײַט, וואָס איך געפין זיך דאָ, פיל איך מיך, ווי אין אייגענער; זי היט מיך אָפּ, ווי א מוטער, זי באדינט מיך, ווי א דינסט — זי איז מיט מיר פּאָשעט, אָן צערעמאָניעס, ווי א שוועסטער.

— וואָס זשע מאכט איר גוטס, עטעלע? ווי גייט עס? וואָס טוען אײַערע קינדערלעך? ווו איז ערגעץ לייצי, ברײַנצי, כאַנצי, מאַנצי, קאָפּל, מייער, מאָטל, גאָדל...

— א־א־א!! שאָלעמ־אַלייכעם איז געקומען! א גאַסט! א גאַסט!

און ווי די פליגן איז מען מיך באפאלן פון אלע זײַטן; עטעלע איז אוועקגעלאָפן הייסן שטעלן דעם סאמאָוואר; לייצי, ברײַנצי, כאַנצי, מאַנצי האָבן מיך גענומען באטראכטן פון אלע זײַטן, און די בעקעלעך זייערע זענען געוואָרן רויט ווי פײַער; און קאָפּל, מייער, מאָטל, גאָדל מיטן גאנצן קליינוואַרג האָבן מיך גענומען ארומטאפּן די קנעפּלעך, דאָס קיטל מיטן זייגערל, די ברילן, דעם קאפּעליוש, דאָס שטעקל — גיך בין איך געוואָרן ווידער א היימישער, און זיצנדיק מיט אלע באַם טיש בײַ דעם טיי, איז ארײַנגעקומען דער באַלעבאָס אליין, רעב כאַימ גענזעלעס, מיט א ברייטן „באָרעכ־האבאָ”. ער האָט זיך צעלייגט אָפּ דער צעבראָכענער קאנאפּע, און גלעטנדיק זיך דעם בויך, האָט ער מיך באשאָטן, נאטירלעך, מיט פּאָליטישע וואָפּראָסן און האָט געפּאָדערט פון מיר, איך זאָל אים זאָגן, וואָס וועט זײַן „דער טאכלעס” פון בולגאריען?.. איך האָב אים בארויִקט, ווי ווײַט איך האָב געקענט, און האָב אים געבעטן, ווי מע בעט זיך בײַ א גאזלען, אז ער זאָל זיך נישט נעמען אזוי צום הארצן, וואָס אין בולגאריען איז נאָך דערווײַל ניט אָפּ קיין לאד און וואָס עס איז נאָך א ביסל בײַ זיי מאכלויקעס, גאָט איז א פּאָטער, און יעדער זאך איז ביז א צײַט...

— אלקיין, רעב כאַימ, בעט איך אײַך, אז איר זאָלט פון בולגאריען קיין שום יעסורימ נישט האָבן, מיסטאמע וועט גאָט אויספירן...

— כע־כע, שאָלעמ־אַלייכעמ, איר האָט טאָמיד ליב קאטאָוועס טרײַבן; איך מיין טאַקע בעעמעס, ווי זאָגט מען, שאָלעמ־אַלייכעמ,

איר זענט דאָכ געווענ אַפ דער וועלט, אינ „אויסלאַנד“, ווי זאָגט מענ, ווייסט איר דאָכ געוויס, וואָס די וועלט שמועסט מיקויעכ דעם דאָזיקנ איניענ? איכ פאַרשטיי עס ניט, כ'לעבנ: מילע וואָס יִשמאָעל שטומט, איז קיינ קאַשע ניט, ווי זאָגט מענ, אַ טויגער, אַ טערקלטויב, ווייסט דער רועכ דעם טאַטנ זײַנעם, אַ שלימעזאַלניק, ווי זאָגט מענ... אָבער דער דאָזיקער קעלעוו־שעביקלאָווים, — איכ מײנ ביסמאַרקנ מײנ איכ, — וואָס שווײַגסטו, דו דײַטשאָנ איינער, דו קאָלבויניק, יִמאַכ־שמוי־וועזיכרוי, ווי זאָגט מענ...

— רעב כאַזימ! ווייסט איר, וואָס איכ וועל אײַכ זאָגנ, רעב כאַזימ? צו וואָס טויג אײַכ אַרײַנמישנ זיכ אינ פרעמדע געשעפטנ אַרײַנ? לאָזנ זיי זיכ דאָרט שלאָגנ קאָפּ אינ קישנ, אַ שיינע ריינע קאַפּאָרע! אײַער קאָפּ, רעב כאַזימ, וועט איר זיי ניט אַרופזעצנ, רעב כאַזימ, אונ קיינ וועלט וועט איר נישט איבערמאַכנ, רעב כאַזימ! דערציילט בעסער, וואָס הערט זיכ דאָ, בא אײַכ, אַפ דער גאַס, רעב כאַזימ?

— כע־כע־כע, ניט געדאַכט זאָלט איר ווערנ, שאָלעמ־אַלייכעמ — כע־כע! איר מאַכט פונ מיר כויזעק? לאָז אײַכ גאָט באַצאָלנ! איר פרעגט, וואָס הערט זיכ עפּעס דאָ, אַפ דער באַרדיטשעווער גאַס? עכ־עכ־עכ! עס הערט זיכ זייער, זייער מיִעס הערט זיכ.

— וואָס זשע איז, רעב כאַזימ?

— אַ גוי זאָגט אַ גלײַכווערטל, כ'לעבנ... איכ האָב שוינ פאַרגעסנ וויִאַזוי, כ'לעבנ.

— וואָס זשע האָט איר אַזעלכעס געהערט, רעב כאַזימ?

— איכ האָב געהערט? די גאַנצע שטאָט האָט געהערט! די וועלט קלינגט!

— וואָס זשע איז דאָרט פאַר אַזאַ קלינגערײַ, רעב כאַזימ? זאָלט איר מיר לאַנג לעבנ!

— מע האָט געזאָגט יאַקבע, אַז איר האָט זיכ... ווי זאָגט מענ... איבערגעקערט...

— אונ דו, שוטע איינער, אָפּגעריסענער נאַר, דאַרפסט אַלע נאַרישקײַטנ איבערכאַזערנ, גיי שוינ, גיי אינ דער ערד אַרײַנ, דו אַלטער טערעכ מיט דײַנ לאַנגנ צונג!

— וואָס אַרט עס אײַכ, עטעלע? פאַרקערט, אַדראַבע, איכ בינ נײַגיריק, זייער נײַגיריק צו וויסנ, פונוואַנענ, וויִאַזוי אונ פונ וועמענ נעמט זיכ דאָס?

— פונוואַנענ, פרעגט איר? פונוואַנענ נעמט זיכ דאָס, אַז מײַנ לייצי האָט אָפּגעוואָרפנ, איכ בעט איבער אײַער קאָוועד אַ מ..? פונ־

וואָגעג נעמט זיכ דאָס, וואָס מע האָט אויסגעטראכט, אז בערעלע דער גרינער האָט געמאכט אַנ אָנזוצ אונ איז אנטלאָפנ קיינ אמעריקע? פונוואנעג נעמט זיכ דאָס, וואָס מייער־הערשס טאָכטער איז אנטלאָפנ מיטנ לערער? פונוואנעג נעמענ זיכ אלע רעכילעסנ מיט די ליגנ בא אונדז אפ דער גאס? דערופ איז דאָ בא אונדז, באָרעכ־האשעמ, גענוג ליידיקגייערס, פוסטעפּאסניקעס, היגטשלעגערס, אשטייגער, ווי קעדוימע־לעמאָשל אָט די צוויי היצלעס, די אדוואָקאטלעכ, וואָס דרייענ זיכ ארומ שליבג־אונ שלאָנג, פייגערנ פאר א גראָשנ — ווייסט זיי א בײַזער מאָרגנ, ווי מע רופט זיי דאָרט?

— מאמע, עפּשער מיינסטו אָט דעמ לאנגנ לאָקש, דעמ מעשוגענעמ אדוואָקאט, וואָס לערנט מיט דער שווינגער יאכנע־טרײַנע די טענדלערנ ספּענסערס מיט ספּינאָזעס פילאָזאָפיע? כא־כא־כא!

— ווייסט דער רועכ דעמ טאטנ זײַנעמ! פילאָזאָפיע, שמאָפיע! איכ ווייס נאָר, אז ער גייט ארומ אונ שלאָגט בײַדעקעס גלײַכ מיט די איבעריקע אונדזערע אדוואָקאטלעכ; מע האקט ליגנ, מע שפּעט אָפּ פונ יעדנ באזונדער, מע פירט רעכילעס אונ מע טראכט אויס, וואָס סע נישט געשטויגנ, נישט געפלויגנ. — פאר וואָס מיינט איר? פאר קינע, פאר סינע; קיינ ארבעט, קיינ מעלאָכע איז ניטאָ, דער קאפּצנ, ניט צו פארזינדיקנ, שווישטשעט אונ פּײַפט, ווי א גוטער סאוואָלע — פלעטשעט מענ מיט די צונגענ צעזעצטערהייט.

— נייג, מאמע, איכ האָב דאָס צומ אלעמערשטנ דערהערט פונ מאָגעשטע די רויפעטע; זי איז ארומגעלאָפנ אינ אלע גאסנ אונ האָט געפּויקט אונ איז געווענ זייער צופרידנ דערפונ...

— אָ, זעסטו, טאָכטער, פונ איר זאָלסטו זיכ אוואדע אראָפּנעמענ א מוסער! מיר דאכט זיכ, אז אזא שעדיכע, ווי די דאָזיקע מאָגעשטע די רויפעטע איז, איז שווער אָפּצוזוכנ צווישנ די בעסטע שוידימ, וואָס פארקויפנ אינ באַרדיטשעוו קישקעלעכ אפנ ארשינ. וויפל מאָל אשטייגער, מיינט איר, האָט מענ זי געפּאטשט איבערנ פּיסק מיט א פרישנ העכט אינ מארק? וויפל, דענקט איר זיכ, וויפל מאָל אינ טאטנס טאטנ ארײַנ האָט זי שוינ געכאפּט אפ איר לעבנ פונ אלע לײַטישע באלעגאָלעס? וויפל פײַנג אונטער דער נאָז האָט זי באקומענ פונ אלע טאָרגאָווקעס אינ מארק אונ וויפל פּעטש מיט סטוסאקעס פונ קאצאָוויס, דינסטנ אונ מעשאָרסימ?

— נייג, עטעלע, מיר דאכט, איר זענט א ביסל מעגאזעמ דעמ אייסעק; איכ קאָנ פונדערוויַיטנס איר מאנ, רעב מאָגעש דעמ רויפע;

ער וויַיזט אויס א גאַנץ שטילער מענטש, אַ נעבעכל, אַ גאָט די נע־שאָמע...

— יאָ, יאָ; ווער זאָגט דען, אַז ניין? אַ „שטילער" זאָגט איר? איך ווייס, וואָס הייסט אַ „שטילער"... מײַן כאַזם איז אויך אַ „שטי־לער"... דאָס הייסט אַן אָפּגעריסענער נאַר, כאָטש נעם בראָק אים אין באָרשטש אַרײַן, האַק אים אין דער קרויט... אַ נאַר, אַ נאַר און שאָקלט זיך; איר זאָלט זען, ווי ער האָט דאָס ליב דאָס האַלב קערבל! ניט היינט געדאַכט, פֿאַראַיאָרן, אַז מײַן גאָדל האָט געהאַט די „שלעכטע זאַכן", איז זיך מעיאַשעוו מײַן „דאָליע" און גייט נישט צו קיין דאָקטער, און ברענגט מיר רעב מאָנעש דעם רויפֿע צו פֿירן, אויך אַזאַ לאָקש, ווי ער אַליין; מיילע, האָט ער גענומען הײלן דאָס קינד, האָט דאָס נעבעך שיר גאָט די נעשאָמע געשענקט, און אַז עס איז געקומען צום צאָלן פֿאַרן וויזיט, האָט ער זיך אַנידערגעשטעלט אַף אַ שאָ דינגען מיט מיר; ער זאָל אַזוי קאָנען עסן, ווי איך האָב אים געקאָנט געבן... „גאָט וועט אײַך העלפֿן! — האָט ער מיר געזאָגט. — איר מעגט מיר געבן נאָך אַ פֿערציקער, איך האָב אָנגעשריבן אַ גוטן רעצעפּט, אַן אַנטיקל, ווי דער גרעסטער פּראָפֿעסאָר, כ׳לעבן, נאַט זעט"... — און שטופּט מיר דעם רעצעפּט אין די ציין אַרײַן, גלײַך ווי איך ווייס, וואָס ער האָט מיר דאָרטן אָנגעדראַקעט, אָט דער דאָזיקער אינדיק, גאָט זאָל ניט שטראָפֿן פֿאַר די רייד!... און אַז איך האָב נאָכדעם געמוזט רופֿן אַ דאָקטער, טאַקע אַן עמעסן דאָקטער, האָט מיך מאָנעשטע די רויפֿעטע דער־טאַפּט אין מאַרק, מיסטאָמע באַ די ציבעלעס, און האָט דאָס מיך אָפּ־געזידלט. זאָל דאָס טאַקע נאָר פֿאַלן אַף איר קאָפּ און אַף אירע הענט־און־פֿיס, ריבוינע־שעל־אוילעם, טאַטע געטרײַער! און טאַמער מיינט איר, אַז זי האָט מיך נאָך דעם, איך בעט איבער אײַער קאָוועד, אין באָד מיך ניט איבערגעגעבעטן? זי איז צוגעגאַנגען צו מיר און...

— נו, מאַמע, גענוג דיר שוין צו רעדן לאָשן־האָרע.

— „לאָשן־האָרע" זאָגסטו? איך רעד „לאָשן־האָרע"? איך דער־צייל נאָר, ווי עס איז! איך טראַכט נישט אויס פֿון מײַן קאָפּ; דו ווייסט דאָס גאַנץ גוט, לייצי!

— עמעס, מאַמע, ביסט גערעכט; איך ווייס, אַז דו טראַכסט עס ניט אויס פֿונעם קאָפּ; דו זאָלסט אָבער ניט דערציילן, וואָלט גלײַכער געווען; אַז דו וועסט ניט רעדן, און יענער וועט ניט רעדן, און דער דריטער וועט ניט רעדן, וועט מעמיילע ניט זײַן קיין רעדעכצן מיט קיין לאָשן־האָרע, מיט קיין רעכילעסן, מיט קיין ספּליעטניעס, אין וועלכע מיר זענען אײַנגעטונקט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, אין וועלכע מיר טרינ־

קענ זיכ, ווי אינ א גוטער בלאָטע, אַזוי אַז איר וואָלט געמעגט מיינען, אַז דאָ, אַפ דער גאַס, האָבנ מיר מער נישט וואָס צו טאָנ, עס גייט אונדז מער גאָרנישט אָפּ, נאָר רעכילעס פירנ, ספּליעטניעס טראַכטנ, אייִנס דעמ אַנדערנ מיט דער בלאָטע מאַכנ. אונ עס איז גאָר קיינ וווּנ־דער נישט, אַז א גאַס, א גאַנצע גאַס מיט ייִדנ, זענענ טונעיאַדצעס, ניעגאָדיײַעס, מענטשנ אָנ א שומ זעלבשטענדיקײַט, אָנ טוגענדנ, אָנ א שומ נאַציאָנאַל־געפיל. די עלטערנ זענענ ניט בעסער פונ די קינדער, די קינדער זענענ ערגער פונ די עלטערנ; איז עפּעס א כידעש, אַז דאָ אַפ דער גאַס געפינט איר ניט אייִנעמ, וואָס זאָל ניט האָבנ קיינ צונע־מענס? איז עפּעס א ווונדער, אַז יעדער הייסט ניט מיט זײַנ עמעסנ נאָמענ? איר האָט דאָ: מייער לאָקש, אווראָמ לאַפּ, ליווי שיינעצ, קאָפּל קריכ־אינ־קעשעניע, דוווירע שלאַנג, סאָסיע פּאַרטעכ, הינדע מיט די צע־פּאַטשטע פּיסקעס, יענטע די לויטערע קאָפּ, כאַנע די זויערע, אַזוו. אַזוו. אָנ א שיר! איז עפּעס א כידעש, אַז זומער פאַרנאַכט זיצנ אָט די אַלע לײַט אויסגעזעצט אַפ די פּריזבעס אונ ארומ זיי שטעלנ זיכ אויס אונ־דזער אינטעליגענצ, אונדזערע מאַסקילימ, אָט די אַלע ביקלעכ מיט די ציפּקעלעכ, אָט די אַלע פּראַנטנ מיט די בלויע ברילנ, וואָס ווייסנ קיינ צייִלעמ פונ קיינ אַלעפּ, אונ אַפילע די גילדענע קנעפּלעכ, אונדזער ציִ־רונג מיט אונדזער גאָרדאָסט, גייענ אויכ ארומ מיט די צינגלעכ — אונ אָט אַזוי קריכנ מיר אַלעמאָל נידעריקער אונ נידעריקער, אינ דער בלאָ־טע אַרײַנ טיפער אונ טיפער, אַזוי אַז מע וועט אונדז שוינ אינ גיכע צײַטנ אומ־ייִרצע־האַשעמ גאָר נישט אַרויסזענ, מיר וועלנ זיכ אַזוי לאַנג גריזענ אונ טאָטשענ אייִנס דאָס אַנדערע, ביז עס וועט פונ אונדז קיינ סאָריד אונ פּאָליט, קיינ זייכער נישט בלײַבנ פונ דער גאַנצער באַרדיטשעווער גאַס — אומגליקלעכע, וויסטע, פינצטערע, פאַרפלוכ־טע, פאַרשאָלטענע גאַס!!!...

## X. די לעזער פונ דער דאָזיקער גאַס

(די לעצטע שטריכנ)

— לאָשנ־האָרעניק! אָנזעצער! מעשומעד! איר האָט גענומענ אונ האָט באַשריבנ מיכ מיט מײַנ מאַנ אַפ די גאַזעטנ?! איר מיינט, איכ ווייס ניט, ווענ איר מיינט אונטער דעמ נאָמענ מאָנעשקע די רווי־פּעטע? מיילע פאַר זיכ בינ איכ אײַכ שוינ מויכל, לאָז אײַכ גאָט צאָלנ, איר זאָלט ברעכנ לײַב־אונ־לעבנ אַפנ גלײַכנ וועג! איכ וועל אײַכ דאָס צווייטע וואָרט ניט זאָגנ, כאַפּט אײַכ דער רועכ, גייט אינ דער ערד

מיט אײַערע פעליעטאָנען מיט די גאַזעטן מיט אַלע מיטאַנאַנדער! איך בין אײדעלער פון אײַך, כאָטש איר זענט אַ שרײַבער און איך בין אַ רױפעטע, און אַלע לײַטישע באַלעבאָסטעס פאַטשן מיר די פיסקעס, װי איר זאָגט... איך װעל זיך ניט שטעלן זידלען אײַך בעפאַרהעסיע און פאַרצאַפּן בלוט אַן אומשולדיקע נעשאָמע, װי איר מיך, נאָר אײן זאַך מוז איך אײַך דערמאָנען, אַז איר האָט געשלאָגן צװיעקעס אײַער שאָכן אין דער סטעליע, אין די טירן, אין דער פּאָדלאָגע און אין די פענצטער אַרײַן און איר האָט שיר די שטוב ניט צעטראָגן, אַזױ אַז דער באַלעבאָס האָט פון אײַך שיר די טשאַכאָטקע באַקומען, און אײַער װײַב האָט עפשער ניט געגאַנװעט בא דער שכײנע קײן האָלץ מיט היגער? זאָגט עפשער, אַז נײן? און אַז אײַער דינסט האָט געשלאָגן מײַן הינטל, האָט איר געזאָגט, אַז אײַער װײַב האָט געהערט, אַז מײַן מאַן האָט דערצײלט, אַז מײַן שאָכן האָט גערעדט, אַז איך האָב געװוסט, אַז בא מײַן שכײנע האָט מען געלאַכט, װאָס מײַן מאַן מאַכט אַ בוך, געמאַכט זאָל אײַך װערן צען מאַקעס, און װער עס לאַכט, זאָל ער צעלאַכט װערן אפ פּיץ־פּיצלעך און עס זאָל אפ אים אָנפאַלן אַזאַ לאַכעניש, אַז ער זאָל לאַכן און לאַכן און עס זאָל אים פאַרלאַכן, ריבױנע־שעל־אױלעם, אַזױ װײַט, אַז עס זאָל אױסקױקלען אים און אײַך, שאָלעם־אַלײכעם, און אַלע מײַנע ליבע פרײַנט מיט דער גאַנצער שטאָט, זיסער גאָט! און נאָר איך מיט מײַן מאַן און מיט מײַן שטוב זאָלן מיר בלײַבן דערצײלן דאָס אײנס דעם אַנדערן אין פרײדן, די סאָנים אפ צעזעצעניש, — צעזעצט, צעשפּאַרט און צעשפּרונגען זאָלט איר װערן יעדער באַזונדער און אײנס פאַרן אַנדערן און אַלע צוזאַמען פאַר מיר און פאַר מײַן מאַן — אָמײן סעלאָ! נו? גענוג? רעב שאָלעם־אַלײכעם?

— אָ, גענוג, גאַנץ גענוג, מאַדאַם! איך מוז אײַך מאַכן אַ קאָמפּלימענט, מאַדאַם, איר באַזיצט די זשאַרגאָנישע שפּראַך פאָלקאָמען; איך בין העכסט צופרידן; מערסי!...

* * *

— איר... אַמפּיבױאַ! אַמפּיבראַכיי! װיאַזױ סמײעט איר אַזאַ סענסאַציע, אַזאַ דאָנאָס, אַזאַ דיפאַמאַציע אָנשרײַבן אפ מיר? אפ מיר, װעלכער פאַרמאָגט ניט אײַער פּיאַטע... איך מײן, אײַער פּיאַטע פאַרמאָגט ניט מײַן קאָפּ... טפו — װאָס רעד איך, איך מײן, װאָס בא מיר אין קאָפּ, מײן איך, איז ניטאָ בא אײַך אין פּיאַטע... װאָס אַז איר, אַז איך, אַז איר זענט געװען אַ גאָרנישט, האָב איך שױן גע־

ווּסט גאַנץ אויסווייניק אַף דראַפּערען, איך מיין, גאַנצע דרעפּערן אַף אויסווייניק... און באַקל, לאַמאַנאַסאָוו, ספּענסער, טורגעניעוו, דער־זשאַווין, דאַרווין, קאָטוזאָוו, היינע, אָט דער היינע, וואָס האָט געמאַכט די געוויסע „רייזע־בילדער”... סמייעט איר מיך באַשרייבן אין אַזאַ נידריגעם צייטונג, ווי דאָס „פּאָלקסבלאַט”, וועלכעס איז געמאַכט גע־וואָרן נאָר פאַר שוסטערס מיט שניידערס און פאַר אַזעלכע גיעווע־זשעס, קרעאַטורעס, ווי איר, שאָלעם־אַליכעם!... איך האָב געשריבן אין שענערע צייטונג, שאָלעם־אַליכעם! נעמט דעם „המגיד” פונעם 1812 יאָר, וועט איר דאָרט געפינען פון מיר אַ שיינע קאָרעספּאָנדענ־ציע פון דער קאָנאָבעליוּוקער טאַלמוד־טוירע, וועלכע (די קאָרעספּאָנדענ־ציע) פאַרנעמט העכער אַ בלאַט, און אין וועלכער איך האָב געמאַכט אַ טעל פון דאַרווינס טעאָריע, וועט איר זען, אַז איך קאָן בעסער פון אייך... מיין נאָמען איז דאָרט אונטערגעשריבן מיט אַ פּסעוודאָנים: „עס געגדזלט מיך”. אומעטום, אין אַלע צייטונגען כאַסמע איך: „עס גענדזלט מיך”... מיט איינעם וואָרט, ווען איר וועט באַגעגענען ערגעץ אַן אַרטיקל מיט דעם פּסעוודאָנים: „עס גענדזלט מיך”, — זאָלט איר וויסן, אַז עס איז מיינס, נישט קיינעמס! עפּשער ווילט איר, שאָלעם־אַליכעם, באַלד אַ קוק טאָן, וועל איך אַ לויף טאָן און וועל אייך ברענ־גען דעם דאָזיקן נומער „המגיד” פונעם 1812 יאָר, וועט איר זען, אַז...

— וועל איך זען, אַז עס גענדזלט אייך? — מע דאַרף נישט; אַ דאַנק! אייערע קאָרעספּאָנדענציעס וועגן דער טאַלמוד־טוירע מיט „דאַרווינס טעאָריע” מיט דער „קאָנאָבעליוּוקער באָד” זענען מיר באַ־קאַנט פון לאַנגע צייטן, און איך ווייס אַליין, אַז עס גענדזלט אייך... דען אַז עס זאָל אייך נישט גענדזלען, וואָלט איר נישט געשריבן... און אַז איר זאָלט נישט וועלן שרייבן, וואָלט אייך נישט גענדזלען, אַזוי ווי עס גענדזלט אייך... און דאָס, וואָס איר האָט געלעזן דאַרווינען, בין איך נישט מעכויעוו אייך צו באַצאָלן דערפאַר; און פרעמדע אויערן זענען נישט קיין הונט, אַז מע זאָל וועגן אייער אַסאַבע טורקען אין זיי אָן און אויפהער... און אויב איר פאַרשטייט דאָס, וואָס איר לייענט, איז אייך גוט, דער אַנדערער פאַרשטייט עפּשער אויך, אַזוי ווי איר, און קיינער וועט פון אייך נישט גליקלעך, וואָס איר ווייסט אַ סאַך אינעסטראַנע ווערטער בעאַל־פּע...

— עפּשער זענט איר גערעכט, שאָלעם־אַליכעם, וואָס איך באַ־נוץ אַזויפיל אינאָסטראַנע ווערטער; איך בין אָבער אויך נישט שולדיק: איך האָב זיך אַזוי פיל אָנגעלעזן מיטן „סלאָוואַר אינאָסטראַניך סלאָוו”, אַז איך קאָן שוין אַנדערש נישט! נאָר וואָס האָט איר געהאַט

צו מיר, איר זאָלט מיכ אזוי קאָמפּראָמעטירנ? פאַרוואָס האָט איר ניט ארויסגעשטעלט אונדזערע איבעריקע אדוואָקאטנ, וועלכע קאָנענ אפילע קיינ רוסיש ניט רעדנ? פאַרוואָס ניט יענעמ, וועלכער זאָגט אפ אליבי — אליבידומוס; אפ טערפיעט כאָלאָד — כאָלאָדאט; זאכוואטאלסא זא גאָלאָווא; זאפערעפּראטאָוואל אזוו. אָדער ווי יענער אדוואָקאט, דער געוויסער יוריסט, וואָס האָט זיכ אליינ אָפּגעשמיסנ אונ וועלכער אוווערא־יעט, אז ער איז גרעסער פונ ספּאסאָוויטשנ? וואָס איז עפּעס גראָד אפ מיר געפאלנ דער גורל? פע, שעמט זיכ, שאָלעמ־אליכעמ, שעמט זיכ!

— שעמענ שעמ איכ זיכ; דאָ זענט איר גערעכט; נאָר וואָס איר פאלט אָנ אפ מיר, איז אומזיסט. ניט איַיכ האָב איכ געמיינט, אונ אצינד מיינ איכ אויכ ניט איַיכ; ניט איַיכ מיינ איכ, די וואנט מיינ איכ, אדיע!

* * *

— אוי, איכ בעט איַיכ, שאָלעמ־אליכעמ, הארצעניו! מאמעניו! זאָגט מיר, וועמענ מיינט איר? איאָ זי!.. זי־זי?... נו, אונ ווער איז דער רעב כאַימ לאָקש? איאָ, דאָס מיינט איר „אימ"?.. אונ „עטעלע"? אונ לייצי?.. דאָס איז מיסטאמע יענע לייצי, וועלכע... כא... כא?.: אונ „ער"; איכ מיינ, ער, אָט דער דאָזיקער, וואָס איר האָט אימ באשריבנ אינעמ פעליעטאָנ... כא־כא?... אוי, גוט! אוי, גוט! זייער רעכט! א מיצווע! איַ האָט „ער" א נאָז! איכ באגעגנ „אימ" היַינט אינדער־פרי... נו, גאָרניט; א גוט־מאָרגנ — גוט־יאָר! נו? — פרעג איכ „אימ"; נו? וואָס נו? — זאָגט ער מיר... זאָג איכ: גאָרניט, איכ מיינ גלאט אזוי... — זאָגט ער: איכ ווייס ניט, וואָס מיינט איר מיטנ „גלאט אזוי"?... — זאָג איכ: איכ מיינ מיקויִעכ יענער מיַיסע... — זאָגט ער: וואָסער יענער מיַיסע?.. — זאָג איכ: מיקויִעכ נעכטיקס... — זאָגט ער: וואָסער נעכטיקס?... — זאָג איכ: מיקויִעכ דעמ נומער 46... — זאָגט ער: וואָס פאר א נומער 46? — זאָג איכ: קוק אימ אָנ א ביסל נעבעכ!... — זאָגט ער: איכ ווייס ניט, וואָס איר מיינט, כ'לעבנ, איכ ווייס ניט, וואָס איר מיינט; זאָגט מיר מיט א מויל! — זאָג איכ: איכ מיינ דעמ נומער זעקס אונ פערציק פונעמ „יודישנ פאָלקסבלאט"... — זאָגט ער: א?.. — זאָג איכ: וואָס א? — זאָגט ער: וואָס מע האָט איַיכ באשריבנ אפ די גאזעטנ... — זאָג איכ: מיכ? איַיכ האָט מענ באשריבנ, ניט מיכ!... — זאָגט ער: איר האָט א טאָעס, רעב כאַימ!.. — זאָג איכ: ניינ, איר האָט א טאָעס, רעב כאַימ... —

זאָגט ער: נײן, איר האָט א טאָעס!.. — זאָג איכ: אָבער לוי מיט א ספאָדעק. האָט איר א טאָעס!.. — זאָגט ער... זאָג איכ... זאָגט ער... אזוי.

* * *

ברידערלעכ! לעמײַ זאָלט איר זיכ קריגנ אומזיסט? אונ איכ זאָג אײַכ, אז איר האָט בײדע א טאָעס: ניט אײַכ אונ ניט אײַכ מײנ איכ; די וואַנט מײנ איכ!...

א גרעסערער שרײַבער פונ מיר האָט אמאָל דערופ געענטפערט: קינדערלעכ! לאָזט מיכ צורו, איכ בינ א טאַנדעטניק; איכ נײ מאָל־בושימ אינ דער וועלט ארײַנ; איכ ווײס ניט, אפ וועמענ עס וועט זײַנ בעסער; עס ליגט אפ אײַכ גוט? — פארניצט געזונט!...

* * *

— ליבער, טײַערער שאָלעמ־אליכעמ! איכ בעט אײַכ! טוט מיר צוליב אונ באשרײַבט אפ די גאזעטנ אָט דעמ דאָזיקנ שײגעץ, דעמ אָנזעצער, וואָס שטעלט מיכ בעדיל־האַדאָל אונ צעשיקט מעשאָרסימלעכ אפ אלע זײַטנ אָפצורעדנ די קוינימ! זינט ער איז ארײַנ צו מיר פאר א שאָכנ, בעסער וואָלט ער שוינ ארײַנ אינ דער ערד ארײַנ אזא פסיאָ־מאמז...! איכ בעט אײַכ, שאָלעמ־אליכעמ, איר זענט דערופ א מאזיק, איר זאָלט אימ טאקע דײַטלעכ ארויסשטעלנ, אז אלע זאָלנ ווײסנ, אז דאָס איז ער, אָט דער מאָטיוהא, וואָס שפילט גאנצע נעכט אינ קאָרטנ! אונ איר מעגט אפ אימ אָנשרײַבנ, וואָס איר ווילט, וועט זײַנ לויטער עמעס, איכ זאָל אזוי האָבנ גליק אונ פארנאָסע, ווי איכ האָב געהאַט ביז אהער, ריבוינע־שעל־אוילעמ! — איר שרײַבט דאָכ מעמײלע אפ די גאזעטנ, הײַנט וואָס ארט אײַכ, אז איר וועט אימ אויכ באשרײַבנ?...

* * *

— אדוני האר, רעב שאָלעמ־לעכעמ (שאָלעמ־אליכעמ)! נעמט אָנ מײַנ געבעט אונ מײַנ באקאָשע אונ לאָמיכ בא אײַכ אויכ האָבנ די זכיע, וואָס לײַט האָבנ, אפ צו באשרײַבנ אפ די גאזעטנ מײַנ מאַנ דעמ קאָלבוינִיק, וואָס וויל מיט מיר ניט זײַנ אונ וויל מיר ניט געבנ אלע מײַנע באדערפעניש, וואָס א װײַב באדארפ צו האָבנ, אונ זאָגט, אז ער וויל מיט מיר ניט וווינענ, עס הײסט, ער זאָגט, ער וויל מיט מיר ניט זײַנ — איר פארשטײט? ווי א מאַנ דארפ זײַנ מיט א װײַב, עס הײסט, ער וויל יאָ זײַנ, דענ וואָס האָט ער צו מיר, צו א יונגנט,

אומשטייגנס געזאָגט, פונ עטלעכע אונ צוואַנציק יאָר ביז הונדערט אונ צוואַנציק יאָר, ווענ ניט די מאַמע זײַנע, א קאַפּאָרע זאָל זי זײַנ, רעב שאָלעמ־אַלייכעמ, פאַר אײַכ אונ פאַר צעדערבוימענ אונ פאַר דעמ צענזור, אונ פאַר אַלע גאַזעטנ, ליבער גאָט?!...

* * *

אָט דאָס זענענ מײַנע לעזער?... צוליב זיי גיב איכ אַוועק מײַנ קויעכ, מײַנ מויעכ, מײַנ צײַט? אָט אַזוי פאַרשטייט מענ דאָ א צײַ־טונג? א צײַטונג הייסט דאָ א פּאַמעניצע, אונ דער שרײַבער, דער פעליעטאָניסט, איז בא זיי א דאָנאָשטשיק, א מאַרשעלאָק, א מעוווזעניק, וועלכנ מע קאָנ אונטערקויפנ?...

ניינ; איכ האָב שוינ לאַכלוטנ נישט וואָס צו טאָנ דאָ, אָפ דער באַרדיטשעווער גאַס, אונ עק; מע וועט דאַרפנ זוכנ שטאָפ ערגעץ אַנ־דערש... — עטעלע! זײַט זשע מויכל, גיט מיר א כעשבנ, וועלנ מיר זיכ צעצאָלנ, איכ פאָר אַוועק.

— איר פאָרט אַוועק?.. פלוצלימ!... ווּהינ, שאָלעמ־אַלייכעמ?.. ווי קומט עס?.. וואָס כאַפּט איר זיכ אַזוי? ווּהינ פליט איר? גאָט איז מיט אײַכ!.. לייצי! ברײַנצי! כאַנצי! מאַנצי! קאָפּל! מייער! מאָטל! גאָדל! כאַימ!

— איכ קאָנ ניט! איכ קאָנ ניט! איכ קאָנ ניט! זײַט געזונט, עטע־לע! זײַט געזונט, קינדערלעכ! רעב כאַימ! רעב כאַימ! זײַט געזונט! איכ וועל אײַכ לאָזנ הערנ גוטע בסורעס פונוועטנ!

— פאָרט געזונט! זײַט מאַצליעכ! איר פאָרט דענ אַוועק פונ אונדז? נישט לאַנג געקומענ... נו? אונ די „שאָכ" לאָזנ מיר איב־מיטנ? כע־כע! אונ מיט בולגאַריע וואָס וועט זײַנ דער טאַכלעס? אונ דער פּראַנצויז? כע־כע?

— עסט זיכ נישט אָפּ דאָס האַרצ, רעב כאַימ! גאָט איז א פאָ־טער!.. זײַט געזונט אונ דערמאָנט מיכ נישט צו בייזנ!

— רעב געדאַליע־הערש! רעב געדאַליע־הערש! נו! פאָרט א ביסל גיכער! שמײַסט זיי, שמײַסט די פערדלעכ, רעב געדאַליע־הערש, שמײַסט!

גיכער? וויאָ! א פעגירע זאָל אָפּ אײַכ קומענ, ווי איר קריכט! גי־כער, זאָגט איר? מיר דוכט, אַז מײַנע פערדלעכ פליענ! איכ ווייס? שמײַסנ, זאָגט איר? איכ האָב פײַנט שמײַסנ; איכ שמײַס ניט קיינ פערד; איכ האָב ליב „ווײַזנ" א פערד א בײַטש; „ווײַזנ" מוז מענ; מע מוז „ווײַזנ", רעב שאָלעמ־אַלייכעמ; אַז „ווײַזנ" קאָנענ מיר זיכ

ניט באַגײַנ; אונ איר זאָגט שמײַסנ — האַ, געשמיסנ זאָלט איר ווערנ— פּעגירעס, וויאַ! וואָהינ זאָל איכ אײַכ פירנ, שאָלעמ־אַלײכעמ? — וויאַ, קלעצער! וויאַ־וויאָ־וויאָ־וויאָ, מײַנע אָדלערס!...

— אַהינ, אַפּ דער זשיטאָמירער גאַס, רעב געדאַליע־הערש, וועט איר מיכ אָפּפירנ...

* * *

בעכיינ, ליבער לעזער, אנ ענדע פונ דער באַרדיטשעווער גאַס! נאַט אײַכ מײַנ האַנט אונ לאָמיר בלײַבנ גוטע־פרײַנט, ווי פריִער... עפּשער וועלנ מיר זיכ אינגיכנ זענ?

ע נ ד ע

# קורצע אנטוואָרטנ אפ לאנגע פראגנ

— א גאסט! א גאסט! שאָלעמ־אליײכעמ! א גאסט.

— אליײכעמ־שאָלעמ!

— פונוואנענ קומט איר אָנ? ווו זענט איר געוועזנ אזא צײַט? ווי גייט עס? וואָס הערט זיכ עפעס אפ דער וועלט מיקויעכ דעמ, מיקויעכ יענעמ, מיקויעכ אונדז, מיקויעכ אײַכ, מיקויעכ, מיקויעכ, מיקויעכ...???

דערופ, ברידערלעכ, ענטפערנ איז מיר שווער; לאָזט מיכ צורו, איכ בעט אײַכ, וועל איכ אײַכ ביסלעכווײַז ענטפערנ אפ יעדנ „מיקויעכ“ באזונדער...

Тише едешь — дальше будешь...

אפ דער ערשטער פראגע: „פונוואנענ קומ איכ אָנ?“ ענטפער איכ אײַכ: „משוט בארץ ומתהלך בה“ 1 — פונ צו שוועבנדיק אפ דער וועלט אונ פונ צו טאָג גייג אפ איר... אפ דער צווייטער פראגע: „ווו בינ איכ געוועזנ אזא צײַט?“ קומ איכ אײַכ צומ ענטפערנ, ליבע ברידער, אז געוועזנ בינ איכ צווישנ אײַכ, מיט אײַכ, נעבנ אײַכ די גאנצע צײַט; צוזאמענ מיט אײַכ בינ איכ געוועזנ נאווענאד; גלײַכ מיט אײַכ האָב איכ איבערגעטראָגנ אלע פארגעניגנ, וואָס זענענ אויסגעפאלנ אפ אונדזער דאָליע, דאָ אפ דער ערד; גלײַכ מיט אײַכ גענאָסנ דעמ זכוס, אלע רעכטע, אלע פרייד; גלײַכ מיט אײַכ אָפגעלעבט א צוויי יאָר, — גוטע, ליכטיקע, פרייִלעכע, גליקלעכע יאָר!... איכ בינ אײַכ נאָכגעגאנגענ פוסטריט אינ יעדנ אָרט, נאָכגעזוכט, נאָכגעקוקט, באָבאכטעט, נאָכגעשמעקט, צוגעהערט, אויסגעהערט אלעס, אלעס, אלעס! משוט בארץ ומתהלך בה — פונ שוועבנדיק איבער דער וועלט אונ פונ צו טאָג גייג אפ איר האָב איכ זיכ ארומגעוואלאנדעט פונ דער „באהדיטשעווער“ גאס אפ דער „זשיטאָמירער“, אונ צוריק פונ דער „זשיטאָמירער“ גאס אפ דער „בארדיטשעווער“. איכ האָב נישט גע־

1 „מישוט באָארעצ אומיסהאלייכ באָ“.

קאָנט אײַנזיצנ אפ אײנ אָרט, איכ האָב געמוזט, איכ האָב געוואָלט זענ, וועמענ איז בעסער, וועמענ איז זיסער דאָס לעבנ, ווער איז גליקלעכער אפ דער ערד: צי בערל כאַימ־זיידלס אפ דער באַרדיטשעווער גאַס, צי באַרים יעפימאָוויטש זילבערקרויג אפ דער זשיטאָמירער גאַס? איכ האָב געקאָנט אי דעמ אי יענעמ פריִער מיט עטלעכע יאָר, און איר האָט זיי אויכ געקאָנט: בערל כאַימ־זיידלס איז געווענ קאָל־יאָמאָוו גאַבע אינ דער רויטער שול און האָט געהאַט קאָל־יאָמאָוו א בילמע אפ אײנ אויג, און באַרים יעפימאָוויטש איז פונ א צײַט געווענ אַנ אופגעקלערטער, הײַנטוועלטיקער יונגערמאַנ און גייט שוינ פונ קאָמע־ווע־קאָמע יאָרנ אינ א מאַנישקע... בערל כאַימ־זיידלס איז הײַנט אויכ גאַבע אינ דער רויטער שול און האָט הײַנט אויכ א בילמע אפ אײנ אויג, און באַרים יעפימאָוויטש זילבערקרויג איז הײַנט אויכ אַנ אופגעקלערטער הײַנטוועלטיקער יונגערמאַנ און טראָגט הײַנט אויכ א מאַנישקע, — נאָר אכ! וואָס פאַר א בילעק, וואָס פאַר א ווײַטקײַט, וואָס פאַר אַנ אומערגרינדלעכער טהאָמ איז צווישנ פריִעריקנ בערל כאַימ־זיידלס און צווישנ הײַנטיקנ בערל כאַימ־זיידלס, צווישנ פריִעריקנ באַרים יעפימאָוויטש זילבערקרויג און צווישנ הײַנטיקנ באַרים יעפימאָוויטש זילבערקרויג!!! ואני עבדכם [1] — איכ אײַער קנעכט ש אָ ל ע מ־א ל יי כ ע מ, בנ עשרים שנה אַז [2] — וואָר אַלט 20 יאָר, אַז איכ האָב געזעגנ מיט מײַנע אויגנ את רומ ההוד כבודו [3] — זײַנ הויכע שײנע געשטאַלט פונ דעמ דאָזיקנ בערל כאַימ־זיידלס באַ פרויצנ אפ דעמ פידיענ־האַבענ; באַ פרויצע דעמ דאַיענ פונ דער באַרדיטשעווער גאַס אפ דעמ פידיענ־האַבענ, אויבנאַנ, ווי א מײלעכ, איז בערל כאַימ־זיידלס געזעסנ און אַרומ אימ די גאַנצע כעווורע מיט קויסעס אינ די הענט, קויסעס מיט מעד און מיט פאַשעטנ בראָנפנ.

— לאָמיר, ייִדנ, זײַנ פריילעכ!

— לעכאַימ! לעכאַימ! לעכאַימ!...

דרײַ טאָג מיט דרײַ נעכט האָט מענ געהוליעט, געטאַנצט, מעכילע, אַנ טאַכטוינימ באַ פרויצעו אפנ דאַכ; געזידלט, געשאָלטנ די הולטײַעס פונ דער זשיטאָמירער גאַס און פאַרשוואָרנ זיכ מיט זיי קיינ מאַגע־אומאָסע ניט האָבנ אַזוו.

און הײַנט — אָכ! און הײַנט, אַז איכ האָב אימ באַגעגנט אפ דער זשיטאָמירער גאַס, בינ איכ ניוול־וועניסטוימעמ געוואָרנ:

---

1 וואַאני אווודעכעמ.
2 בענ עסרימ שאָנאָ אָז.
3 עס רומ הויד קווידוי.

— סטײַטש! רעב בעריש! איר? אפ דער זשיטאָמירער גאס? און אזוי אומעטיק? אזוי דערהארגעט? אזוי אלט???...

— אַ־אַכ־אַכ־אַכ! — האָט מיר בערל כאַים־זיידלס געקאָנט נאָר ענטפערנ און מיט טרערנ אוועקגעשליאָפּעט װײַטער, און זײַנ אײַנגעהױקערטע פיגורע איז גיכ פארשװונדנ געװאָרנ פונ מײַנע אױגנ...

נאָכ מער איבעראשט בינ איכ געװענ, אז איכ האָב זיכ אומגערנ באגעגנט אפ דער בארדיטשעװער גאס מיט באָרים יעפימאָװיטש זילבערקרױנ. ער און אלעס, װאָס אפ אימ, האָט געװײנט, געגאָסנ מיט טרערנ; עס האָט געװײנט זײַנ געקנײטשט, געל, אױסגעטריקנט געזיכט; עס האָט געװײנט זײַנ צעבראָכענער קאפעליוש; עס האָט געװײנט, געגאָסנ מיט טרערנ די מאנישקע, די אמאָליקע װײַסע מאנישקע, די גליקלעכע פרײלעכע מאנישקע. אכ, אָט די דאָזיקע מאנישקע! װיפל גאָרלעס, װיפל גרױסקײַט, װיפל מילכאָמעס, װיפל מאכלױקעס, װיפל רעדיפעס, װיפל טריומפנ, װיפל באװעגניש האָט זי איבערגעלעבט, אָט די דאָזיקע װײַסע מאנישקע!..

— װעמענ זע איכ?.. באָרים יעפימאָװיטש?.. דאָ?.. אינ דער „פינצטערער" גאס, צװישנ די „פינצטערע" מענטשנ, צװישנ אלע כאַימס, באָרעכס, מײערס און בערישעס?.. איר שעמט זיכ גאָר ניט מיט אײַערע אומגעבילדעטע ברידערלעכ?... װאָס באדײַט עס?...

— ע־עכ־עכ־עכ! — האָט מיר באָרים יעפימאָװיטש זילבערקרױנ אױסגעצױגנ מיט א קװיטש, שאָקלענדיק מיטנ קאָפּ, און צװײ טרערנ האָבנ זיכ אראָפּגעקײַקלט אפ דער צעקנײטשטער מאנישקע — און מער האָב איכ פונ אימ קײנ װאָרט נישט געהערט; ער איז גיכ פארשװונדנ געװאָרנ פונ מײַנע אױגנ...

אָכ־אָכ־אָכ! און עכ־עכ־עכ! — דאָס קענט איר הײַנט הערנ אָפט, קימאט יעדנ טאָג אינ יעדנ אָרט אפ יעדנ טריט, און דעמ זעלבנ „אָכ־אָכ־אָכ" מיט דעמ זעלבנ „עכ־עכ־עכ" קענ איכ אײַכ ענטפערנ אינ מײַנ הײַנטיקנ ערשטנ פעליעטאָנ צומ נײַעמ יאָר אפ אײַערע אלע פראַגעס: מיקויעכ, מיקויעכ, מיקויעכ?..

קיעװ, 1 יאנואר 1887.

# בילדער פונ דער זשיטאָמירער גאס

## 1. די גאס

מײַנע פּאַראַיאָריקע לעזער (איכ פּאַרהאָפּ, אז מיר זענענ אלע בעקאַנט האַכאַזמ װעהאַשאָלעמ?), װעלכע האָבנ געזענ מײַנע צענ בילדער פונ דער באַרדיטשעװער גאַס, דאַרפנ געדענקענ, אז די דאָזיקע צװײ ייִדישע גאַסנ האָבנ שטענדיק געלעבט צװישנ זיכ צופרידנ, אזױ װי פײַער מיט װאַסער, װי טאָג מיט נאַכט, זומער מיט װינטער, — מיט אײנעמ װאָרט, די סינע צװישנ זײ איז געװענ אזױ גרױס, אז ייִדנ האָבנ פאַרגעסנ, אז זײ זענענ אײנ פאָלק, ברידער האָבנ פאַרגעסנ, אז אײנ מוטער האָט זײ געהאַט, מענטשנ האָבנ פאַרגעסנ, אז גאָט האָט זײ באַשאַפנ...

װײַהי בימײ רעב מײערל — אונ עס איז געװענ אינ יענער צײַט, װענ רעב מײערל דער באַרדיטשעװער איז געװאָרנ א ראָװ אונ א דאַיענ דאָ, אפ דער זשיטאָמירער גאַס, מאַכט ראַשע, װו עס הײבט זיכ אָנ מיט א „װײַהי“, איז אנ אומגליק!

יאָ, א צאָרע, אנ אומגליק האָט זיכ גענומענ אפ ייִדנ, װענ רעב מײערל דער באַרדיטשעװער, אָט, אז יענער רעב מײערל, װעלכער האָט איבערגעקוקט לעװינזאָנס אונ סמאָלענסקינס ספאָרימלעכ — אונ איז ניט בלינד געװאָרנ, װעלכער האָט אַרײַנגעלאָזט צו זיכ אינ שטוב אַרײַנ מ ע נ ד ע ל ע דעמ מױכער־ספאָרימ מיטנ גאַנצנ טרײף־פּאָסל — אונ איז ניט מעס געװאָרנ, װענ דער דאָזיקער רעב מײערל, זאָג איכ, האָט זיכ אַריבערגעקליבנ אפ דער זשיטאָמירער גאַס, איז פּלוצעמ, אינ א שײנעמ פרימאָרגנ, אַרױסגעשפרונגענ א מילכאָמע צװישנ די דאָזיקע צװײ גאַסנ, א הײסע מילכאָמע, א לאַנגע מילכאָמע, א שרעקלעכע מילכאָמע!

דער לעװיאָסנ האָט זיכ א ריר געטאָנ — אונ די װעלט האָט זיכ א װיג געטאָנ; כױשעכ איז געװאָרנ, זאָג איכ אײַכ, כױשעכ, כױשעכ!

פּריִער פונ אלע האָט זיכ אופגעכאַפּט די דיפּלאָמאַטיע, אונ מע

האָט אָנגעהויבנ פירנ דעמ קריג מיטנ צונג: מאָטי קישקע פונ דער באַרדיטשעווער גאַס און יאָסל אַנטיק פונ דער זשיטאָמירער גאַס האָבנ קינסטלעכ פאַרבונדנ דעמ מאַסע־אומאַטנ צווישנ זייערע ברידער, און מיטנ פייער פונ זייערע מײַלער האָבנ זיי אונטערגעצונדנ שטילערהייט די אינסטינקטנ (געפילנ) פונעמ פאָלק — און פונ א פונק איז געוואָרנ א פייערל, פונ א פייערל — א פייער, א העליש פייער, א מוירעדיקע מילכאָמע!...

דער קריגס־פּלאַץ איז געווענ פול, ווי איר קאָנט זיכ מעלדנ, אומעטום: אינ מאַרק, אינ שול, אינ אַלע באָטיי־מעדראָשימ, אינ אַלע קלייטנ, אפ אַלע פריזבעס, אינ יעדנ הויז און אפילע גאַנצ אויבנ, אפ דער אייבערשטער באַנק אינ מערכעצ, און, לעהאַוודל, אונטנ, גאַנצ טיפ אינ דער מיקווע.

איכ דערצייל אײַכ נישט קיינ גוזמע, ליבע פרײַנט, שטראָפ מיכ גאָט! לעמײַ זאָל איכ אײַכ דערצייילנ מײַסעס! אז איכ האָב דאָ בא זיכ גוזמעס מאַנוסקריפּטנ (קסאָווימ) פונ איינעמ פונ די גערימטסטע שריפטשטעלער, וועלכע געפינענ זיכ דאָ, אפ דער זשטאָמירער גאַס, נישט קיינ ביסל?

מיט איינעמ וואָרט, איכ רעד דאָ וועגנ דעמ געוויסנ שרײַבער און טאַלאַנטפולנ פּאָעט פייסעכ־צאָדעק בענ פּינכעס צעמפּילס האַקויהענ, וואָס באַסמעט זיכ אונטער זײַנע זעלטענע ווערק פ־צ־פ־ץ הכהן און וועלכער עס האָט אָנגעשריבנ אפ זײַנ לעבנ פיל מײַמאָרימ, ראָמאַנענ, דראַמעס, טראַגעדיעס, פעליעטאָנענ און פיל שיינע אויסגעצייכנטע פּעזנ, וועלכע זענענ נאָכ לייסאָטע ביז הײַנטיקנ טאָג אינ ערגעצ נישט געוועזנ געדרוקט, איכ ווייס נישט פאַרוואָס? נאָר וועגנ דעמ דאָזיקנ מעכאַבער וועלנ מיר האָבנ די געלעגנהײַט צו שמועסנ באַזונדער אינ איינע פונ אונדזערע שפּעטערדיקע בילדער, און אַצינד, רעדנדיק וועגנ דער גאַס גופע, מוזנ מיר זיכ אומקערנ צו אונדזער איניענ צוריק:

„בעכיינ" — זאָגט אונדזער גײַסטפולער היסטאָריעגראַפ פ־צ־פ־ץ הכהן אינ איינע פונ זײַנע שיינע קסאָווימ — „ווער עס האָט ניט געזענ די פאַנטאָפל, די סטענדערס מיט די פעטש, וואָס זענענ געפלויגנ בא אונדז אינ די באָטיי־מעדראָשימ פאַרנ „כדבר" 1, דער האָט קיינ שיינס אפ זײַנ לעבנ נישט געזענ! ווער עס האָט ניט געזענ די צעפּליאַסקעטע פּענעמער, די אויסגעפּליקטע בערד און פייעס, די צע־

1 קאַדאָוואַר

בלוטיקטע נעזער מיט די אונטערגעשלאָגענע אויגן, דער פארשטייט ניט, וואָס באדײַט דאָס וואָרט „ניצאָכן“... וואני הצעיר באלפי יהודה[1], און איך, פייסעך־צאָדעק בען פינכעס צעמפילס האקויהען, בעיני ראיתי[2] — מיט מײַנע אויגן האָב איך געזען, ולא זר[3] — און נישט קיין פרעמדער, דעם שיינעם טאכלעס, וואָס מע האָט געמאכט מיט לייבעלע שייגעץ אום שאבעס־האגאָדל אין דער נײַער קלויז דערפאר, וואָס ער האָט אויסגעלאָזט אַף א קאָל: יע־שאַ־ליי־שו־ו! וועג דער באזן (רעב העניל־מענאשע טרומייט) האָט געזונגען: „זה אל זה ואמר“[4]!.. שטייענדיק זיך אין א ווינקעלע, האָב איך, פייסעך בען פינכעס צעמפילס האקויהען, געציטערט פאר גרויס פאכעד, זעענדיק, וויאזוי א כעוורע האָבן געמיימעסט דעם דאָזיקן פרעסטופניק, לייבעלע שייגעץ, פאר זײַן „יעשאליישו“, און איך האָב געמיינט, אז עס ווערט כאָרעוו די גאנצע וועלט, אזוי ווי די צוויי זינדיקע שטעט סדאָם מיט אמוירע, וואָס גאָט האָט איבערגעקערט, ניט היינט געדאכט... די מאכלויקעס פון די בארדיטשעווער מיט די זשיטאָמירער איז אין יענער צײַט געווען אזוי גרויס, אז וויפל די וועלט האָט זיך געוואָלט ארײַנלייגן אַפ צו מאכן צווישן די דאָזיקע צוויי גאסן א שאָלעם, איז גאָר נישט געוואָרן דערפון; עס האָט נישט געהאָלפן קיין שמא־יִסראָעל!... יִדיש בלוט האָט געראנען אין אלע ווינקעלעך, אלע האָבן אָנגעוואָפּנט די לענדן, און יעדערער מיט זײַן שווערד אַפ זײַן דיך איז געשטאנען גרייט איקעגן דעם פײַנט צו מאכן פאלן אים אפן פעלד פון מילכאָמע...“

אָט מיט אזא שיינער מעליצע ווערט בא דעם דאָזיקן היסטאָריקער פ־צ־פ־ץ הכהן באשריבן פיל פארשיידענע מײַסעס, וועלכע זענען ווערט באשריבן צו ווערן אין א יִדישער צײַטונג.

נאָר אזוי ווי אונדז אינטערעסירט די זשיטאָמירער גאס, ווי זי איז אצינד, לאָכיין קאָנען מיר זיך אָפגעבן דאָ מיט איר פארגאנגענער געשיכטע.

וויאזוי זשע איז די זשיטאָמירער גאס אצינד?

אָ! נישט צו דערקענען, גאָר נישט צו דערקענען!

סאכאקל 20 יאָר, 15 יאָר — נישט מער — און אזא פארענדערונג, אזא ריעזקא פערעמיענא!

---

1 וואאני הצאָיר בעאלפיי יעהודאָ — און איך דער ייִנגסטער צווישן די הארן פון יעהודע.
2 בעיינײַ ראָיסי.
3 וועלוי זאָר.
4 זע על זע וועאָמאר.

ווּ זענט איר אצינד, יאָסל אַנטיק, לייבעלע שייגעץ, רעב מייערל באַרדיטשעווער און אַלע העלדן פון יענער גליקלעכער צײַט, וועלכע וועט זיך שוין מער ניט אומקערן? ווּ איז אהינגעקומען „די בעוורע באָרשטש", די פריילעכע יונגען מיט זייערע מעלאָווע־מאַלקעס, וועלכע מיר איז שווער צו פאַרגעסן ביז הײַנטיקן טאָג? ווּ זענט איר, יונגע־לײַט, מאַסקילים, ווילע יינגלעך, געצייכנטע קינדער מיט די „פאַר־באָטענע" ביכלעך, וועלכע מענדעלע מויכער־ספאָרים האָט אונדז גע־בראַכט צו פירן פיר מאָל אין יאָר און וועלכע מיר האָבן ביגנייווע בעכאַדריי־כאַדאָרים אָפּ די בוידעמער בישטיקע געלעזן מיט ציטערנדע הענט און מיט קלאַפּנדע הערצער?

אַפילע די הײַזער, די הויפן האָבן זיך איבערגעביטן, זענען פאַר־ענדערט געוואָרן אזוי, אז עס איז מיר שווער צו דערקענען זיי.

— זאָגט מיר, איך בעט אײַך, ליבער ייִד, ווער וווינט אָט דאָ אין דעם דאָזיקן גרויסן מויער?

— אָט דאָ וווינט... שאַט, שאַט, אָט וועל איך אײַך באַלד זאָגן, אָט דאָ וווינט אַפּאָנעם אזוי גרויס, ווי מאָנאַסטיריאָוו, יאַקאָוו באָרי־סאָוויטש מאָנאַסטיריאָוו.

— א ייִד?

— א ייִד.

— יאַקאָוו באָריסאָוויטש?

— יאַקאָוו באָריסאָוויטש.

— האָרט נאָר אויס, דאָס איז ניט יאַנקל בערעלעס?

— איך ווייס נישט.

— זײַן פאָטער איז ניט בערעלע מאָנאַסטרישטשער?

— גייט פרעגט אים.

— זײַט נישט ברוגעז, וואָס איך פרעג אײַך; פאַרשטייט איר מיך, אָט דער יאַקאָוו באָריסאָוויטש האָט מיט מיר אמאָל אין איין כיידער געלערנט און איז געווען א...

— אָבער וואָס קער זיך עס אָן מיט מיר?

— ניין, פאַרשטייט איר, איך זאָג עס אקעגן דעם, וואָס זײַן פאָ־טער בערעלע מאָנאַסטרישטשער קומט ארויס פון מאָנאַסטרישטש, א קליין שטעטל, איך האָב דאָרט א פעטער, וואָס...

— אָבער וואָס האָט עס צו מיר? און וואָס גייט עס מיך אָן?

— ניין, האָט מיר קיין פאַריבל, עס איז מיר עפּעס, איר פאַר־שטייט? פאָרט א באַוואָר מײַנער געווען, יאַנקל מיט איך, יאַנקל בע־

רעלעס, אונ פּלוצלימ נאַ דיר גאָר אַ יאַקאָוו באָריסאָוויטש מאָנאַסטיריאָוו! צו וואָס טויג נאָך דער „יאָוו"?

— איכ בעט אײַכ, וואָס ווילט איר האָבנ פונ מײַנ לעבנ? וואָס זענט איר? אַ מאַגיד? אַ גאָטס סטריאַפּטשע? וואָס ווילט איר? וואָס דאַרפט איר?

— כאַס־וועשאָלעמ! איכ זאָג דענ עפּעס? איכ פאָדער דענ עפּעס פונ עמעצנ? איכ זאָג מיר גלאַט אַזוי: בערעלע מאָנאַסטרישטשער. אַ ייִד אַ לאַמדנ, אַ גרויסער באַל־צדאָקע, אַ מעיוכעס, פונ סאַמע ראַבאָנימ מיט גוטע־ייִדנ, פונ די מעפאָרשיי־האַיאָמ, זאָגט מענ, איר פאַרשטייט אַ מײַסע? ווערט פּלוצעמ אַ באָריסאָוויטש מאָנאַסטיריאָוו! יאָוו! איר פאַרשטייט? — יאָוו!..

— איכ זע, אַז איר זענט אָדער אַ ליידיקגייער, אָדער גלאַט אַזוי אַ שטיקל מעשוגענער, אָדער ביידע זאַכנ אינאיינעמ...

אונ מײַנ אומבאַקאַנט ייִדל שפּײַט אויס אונ גייט זיכ אַוועק אינ זײַנ וועג אַרײַנ.

איכ וויל שוינ מער נישט אָפּשטעלנ קיינעמ אונ בינ מיר געפאַלנ אָפּ אַ האַמצאָע צו לעזנ די מעשענע טאַבליצעס, וועלכע זענענ צוגעשלאָגנ קימאַט אָפּ יעדער טיר, אונ אַזוי האָב איכ דאָ אָפּגעזוכט קימאַט אַלע מײַנע אַלטע באַקאַנטע.

— איזראַיל גריגאָריעוויטש? — אַ? דאָס מוז אַוודע זײַנ ייִסראָליק הערשעלעס; זיי זענענ געזעסנ פונ יענער זײַט שול, אונ רעב הערשעלע איז געווענ קאָל־יאָמאָוו אַ „פּאָלנאָמאָצ" אונ אַ ביסל אַ שיקער... מאַרקוס דאַניִלאָוויטש? — דאָס ביסטו מײער דאַניִעלס? אײַ פּלעגסטו כאַפּנ שמיצ פונ רעב יאָסי דעמבענער פאַר דער געמאָרע! איכ ווייס ניט, וויִאַזוי ביסטו הײַנט; דעמאָלט האָסטו געהאַט זייער־זייער אַ פאַרשטאָפּט קעפּל... אַלעקסאַנדער יעפימאָוויטש? ווער איז דער אַלעקסאַנדער? איכ געדענק נישט קיינ אַלעקסאַנדער! עפּשער איז דאָס סענדער רעב כאַיִמס? יאָ, עס איז געוויס סענדער רעב כאַיִמס! קיינ מײַסע נישט: רעב כאַיִמ איז געווענ נישט מער ווי אַ כאַזנ, זייער אַ פרומער ייִד, אַ כאַבאַדניק; הײַנט הייסט ער יעפימ אונ איז שוינ לאַנג אינ גאַניידנ... דאָקטאָר אַרקאַדי לעאָנטיעוויטש? ווער איז דאָס? שוינ זשע איז דאָס אַרצי רעב לייבס? אוי, איכ וועל זיכ אַ מײַסע אָנטאָנ! אַרצי? אַרצי, וועלכער איז ביז 15 יאָר אַרומגעגאַנגענ אַ באָרוועסער, אַרצי דעמ שויכעטס, רעב לייב דעמ שויכעטס, איז הײַנט אַרקאַדי, דאָקטאָר אַרקאַדי לעאָנטיעוויטש — וואָס הייסט דאָס? וואָס באַדײַט דאָס? וויִאַזוי רופט מענ דאָס? אונ מיט וואָס עסט מענ דאָס?..

סאַלאָמאָן נאומאָוויטש — ווער איז דער דאָזיקער נעפּעש? א־א־א? דאָס ביסטו, דו, שאַלעמקע? שאַלעם רעב נאַכעמס? רעב נאָכעמ וועור־קעס א זון? דעמ פעטער וועווקעס? גאַנצ שיין! גאַנצ לייטיש! מיר דאַכט, אז איכ געדענק דיכ נאָכ, ווענ דו ביסט געגאַנגענ איג שיב אונ זעקעלעב אונ האָסט געהאַט נישט קיינ שלעכט קעפּל צומ לערנענ? איכ האָב געמיינט, אז דו וועסט געווים זיינ א ראַוו אינ א קליינ שטעטל, אָדער לעכאַל־האַפּאָכעס א שויכעט, א מויעל, א באַל־מע־ציצע, — צומ סאָפ נא דיר גאָר סאַלאָמאָן נאומאָוויטש! נו? וואָס זאָגט דערופ דיינ פעטער פיני? נו, אונ איצל שווייגט? א הייכע־טימ־צעץ?.. קלימענטיום פאַנטעליימאָנאָוויטש — וואָס איז דאָס פאַר א שלאַק? דאָס קאָנ איכ בעשומ־אויפנ ניט פאַרשטיינ! מיילע אלעקסאנ־דער, ארנאָלדי, סאַלאָמאָן — דאָס איז נאָכ צו דערטראָגנ; אָבער קלימענטיום אונ פאַנטעליימאָנאָוויטש — דאָס איז פאַר מיר א הארבע שיילע!...

שפּאַצירנדיק אזוי איבער דער זשיטאָמירער גאַס, האָב איכ אָפּ־געזוכט פיל באַקאַנטע אונ אומבאַקאַנטע, פאַרשיידענע נעמענ, איבער וועלכע איכ האָב מיר געבראָכנ דעמ מויעכ; אייניקע האָב איכ גע־טראָפנ אונ אייניקע ניט; אייניקע האָב איכ באַזוכט אונ אייניקע ניט; אייניקע האָבנ מיכ דערקענט אונ אייניקע האָבנ לאַנג־לאַנג געקוקט אָפּ מיר אונ האָבנ מיכ בעשומ־אויפנ נישט געוואָלט דערקענענ.

— וואָס קוקסטו אָפּ מיר אזוי, יווליק? האָסט מיכ דענ נישט דערקענט? איכ בינ דאָכ דיינ כאַווער, שאַלעמ־אַלייכעמ! האָסט שוינ פאַרגעסנ, אז מיר האָבנ צוזאַמענ אינ איינ כיידער געלערנט... שאַ! דאַכט מיר, אז בא רעב מייער קאַט; יאָ, בא רעב מייער קאַט! גע־דענקסטו, ווי ער פלעגט דיכ קאַטעווענ, יווליק? הא, יווליק?

— איכ בעט פאַרצייענ, אומבאַקאַנטער הער, — ענטפערט מיר יווליק אָפּ רוסיש, — ערשטנס, בינ איכ ניט יווליק; מיינ נאָמענ איז יעווליק פּעטראָוויטש; אָפּ דער טיר איז צוגעשלאָגנ מיינ בלעטל מיט מיינ נאָמענ יעווליק פּעטראָוויטש, פּאָמאָשטשניק פּריסיאַזשנאַוואָ פּאָווערענאַוואָ יעווליק פּעטראָוויטש... צווייטנס, פאַרדאָנ, קענ איכ אייכ נישט אונ ווייס נישט, ווער איר זייט; אונ, דריטנס, האָב איכ אצינד גראָד קיינ צייט נישט; איכ דאַרפ גיינ אינ סוד; איכ האָב היינט דריי דיעלעס; האָט קיינ פאַריבל ניט, — אדיעו!

אונ יווליק רעב פּערעצעס, אָדער יעווליק פּעטראָוויטש, צײט מיר אויס צוויי פינגער דורכ דער פּערטשאַטקע אונ טוט זיכ לאָזנ א דריי צו מיר מיטנ הינטנ — אונ מיר צעשיידנ זיכ, ווי צוויי גאַנצ

פרעמדע, אומבאקאנטע לײַט, ניט ווי צוויי אַלטע כאוויירים, וועלכע זענען אַפּ איינ בענקל געזעסנ עטלעכע יאָר קעסיידער, צוויי קונדייסים, ווײַסע־כעוורעניקעס, וועלכע...

נאָר מיר וועלנ נאָכ האָבנ די געלעגנהײַט צו באגעגענענ זיכ אינ די שפּעטערדיקע בילדער פונ דער זשיטאָמירער גאס מיט יעווליק פּעטראָוויטשנ אונ מיט אַלע מײַנע איבעריקע באקאנטע אונ אומבאקאנטע, מיט וועלכע איכ בינ גיכ באפרײַנדעט געוואָרנ, פּונקט אזוי ווי איכ בינ באקאנט אונ באפרײַנדעט געוואָרנ מיט פיל פארשיידענע פארשוינענ אַפּ דער באַרדיטשעווער גאס. — אונ יעצט צי איכ אוים דעמ לעזער צוויי פינגער אונ זאָג פּונקט אזוי, ווי יעווליק פּעטראָוויטש האָט מיר געזאָגט: „אדיע", נאָר מיט אַנ אנדער סיגנעג, מיט אַנ אנדער טאָנ, וועלכעס באדײַט: „אַפּ ווידערזעענ!"

פארנ ערשטנ פעליעטאָנ האָב איכ א ביסעלע צופיל גערעדט; עמעס?

## II. די פּאָעזיע אונ די פּראָזע פונ דער גאס

לבבתני אחותי כלה [1] — דו האָסט מיכ געהערצלט, מײַנ שוועסטער קאַלע!... צו דער גאס טו איכ רעדנ, צו דער זשיטאָמירער גאס טו איכ זיכ קערנ אונ ווענדנ מיט ליבשאפט, מיט אכטונג, מיט פיל כיינ אונ מיט פיל קאָוועד, — אזוי שטארק בינ איכ באצויבערט, אנציקט פונ איר אויסזיכט אצינד!

שפּאצירנדיק דאָ אַפּ די ריינע טראָטוארנ מיט די געפארבטע סטויפּעס אונ באטראכטנדיק די הויכע מויערנ, די ברייטע הויפנ, די גרינע גערטנער, די ליכטיקע פענצטער, די אײַזערנע גאַנעקלעכ, די געפארבטע דעכער אזוי,, מאָלט זיכ מיר אוים, אז איכ בינ א פירשט, א גראפ, א סראָרע, אונ די דאָזיקע גאס — איז א שיינער, א גרויסער, א פרוכטבארער גאָרטנ, אינ וועלכנ איכ טו שפּאצירנ מיט פארלייגטע הענט ארונטער, אונ זינגענדיק זיכ אונטער די ציינ א לידעלע, ווי דער שטייגער איז פונ א ייִדנ זאָל לעבנ, ווענ עס איז אימ אופגעלייגט אפּנ הארצנ, לעמאָשל שאבעס נאָכנ שלאָפ, אָדער יאָמטעוו, ווענ מע ווארפט אראָפּ פונ זיכ דעמ אָל פונ פארנאָסע מיט אַלע אנדערע דײַגעס, וואָס א ייִד האָט א גאנצע וואָכ אונ א גאנצ יאָר...

1 ליבאוויטינני אכויסי כאלאָ.

אצינד איז מיר שוינ פארענטפערט דאָס באגײַסטערונג, דאָס היסלאוועס פונ דעמ טאלאנטפולנ פאָעט, פונעמ געוויסנ דיכטער פונ דער זשיטאָמירער גאס, וועלכער האָט אפ זײַנ לעבנ שוינ אָנגעשריבנ עט־לעכע הונדערט זעלטענע דיכטונגענ, עטלעכע אונ צוואנציק גאנצ היפשע פאָעמענ אונ גלאט אזוי שירימ, עפיגראמענ, אנעקדאָטנ אזוו. לאָרויוו, כחול הים 1, אָנ אנ עק אונ אָנ א שיר! ניט אומזיסט זאָגט אפ אימ אונדזער באקאנטער היסטאָריקער פ״צ־פ״ץ הכהן ערגעצ אינ אנ אָרט: „ווענ מע זאָל צונויפזאמלענ אלע נארישע פערזנ, אלע ניט־געשטויגענע פאבעלנ, אלע ניט־געפלויגענע דיכטונגענ פונ נעמ דאָזיקנ ניט־געלונגענעמ, בעזהארנעמ, נארישנ, פארדאָרבענעמ פאָעט מיט אלע זײַנע נידעריקע, ווילדע פאנטאזיעס, וואָלט מענ געקאָנט אויספלאסטערנ די גאנצע זשיטאָמירער גאס אונ אויסהאטענ א גאנצנ פאפירענעמ בריק פונ פאָעזיע...״

אזוי קונציק דריקט זיכ אויס איראָניש, שטעכנדיק אונ בײַסנ־דיק, אונדזער פײַנער הומאָריסט פ״צ־פ״ץ הכהן וועגנ א ברודער, א שרײַבער, א פאָעט — אונ עס איז בא מיר לאכלוטנ קיינ פלוע ניט, ווײַל אזוי איז שוינ אײַנגעפירט פונ קאמע־וועכאמע יאָרנ אינ דער ליטעראַרישער וועלט צווישנ שרײַבער ביכלאל, אונ צווישנ יידישע מעכאבריִמ ביפראט, אז איינער דעמ אנדערנ יאָגט אונ רוי־דעפט עד הרמה 2 פאר קינע, פאר סינע, פאר צאָרעס־אײַנ, פאר ניט האָבנדיק וואָס צו שרײַבנ אונ גלאט אזוי פאָלעמיזירנ אינ דער וועלט ארײַנ, ביכדיי עס זאָל געשריבנ אונ געדרוקט ווערנ אונ אלע זאָלנ זענ, אז רוונ האָט געזאָגט אפ ווײַס — ווײַס, אונ שימענ האָט גע־דרונגענ פארקערט, אז שווארצ איז שווארצ, אונ לייווי איז גע־קומענ מיט זײַנ פײַערדיקער פענ אונ האָט פונ זיי ביידנ געמאכט א טעל־אוילעמ, אז כאָטש ווײַס איז ווײַס, אונ שווארצ איז שווארצ, פונדעסטוועגנ קענ ער, לייווי, אויסברײַענ פונעמ טאלמוד אונ פונ דער פילאָזאָפיע אונ פונ דער היסטאָריע אונ פונוואנענ איר ווילט, ביד ד׳ הטובה עליו, אז ווײַס קאָנ בעשומאויפנ ניט זײַנ שווארצ אונ שווארצ — ווײַס, אזוי ווי ער האָט מיט גאָטס הילפ ניט איינ מאָל אויסגעוויזנ מיט רײַעס־ברורעס אינ „המגיד״, „המליץ״,

---

1 קאכויל האיאָמ — ווי דער זאמד פונ יאמ.
2 אד כאָרמאָ — געמיינט: געמאכט דעמ טויט.
3 קעיאד אדויבאָי האטויוואָ אָלאָוו — געמיינט: ווי עס קומט אימ ארופ אפנ זינענ.

„הכרמל", „השושנה", „הלבנה", „המזרחי", „הנדחת", „הצפחת", „הקדחת" 1 אזוי. אזוי...

נאָר מיר שלאָגן זיך אראָפּ פונעם וועג און האָבן פארגעסן פאָרצושטעלן פאר די לעזער דעם דאָזיקן גערימטן פּאָעט, וואָס פארפלייצט די וועלט מיט זײַנע שיינע לידער, וועלכע האָבן נאָך לייסאַטע נישט געזען די ליכטיקע שײַן און וואָס מיר האָבן נאָך דערוויַיל (ביז אַ צײַט) נישט געהאַט די זכיע פון זיי פארגעניגן צו שעפּן מיטן פולן מויל.

אַז איך האָב זיך באקענט מיט דעם דאָזיקן ליטעראַט און האָב גענומען אַרײַנקוקן אין זײַנע קסאָווים אַרײַן, בין איך ניוול-ווענישטוימעם געוואָרן פון זײַן לאַנגן אונטערשריפט, וועלכער האָט באַשײַנט און באַצירט יעדער בלעטל פון אויבן און פון אונטן אין זײַנע אויסגעצייכנטע מאַנוסקריפּטן בעזע־האָלאָשן: „לייזער־אַזריעל בען קאָפּל־יאָסל שויכעט האַלייווי".

— צו וואָס טויג אײַך כאַסמענען יעדער בלעטל באַזונדער? — האָב איך אים געפרעגט.

— איך האָב מוירע, — האָט מיר דער פּאָעט געענטפערט, אַרומקוקנדיק זיך אויף אַלע זײַטן,— איך האָב מוירע! איר ווייסט ניט, שאָלעמ־אַליכעם, וואָס פאר גאַנאָווים עס איז דאָ אויף דער וועלט... מיסטאַמע האָט איר שוין געהערט פונעם מעכאַבער פ־צ־פ־ץ הכהן... איך האָב מוירע רעדן הויך, ער זאָל ניט דערהערן... איר ווייסט נאָר ניט, וואָס פאר אַ נידעריקער מענטש דאָס איז! וואָס פאר אַ גאַרגישער! וואָס פאר אַ ניעגאַדיַי דאָס איז! ער פארמאָגט דאָך ניט מײַנע סיכעס־כוילן! וואָס ער ווייסט, האָב איך שוין לאַנג פארגעסן! שטעלט אײַך פאָר, איך האָב אים אַמאָל געוויזן מײַנעם אַ שיר: „דער וואָלקן גיסט מיט טרערן!", אַ זעלטענער שיר, אַ גרויסער שיר, אַ גאַנצע פּאָעמע פון 184 סטראָפן — אַן אַנטיקל, זאָג איך אײַך, וואָס עס עקט זיך מיט דעם די וועלט! אַנו ווײַז נאָר ווײַז — זאָגט ער מיר... בין איך געגאַנגען און האָב אים געוויזן דעם שיר... איז ער געגאַנגען און האָט אים גענומען צו זיך אַהיים „איבערקוקן"... בין איך געגאַנגען און האָב אים געוואָלט צונעמען צוריק... איז ער געגאַנגען און זאָגט, אַז ער ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגן... בין איך געגאַנגען און האָב געמאַכט אַ גוואַלד...

---

1 „האַקאַרמעל", „האַשושאַנאָ", „האַלעוואָנאָ", „האַמיזראָכי", „האַנידאַכאַס", „האַצאַפּאַכאַס", „האַקאַדאַכאַס"— אָנגעהויבן פון „האַשושאַנאָ" זײַנען דאָס אויסגעטראַכטע נעמען פון קלוימערשטע צײַטשריפטן.

איז ער געגאַנגען און האָט מיך אַרויסגעשטופּט... ביז איך געגאַנגען...

— זענט איר געגאַנגען... איז ער געגאַנגען... גאַנץ רעכט: איר האָט מוירע פאַר אַ גאַנעוו, האָב איך צו אײַך גאָרנישט; אָבער צו וואָס טויג אײַך אַזאַ לאַנגע סימע: לייזער־אַזריעל בען קאָפּל יאָסל שויכעט האַלייווי...? עס איז אַ גאַנצער וואַלד מיט נעמען, אַ סטעפּ!

— נו, אדעראבע, שאָלעם־אַלייכעם, קלערט מיר אויס עפּעס אַ פּסעוודאָנים, אדעראבע, נו?

— וואָס פאַר אַ פּסעוודאָנים זאָל איך אײַך אויסקלערן? אערעז 1 איז שוין דאָ... אַזעוו 2 איז שוין אויך דאָ... לעוואָנען 3 איז דאָ... הר הזיתים 4 איז דאָ... עצי גופר 5 איז דאָ... צלפחד בר חושים 6 איז שוין לאַנג געווען... מהללאל, חנדריאל, פלטיאל, למך, בן־בג־בג, בוקי־בן־יוגלי 7, דער ייִדישער גאַזלען, די אַלטע מויד, באַשקע די מעזשבערסקע, באַראָן פּיפּערנאָטער, שאָלעם־אַלייכעם — די אַלע זענען שוין געווען... נו, און געבן אײַך אַ נאָמען „הצופה“, „המבקר“, „הרואה ואינו נראה“ 8 אָדער „קריטיקוס“, וועט מען נישט וויסן, אַז דאָס זײַט איר... דערום מוז אײַער פּסעוודאָנים זײַן „לע־קי־ש הלוי 9, ניט אַנדערש!

— פאַרוואָס עפּעס „לעקיש הלוי“?

— ווײַל לעקיש הלוי מאַכט: לייזער, אַזריעל, קאָפּל, יאָסל, שויכעט האַלייווי... איר פאַרשטייט? לעקיש הלוי און פּ־צ־פּ־ץ הכהן? אַ קויהען מיט אַ לייווי — צוויי שריפטשטעלער אויף דער זשיטאָמירער גאַס — דאָס האָט דאָך עפּעס אַ ווערט?..

און אַזוי האָט זיך אונדזער פּאָעט פון יענער צײַט אָנגעהויבן צו אונטערשרײַבן זיך מיט זײַן נײַעם פּסעוודאָנים „לעקיש הלוי“ און איז געבליבן „לעקיש הלוי“ אַד־האַיאָם־האַזע, און צוליב דעם נײַעם נאָמען האָט זיך מיט אים די מוזע אָנגעהויבן זען אָפטער אַלס פריִער, און ער איז נאָך מער באַגײַסטערט געוואָרן ווי פריִער, אַזוי אַז ער האָט אָנגעהויבן צו זינגען על העצים ועל האבנים 10, אויף יעדער זאַך, אויף יעדן טריט, אויף אַ הוסט, אויף אַ ניס. האַקלאַל, פּאָעזיע האָט

---

1 ערעז. — 2 אייזוויוו. — 3 לעוואָנוין. — 4 האר־האזייסים. — 5 אצײי גוי־פער. — 6 צלאָפכאָד באר כושים. — 7 מאהאלאלעל, כאנדריִעל, פאלטיִעל, לעמעכ, בען־באג־באג, בוקי־בען־יאָגלי. — 8 „האצויפע“, „האמעוואקייר“, „האָרויע וועיינוי ניריע. 9 חאלייווי. — 10 אל האָ ייצימ ועאל האָאוואָנימ — אויף די ביימער און אויף די שטיינער.

זיכ געגאָסנ, ווי וואַסער, אונ פּערזנ מיט ריפּמעס האָט זיכ געוואַלגערט, ווי מיסט, אינ אַלע גאַסנ...

האָבנ אַזעלכע צוויי שריפטשטעלער ווי פ־צ־פ־ץ הכהן אונ ל־ע־ק־י־ש הלוי, א היסטאָריקער מיט א פּאָעט, — איז פּאַר אַנ אָרעמענ פּעליעטאָניסט, ווי איכ, א גאַנצער אויצער, פּראָסט אַנ אַשירהעס!

איכ רעד שוינ ניט פונ דעמ, וואָס דאָס איז אַזעלכע צוויי טיפּנ, וואָס איז קעדײַ מיט זיי זיכ צו באַקאָנענ (ווּעמענ איז דאָס ניט אינ־טערעסנע צו באַקאָנענ זיכ מיט א ליטעראַט, א מעכאַבער?); דאָס איז א באַזונדער זאַכ. איכ שמועס פונ זייערע ליטעראַרישע גע־שעפטנ, פונ זייער שרײַבערײַ, וועלכעס האָט מיכ רײַכ געמאַכט מיט פיל היסטאָרישע פאַקטנ אונ מיט פאַרשיידענע נוצלעכע וויסנשאַפטנ אונ עס האָט מיכ צײַטנווײַז באַגײַסטערט אַזוי שטאַרק, אַז לעזנדיק ל־ע־ק־י־ש הלויס פּאָעזיע, האָט מײַנ נעשאָמע געטאָנ שוועבנ אונ־טערנ הימל אונ צוזאַמענ מיט דעמ דאָזיקנ פּאָעט האָב איכ געטאָנ ליגנ מיטנ פּאָנעמ אראָפּ אפנ פּאַרנאַס* אונ צוזאַמענ מיטנ פּאָעט האָב איכ אויסגעגאָסנ מײַכנ טרערנ, דענ דער דאָזיקער גײַסטפולער פּאָעט ל־ע־ק־י־ש הלוי איז א גרויסער ליריקער**, אונ ווענ מיר זאָלנ אימ גלייבנ, וואָס ער שרײַבט, וואָלטנ מיר געמעגט אָרעוו זײַנ, אַז ער האָט אפ זײַנ לעבנ אויסגעגאָסנ בעלוי גוזמע עטלעכע הונדערט עמער טרערנ! פריער, ווענ איכ האָב נאָכ ניט געהאַט די ערע צו קענענ פערזענלעכ דעמ דאָזיקנ זעלטענעמ ליריקער, האָט ער זיכ מיר פאָרגעשטעלט מיט א פּאָר גאַנצ רויטע אויגנ אונ מיט א גע־שוואָלענער נאָז, אפ דעמ אויפנ פונ א גרויסער מעשענער טרובע. נאָר ווי פאַרוווּנדערט בינ איכ געווענ, אַז איכ האָב דערזענ א קליינ מענטשעלע, א פּאָשעט מענטשל, א יידל, מאַמעש א פּראָסט יידל, גלײַכ מיט אײַכ אונ מיט מיר!.. איכ האָב געמאַכט מיט אימ א גאַנצ היפּשנ שמועס מיקויעכ פּאָעזיע ביכלאַל אונ לירישע פּאָעזיע ביפראַט, האָט ער מיר נישט געענטפערט דאָס צווייטע וואָרט דערופּ אונ האָט מיר אַרויסגעשלעפּט פונעמ בוזעמ א בינטל קסאָווימ מיט ראָשע־קסאָוו אונ האָט מיר גענומענ פאָרלעזנ זײַנע „וואָלקנס, וואָס גיסנ טרערנ", זײַנע „וועגנט, וואָס טוענ וויינענ", זײַנ „פּאַפּיר; וואָס קרעכצט אונ יאָמערט", זײַנ „אָרעמע פעדער, וואָס סקריפּעט אונ

---

* דער הייליקער באַרג אינ גריכנלאַנד, ווו די מוזנ פלעגנ זיכ צונויפקלײַבנ זינגענ. (באַמ. פונ אווט.).

** א טרויעריקער, א וויינענדיקער. (באַמ. פונ אווט.).

בליפּעט", זײַנע „ווײַנענדיקע ווערבעס אפ דעם טײַכ סולא*", זײַנ „פידל, וואָס דערוועקט ראכמאָנעס" אזוי. אזוי... מיט אײנעמ וואָרט, איכ האָב ארויסגעזענ, אז ער זשאלעוועט ניט קײנ טרערנ... אפ פּאפּיר.

איכ ווײס פיל אזעלכע אינדיקעס, וואָס שרײַענ אונ ליארעמענ אפ פּאפּיר: „אד־מאָסײַ?.. שטײט אוף!.. מענטשנ! ווי נעמט מענ מענטשנ?.. איכ שרײַב מיטנ בלוט פונ מײַנ הארצנ אונ מיטנ מארכ פונ מײַנע בײנער**!.. לכו ונלכה[1]! קומט מיט מיר! אחינו! פּא־לעסטינע! פּאָטערלאנד!.." אזוי. אזוי...

אונ צומ סאָפ איז דער שרײַבער אלײנ א קלײנ, ברעקעלע מענ־טשעלע מיט קלײניטשקע, נידעריקע האסאָגעלעכ, א לײַדאָק, א רע־בילעסניק, א באל־מעקאנע, אנ אינטריגאנט אונ א טרוס...

דערומ קוק איכ אפ די טרערנ פונ מײַנ זשיטאָמירער פּאָעט ל־ע־ק־י־ש האליווי זײער פּאָדאָזריטעלנע אונ גיב אָפ דער פּראָזע פונ דעמ זשיטאָמירער היסטאָריקער פּ־צ־פּ־ץ הכהן א סאכ מער קאָוועד.

איכ נעמ בלעטערנ די שײנע מאנוסקריפּטנ פונעמ דאָזיקנ פּראָזאיִק אונ געפינ דאָרט זײער אנ אינטערעסאנטע באשרײַבונג פונ דער זשיטאָמירער גאס, מיט וועלכער מיר באשעפטיקנ זיכ אצינד.

עמעס, די פּראָזע וואָלט געמעגט זײַנ א ביסל קורצער אונ שאר־פער, אָנ מעליצעס, אָנ כאָכמעס אונ אָנ פּסוקימ מיט ציטאטנ פונ מישלײ מיט קויהעלעס. נאָר ווי קאָנענ מיר זאָגנ א דײע יענעמ, ווענ ער שרײַבט זיכ אפ זײַנ פּאפּיר מיט זײַנ טינט־אונ־פעדער? אפ אזא אופנ, דענק איכ, איז ער א פאָלנער באלעבאָס אונ מעג זיכ שרײַבנ, וואָס זײַנ הארצ גלוסט!...

„... אונ עס איז געווענ אינ דער צײַט פונ דער גזײרע... — אזוי שטײט געשריבנ אינ אײנע פונ די קסאָווימ פונ פּ־צ־פּ־ץ הכהן — פונ דער דאָזיקער גזײרע, וואָס עס איז ארויס אפ דער בארדיטשעווער גאס, אז מע זאָל פארשיטנ די גרוב. איז געוואָרנ א גוואלד, א גרויסער ראש אפ דער גאס: וואָס איז דאָס פאר א רעציכע, א ראזבאָי, א מער־דערײַ, וואָס ס'איז ניט געהאָרכט געוואָרנ אפ דער האלבער וועלט? סטײַטש! וואָס וועלנ מיר טאָנ הײַנט אָנ דער גרוב? ווּהינ וועלנ

---

* אינ דער גרויסער שטאָט לובענ איז דאָ א טײַכ סולא, בא וועלכנ עס שטײענ ווערבעס, אונ אפ די ווערבעס הענגט א פידל; דאָס פידל האָט אופגעהאנגענ אזא פּאָעט, ווי ל־ע־ק־י־ש האלײווי, לעהאוודל... (באמ. פונ אווט.).

** די גאנצע פּראזע איז געגאנוועט פונעמ גרויסנ דײַטשישנ סאטיריק ליוד־וויג בערנע. (באמ. פונ אווט.).

1 לעכו ווענײלכאָ.

מיר, ייִדנ, גיינ?... קיינ איינציקער הויפ געפינט זיכ נישט אפ דער גאנצער גאס; קיינ איינציקער מאָקעמ־מעיוכעד געפינט זיכ ניט אפ דער גאנצער גאס, בילטי די דאָזיקע גרוב, וואָס האָט אונדז גענוצט אַלעמענ, אָרעמ אונ רײַכ."

דאָ ווערט זייער סאטיריש באשריבנ אויסדריקלעכ אַלע פײַנע מענטשנ פונ "דער גרוב", טאקע גאָר אַזוי ווי אונדזער טאלאנטפולער היסטאָריאָגראפ פ־צ־פ־ץ הכהנ קאָנ באשרײַבנ א זאכ... נאָר מיר וועלנ דאָכ נאטירלעכ מיט דעמ זיכ ניט באנוצנ. עס שטעלט זיכ מיר נאָר פאָר די דאָזיקע שיינע גאס מיט איר געשטאלט פונ אמאָליקע יאָרנ מיט "חצר גרוב" אונ איר אויסזיכט אַצינד מיט אירע אײַזערנע באלקאָנעס, אפ וועלכע עס זיצנ דאמענ, פײַנע דאמענ, מיט אירע פראכט־פולע גערטנער, אינ וועלכע עס שפּאצירנ ארומ געבילדעטע מאמזעלנ, געציוויליזירטע יונגעלײַט — אונ מײַנ הארצ, צעווייקט פונ נאכעס, פונ גרויס מײַנעג, אונ שעוואכ־וועהודיאָ טו איכ שיקנ צומ בוירע־שאָמאַיִמ־וואָרעצ פאר זײַנ וועלטל, וואָס ער פירט עס אַזוי קונציק, פאר זײַנע גרויסע כאסאָדימ, וואָס ער טוט מיט אונדז אונ וואָס ער פארלאָזט נישט זײַנ פאָלק יִסראָעל, זײַנ אויסדערווײלט פאָלק, נישט פריִער, נאָכ ביים מיר זענענ אינ מיצראַיִמ געוועזנ, אונ נישט אצינד, ווענ מיר זענענ אינ גאָלעס!.. ניינ, זאָג איכ אײַכ, ער פארלאָזט אונדז ניט, אָט דער גוטער גאָט פונ אווראָהאָמ, יִצכאָק וועיאַנקויוו! ווער וואָלט זיכ דאָס געקאָנט ריכטנ, אז סאָרע־פייגע דער רעבעצנס טאָכטער, וואָס האָט איר ליכטיקנ פּאָנעמ נישט געטאָרט ווײַזנ פאר דער ליכטיקער שײַנ, וועט הײַנט "רײַזנ נאכ קארלסבאד אַלע זו־מער"?.. ווער האָט זיכ געריכט אפ מאלקע רעב אבישעס, רעב אביש, רעב אביש פונ סאווראניע, וועט טאנצנ מיט אָפיצערנ אינ קלוב?.. ווער האָט זיכ געריכט, אז א טרעגער, א ניקס שעבעניקס, א קאפצנ א גאָרנישט, א פּוסטע זאכ, וועט אײַנטונקענ דאָס ווײַב אינ גאָלד אונ אינ דימענטנ, אונ וועט פארשפּילנ אינ קאָרטנ גאנצע טויזנטער, אונ וועט מאכנ באלנ, ווי בא די גרויסע פריצימ? ווער וואָלט זיכ געקאָנט ריכטנ, אז א קליינשטעטלדיקער יונגערמאנטשיק, וואָס האָט קיינמאָל קיינ האסאָגע ניט געהאט ארײַנצוקוקנ צומ פּאָרעצ אינ הויפ ארײַנ אונ האָט גאָר מוירע געהאט פארנ פּאָרעצעס הונט, וועט בא אימ פלוצלימ אויסוואקסנ א גוסט אופצושטעלנ א גאנצנ דוואָ־רעצ אפ דער ציוויליזירטער זשיטאָמירער גאס, א קניאַזשעסקע דוואָרעצ, די סאָנימ אפ צעזעצעניש, מע זאָל וויסנ, אז מיר זענענ עפּעס ניט אבי־ווער, ניט פונ די וועגלעכ, כאָלילע, — מיט איינעמ

וואָרט, אז מיר זענען „מיר"!.. איר פאַרשטייט? — גלײַך פון דער „קאַהאַלשער גרוב" אין דוואָרעץ אַרײַן! דעם פעטער שאַכנעס א זון שטעלט זיך אויס, ווי א גראַף, און דער באָבע יענטעס אן אייניקל זיצט אין א דוואָרעץ און איז שוין קימאַט א באַראָנעסע, א האַלבע קניאַגיניע לעהאַוודל! נו, ווי־אַזוי זאָלן מיר זיך ניט איבערנעמען? זענען מיר דען ניט אַרויס באַוויינפערלעך, אז גאָט פאַרלאָזט נישט זײַנע קנעכט יאַנקעוון? ער פאַרלאָזט אים ניט און וועט אים ניט פאַרלאָזן, דען אז פון איין זײַט גאַס טרײַבט מען אַרויס יאַנקלען, ווײַל ער האָט ניט קיין „רעכט דאָ צו זיצן", האָבן מיר אָבער פון דער אַנדערער זײַט אן אייגענעם גראַף, א ייִדן א קניאַז מיט א דוואָרעץ, און מיט גומעלאַסטיקענע רעדער אין דער קאַרעטע, און מיט א יאָלקע אַף יאָמטעוו, און מיט לאַקייעס, און מיטן גאַנצן קנאַק — פּי־פּו־פּאַ!.. וואָס הערן מיר א וועלט... אז עס געפינען זיך עטלעכע שוטים, וואָס ווילן אַרײַנפירן אין א גויִשער שטאָט א שטיקל קאַרשול, אָדער גלאַט א בעסמעדרעש, איז אין גם אחד[1], זאָגט מען: „ווייס איך! נאַ דיר גאָר א שול! צו וואָס דאַרף מען זיך אַרויסווײַזן מיטן ייִדן? מע וועט כאָלילע דערהערן, ווי מיר דאַוונען, וועט מען אונדז אויסלאַכן... מיר זענען דאָך דעפּור־טאַטן, גלאַסנעס, טשלענעס פון קלוב און פאַרשיידענע קאָמיסיעס; מיר זענען דאָך ניט קיין פאַרכעס עפּעס, קיין ייִדלאַקעס!.. זעט איר, שענקען גרויסע נעדאָווועס אַף א קאָסטיאָל אָדער זאָ עטוואָס — דאָס יאָ; לאָז מען וויסן, ווער מיר זענען; לאָז מען וויסן, אז מיר זענען „מיר"!... אָט דאָס האָט איר די פּראָזע מיט דער פּאָעזיע, די שלעכטע זײַט מיט דער גוטער זײַט פון דער דאָזיקער ציוויליזירטער גאַס. אָט דאָס האָט איר אָבשטשע אויסזיכט פון פריִער, פון קאַדמוינים ביז אַצינד, פון דער „קאַהאַלשער גרוב" ביז דעם פירשט־לעכן דוואָרעץ... און יעצט וועלן מיר זיך נעמען צו באַזונדערע טיפּן, צו איינצלנע בילדער.

[1] איין גאַס עכאָד — איז קיין איינער ניטאָ (רופט זיך קיינער ניט. אָפּ).

ביילאגע

# צו די איבערגעכאפטע בריוו אפ דער פאסט

## א בריוול צום הערנ „שאלעמ־אלייכעמ”

אינ אײַערע לעצטע איבערגעכאפטע בריוו זע איכ, אז אײַער הערשעלע פרעגט זיכ שטארק נאכ אפ אונדזער שטעטל ליבענ, וועלכעס איז אימ א ביסל באקאנט. א שאדנ, וואס איכ האב זיכ אלײנ ניט געקאנט זענ מיט הערשעלענ, ווענ ער איז געווענ בא אונדז. אײדער מע האט זיכ אומגעקוקט, איז ער פארשווונדנ געווארנ, אונ אז מיר, יונגעלײַט, מאסקילימ, האבנ אימ געוואלט גײנ אנקוקנ אונ אפגעבנ קאוועד, ווי עס געהער צו זײַנ, איז ער שוינ געווענ אפ דער פאסט אונ האט געשלעפט פרעמדע פאקעטנ פונ דעמ בריווקעסטל; אינ עטלעכע מינוט ארומ איז ער שוינ געזעסנ אינ דעמ לופטבאלאנ אונ איז געפלויגנ, ווי אנ אדלער, אונטערנ הימל, אונ מיר אלע זענענ געבליבנ, ווי די אפגעשמיסענע. איכ האב דערזענ, ווי עס פליענ פונ דעמ לופטבאלאנ אראפ שטיקלעכ פאפיר מיט צעריסענע קאנווערטנ, בינ איכ ניט פויל געווענ אונ האב זיי צונויפגעקליבנ אלע אונ האב דארט געפונענ פיל אינטערעסנע זאכנ, וועלכע איכ רעכנ פאר נייטיק אײַכ מודיע צו זײַנ, אונ איר טוט מיט זיי, וואס איר ווילט. צווישנ די שטיקלעכ פאפיר האט זיכ מיר א ווארפ געטאנ אינ די אויגנ זייער א באקאנטע האנטשריפט פונ א באקאנטער דאמע, וועלכע הייסט בא אונדז „די מאדאמ”; בא אונדז ייִדנ איז שווער צו דערגרייכנ צו דער מאדרייגע, אז מע זאל הייסנ „מאדאמ”: דערצו מוז מענ טראגנ א גרויסנ הוט, א לאנגנ שלייפ מיט אלע אנדערע מאדעס אונ „לויזנ” שאמערס א העכסט אינטערעסאנטנ ראמאנ...

איך האָב די פּאַפּירלעך צונויפגעשטעלט און האָב איבערגעלייענט אַזאַ מײַן שיר:

„איך בין מיר אַ פראַנטיכע —
די ערשטע און לובען;
עס איז מיר אָבער גאָר ניט גיכע
דאָס אַלעס, וואָס איך קען.

וואָס פאַר אַ גרעסטע מאָדע
עס קומט נאָר אָן פון פּאַריז,
קליידער אַף יעדער פּאָגאָדע —
איז דאָס בײַ מיר אַ מוז.

וואָס קומט מיר אָבער אַרויס,
פאַר וועמען זאָל איך זיך פּיצן,
אַז איינע אַליין אין הויז
מוז איך שטענדיק זיצן?

ווען ניט שאָמער מיט זײַנע ראָמאַנען,
וואָלט איך פון זינען אַראָפּ:
דאָרט איז אַזעלכע העלדן פּאַראַנען,
עס דרייט זיך פּאָשעט דער קאָפּ!!!..

אָבער דאָ... זע איך ניט קיינעם,
נאָר די שוויגער, נאָר דעם שווער,
און אויך מײַנעם דעם ק ל יי נ ע ם,
און ווײַטער קיינעם ניכט מער...”

די איבעריקע שטיקלעך פּאַפּיר האָב איך קוים מיט צאָרעס צונויפגעשטעלט, אַזוי אַז איך פיל ערטער גייען אָפּ אַ סאַך ווערטער:

„דער קאַצעוו... ער איז דער באַל־טאַקסע... דער פירער פון דער „טאַלמוד־טוירע”... האָט זיך געקויפט דינע שטיוול... מע גיט אים „שישי”... אַ טאָעס געהאַט און געמאַכט אַ בראָכע אַף דער טוירע „אשער־יאָצאַר”... אַ געלעכטער אין שול... אַ קוויטשערײַ פון די ווײַבער... אין טאַטנס טאַטן... פּעטש... פּאָליציע...”

„אין בעסמעדרעש אַ מיסט ביז אין די קני... מע דאַרף זיך פאַרקאַטשען די פּאָלעס... אַ שלעכטער רייעך...”

„דער אַלטער הינערפרעסער... מענאַדער געווען ח״ו מאָל ח״ו רו״ב, אַז מע זאָל ניט לייענען דאָס „פּאָלקסבלאַט”... די פושקע פון „לעבעמ־

עוויִוניִם״ באַ איִם איִן די הענט... אַ לאָך איִן פּושקע פון הינטן... ניטאָ קיין געלט, ניטאָ קיין כעשבן... אָבער זייער פרום און רעדט נישט בעשאַם־האָטפילע... טרייבט אָרעמעלייט פון שטוב... אָבער פּאָרט זייער פרום... עסט ניט קיין ליכט...״

„די כאַדאָרים געפערלעך... מיסט, בלאָטע, שטינקט, ניטאָ קיין לופט... געפערלעך בעשאַס כאָלערע... מעלאַמדים פרומע, נאָר גראָבע־יונגען... מע קאָן קיין איוורע ניט... מע לערנט געמאָרע...״

„ייִדן — שענקאַרעס... רייַכע לעבן... אָרעמעלייט שטאַרבן... ניטאָ קיין עלטערס... גרויסע אַזעס־פּענעמער...״

דאָס איבעריקע האָב איך שוין גאָר ניט געקאָנט פאַרשטיין, ווייַל עס איז געווען געשריבן אַף רוסיש, און איר ווייסט דאָך, אַז באַ אונדז לערנט מען ניט קיין רוסיש, כאָטש עס זענען באַ אונדז דאָ צוויי גימנאַזיעס: מיר דאַרפן קיין גימנאַזיעס! מיר ווילן בעסער לעבן, ווי אונדזערע עלטערן האָבן געלעבט, מיר דאַרפן נאָר זען, מיר זאָלן האָבן געלט, וועט אונדז זייַן גוט אָן דער האַסקאָלע; מיר האָבן סייכל: מיר זען, אַז דער מאַסקיל פאַרקויפט זייַן האַסקאָלע פאַר געלט; דער איקער איז געלט, און אַבי געלט, וועלן מיר שוין האָבן קאָוועד אויך! זעט איר, קאָוועד האָבן מיר ליב. איר מיינט, וואָס פאַר אַ קאָוועד? אַ נאָמען אַף דער וועלט? שיין זייַן באַ יענעם? באַ זיך אַליין? גאַדלעס? נאַציִאָנאַלע גאַדלעס? כאַליִלע־וועכאַס! מיר זענען גאַנץ ווייַט דערפון! אונדזער קאָוועד איז „מיזרעך״ איִן שול; אונדזער גאַדלעס איז „שישי״, „מאַפטיר״! דערפאַר וועלן מיר אַוועקלייגן דאָס לעבן און ניט דערלאָזן, אַז יענער זאָל זייַן העכער און שענער פון אונדז איִן שול אָדער לעהאַוודל איִן מערבעצ... אַ שידעך, אַ גרויסער שידעך — אָט דאָס איז אונדזער גאַדלעס! אַ שידעך מיט אַ שיינעם ייִדן פון אַ „מישפּאָכע״, אַ ייִכעס־שידעך! זייַן פרום איז אויך באַ אונדז אַ גאַדלעס: דהאַבלען אַ שטיקל ראַשע, קראַצן אַ שטיקל געמאָרע און ניט ווייסן מאַ־דעקאַמרע־ריבעצן — אָט דאָס איז באַ אונדז אויך אַ גאַדלעס! עס איז דאָ באַ אונדז אַ סאַך זאַכן, וואָס מאַכן אונדז שיין און גרויס באַ אונדז איִן די אויגן, און מע גיט אונדז דערפאַר אָפּ קאָוועד אומעטום; נאָר דער שמאָלער פּלאַץ פון אַ קליין בריוול דערלויבט מיר ניט צו רעדן אַ סאַך; לאָז שוין זייַן אַף דעם צווייטן מאָל!.. אויב איר וועט מיר וועלן ענטפערן אַף מייַן בריוול, זאָלט איר מיר שרייַבן אַף דעם נאָמען פון אייַער אַלטן באַקאַנטן —

גאַמליִעל בען פּעדאָצור.

P. S, הינטיקן „טישעבאָוו" האָבן מיר דאָ געהאַט צוויי אומגליקן מיטאמאָל: איר ווייסט דאָך, אַז מיר האַלטן פון אַלע ייִדישע מינהאָ־גים — האָבן זיך אונדזערע באַכערים צונויפגעקליבן אין שול און האָבן פאַרוואָרפן דעם אווילעמ מיט בודיקעס (שטעכ־עפּעלעכ). נאָר־וואָס דער קווירע האָט געעפנט דאָס מויל און האָט אָנגעהויבן „אַני הגבר" 1, איז אים אַריין גלייך אין האַלדז אַ בודיקע און האָט זיך געשטעלט בא אים אין גאָרגל, ניט אַהין, ניט אַהער: ער איז געוואָרן ברוין און בלוי, מע האָט אים אָפּ די הענט אַרויסגעטראָגן פון שול; מע האָט אים אפילע די בודיקע מיט אַ ביילעוון ליכט אַראָפּגעשטופּט אין מאָגן אַריין; מיילע, כוץ וואָס ער האָט אַראָפּגעשלונגען ביילעוו און נאָך אין אַזאַ געבאַטענעם טאָג עס — האָט ער נאָך אָנגעוואָרן די קיילע (דאָס קאָל) אָפּ אייביק! ער האָט הינטיקן שאַבעס זיך געשטעלט זאָגן „אַב הרחמים" צו „מוסף" און האָט אַרויסגעלאָזט אַ מיסע־מעשונע־קאָל, עפּעס ווי אַ דורקאַטש האָט ער זיך פאַרקרימט און באַ־גאָסן מיט טרערן, דער אווילעמ איז געלעגן אָפּ דער ערד פאַר געלעכ־טער. אַ שיינער געלעכטער, כ'לעבן, ווען אַ ייִד בלייבט אָן ברויט און דאַרף אָנהייבן גיין איבער די הייזער!..

אָבער אונדזער ראָוו נעבעכ האָט געהאַט נאָך אַ גרעסערן פּסאַק: שטעלט אייך פאָר, אַז די שקאָציִם האָבן אים מאַמעש אַרומגעשטעקט מיט בודיקעס, אַזוי אַז מע זעט ניט קיין קאָפּ מיט קיין פּאָנעם! ער ליגט איצט, ניט פאַר קיין ייִדן געדאַכט, פאַרשוואָלן, און ער וועט מוזן ענטוועדער אָפּשערן די באָרד מיט די פּייעס, אָדער אָפּ אייביק בלייבן אַרומגעשטעקט מיט די בודיקעס און ניט זען די ליכטיקע שיין... אָט אַזוי לעבן מיר זיך אָפּ אין די קליינע שטעטלעך גאַנץ פריילעך!

„ גאַמליעל בען פּעדאָצור.

לובען (פּאָלט. גוב.), נאָך טישעבאָוו התרמ"ד.

---

1 „אַני האַגעווער".

# [בריוו פון א ליטוואַק]

הער רעדאַקטאָר!

איך בעט אײַך זייער, איר זאָלט מיר אופשרײַבן דעם אדרעס פון רעב וועלוועלען, וואָס דער הער „שאָלעם־אַליכעם" לויבט אים אזוי אָפּ אין די איבערגעכאַפּטע בריוו. איך האָב אַף אים בעעמעס ראַכ־מאָנעס, אזא קלוגער מענטש זאָל נעבעך דארפן זײַן נאווענאד אין פארשיידענע קליינע פאַרדריפּעטע שטעטלעך און ליגן אין מויל און אין באָד און אין העקדעש, אומעטום שמעקן און לעקן, ביז ער כאַפּט עפּעס ארויס א שטיקל נײַם מיט נויט־שוויים. זאָל ער בעסער קומען צו פאָרן אין דער גרויסער שטאָט וואַרשע, וועט ער זיך אויסרוען זײַנע ביינער, ער קען זיך פאַרייכערן א פּאַפּיראָס און האַלטן די הענט אין די קעשענעס און נאָר גיין שפּאַצירן, וועט ער זיך אָנזען און אָנהערן אזויפיל נײַס, איך זאָג אײַך, הער רעדאַקטאָר, אז עס איז בענעמאָנעס גאָר מעכײַע. דאָ הערט מען זיך אָן און מע זעט זיך אָן אזעלכע וווּנ־דערלעכע זאכן, אז עס צעגייט אין אלע גלידער. נאָר איך האָב דאָך מוירע, טאָמער וועט אײַער וועלוועלע ניט וועלן פאָרן אהער, ערשטנס, ווײַל ער האָט עפּשער מוירע פאַר די פּוילישע יידן, וואָס האָבן שרעקלעך פײַנט א ליטוואַק, קענען זיי אים נאָך אָפּטאָן עפּעס א שפּיצל, ווער ווייסט וואָס; און צווייטנס, ווייס איך עפּעס, מע שילדערט דאָך ווידער וועלוועלען פאַר א שטיקל מעשוגענעם, און אַף א מעשוגענעם איז קיין קאַשע ניט, זאָג אים עפּעס א רעכטע זאך, וויל ער דאַפּקע ניט. דעריבער האָב איך זיך מעיאַשעוו געווען, איך וועל פּרוּוון אײַך אַליין, הער רעדאַקטאָר, דערווײַל דערציילן עטלעכע שיינע מײַסעס פון וו... טאָמער אז איר וועט דאָס אָפּדרוקן, און וועלוועלע וועט דאָס דורכלייענען, וועט אים אָנעמען א כיישעק; ער וועט נאָך עפּשער לערנען א שטיקל קאָל־וואָכוימער: מאַ־דאָך א ייִד מיט א געשעפט מיט א ווײַב און קינדערלעך קיין איינהאָרע האָט צײַט צו הערן עפּעס נײַם, הײַנט איך, וועלוועלע, האָב ניט קיין פאַמיליע און מײַן פּאַרנאָסע האָב איך בעשופע, וועל איך דאָך טאַקע אָנשעפּן נײַם פעק און זעק. אלקיין בעט איך אײַך, ליבע לעזער, טאָמער וועט איר ניט זײַן אזוי צופרידן מיט מײַן ארטיקל, זאָלט איר אַף מיר קיין פאַריבל ניט האָבן, דען אין דער עמעס, שרײַב איך נאָר פון רעב וועלוועלעס וועגן, און אויב ער וועט פאַרשטיין, אז ער קאָן מער נוצן ברענגען מיט זײַן קומען אהער, טאָ

וואַרט, זײַט מויכל, א ביסל, ביז ער וועט קומענ, — ער האָט ווירקלעכ מער צײַט אונ געלט פונ מיר, וועט ער שוינ וויסנ אופריכטיק אָפּצושילדערנ אלעס, אונ ער וועט אײַכ אָנדולנ א קאָפּ, ווי איר האָט ליב — וועט איר שוינ אָנקוועלנ.

דעמ עמעס זאָגנדיק, ציטערט די הויט אפ מיר, טאָמער קומט טאַקע רעב וועלוועלע אונ ער וועט דאָכ בילטי־סאָפּעק געפינענ א נײַע קוועלע מיט נײַעס; ווי וועט ער נעבעכ שרײַבנ צומ רעדאקטאָר? דענ דאָ זיצנ שוינ א סאכ באנק־קוועטשערס, מרוקענע ערלעכע יידנ, מע האָט שוינ אויסגעטרונקענ שיינע עטלעכע עמער שפּירט, מע האָט שוינ מעכאלע געמאכט א פּאָר צענדליק געגנדזלעכ, מע קלערט אונ מע קלערט, ווי זאָל מענ נאָר אסערנ דעמ זשארגאָנ; הײַנט מיטאמאָל, אז מע וועט דערזענ, פּלוצלינג איז געקומענ עפּעס א שלאק, א ליטוואק, א וועלוועלע אונ טעלעבענדעט דאַפּקע זשארגאָנ, קענ מענ אימ גאָר ארײַנלייגנ אינ דער חי"ת 1. צו וואָס דארפ דאָס וועלוועלע קריכנ מיט א געזונטנ קאָפּ אינ א קראנק בעט? אונ אפ וועמענ וועט ער דערנאָכ אויסגיסנ זײַנ צאָרנ? טאַקע אפ מיר, וואָס איכ האָב אימ ארײַנגעבראכט אהער. נאָר פונדעסטוועגנ מוז איכ קוידעמ־קאָל דערציילנ דאָס נײַעס אלײנ — מיט דעמ זשארגאָנ אסערנ, עפּשער וואָס בא מיר קומט אויס שרעקלעכ, — איז דאָס בא וועלוועלנ בלאָטע, אונ ער וועט דאַפּקע קומענ אהער; האקלאל, לאָז זײַנ, וואָס עס וויל, איכ שרײַב.

„אונדזערע חז"ל 2 שילדערנ עפּעס אינ דער געמאָרע א ווערעמל מיט דעמ נאָמענ „שאָמיר", — דאָס ווערעמל האָט אינ זיכ אזא קראפט, אז עס שפּאלט איבער דעמ גרעסטנ שטיינ אינ אײנ אויגנבליק, אונ דורכ אימ האָט מענ געשפּאָלטנ די שטיינער צומ בייס־האמיקדעש, וויאזוי מע האָט געוואָלט. דאָס ווערעמל איז אונדז איבערגעבליבנ בעכאָל־דויר־וואָדויר. שטעלט אײַכ פאָר, אזעלכע שטיינערנע הערצער, ווי די גוטע־יידנ, די ראביײַמ, האָבנ ביזמאנ־האזע; עס איז גאָר שרעקלעכ, זיי זעענ, ווי דאָס פאָלק ייסראָעל גייט, סאָנע־ייסראָעל, צו גרונט, אונ זיי ארט דאָס, ווי די קאַץ, זיי פראַווענ זיכ זייערע שאלעסודעסלעכ, מעלאווע־מאלקעלעכ אפּ וואָס די וועלט שטייט, רײַסנ פּידיוינעס פונ טויטע אונ פונ לעבעדיקע. פונדעסטוועגנ האָבנ זיכ געפונענ א צוויי, דרײַ ווערעמלעכ, וואָס האָבנ צעשפּאָלטנ זייערע הערצער, אז זיי זאָלנ דאָכ א ביסל זאָרגנ פאַר דעמ קלאל.

---

1 כעס — געמיינט: כײרעמ.

2 כאזאל (כאכאָמײנו זיכרוינאָמ ליוורּאָכאָ) — געמיינט: שעפער פונ טאלמוד אונ פונ אנדערע ווערק פונ דער ראבאָנישער ליטעראטור.

הערט א מײַסע: דאָ אינ דער גרויסער שטאָט וו... איז דאָ א
כאָב מויכריי־ספאָרימ, א ביסל כסידימ, א ביסל מיסנאַגדימ, א ביסל
אהינ אונ אהער, א ביסל ניט אהינ אונ ניט אהער, נאָר דרײַ אונטער
זיי זענענ פײַערדיקע פלאָסקעדריגעס, כסידישע מענטשנ. איינער איז
מיט א פײַנער בלאָנדענער באָרד, א בלייכ פּאָנעמ, מיט א שטיקל „צחוק
צדיק תמים“ 1; ווענ איר זעט אימ, דאכט זיכ אײַכ, אָט־אָט איז ער
ארויס פונ דער מיקווע; אָט־אָט שטייט ער גרייט אויסצושטעקנ די לאַפּ־
קעס צו כאַפּנ שירײַימ; אָט־אָט שטעלט ער אָנ די ליפּנ צו א גלעזל
מאַשקע. ער טראָגט אָפּ זיכ א „חלוקא דרבנן“ 2 מיט א מאַסקע פונ
א „צורבא דרבנן“ 3 צוזאַמענ. דער אנדערער איז אייגנטלעכ ניע בע,
ניע מע, ניע קוקערעקו, נאָר פונדעסטוועגנ האַלט ער זיכ פאַר א
שטיקל טאַלמיד־כאָכעמ אונ פאַר א גוויר, וואָס איצט האָט ער זיכ
נעבעכ ארומגעזענ, אז ער האָט געהאַט א מיִעסנ טאָעס, דאָס שמאַלצ
איז אויסגערונענ, אונ דאָס לאָכ איז געבליבנ, אונ עס איז ניטאָ דערוויַיל
מיט וואָס צו פאַרשטעקנ. דער דריטער איז ווירקלעכ קולע כאָסיד, קולע
לאַנגע פּייעס, קולע קרומער רוקנ, ער איז טאַקע פאַרטאָבנע צו א
ווערעמל, אָבער ניט כאָלילע צו א זײַדנ־וואָרעמ, נאָר צו א קרויט־וואָ־
רעמ — ער קריכט אומעטומ, ער שטעקט די נאָז איבעראַל, ער האָט
ליב צו זאָגנ א ברייטע דייע, כאָטש ער האָט אזויפיל סייכל, ווי א שוי־
טע. די אלע דרײַ האָבנ זיכ מעיאַשעוו געווענ, וואָס טויג זיי, אז עס איז
דאָ זשאַרגאָנ־ביכער אונ אז אנ אוירעכ א מויכער־ספאָרימ קומט צו
פאָרנ, גייט ער אויס נאָר דאָס געלט אָפּ זשאַרגאָנ־ביכער, אונ אז
ער קומט צו זיי קויפנ זייערע ספאָרימ: לקוטי מהר“נ, אוהב ישראל,
שבחי הבעש“ט 4 אוכעדויִמע, האָט ער שוינ קיינ געלט ניט,
דערוויַיל זיצנ זיי אָנ פּאַרנאָסע. נו, זאָלנ זיי זיכ אויכ נעמענ צו
זשאַרגאָנ, ווי איינער פונ די דרײַ האָט טאַקע געהאַט זשאַרגאָנ־
ביכער א פולע קליט; נאָר ער האָט געזאָגט: אז דאָס איז ניט
זײַנ, נאָר דעמ מעשאָרעס, — זאָגנ זיי, אז עס פּאַסט זיי ניט אפּי־
לע אזא טערעצ. וואָס זשע האָבנ זיי געטאָנ? יעדערער פונ זיי איז זיכ
אוועק צו זײַנ רעבנ, אונ די ווערעמלעכ האָבנ צעשפּאָלטנ די שטיינערנע
הערצער, ביז די ראַביײִמ האָבנ אונטערגעשריבנ, אז זיי אסערנ דעמ
זשאַרגאָנ, וויַיל זיי געפינענ, דאָס דער זשאַרגאָנ מאַכט אומגליקלעכ

1 צחוק צדיק תמים — א שמייכל פונ אנ עכטנ צאַדיק.
2 חלוקא דרבנן — א ראַבאָניש מאַנטל.
3 צורבא דרבנן — א יונגער ראַבאָנישער געלערנטער.
4 ליקוטיי מאָהאַראַנ, אויהייוו יִסראָייל, שיווכיי האַבעשט.

דעם קלאָל־יִסראָעל, אונ אזויווי זיי ווילנ דאָכ באגליקנ די אָרעמע יִדעלעכ, אלקיינ, ווענ יִדנ ווארפנ נאָר אוועק לייענענ זשארגאָנ, זענענ זיי שוינ גליקלעכ בזה ובבא 1 — די ווערעמלעכ האָבנ זיכ דערנאָכ אומגעביטנ אינ פיאווקעס אונ האָבנ זיכ אָנגעזשעפעט אָנ אנדערע היגע מויכריי־ספאָרימ, אויכ בלייכע פענעמער אונ דריַ פערטל צוויאקעס; זיי האָבנ אזוי לאנג געארבעט, ביז זיי האָבנ געפויעלט בא א פאָר ראבאָנימ, מיסנאגדישע (עס פארשטייט זיכ, אז זיי זענענ אויכ שטארק דואג לטובת הכלל 2), אונ זיי האָבנ אויכ געגעבנ זייער האסקאָמע, אז א יִיד טאָר ניט לייענענ קיינ זשארגאָנ, אונ אפ יעדנ איז א כויוו שטרענג אכטונג צו געבנ אפ זיַנ וויַב אונ זיַנע קינדער, זיי זאָלנ כאָלילע ניט צורירנ זיכ צו זשארגאָנ־ספאָרימ. — דער גאנצער פראָטאָקאָל דערפונ איז פארטיק מיט אלע זיבנ זאכנ, זיי ווארטנ נאָר, עס זאָל דורכגיינ דער צענזור, וועט מענ דאָס אָפדרוקנ לאאלאָפימ אונ מע וועט דאָס פאנאנדערשיקנ בעכאָל טפוצעס־יִסראָעל. — ווי מע זאָגט, האָבנ זיי איַער „פאָלקסבלאט" * אויכ אינ קלאָל אריַנגענומענ, דאָס הייסט, אימ טאָר מענ אויכ ניט לייענענ. אוי וויי איז מיר ניט! ווי וועל איכ נאָכ דעמ קענענ דאָס אלצ באשריַבנ? מע זאָגט אפילע, אז איר, הער רעדאקטאָר, האָט נאָכ א צײַטונג, „המליץ", אָבער דאָרטנ מוז מענ דאָכ שריַבנ לאָשנ־האקוי־דעש, אונ לאָשנ־קוידעש פארשטייענ ניט די ראבייזִמ, ניט די דריַ כסי־דימ, פונוואנענ וועלנ זיי וויסנ, אז מע רעדט וועגנ זיי? עמעס, מע קענ זיי דערציילנ, אָבער אלע וויסנ, אז אינה דומה שמיעה לראיה 3; לאָזנ זיי בעסער אליינ זענ אונ הערנ, וועלנ זיי וויַניקסטנס וויסנ, אז די וועלט וויסט, אז זיי מיינענ ניט לקנא קנאת ה' צבאות 4, נאָר פאָשעט זיי טוענ דאָס אויס קאָנקורענציע — עפשער וועלנ זיכ די בלינדע ראבאָנימ מיט די ראבייזִמ ניט לאָזנ פארבלענדנ, זיי וועלנ בארעכענענ, אז עס איז דאָכ בעסער, אז דער ארבעטס־מענטש אָדער די דינסט־יִדענע זאָלנ לייענענ א מײַסע־ביכל שאבעסדיקנ טאָג, איידער זיי זאָלנ זיכ ארומ־שלעפנ איבער די גאסנ אונ אָפטאָנ קאָל־האמײַסימ־ראָזִמ; זיי וועלנ זיכ

1 באָזע אוואבאָ — געמיינט: אפ דער אונ יענער וועלט.

2 דויעג לעטויוואס האקלאל — זיי זאָרגנ וועגנ די אינטערעסנ פונ דער געזעלשאפט.

* האלעוויַ, וועט עס ערשט מער לעזער באקומענ, דאָס וויסנ מיר שוינ אויס געניטשאפט.

די רעדאקציע [פונ „יוד. פאָלקסבלאט"].

3 אייבאָ דוימאָ שמיִאָ לירעיִאָ — ס'איז ניט גליַכ הערנ צו זענ.

4 לעקאנײ קינאס אדוינאָי צוואָויס — געמיינט: אָנעמענ זיכ גאָטס קריוודע.

באַרעכנענ, אַז עס איז ווירקלעכ אַ כוויו אַפּ זיי (אַפּ די ראַבאָנימ אונ
ראַביי:מ) צו טאָנ פאַר זייערע אָרעמע י:דעלעכ, עפּעס אויסבעסערנ
זייער אומגליקלעכע לאַגע; אָבער ניט מיט אַזעלכע כאַראָמעס אונ
יעסורימ איז מענ שוינ יוויצע. איינער פונ די ראַבאָנימ, וואָס האָבנ זיכ
אונטערגעשריבנ אַפּ דעמ איסער, איז שוינ לאַנג געווענ אַ פאַרזאָרגער
פאַר י:דנ, ער האָט אַמאָל אויפגעגעבנ אַ פּראָיעקט אינ דער „הצפירה"
צו אַסערנ טיי אומ פּייסעכ, טאָמער איז דאָס כאָלילע מעוושלדיקע,
נו, קענט איר, ליבע לעזער, זאָגנ, אַז די ראַבאָנימ זאָרגנ ניט פאַר
דעמ קלאָל? אָבער איכ בעט אײַכ, ליבע ראַביי:מ אונ ראַבאָנימ, לאָז
שוינ זײַנ, איר וועט אויספירנ, מע וועט שוינ ווײַכנ פונ אַ זשאַרגאָנ־
ביכל, ווי איר ווײַכט פונ עפּעס רעכטס; נו, וועט שוינ זײַנ דערפונ
רעכטע טאַלמוד־טוירעס? וועלנ שוינ אָרעמע קינדער ניט אויסוואַקסנ
פּראָ:מ אָדער קעשענע־גאַנאָווימ? וועלנ שוינ באַלמעלאָכעס האָבנ
אַרבעט אונ וועלנ ניט געשוואָלנ ווערנ פאַר הונגער? וועט מענ שוינ
לאָזנ זיצנ י:דנ אינ דערפער אינ דעמ זכוס? וועט שוינ די באָסאָיאַ־
קאָמאַנדע אָדער „די גאָלדענע ראָטע" האָבנ דערעכ־ערעצ פאַר אַזעל־
כע י:דנ, וואָס לייענענ ניט קיינ זשאַרגאָנ אונ וועלנ ניט אויסשיטנ
זייערע קישעלעכ אינמיטנ גאַס? וועלנ זיכ היגע מחזיקי בתי זונות [1]
מוסער אַראָפּנעמענ אונ וועלנ כויזער־בימשווע זײַנ? וועלנ די מערדער,
די פּראָצענטניקעס אויפהערנ צו שינדנ די פעל אָדער די הויט פונ זייע־
רע אָרעמע ברידער? אויב דאָס אַלצ וואָלט מעסוקנ [2] געוואָרנ נאָר
דורכ דעמ, וואָס מע זאָל קיינ זשאַרגאָנ ניט לייענענ, האָט איר זייער
רעכט אונ עס איז אַ מיצווע־ראַבאָ, אַז יעדער זאָל זענ אויסצוקאָ־
רעניענ דעמ זשאַרגאָנ. אָבער איכ ווייס גאַנצ גוט, אַז נאָר צו אַסערנ
זענט איר ווילדע בעריעס, אָבער צו אַ רעכטע זאַכ זיכ צו נעמענ, דאָס
טויג אײַכ לעגאַמרע ניט.

איכ האָב מיכ אַ ביסל צופיל צערעדט, דערומ האָב איכ שוינ מוי־
רע אַנדערע נײַס אײַכ צו דערציילנ, הער רעדאַקטאָר, איכ וויל ניט
גאָזלענ אַנ אַנדערנ שרײַבער, ער וויל דאָכ נעבעכ אויכ, זײַנ אַרטיקל
זאָל געדרוקט זײַנ, מוז איכ דערווײַל מאַכנ אַנ ענדע. די איבעריקע נײַס
וועל איכ שרײַבנ אַ ביסל שפּעטער. מיר מאַכט ניט אויס, אַז רעב וועל־
וועלע וועט קומענ אַ ביסל שפּעטער, סײַוויסײַ ווייס איכ נאָכ ניט אימ
צו געבנ אַנ אייצע, ווו ער זאָל אַרײַנפאָרנ. דערומ לאָז זײַנ הײַנט גענוג.

א. ליטוואַק.

---

1 מאַכזיקיי באָטיי זויגויס — די, וואָס האַלטנ שאַנד־הײַזער.
2 דאָ: פאַריכט, צורעכט געמאַכט.

# בריוו פונ א ליטוואק

הער רעדאקטאָר! איכ זאָג אײַכ דעמ עמעס, איכ שעמ זיכ, ווי א גאנעוו. איכ האָב שטענדיק געמיינט, אז א רעדאקטאָר איז עפּעס א מינ מאלעכ, ער קענ קיינמאָל קיינ טאָעס ניט האָבנ, מיטאמאָל האָב איכ זיכ ארומגעזענ, אז א רעדאקטאָר איז אויכ א מענטש (טאקע עמעס?). מע דארפ ניט מער, ווי אזא רעדאקטאָר ווי איר זענט — פונ צוויי צײַטונגענ מיטאמאָל, — האָט איר אויכ געהאט א טאָעס. אוי וויי! איכ שעמ זיכ, דער טאָעס איז גאָר א קלייניקײַט, אונ איכ האָב געקענט דאדורכ וואגנ מיט דער נעשאָמע. איכ האָב אײַכ געבעטנ, איר זאָלט מיר מודיִע זײַנ דעמ אדרעס פונ הער וועלוועלענ, נעמט איר אונ זענט מודיִע רעב וועלוועלענ מײַנ אדרעס? דאָס איז מײַנ שטיקל גליק, וואָס איכ גיי אליינ אָפּנעמענ מײַנע בריוו פונ דער פּאָסט, ווי וואָלט אָבער געווענ, אז מיר זאָל אויכ ברענגענ דער בריוו־טרעגער, וואָס יעדערער קאָנ בא אימ איבער־לייענענ דעמ אנדערנס בריוו, אונ אמאָל פארבײַט ער לעגאמרע די בריוו אונ גיט אָפּ כאצקלענ פאר באָרעכנ? וואָלט איכ דאָכ געהאט קאָלטס אונ ווארעמס. שטעלט אײַכ פאָר מײַנ איבערראשונג: דעמ טאָג, וואָס איז געקומענ אהער דאָס „פאָלקסבלאט" No. 35, אינ וועלכנ זײַנ [מײַנ?] ארטיקל איז געווענ אָפּגעדרוקט וועגנ די ווערעמ מיט די שטיינערנע הערצער, האָט געקאָכט, ווי אינ א קעסל, אונ אלע האָבנ געזאָגט מיט איינ וואָרט, דאָס איז א מאָלאָדעצ אזא ליטוואק; איכ בינ א באלנ געווענ ארויסגיינ א ביסל אינ שטאָט־גאָרטנ אונ קלײַבנ נאכעס טאקע פונ זיכ אליינ. מיטאמאָל הער איכ, ווי צוויי ווארשעווער געזונטע יידנ מיט רויטע פּענעמער מיט אונ־טערגענאָלטע העלדזער, וועלכע שײַנענ צו זײַנ גרויסע בעקיִמ אינ הילכעס זוילעל־ועסויווע, רעדנ צווישנ זיכ, אונ איינער זאָגט צומ אנדערנ: הער נאָר, יאָסל! איכ האָב שטענדיק געמיינט, אז א ליטוואק איז בעעמעס קלוג, הײַנט האָב איכ זיכ ארומגעזענ, אז א ליטוואק איז אויכ א בעהיימע; שטעל זיכ פאָר, אז א ליטוואק שרײַבט אינ

פעטערסבורגער גאזעטן און בעט דעם רעדאקטאָר, ער זאָל אים שיקן דעם אדרעס פון רעב וועלוועלען, וואָס הער „שאָלעם־אליכעמ״ לויבט אים זייער; נו, ווי פארשטייט ניט דער נארישער ליטוואק, אז דער רעב שאָלעם־אליכעם איז עפּעס א שטיקל ארעמער דײַטש. א מין קאָמעדיאנט, וואָס האָט בא זיך נאָר פיר שטיקלעך כּלים: לייבעלע, בערעלע, הירשעלע, וועלוועלע און מיט זיי שלעפּט ער זיך ארום איבער אלע פארדריפּעטע שטעטלעך און שרײַבט פון זיי קונצן, און דער ליטוואק, דער שוטה, מיינט, אז וועלוועלע איז נאָר א מענטש, וואָס מע רופט אים וועלוועלע, און ער בעט אים, ער זאָל קומען קיין ווארשע, — א שיינע צורה קאָן האָבן אזא דײַטש מיט זײַנע קאליקע כּלים און אזא שטאָט.

מיר איז אריבער א קעלט איבערן לײַב. הערנדיק די ווערטער; א קאשע אפּ א מײַסע, טאָמער איז טאקע דער געזונטער ייִד גע־רעכט? עס האָט זיך מיר שוין מער ניט געגלוסט הערן זײַנע טײַנעס, דענן ווער ווייסט, וואָס ער קען נאָך אויסרעדן אפּ ליטוואקעס — האָב איך זיך געטראכט — און האָב זיך אופגעהויבן גיין צו דער פּאָסט אָפּנעמען מײַנע בריוו. מיטאמאָל עפן איך אופּ איין בריוו, כ׳לעבן, הער שאָלעם־אליכעם, אים נאָמען פון רעב וועלוועלען איז דאָ. ווי געפעלט אײַך אזא מײַסע? מיר איז אין פלוג אײַנגע־פאלן א קאשע: ווי אמאָל האָט א באטלען געפרעגט, ביים מע איז אים געקומען מאָנען פּאָדאטקעס, האָט ער געפרעגט: פונוואנען ווייסט דער קייסער, ווי מע רופט מיך? אזוי האָב איך אויך זיך אליין מיטכילע א פרעג געטאָן: פונוואנען ווייסט רעב שאָלעם־אליכעם מײַן אדרעס? נאָר א ליטוואק איז דאָך פאָרט קלוג, האָב איך באלד פארשטאנען, אז דאָס איז נאָר נעבעך דורך אײַער טאָעס, הער רעדאקטאָר, איר האָט געוואָלט מיך צופרידנשטעלן און אויס־שרײַבן רעב וועלוועלס אדרעס, האָט איר אים אויסגעשריבן מײַן אדרעס, נו, וואָס קען מען מאכן? אז עס האָט זיך אויסגעלאָזט אזוי, לאָז זײַן אזוי; דערוויַיל ווייס איך, אז רעב וועלוועלע איז טאקע א מענטש, ניט קיין כּלי, און דער געזונט־געגאָלט־קארקיקער ייִד איז נאָר א מייוון אפּ אכילע־אוּשטיע, אָבער ניט אפּ וועלט־זאכן.

איך זאָג אײַך דעם עמעס, ליבע לעזער, אז איך האָב געלייענט ווידער אין „פּאָלקסבלאַט״, אז רעב וועלוועלע איז אוועק מיטן לופט־באלאָן נאָך ווארשע, בין איך שוין נײַגיריק געווען צו זען דעם פארשוין, מיט וועמען איך האָב דאָ צו טאָן. אָבער ווי זאָגט עפּעס דער אוילעם: א הארץ איז א זייגער; מיר האָט דאָס הארץ עפּעס

געזאָגט, אז רעב װעלװעלע װעט קומענ אהער, װעל איכ פונ אימ
קײנ האָניק ניט לעקנ. איכ פאַרשטײ ניט, צי איז ער א פאַרפּיעס־
טשעטער בענ־יאָכיד, אָדער גלאט א קאפּריזניק, װאָס אפ לאָשנ־
אשקענאז הײסט דאָס א מעשוגענער; דענ װי ער איז אראָפּ פונ
דעמ לופּטבאלאָנ, איז ער גלײַכ ארײַנ מיט דעמ קלומיק צו מיר אינ
שטוב אונ האָט זײער ברײט געעפנט די טיר מיט א געשרײ: „גוט־
מאָרגנ, ליטװאק! נו, אָט בינ איכ דאָ! האָט איר מיר עפּעס אָנגע־
גרײט א גוטע סטאנציע? אָדער איר װילט מיכ האלטנ בא אײַכ אפ
סטאנציע?" יאָ! האָט מײַנ פרױ אפ מיר געװאָרפנ א שטרענגנ בליק,
װי אײנער זאָגט: װײניק איז מיר מײַנ געזינדל, ברענגסטו צו מיר
נאָכ געסט אהומ זײ צו ארבעטנ. דאָ איז מיר ביטער אונ זױער
געװאָרנ: װי זאָל איכ מאכנ? צאָלנ פאר אימ סטאנציע־געלט, ער־
לױבט מיר ניט מײַנ קעשענע, בא מיר קענ איכ אימ ניט האלטנ.
נאָר דערװײַל איז ער פאָרט מײַנ גאסט, האָב איכ אימ מעכאבעד
געװענ מיט טײ, מיט א ציגארע, אונ, רײדנדיק, האָב איכ אימ געגעבנ
אָנצוהערעניש, אז ער זאָל זיכ אופּהאלטנ אינ האכנאָסאס־אָרכימ.
װי איכ האָב אימ אױסגערעדט דאָס װאָרט „האכנאָסאס־אָרכימ",
האָט אימ װי א פײַער אָנגעצונדנ; װאָס מײנט איר, מײַנ ליבער
ליטװאק, איכ דארפ נאָכאמאָל אינ גענעמ גײנ? נײנ, איכ בינ שױנ
דאָס מײַניקע אָפּגעקומענ אינ גענעמ, מײַנ אָרט איז יעצט גלײַכ אינ
גאנײדנ, אונ אז איכ װעל נאָר אײנ נאכט איבערנעכטיקנ אינ
האכנאָסאס־אָרכימ, װעלנ מיכ שױנ די צאדיקימ בעשומ־אופנ ניט
ארײַנלאָזנ אינ גאנײדנ. איכ האָב אָנפאנגס געמײנט, אז ער רעדט
טאקע, װי א מעשוגענער, װאָרעמ װאָס איז שײַכ האכנאָסאס־אָרכימ
צומ גאנײדנ? מײַנ פרױ האָט זיכ גאָר אָנגעהױבנ צו שרעקנ, װער
װײסט, װאָס א מעשוגענער קענ אָפּטאָנ. אָבער ער האָט װײַטער
געזאָגט: פאַרשטײט איר מיכ, מײַנ גוטער ליטװאק, דאָס װײסט
איר דאָכ, אז יעדער צאדיק מוז דורכגײנ דעמ גענעמ, אײדער ער
קומט ארײַנ אינ גאנײדנ, װאָס איז די מײַסע? װאָס טוענ זײ אינ
גענעמ? די מײַסע איז אָבער פּאָשעט, יעדער צאדיק פױלט זיכ צו
װאשנ, צו קעמענ, שלאָפט אונטערנ אױװנ, אָדער גאָר אפ דער ערד,
נאטירלעכ איז בא אימ די דריטע מאקע פונ מיצראַימ זײער גע־
ראָטנ, דארומ פירט מענ אימ פריער ארײַנ אינ גענעמ אױספּרודזענ,
אױסרײניקנ, קעדײ ער זאָל ארײַנ אינ גאנײדנ רײנ, שײנ, אונ אז
ער לערנט דאָרטנ די טױרע צװישנ די מאלאָכימ, זאָל ער זיכ ניט
דארפנ קראצנ. אָבער אינ אײַער האכנאָסאס־אָרכימ איז די דריטע

מאקע פונ מיצראַימ גערײַטנ אַנ אײַנהאָרע, דערצו נאָכ א היפּש ביסל וואנצנ מיט פרײַסנ (טאראקאנעס), נו, ווענ איכ נעכטיק דאָרטנ איבער כאָטש איינ נאכט, מוז איכ איבעראנײַס אינ געװעמ גיינ אָדער גלאַט זיכ ארומוואַלגערנ; אָבער אינ גאנײדנ וועט מענ מיכ בעשום־אויפנ ניט ארײַנלאָזנ. מײַנ פרוי האָט דאָס דערהערט, איז זי ניספּאָעל געוואָרנ. זאָגט זי צו מיר: ער רעדט עמעסע ווערטער, זוי קענ מענ אימ לאָזנ אומגליקלעכ ווערנ; ווי גאָט וועט געבנ, אזוי וועט זײַנ, לאָז ער זײַנ בא אונדז, אויב אימ איז רעכט בא אונדז צו זײַנ. — מיר איז אראָפּ ווי א שטיינ פונ הארצנ, די גאנצע זאכ האָב איכ מוירע געהאט פאר מײַנ פרוי, ערשט אז איר איז ניכע אונ דעמ ריבוינע־שעל־אוילעמ איז ניכע, איז מיר אוואדע ניכע. נאָר פונ־דעסטוועגנ האָב איכ זיכ דאָכ געפרווט אונ האָב געזאָגט צו רעב וועלוועלענ: איר האָט א טאָעס, מײַנ פרײַנט, אינ ווארשע גופע איז גאָר קיינ האכנאָסאס־אָרכימ ניטאָ, א מענטש קאָנ אפילע פאלנ אינ גאס, ארט דאָס דעמ ווארשעווער, ווי די קאצ, אונ, ווי ער טײַנעט, איז ער גערעכט, ער זאָגט: ווער בעט די שלעפּערס זאָלנ זיכ קומענ צו שלעפּנ אהער? אז מע האָט ניט אפּ דער הויצאָע, דארפ זיכ ניט וועלנ לעבנ אינ ווארשע, עלע אז דו ביסט פאָרט געקומענ, טאָ ווו האָסטו גענומענ אפּ דער הויצאָע? מיסטאמע האָסטו דאָכ געלט, נו גיי זיכ אינ א גאָסטיניצע אונ לעב דיר וויל, וורשט אונ ברוסט איז דאָ גענוג, א קופּל ביר קאָנ מענ אויכ באקומענ צו יעדער צײַט; דערופּ באשטייט אונדזער האכנאָסאס־אָרכימ, מיר זאָלנ אינ אוירעכ ניט זשאלעוענ פאר זײַנ קאָשערנ גראָשנ וורשט מיט ביר, — אָבער אומזיסטע סטאנציעס, אומזיסט עסנ, דאָס זענענ מיר נישט מע־כויעוו פארזאָרגנ פאר א וועלט מיט שלעפּערס. אָבער איכ מיינ דאָכ פונ דעמ ליטווישנ האכנאָסאס־אָרכימ, אונ איר זאָלט ניט מיינענ, רעב וועלוועלע, אז עס עקזיסטירט נאָכ דער אלטער ליטווישער האכנאָסאס־אָרכימ, וואָס דאָרטנ איז בעעמעס געווענ ערגער, ווי א כאזער־שטאל, אונ דער אָרעמאנ דער אוירעכ האָט געמוזט קויפנ עסנ בא דעמ מאשגיעכס ווײַב, וואָס זי האָט גענומענ דרײַ מאָל אזויפיל פאר יעדער זאכ. ניינ, איצט איז גאָר אנ אנדער האכנאָסאס־אָרכימ, גאָר ניט אינ דער גאס אונ גאָר אנ אנדערער מאשגיעכ, אונ אפּ דעמ מאשגיעכ גיבנ אכטונג נאָשימ־צידקאָניעס, ווי עס איז געווענ פּובליצירט אינ אלע צײַטונגענ; מיר דאכט, איר וועט דאָרטנ א האנאָע האָבנ — איכ מיינ אײַער טויווע, איר זאָלט אײַכ גוט אויסרוענ.

— הערט נאָר, מײַנ גוטער ליטוואק! הײַנט וועל איכ געוויס אנדערש־ווו ניט גײנ, — האָט זיכ וועלוועלע מיט א פעסטנ טאָנ אָנגערופנ, — הײַנט מוז איכ בא אײַכ נעכטיקנ, דענ איכ האָב אײַכ זייער פיל צו פרעגנ, ווו זאָל איכ פריער ארויסגיינ עטוואָס באקוקנ? איר שפילט אײַכ מיט אזא גרויסער שטאָט? דאָס איז ניט שעפעטיווקע, ראכמאסטריווקע אָדער שלעפישאָוו, בולוואנישאָק; דאָס איז דאָכ עפעס א שטאָט גאָר ניט צו באשרײַבנ, איר ווייסט, אז איכ קענ גאָר אלײנ פארבלאָנדזשענ, איר מוזט מיט מיר מיטגײנ.

עהע! האָב איכ מיר א טראכט געטאָנ, ווי זאָגט מענ עפעס: „זא סוואָי גראָש כוואראָבע קופיל”, איכ האָב אויסגעגעבנ 14 גראָשנ אפ א מארקע אונ האָב געבעטנ, רעב וועלוועלע זאָל אהער קומענ, אָבער איכ האָב דאָכ בעפירעש געזאָגט, אז איכ בינ באשעפטיקט אונ א מעטופל מיט קינדער, האָב איכ קיינ צײַט ניט, — מיטאמאָל וויל מיר מײַנ ליבער גאסט פארדרייענ א מויעכ, איכ זאָל זיכ מיט אים ארומשלעפנ אינ די גאסנ; א שיינער אייסעק פאר מיר! איר ווייסט, רעב וועלוועלע? — האָב איכ אים געזאָגט, — אז איכ זאָל צײַט האָבנ אלײנ, האָב איכ אײַכ ניט געדארפט, אײַ, איר קענט בעסער שרײַבנ פונ מיר, איר גיט דאָס שענער ארויס אפנ פאפיר. אבער איכ האָב דאָכ שוינ אויכ אמאָל געשריבנ אינ די גאזעטנ, אונ דער רעדאקטאָר אלײנ האָט מעיִד געווענ, אז איכ שרײַב גוט. ניינ, מײַנ פרײַנט, דערווײַל עסט אײַכ אָפ אונ לייגט אײַכ שלאָפנ, מאָרגנ גייט אײַכ אלײנ ארויס אינ גאס. איר דארפט ווײַט ניט ארומגיינ. אז איר וועט קומענ, וועט איר געפינענ נײַס אויסגעצייכנטע. שאבעס, יאָמטעוו אָדער אָוונטס, ווענ איכ וועל א ביסל צײַט האָבנ — פאָזשאלוי, גיי איכ מיט אײַכ.

רעב וועלוועלע האָט א קוק געטאָנ, אז דאָ העלפט גיט קיינ טײַנעס, האָט ער זיכ שטארק אָפגעזיפצט אונ האָט אפ מיר אזא שטארקנ בליק געטאָנ, ווי אײנער רעדט: „איכ האָב כאראָטע אפ דעמ גאנצנ אייסעק, וואָס האָב איכ געדארפט פאָלגנ דעמ ליטוואק”. איכ האָב דאָס גוט פארשטאנענ אונ האָב געזאָגט: זאָרגט ניט, מײַנ ליבער גאסט! איר וועט נאכעס האָבנ, איר וועט צופרידנ זײַנ, גייט רוט אײַכ אָפ, איר זײַט דאָכ מיד פונ וועג.

— איר זענט גערעכט, — האָט ער געענטפערט, אונ ריידנדיק, האָט ער זיכ ארײַנגעוואָרפנ אינ בעט, אונ אויגנבליקלעכ האָט זיכ געהערט זײַנ שיינ פײַפערל פונ נעזל.

# מײַנע בריוו צו מײַנ פרײַנט „שאָלעמ-אלייכעמ“

## I

דו האָסט מיכ געבעטנ, איכ זאָל דיר שרײַבנ — שרײַב איכ, נאָר פריִער וועל איכ דיר דערציילנ א קליינע מײַסע, וועסטו וויסנ, פארוואָס איכ האָב דיר ביז אהער ניט געשריבנ — אונ אזוי, טײַערער שאָלעמ-אלייכעמ, הער די מײַסע:

עס איז אמאָל געווענ א ייִד... צו דעמ ייִדנ איז אמאָל באנאכט געקומענ צו כאָלעמ זײַנ באָבע — א ייִדענע, אנ אישע-צנוע (דאָס איז געווענ אינ איינער פונ די ווינטערדיקע נעכט) אונ האָט אימ געזאָגט בעזוע-האלאָשנ: מײַנ קינד! אזויווי איכ האָב נאָרוואָס געהערט אפנ הימל, אז ווער עס וועט עסנ הײַנטיקס יאָר פונ די נײַע טוועס, דער וועט מעשוגע ווערנ, דארומ זאָלסטו, מײַנ קינד, ניט עסנ, וועסטו בלײַבנ קלאָר, ד.ה. בא דײַנ פריִערדיקנ סייכל, נאָר לעמאנ-האשעמ-אולעמאנ-האשעמ דו זאָלסט קיינעמ דערפונ ניט אויסזאָגנ, אזוי האָט מענ מיר אָנגעזאָגט אפנ הימל. אונ מיט די רייד איז די באָבע פארשוווּנדנ געוואָרנ. דער ייִד איז אינדערפרי אופגעשטאנענ זייער פריילעכ, ער איז ארויסגעגאנגענ אינ דרויסנ, זיכ אנידערגעשטעלט אונ געזענ, ווי דער הימל איז פארכמארעט, די פעלדער זענענ נאָכ באדעקט מיט שניי אונ א וואָראָנע איז איבער זײַנ קאָפּ איבערגעפלויגנ אונ געקראקעט: קררא, קררא, רעב ייִד, דײַנ באָבע האָט דיר געבראכט א גוטנ כאָלעמ, קררא, קררא, רעב ייִד אזוי.

— א גוטער סימענ, אז דער כאָלעמ איז עמעס, אז די וואָראָנע זאָגט אויכ אזוי, — האָט געזאָגט דער ייִד צו זיכ אליינ אונ איז נאָכ פריילעכער ארומגעגאנגענ, געגלעט זיכ איבערנ בײַכל פאר גרויס סימכע, פארוקט דאָס היטל איבערנ שטערנ אונ זיכ געטראכט:

„אכ, ווי דערלעב איכ שוינ, דער שניי זאָל אראָפּ פונ די פעלדער, זיי זאָלנ שוינ אָנהייבנ בליִענ, א סאכ רעגנ זאָל גייענ, די טוועס זאָלנ זײַנ העכער פונ די קעפּ — עס זאָל זײַנ אנ אוראָזשײַ (גערעטעניש), אלע זאָלנ זיכ אָנעסנ מיט דער נײַער טווע, אלע וועלנ

ווערן מעשוגע און איך וועל בלייבן א קלאָרער, אָ־דאָ וועל איך הענט באַל־טאַקסע אָפּנאַרן און אויסדינגען פאר וואָלוול די טאַקסע, א ווערעשקע וועל איך פאַרקויפן פאר אַן אַרשין, א פונט פלייש וועל איך געבן פאר אַן אָקע. — דעם פּאָדריאַד פארן פאָלק וועל איך אויך אָפּנעמען און געבן גערשטן פאר קאָרן און זאַמד פאר האָבער, די אַרענדע באַם פּאָרעץ וועל איך אָפּנעמען, מאַכן די מאָסן אונטן שמאָל און אויבן ברייט, מיט איין וואָרט מאַכן מיט דער רייף...״ אזוו. אזוי האָט זיך געטראַכט דער ייִד, ווי ער איינער א קלוגער וועט אָפּנאַרן די גאַנצע וועלט מעשוגאָים. און די וואָראָנע איז ווייטער דורכגעפלויגן איבער זיין קאָפּ און געקראַקעט:

— קררא, קררא, רעב ייִד, דער שניי וועט אַראָפּ פון די פעלדער, קררא, קררא! די פעלדער וועלן בליִען, קררא, קררא! די טוווּעס וועלן זיין העכער פון די קעפּ, קררא, קררא! אַן אוראָזשײַ, קררא, רעב ייִד!.. אזוו.

דער ייִד איז נאָך מער פריילעכער געוואָרן, ער איז אוועקגע־גאַנגען, האָט זיך אָנגעגרייט אַלטע טוווּע אף דעם גאַנצן נײַעם יאָר און האָט געוואַרט ביז זומער. — זומער איז טאַקע אזוי געווען, ווי די וואָראָנע האָט געקראַקעט: דער שניי איז שוין לאַנג אַראָפּ פון די פעלדער, די טוווּע האָט געבליט, געוואַקסן איבער די קעפּ — עס איז געווען אַן אוראָזשײַ! די גאַנצע וועלט האָט זיך זייער גע־פרייט און געגעסן דאָס נײַע ברויט מיט פאַרגעניגן — און זענען אַלע געוואָרן מעשוגע. נאָר אונדזער רעב ייִד האָט געטאָן, ווי די באָבע האָט אים אָנגעזאָגט, און האָט ניט פאַרזוכט פון דעם נײַעם ברויט, נאָר געגעסן דאָס אַלטע ברויט, איז ער געבליבן א קלאָרער. ער האָט אָנגעהויבן פרוּוון אָפּצונאַרן דעם עוילעם, לעמאָשל: אָפּנעמען די טאַקסע, דאָרט די אַרענדע, דאָ דעם פּאָדריאַד, דאָרט פאַרקויפן א ווערעשקע פאר אַן אַרשין, דאָ אײַנרעדן דער בעוורע אים צו מאַכן פאר גאַבע, דאָ אויסדינגען וואָלוול שישי, דאָ האָט ער זיך אָנגעהויבן בויען א נײַע שטוב און האָט געדונגען א וואַסער־פירער (פאַרשטייט זיך, א מעשוגענעם, וואָרעם, ווי דו געדענקסט, איז קיין קלאָרער גאָר ניט געווען) און האָט אים געזאָגט: ברענג מיר צו מײַן שטוב 50 פעסלעך וואַסער, איך וועל דיר צאָלן צו צוויי גראָשן א פעסל. — סטײַטש? — האָט דער וואַסערפירער אים געזאָגט, — מע צאָלט מיר טאָמיד פאר א פעסל וואַסער 20 קאָפּ., און דו גיסט מיר צו צוויי גראָשן. — נאר, מעשוגענער איינער, צוויי גראָשן איז דאָך מער פון 20 קאָפּ; — האָט אײַנגערעדט דער קלאָ־

רער ייִד דעם מעשוגענעם. — דער וואסערפירער האָט אים געגלייבט, אַז 2 גראָשן זענען מער פון צוואנציק קאָפּ. — וואָרעם אַ מעשו־געגער ווייסט דען, וויפל עס איז מער? — ער האָט אָנגעהויבן פירן וואסער און האָט אים אָפּגעפירט 50 פעסלעך, נאָר אָן אַ צאַפּן, דה. איידער ער האָט געבראכט דאָס פעסל וואסער צו דער שטוב, איז אין פעסל איבערגעבליבן אַ קוואָרט וואסער. דער וואסער־פירער האָט דערנאָך בא אים געמאָנט 50 קאָפּ. ווי זיי האָבן זיך באַדונגען. סטײַטש, — טײַנעט דער קלוגער ייִד, — דו האָסט מיר געבראכט 50 קוואָרט אויסגעגליפּעטע וואסער, זיי זענען בא מיר ניט ווערט קיין צוויי גראָשן, ניט נאָר קיין 50 קאָפּ., הײַנט פאַרוואָס זאָל איך דיר באַצאָלן? פאַרוואָס האָסטו ניט דאָס פעסל פאַרשטעקט מיט אַ צאַפּן?

דער וואסערפירער טײַנעט, אַז ער ווייסט ניט קיין כאָכמעס, ער האָט מיט אים ניט אויסגערעדט מיט קיין צאַפּן, נאָר פעסלעך, האָט ער אים געפירט אין פעסלעך, אַז עס האָט זיך אויסגעגליפּעט, איז ער ניט שולדיק אַזוי.

בעקיצער, דער קלוגער ייִד מיט דעם מעשוגענעם וואסערפירער קריגן זיך און מע פאַרלאָזט זיך אָפּן ראָוו מיט מענטשן (פאַרשטייט זיך, אויך מעשוגאָים), און די מענטשן פּאסקענען לעטוויוּע פאַר דעם וואסערפירער. — סטײַטש! — שפּרינגט דער קלוגער ייִד פון דער הויט אַרויס, — איר זענט דאָך אַלע מעשוגאָים, ווען איר פּאסקנט אַזוי!

נאָר אַז מע פאַרלאָזט זיך אָפּ אַ ראָוו מיט מענטשן, איז פאַר־פאַלן, דער קלוגער ייִד האָט באַדאַרפט באַצאָלן דעם מעשוגענעם וואסערפירער 50 קאָפּ. אומזיסט. דעסטגלײַכן האָט ער נאָך ערגער געמאַכט מיט דער טאַקסע, מיט דער אַרענדע אַזוי.

דער קלוגער ייִד האָט געזען, אַז ער מאַכט גאָר ניט קיין גוטע געשעפטן מיט די מעשוגאָים, פאַרקערט, עס איז גאָר ניט מעגלעך צו לעבן מיט זיי, האָט ער זיך אַנטשלאָסן זיי אויסצוזאָגן דעם סאָד, אַז זיי זאָלן שוין מער ניט עסן פון דעם נײַעם ברויט, וואָרעם זיי וועלן נאָך ערגער מעשוגע ווערן.

ווי די מעשוגאָים האָבן דאָס דערהערט, האָבן זיי אים באַלד אָנגעהויבן שרײַען, אַז ער איז מעשוגע. אַ גאַנצע וועלט עסט פון דעם נײַעם ברויט, און ער זאָגט נײַן! אַזוי האָבן זיי אָוועקגעטײַנעט אַ צײַט, ער האָט געזאָגט, אַז זיי זענען מעשוגע פון דעם נײַעם

ברויט, און זיי האָבנ געשריגנ, אז ער איז מעשוגע, ווײַל ער עסט ניט פונ דעם נײַעמ ברויט. —

בעקיצער, די מײַסע דערפונ איז אזוי געווענ, דער קלאָרער ייִד האָט געזענ, אז ער וועט א וועלט מעשוגאָימ ניט איבערשרײַענ, האָט ער זיך מעיאשעוו געווענ און האָט זיך אליינ אָנגעגעסנ מיט דער נײַער טווּוע, קעדיי ער זאָל מעשוגע ווערנ גלײַך מיט אלע. — ווי עס הערט זיך, גייט עס אימ זייער גוט און זיי נאָך בעסער.

פונקט דאָס אייגענע, ליבער פרײַנט, שאָלעמ־אליינכעמ, איז שוינ פונ א צוויי יאָר געשענ צווישנ מיר, באראָנ פיפערנאָטער, און דיר, שאָלעמ־אלייכעמ! זינט דו ביסט, אפ מײַנע סאָנימ געזאָגט געוואָרנ, א שרײַבער אינ גאַזעטנ און האָסט געשעפטנ מיט אזוינע וועלט־מעשוגאָימ ווי רעב בערעלע, לייבעלע, וועלוועלע, הירשעלע און די איבעריקע ווי זיי הייסנ דאָרט.

— טפו, האָב איך געזאָגט און געלאכט צו זיך אליינ, פונ וואָס א מענטש האָט געפונענ צו שרײַבנ! כא, כא, כא און כי, כי, כי! איך האָב געלאכט און געלאכט פונ דיר און האָב דיר, מײַנ אלטנ גוטנ־פרײַנט, אופגעהערט צו שרײַבנ, וואָרעמ וואָס האָב איך צו שרײַבנ א מעשוגענעמ? — קיינ קאטאָוועס ניט! וואָס פאר אנ אוניענ א מענטש האָט געפונענ פונ וואָס צו שרײַבנ? אויסגעקליבנ א צײַט צו פארנעמענ זיך מיט מעשוגאָימ!.. אוואדע פאסט עס צו דער הײַנטיקער צײַט!

— און גוואלד, סטײַטש... אינ אזא צײַט... האָב איך זיך ווײַטער צעשריגנ און געדרונגענ מיט די פינגער, גלײַך מיט די שרײַבער, וועלכע האָבנ ליב נאָר צו שרײַבנ פונ ערנסטע זאכנ: פונ די שטערנ מיט דעמ הימל, ווי די וועלט דרייט זיך, ווי אפנ מענטשנס לײַב קריכנ ארומ קליינע ווערעמלעך, וואָס מע קענ זיי נאָר זענ דורך א מיקראָסקאָפ אזוי. און זײַט [זיי?] די ערנסטע שרײַבערלעך מיינענ, אז מיט אזוינע טיפע, שארפע שרײַבערײַענ מאכנ זיי גליקלעך דאָס גאנצע ייִדנטומ.

און טאקע דאָס אייגענע האָב איך געטײַנעט מיט זיך אליינ וועגנ דײַנ שרײַבנ און געארבעט מײַסימ: סטײַטש, גוואלד, אינ אזא צײַט... אינ אזא צײַט, ווענ קענ ייִדנ ווערנ געמאכט פאָגראָמעס, שרײַבסטו צו מעשוגאָימ און שרײַבסט פונ זיי אינ גאַזעטנ! פארוואָס זאָלסטו אינ אזא צײַט ניט שרײַבנ פונ ערנסטע זאכנ, נו כאָטש פונ אזוינע זאכנ: וואָס פאר א טאמ האָט דאָס זאלצ פונ דעמ גרויסנ יאמ און

ווי גרויס זענענ די פּעטשעריטשעס, וואָס וואַקסנ אינ אָפּגרונט פונ דעמ יאַמ אוקיאַנוס.

— נאָר עט... האָב איכ זיכ געטראַכט, וואָס וועל איכ טײַנענ מיט א מעשוגענעמ, אומשטיינס־געזאָגט, אז א ניט־גוטער איז אימ, מײַנע סאָנימ געזאָגט, איבערגעגאַנגענ.

איכ האָב דיר באַלד וועגנ דעמ געשריבנ א לעצטנ בריוו מיט א גוואַלד, דערופ האָסטו מיר געענטפערט מיט א בריוו:

— וואָס בוצקעסטו זיכ אזוי, מײַנ ליבער פּיפּערנאָטער, וועגנ מײַנ שרײַבנ אונ הערסט ניט אופ צו שרײַענ „סטײַטש אונ גוואַלד”? וואָס איז פאַר אזא געפּילדערײַ אפ דיר? — איכ שרײַב, דאַכט זיכ, דאָס אייגענע, וואָס אנדערע שרײַבער שרײַבנ — נו... מיינ ניט, אז איכ בינ טאַקע אזוי מעשוגע, נאָר איכ שרײַב „סאַטירא”, איצטער פאַרשטייסטו שוינ, טײַערער פּיפּערנאָטער!..

אָ־דאָ האָב איכ זיכ מיט ביידע הענט אָנגעכאַפּט באַמ בויכ אונ כאַ, כאַ, כאַ אונ כי, כי, כי — סאַטירא פאַר יידישע לעזער!!

ווייסטו, ליבער שאָלעמ־אליייכעמ, וואָס פאַרא רעצענזיעס, וואָס פאַר א נאָמענ דו וועסט דיר פאַרדינענ בײַ יידישע לעזער מיט סאַטירא שרײַבנ, ווי דו רופסט עס אָנ?

נאַ דיר ווי אפ דער האַנט אַלע פאַרדינסטנ, וואָס א סאַטירישער שרײַבער האָט פונ זײַנע לעזער, אָט הער זיי:

— האָסט געלייענט? וואָס זאָגסטו אפ אזא דורכגעטריבענעמ, אזא מאַמזער, א שלאַק, א צאָרע, א מאַרשעלעק, א קאָלבויניק, א טרייפענער פּיסק!?

אָט דאָס פאַרדינט א סאַטירישער שרײַבער בײַ יידישע לעזער.

איכ ווייס, אז דאָ וועסטו, ליבער שאָלעמ־אליייכעמ, אונטער־שפּרינגענ אונ פרעגנ:

— זאָג מיר נאָר, מײַנ טײַערער פּיפּערנאָטער, וואָס פאַר־דינסטנ האָט אזוי אַנ ערנסטער שרײַבער בײַ יידישע לעזער? זאָלנ עס מײַנע סאָנימ פאַרמאָגנ...

— יאָ, נאָר ווי זינגענ די קינדער דאָס לידעלע: „גיב מיר ניט קיינ גראָשנ פאָרויס אונ שמיר מיכ מיט סאַזשע ניט אויס” אזוו... עמעס, דער ערנסטער שרײַבער פאַרדינט בײַ יידישע לעזער דאָס אייגענע, וואָס דער סאַטירישער, נאָר הער, וואָס די אייגענע יידישע לעזער רעדנ פונ אזעלכע שרײַבער, וואָס שרײַבנ: „גוטע מיטלענ צו כאָלערע”, „דאָס טיפעניש פונ דעמ אָפּגרונט”, „דער הימל מיט דער גאַנצער וועלט”, „די בײַמס־ראָטעס צווישנ די טענענבײַמער”, „א

לופּטבאלאָן איבער די מידבאָריעס", „אַן ערנסט בוך פון דער געשטאָרבענער קאַלע, וואָס מע קען צעגאַסן ווערן פאַר געוויין", „די עלנטע יעסוימים" און נאָך אַזוינע ערנסטע שרײַבער.

— נו, — זאָגט איינער צום אַנדערן, ווען ער לייענט דעם ערנסטן שרײַבערס בוך, — אַ קאָפּ, אַ מויעך, אַ קענער, אַ געלערנטער...

מיט קיין אַנדערע ווערטער רעדט ניט דער לעזער פון אַזוינע סאָרטן שרײַבער. פאַרגלײַך זיי אָבער מיט די ווערטער, וואָס זיי רעדן וועגן אַ סאַטירישן שרײַבער...

יאָ, ברודער, עס איז אַלציינס, נאָר דאָס לידעלע „גיב מיר ניט קיין גראָשן..." בלײַבט אייביק עמעס. —

פאַרוואָס דאָס איז אַזוי? — פרעגסט דערפאַר:

דער ייִדישער לעזער גלייבט גאָר ניט, אַז שרײַבן סאַטירע אָדער הומאָר דאַרף מען אויך קענען, דער ייִד רופט גאָר ניט אָן אַזאַ שרײַבן סאַטירע, עס הייסט בא אים קיין אַנדערן נאָמען ווי „כוויזעק מאַכן", „שפּעטן", „לעצאָנעס".

— עט, — טראַכט זיך יעדער ייִד, — ווער קען דען ניט אַזוי שרײַבן? און וואָס האָט מען דאָ, אומשטיינס־געזאָגט, ניט צו קענען?

טאָמער געפינט זיך יאָ איינער, וואָס האָט ראַכמאָנעס אַפן סאַטירישן שרײַבער און דרינגט פאַרקערט, אַז שרײַבן לעצאָנעס דאַרף מען אויך קענען, באַקומט ער באַלד אַן ענטפער:

— פּס... קיין קאַטאָוועס ניט, „כוויזעק מאַכן" דאַרף מען אויך קענען!.. גלאַט דער קאָפּ איז מיר פאַרשלאָגן מיט דער פּאַרנאָסע, אָבער ווײַטער וואָלט איך דיר אָפּ אַ טשיקאַוועס געוויזן, אַז איך וואָלט זיך אַנידערגעזעצט, געטראַכט אַ ביסל און אָנגעשריבן.

און ווען, לעמאָשל, אַשטייגער, דו, שאָלעם־אַלייכעם, זאָלסט זיך ארײַנמישן און פרעגן דעם ייִדן:

— סטײַטש, רעב ייִד, ווי נעמט איר זיך אונטער שרײַבן, אַז איר קענט ניט און ווייסט ניט וואָס?

— וואָס הייסט וואָס? — וועסטו באַלד באַקומען אַ פראַגע צוזאַמען מיט אַן ענטפער, — פאַרוואָס ווייס איך ניט? וואָס דאַרף איך דאָ אַזוינס קענען? איך זאָל נאָר וועלן, וואָלט איר געזען, ווי איך וואָלט געשריבן, — אײַ, וואָס, לעמאָשל? — איך וואָלט געטאָן דאָס אייגענע, וואָס איר טוט, איך וואָלט אויך כוויזעק געמאַכט פון דעם רעבן, ווי ער גלאָצט מיט די אויגן, ווי כסידים כאַפּן שירײַים, באַשרײַבן אונדזערע גאַבאָיִם, דאָס אַלטע בעסמעדרעש און נאָך אַזוינע זאַכן; וואָס דען נאָך דאַרף מען, אַז מע זאָל קענען שרײַבן?

נו, זאָג אליינ, בלײַבט דיר נאָכדעמ עפּעס ווערטער, דו זאָלסט ענטפערנ דעמ ייִדנ? ביסטו ניט, מײַנע סאָנימ, מעשוגע מיט דעמ, וואָס דו שרײַבסט? פאַר וועמענ שרײַבסטו? ווער זענענ דײַנע לע־זער? — דו האָסט גאָר ניט קיינ לעזער, אז אלע ייִדישע לעזער פונ גאזעטנ זענענ א ל יי נ ש ר ײַ ב ע ר, וואָרעמ די, וואָס „וויסנ, אז זיי קענענ ניט שרײַבנ", די האלטנ ניט אונ לייענענ ניט קיינ צײַטונג, זיי באגניגנ זיכ מיט א שיינ ביכל באמ מויכער־ספאָרימ, וואָס זיי קויפנ אפּ אלע שאבעס, אונ קוועלנ גאָר אָנ פונ אימ, וואָרעמ דאָרטנ זענענ באשריבנ „שיינע מײַסעס" — צו א צײַטונג האָבנ זיי זיכ גאָר מוירע אָנצורירנ.

עט, — טראכט זיכ דער סאָרט ייִדישע לעזער, — וואָס דארפ איכ נאָר וועלנ דאָס, וואָס איז גרעסער פונ מיר! מיילע, א „מײַסע־ביכל", אָט זעצ איכ זיכ אנידער אונ לייענ עס איבער, אָבער א צײַ־טונג, — א גאזעט! — איז שוינ גאָר עפּעס אנדערש. דאָ דארפ מענ שוינ אנדערש קענענ!..

וואָרעמ צווישנ ייִדנ ווער עס לייענט גאזעטנ, אוביפראט נאָכ אז ער שרײַבט אויס פאַר געלט, רעכנט ער זיכ שוינ אינ זײַנ שטעטל פאַר א קאָפּ, פאַר א גאנצנ קענער; דאָס גאנצע שטעטל ווייסט, אז ער שרײַבט אויס א צײַטונג, אונ ווו ער קומט נאָר, וועמענ ער באַ־געגנט נאָר, פרעגט מענ אימ אונ מע רײַסט פּאָשעט פונ אימ די פּאָ־לעס.

— אָט גייט ער, וועט ער אונדז דערציילנ עפּעס נײַס — ער האלט זיכ צײַטונגענ...

— אָט איז ער — ער וועט שוינ אונדז אפּ געוויס זאָגנ — ער שרײַבט זיכ א ל יי נ אויס גאזעטנ...

— וואָס הערט זיכ עפּעס? דו האָסט דאָכ באקומענ דײַנע צײַ־טונגענ.

אינ אלע הײַזער רעדט מענ פונ „אימ", מע דערציילט נאָכ אינ „זײַנ נאָמענ", וואָרעמ „ער" לייענט זיכ אליינ. ער האלט צײַטונגענ אליינ אזוי.

אָט אזוי באקומט ער א נאָמענ פאַר א קאָפּ, פאַר א קענער, אז ער קענ זײַנ א באלנ צו צאָלנ אומיסטנע געלט, מע זאָל אימ שיקנ צײַטונ־גענ אויש פונ פּעטערסבורג, דערופ דארפ מענ דאָכ טאקע זײַנ א באלנ!.. וואָלט ער דענ ניט געקענט הערנ אלע פּאָטשטנ אומזיסט אָנ א גראָשנ, גלײַכ מיטנ שויכעטס איידעמל, גלײַכ מיט אלע ייִדנ! — וואָס איז, דעמ שויכעטס איידעמל מיט אלע ייִדנ ווייסנ דענ ניט פונ

אַלע פּאַטשטשן, וואָס עס איז געדרוקט אין די גאַזעטן, כאָטש עס קאָסט זיי ניט קיין געלט? דערום איז געדרונגען, אַז „ער איז יאָ אַ באַלן צאָלן געלט, מיסטאָמע איז ניט אומזיסט, מיסטאָמע איז ער טאַקע אַזאַ קענער, מיסטאָמע אַ קאָפּ” אַזוי.

דער נײַער פרישער אָפּגעבאַקענער קאָפּ פאַרוקט דאָס הויפּט איבערן מויעך און הייבט אָן זיך צו באַטראַכטן: וואָס איז „די וועלט” און וואָס איז אייגנטלעך „ער”, און קומט דערצו, אַז ער איז טאַקע בעעמעס אַ קאָפּ, ווי מע זאָגט. וואָרעם זאָל דאָס אַנדערש זײַן, פאַר־וואָס זשע פרעגט מען גאָר בײַ אים: „וואָס הערט זיך אויף דער וועלט?” פאַרוואָס זאָלן זיי אַליין ניט לייענען, אַליין ניט אויסשרײַבן גאַזעטן? ניט אַנדערש, אַז זיי ווייסן ניט און קענען ניט לייענען, דערום מוזן זיי אָנקומען צו א י ם — וואָס ער קען יאָ.

אַזוי טראַכטנדיק, קומט ער צו דעם געדאַנקען: אַז איך בין יאָ אַזאַ קאָפּ, פאַרוואָס זשע זאָל איך טאַקע אַליין ניט שרײַבן אין־די גאַ־זעטן? וואָס איז, וועד זענען דען זיי, די שרײַבער? זיי זענען דען גרע־סערע קעפּ? פאַרשטייט זיך, אַז כאַפּן טאָר מען ניט, — איך וועל פריִער אָנהייבן פון אַ פּיצעלע קאָרעספּאָנדענציעלע און שטאַרק בעטן דעם רעדאַקטאָר, ער זאָל אָפּדרוקן, וואָרעם איך גיב דאָך אים צו לייזן געלט פאַר צײַטונגען (דאָס איז בײַ די אַרטן נײַע געבוירענע ייִדישע שרײַבער דער בעסטער טאַם, אַז מע וועט זייערע קאָרעספּאָנדענציעס מ ו ז ן דרוקן), און וועד ישמועסט נאָך, אַז איך וועל אים אָפּ „קאַטאַ־וועס” אָנסטראַשען, אַז טאָמער דרוקט ער מײַן קאָרעספּאָנדענציע ניט, וועל איך שוין מער ניט אויסשרײַבן די צײַטונג, וועט ער זי אַוואַדע מוזן דרוקן. — און אַבי ער וועט אָפּדרוקן מײַן ערשט שטיקעלע, בין איך שוין געדעקט. דערנאָך וועל איך אים שיקן נאָך אַ גרעסער שטי־קעלע, און טאָמער וועט ער „דאָס גרעסערע שטיקעלע” ניט וועלן דרוקן, וועל איך אים דערמאָנען: געדענקט, געדענקט איר, ליבער רעדאַק־טאָר, אַז פאַראַיאָרן האָט איר פון מיר שוין איינמאָל געדרוקט און קיינער האָט ניט געשריבן, אַז עס איז אַ ליגן, — וועט ער שוין מ ו ז ן „דאָס גרעסערע שטיקעלע” אויך דרוקן. דערנאָך וועל איך אים שיקן גאָר „אַ גרויס שטיק” און וועל אים דערמאָנען, אַז ער האָט מיך שוין צוויי מאָל געדרוקט, וועט ער צום דריטן מאָל געוויס דרוקן, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז איך וועל אַרײַן אין די פעליעטאָנען, דערנאָך אַזש אין די פערעדאָוויִע סטאַטיאַס...

ייִדישע קאָרעספּאָנדענטן, אָדער אַזוי ייִדישע שרײַבער, טראַכטן קיינמאָל ניט, אַז מע וויל עפּעס שרײַבן, דאַרף מען עפּעס קענען און

וויסן, — זיי טראכטן נאָר: ,,אַבי דער רעדאַקטאָר זאָל וועלן זײַן א גוטער און זאָל דרוקן" — איז ער שוין א שרײַבער.

,,אז דער רעדאַקטאָר זאָל נאָר וועלן דרוקן" — אָט דערין ליגט זײַן טאַלענט פון שרײַבן. איך שווער דיר בײַ מײַן לעבן, אז דו ווײסט ניט געפינען איין ידישן לעזער, איין ידישן אַבאָנענט פון א צײַטונג, ער זאָל שוין ניט האָבן געשריבן עטלעכע קליינע און א צענדליק גרויסע קאָרעספּאָנדענציעס, א 5 פעליעטאָנען מיט א צוויי־דרײַ פּערע־דאָוויזע סטאַטיאס און וואָלט נאָך אייביק ניט אויפגעהערט צו שרײַבן, נאָך דער רעדאַקטאָר איז געוועזן א שלעכטער און האָט אפילו איינס פון זײַנע ערשטע שרײַבערײַען ניט געדרוקט.

טאָמער ווילסטו מיר ניט גלייבן, אָט פּרוּוו ווערן א ידישער רע־דאַקטאָר און זײַ מוידיע, אז ווער עס וועט נאָך שרײַבן, וועט מען אלעם דרוקן, וועסטו זען, צי איין ייד, איין יונגערמאן, איין יונגל וועט ניט שרײַבן. און צען מאָל אזויפיל אנדערע צײַטונגען (ניט קיין ידישע) האָבן צענדליק טויזנטער אבאָנענטן לעזער, און שרײַבן — שרײַבן אין דער צײַטונג נאָך די שטענדיקע באַקאַנטע צוויי צענדליק שרײַבער. און בײַ זיי קומט שטענדיק אויס, אז שרײַבער זענען שרײַ־בער און לעזער זענען לעזער.

א ידישע צײַטונג האָט שטענדיק צען טויזנט שרײַבער (כוץ אזוינע, וואָס לאָזן זיך ניט הערן און מע ווײסט פון זיי ניט), און וויפל אבאָנענטן א ידישע צײַטונג האָט, ווײסט יעדער, דערום קומט בײַ ידן אויס, אז קיין שרײַבער זענען ניט קיין שרײַבער און לעזער קיין לעזער...

שלעכט, זייער שלעכט, ברודער, אז מע ווײסט ניט, וואָס מע איז...

הײַנט פאַר וועמען האָט מען צו שרײַבן? מיילע, אז מע שרײַבט נאָך פאַר ידישע לעזער פון ערנסטע זאַכן, פון דעם ,,אָפּגרונט אין יאַם אוקיאַנוס", פון ,,מיטלען צו דער כאָלערא", און ווי איך האָב דיר שוין פריער אויסגערעכנט, קען עס נאָך האָבן בײַ ידישע לעזער א טאַם. — ,,מע מוז זײַן א דאָקטאָר, א געלערנטער אין אלע כאָכמעס, מע זאָל אזוינע ערנסטע זאַכן שרײַבן" — וועט זאָגן יעדער ידישער לעזער. אָבער אזוי שרײַבן, ווי דו שרײַבסט, פירן קאָרעספּאָנדענציעס מיט מעשוגענע, ,,כוויזעק מאַכן", ,,לעצאָנעס", אָדער ווי דו רופסט עס אָן ,,סאַטירא" — דאָס קען יעדער ייד — אַבי דער רעדאַקטאָר זאָל נאָר זײַן א גוטער און וועלן דרוקן, וואָלסטו געזען...

זינט דו ביסט, מײַנע סאָנים געזאָגט, מעשוגע געוואָרן און גע־וואָרן א ידישער שרײַבער (וואָס קען נאָך זײַן ערגער מעשוגע ווי צו

ווערן בא ייִדן.א שרײַבער?), האָב איך ביסלעכווײַז אָפּ דיר אָנגעהויבן צו קוקן אַלעמאָל מער און מער ווי אָפּ א מעשוגענעם. — איך האָב דיר געשריבן, דיך געבעטן, פּאָשעט געוויינט פאַר דיר, געשריגן אין מײַנע אמאָליקע בריוו צו דיר: „גוואַלד, שאָלעמ־אַליכעם, וואָס טוסטו? וויאַזוי קען נאָט א שרײַבער זײַנע לעזער, וויאַזוי איז מען אַזוי מעשוגע?" האָסטו מיר דערויף געענטפערט: „אַז איך בין מעשוגע, בין איך מעשוגע פֿון־מײַנעטוועגן, זײַ דו דיר קלאָר, ווי דו פאַרשטייסט".

איך בין אויך געווען א צײַט, א צײַט — קלאָר...

פּלוצעם אומגעריכט בין איך געוואָר געוואָרן, אַז „גאַמליעל בען פּעדאָצור" האָט זיך אָנגעהויבן מיט דיר איבערשרײַבן און אפילע „ליטוואַקעס" האָבן זיך אויך אָנגעהויבן מיט דיר איבערשרײַבן...

— גוואַלד, האָב איך צו זיך געזאָגט, איז דאָס מעגלעך, אַז אונדזער ייִדיש לעבן איז שוין אַזוי פּוסטע, אַזוי אָן אינטערעס, אַז „גאַמליעל בען פּעדאָצור" מיט דעם „ליטוואַק" האָבן זיך באַדאַרפט אָנטשעפּען אָן דײַן מעשוגאַס? און דער שרײַבער קען נאָט געפינען עטוואָס א ײ ג נ ס צו שרײַבן, יעדער זאָל קענען אַרויסזאָגן זײַן א ײ ג ן מ ע ש ו ג א ס, נאָט אָנצוקומען צו דיר! —

איך האָב זיך איצטער מער אָנגעהויבן צוקוקן צו דעם „ייִדישן לעבן", צו דעם „ייִדישן וועלטעלע", איך האָב געוואָלט זען, צי עס איז טאַקע אַזוי.

און וואָס, מיינסטו, האָב איך געזען? — איך האָב באַמערקט, אַז ייִדן האָבן נאָך אַזוי סקוטשנע נאָט געלעבט ווי איצט; דאָס „ייִדישע וועלטעלע" איז נאָך קיינמאָל נאָט געווען אַזוי פּוסטע, אַזוי טרויעריק ווי איצט. עפּעס אַזוי אָן אינטערעס לעבן זיי, אַז עס גלוסט זיך פּאָשעט נאָט צו לעבן, און נאָט נאָר אַלע שרײַבער וואַרפן זיך אָפּ „איין" זאַך, אַז איינער טוט נאָר א קריי — קרייען אים אַלע נאָך, נאָר אפילע קליי־נע קאָרעספּאָנדענטן וואַרפן זיך אויך אָפּ א ײ ן ז א ך, אַלע שרײַבן פֿון דער אַליע, פֿון גאַבאַים, פֿון א רעבעלע, וואָס איז דורכגעפאָרן, — אָ, די קליינע שרײַבערלעך האָבן שוין איבערגעקערט די אַליע מיט דעם גאַבע אָפּ אַלע זײַטן, עס ווערט זיי גאָר נאָט נימעס שרײַבנדיק, כאָטש לייענענדיק קריכט עס אַרויס פּאָשעט פֿון דעם גאָרגל. —

און דאָס איינגנע האָב איך זיך געפרעגט: איז מעגלעך, אַז יעדער קאָרעספּאָנדענט אין זײַן שטעטל קען נאָט געפינען עפּעס וויכטיקעס צו שרײַבן פֿון זייער לעבן? לעבט מען דאָרט אַזוי פּוסטע, אַז עס בלײַבט מער נאָט צו שרײַבן, נאָר ווײַטער פֿון דעם גאַבע מיט דער אַליע?

צוזעענדיק דאָס אַלעס, האָב איך זיך אויך געוואָרפן דיר שרייבן... וואָס דען זאָל איך טאָן? זיין קליגער פון אַלע?.. קלאָרער פון אַלע, בלייבן בא מיין סייכל?..

* * *

נאָר זאָרג ניט, ברודער, אייביק וועט אַזוי ניט זיין. איבערהויפּט אין דער לעצטער צייט, ניט נאָר מיר, נאָר אַפילע די גאַנצע גרויסע ברייטע און לאַנגע „טאָג־צייטונגען" קלאָגן זיך נעבעך אויך, „אַז עס איז ניטאָ פון וואָס צו שרייבן", כאָטש לייג זיך אין דער לענג און אין דער ברייט. און ווען, כאַס־ווע־שאָלעם, עס זאָל זיך ניט געפינען די כאָלערע אין פּאַריז, ייִדן שענקאַרעס, ייִדן עקספּלואַטאַטאָרס... עס זאָל זיך ניט געפינען ליגנער, וואָס זאָלן אויסטראַכטן ליגן: אַז דעם גענעראַל גאָרדאָן האָט מען געהאַרגעט און זיין גאַנצע כאַיִל האָט מען פאַרנומען פאַר געפאַנגענע, אוכעדוימע אַזעלכע פּאָטשטן, וואָס דערנאָך דאַרף מען ווידער מעלדן, אַז עס איז פאַלש, וואָלטן זיי געמוזט שיקן די אַבאָנענטן ווייסע, ריינע, ליידיקע בויגנס פּאַפּיר פאַר גאַזעטן.

— ווער איז שולדיק אין דערינען, וואָס עס איז ניטאָ קיין לעבעדיק ניים צו שרייבן? — זיפצן די גאַזעטשיקעס און דענקען נאָך.

— דערינען זענען טאַקע די לעזער אַליין שולדיק, זאָגן זיי, די לעזער לעבן ניט — זיי שלאָפן, דערום איז ניטאָ קיין ל ע ב ע ד י ק ס ניט פאַר דעם פּובליציסט (וואָס שרייבט אין צייטונגען), ניט פאַרן בעלעטריסט (ראָמאַנען־שרייבער אוכעדוימע).

היינט וואָס האָבן מיר שוין צו רעדן, אַז זיי, וואָס זענען בא זיך א י ן ד ע ר ה י י ם, קלאָגן זיך, אַז זיי לעבן ניט, זיי דרעמלען און שלאָפן, דאַרפן שוין מיר, אָנגעוואָרפענע, איינגעבעטענע שכיינים, אַוואַדע שווייגן. —

און ווער איז שולדיק אין דעם אַל? טאַקע ווייטער די ל ע ז ע ר אַליין, זאָגן די צייטונגס־שרייבער. ווי מיינסטו, מיין טייערער שאָלעם־אַליכעם?

באַראָן פּיפּערנאָטער.

# א טשובעה פון די געהערטע רידאקציה

(אויף דעם איבערגעהאפטין בריעף, פ״ב № 15)

פיל פרייד צו הונזער פריינד הרבני המופלג חכם ונבון וכו׳ מוה׳ מ נ ח ם מ ע נ ד י ל. הערשטען מעלדען מיר הייך האז מיר זיינען ב״ה גיזונט גאָט זאָל געבען פון אייך דאָס נעמליכע צו עהרען אמן שעלאָ, און צווייטען בעטען מיר הייך היר זאָלט קיין פאריבעל ניט אָבען וואָס מיר וועלען הייך זאָגען האז היר זייט, היר זאָלט הונז מייכעל זיין, הא גרויסער שייטע היר זייט דאָך הא גאנץ קלוגער מענש ווי פארשטייט היר דאָס ניט האז מיר זאלעווען האָלילע גאָר ניט פאר הונזערע געהערטע האבאָנעטין קיין פאפיר, האָץ פינף קערבלאך היז ניט האזוי פיל געלט ווי היר מיינט, פון דעסט וועגען זאלעווען מיר ניט קיין פאפיר, די מיישע היז נאָר דאָס, האז מיר זאָלען דרוקען האלע גוטע זאכען פון הונזערע געהערטע קאָרהעשפאָנדענטען וואָלט קיין הייזען באהן ניט באווייזען דאָס האוועק צו שלעפען הון באלעגאָלעם היז ערשט צו הונזער שלימאזעל ניטא האזוי פיל, היר וואָלט ליבער פריינד געוועזען ביי הונז האָטש היין טאָג וואָלט היר געזעהען ווי פיל בריוולעך מיר בעקומען האלע טאָג האז אפילו די נעמען אליין פון די געהערטען קאָרעשפאָנדענטען צו דרוקענ דארף מען הויך אָבען פאפיר ווי אלע אימלען גרוים אונ טינט אזוי פיל ווי פיל עם איז דאָ וואסער אין די יאמים, איינט וואו זאָלען מיר דאָס נעהמען? מיר מוזען דעריבער הויזקלויבען די בעסטע האָן דאָ פאָלען מיר אריין. קיין גרוים מיוווינים זיינען מיר ניט איינט דאכט זיך הונז האז שלום עליכם׳ס בריוועלעך זיינען גוט, דרוקען מיר זיי; מאָרגין קומט צו גיין האנאנדער קאָרעשפאָנדענט הון זאָגט, וואָס דרוקט היר דאָ די שמאטעס, דרוקט בעסער מיינע גוטע זאכען; איינט וויים ווער עם זאָגט דאָ עמעש? האָט לימאָשאָל מיר אָבען געדרוקט עפּים פון דעם שלימאזעל, דעם אידעשען גאזלען אָבען מיר געהאט מאפאָלעש המן, האזוי האז מיר לאָזען הימ שוין הויפען שוועל ניט הארויף; הערשט בייזערט היר זיך

הויף שלום עליכם וועלען מיר אים הויך ארויסטרײבען[1], נו וואס וועט זשע ווייטער זיין, מיט הייערע ראמאנען, עפּיגראמען א. ז. וו. אליין קענען מיר דאך ניט לעבען, מיר אבען העריבער זיך געדעשעט הייך צו בעטען היר זאלט הונז האלע מאהל פריהער זאגין וואס מיר זאלען דרוקען און וואס ניט, ווייל עס איז האבער צו פיל הויסצושרייבען, וועלען מיר הייך נאר שרייבען די ראשי פּראקים און הויב היר וועט פון דעם נאך ניט פארשטיין צו זאגען הייערע מייווינעש, בעטען מיר הייך היר זאלט מייבעל זיין קומען צו הונז וועלען מיר האייך איבערלייענען אין גאנצען, האט למשל איינט אבען מיר געקראגען צוויי בריוולעך, א יינ ער פון וויטעבסק 1-טען מארט 1887: „געהערטער הערר רעדאקטאר! איך אללעם אומבעקאנטער, וועלכער האט נאך ביז יעצט קיין זכיה גיהאט אריין צו שרײבען אייניגע אנטיקלעך, דהיינו: פעליעטאן ען איזוועסטיעס, עפּיגראמען, שירים א. ז. וו. וכו' וכו' Псевдонимъ אני ולא אחר.

P. S. איך וועל זיי מיט דער צייט צו שיקען פעליעטאנען „דער ליבאוועצער חסיד" די „אידעשע מקווה" „חאשקע די בעדערקע" אויך שירים: „דער סאלדאט" „פאר די עקזאמענס" „דער די טייך" „Solem" די עפּיגראמען: 1. בא הערשט היים! איך האב הייגט אנגעטאהן מעשים צום סדר! זאגט זלמן, אט הער איך האב געמאכט פון א ישראל א כהן. בראווע זלמן! ער וועט דיר געוויס דאנקבאר זיין דער פאר, און פון א כהן א ישראל, רופט זיך ווייטער-זלמן, אט דאס זעסט! איז גראד — איין עוולה. — האט זיך נאך א מאל אפּ געריפען ר' חיים".

דער צווייטער בריוועל. טשערניגוב 27 מערץ: אן דער רעדאקציאן דאס יודישעם „פאלקס-בלאט!" ניט לייגג איז ארוים פון דרוק אין אדעססא מײנע א קליין ווערק אונטער דעם נאמען „נאר איין טאג אמת" דורך דעם ערויסגעבער ה"ר ב. א.....ן. — ניט גענוג וואס דער הערויסגעבער מיט זיין אונוויסענשאפט האט ניט געוואוסט ווי צו פאריכטען אייניגע ווערטער וואס דער צענזאר האט אויסגעמעקט און האט זיי גאר דורך געלאזין ניט פארביטען מיט אנדערע וואס דורך דעם האבען יענע פראזין קיין שום געדאנק בעקומען — ווי למשל: „די גראסע ווערטער, וועלכע האט געשיינט אויף דער שילד (וויזוועסקע) פון מעשצאנסקאיא אופראווא האט באים אויסגעוויזען גאר אופראווא (24 זייטע)". דאס האט דער צענזאר פאר דעם לעצטען

1 היין מאל אבען מיר אים שוין ארויס געטריבען, דאס הייסט מיר אבען אים ניט באצאלט פאר זײנע נארישע ווערק איז הער אליין אוועק געגאנגען, אבען מיר הים געמוזט דערנאך אליין גיין היבערבעטען, ער איז א גוטע שכורע.

ווארט אויסגעמעקט א ווארט, נאר מען האט אים געקענט גרינג פארבייטען, אדער לכה"פ שטעלין אייניגע פינטלאך, אדער אזמענדע גאר אויסמעקען די פראזע — האט ער נאך בעסער געטאן: איך האב גינאנט די ווערק: „נאר איין טאג אמת, א חלום וואס עס האט זיך געחלומט יאסקע דעם „בחור" נאר דער געעהרטער הערויסגעבער האט זיך געטראכט אז אונטער אזא נאמען וועט מען פיליכט באים די ווערק ניט קייפען, איז ער געפאלען אויף איין המצאה און האט צוגעשריבען נאך איין ווארט „א ראמאן"... מיר דוחט אויף דעם האט ער קיין שום רעכט ניט געהאט! — איך בעט דעם געעהרטען ה"ר רעדאקטאר די עטליכע ווערטער אפדרוקען אין זיין בלאט, דען אונזער זשארגאני ליטעראטורע שטייט זא אויך זייער נידעריג (הער מחבר איז ווי עס שיינט הא גרויסער אנאוו) און מען אטנאסיט זיך צו איר זייער גרינג, חאץ איר פאלזע שטייט אינ פיעל פאכען העכער פאר אנדערע ליטעראט... אלזא ליגט די שולד צו פא־ריכטען די פעהלער פון מיין קליין ווערק חאץ מיט דעם מען זאל ניט דענקען אז דאס איז געקומען דורך די אונוויסענשאפט! פון פערפאסער אונ די שולד פאלט אויף די הערויסגעבער". — יצחק הכנורי שירים: 1) חד גדיא א ציגעלע האט געקייפט (קאהר) דער טאטע פאר 2 לוחות און האט איר באזעצט (קאהר) אין א פיינעם ארט פון וואן האט זיך גינומען (קאהר) אייף איר עפעם רוחות, און ארוים געטריבן (קאהר) מיט א שטאק פון דארט קאהר חד גדיא! אציגעלע, אציגעלע פאר 2 לו־חות! חד גדיא! אציגעלע פאר 2 לוחות! — וכו' וכו', מיר רעכענען ליבער פריינד ר' מנחם מענדיל האז היר וועט זייער צופרידענ זיין צו זיין א חאווער אט מיט די צוויי פערפאסער ר' אני ולא אחר אונ ר' יצחק הכנורי הונ אז היר וועט מרוצע ווערען האז הייערע געהערטע ווערק זאלען זיין אבגעדרוקט צוזאמען האט מיט די ווערק פון אני ולא אחר און ר' יצחק הכנרי 1, וועלען מיר מעהר קיין אנדערע ווערק ניט האנעה־מען הונ מיר וועלען נאר דרוקען הייערע שמאטעס הון ניט די שמא־טעס פון דעם נארישען שלום עליכם אדער דעם מעשוגענעם אידישען גאזלען. מיר רעכענען אז היר וועט קיין פאריבעל ניט אבען וואס מיר אבען הייך אין האנפאנג גערופען שוטה, מיר אבען דאס געמיינט בילאשן שאגי נאר הון מיר בלייבען הייער פריינד אייף אייביג ווי עס ווינצט הייך גרויס נאכעס צו אבען פון הייערע ווערק אמן שעלא הייערע גוטע פראייבד דער געהרטער רעדאקטאהר.

1 הונז געפעהלט זייער די דאזיקע ווערק חאץ זי איווע זייערע איז ניט אזוי ריכטיק ווי הונזערע איורע וואס מיר האבען געלערנט פון הונזער געוועזענעם מיטהארבייטער הער ספעקטארן. (באמ. פון אווט.)

# ליטעראַרישער קאָמענטאַר, צוגאָבנ אונ וואַריאַנטנ

אינ דעמ ערשטנ באַנד גייענ אַרײַנ אַלע קינסטלערישע ווערק, וואָס שאָלעמ־אַליייכעמ האָט אָפּגעדרוקט אינ די יאָרנ 1883—1886, אויסער שאָלעמ־אַלייכעמס לידער, וועלכע ווערנ איבער טעכנישע טײַמימ געגעבנ אינ צווייטנ באַנד. אינ די יאָרנ 1883—1886 איז שאָלעמ־אַלייכעמ געוועזנ טעטיק אויכ אַלס פּובליציסט אונ ליטעראַטור־קריטיקער. די מאַטעריאַלנ, וואָס האָבנ אַ שײַכעס צו דעמ דאָזיקנ געביט פונ שאָלעמ־אַלייכעמס טעטיקײַט, וועלנ געדרוקט ווערנ אינעמ XVII־טנ באַנד, ווו דער לעזער וועט קענענ באַקומענ אַ פאַרגאַנצטע פאָרשטעלונג וועגנ שאָלעמ־אַלייכעמענ דעמ פּובליציסט אונ ליטעראַטור־קריטיקער אינ אַלע פּעריאָדנ פונ זײַנ אַנטוויקלונג.

אינ די יאָרנ 1883 — 1886 מאַכט שאָלעמ־אַלייכעמ אייניקע פּרווונ צו שרײַבנ אויפ העברעיִש אונ רוסיש. מיט די דאָזיקע מאַטעריאַלנ וועט דער לעזער זיכ באַקענענ אינ XVIII־טנ באַנד, ווו עס וועלנ געדרוקט ווערנ די ווערק, וועלכע שאָלעמ־אַלייכעמ האָט ווענ־עס־איז געשריבנ אינ פאַרשיידענע שפּראַכנ.

## צוויי שטיינער

שאָלעמ־אַלייכעמס ערשטער אַרויסטריט אינ געביט פונ קינסטלערישער ליטעראַטור, פאַרעפנטלעכט אינ „יודישנ פאָלקסבלאַט" 1883 מיט די אונטערשריפטנ „שלום ראַבּ־וויטש" (№№ 26, 28) אונ „ראַבּינער שלום ראַבּינאָוויטש" (№ 30).

אינ גאַנג פונ די שפּעטערדיקע יאָרנ האָט שאָלעמ־אַלייכעמ אָנגעהויבנ זיכ באַציִענ שאַרפ קריטיש צו אָט דעמ ערשטנ קינסטלערישנ ווערק זײַנעמ. אַזוי, למשל, שרײַבט שאָלעמ־אַלייכעמ אינ יאָר 1913 אינ אַ בריוו צו ראַווניצקינ:

„דער פעליעטאָנ („צוויי שטיינער" — ערציילונג) גייט ניט אַרײַנ אינ מײַנע ווערק, ווײַל איכ וואַרפ אַרויס אַ סאַכ אונ די געבליבענע אַרבעט איכ איבער שטאַרק".

די דערציילונג איז ניט איבערגעדרוקט געוואָרנ אינ קיינ שומ אויסגאַבע פונ שאָלעמ־אַלייכעמס געזאַמלטע ווערק, אויסער דעמ באַנד „פאַרגעסענע בלעטלעכ" (דערשינענ אינ קיִעוו אינ יאָר 1939 צו שאָלעמ־אַלייכעמס 80־טנ געבורטסטאָג), ווו די „צוויי שטיינער" זײַנענ געדרוקט ניט אינגאַנצנ פונקטלעכ. O—E — אינ דער ווידמונג פונעמ ווערק באַדײַט וואַרשאַוולעכ אָלגע ראַבּינאָוויטש, שאָלעמ־אַלייכעמס פרוי.

---

1 אונטערגעשטראָכנ פונ שאָלעמ־אַלייכעמענ (רעד.).

## די ווײַבאָרעס

פאַרעפנטלעכט צומ ערשטנ מאָל אינ „יודישנ פאָלקסבלאַט“ 1883, נומ. 38. פונ דעמלט אָנ קײנמאָל ניט איבערגעדרוקט געוואָרנ, אויסער דעמ באַנד „פאַרגעסענע בלעטלעכ“. „די ווײַבאָרעס“ איז געווענ דאָס ערשטע ווערק, אפ וועלכנ עס איז געשטאַנענ די אונטערשריפט: „שאָלעמ־אַלײכעמ“.

## די איבערגעכאַפּטע בריוו אפ דער פּאָסט

פאַרעפנטלעכט צומ ערשטנ מאָל אינ „יודישנ פאָלקסבלאַט“ אינ פאָלגנדיקנ סוידער:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| ערשטער בריוו | — | „יודישעס פאָלקסבלאַט“ | 1883 | נומ. | 42 |
| צווײטער בריוו | — | „ | 1883 | נומ. | 42 |
| דריטער בריוו | — | „ | 1833 | נומ. | 48 |
| פערטער בריוו | — | „ | 1883 | נומ. | 51 |
| פינפטער בריוו | — | „ | 1884 | נומ. | 7, 10 |
| זעקסטער בריוו | — | „ | 1884 | נומ. | 11, 12, 14 |
| זיבעטער בריוו | — | „ | 1884 | נומ. | 17 |
| אכטער בריוו | — | „ | 1884 | נומ. | 20 |
| צענטער בריוו | — | „ | 1834 | נומ. | 24, 25, 26, 27 |

דער נײַנטער בריוו איז דאָרט ניט געווענ געדרוקט. וועגנ דעמ דערציילט י. בערקאָוויטש אינ „שאָלעמ־אַלײכעמ־בוכ“ (ז. 324):

„אינ יענע טעג האָט דער רעדאַקטאָר פונעמ „וואָסכאָד“, לאַנדוי, אינ א פּאָלעמיק מיט צעדערבוימענ, דעמ רעדאַקטאָר פונעמ „המליץ“ אונ פונעמ „פאָלקסבלאַט“, הארב, אפנ אסימיליאַטאָרישנ שטייגער, זיכ ארויסגעזאָגט קעגנ דעמ עצעמ דערשײַנונג פונעמ „פאָלקסבלאַט“, וואָס ווערט געלייענט פונ „פּינצ־טערע מענטשנ“, ווי שנײַדערס, שוסטערס אונ וואַסערפירערס. ש־א האָט אפ דעמ גלײַכ רעאַגירט, אָנגעשריבנ לאַנדויענ אַ אָפענעמ בריוו, וועלכנ ער האָט געכאַסמעט מיטנ נאָמענ „הערשל שנײַדער“, אונ אויכ באַרירט דעמ איניענ אינ זײַנ נײַנטנ „איבערגעכאַפּטנ בריוו“. צעדערבוימ האָט אָבער געהאַלטנ, ווי עס ווײַזט אויס, אז פירנ פּאָלעמיק מיטנ רעדאַקטאָר פונ „וואָסכאָד“ איז זײַנ אײגענע זאַכ (ער איז טאַקע דעמלט שטאַרק באַפאַלנ לאַנדויענ אינ עטלעכע לייטאַרטיקלענ פונעמ „פאָלקסבלאַט“), אונ דעריבער האָט ער דעמ בריוו פונ „הערשל שנײַדער“ ניט געדרוקט, אונ מעמײלע האָט ער שוינ אויכ ניט געקאָנט דרוקנ דעמ נײַנטנ „איבערגעכאַפּטנ בריוו“, וועלכער איז טײלווײַז געווענ ווי א מינ פאָרזעצונג פונ „הערשל שנײַדערס“ פּאָלעמיק — האַגאַמ ער האָט שוינ געהאַט דעמ בריוו צוגעגרייט צומ דרוק, ווי עס איז צו זענ אפנ קסאָווײאַד פונ די רויטע רעדאַקטאָרישע אופּצייכענונגענ. — דער קסאָווײאַד איז אופגעהיט געוואָרנ אינעמ ארכיוו פונ מאָרדכע ספּעקטאָר, וועלכער איז געווענ אָנ איגוויי־ניקסטער מיטאַרבעטער אינ דער רעדאַקציע פונעמ „פאָלקסבלאַט“ אונ האָט דעמ ניט־געדרוקטנ „בריוו“ פונ זײַנ כאַווער שאָלעמ־אַלײכעמ באַהאַלטנ לעזיקאָרנ...

אינ דעמ דאָזיקנ נײַנטנ בריוו שמועסט זיכ אויס „רעב וועלוועלע פונ דער

װעלט" פאַר „רעב ליבעלעס אַפ יענער װעלט" (די צװײ קאָרעספּאָנדענטנ פונ די „איבערגעכאַפּטע בריװ") װעגנ דער קאַלטער באַציִונג פונ דעמ יִדישנ אױלעמ צו נאַציאָנאַלע אונ קולטורעלע אינטערעסנ... װעגנ לאַנדױס אַרױס-טריט קעגנ דעמ „פאָלקסבלאַט" אונ קעגנ דער „פּינצטערער מאַסע" שרײַבט רעב װעלװועלע אָט די װערטער: „קאָנסט שױנ פאַרשטײנ, טײַערער ליבעלע, װי װײַט מיר האַלטנ אינ דעמ אַלגעמײנעמ פּראָגרעס, אַז אַ רעדאַקטאָר פונ אַ יִדיש-רוסישער צײַטונג פאַרגינט זיכ צו זאָגנ בעפּומבי, אַז שנײַדערס, שוסטערס, װאַ-סערפירער אונ אַנדערע אַרבעטסלײַט זענענ פּינצטערע מענטשנ, פאַר װעלכע די האַסקאָלע איז אַנ איבעריקע זאַכ!... אונ בײַ אונדז הײסט אַזאַ מענטש אַ מאַסקל, אַ רעדאַקטאָר, אַ פּיִאָנער!!!..."

מיר גיבנ דאָ דעמ פראַגמענט פונ דעמ נײַנטנ בריװ (געשריבנ אינ בעלאַ-צערקאָװ, דעמ 28-טנ מײ, 1884), װאָס איז אָפּגעדרוקט אינעמ שאָלעמ-אַלײ-כעמ-בוכ, ז. 324.

„...זאָלסט זיכ קאָנענ פאָרשטעלנ די לאַגע פונ דער יִדישער פּרעסע, װעל איכ דיר, טײַערער ליבעלע, באַשרײַבנ אַ ראַזגאָװאָר, װאָס איכ האָב אומגערנ אונטערגעהערט, פאָרנדיק אינ װאַגאָנ. עס איז געפאָרנ אַ גאַנצע קאָמפּאַניע יִדנ, װי עס װײַזט אױס, גאַנצ פײַנע לײַט; זײ האָבנ געהאַלטנ אינמיטנ אַ רעדע, װעלכע איכ גיב דיר איבער װאָרט בײַ װאָרט:

— 80 קאָפּיקעס אַפ בױנ מיט דעמ זאַק; הײַנט הױצאָעס!..

— מע זאָגט, אַז דער האָבער איז אַ שמאַטע?

— לא יצלח לשום מלאכה![1]

— ער האָט זיכ אָבער אונגעשפּאַרט, כאָטש גיב אימ אַ קרענק!

— אַ קעלעװ-שעביקלאָװימ! אונ אַ יִדנ האָט ער פּײַנט סינאַס-האָמאָנ!

— װער האָט ליב אַ יִדנ הײַנטיקע צײַטנ?

— אױנ גמ אחד! סײַדנ װענ ער דאַרפ שױנ אָנקומענ צומ יִדנ מיט אַ קערבל...

— זײ זאָלנ אונדז קאָנענ קוילענ אָדער אַרױסטרײַבנ אַלע יִדנ אינ אײנ טאָג...

— מע טרײַבט קאַרג פונ טשערניגאָװער אונ פּאָלטאַװער גובערניע? אונ פונ אַנדערע ערטער!

— אַ נײַס? נעמ דעמ „חמליץ", װעסטו זענ אַלע װאָכ, װי מע טרײַבט אונדזערע יִדעלעכ פונ דער גרענעצ, פונ פּאָדאָליער גובערניע, פונ...

— יאָ! װאָס זאָגט ער אָבער דערופ?

— װער?

— דער „המליץ"!

— איכ װײס? פונ פּאַלעסטינע האַלט ער גאַנצ שטאַרק... עפּעס װײס איכ...

— אַזױ? אָ! ער האָט אַ פּענ!...

— װער? צעדערבױמ! ער גיט דאָכ הײַנט אַרױס צװײ צײַטונגענ מיט-אַמאָל?

— יאָ. אַפ זשאַרגאָנ — „דאָס יודישע פאָלקסבלאַט", אײנ מאָל אינ דער װאָכ.

[1] לױ יוצלאַכ לעשומ מעלאָכאָ — טויג צו גאָרנישט.

— ער קער פונ די בײדע בלעטער אוואדע האָבנ צענ טויזנט רובל א יאָר רעװאַכנע?
— גאָר ניט גערעדט! אונ עפּשער נאָכ מער?
— אוואדע מער! עס ליגט דאָכ אָבער א קאַפּיטאַל!
— האָט קײנ יעסורימ ניט; סע טראָגט דאָס פּריצענט.
— פונדעסטװעגנ רעכנ איכ, אז א רוסישע צײַטונג ארויסגעבנ איז א סאכ װיגאָדנער...
— מע זאָגט, דער „רוסקי יעװרײ" מאכט גאנצ גוט?
— הײַנטיקע יאָרנ מיט די „װרעמענע פּראװילעס" איז דאָס א גאנצ גוט געשעפט.
— װאָס זאָגט דער „רוסקי יעװרײ"?
— מיקויעכ װאָס?
— מיקויעכ הײַנטיקע זאכנ, מעקויעכ עמיגראציע, פּאַלעסטינע, װײס איכ!
— װײס איכ? עפּעס דאכט זיכ מיר — איכ דאָס זעלבע?
— נו, אונ דער „װאָסכאָד"?
— דער „װאָסכאָד" דאָס איז א קאַלבױניק, ימאכ-שמוי!..
— איר האָט געזענ, װי צעדערבוימ רײַבט אימ א מאָרדע?
— זײער רעכט! נו, אונ דעמ בריװ פונ הערשל דעמ שנײַדער האָט איר געזענ?
— א ביסל א כידעש! עס װײַזט אויס, אז דאָס האָט ניט געשריבנ קײנ שנײַדער...
— נײנ! דאָס דארפ זײַנ „שאָלעמ-אלײכעמס" ארבעט!
— אָט דער „שאָלעמ-אלײכעמ", װאָס כאפּט איבער די בריװ פונ דער פּאָסט?
— יאָ, איכ רעכנ אזוי, איכ האָב א סימענ... .
— עפּעס א שלאק, אָט דער „שאָלעמ-אלײכעמ"...
— א שטיקל מעשוגענער...
— װאָס קאָסט „דאָס יודישע פּאָלקסבלאט"?
— 5 רובל א יאָר.
— װעלװעלער פונ האָבער!
— האָבער זאָגט הײַנט א דראָשע!
— דערפאר איז פּראָסע נײַנ אײלנ אינ דער ערד!
— װײצ א סאכ ערגער!
— װיפל?
— 95 מיט דעמ זאק צומ באנ.
— טאָמער װאָלט איכ בא אײַכ טאקע אװעקגעהאנדלט א צענ װאגאָנ?
— מיט דעמ גרעסטנ קאָװעד!
— האָט איר א פּראָבע?
— װי דענ! גײט עס?
— גײט עס!
— א װאָרט אונ צװײ אונ מאָריטשו אזוי. אזוי...

דער ראַזגאָוואָר האָט זיכ נאָכ לאַנג געצויגנ אונ איז עטלעכע מאָל אריבער פונ צײַטונג אפ פּאַלעסטינע, פונ פּאַלעסטינע אפ האָבער, פונ האָבער אפ פּראָסע, פונ פּראָסע צוריק אפ צײַטונג, פונ צײַטונג אפ קערבלעכ מיט פּראָסע, אונ בא דער פּראָסע האָב איכ זיי אוועקגעוואָרפנ...“

די „איבערגעכאַפּטע בריוו אפ דער פּאָסט“ האָט שאָלעמ־אַליכעמ בא זײַנ לעבנ קיינמאָל ניט איבערגעדרוקט. אויכ נאָכ שאָלעמ־אַליכעמס טויט זענענ זיי קיינמאָל ניט דערשינענ אינ א בוכ־פאָרמ.

## אַנ ענטפער דעמ וואַרשעווער ליטוואַק

געדרוקט אינ „יוד. פאָלקסבלאַט“ 1884, נומ. 36 די ווענדונג פונ וואַרשעווער ליטוואַק צו שאָלעמ־אַליכעמענ גייט אינ דער בײַלאַגע צו „די איבערגעכאַפּטע בריוו“, זע ז. 491 [בריוו פונ א ליטוואַק].

## א פאַרוואָלגערט בריוול פונ די איבערגעכאַפּטע בריוו פונ „שאָלעמ־אַליכעמ“

געדרוקט אינ „יודישע פאָלקסבלאַט“ 1887, נומ. 15. אונטערגעשריבנ: שאָלעמ־אַליכעמ.

דאָס „פאַרוואָלגערטע בריוול“ פאַרנעמט צווישנ שאָלעמ־אַליכעמס „איבערגעכאַפּטע בריוו“ א גאַנצ באַזונדער אָרט: מיר טרעפנ זיכ דאָ צומ ערשטנ מאָל מיט דער געשטאַלט פונ מענאַכעמ־מענדלענ. אינ דעמ „פאַר־וואָלגערטנ בריוול“ פיגורירט ניט בלויז דער נאָמענ מענאַכעמ־מענדל, מיר באַגעגענענ דאָ שוינ אויכ דאָס טרעפלעכע פלוג־וואָרט: „מענאַכעמ־מענדל, וואָס פאַרנעמט זיכ מיט הענדל“[1]. מיר שטויסנ זיכ דאָ אָנ אויכ אפ אייניקע כאַראַקטעריסטישע עפּיזאָדנ פונ מענאַכעמ־מענדלס לעבנס־געשיכטע: זײַנ פּרווו צו ווערנ א שרײַבער, די לײדנ, וואָס ער שטייט אויס פונ זײַנ שוויגער אאַוו. ס'איז קלאָר, אַז דאָ האָבנ מיר פאַר זיכ איינעמ פונ די ערשטע עסקיזנ צו דער שילדערונג פונ דער מענאַכעמ־מענדל־געשטאַלט.

## פונ ווײַטע מעדינעס

פאַרעפנטלעכט אינ „יודישע פאָלקסבלאַט“ 1887, נומ. 33 דער פעליעטאָנ איז געשריבנ געוואָרנ אינ קאַרלסבאַד, וווהינ שאָלעמ־אַליכעמ איז געפאָרנ זיכ היילנ אינ יאָר 1887.

ווי עס איז צו זענ פונ אייניקע שטעלנ אינ דעמ דאָזיקנ פעליעטאָנ, האָט דער יונגער שאָלעמ־אַליכעמ געהאַט בעדייע צו געבנ א גאַנצע רײַ „בילדער פונ דעמ יִדישנ לעבנ דאָ, אינ אויסלאַנד“, ווי ער דריקט זיכ

---

1 פאַרגלײַכ „מענאַכעמ־מענדל“ — „פּאַפּירלעכ“. זעקסטע בריוו.

אויס. יער האָט שוינ אפילע געהאט א קאָנקרעטנ פלאנ צו שילדערנ דעמ „בארימטנ קארלסבאד‟, אָבער פארווירקלעכנ דעמ דאָזיקנ פלאנ האָט זיכ שאָלעמ־אליוכעמענ נ׳ט אײַנגעגעבנ [1]. אינ א ספּעציעלער באמערקונג צו זײַנ פעליעטאָנ „צוריק אהיימ‟, וואָס האָט זיכ געדרוקט אינ יאָר 1887, האָט שאָלעמ־אלייכעמ געשריבנ:

„אָט דאָ איז דאָס אָרט צו פארענטפערנ זיכ פאר מײַנע לעזער, וואָס איכ האָב נישט אויסגעהאלטנ מײַנ וואָרט צו געבנ די פאָרזעצונג פונ מײַנע „בריוו פונ די ווײַטע מעדינעס‟, וועלכע זענענ איבער־געריסנ געוואָרנ גאָר אינ אָנפאנג; האגאמ נישט איכ, נישט די לעזער זענענ כאָלילע דערפונ נישט אומגליקלעכ, דאָכ איז דאָס נישט קיינ יוישער; נאָר „אלפּי־מיקרע‟ קאָנ דאָס אנדערש ניט זײַנ. מיס־טאמע איז זיי אָנגעצייכנט געוואָרנ פונ אויבנ, אז זיי זאָלנ נישט זענ די ליכטיקע שײַנ אונ זיי זאָלנ אפ אייביק איבערבלײַבנ בא מיר אינ זעקל...[2]

די סיבע, פארוואָס שאָלעמ־אלייכעמ האָט איבערגעריסנ די „בריוו פונ ווײַטע מעדינעס‟, איז אזויארומ פארבליבנ אומבאוווּסט.

„פונ ווײַטע מעדינעס‟ איז לויט אייניקע מאָטיווננ פארבונדנ מיט די „איבערגעכאפּטע בריוו‟, דעריבער גיבנ מיר עס גלײַכ נאָכ „די איבערגע־כאפּטע בריוו‟.

## אנ איבערשרײַבונג צווישנ צוויי אַלטע כאווײרימ

פארעפנטלעכט צומ ערשטנ מאָל אינ „יודישנ פאָלקסבלאט‟ פונ 1884 אינ פאָלגנדיקנ סיידער:

ערשטער בריוו — „יודישעס פאָלקסבלאט‟ נומ. 40.
צווייטער בריוו — „ „ נומ. 41, 43.
דריטער בריוו — „ „ נומ. 44.
פערטער בריוו — „ „ נומ. 44, 45.

לויט מ. ספּעקטאָרס מיטיילונג, איז שלעז „א פערזאָנ, וואָס וווינט אדאיעמ אינ פּאָלטאווער גובערניע אונ איז איצטער א באקאנטער יִדישער קלאלטוער‟ [3]. די דאָזיקע כאראקטעריסטיק פונ שלעזנ באשטעטיקט אויכ ש. דאָבינ (אלמאנאכ „סאָוועטיש‟. נומ. 12), וואָס האָט פערזענלעכ גע־קענט שלעזנ אונ האָט געוווּסט וועגנ שלעזס פרײַנטלעכער פארבינדונג מיט דעמ יונגנ שאָלעמ־אליוכעמענ. וואָס פאר א כאראקטער עס האָט געטראָגנ די ליטערארישע צוזאמענארבעט בא שלעזנ אונ דעמ יונגנ שאָלעמ־אליוכעמענ, איז ניט באווּסט. מעגלעכ, אז שלעז האָט זײַנע בריוו גע־

---

1. ווי באווּסט, האָט שאָלעמ־אלייכעמ פארווירקלעכט דעמ דאָזיקנ פלאנ מיט א סאכ יאָרנ שפּעטער, ווענ ער האָט אָנגעשריבנ „מאריענבאד‟.

2 זע ז. 454 פונ דעמ דאָזיקנ באנד.

3 זאמלונג „צומ אָנדענק פונ שאָלעמ־אלייכעמענ‟, פּעטראָגראד 1917.

שריבנ גאנצ זעלבשטענדיק. ערטערוויַיז אָבער טרעפנ מיר אינ שלעזס בריוו אזעלכע סטיל־איינגשאפטנ, וואָס לאָזנ דרינגענ, אז די דאָזיקע בריוו זיַינענ פריִער דורכגעגאנגענ שאָלעמ־אַליַיכעמס רעדאקציע. אלנפאלס, איז קעדיַי צו פארציַיכענענ, אז שלעז פלעגט זיַינע בריוו שיקנ אינ דער רעדאקציע פונ „יודישנ פאָלקסבלאט" ניט דירעקט, נאָר דורכ שאָלעמ־אַליַיכעמס פאר־מיטלונג. וועגנ דעמ זאָגנ איידעס די פאָלגנדיקע בריוו, וועלכע שאָלעמ־אַליַיכעמ שריַיבט אינ יאָר 1884 צו זיַינ פריַינט שלעזנ:

Ф. ж. д. Ст. Черкассы. Г-ну Лазарю Шлезу
М. Б. Ц. 12 октября.
Милостивый Государь!

От г-на Спектора получил ответ на нашу „переписку", от которой он в восторге. Полагаю, с будущей недели будет печататься. Спешу, за неимением свободного времени, сим письмом и остаюсь с почтением שלום עליכם

P. S. 1 экз. „Листка" будет высылаться Вам в Черкассы.

23 октября Б. Ц.

Они там, в редакции, верно, с ума спятили и исковеркали заглавие нашей переписки, что даже в Вашем ответе вышло פון ש"א צו שלעז דעם ב"ש.

Я им написал туда о таком безобразии
אונ אָנגעריבנ א מאָרדע ווי כאזיירים מעות לתקן[1].

Как можно живей, пришлите мне продолжение Ваших писем. Ваше же письмо (и II) будет в 3-х номерах. שלום עליכם

## טיַיבעלע

צומ ערשטנ מאָל דערשינענ אונטערנ נאָמענ „נאטאשא" אינ יאָר 1884 אלס ביַילאגע צומ זשורנאל „יודישעס פאָלקסבלאט".

צומ סאָפ פונ דער דערציילונג „נאטאשא", געזעגענענדיק זיכ מיט דער הויפט־העלדנ, האָט שאָלעמ־אַליַיכעמ געשריבנ:

„אונ נאטאשא? מיר בעטנ אונדזערע לעזער ניט צו זאָרגנ פאר איר: אזעלכע ווי זי ווערנ ניט פארפאלנ אינ דער וועלט. עס קאָנ זיַינ, אונדזערע לעזער וועלנ זיכ באגעגענענ מיט איר אינגיכנ".

סיַי די דאָזיקע ווענדונג צומ לעזער סיַי דער פינאל פונ דער דערציי־לונג, וואָס ווערט איבערגעריסנ גליַיכ ווי אינמיטנ דער האנדלונג, גיבנ אָנצוהערנ, אז שאָלעמ־אַליַיכעמ האָט געהאט בעדייע צו שריַיבנ נאָכ א צווייטע דערציילונג, וואָס זאָל אנטוויקלענ וויַיטער די לעבנס־געשיכטע פונ דער יונגער נאטאשא. אָבער דער דאָזיקער פלאנ איז, ווי א סאכ יוגנט־לעכע פלענער שאָלעמ־אַליַיכעמס, ניט פארווירקלעכט געוואָרנ. דאָס איינ־ציקע, וואָס שאָלעמ־אַליַיכעמ האָט אינ די שפּעטערדיקע יאָרנ באַ־וויזנ צו טאָנ, איז נאָר איבעראַרבעטנ דעמ טעקסט פונ „נאטאשא". געטאָנ

1 מעוּוואָס לעסאקיינ — דאָס פארקריפלטע צו פאריכטנ.

האָט עס שאָלעמ-אַלייכעמ שוינ גאָר צומ סאָפ פונ זײַנ לעבנ, אינ די יאָרנ 1913—1914. שאָלעמ-אַלייכעמ באַשעפטיקט זיכ דעמלט מיט דעמ פּלאַנ פונ דער גרויסער צוואַנציק-בענדיקער אויסגאַבע פונ אַלע זײַנע ווערק, ער באַשליסט אינ דער דאָזיקער אויסגאַבע אַרײַנצונעמענ אַ טייל פונ זײַנע יוגנט-ווערק, אונ איינס פונ די דאָזיקע ווערק האָט, ווי עס ווײַזט אויס, געזאָלט זײַנ אויכ די דערציילונג „נאַטאַשאַ”. דער פּלאַנ פונ דער גרויסער צוואַנציק-בענדיקער אויסגאַבע איז פאַרווירקלעכט געוואָרנ בלויז טייל-ווײַז: מאַכמעס דעמ אָנהייב פונ דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע האָט די אויסגאַבע ווײַטער פונעמ 14-טנ באַנד ניט געקאָנט גיינ. אַזוי-אַרומ האָט זיכ עס באַקומענ, אַז דער איבערגעאַרבעטער טעקסט פונ „נאַטאַשאַ” איז בײַ שאָלעמ-אַלייכעמס לעבנ ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרנ. צומ ערשטנ מאָל איז דער דאָזיקער איבערגעאַרבעטער טעקסט אָפּגעדרוקט אינ דער אַמעריקאַנער „פאָלקס-פאָנד-אויסגאַבע”, פונוואַנענ מיר דרוקנ אימ דאָ איבער. אינ דער איבערגעאַרבעטער דערציילונג טרעפנ מיר אַ גאַנצע ריי טעקסט-ענדערונגענ, הויפּטזאַכלעכ קירצונגענ. די מער כאַראַקטעריסטישע קירצונגענ האַלטנ מיר פאַר נייטיק צו פאַרצייכענענ.

ז. 197, שורע 12 אונטנ. נאָכ „דער מאַמעס קינד” איז געווענ „Мамин-кин сынок“

ז. 197, שורע 4 אונטנ. נאָכ „אַפילע מײַנ מוטער” איז געווענ:

„איכ וועל איר אײַנגייכנ אינ אַ בריוו אַלצ אויפדעקנ. איכ האָב איר שוינ עטלעכע מאָל געשריבנ, אַז זי זאָל מיר אויפהערנ צופיל צו ליבנ די מאַמזעל נאַטקינ, וועלכע גייט מיכ ניט אָנ. איכ וועל איר גיכ אַ בריוו שרײַבנ, אַז איכ האָב כאַסענע פאַר אַ מיידכענ נאַטאַשאַ זאָנענשטיינ”.

ז. 198, שורע 1 אויבנ. נאָכ „דעמ רעכטנ עמעס” איז געווענ:

„נאַטאַשאַ אָבער האָט אױפ אימ געקוקט ניט מיט אַזעלכע אויגנ ווי דער לעזער, וואָס קלערט איבער אױפ אַלע אויפאַנימ: זי האָט אױפ אימ געזענ דאָס, וואָס זי האָט געזוכט אינ זײַנע אויגנ. ער האָט איר דאָ אויסגעוויזנ אינ די אויגנ אַזוי הויכ, אַזוי גרויס, אַזוי שיינ, אַזוי שטאַרק: — אָ, טײַערער, טײַערער מאָריצ! ווענ פעלדמאַנ זאָל דאָ זײַנ אַצינד אונ הערנ דײַנע ווערטער אונ דיכ אָנקוקנ מיט מײַנע אויגנ... אָ, מאָריצ, מײַנ טײַערער מאָריצ”...

ז. 199, שורע 14 אונטנ. נאָכ „פאָרנ צומ רעבנ” איז געווענ: אונ האָט אימ געשענקט אָפּטע אונ פּעטע פּידיוינעס, אַז די פּריצע זאָל באַלד שטאַרבנ...”

ז. 204, שורע 5 — 6 אונטנ. נאָכ „הערנ אונ הערנ אָנ אַ שיר” איז געווענ: „צו יעדער זאַכ האָט ער געהאַט זייער פיל אַנעקדאָטנ, וועלכע קיינער האָט ניט געקענט אַזוי איבערגעבנ ווי ער מיט אַלע פּיטעלעכ”.

ז. 206. דאָס קאַפּיטל 4 האָט זיכ אָנגעהויבנ אַזוי:

„אונדזערע זשאַרגאָנ-לעזער זענענ איבערהויפּט געוווינט געוואָרנ, אַז דער העלד אָדער די העלדנ פונ דעמ ראָמאַנ דאַרפ זײַנ ענטוועדער אַ מאַלעכ, אָדער גאָר אַ שעד, ער דאַרפ זײַנ אַזוי גוט, אַזוי ערלעכ, אַזוי אָרנטלעכ, אַזוי ריינ, ווי אַ מאַלעכ פונ הימל, וואָס געהערט זיכ מיט דער ערד ווינציק אָנ,

וואָס טוט נאָר גוטס פונ זיכ אליינ, אונ אזוי ווי די וועלט איז זינדיק, קומט נעבעכ דער מאַלעכ אָפּ אפ דער זינדיקער ערד, מע יאָגט אימ אפּ יעדנ טריט; פאר ליבע צאָלט מענ אימ מיט פײַנטשאַפט (סינע), פאר זײַנ ערלעכקײַט — מיט מערדערײַ, אונ אזוי ווערט דער בידנע מאַלעכ, נעבעכ, פארשווארצט; ביז דער ראָמאַנ קומט צו ענדע, ווערט ער פּלוצעמ גליקלעכ, אונ עס ווערט אימ אָפּגעצאָלט פאר זײַנע מײַסימ־טויווימ הונדערט מאָל אזוי פיל, אונ דער מערדער, דער שלעכטער העלד, באקומט זײַנ שטראָף פונ דעמ מעכאבער אונ האָט די מאַפּאַלע. זעלטנ, זעלטנ ענדיקט זיכ דער ראָמאַנ אָנ א מעלאָדראַמע, אונ אָפּטמאָל ענדיקט דער פארפאסער זײַנ ראָמאַנ מיט א דראָשע, ווי אינ די אלטע מוסער־ספאָרימ, מיט דעמ נוסעכ פונ דער „צאינה וראינה" [1], אז דער צאַדיק מוז נעבעכ לײַדנ, ביז גאָט העלפט אימ, אונ דער ראָשע וועט סאָפקאָלסאָף האָבנ די מאַפּאַלע, אונ נאָכ אזעלכע קינדערשע זאכנ; די לעזער זאָגנ א שוואכ דעמ „קלוגנ" פארפאסער פאר זײַנ „שיינער" באָווע־מײַסע, וואָס האָט מיט דער פוסטער פאנטאזיע צונויפגעפלאָכטנ אזעלכע שרעקלעכע געשיכטנ, וואָס ווארפנ אונדז אינ היצ אונ אינ קעלט, נאָכגעטאנצט די פראנצויזישע וואַלוועלע ראָמאַניסטנ. מיר וועלנ דאָ קיינ לאָשנ־האָרע ניט רעדנ אפ אונדזער פאבריקאנט, אפ אונדזער אייגענע פאָל דע־קאָק — נאָר אייניקע ווערטער מוזנ מיר דאָ זאָגנ, אז אינ אונדזער ערציילונג אונ אינ אונדזערע שפּעטערע ערציילונגענ, וואָס מיר האָפנ אינ „פאָלקסבלאט" צו דרוקנ, וועט דער לעזער ניט געפינענ קיינ מאַלאָכימ אונ קיינ שיידימ, נאָר מענטשנ, ווי מיר מיט אײַכ, מיט אונדזערע אייגענע מײַלעס אונ כעסרוינעס. אויב, ווער עס ווארט, אז אונדזער ערציילונג זאָל זיכ ענדיקנ דאפקע מיט א כופּע, אָדער מיט א לעווײַע (ח'ו), — דער האָט א גרויסנ טאָעס: ער וועט דאָ געפינענ נאָר דאָס, וואָס דער עמעס, דאָס, וואָס דאָס לעבנ פאָדערט פונ אונדז."

ז. 207, שורע 13 אונטנ. נאָכ „צונויפגערופנ די ארבעטער" איז געווענ: „וועלכע האָבנ זיכ געקאטשעט פאר געלעכטער. יאָסל האָט זיכ אויכ געלאכט גאנצ ערנסט אונ האָט זיכ אָנגעהויבנ צוצושמייכלענ צו יענטענ. זי האָט אימ אָנגעשפּיגנ אינ פּאָנעמ אונ האָט נאָכ געהייסנ נאטאשענ"...

ז. 208, שורע 1 — 2 אויבנ. נאָכ „געוועזנ טרערנ" איז געווענ: „אינ מויל האָט ער געקײַט א ווײַסנ פאָדעמ. אינ דער רעכטער האנט האָט ער געהאלטנ די נאָדל אונ אינ דער לינקער — א שטיקל שווארצ ברויט, וועלכעס ער האָט צוגעטראָגנ נאטאשענ אײַנצושטילנ. — בידנע יאָסל! ער האָט געוואָלט טרייסטנ זײַנ איינציק ליבעס קינד מיט א שטיקל ברויט, אינ וועלכנ ער איז אליינ טאָמיד זשעדנע געווענ..."

ז. 208, שורע 5 אויבנ. נאָכ „א קאלטער ווינטער־טאָג" איז געווענ: דער ווינט האָט געבלאָזנ אינ די פּענצטער, די ווענט זענענ געווענ נאס אונ ערטערווײַז מיט שניי באדעקט".

---

1 צ'ענאָ אורענאָ.

ז. 208, שורע 16 אויבנ. נאָכ „ניט פארשטאנענ, וואָס זי מיינט“ איז געווענ: „ער האָט געקוקט ארופ אונ האָט דערזענ אפ דער פּאָליצע א האלבע ברויט, איז ער געשווינד צוגעלאָפנ אונ האָט אָפּגע־שניטנ א שטיקל אונ האָט איר צוגעטראָגנ.“

ז. 204, שורע 16 אונטנ. נאָכ „אויסגעגאנגענ“ איז געווענ: „יאָסל איז געבליבנ שטיינ פארשטיינערט מיט דעמ שטיק ברויט אינ דער האנט... בידנע יאָסלו!!!“

ז. 204, שורעס 14—15 אונטנ. נאָכ „אָפּגעלעבט צוויי יאָר אונ איז“ איז געווענ: „פאר הונגער געשטאָרבנ“.

ז. 205, שורע 15 אויבנ. נאָכ „בא צירעלענ אלע טאָג“ איז גע־ווענ: „זי האָט א פּאָר מאָל געפּרוווט זאָגנ צירעלענ, וועלכע האָט זי אויסגעלאכט אונ האָט איר געענטפערט.

— ע, טאָכטער, דו ביסט נאָכ גאָר א קינד, דו וועסט עלטער ווערנ, וועסטו קליגער ווערנ...

נאטאשא האָט געזענ, אז צירעלע איז צו איר שוינ צופיל צו־געלאָזט געוואָרנ, האָט זי אָנגעהויבנ צו̈נ טראכטנ וועגנ דעמ אונ זאָרגנ. אירע עלטערע כאוועֶרטעס האָבנ זיכ גענומענ זי אופּצוקלערנ, אז פאר איר באשטייט א גרויס גליק... נאטאשא האָט זיכ אָפּגעזאָגט פונ גיינ שפּאצירנ מיט צירעלענ אינ גאָרטנ אונ פלעגט אלע אָוונט ארומגיינ איבער דעמ הויפ אליינ, פארטיפט אינ געדאנקענ. זי האָט געקלערט, וואָס וועט זײַנ מיט איר? וואָס פאר א מענטש איז צירעלע?“

אויסער די קירצונגענ, טרעפנ מיר דאָ אויב איוניקע כאראקטער־ריסטישע פארבעסערונגענ פונ באזונדערע ווערטער אונ אויסדרוקנ. שאָלעמ־אליינעמ פארבעסערט „סעמייסטוועס“ אפ „פאמיליעס“, „ראסטרויעט“ — „צעטראָגנ“, „ענטשלוס“ — „באשלוס“, „מעדכענ“ — „מיידל“, דעמ אויס־דרוק „עס גיבט אָפּטמאָל“ פארבעסערט שאָלעמ־אליינעמ אפ „עס מאכט זיכ אָפּטמאָל“, „איכ בינ אנטשלאָסנ אטכ העלפנ“ — „איכ וועל אטכ העלפנ“, „פארציַע מיר“, „זײַ מיר מויכל“.

## העכער — אונ נידעריקער

צומ ערשטנ מאָל דערשינענ אלס בײַלאגע צומ „יודישנ פאָלקס־בלאט“ פונ יאָר 1884. אינ 1903 י. האָט שאָלעמ־אליינעמ די דערציילונג איבערגעארבעט אונ ארײַנגענומענ זי אינ זײַנע „אלע ווערק“ (דריטער באנד). פונ דעמלט אָנ פלעגט די דערציילונג זיכ דרוקנ בלויז אינ אָט דער איבערגעארבעטער פאָרמ, אונ אזוי דרוקנ מיר זי אויכ אינ אונדזער איצטיקער אויסגאבע. באמ פארגלײַכנ די אויסגאבע פונ 1884 מיט דער אויסגאבע פונ 1903 שטויסנ מיר זיכ אָנ ערטערווײַז אפ א גאנצ וועזנטלעכנ טעקסט־אונטערשייד, הויפּטזאכלעכ קירצונ־גענ.

אינ דער ערשטער אויסגאבע איז דאָס אונטערקעפּל צומ נאָמענ פונ דער דערציילונג געווענ: „עסקיז אינ 2 טיילנ“.

ז. 233, שורע 12 אונטנ. נאָכ „מיט גרויס פארגעניגנ“ איז געוועזנ: „מײַנע לעזער איז באקאנט מײַנ פעלער, אז איכ האָב ליב ארײַנצוקוקנ אינ פרעמדע בריוו אונ איבערהויפּט זיכ צו מישנ אינ יענעמס געשעפטנ. איכ בינ זיכ מודה! דאָס איז מײַנ פעלער... שטילערהייט האָב איכ זיכ אונטערגעגאנוועט צומ טיש אונ האָב איבערגעלייענט אינ דער דעפּעשע די דאָזיקע ווערטער:“

ז. 233, שורע 4 אויבנ. נאָכ „דאָס איז האצלאָכע“ איז געוועזנ: „מע דארפ האָבנ האצלאָכע, אז מענטשנ זאָלנ לויבנ ניט נאָר די פארדינסטע. די האצלאָכע, דאָס גרויסקײַט פונ דעמ מענטשנ מאכט אימ אמאָל אזוי גרויס בא אונדז אינ די אויגנ, אז מיר וווּנדערנ זיכ איבער אימ. מיר שטעלנ אימ אליינ העכער פונ זיכ — אונ מיר קוקנ זיכ גאָר ניט ארומ, אז אונדז גייט גאָר אָפּ די מוט צו זײַנ גרעסער פונ אימ, אונ אזוי באקומט ער בא אונדז א מינ געטלעכקײַט. ער ווערט בא אונדז דער אידעאל, אונ מיר זענענ פארטיק זיכ צו בוקנ צו אימ, ווי צו א גאָטהײַט. איז בא אונדז דער „גוויר“ אזוי געאכטעט, אז מיר זעענ אָפּ אימ קיינ פעלער אונ געפינענ אָפּ אימ דאָס, וואָס בא אנדערע איז ניטאָ, אונ זײַנ יעדע נארישקײַט ווערט בא אונדז א כאָכמע אונ מיר ווייסנ אליינ ניט, פארוואָס דאָס איז אזוי...“

ז. 234, שורע 11 אויבנ. „נאָכ אינ די אלטע יאָרנ“ איז געוועזנ: „כל הנהרים הולכים אל הים“ [1] — זאָגט שלוימע־האמעלעכ אינ קויהעלעס, — אלע טײַכנ גייענ אינ יאמ ארײַנ, „והים איננו מלא“ [2] — אונ דער יאמ ווערט קיינמאָל ניט פול... 2 גרויסע הײַזער, וואָס דער דאָקטער ראָזענפעלד האָט אויסגעבויט אינ דער שטאָט נ... מיט דער אימעניע, וואָס ער האָט געקויפט בא דעמ גראַפ ז., זענענ אימ ענג געווענ, אונ דאָס קאפּיטאל, וואָס איז געלעגנ אינ באנק, האָט זיכ אימ אויסגעוויזנ אזוי קליינ אינ די אויגנ, ביז ער האָט אָנגעהויבנ מאכנ ספּעקוליאציעס מיט גרױסע געשעפטנ, אונ דאָ איז אימ אויכ געגאנגענ פונ אלע זײַטנ, אונ ער האָט „מעאסיפ־מאָמענ“ געווענ. דאָ האָט ער זיכ אָנגענומענ מיט פּראקטיקע צווישנ „סאָכרימ“, אונ א קלוגער מענטש, דאפקע א כאָסיד, האָט אימ אנ אייצע געגעבנ, אז ער זאָל שליסנ קענטשאפט מיטנ רעבנ, וועלכער האָט אויכ אָפּט צו טאָנ מיט כוילאָימ. פונ דענסטמאָל אָנ פלעגט דער רעבע שיקנ זײַנע קראנקע כסידימ צומ „גרויסנ“ דאָקטער אונ דער „גרויסער“ דאָקטער פלעגט אָפּט אָפּשיקנ צומ רעבנ... א האנט וואשט א האנט אאוו“.

ז. 235, שורע 1—2 אויבנ. נאָכ „הײַנט אימעניעס“ איז געוועזנ:

„אָט האָט אייר דעמ סאכאקל פונ זײַנ סעמויסטווע: דער עלטערער זונ איז שוינ לאנג אנ אינזשעניער אפנ באנ; ער איז נאָכ א כאָלאָסטאָי, אונ עס איז אימ ניט צומ בעסטנ. ער „דארפ“ האָבנ צו אלערוויניקסטנ 50 טויזנט רובל א יאָר אפ צו לעבנ „ניט ווי א שלעפּער“ — אונ

---

1 קאָל האנעהאָרימ הוילכימ על האיאָמ.

2 וועהאיאָמ איינענו מאָליי.

צומ סאָפ האָט ער סאַכאַקל 20 טויזנט רובל געהאַלט, אונ די אַנדערע 20 טויזנט רובל שיקט אימ דער פאָטער; פעלט אימ 10 טויזנט רובל! וואָס טוט מענ? כאָטש לייג זיכ אונ שטארב! — ביטערע יאָרנ!

דער אַנדערער זונ איז געוועזנ פריִער א דירעקטאָר אינ א צוקער־פאַבריק; ער האָט אפילע אָנגעהויבנ צו בויענ נאָכ א פאַבריק — נאָר ער איז פּלוצלימ פאַרהאַקט געוואָרנ: עס האָט אימ קיינ געלט ניט געסטײַעט! וואָס טוט מענ? כאָטש נעמ טו זיכ אָנ א מײַ־סע! — פינצטערע יאָרנ!...

דער דריטער איז אַנ אַדוואָקאַט אונ פאַרדינט אָבער ניט מער ווי 15 טויזנט רובל א יאָר! מע איז זיכ ניט מער ווי א זינדיקער מענטש אונ מע לעבט אינ א גרויסער שטאָט! עמעס, דער פאָטער לאָזט זיכ מעלקנ אונ מע קענ בא אימ צאַפּנ א 10 טויזנט רובל א יאָר; נאָר וואָס קלעקט דאָס אינ אזא שטעטל ווי אָדעס? א טראָפּנ וואַסער אינ יאַמ! — אָ, שווערע, שווערע יאָרנ!!!

דער פערטער לערנט נאָכ אינ אוניווערסיטעט אפ דאָקטער, אונ אינ פלוג איז אימ דאַפקע נישקאָשע: ער האָט זיכ דאָרט זײַנ באַדער־פעניש, אונ דער, וואָס שפּײַזט א מילב אונ א ווערעמל, פאַרלאָזט אימ אויכ ניט; דעהײַנע: ער פאַרנעמט זייער א גרויס הויז אינ פּעטערבורג אונ האָט זיכ, ניט צו פאַרזינדיקנ, זײַנע באַדינערס, זײַנ עקיפּאַזש, זײַנ קיכ, א לאָזשע אינ טעאַטער אאַוו.

אָבער ניט אַלצ, וואָס גלאַנצט, איז גאָלד! שטעלט אײַכ פאָר, אַז דאָס איז דער אומגליקלעכסטער מענטש אפ דער ערד! ווײַניקסטנס „ער" זאָגט אַזוי, אונ מע מעג אימ גלייבנ: זײַנ גרעסטער אומגליק איז דאָס, וואָס ער איז א ייִד!..

דער פינפטער שטודירט שוינ דאַפקע ניט; ער זיצט באַמ פאָ־טער אפ אַלעמ גרייטנ אונ לעבט זיכ אָפּ ווי א גראַפ. א קוק טאָנ אפ אימ, מיינט מענ, אַז ער איז א גליקלעכער מענטש, אַזוי אַז ניט איינער איז אימ מעקאַנע, נאָר אַכ! ווי איבעראַשט וואָלט איר געוואָרנ, ווענ איר זאָלט קענענ זענ, וואָס בא אימ אינ האַרצנ טוט זיכ! אייִדער אַזאַ לעבנ, איז שוינ גלײַכער דער טויט! אונ בעעמעס, וואָס איז דאָס פאַר א לעבנ אפ דער וועלט, אַז דאָס גאַנצע, דאָס איינציקע פאַרגעניגנ בא אימ איז גאָר — קאָרטנ; אינ קאָרטנ שפּילנ — דאָס איז זײַנ לעבנ! ער מיינט ניט דאַפקע געווינענ; עס אַרט אימ ניט, אַז ער וועט אָנ; ווו נעמט מענ אָבער אַזויפיל געלט אפ אָנצוווערנ? אָ, שווערע צײַטנ, ביטערע יאָרנ!!!

די עלטערע טאָכטער האָט כאַסענע געהאַט פאַר א באַנקיר, אונ מע זאָגט, אַז זי איז אפילע זייער גליקלעכ. דאָס „זאָגט מענ" אָבער נאָר; בא איר אינ האַרצנ איז קיינער ניט געוועג אונ האָט ניט געזענ, וואָס פאַרא שמערצנ די אומגליקלעכע באַנקירשע האָט איבערגעטראָגנ אינ „יענעמ" אָוונט אינ טעאַטער, אַכ! אַז זי האָט, נעבעכ, באַדאַרפט טראָגנ דאָס אַלטע אַטלעסענע קלייד מיט די רויטע לענטעס, אונ אַלע האָבנ גאָר געטראָגנ מיט בלויע שליאַרקעלעכ!... אונ איבער ווענ

טראגט זי, נעבעכ, אזעלכע צאָרעס? — איבער א פארפלוכטנ שנײַ־דער!..

די קלענערע טאָכטער — דאָס פרײלנ מאריע — וואָלט עפשער יאָ געווענ גליקלעכ: ווענ זשע? אז די פאנא יאדוויגא — דעמ גראפס טאָכטער — זאָל ניט האָבנ קיינ שענערע פערד אפ ארויספאָרנ רײַ־טנדיק איבער דער שטאָט מיט דעמ פאנ ליודוויג, און דער פאנ ליודוויג, וואָס רימט זיכ מיט זײַנ שוינקײַט קומאט אפ דעמ גאנצנ געגנט, זאָל ניט נאָכגיינ ארומ דער פאנא יאדוויגא, ניט טאנצנ מיט איר און ניט מאכנ קיינ קאָמפּלימענטנ — דעמלט וואָלט עפשער דעמ פרײַלנ מאריע ראָזענפעלד אײַנגעגאנגענ דאָס לעבנ... אָבער אזוי! — וואָס טויג איר דאָס רײַכקײַט, וואָס טויג איר דאָס שוינקײט, וואָס טויג איר דאָס אלעס! — נישטאָ קיינ גליק, מײַנע הערנ, אונ־טערנ הימל!..''

ז. 241, שורעס 16—17 אונטנ. נאָכ „אָדער פונ דעמ בריס" איז געווענ: „אָ, וויסטע יודישע פארנאָסעס!"

ז. 242, שורע 12 אויבנ. נאָכ „געכומענ שעלטנ" איז געווענ: „מיט טוי־טע קלאָלעס''.

ז. 246, שורעס 15—16 אונטנ. נאָכ „מע פלעגט אימ צוצאָלנ" איז געווענ: „ער זאָל זיי געבנ פאר קאלעס. רעב פײַוויש האָט געהאט עטלעכע רײַכע אײדעמס, וואָס פלעגנ אימ שטיצונג געבנ צומ לעבנ''.

ז. 246, שורע 5 אונטנ. נאָכ „קריכט ארומ אפ דער ערד" איז געווענ: „אז דער אלמעכטיקער גאָט האָט באשאפנ די וועלט, האָט ער ארויסגעצויגנ די זונ פונ איר פוטערפאס און האָט איר אָנגעזאָגט, זי זאָל לײַכטנ און ווארעמענ אלע גלײַכ: סײַ דעמ האר, סײַ דעמ קנעכט, סײַ דעמ רײַכנ, סײַ דעמ אָרעמענ, נאָר פאר אָדאָמ־האָרישוינס זינד האָט גאָט צוגענומענ בא אונדז דאָס דאָזיקע פּריווילעגיומ און האָט געשענקט דעמ גאָר און דעמ גאָרניט. איינער פונ אונדזערע כאכאָ־מימ ז'ל פרעגט א קאשע: פארוואָס קומט דעמ צאדיק דאָס שלעכטע און דעמ ראָשע דאָס בעסטע? נאָר אז מיר וועלנ אָבער איבערטראָגנ דאָס שווארצאפל פונ אונדזער אויג אפ דעמ „קינ", ווענ פונ דעמ הימל וועט ווערנ א קנויל און פונ דער ערד וועט ווערנ אשפע, און די זונ מיט דער לעוואָנע מיט די שטערנ וועלנ אײַנגעטאָנ ווערנ אינ זייער שטאָק־פינצטערניש, וועלנ מיר זענ באשײַמפערלעכ, אז...''

ז. 245, שורע 7 אויבנ. נאָכ „בעקערמאנ" איז געווענ: „מיט דער סעמיסטווע''.

ז. 245, שורע 9 אויבנ. אָנשטאָט „אָט די דאָזיקע" איז געווענ:

„ברעקלעכ בעטנ עסנ, און עס איז נישטאָ וואָס צו געבנ... יִזצכאָק! טו נאָר א זונ בא דיר אינ קעשענע, עפשער האָט זיכ נאָכ פארוואל־גערט ערגעץ א גילדנ"...

ז. 245, שורעס 13—14 אונטנ. אָנשטאָט „די מילכאָמע מיטנ לעבנ האָט אימ בײַגעקומענ'' איז געווענ: „ער קלײַבט זיכ אינ וועטנ וועג ארונ".

ז. 249, שורע 3 אונטנ. „איז געשטאָרבנ“ איז אינ דער ערשטער אויסגאבע ניט געווענ.

אויסער די ענדערונגענ, וועלכע מיר האָבנ פארצייכנט, האָט שאָלעמ־אליייכעמ אינ א גאנצער ריי ערטער פארביטנ איינצלנע ווערטער. ער פארבייט סיסטעמאטיש „וועלכער“ אפ „וואָס“, „אורזאכע“ — „טאמ“, „גערעשעט“ — „געפּויעלט“, „אָנפאנג“ — „אָנהייב“.

ס'איז קעדײַ צו פארצייכענענ נאָכ איינ כאראקטעריסטישע ענדערונג. אינ טעקסט פונ דער ערשטער אויסגאבע האָט מענ גאנצ אָפט געקענט זיכ אָנשטויסנ אפ זאצנ, וואָס האָבנ זיכ געענדיקט מיט „אזוי.“ אָדער „אדג“. באַמ איבעראַרבעטנ „העכער און נידעריקער“ האָט שאָלעמ־אליייכעמ סיסטעמאטיש אויסגעמעקט דעמ „אזוי“ אונ „אדג“.

## קאָנטאָר-געשעפט

פארעפנטלעכט אינ „יודישנ פאָלקסבלאט“ אינ יאָר 1885 (№ № 47—50).

צו יענער צײַט איז עס געווענ בא שאָלעמ־אליייכעמענ דער ערשטער פרווו צוצוגיינ נאָענט צו דער מענאכעמ־מענדל־טעמע. אונ די געשטאלטנ פונ „קאָנטאָר־געשעפט“ לאָזנ זיכ דערקאָנענ איינציקע גאנצ וועזנטלעכע שטריכנ פונ די העלדנ, וואָס טרעטנ אופ אינעמ בוכ „מענאכעמ־מענדל“.

„קאָנטאָר־געשעפט“ איז קיינמאָל אינ קיינ בוכ־פאָרמ ניט איבערגעדרוקט געוואָרנ.

## די וועלט-רײַזע

צומ ערשטנ מאָל דערשינענ אלס בײַלאגע צומ „יודישנ פאָלקסבלאט“. דאָס ווערק איז באשטאנענ פונ דרײַ טיילנ, וועלכע זײַנענ ארויסגעגעבנ געוואָרנ אלס באזונדערע ביכלעכ. טכילעס, בייסנ דערשײַנענ פונ ערשטנ טייל, האָט שאָלעמ־אליייכעמ, קאָנטיק, ניט פאָרויסגעזענ, אז עס וועט נאָכ קומענ א ווײַטערדיקע פאָרזעצונג. אלנפאלס, האָט ער דעמלט ניט געהאלטנ פאר נייטיק אָנצווײַזנ, אז ס'איז אנ ערשטער טייל פונ א דערציילונג, וואָס וועט זיכ נאָכ אנטוויקלענ ווײַטער. אינ דעמ צווייטנ טייל איז שוינ געווענ אָנגעוויזנ „פאָרזעצונג פאָלגט“.

דערשינענ זײַנענ די דרײַ טיילנ פונ דער „וועלט־רײַזע“ אינ פאָלגנדיקנ סיידער: דער ערשטער טייל — אינ יאנוואר 1886, דער צווייטער („די בעסטע יאָרנ“) — אינ יאָר 1887 (צענזור־דערלויבעניש פונ 14־טנ יאנוואר 1887), דער דריטער טייל („די בעסטע יאָרנ“) — אינ יאָר 1887 (צענזור־דערלויבעניש פונ 22־טנ פעווראל 1887 יאָר).

צו די מאָטיווונ פונ זײַנ יוגנטלעכער דערציילונג „די וועלט־רײַזע“ האָט שאָלעמ־אליייכעמ עטלעכע מאָל זיכ אומגעקערט אינ די שפּעטערדיקע יאָרנ. אינ יאָר 1903 פארעפנטלעכט ער אנ איבעראַרבעטונג פונ דעמ ערשטנ טייל „די וועלט־רײַזע“ מיטנ נאָמענ „דער ער־

שטער ארויספאָר" (די דערציילונג וועט געדרוקט ווערנ אינ אײנעמ פונ די ווײַטערדיקע בענדער פונ דער דאָזיקער אויסגאבע). די מאָטיווונ פונ די איבעריקע צוויי טײלנ „די וועלט־רײַזע" האָט שאָלעמ־אליײכעמ אויסגענוצט פאר זײַנ דערציילונג „מײַנ ערשטער ראָמאנ" (די דערציילונג וועט אויכ געדרוקט ווערנ אינ אײנעמ פונ די ווײַטערדיקע בענדער פונ דער דאָזיקער אויסגאבע).

## בילדער פונ דער בארדיטשעווער גאס

פארעפנטלעכט צומ ערשטנ מאָל אינ „יודישנ פאָלקסבלאט" אינ פאָלגנדיקנ סיידער:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| I. | די גאס | „יודישעס פאָלקסבלאט" | 1886 | נומ. 2 |
| II. | די אָנזעצער | " " | 1886 | נומ. 4,5 |
| III. | פערעלע די שיינע | " " | 1886 | נומ. 7, 8, 9 |
| IV. | די סימכע | " " | 1887 | נומ. 10 |
| V. | רעב מיכל־מיכאָעל יעיצער־האָרע | " | 1887 | נומ. 12 |
| VI. | מײער־בער פאָדראטשיק—ערעוו־פייסעכ. | | 1837 | נומ. 13 |
| VIII. | צוריק אהיימ[1] | " | 1887 | נומ. 45 |
| IX. | אינ דער טיפעניש פונ די ספּלעטניעס. | | 1837 | נומ. 45 |
| X. | די לעזער פונ דער דאָזיקער גאס. | " | 1887 | נומ. 52 |

## קורצע אנטוואָרטנ אפ לאנגע פראגנ

פארעפנטלעכט אינ „יודישנ פאָלקסבלאט" אינ יאָר 1887, נומ. 2. סע לויטנ אינהאלט סײַ לויט דער פאָרמ איז דער פעליעטאָנ אָרגאניש פארבונדנ מיט די „בילדער פונ דער בארדיטשעווער גאס", וואָס האָבנ זיכ דעמלט געדרוקט אינ „יודישנ פאָלקסבלאט". מעגלעכ, אז דער דאָזיקער פעליעטאָנ איז טאקע געווענ בא שאָלעמ־אליײכעמענ פארעכנט אלס אײנס פונ די צענ בילדער פונ דער בארדיטשעווער גאס, דעריבער שרײַבט שאָלעמ־אליײכעמ אינ אײנ אָרט: „מײַנע צענ בילדער פונ דער בארדיטשעווער גאס" (זע פריער ז. 473 „בילדער פונ דער זשיטאָמירער גאס").

## בילדער פונ דער זשיטאָמירער גאס

ווי עס איז צו זענ פונ אײניקע שטעלנ אינ די „בילדער פונ דער זשיטאָמירער גאס", האָט שאָלעמ־אליײכעמ לעכאטכילע גערעכנט, אז דאָס וועט זײַנ פונקט אזא גרעסערע סעריע דערציילונגענ, ווי די „בילדער פונ דער בארדיטשעווער גאס", אָבער פארעפנטלעכט געוואָרנ זענענ מער ניט ווי צוויי „בילדער פונ דער זשיטאָמירער גאס", דאָס ערשטע — „די גאס" (אינ „יוד. פאָלקסבלאט" 1888, נומ. 1), דאָס צווייטע — „די פראָזע אונ די פּאָעזיע פונ

---

1 „צוריק אהיימ" באצייכענענ מיר מיטנ נומ. VIII, ווי דאָס איז געווענ באצייכנט אינ „יוד. פאָלקסבלאט". דער נומער VII פונ דער סעריע „בילדער פונ דער בארדיטשעווער גאס" איז ניט געווענ געדרוקט.

דער זשיטאָמירער גאס" (אין „יוד. פאָלקסבלאט" 1888, נומ. 3). די סיבע, פארוואס שאָלעמ-אליכעמ האט ניט פארענדיקט די סעריע „בילדער פונ דער זשיטאָמירער גאס", איז ניט באוווּסט.

## צו „די איבערגעכאפּטע בריוו"

„די איבערגעכאפּטע בריוו" האבנ באקומענ זייער א ברייטנ רעזאָנאנס אינ דער ייִדישער געזעלשאפטלעכקייט פונ די 80-ער יאָרנ. „די דאָזיקע פעליעטאָנענ, — דערציילט מ. ספּעקטאָר, — האבנ געמאכט א ראש צווישנ די ייִדישע לעזער, זיי האבנ געהאט א גוואלדיקנ דערפאָלג". ס'איז דעריבער קיינ וווּנדער ניט, וואס אינ „יודישנ פאָלקסבלאט" שטויסנ מיר זיך אָנ אפ א גאנצער ריי ארטיקלענ אונ פעליעטאָנענ, ווו עס הערט זיך א דײַטלעכער אָפּקלאנג פונ שאָלעמ-אלייכעמס „איבערגעכאפּטע בריוו".

צווישנ די אָפּקלאנגענ, וואס עס האט ארויסגערופנ שאָלעמ-אליכעמס ווערק, זײַנענ געווענ אויך אזעלכע, וועלכע עס האט אפ א זייער קונציקנ אויפנ אָרגאניזירט שאָלעמ-אליכעמ אליינ. באנוצנדיק זיך מיט פארשיידענע פּסעוודאָנימענ, ווי לעמאָשל, „באראָנ פּיפּערנאָטער", „דער ליטוואק", „גאמליִעל בענ פּעדאָצור", „רעדאקטאָר", דרוקט שאָלעמ-אלייכעמ אינ „יודישנ „פאָלקסבלאט" א גאנצ בינטל פעליעטאָנענ אונ בריוו, וואס אנטוויקלענ ווײַטער די מאָטיוונ פונ זײַנע ווערק. אז אונטער די דאָזיקע פּסעוודאָנימענ באהאלט זיך שאָלעמ-אלייכעמ אליינ — דערופ זאָגנ איידעס סײַ אייניקע אָנווײַזונגענ פונ שאָלעמ-אלייכעמס פאמיליע-מיטגלידער (זע „שאָלעמ-אליי-כעמ-בוך", ז. 317), סײַ א גאנצע ריי סטיליסטישע מאָמענטנ אינ די דער-מאָנטע פעליעטאָנענ אונ בריוו. נאָר אזוי ווי קיינ דירעקטע דעשיפרירונג פונ די דערמאָנטע פּסעוודאָנימענ האט שאָלעמ-אלייכעמ אליינ ניט געגעבנ, האבנ מיר געהאלטנ פאר נייטיק אָפּדרוקנ די דאָזיקע מאטעריִאלנ אלס א באזונדערע בײַלאגע מיטנ נאָמענ: „צו די איבערגעכאפּטע בריוו".

## א בריוול צומ הער שאָלעמ-אלייכעמ

געדרוקט אינ „יודישנ פאָלקסבלאט" 1884, נומ. 31, אונטערגעשריבנ: „גמליאל בן פדהצור".

## [בריוו פונ א ליטוואק]

געדרוקט אינ „יודישנ פאָלקסבלאט" 1884, נומ. 32, אונטערגעשריבנ: „א ליטוואק". די באצייכענונג „בריוו פונ א ליטוואק" איז אפ דעמ דאָזיקנ ערשטנ בריוו נאָך ניט געווענ. מיר נעמענ די באצייכענונג פונ דעמ צווייטנ בריוו (זע ווײַטער).

אינ דער באמערקונג פונ דער רעדאקציע צו דעמ ערשטנ „בריוו פונ א ליטוואק" ווערט געשריבנ:

„מיר האָבנ דעמ ארטיקל אופגענומענ נאָר דעמ שרײַבער צוליב, וואָס מיר קאָנענ אימ פאר אנ אָרדנטלעכנ מענטשנ אונ מיר זעענ, אז ער שרײַבט גוט, האָבנ מיר ניט געקאָנט זײַנ ערשטע קאָרעספּאָנדענצ אװעקװארפנ“.

## בריװ פונ א ליטװאק

גערדרוקט אָנ אנ אונטערשריפט אינ „יודישנ פאָלקסבלאט“ 1884, נומ. 46.

## מײַנע בריװ צו מײַנ פרײַנט „שאָלעמ-אלײכעמ“

געדרוקט אינ „יודישנ פאָלקסבלאט“ 1884, נומ. 50—51, אונטערגע־שריבנ: באראָנ פּיפּערנאָטער.

## א טשובעה פונ די געהערטע רידאקציה

געדרוקט אינ „יוד. פאָלקסבלאט“ 1887, נומ. 16, אלס אנ ענטפער אפנ „פארװאלגערטנ בריװול פונ די איבערגעכאפּטע בריװ“. פּונקט װי אינעמ „פארװאלגערטנ בריװול“ גיט דער אװטאָר אינ „טשװװע פונ רעדאקציע“ אויכ א פאראָדיע אפ די „מעכאברימ“ אונ „קאָרעספּאָנדענטנ“ פונ יענער צײַט. קעדיי צו פארהיטנ דעמ סטיל פונ דער דאָזיקער פאראָדיע, דרוקנ מיר דעמ פעליעטאָנ מיט דער אָרטאָגראפיע פונעמ אָריגינאל.

# רעגיסטער

## פון אייניקע פּעריאָדישע אויסגאַבן און פּערזאָנען, וואָס ווערן דערמאָנט אין טעקסט פונעם בוך

א י ג נ א ט י ע וו, נ. פּ. — א צארישער מיניסטער. לויט זײַן איני־ציִאטיוו האָט די צארישע רעגירונג אין יאָר 1881 אָנגעהויבן ברייט צו אָרגאניזירן פּאָגראָמען, זעענדיק אין דעם א מיטל אפּ צו קעמפן קעגן דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. איגנאטיעוו איז באוווּסט אלס אוּוטאָר פון די „צײַטווײַליקע געזעצן" (מײַ 1882), וואָס האָבן אומגעהייער פארערגערט די לאגע פון דער יידישער באפעלקערונג אינעם צארישן רוסלאנד.

אקסאקאָוו (איוואן סערגייעוויטש) — רעדאקטאָר פון דער צײַטונג „רוס". געווען באוווּסט אלס איינער פון די סאמע אגרעסיווע פאַרשטייער פון דער רעאקציאָנערער סלאוויאנאָפילישער באוועגונג, וואָס האָט זיך געפּלײַסט צו שאפן א „טעאָרעטישע באזע" פארן אנטיסעמיטיזם. שאָ־לעמ-אליכעמ לאכט אויס דעם לובענער מאסקל, וואָס „די טוירע פון דעם געוויסן אקסאקאָוו איז אים אזוי געפעלן".

הכרמל (האקארמעל) — א העברעיִשע פּעריאָדישע אויסגאבע, דער־שינען אין ווילנע אין די יאָרן 1860—1880.

המגיד (האמאגיד) — די ערשטע העברעיִשע וואָכנטלעכע צײַטונג, דערשינען אין ליק (מיזרעך-פּרײַסן) אין די יאָרן 1856—1890.

המליץ (האמייליץ) — א העברעיִשע צײַטונג, געגרינדעט פון א. צע־דערבוים, דערשינען מיט פארשיידענע איבעררײַסן אין די יאָרן 1860—1904 פריִער אין אָדעס, דערנאָך אין פּעטערבורג.

הצפירה (האצפירא) — א העברעיִשע צײַטונג, געגרינדעט פון נ. ז. סלאָנימסקי, דערשינען אין 1862 י. אין ווארשע, דערנאָך אין די יאָרן 1874—1875 אין בערלין, שפּעטער ביז 1906 י. ווידער אין ווארשע. זינט ס'איז אויפגעקומען דער פּאָליטישער ציִאָניזם, געוואָרן א ציִאָניסטישער אָר־גאן אונטער נ. סאָקאָלאָווס רעדאקציע.

השחר (האשאכאר) — א העברעיִשער כוידעש-זשורנאל, דערשינען אין ווין אין די יאָרן 1868—1886, ביזן טויט פון פּ. סמאָלענסקין (1885) — אונטער זײַן רעדאקציע.

„לוטש" „Луч" — א וואָכנבלאט, וואָס איז דערשינען אין די 80־ער יאָרן. דער וואָכנבלאט האָט זיך ספּעציאַליזירט אפּ ייִדן-פּרעסערן.

פונ נומער צו נומער פלעגנ דאָ געדרוקט ווערנ יִדנ־פײַנטלעכע ארטיקלענ, פול מיט די סאמע ווילדסטע אינסינואציעס.

מאָלטשאנאָוו — א געוויסער רוסישער זשורנאליסט פונ די 80־ער יאָרנ. געווענ א הייסער אָנהענגער פונ א. ס. אקסאקאָוונ אונ זײַנע רעאקציאָנערע אָנשויונגענ.

„סינ אָטעטשעסטווא“ („Сын отечества“) — א ליבעראלע רוסישע צײַטונג, דערשינענ אינ פעטערבורג אינ די יאָרנ 1862—1900.

ספאסאָוויטש, וו. ד. — א בארימטער רוסישער ליבעראלער אדוואָקאט אינ דער צווייטער העלפט פונ XIX יאָרהונדערט.

קול מבשר (קאָל מעוואסער) — א יִדישער וואָכנבלאט, געגרינדעט פונ א. צעדערבוימ אינ יאָר 1862 אינ אָדעס, דערשינענ ביז 1872 י. אינעמ זשורנאל האָבנ זיכ אקטיוו באטייליקט מענדעלע מויכער־ספאָרימ, י.־י. לינעצקי אונ א. גאָלדפאדנ.

קריטיקוס — פסעוודאָנימ פונעמ היסטאָריקער ש. דובנאָוו.

„רוס“ („Русь“) — א צײַטונג, וואָס איז דערשינענ אינ די יאָרנ 1880—1886. ארויסגעטראָטנ שארפ נִיט בלויז קעגנ די אָרגאנענ פונ דער דעמאָקראטישער געזעלשאפטלעכקײַט, נאָר אפילע קעגנ דער בורזשואז־ליבעראלער פרעסע. אינ מעשעכ פונ איר גאנצער עקזיסטענצ ניט אופגעהערט צו פירנ אנ אנטיסעמיטישע פראָפאגאנדע.

# אינהאלט

ШОЛОМ-АЛЕЙХЕМ

# ПОЛНОЕ СОБРАНИЕ СОЧИНЕНИЙ

т. I.

(на еврейском яз.)

Редактор *А. Фрумкин.* Художник *М. Погостер.* Техред. *А. Кантор*

Подписано к печати 18/III—1948 г. Б — 00213. Печ. л. 33½. Уч-изд. л. 26,36. Форм. бум. 84×108¹/₃₂. Тираж 5000. экз. Заказ № 852. Цена 15 р.

**Набрано в типографии Госиздательства «Дер-Эмес».**
**Москва, Старопанский пер., 1.**
**Отпечатано в 3-й типогр. «Красный Пролетарий» треста «Полиграфкнига»**
**ОГИЗа при Совете Министров СССР. Москва, Краснопролетарская, 16.**